יעכיעל עררייבמאן

# יאָרן און רעגעס

ראָמאַן,
נאָוועלן,
מיניאַטורן

פאַרלאַג
„סאָוועטסקי
פּיסאַטעל“

מאָסקווע · 1973

דער אווטאָר פון „יאָרן און רעגעס" יעכיעל שרײַב־מאן איז באקאנט דעם לייענער אלס איינער פון די באדײַטנדיקסטע נאָוועליסטן פון דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור. מיט זײַן לעצט ווערק „זיבעצניאָריקע", וואָס איז אײַנגעשלאָסן אינעם דאָזיקן בוך, האָט שרײַבמאן זיך אויך אנטפּלעקט אלס אן אייגנארטיקער ראָמאניסט.

אין „זיבעצניאָריקע", ווי אין פיל דערציילונגען און נאָוועלן שרײַבמאנס, געווידמעט דעם לעבן פון בעסאראביע אין די פארמילכאָמע־יאָרן, ווערט ברייט באלויכטן דער געמיינזאמער רעוואָליוציאָנערער קאמף פון די ייִדישע און מאָלדאווישע ארבעטנדיקע קעגן סאָציאלער און נאציאָנאלער אונטערדריקונג אין דער דעמלטיקער באָיארישער רומעניע. נאָר די מערהײַט ווערק פונעם בוך זײַנען געווידמעט דער הײַנטצײַ־טיקײַט — דעם לעבן פון דער הײַנטיקער סאָוועטי־שער מאָלדאוויע.

„יאָרן און רעגעס" שליסן אײַן אין זיך אויך איי־ניקע קינדער־נאָוועלן און ליטעראַרישע מיניאטורן, וועלכע צייכענען זיך אויס מיט זייער הויכער מײַ־סטערשאפט, רײַכער בילדערישער שפראך, טיפן אינ־האלט, וואָס איז כאראקטעריסטיש פאר דער שאפונג פון יעכיעל שרײַבמאנען.

# שאָלעם כאַנאַכעס



ער דאָזיקער נאָמען זאָגט קיינעם גאָרניט, האַ?

אנו, נאָכאמאָל: שאָלעם כאַנאַכעס!

כוץ מײַנע ראשקעווער, זאָגט דער דאָזיקער נאָמען קיינעם גאָרניט, האַ?

ווי דערוויסט מען זיך דעם סאָד, וויאזוי עס האָט פלוצעם אָנגעהויבן קלינגען אַף דער וועלט דער נאָמען הערשל אָסטראָפּאָליער? וויאזוי האָט ער אָנגעהויבן לעבן אייביק, איבערלעבן דוירעס? וויאזוי איז ער מיטאמאָל מעפורסעם געוואָרן?

מיטאמאָל? מינאסטאם זייער־זייער פּאַוואָליע. רעגע בא רעגע. יאָר בא יאָר. ניט נאָר איין מענטש אוואדע האָט צו דעם צוגעלייגט א האנט. ס'האָבן דערוף צוגעארבעט גאנצע שטעט און שטעטלעך. מאכנעס אָפּשפּעטער, לייצאָנעס־טרײַבער, שנײַדער־געזעלן און יאריד־פאָרער, סטאָליער־יונגען און קעסט־איידעמלעך, ליידיקגייער, טאָרבע־טרעגער, סטאם יידן און יידענעס פון א גאנץ יאָר, און ווער ניט? ווער ס'האָט גלאט איבערדערציילט, ווער ס'האָט געשליפן, און ווער ס'האָט, פארקערט, פארגרעבט. ווער ס'האָט צוגעלייגט, און ווער ס'האָט אראָפּגענומען. אַף איין הערשלען, בעקיצער, האָט געארבעט א גאנצע וועלט. נאָר באם סאמע אָנהייב, מיין איך, האָט זיך אָן סאָפעק געפונען איינער, וואָס איז אַף הערשלס שטיק און שפּיצלעך געווען דער גרויסער מייוון און ער האָט דאָס הערשל אָסטראָפּאָליערן ארויסגעפירט אין דער וועלט ארויס. אָן דעם דאָזיקן גרויסן מייוון איז דאָס ניט פאָרגעקומען, און אָן דעם ארויספירן וואָלט דערפון גאָרניט געווען געוואָרן. אָן קריטיקוסן וואָלטן מיר עפשער ניט געווען געהאט קיין טעוויע דעם מילכיקן. און אָן שאָלעם־אלייכעמען וואָלטן מיר עפשער קיינמאָל ניט געווען געהערט ווארשאַווסקיס „אַפן פּריפּעטשיק ברענט א פײַערל”.

ראשקעוו איז צו אלצדינג געווען שלימאזלדיק, און דערצו, פארשטייט זיך, צום ביסל אומשטערבלעכקײט אויך: שאָלעם כאנאכעס האָט אף זיך אין ראשקעוו קיין גרויסן מייוון ניט געפונען, קיינער האָט אים פון ראש־קעוו ניט ארויסגעפירט, שאָלעם כאנאכעס איז ניט געוואָרן אף דער וועלט קיין שאָלעם ראשקעווער.

און עפשער גייט גאָר דאָ ניט אין מאזל און ניט אין ראשקעוו. ווי האָבן זיך געקענט געפינען מעווינים אף ליגנס? אף וויצן און שפּיצלעך — יאָ, נאָר אף ליגנס, אף נישט־געשטויגענע און נישט־געפלויגענע אויס־טראכטענישן?

דער מאָלדאוואן טוט זיך א זאָג: „ספּוניע אָ מינטשונע סע פּיע אדע־ווערעטו" — דערלאנג א ליגן, ער זאָל זײַן עמעס. זײַ, הייסט עס, ברע, א קינסטלער. שרײַב אָן א נאָוועלע, א דערציילונג, שרײַב זי אָן קלוג, געטאָקט, כיטרע, נאָר ערלעך. פאָטאָגראפיר ניט, נאָר פאלשעווע ניט.

שאָלעם כאנאכעס פלעג דערלאנגען א ליגן, וואָס איז געווען מערער, ווי עמעס. א ליגן, ווי פון א כאָלעם ארויס. אָן אויסגעדיכטעטן, אָן אויס־געפאנטאזירטן. א ליגן מיט פּאָעזיע. א ליגן, וואָס איז געווען הוילע „ליגן".

ווי זשע האָבן זיך אין ראשקעוו געקענט געפינען מעווינים דערויף? ווי האָבן זיך געקענט געפינען ארויספירער? און צי וואָלט ביכלאל דאָס דאָזיקע ארטיקל געווען געהאט אָן אָפּגאנג אף דער וועלט?

ביפראט, אז געווען איז שאָלעם כאנאכעס ניט כאָלילע קיין סויפער און ניט אפילע קיין בען סויפער. געווען איז ער א פּראָסטער כאיעט. א דאר שנײַדערל מיט א לאנגער פּאָנפּעדיקער נאָז און מיט א פּאָר צע־פליקטע שטענדיק פארבלאָטיקטע שטיוול. א לאטעלייגער א קאליקע, וואָס פלעגט כאדאָשימווײַז אָפּזיצן אין שטעטל אָן א שטאָך ארבעט. א קאפּצן אף דרוקעס און, פארשטייט זיך, אן עמעסער אמהאָרעץ, וואָס האָט, כוץ די פּאָר ווערטער אף דער וויוועסקע „דאָ פאריכט מען בעגאָדים", קיין צורעס אָס קיינמאָל פאר די אויגן ניט געזען.

ווי זשע האָט ראשקעוו געקענט שעצן אזעלכנס ליגנס, אויב אפילע די ליגנס זײַנען געווען שיינע ליגנס?

פארקערט: די „שקאָרים" האָבן שאָלעמען געמאכט א מיִעסן שעם, געבראכט צו כוכע־וועטלולע, ארויסגערופן באם אוילעם אי כויזעק, גע־לעכטער, אי אפילע קאס, — א ייִד זאָל, ראכמאָנע־ליצלאָן, האָבן א טרייף מויל, זאָל בראָקן, ווי אין קרויט ארײַן, ס'אפּאָנעם אזא כאלאס, מע זאָל אָפּגעהיט און באשיצט ווערן. ווילסט ניט קיין שנײַדערײַ — ווער א שאמעס אין א שול. ביסט קראנק צו זײַן א וואסערפירער — בעט א נע־דאָווע. א ייִד, א טאטע פון קינדער, זאָל אין זינען האָבן דער רועך ווייסט וואָס, פּוסטע מײַסעס, גוזמעס, צונויפשטעלעכצן, אָפּן בוידעם א יאריד. המנע...

וואָס ראשקעוו איז. ס'האָט געגרייכט דערצו, אז אויב ס'האָט זיך אמאָל בא עמעצן א פּיק געטאָן א כאָלעם אין קאָפּ, א שנײַד געטאָן פליגל, ס'וואָלטן עפשער דערפון מיט דער צײַט געוואָרן שורעס, האָט מען דעם

באַל־האַכאַלוימעס די פֿליגל באַלד אָפּגעהאַקט: ט׳האָסטו דיר — אַ נײַער שאָלעם כאַנאַכעס!.. און אויב ס׳האָט זיך סטאַם געמאַכט אַן אָפּנאַרער, אַ ציין־פֿאַרעדער, אַן אויגן־פֿאַרבלענדזער — אויך דאָס אייגענע: דו, שאָ־לעם כאַנאַכעס!.. און אַז אַ כיידער־ייִנגל איז אַהיימגעקומען מיט צעריסענע הייזלעך און פֿאַר שרעק אָנגעפּלוידערט דער מאַמען אַ מײַסע, איז דער אומגליק געוווען ניט די צעריסנקייט, נאָר די מײַסע: אַ ווייטעק איז מיר, כ׳על מיר נאָר דאָס לעבן נעמען. ס׳וואַקסט באַ מיר אַ שאָלעם כאַנאַכעס!..

דיכטונג, אָפּנאַרערײַ, כיידער־ייִנגלשן פּאַכעד האָט ראַשקעוו צונויפֿ־געמישט איניינעם, געשטויסן אין איין שטייסל.

און געליטן דערפֿון האָט דאָס דאַרע פּאָנפּעדיקע שנײַדערל מיט די שטענדיק פֿאַרבלאָטיקטע שטיוול. דאָס ראַשקעווער ייִדל, וואָס איז קיינ־מאָל פֿון ראַשקעוו ניט אַרויסגעפֿאָרן און האָט זיך אויסגעכאָלעמט אין קאָפּ אַ ברייטע רײַכע וועלט. זײַנע אַלע „ליגנס״ זײַנען זיך מיט אים טאָ־מיד פֿאַרלאָפֿן ערגעץ אין גרויס־גרויסע שטעט, אַף ווײַטע וועגן, אין טיפֿע וועלדער, אַף די ברעגן פֿון ברייטע ראַשנדיקע טײַכן.

סע רעדט זיך נאָר אַזוי געליטן. דאָס זאָג איך עס אַזוי. איצט. אים אַליין, שאָלעמען, האָט ווייניק וואָס געאַרט, וואָס ראַשקעוו טוט מיט אים. ער האָט ניט געזוכט קיין קניפּ אין בעקל, קיין סמיכעס. ער איז, כאָלילע, ניט געוווען קיין ראָוו. ער איז געוווען אַ פּראָסטער כאַיעט, אַ לאַטעליי־גער. אים אַליין האָט ווייניק וואָס געאַרט, וואָס די מײַסעלעך זײַנע רופֿט מען אָן ליגנס. זאָל דער אוילעם כויזעקן, נאָר האַנאָע האָבן. זאָל מען מאַכן פֿון אים אַ בער, נאָר זאָל מען הערן. און אַז מע וועט הערן, וועט מען נאָכדערציילן. און אַז מ׳עט נאָכדערציילן, וועט עמעצער ווידער הערן. און אַז מע וועט ווידער הערן, וועט מען ווידער נאָכדערציילן. און אַז מע וועט ווידער נאָכדערציילן, וועלן פֿון די ליגנס סאָפּקאָלסאָף ווידער ווערן מײַסעלעך.

געשיקט זיך, אַז דאָס פֿאַרנאַרישטע ראַשקעוו מײַנס איז געוווען בע־קויעך מעקאַבער צו זײַן איר באַל־האַכאַלוימעס?

פֿאַרוואָס בין איך נאָך דעמלט אויך געוווען ניט מער, ווי אַ קליין נאַריש ראַשקעווער ייִנגל?

ווי דערוויסט מען זיך דעם סאָד, ווי אַזוי אָפּצוהייבן פּלאַסטן און אופֿ־גראָבן אין יאָרן אַרום מעגילעס ניט קיין פֿאַרמעטענע און ניט קיין אופֿ־געשריבענע?

האָב איך זיך ניט שפּעט דערמאָנט?..

* * *

אין שטוב באַ אונדז, געדענק איך, ווען איך בין נאָך געוווען גאָר אַ קליינער, האָבן זיך היימיש אומגעדרייט צוויי פֿרעמדע ייִדן. ניט, ווי עלײִאָהו־האַנאָווי, איין מאָל אין יאָר, פֿייסעך צום סײדער, נאָר שטענ־דיק, טאָג־באַ־טאָג, שאַבעס און אינדערוואָכן.

זיי פלעגן זײַן בא אונדז אין רעגן־טעג אָרכים בא אונדזערע אָרעמע סודעס. זיי פלעגן מאכן דעם טאטן שמייכלענדיק, ווען ער איז געזעסן און געזיפּצט מיט א פארשאָטנט פּאָנעם. זיי פלעגן זיך צויאווען אף די שפּיץ פינגער צו די קינדערס געלעגערס באַם פּאָקן און באַם מאָזלען.

עס פלעג זיך מיר פאָרשטעלן, אז זיי זענען ביידע אויס אלציינס. איין הייך. צוויי אלציינע שווארצע היטלען, פּארוקטע אפן שפּיץ קאָפּ. שווארצע לאנגע ראָקן מיט צעפלויגענע פּאָלעס. שמאָלע באָרד־רעמלעך ארום־און־ארום בא די באקן. פארשטויבטע „אויסגעטראָטענע" שטיוול. אויגן — פריילעכע, בלישטשענדיקע, קלוגע און גוטע.

מײַן באָבע יענטע האָט זיי ביידע אלציינס ניט ליב געהאט. די אייביקע קאָפּווייטעקן אירע בא די סאמע שלייפן האָבן, אפּאָנעם, דערהארגעט אין איר דאָס געפיל פאר הומאָר און פאר פרייד. „ווען קריכן אין קאָפּ ארײַן די דאָזיקע לאכנדיקע מײַסעס פון די צוויי פארשלעפּטע קרענק? — פלעגט זי אומגיין און וואָרטשען. — אין שטוב „זיצט" א מיידל. עס גייט אזא ווינטער. פון די מײַסעס וועט קיין בינטל פּאפּעשויי־מעל ניט ווערן. אוי, מײַנע שלייפן!..״

די מאמע מײַנע, פארקערט, איז טאָמיד געווען א באלנטע אף א גוטן לאך און א גוטן שפּעט. די „צוויי פארשלעפּטע קרענק" פלעג זי פארציִען. הערשל אָסטראָפּאָליער האָט בא איר געהייסן „יענץ הערשעלע סטראָמפּאָליער" און שאָלעם כאנאכעס — „דאָס גוטע שאָלעמל באמאַכעס".

דער טאטע פלעגט בייסן דערציילן זיצן פארמויעכט, ווי שטענדיק מיד און פארשאָטנט, גלײַך ווי ער איינער וואָלט דערזען, אז די וועלט איז א קרומע וועלט; און א שמייכל טאָן בא די מײַסעס פלעגט ער שפּעטער א קאפּל ווי יעדער, קוים־קוים — די כאָכמעס זײַנען כאָכמעס, נאָר זיי ראשן אים ניט איבער.

דערציילן פלעג דער זיידע זוסיע. אײַ, איז ער געווען א בעריע א דערציילער! ער פלעגט זיך צעזעצן ברייט אף דער סאָפּקע, מיך נעמען אף איין קני, מײַן קלענער ברודערל, סראָליקן, אף דער צווייטער קני, און דערציילן פּאוואָליע, מיט א פארצויגן אויג, מיט א מין האנאָעדיקן סאָד אין די וואָנציעס, מיט גרויס טײַנעג, אזש באלעקנדיק זיך. ער האָט ליב געהאט דערציילן בא אן אראָפּגעצויגן לעמפּל, אין דער טונקל. אי קעדיי עס זאָל ניט אויסברענען אומזיסט און אומנישט קיין נאפט, אי, אפּאָנעם, גלאט אזוי צוליב „אטמאָספערע". אין די לאנגע מײַסעס זײַנע וועגן כאָכמע און מאזל האָט ער פאר אונדז, קינדער, פארמאָגט אזעלכע באזונדערע ווערטער, ווי „אינדיק־זאָמען" און „קאטשקע־פּיטער", און פאר די גרויסע — פּאָקוסן, אופטועך, פארדרייעניישן און פארפּלאָנטערנישן, מײַסעס אין מײַסעס, שטיין בלײַבן פלוצעם אינמיטנדערינען און אויס; וואָס ווײַטער איז געשען, וועלן מיר הערן מאָרגן, דערווײַל גייט שלאָפן, אוילעם.

די קליינע פּאָרם — הערשל אָסטראָפּאָליערס „שפּיצלעך" און שאָלעם כאנאכעסעס „ליגנס" — פלעגט דער זיידע באנוצן אין די „שיינע" טעג.

אין שטוב איז יעדן איינעם אָנגעזאָלעט אפן הארצן; דאָס לעמפּל ברענט בעמיילע אָנעם קאָלפּעקל; דער טאַטע זיצט און זיפּצט; די מאַמע קידעט זיך; די באָבע יענטע קרעכצט; און אונדז, מיר און סראָליקן, רעדט מען איין, אז ס׳איז היינט א טאָנעס בא ייִדן. און ווען זײַנען בא אונדז ניט געווען קיין „שיינע״ טעג, קיין טאַנייסים?

— איר הערט, קינדער? פּאַרטראַגט עס אַמאָל הערשל אָסטראָפּאָליער איבערנעכטיקן בא א מארשאַס א ייִדענע אַן אַלמאָנע...

אָדער:

— קומט זיך אַזוי שאָלעם כאַנאַכעס ארויס אין גאַס, שטעלט זיך אוועק צווישן א רעדל ייִדן און טוט א בראָק אָפּ...

הערשלס א זאָג:

— כ׳על מוזן טאָן, ווי מײַן טאַטע פלעג טאָן. זיך לייגן שלאָפן אַזוי, אָן וועטשערע...

אָדער שאָלעמס א זאָג:

— אײַ, קאַבאַק! האָב איך אַמאָל, ראַבויסײַ, געזען א קאַבאַק, וואָס הייסט א קאַבאַק, דרייט זיך אום א מענטש אין קאַבאַק...

הערשלס א זאָג:

— וואָסי, א שלעכטער פּריײַטיקצונאַכטס בא מיר? געפּעלטע פיש. א יויך פון (ה)אָן פליישׂ. א קוגל, וואָס מע זעט אים ניט...

שאָלעמס א זאָג:

— אַן אָף, ראַבויסײַ, אַן אָף אָף שאַבעס... די אויפעס מײַנע זײַנען געווען אַזוי פעט, אַז ס׳האָבן זיי אַזש געלאָפענעט די בײַכער און ס׳איז אויסגערונען די גאַנצע שמאַלץ... ס׳איז אָף שי יאָרע אָף!..[1]

איך און סראָליק פלעגן אַלע גאַנצפרי, אופכאַפנדיק זיך אין טאַטנס און אין דער מאַמעס בעט, וווּהין מע האָט אונדז שלאָפנדיקע איבערגעטראָגן, די דאָזיקע מײַסעלעך איבערשפּילן.

דער טאַטע און די מאַמע פלעגן אונדז פון העט־פאַרטאָג אָן איבערלאָזן אַליין אין שטוב. פון יענער זײַט טיר ראַשט זיך. עס הערן זיך ארײַן האַנדל־וואַנדל־קוילעס: „אייעריקע בייגל. סעלצערוואַסער. ליימענע פּײַפעלעך. גרינע בינטלעך ציבעלקעלעך. קאָרטלעך קערלעך, צוויי פאַר א ליי״. געבונדענע קאַטשקעס מאַכן אָן גוואַלדן. זיצערקעס שרײַען. באַלעבאָסטעס שיטן מיט זילזולים. ייִדיש מישט זיך איבער מיט מאָלדאַוואַניש. עס וואָלט געווען א יוישער, אַז איך און סראָליק, אַזוי־אָ נאָענט לעבן מאַרק, זאָלן זיך שפּילן אין קויפן און פאַרקויפן. נאָר דער מאַרקראַש מיט די אַלע נאַשערײַען האָט אונדז, אַפּאָנעם, ניט פאַרשאַט. מיר האָבן זיך געשפּילט אין הערשל אָסטראָפּאָליער און אין שאָלעם כאַנאַכעס. ניט אין מיסכער, נאָר אין מײַסע.

מיר האָבן ארויסגעשלעפּט פונעם בעט צוויי צעפליקטע רעקלעך מיט מעסוקענע לאַנגע אַרבל, וואָס האָבן אַזש אויסגעקערט אונטער אונדז די גאַנצע ערד, זיך ארומגעגאַרטלט מיט צוויי קויטיקע האַנטעכער. אָף די

[1] ס׳איז ווי און ווידער ווײ (מאָלדאַוויש).

קעפּ האָבן מיר אָנגעטאָן דער מאמעס א מיידלשע מופּטע און דעם טאַטנס ווינטערדיקע קוטשמע.

סראָליק האָט געשפּילט הערשל אָסטראָפּאָליער. איך — שאָלעם כּאנאַ־כעס. סראָליק האָט גערעדט אי אַף א דין קעלעכל, פאר הערשלען, אי אַף א גראָב קאָל — פארן אוילעם:

— הערט, ייִדן, א גרויס אומגליק איז געשען. דער הייליקער רעב בּאָרעכל איז ניפטער געוואָרן!..

— בייס דיר אָפּ די צונג, מעשוגענער הערשל. מיר האָבן אים ערשט היינט געזען גיין אין קלויז...

— הערט, וואָס מע רעדט צו איידן!.. ער אליין ווייסט נאָך ניט דער־פון...

איך האָב מיט צוויי פינגער צונויפגעקוועטשט דאָס נעזל מיינס, און ס׳האָט אָנגעהויבן, ווי שאָלעמס נאָז, פאָנפען. פון „ראבויסיי״ איז געוואָרן „ראמויסיי״:

— שפּאָן איך מיר, ראמויסיי, אזוי אום אין פּייטערבורג און גיב א קוק — מע פארקויפט קארשן. וואָס הייסט קארשן — אזעלכע־אָ, ווי די קולעקעס. נאָר טיי־ער! וואָס הייסט טייער! א קאָפּעקע אזא־אָ קליין גלע־זעלע. ווי דער נאָגל!..

— היי, שאָלעם כּאנאכעס, וואָס באטלסטו? ווי קענען אזעלכע־אָ קארשן ארייַן אין אזא־אָ גלעזעלע?

— דאָס איז דאָך די כאָכמע, פערד!

— ס׳איז ניט קיין כאָכמע, שאָלעם. ס׳א ליגן!

— אײַ, וואָס פארשטייט איר, וואָס?.. אָרעמע מענטשן!

איך אליין האָב אויך ניט פארשטאנען. כ׳האָב ניט מער ווי איבער־געשפּילט וואָרט בא וואָרט דעם זיידן זוסיעס דערציילן. ווי האָב איך נאָך דעמלט געקענט פילן א טאַם אין פאנטאזיע, אין איינפאל? כ׳האָב נאָר געוווּסט, אז די דאָזיקע צוויי פרעמדע ייִדן דרייען זיך היימיש אום בא אונדז אין שטוב און מאכן פריילעך אפן הארצן, פארבייטן אמאָל א וועטשערע. אוןביידע אלציינס. גלייך אף גלייך. איינער ניט ערגער פּו־נעם צווייטן.

נאָר א שיינע זאַך: ווען כ׳בין אונטערגעוואקסן און בין דערנאָך אוועק פון דער היים, פריער קיין בעלץ, שפּעטער — קיין טשערנאָוויץ, קיין בוקארעשט, האָב איך הערשל אָסטראָפּאָליערן אומעטום באגעגנט, שאָלעם כאנאכעסן — ניט.

וואָס קומט דאָ פאָר? פארוואָס איז שאָלעם כאנאכעס געבליבן אין ראשקעוו?

און כ׳האָב מיר ניט אָפּגעגעבן קיין כעזשבן, אז געבליבן איז ער דער־פאר, ווייל מ׳האָט אים ניט מיטגענומען.

ניט באשערט געווען מיר צו זײַן אונדזערן א באל־האכאלוימעס ארויספירער.

האָב איך מיך איצט ניט שפּעט דערמאָנט?

* * *

שאָלעם כאַנאַכעסעס אַ מײַסעלע:

— פֿירן מיר אַמאָל, הערט איר, קיין קיִעוו פֿעסלעך וואַקס. ס'איז ערעוו כאַגע. מע קוקט דאָרט אין דעם קיִעוו אַרויס אַף מײַן וואַקס, ווי אַף מאָשיִעכן.

און דאָ טוט זיך מיטאַמאָל אַ פֿאַרכמאַרע דער הימל, עס הייבט זיך אוף אַ בלאָזעניש, אַ ווייעניש, אַ זאַווערוכע, אַ בערע, אַן אומקומעניש. זײַ מיט טויזנט קעפּ, ווייסטו ניט וווּהין אַ קערעווע טאָן די וואַשקעס. וואַלד אַהער, וואַלד אַהין. פֿאַרשיטע טאָלן, פֿאַרווישטע בערג. מיר בלאָנדזען אַ טאָג, מיר בלאָנדזען אַ נאַכט, מיר בלאָנדזען צוויי טעג, מיר בלאָנדזען פֿיר טעג, וואָס, ווען, קיין וועג ניט, קיין שטעג ניט, קיין סלעד ניט. פֿאַרשנייעט, פֿאַרקאָוועט, אַ פֿינצטערניש. כײַעס־ראָעס וואָיען. און הונגעריק זײַנען מיר... וואָס הייסט הונגעריק — כאָטש שלינג אײַן די פֿערד, מיטן וואָגן, מיט די פֿעסלעך וואַקס אײַנײַנעם.

פּלוצעם, כ'טו אַ קוק — אַ טײַך. וואָס הייסט אַ טײַך! אַ שפּיגל. לויטער, ווי אַ ווײַנטרויב; בלישטשעט, ווי אַ זילבערנע טאַבאַטשניצע; שטיל, ווי אַ זינדיק מיידל אונטער דער כופּע. און קאַרפּן וואַרפֿן זיך אין טײַך. וואָס הייסט קאַרפּן! אַזעלכע־אָ קאַרפּן. אינדיקעס, ניט קיין קאַרפּן. שווימען צו צום ברעג, קוקן אַרויס צו אונדז מיט די קײַלעכיקע אייגעלעך, כאַלעשן מאַמעש: שאָבט אונדז אָפּ, און פּילט אונדז אָן, און קאָכט אונדז אויס, און עסט אונדז אוף!..

טו איך אַ זאָג וואַסיליען:

— וואַסיליע, — זאָג איך, — זעסט?

— כ'זע, — זאָגט ער, — שולים, וואָדען, איך בין בלינד?

זאָג איך:

— נו?

זאָגט ער:

— וואָס נו?

זאָג איך:

— אײַ, אַן אָפּגעקאָכט שטיקל קאַרפּ.

זאָגט ער:

— נו, און אַ קעסעלע?

זאָג איך:

— וואָס אַ קעסעלע?

זאָגט ער:

— נעמאַ. נישטאָ קיין קעסעלע.

זאָג איך:

— נו, אָ, וואַקס!

זאָגט ער:

— וואָס וואַקס?

זאָג איך:

— א קעסעלע. א קעסעלע פון וואקס!

כאפט אים אָן א געלעכטער, וואסיליען. וואָס הייסט א געלעכטער! ווער איך גוט באַרויגעז, טאנץ אראָפּ פונעם וואָגן, פּארקאטשע די ארבל, כאַפּ ארויס פון א פאס א שטיק וואקס, און אין איין קעהערעך־אײַען ווערט אויסגעקנאָטן א קעסעלע. וואָס הייסט א קעסעלע — א ליאלקע, ניט קיין קעסעלע.

— האק אָן האַלץ! — טו איך א יעכץ צו וואסיליען. — א סאַך האָלץ!..

און ביז וואסיליע ברעכט אָן צווײַגן און האקט אָן האָלץ, גיב איך א נעם עטלעכע קארפּן, שאָב זיי אָפּ, עפן זיי אויף, זאלץ זיי אויס, שנײַד אָן שטיקער אין קעסעלע, און צעלייג, הערט איר, אזא פײַער, וואָס הייסט א פײַער, אז ביז דאָס קעסעלע צעלאָזט זיך, ווערן פּארטיק די קארפּן... וואָס הייסט פּארטיק — צעגייען זיך מאמעש אין מויל.

איַי, א שטיקל קארפּ. א טײַערע זאך אן אָפּגעקאָכט שטיקל קארפּ!..

שאָלעם כאנאכעסעס א צווייט מײַסעלע:

— שיקערט זיך אמאָל, ראבויסײַ, מיטיע ראָמעס אָן און הייבט אָן זעצן פּענצטער. ער וויל, זאָגט ער, דאָ אויך מאכן א שטיקל פּאָגראָם. א קליין־קליין שטיקעלע פּאָגראָם.

הייבט זיך דער אוילעם, ווי געוויינלעך, אָן צו צעלויפן. קרעמערלעך פארהאקן די לאָדנס. מעובערעסע ייִדענעס כאלעשן. קינדער קוויטשען. עס הייבט זיך אויף אזא בעהאָלע אין שטעטל. וואָס הייסט א בעהאָלע — טישעבאָוו.

טו איך א גיי צו צו מיטיען, לייג אים ארויף א האנט מײַנע אפן אקסל און טו א זאָג:

— מיטיע!

זאָגט ער:

— ווו־וואָסי?

זאָג איך:

— ווייסט כאָטש, וואָס דו טוסט?

זאָגט ער:

— כ׳ווייס. וואָדען, כ׳ווייס ניט.

זאָג איך:

— האַטאָכן?

זאָגט ער:

— ווײַל אזוי הייסט מען.

זאָג איך:

— ווער הייסט?

זאָגט ער:

— גאָט הייסט. און דער קייסער הייסט.

זאָג איך:

— האַטאָכן?

זאָגט ער:
— ווײַל איך בין מיטיע און דו ביסט שולים.
זאָג איך:
— ס׳איז אלציינס, ברע.
זאָגט ער:
— ס׳אי ניט אלציינס.
זאָג איך:
— דעריבער?
זאָגט ער:
— דארף איך דיך שלאָגן.
זאָג איך:
— א מאָשל־קאפּאָשל.
זאָגט ער:
— גיי אוועק, שולים, ווײַל איך הארגע דיך!
זאָג איך:
— דאָ ביסטו א קנאקער. קום מיט מיר, — זאָג איך, — אהין, אין מיקווע ארײַן.
זאָגט ער:
— קום.
זאָג איך:
— מײַנע סאָנים און דײַנע סאָנים זאָלן אזוי קענען גיין, ווי דו קענסט גיין.
זאָגט ער:
— פיר מיך.

נעם איך אים אונטערן אָרעם, און מיר שפּאצירן זיך אזוי ביידע אוועק, שאָקלענדיק זיך, אין באָד ארײַן, און מיר הייבן זיך ביידע אָן אויסטאָן. איך ווארף אראָפּ די קאפּאָטע, ער ווארפט אראָפּ דעם סוקמאן. איך טו אויס דעם טאלעסקאָטן, ער טוט אויס דאָס פּעלצל. איך פארקאטשע די פּייעס, ער ציט אראָפּ דאָס צײַלעמל פונעם האלדז. מיר בלײַבן ביידע שטיין, ווי די מאמע האָט אונדז געהאַט, איינער קעגן אנדערן, ווי צוויי אלציינע האָנען. ער שטייט מיט א באָרד, איך שטיי מיט א באָרד. ער שטייט מיט צוויי לאנגע דארע הענט, איך שטיי מיט צוויי לאנגע דארע הענט. ער שטייט מיט א נאקעטן פּופּיק, איך שטיי מיט א נאקעטן פּופּיק.

— נו, — זאָג איך, — זעסט שוין?
— כ׳זע שוין, — זאָגט ער, — אז איך דארף דיך גוט שלאָגן.
— ווארט אויס, — זאָג איך, — קום ארײַן אינוויייניק, אין מיקווע.

און מיר שפּאנען אראָפּ די עטלעכע טרעפּלעך, נעמען זיך ביידע אָן בא די הענט און גיבן זיך ביידע א טויוול אונטער. און ווי מיר טויוולען זיך אונטער, באקומען מיר ביידע צוויי לאנגע שפּיצעכיקע בערד, וואסער גיסט זיך אונדז פון די אויערן, פונעם מויל, פון די נאָזלעכער. מיטיע שטייט און קוקט און ווייסט ניט, ווער פון אונדז ס׳איז איך און ווער

פון אונדז ס'איז ער. אף מיר מיינט ער, אז ס'איז ער, און אף זיך מיינט ער, אז ס'איז איך.

— נעם, — זאָג איך, — נעם און שלאָג!

און ער הייבט זיך אָן, הערט איר, אליין אזוי הארגענען, וואָס הייסט הארגענען, כ'האָב אים קוים אָפגעשטעלט.

— נו, — מאך איך, — זעסט שוין, אז ס'איז אלציינס, האָ?..

* * *

ווו זײַנען זיי, שאָלעם כאַנאַכעסעס מײַסעלעך?

ווי דערוויסט מען זיך דעם סאָד, וויאזוי אָפצוהייבן פלאסטן און אופגראָבן מעגילעס, ניט קיין פארמעטענע און ניט קיין אופגעשריבענע?

און עפשער דארף מען גאָר גאָרנישט אָפהייבן און גאָרנישט אופגראָבן?

מע דארף דערציילן ווײַטער!

עפשער איז שוין דער דאָזיקער סאָד פאר מיר קיין סאָד ניט. ווער ווייסט, עפשער איז גאָר דאָס דארע שלימאזלדיקע שנײַדערל פּאָשעט מעגולגל געוואָרן אין יענעם קליינעם שווארץ־אויגיקן ראשקעווער ייִנגעלע?

— קומט אהער, רעב שאָלעם. אוילעם ווארט. שטעלט אײַך זאָגן!

— אײַ, דו, צוציק, — טוט שאָלעם כאנאכעס א פאָנפע, — זאָג דו! וואָס איז די נאפקעמינע ווער? דעריקער איז דאָך די מײַסע. די ראשקעווער מײַסע.

כ'מאך צו די אויגן און זע מיך אף מײַן זיידע זוסיעס קני. דער זיידע זוסיע זיצט ברייט אף דער סאָפקע מיט א פארצויגן אויג און מיט א האנאָעדיקן סאָד אין די וואָנציעס. ניט ער דערציילט, נאָר ער הערט. און ניט פּאָשעט ער הערט, נאָר ער פארהערט מיך.

א טרער קאפּעט אים אראָפּ אין די וואָנציעס און צינדט זיי אָן, מאכט ליכטיק אין שטוב. ער טוט מיך א הייב אוף פון דער קני און שטעלט מיך אראָפּ אף דער ערד.

— גיי!.. — טוט ער א זאָג. — מיט איבערגעקערטע שטיוול צי מיט גאנצע שטיוול, מיט א מאָגערער וועטשערע צי מיט א פעטערער וועטשערע. גיי און זײַ א היימישער אוירעך אין אלע אונדזערע הײַזער. צעשמייכל פארשאָטנטע פענעמער. יאווע זיך צו אף די שפּיץ פינגער צו די קינדערס געלעגערס באם פּאָקן און באם מאָזלען. גיי, יעכיליק, און זײַ מאצלי׳עך!..

# יעכיעל דעם פעטער שעפסלס




ער פעטער שעפסל, דעם טאטנס עלטסטער ברודער, האָט, דערציילט מען, געהאַט א ווײַטן קוק.

ס׳הייסט, ניט ווי מע טוט עס אמאָל א זאָג אזוי. נאָר פּאָשעט: ער האָט געהאַט צו א שארפע ריִע, געזען צו ווײַט, מיכוץ לעדערעך האטעווע, ווײַטער פון יעדן איינעם.

ער האָט געקענט אָנרופן בא די נעמען מענטשן, וואָס האָבן זיך אנטקעגן, אף יענער זײַט, אין פּאָדאָליער ראשקעוו, ארומגעראשט אין מארק, און זיך פונדאנען, פון דער זײַט דניעסטער, אין אונדזער וואָלעכיש ראשקעוו, אָנגעזען פּארווישט, אָן פּענעמער, קוים־קוים, שאָטנס, ניט קיין מענטשן, אלקאָלפּאָנעם קליינע־קליינע מענטשעלעך.

ער האָט געקאָנט זאָגן, וואָס ער זעט דאָרט אנטקעגן ווײַט־ווײַט, העט־העט אויבן אף דעם שפּיץ בארג: א קו מיט געלע פלעקן צי מיט שווארצע פלעקן; א קעלבל צי א לאָשעקל; ווייץ צי קאָרן; אוכדוימע אנדערע זאכן, וואָס א מענטשלעך אויג האָט עס אזוי ווײַט ניט געקאָנט דערזען און אוודע ניט אויסטיילן.

אין שטעטל איז די דאָזיקע שארפע ריִע דעם פעטער שעפסלס געוואָרן א שעם־דאָווער. זי האָט זיך צו אים פּאָיאווועט פלוצעם, מיטאמאָל, ווען ער איז שוין געווען א יונגערמאן מיט א היפש בערדל, א ווילדלערנער, דאכט זיך אפילע נאָכן פארענדיקן ערגעץ א יעשיווע. מענטשן פלעגן קומען צו דער באָבע כאנען קלאָמפּערשט עפּעס קויפן אין קלייטל, ווען זיי האָבן געדארפט און ווען זיי האָבן ניט געדארפט, און, ווי אף כידושים, זוכן א קוק צו טאָן אפן פעטער שעפסלס גרויסע, שווארצע,

שיינע אויגן, וואָס זײַנען טאַקע עפּעס געווען צו גרויס, צו שוואַרץ און צו שיין, טאַקע עפּעס גאָרניט ווי בא איטלעכן.

ניט דאָס גאַנצע שטעטל און ניט עמעצער אין דער מישפּאָכע האָבן געוווּסט, צי איז דאָס גוט צי איז דאָס שלעכט. צי דאַרף מען מעקאַנע זײַן, צי דאַרף מען ראַכמאָנעס האָבן. מ׳האָט נאָר געוווּסט, אַז ס׳איז ניט אַזוי, ווי עס דאַרף זײַן. און פרײַנט האָבן געייצעט דער באָבע כאַנען צופאָרן מיטן זון צו אַ גוטן דאָקטער.

אַן אויגן־דאָקטער איז נאָר געווען אין שטאָט, אין בעלץ. די באָבע כאַנע האָט געדונגען אַ פורל, איבערגעלאָזט אַף העפקער די פּאַרנאָסע, די פולע שטוב מיט קינדער; בעניבײַ פאַר די עטלעכע קערבלעך, וואָס מ׳האָט איר בעסייסער געמאַכט, געזען נעבעך אײַנצוקויפן אין בעלץ אַ ביסל סכוירע.

דער בעלצער גוטער דאָקטער האָט גוט באַטראַכט דעם פעטער שעפּסלען, אים אויסגעקלאַפּט די אויגן, אויסגעקלאַפּט די שלייפן, דעם שטערן, דעם גאַנצן קאָפּ־שאַרבן, און דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט, האָט ער ערשט קוים געזאָגט מיט אַן „אָדער״: אָדער אַזוי — אָדער אַזוי.

— די ריִע וואַקסט, — האָט ער געזאָגט. — וואַקסט פון טאָג צו טאָג. אַ פענאָמענאַלע ריִע. אַ פענאָמענאַל וואַקסעניש. אָדער־אָדער. אָדער ס׳וועט דערפון אויסוואַקסן אַזוינס, וואָס וועט זײַן אַ כידעש אין דער גאַנצער וועלט, אָדער דער פעטער שעפּסל וועט בלינד ווערן...

און ווי געוויינלעך, טאָמיד בא אַזאַ סאָרט נעוויִעס איז, פאַרשטייט זיך, מעקויִעם געוואָרן דער צווייטער „אָדער״. פּאַוואָליע, מיט דער צײַט, האָט דעם פעטער שעפּסלען אָנגעהויבן טונקלען אין די אויגן. די אויגן אליין זײַנען געבליבן פונקט אַזוי גרויס און שוואַרץ און שיין און אָפן, ווי ביז אהער, נאָר זען מיט זיי האָט ער שוין נאָר געזען איין זאַך, איין־און־איינציקע זאַך: שוואַרצקײַט, הוילע שוואַרצקײַט.

ערשט איצט האָט קינד־און־קייט אָנגעהויבן קומען קוקן אַפן פעטער שעפּסלען, ווי אַף אַ בייזוווּנדער. אין דער באָבע כאַנעס קלייטל האָט זיך אַ גאַנצן טאָג געציקעט, דאָס קלייטל האָט געלייזט געלט. ס׳איז אויסגעקומען, אַז דעם פעטער שעפּסלס אומגליק איז גאָר געוואָרן אַ מין סגולע צו פּאַרנאָסע.

קיין סאַך האָט עס אָבער, פאַרשטייט זיך, ניט געהאַלטן. מיטן פעטער שעפּסלס אויסטערלישער בלינדקײַט האָט זיך דאָס שטעטל אײַנגיכן צוגע־וווינט. מ׳האָט אים, ווי יעדן בלינדן, פּאַשעט אָנגעהויבן רופן „דער בלינדער״. דאָס ווײַב זײַנס, ער איז שוין דעמלט פון אַ שטיק צײַט געווען אַ כאַסענע געהאַטער, האָט אים באַלד נאָכן בלינד ווערן אָפּגעגעט. מענטשן, גוטעפרײַנט, האָבן אײַנגעלייגט וועלטן, געשטעלט אַף די פיס שאַדכאָנים, צעשיקט בריוו, אויסגענוצט אַלע זכוס־אָוועס, און סאָפּקאָל־סאָף, נאָך עטלעכע יאָר, דעם בלינדן פעטער שעפּסלען כאַסענע געמאַכט צום צווייטן מאָל. אַראָפּגעבראַכט אַזש פון קעשענעוו, ערגעץ פון די בעטלער־געסלעך אַרום דער אַלטער בריק, אַ קליין, פאַרקנייטשט, זויער ווײַבל, וועמען איך געדענק שוין, דאָס איז שוין געווען אין מײַן צײַט.

און וועלכע מיר, קינדער, דעם פעטער שעפסלס פלעמעניקלעך, פלעגן עפּעס אָן כיישעק, ווי מיט גוואלד, רופן „מומע ראָכל". די מומע ראָכל האָט מיט דער צײַט געבוירן דעם פעטער שעפּסלען א זון, און אין דער מישפּאָכע איז צוגעקומען נאָך א נאָמען נאָכן פרי־אוועקגעגאנגענעם פון דער וועלט זיידן אונדזערן אַלעווהאשאָלעם — יעכיעל, יעכיליקל.

כ׳געדענק דעם פעטער שעפסלען אומבלאָנקען אין שטוב צווישן די בענקלעך מיט צוויי ארויסגערוקטע הענט, מיט צוויי איבערגעשראָקענע שארנדיקע פיס. כ׳געדענק אים זיצן אין די פארנאכטן אין דרויסן בא דער טיר ארומגערעמלט מיט זײַן שווארצער פארטרויערטער באָרד און קוקן מיט די אָפענע בלינדע אויגן ערגעץ ווײַט אין א פינטל איבער די דעכער אריבער.

אינוויינוועניק, פון יענער זײַט טיר, פלעגט שטיין, ווי א באהאלטענע, די מומע ראָכל. ס׳פלעגט פון א ווינקל אין דער אָפענער טיר ארויס־שטעקן בלויז דאָס קליינינקע אויסגעוויקטע פּענעמל אירס.

מיטן קינד, מיט יעכיליקלען, פלעגט זיך אָפּגעבן די באָבע כאנע, די מומע בונקע. זיי פלעגן אים אָנהאָדעווען, אָנטאָן און אויסטאָן, אָנ־שרײַען אף אים, אמאָל אָנפּאטשן, און פלעגן אים אָפּט קוקן אין די אייגלעך ארײַן...

א פיר־פינף כאדאָשים אין יאָר איז דער פעטער שעפסל ניט געווען אין דער היים. ער פלעגט מיט א שוטעף, אן עלטערן ייִדן, אומפאָרן אין די שטעטלעך מיט עפּעס א זאך אף אויסצושפּילן: א זייגער, א פּאָר לײַכ־טער צי א האלב טוץ זילבערנע בעכערלעך. אז אלע נומערן זײַנען אויס־פארקויפט געוואָרן, פלעגט זיך דער פעטער שעפסל אומקערן אהיים, פאר־בעטן א פּאָר פײַנע ראשקעוווער באלעבאטים, און אין קליינעם אלקערל בא דער באָבע כאנען פלעגט פאָרקומען די לאָטערייע. פונקט אזויפיל וויפל עס זײַנען געווען פארקויפטע נומערן, אזויפיל ליידיקע פּירעקעכ־דיקע שטיקלעך פּאפּיר פלעגט מען צונויפקאטשען, און צווישן די אלע ליידיקע קוויטלעך איז נאָר איינס געווען דאָס פולע, דאָס מאזלדיקע. דאָס ארויסציִען די פּאפּירלעך איז פאָרגעקומען ערלעך, מיט גרויס גע־דולד, מיט אלע פּישטשעווקעס, ניט, כאָלילע, נאָר אף אָפּצוקומען. דעם בארמאזל, דעם געווינער, פלעגט דערנאָך דער עלטערער ייִד, דעם פּע־טער שעפסלס שוטעף, אָפּפירן דאָס געווינס גלײַך אהיים. און אז יענער איז געווען א מענטש מיט א קאָפּ אף זיך, איז אים אזוי ניט געגאנגען אין געווינס, ווי אליין אינעם געווינען. און ער האָט דאָס דאָזיקע גע־ווינס ניט געזוכט אומזיסט, האָט דערפאר ערשט שיין באלוינט.

דאָס איז געווען דעם פעטער שעפסלס טועכץ. פון די דאָזיקע ארומ־פאָרעכצן האָט ער געצויגן פארן ווײַב און קינד די כאיונע.

און אָט אזוי־אָ, פון איינער אזא נעסיִע, האָט זיך דער פעטער שעפסל מער ניט אומגעקערט. אין יענעם פרעמדן שטעטל האָט מען אים מעקאָ־בער געווען. קיינער פון די אייגענע איז צו דער לעווײַע ניט געפאָרן. מאכמעס מ׳האָט זיך פון דער גאנצער געשיכטע דערוווסט העט שפּעטער,

ווען דער שוטעף דעם פעטער שעפּסלס איז אהיים געקומען פונעם וועג. כ׳קען אפילע אצינד פינקטלעך ניט אָנרופן דעם נאָמען פון יענעם שטעטל.

מע איז אָפּגעזעסן שיווע, אָפּגעקלאָגט, און טאקע באלד נאָך שיווע, אין א וואָך ארום, איז די מומע ראָכל נעלעם געוואָרן פונעם שטעטל: איבערגעלאָזט דאָס קינד, דאָס אלקערל, די אייגענע, און איז זיך צוריק אוועק צו די קעשענעווער בעטלער־געסלעך אירע, צוריק געוואָרן א פרייַער פויגל.

יעכיליקל האָט אופגעהערט הייסן יעכיליקל און אָנגעהויבן הייסן דאָס יאָסעמל. ער איז שוין דעמלט געווען א ייִנגל פון א יאָר זעקס. ער האָט באלד נאָכן פאריאָסעמטקייַט, געדענק איך, באקומען אן אנדער מין גענגל: א שטאָלץ, כאָשעווודיק גענגל. ער פלעגט צוויי מאָל אין טאָג, גייענדיק אין בעסמעדרעש ארייַן זאָגן קאדעש, דורכשפאנען די גאס סטאטעטשנע, גרויס בא זיך, פארפוצט אין שאבעסדיקן קאָסטיומל, דרייען אזוי איבערנעמעריש מיטן קאָפּ, גאָנערן זיך, אז מיר, די שוועסטערקינדלעך זייַנע, אפילע די עלטערע פון אים, ס׳זאָל אונדז ניט זייַן צו קיין בושע, פלעגן אים שיר־שיר ניט מעקאנע זייַן.

די באָבע כאנע איז מעסוקן פארעלטערט געוואָרן. נאָך דעם זיידן יעכיעל־אווראָמס טויט, וואָס האָט זי געמאכט פאר א יונגער אלמאָנע מיט אזויפיל קינדער יעסוימים, נאָך דער מומע פייגע־ביילען, וואָס איז אין א יאָר ארום נאָך דער כאסענע, און דאפקע אין א דאָרף, דאפקע ווו ס׳איז דאָ א סאך לופט, געשטאָרבן פון טשאכאָטקע, איז דעם פעטער שעפּסלס טויט געווען דער דריטער קלאפּ. און ווייַל דער דריטער — פארשטייט זיך, דער שטארקסטער קלאפּ.

די באָבע כאנע איז געוואָרן גראָ און אלט. דערצו האָבן זיך נאָך דעמלט אָנגעהויבן מאכלויקעסן אין דער מישפּאָכע: מאכלויקעסן צווישן די זין: צווישן טאטן, דעם פעטער מייערן און דעם פעטער זוסיען. יערושע־מאכלויקעסן. מישטייַנסגעזאָגט! כ׳בין זיכער, אז דאָס איינגעהויקערטע, נידעריקע יערושע־שטיבל מיטן אייביק־צעבראָכענעם, איבערגעפוילטן, שווארץ־פארגרינטן שינדל־דאך איז געשטאנען און געקאטשעט זיך פאר געלעכטער פון די דאָזיקע מאכלויקעסן. נאָר די מאכלויקעסן זייַנען געווען פּייַערדיקע מאכלויקעסן. לעבנס־מאכלויקעסן. פּארנאָסע־מאכלויקעסן. יעדער האָט געוואָלט א ביילעק שטיבל מיט א פענצטער אין גאס ארויס, אף צו קענען זיך מאכן א שטיקל פּארנאָסע: פארקויפן אף אן איבערגעקערטער לאָד א שנירל בייגל, א קאָרטל קערלעך, א פלעשל קוואס. און יעדער האָט געוואָלט, אז נאָר ער זאָל פארמאָגן דאָס פענצטער אין גאס ארויס, מאכמעס וואָס פאר א טאָלק קען שוין האָבן דאָס שטיקל פּארנאָסע, אז ס׳וועלן זייַן איינס לעבן אנדערן דרייַ אזעלכע פענצטער אין גאס ארויס? פּייַערדיקע מאכלויקעסן. לעבנס־מאכלויקעסן. דאָס גאנצע שטעטל איז געווען אוף. די קוילעס זייַנען געגאנגען העכער די הייַזער. די דרייַ ברידער האָבן זיך איינער דעם אנדערן געמאכט מיט דער בלאָטע, געזידלט זיך, געשאָלטן זיך, אויסגעוואָרפן זיך וואָס אין דער קאָרט. מע האָט איינער דעם אנדערן געשלעפּט צו מענטשן, מ׳איז

געלאָפֿן צו בוירערים, דאָרטן ווידעראמאָל זיך געמאכט מיט דער בלאָטע, ווידער זיך געשאָלטן מיט די ערגסטע קלאָלעס, אריינגעפֿאָרן זיך אפֿילע איינער דעם אנדערן אין די בערד, אוועקגעוואָיעוועט אזוי גאנצע נעכט, און אומעטום טאָמיד מיטגעשלעפּט מיט זיך די באָבע כאנען און דאָס יאָסעמל. וואָרעם אלפּי־דין איז דאָס יאָסעמל, יעכיליק דעם פעטער שעפּסלס, געווען א גלייכער יוירעש, ווי אלע דריי פעטערס, געהאט רעכט אף פּונקט אזא כיילעק יערושע, ווי זיי.

סאָפקאָלסאָף איז געוואָרן שטיל. ס׳הייסט, מ׳האָט זיך אזוי צעקריגט, אזוי צעהארגעט, אז מ׳האָט אופגעהערט צווישן זיך ריידן, אופגעהערט קוקן איינער צום אנדערן, און יעדערער האָט פּאָטעפּאָלנע אליין זיך גענומען, וואָס ער האָט געוואָלט. דאָס יאָסעמל האָט מען, ווי אין אזעלכע פאלן, פארשטייט זיך, אָפּגעכוימלט. יעכיליקל דעם פעטער שעפּסלס האָט באקומען יערושע דעם הוילן טויער לעבן שטיבל, דעם טויער, וואָס איז אפֿילע ניט געווען קיין טויער אויך ניט — ס׳איז נאָר געווען אָן אָרט אף א טויער.

דעם טאטנס מיטלסדיקער ברודער, דער פעטער מייער, האָט א ביסל צוגעהיקעט, בלויז אונטערן מויל איז אים געוואקסן א שיטער צעשפּאָלטן בערדל, ער האָט געהאט א פּאָר פּלינקע לויפנדיקע אויגן, האָט זיך ליב געהאט צו קליגערן, אין שטעטל האָט מען אים געהאלטן פאר גאָר א פיינעם יונגנמאן, נאָר די מאמע מײַנע, א מייוונטע אף מענטשן, האָט אים גערופֿן קאָל־מום־ראָ.

אים האָבן די מאכלויקעסן וויניק וואָס געארט. פארקערט: ביז אין בלוט זאָל מען גיין, און אויספירן זאָל קיינער ניט.

אין א צײַט ארום האָט ער זיך אינגאנצן אָפּגעלאָזט פון די דאָזיקע בידנע פארנאָסעס, צוגעלערנט זיך ערגעץ א ביסל שכיטע, אָנגעדונגען זיך פאר שויכעט אין א דאָרף מיטן נאָמען שעפּטעבאן, ערגעץ אין אנ־דערן עק בעסאראביע, אפן ברעג פונעם פּרוט, באקומען א פּאָר אויס־געגלעטע באקן, א קלייקוידעשדיק בעקאָוועדיק בײַכל. און דאָס א פּרווו טאָן די כאלאָפים אפן נאָגל, דאָס א נעם טאָן מיט דער לינקער האנט דאָס אָף בא די פּליגל, א פארקלעם טאָן דאָס קעפּל מיט די פארגלאָצטע אייגלעך צווישן די פינגער און א כיק טאָן מיט א בראָכע איבערן אויס־געצויגענעם ארומגעצופּטן העלדזל האָט אים שטארק־שטארק געפּאסט.

דער יינגערער ברודער דעם טאטנס, דער פעטער זוסיע, איז געווען א יונגערמאן א פלאטשיקער. אפן קאָפּ האָט ער פארמאָגט עפּשער צען האָר, ניט מער. איז טאָמיד אומגעגאן אין איבערגעראשטער. (די מאמע מײַנע פלעגט אים רופן „פלאם־פלעצל״). אפן פּאָנעם איז אים געלעגן אויסגעצויגן א פרום־נאריש־קינדיש־לעקישעוואטע שמייכעלע. אזוי איז ער דאפקע געווען ניט קיין שלעכטער מענטש, אפֿילע א סענטימענטאַ־לער, מיט א טרער אמאָל אין אויג; איז געווען דער איבערגעגעבנסטער מאן צום וויַיב, צו דער מומע טויבע — אן אלטע מויד, מיט וועלכער מ׳האָט אים כאסענע געמאכט, — און דער געטרײַסטער טאטע צום איינ־ציקן קינד זייערן, א יינגעלע, אויך א יעכיליקל.ביידע, די מאמע מיטן

קינד, זײַנען נעבעך אומגעקומען מיט א שרעקלעכן טויט פון די פּאַשיסטן, ימח שמם ווזכרם.

אים, דעם פּעטער זוסיען, זײַנען גאָר, דאכט זיך, די מאכלויקעסן געפעלן. ער האָט, אפּאָנעם, געזען אין זיי ניט קיין מאכלויקעסן, נאָר א מין שפּיל אין מאכלויקעסן: סע ראשט זיך, סע טוט זיך, ס׳איז פרייליך אין שטעטל.

די איינציקע צוויי, וועמען די דאָזיקע קריגערײַען האָבן געווייטעקט, ניט געווייטעקט, נאָר פאַרקירצט די יאָרן, זײַנען געווען די באָבע כאנע און דער טאטע מײַנער.

כ׳געדענק דעם צאר אין זייערע ביידנס טיף־אײַנגעפאלענע, שווארצע, טרויעריקע אויגן אין יענער צײַט. שוין דערפון אליין, וואָס מאמע און זון האָבן כאדאָשימווײַז צווישן זיך ניט גערעדט, ניט אָפּגעגעבן זיך קיין גוטמאָרגן, שוין אליין פון די לאָדענישן, וואָס מ׳האָט זיך אלעמאָל געלאָדן צווישן מענטשן. דעם טאטן איז פון יענער צײַט פארבליבן א כאָרכלענדיקע זיפּצעניש אף אלע יאָרן, ביזן סאמע טויט. און דער באָבע כאנען האָט זיך פון די דאָזיקע מאכלויקעסן אויסגעקאטשעט א ראק אין בויך, פון וועלכן זי איז טאקע אינגיכן געגאנגען פון דער וועלט.

נאָר דאָס אלץ איז א קאפּיטל פאר זיך. ניט דאָס קאפּיטל זײַנען מיר איצט אויסן. איצט דערציילן מיר וועגן איין יעכיעל דעם פּעטער שעפּסלס, וועגן יאָסעמל.

וואָס וועט פון אים אויסוואקסן? וואָס וועט זײַן פון אים דער טאכלעס? וואָס מאכט מען פון אים?

וואָס מע מאכט פון די קינדער, וואָס זײַנען, קיין אײַנהאָרע, בא אלע פּעטערס און מומעס געווען היפּשלעך אין דער צאָל, איז דעמלט ניט געווען פון די גרינגע שײַלעס. נאָר מיטן יאָסעמל, וואָס האָט זיך איטלעכן געפּלאָנטערט פאר די פיס און איז יעדן איינעם פון די אייגענע געשטאַנען פאר דער וועלט ווי א דאָרן אין אויג, איז די דאָזיקע שײַלע געווען הארבער ווי אלע.

יעכיליקל האָט זיך אופגעהאלטן בא דער באָבע כאנען. געדרייט זיך אין קלייטל, געפּאָלגט א גאנג, צוגעהאָלפן באדינען א קוינע מישטיינסגעזאָגט: אָפּוועגן א קילאָ קארטאָפליעס, א פונט פּאסאָליעס, געשריגן אין א מארק־טאָג אף א געבּרגלדיק־כאזאָניש קעלעכל: „רעסעריטע, רעסעריטע, דאָי לא ליוו!״ קערלעך, הייסט עס, קערלעך, צוויי קאָרטלעך פאר א לייז!..

א פאָר יאָר האָט ער געלערנט אין כיידער. צוגעגאנגען ביז איוורע. אזוי דאפקע אופגעוואקסן א גראָבטשינקער, א ברייטלעכער, עמעס, מיט א ביסל צו א גרויסלעכן קאָפּ, אפּאָנעם איבער דער זאָלאָטוכע, פון וועלכער ער איז קיינמאָל ניט ארויס.

די באָבע כאנע האָט געצויגן פון זיך די קליי און אים יאקאָש ניט געלאָזט פאלן. נאָר וויפל איז דער שיר? און עס הייסט דען בא דער באָבע כאנען? עס הייסט דאָך גאָר בא דעם פּעטער זוסיען, וואָס ווינט איניינעם מיט דער באָבע כאנען. פארוואָס זשע עפּעס נאָר דער פּעטער

זוסיע? און פאַרוואָס ניט דער פעטער מייער, פאַרוואָס ניט דער פעטער איציק, שעפּסל איז דען זייער ברודער ניט געווען?

האקיצער, עס זײַנען נאָר שטיל געוואָרן די מאכלויקעסן איבער דער יערושע, האָבן זיך אָנגעהויבן נײַע מאכלויקעסן איבערן יאָסעמל. קוילעס זײַנען ווידער געגאַנגען העכער די הײַזער. די ברידער, אַלע אָנגעצונ־דענע, האָבן זיך געקלאַפּט אין הארצן מיט די קולעקעס. מ'האָט זיך ווידער אויסגעוואָרפן וואָס אין דער קאָרט. מ'איז ווידער געגאַנגען צו מענטשן. און ענדלעך איז דער גרויסער פּסאַק, דער גרויסער גזאַר, אַרויסגעטראָגן געוואָרן: אַ באַלמעלאָכע. באַצײַטנס מאַכן פון יעכיליקל דעם פעטער שעפּסלס אַ באַלמעלאָכע.

הייבט זיך אָן אַ נײַע מײַסע: וואָס זשע פאַר אַ באַלמעלאָכע? אַ שנײַדער כאָלילע? כאָלילע אַ שוסטער, אַ בעקער, אַ סטאָליער? מיט איין שמיר טאָן אַ פאַרשמיר דעם גאַנצן יִכעס דער מישפּאָכעס? (ווי׳אזוי ס'איז אין די קאָרטלעך קערלעך צוויי פאַר אַ ליי געלעגן אזא גאַנצער יִכעס, הייב איך נאָך הײַנט ניט אָן צו פאַרשטיין). ס'האָט זיך ווידער געראַשט, מ'האָט ווידער געריסן איינער פון אַנדערן שטיקער, ס'איז ווידער געווען פריילעך אין שטעטל, און ס'איז געבליבן — אַ בלעכער. אי דאָס ניט אין ראַשקעוו. ערגעץ אַנדערש.

די אַלע געשיכטעס געדענק איך ווי דורך אַ כאָלעם. איך געדענק נאָר גוט יענעם טאָג, ווען יעכיליקל דעם פעטער שעפּסלס איז זיך געקומען צו אונדז געזעגענען. ער איז אַרײַנגעלאָפן אין שטוב אַ פאַרפּלאָנטער, אָנגעגווידערטער, פאַרפּוצט אינדערוואָכן אין שאַבעסדיקן קאָסטיומל, ווי אין יענעם יאָר, ווען ער פלעגט צוויי מאָל אין טאָג שפּאַנען אין בעסמעדרעש אַרײַן זאָגן קאַדעש. ער איז אַרײַן און אַ געשריי געטאָן אַף אַ קאָל:

— מומע, כ'בין זיך געקומען געזעגענען. כ'פאָר קיין בעלץ!..

— אַ ווייטעק איז מיר, קיין בעלץ? — האָט זיך די מאַמע אָפּגעווישט די הענט אין פאַרטעך און איז פלוצעם געוואָרן שטאַרק גוט צו אים. — וואַרט אויס, זעץ זיך אַנידער, עס עפּעס, טרינק עפּעס, נאַ דיר מיט אין וועג אַ פּאָר שטיקלעך מאַלײַ!..

נאָר יעכיליקל האָט ניט געוואָלט עסן און ניט געוואָלט טרינקען און ניט געוואָלט אין וועג קיין שום שטיקלעך מאַלײַ. ער האָט זיך אַ גאַנער געטאָן, ווי אַ גרויסער מעיוכעס, און געזאָגט, אַז ער האָט קיין איין מינוט ניט קיין צײַט. ער אײַלט זיך. די פור שטייט שוין און וואַרט אַף אים. און מיר, אַלע שוועסטערקינדלעך זײַנע, פון קליין ביז גרויס (איך בין שוין דעמלט, דאַכט זיך, געווען אַ באַרמיצווע־ייִנגל), זײַנען מיר אַרויס אין דרויסן באַגלייטן אים.

דאָס פורל, וואָס איז געפאָרן קיין בעלץ, האָט זיך אופגעהויבן אַף דעם ראַשקעוווער באַרג־אַרוף מיט אַ מעסוקן סקריפּען. אינווייניק אין פורל זײַנען נאָר געזעסן אַ פּאָר צעשויבערטע ווײַבער. די איבעריקע פאַרשוינען זײַנען נאָכגעגאַנגען הינטערן פורל צופוס. יעכיליקל דעם

פעטער שעפּסלס האָט געשפּאַנט אין דער מיט צווישן אלע זײַנע שוועס־טערקינדער.

אפן וועג האָט ער זיך פּלוצעם אָנגעכמורעט, ברויגעזלעך א בורטשע געטאָן:

— כ׳בין גרויס אין די אויגן. מע פאַרוואַרפט מיך אין דער פרעמד. נו, נו. כ׳וועל נאָך יעדן ווײַזן, וואָס איך קען!..

נאָר דאָס רויגעזן זיך האָט געהאַלטן איינע פּאָר מינוט. ער האָט באַלד ווידער אָנגעהויבן דרייען אזוי איבערנעמעריש מיטן קאָפּ, שפּאַנען מיטן שטאָלצן כאָשעוודיקן יאָסעם־גענגל זײַנעם.

און אויבן אפן באַרג, ווען ער איז אַרופגעקראָכן אפן פּורל און דאָס פּורל האָט זיך אָנגעהויבן דערוויַיטערן פון אונדז, זײַנען מיר אַלע געשטאַנען און נאָכגעפּאָכעט מיט די הענטלעך און יעכיליקל דעם פעטער שעפּסלס בעפּיירעש שטאַרק־שטאַרק מעקאַנע געווען.

א קלייניקייַט — בעלץ! אזא שטאָט. מיט גלײַכע גאַסן, מיט הויכע שמאָלע קוימענס, מיט וואָס ניט.

א מעסוקן גליקלעכער יעכיליקל דעם פעטער שעפּסלס.

נאָר ווער קאָן זיך צו אים גלײַכן? — פּאָרט א יאָסעמל!

# א קאַפּיטל ראַשקעוו

## מײַנע פיר טאַלמידים און איך צווישן זיי דער פינפטער



אין יענעם ווינטער בין איך געווען א לערערל אין א דאָרף.

אין שטעטל בא אונדז האָט געלעבט א ייִד כאַיִם סעסטאַשער, וואָס האָט געשטאַמט פון יענעם־אָ דאָרף, פון סעסטאַש. ער פלעגט טאָמיד ריידן אַף א מעסוקן הויך קאָל, גלײַך ער וואָלט קעסיידער אַף עמעצן געשריגן. א קאָל האָט ער סײַוויסײַ געהאַט א גראָבס און א גרילצנדיקס, א קאָל פון א שויר־האַבאָר, ווי מע פלעג בא אונדז אין שטעטל זאָגן. ער איז געווען א ייִד מיט פּלייצעס, דער דאָזיקער רעב כאַיִם, א הויכער, א לײַביקער, מיט א לאַנגער גראָווער באָרד, וואָס פלעגט זיך אים צעשפּאַלטן אַזש אונטן אַפן בויך, ערגעץ אַרום פּופּיק, ווי באַם דאָקטער מעלעגיע, לעהאַוודל, — א פּריצישע באָרד. ווי:אַזוי דער דאָזיקער אַמהאָרעץ איז פּלוצעם בא אונדז אין ראַשקעוו אוילע־ליגדולע געוואָרן, געמישט זיך אין אַלע קאָהאָלשע געשעפטן, אומעטום געהאַט די דייע, געווען פּאָרזיי־צער פון דער לײַ־ און שפּאָר־קאַסע, פונעם עזרעס־כוילים, פון אַנדערע ראַשקעווער קאָמיטעטן — הייב איך ניט אָן צו פאַרשטיין. געשיקט זיך, אַדאַנק דער דאָזיקער ייִכעסדיקער באָרד זײַנער? פּײַנט האָבן בעטאַכלעס־האַסינע, מערער ווי אַלץ אין דער וועלט, פלעגט ער די „גוטע כעוורע", „די סמאַרקעס, וואָס לייענען ביכלעך לייענען זיי, גייען אָן די היטלען גייען זיי, אַז א רועך אין זייער טאַטנס טאַטן אַרײַן!". שפּעט באַנאַכט פלעגט ער אַהיים שפּאַנען פון „זאַסעדאַניעס" מיט א לאַנגן שטעקן אין

דער האַנט, ווי עפּעס אַ מין צווין־קאַדאָשים־פּאַסטעך. מײַן פּעטער מוישע, מוישע בונקיעס, אַ באַנומען מענטשל מיט אַ קליין שפּיצעכיק פּענעמל, חי אַ קולעקל מיט אַ פּײַג, — באַנאַכט דער שוימער און באַטאָג דער שאַלאַטן־שאַמעס אין דער לײַ־ און שפּאַר־קאַסע — פֿלעגט שפּאַנען פֿון פּאַרנט מיט אַ לאַמטערן אין דער האַנט און, ווי אַן אַמוד־אייש, רעב כאַימען צולײַכטן דעם וועג. פֿון זינט מײַן פּעטער מוישע איז באַגליקט געוואָרן מיט דער דאָזיקער שטעלע אין באַנק, האָט ער אופֿגעהערט לאַכן, ווי אַלע מענטשן לאַכן. ער האָט אָנגעהויבן הירזשען מיט אַ צע־שאָקלט בערדל אַף עפּעס אַ מין דין ראַכמאָנעסדיק קעלעכל, איידל, ווי, ראַכמאָנע־ליצלאָן, אַ ציג, וואָס בעט אַ טרונק. אַזאַ־אָ געלעכטערל, האָט מען געזאָגט, האָט מיט אים אײַנגעשטודירט דער רויש־האַיוישווים אין באַנק, רעב כאַים. די פֿינצטערניש אין שטעטל האָט מען געקאָנט שנײַדן מיט אַ מעסער. כאַים סעסטאַשער פֿלעגט שפּאַנען אין דער מיט גאַס, מיט צעשטעלטע פֿיס, שפּאַנענדיק צוקלאַפּן זיך אין דער ערד מיטן שטעקן, ווי אַ בער, און אַלעמאָל אַ רעווע טאָן אַף קוילע־קוילעס איבערן גאַנצן שטעטל:

— ברע אָמוליע!.. מוישע פּערד!.. וווהין קריכסטו?.. אָסטאָראָזשנע!.. אַ רועך אין דײַן טאַטנס טאַטנס טאַטן אַרײַן!..

מײַן פּעטערל פֿלעגט זיך נעבעך אַלעמאָל אויסדרייען מיטן פּאָנעם אַף צוריק, אופֿהייבן דעם לאַמטערן אינדערלופֿטן און צעהירזשען זיך מיטן ציגענעם געלעכטערל זײַנעם:

— כע, כי, כע... אָסטאָראָזשנע... אוואַדע אָסטאָראָזשנע... וואָדען, ניט אָסטאָראָזשנע?..

אין שטעטל פֿלעגט מען זאָגן, אַז כאַים סעסטאַשער שטודירט אײַן מיט מײַן פּעטער מוישען איידעלע ווערטער. „אָסטאָראָזשנע” האָט זיך געריכנט אין ראַשקעוו פֿאַר אַן איידל וואָרט.

סעסטאַש איז געלעגן אַ פּופּצן קילאָמעטער פֿון ראַשקעוו. געהאַט האָב איך דאָרטן גאַנצע פֿיר טאַלמידים: דרײַ ייִנגלעך און איין מיידל. דרײַ פֿון די דאָזיקע טאַלמידים מײַנע זײַנען געווען כאַים סעסטאַשערס איי־ניקלעך.

די ייִנגלעך — איינער האָט געהייסן אווראָם, דער צווייטער פּייסי, און דער דריטער אוורעמל — זײַנען אַלע געווען העכער פֿון מיר, האָבן נאָך דערצו געטראָגן דרײַ הויכע, ווײַסע קוטשמעס אַף די קעפּ, און אַז כ׳פֿלעג מיט זיי זיצן און לערנען, פֿלעג איך צו זיי דאַרפֿן אַרופֿקוקן. כאָטש מ׳האָט מיר געמאַכט דעם כעזשבן, אַז זיי זײַנען מיט גאַנצע צוויי־דרײַ יאָר ייִנגער פֿון מיר — איך האָב דעמלט אין אַ פּאָר כאַדאָשים אַרום, פּורים־צײַט, געדאַרפֿט ווערן פֿערצן יאָר, — האָב איך מיך מעשאַער געוועזן, אַז דאָס נאַרט מען מיך אַזוי פֿאַר בושע אָפּ: זיי קערן זײַן מיט אַ צוויי־דרײַ יאָר עלטער פֿון מיר.

דאָס מיידל — נעכע — האָט אַ ביסל צוגעהיקעט, האָט טאָמיד פֿאַרמאָגט בלויע באַקן, בלויע הענט, בלויע פֿיס. ווען כ׳האָב זי, געדענק איך, דעם ערשטן טאָג אַ פֿרעג געטאָן מײַסע לערער, שטאָטיש־איידל, אַזש אירצנ־

דיק: „ווי רופט מען אײַך?" — האָט זי נעבעך באַקומען אַ מעסוקן פאַר־פלאַמט פּאָנעם, האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און מיר געענטפערט מיט אַ בייז־באַסאָווע קאָל:

— נעכע די בלאָווע... אַ ק... קרענק אַף זיי!..

בערל סעסטאַשער, נעכעס און אוראָמס „טאָטע", איז געווען אַ ייִד אַן ערדאַרבעטאָרער, האָט געטראָגן שטיוול מיט גרויסע פּאָדקאָוועס, איז טאָמיד אומגעגאַנגען אַן אָנגעבלאָזענער אַף דער וועלט, אַ פאַרקלעמטער אין זיך, אַ שוויַיגער.

איינמאָל נאָר, באַם סאַמע אָנהייב, האָט ער מיך אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז פיס, אַרופגעלייגט מיר אַפן אַקסל אַ גאַנץ נישקאָשעדיקע האַנט און אַ זאָג געטאָן:

— אַז דו וועסט זיי מיר מאַכן פאַר מענטשן, הערסט דו, וועל איך דיך ליב האָבן... רײַס שטיקער!.. האַרגע... אָן ראַכמאָנעס!..

כ'האָב אַ קוק געטאָן אַרוף צו אוראָמען, וואָס איז געשטאַנען אויס־געצויגן באַ דער זײַט, ווי אַ סאָלדאַט, מיט אַ לאַנגער בלייך געוואָרענער נאָז, און אַ טראַכט געטאָן, אַז ס'איז בעפיירעש אַ גאָטס ראַכמאָנעס אי אַפן טאַלמיד, אי אַפן לערער. מער האָט בערל וואָכנווײַז ניט אויסגערעדט מיט מיר קיין וואָרט, צום מאַכן די כעוורע זײַנע פאַר מענטשן ניט געמישט זיך.

כ'פלעג אים זען אין שטוב איין מאָל אין טאָג באַם אָנבײַסן. (דעם זמאַן האָבן די באַלעבאַטים מײַנע צעטיילט אַף פיר כאַלאָקים. באַ יעדן טאַלמיד האָב איך געדאַרפט אָפּעסן איין כיילעק. אַף בערלס דאָליע — צוויי טאַלמידים — איז אויסגעפאַלן אַ האַלבער ווינטער). דער גאַנצער אוילעם פלעג זיך אויסזעצן אַרום אַ קײַלעכיק נידעריק טישל באַ דער ערד, אַרײַנגערוקט איינער אין אַנדערן, איבערגעבויגן, ווי באַם פליקן פעדערן. אוראָמס און נעכעס „מאָמע", מאַטושע פייגע, אַ שוואַרצע איבערגעגרינטע ייִדענע, האָט אַרויסגעוואָרפן אַפן טישל אַ הייסע, האַרטע מאַמעליגע, קימאַט ווי דאָס גאַנצע טישל די גרייס, אַוועקגעשטעלט אַ שיסל זויער קרויט, אַ טעלער צעדרויבלט־געזאַלצענע ברינזע. בערל פלעג ניט געכאַפּט צערייפּטלען די מאַמעליגע מיט אַ באַוול. מיר אַלע האָבן פון די רײַפּטלעך אויסגעקײַלעכיקט אין די דלאָניעס קנוילן, און אַז בערל האָט אַ ברום געטאָן „נו", האָט מען די קנוילן מאַמעליגע געמעגט אָנ־הייבן טונקען אין ברינזע. דער דאָזיקער „נו" איז געווען דאָס איינציקע וואָרט בערלס, וואָס כ'האָב וואָכנלאַנג געהערט פון אים. ווען כ'האָב איינמאָל געוואָלט אָנצינען באַם טיש אַ שמועס, און אַ זאָג געטאָן, אַז רעב כאַיִם האָט זיך אַנומלטן אין ראַשקעוו נאָכגעפרעגט אַף די איי־ניקלעך, איז בערל מיטאַמאָל רויט געוואָרן, האָט באַקומען אַ פאַרשוויצטן שטערן און אַ וואָרטשע געטאָן מיטן ביסן אין מויל:

— כ'האָב אים טיף טײַער האָב איך אים... דעם אַלטן אָקס!..

פייגע האָט דעם שמועס פאַרענדיקט אַף אַ הויך טענדל:

— אַ קליינִיקײַט, ווױנט אין ראַשפּיץ... איידל געפּאַצקעט... וואָס מיינט ער וואָס? ער וועט ווערן ראָוו?.. טפו, באַלעז!..

בא דער שטוב איז געווען א גרויסער ליידיקער הויף מיט איין סטערטע שטרוי אף צו הייצן און איין קופּע „צעקלעזשעס" פאַר דער רויטער טעלעצע אין שטאַלכל, וואָס פלעגט טאָמיד מאָנען עפּעס איבערצוקאַפּן מיט אזא טרויעריקן מו־ו־ו, אז ס'פלעגט אזש רײַסן באם הארצן.

דער אוילעם איז געגאַנגען קרוע־בלוע. הויזן — לאַטע אף לאַטע. איבערגעטערפּיִעטע, פאַרשמאַלצעוועטע ראָקן. פּײַפּנדיקע שקראַבעס מיט ארומגעבונדענע פּאָדעשוועס. נאָר די הוּיכע, ווײַסע קוטשמעס אף די קעפּ זײַנען זיך געזעסן ווייליונגעריש אף א זײַט, א ביסל פאַרוקט אף אָן אויער, מיט א גנייוּוישן קנייטש אין סאַמע שפּיץ, און האָבן געשמעקט מיט אָפּגערעגנטע שאָף, מיט פריש־אָפּגעשוּנדענער פעל.

דאָס גאַנצע מאַכן מײַנס די טאַלמידים פאַר מענטשן איז באַשטאַנען אין א ביסל איוורע און אין א ייִדיש שורע־גריסל. גאָר קיין סאַך טוירע האָט נאָך דער לערער, ניט אויסגערעדט זאָל דאָס זײַן, אליין ניט גע־קענט. די כעוורע פלעגן מיך רופן „רעבע". זיי פלעגן דעם דאָזיקן טיטל ארויסריידן מיט א גרעבער קאָל, אפּאָנעם צוליב מערער כשיוועס. נעכע פלעגט לייענען מיט צעשפּרייטע הענט, איבערגעראַשט, וויגנדיק זיך אהין און אהער, ווי זי וואָלט אריבערגעשפּאַנט א ריטשקע אף א שמאָל ברעטל, וואָס האלט זיך אין איין שאָקלען. אווראָם דאַפקע האָט געהאַט א כוש פאַר גרײַזן. מאַכנדיק אין דער איוורע א גרײַז, פלעגט ער זיך אליין אָפּשטעלן, א געשריי טאָן: „טיו, מאַמעו!", אומקערן זיך צוריק, און שוין דעם דאָזיקן שטיין אין וועג ניט דורכגיין הײַנט כאָטש האק אים און בראָק אים.

דער דריטער טאַלמיד מײַנער, פּייסי, כאָיִם סעסטאַשערס דריט איי־ניקל, איז געווען א קרענקלעך באָכערל, א דאַרס און א שעמעוודיקס, גערעדט עפּעס באזונדער אויסטערליש: אָנגעהויבן די רייד מיט א דין מיידלש סאָפּראַנדל, פלוצעם איבערגעגאַנגען אף א נידעריק בעסל, און פאַרענדיקט ווידעראַמאָל אויבן, פּישטשענדיק, ווי א הינדל. די מאַמע זײַנע, א „פאַרשאָלטענע" אַלמאָנע, האָט געפּאַרבט אין דאָרף וואָל. זי פלעגט שטענדיק אומגיין מיט רויטע, גרינע און געלע הענט, טאָמיד זוכן דאָס בײַטעלע, פאַרהייבנדיק עפּשער זעקס קליידלעך, איז געגאַנגען פאַרקוטעט אין עטלעכע שאַלן און טאָמיד געקרעכצט און געהויקעט אף איר פּינצטער מאַזל. זי פלעגט מיך בעטן, איך זאָל אין איר פּייסין ניט שטופּן קיין סאַך טוירע. ער איז אזוי אויך אָ געשטראָפּטער. פון צופיל עסן אפילע פלאָדן קען מען אויך צעזעצט ווערן. ביפראַט, אז פּייסי, דער איינציקער קאַדעש אירער, האָט א שוואַך קעפּל. קיין לאַמדן וועט ער סײַוויסײַ ניט ווערן. זי דאַרף ניט האָבן קיין פאַרדריפּעטע לאַמדאָנים, דאַרף זי ניט.

אין סעסטאַש האָט געלעבט נאָך איין ייִדישע מישפּאָכע. א מישפּאָכע מיט עטלעכע אויסגעדינטע, נאָך ניט כאַסענע געהאַטע זין, האָרעפּאַשני־קעס; מיט א ווײַסן אַלטיטשקן, וואָס האָט נאָכגעשלעפּט א פוס; מיט א לאַנגן „סוסעיאַק" פּאַפּעשויעס אין הויף; מיט א פערד־און־וועגעלע; מיט א שנור אַן איישעס־כאַיִל, באָבציע, וואָס האָט געאַקערט און געזייט,

גערעדט זיך און געקאָהאָלט זיך איניינעם מיט אלע מאנצבלען; און אַף איר נאָמען טאקע איז געגאנגען אין דאָרף די גאנצע מישפּאָכע: „לא באָבציא״. באָבציעס מעזיניק אוורעמל איז געווען דער פערטער, שטאלטנער טאלמיד מײַנער.

אוורעמל האָט טאָמיד געלאכט. ווײַז אים א פינגער צי ווײַז אים אפילע ניט קיין פינגער — אוורעמל לאכט. נעכע ציט די שורע און שווימט מיט צעשפּרייטע הענט — אוורעמל לאכט. פּייסי צעפּישטשעט זיך — אוור־רעמל לאכט. איך טו א געשריי „שאו!״ — אוורעמל לאכט. אינמיטנדערי־נען, אָן א פּארוואָס — אוורעמל לאכט. בייסן לאכן פלעגט אים אלעמאָל ארויסזעצן אונטער דער נאָז א וואזשנע גרויסע בולבע, וואָס פלעגט וואָס אמאָל ווערן גרעסער און גרעסער און סאָפּקאָלסאָף פּלאצן ווי א זייפנבלאָז. דאָס גאנצע מין לערנען איז באם דאָזיקן אוורעמלען געווען איין געלעכטער, און אָן עק.

אזוי האָט עס אויסגעזען, דאָס רומל מײַנס. כ׳פלעג באנאכט ליגן אפן געלעגער מײַנעם צווישן אויוון מיט אָפענע אויגן. כ׳פלעג ליגן און טראכטן. כ׳בין אוועק פון דער היים, קעדיי אין שטוב זאָל ווערן ווײ־ניקער מיט אָן עסער און די פּאָר הונדערטער זאָלן זײַן א צושטײַער צום טאטנס כויוועס. ווהין זשע בין איך אוועק? כ׳פלעג ליגן און טראכטן וועגן די פּאָר גימנאזיסטלעך אין שטעטל מיט די גלאנצנדיקע דאשעקעס, וואָס דארפן הײַנט־מאָרגן אָנפאָרן אהיים אף די ווינטער־קאניקולן. איך פלעג טראכטן וועגן מײַנע פיר „גימנאזיסטן״ און וועגן זיך, צווישן זיי, דעם פינפטן, מיט מײַן זייגערמאכערײַ האָט זיך גיך פארענדיקט. דאָס זייגערמאכערײַ האָט מיך ניט ליב געהאט. צו וואָס פאר אן אקיידע נעם איך אליין און פיר זיך? כ׳האָב שוין געהאט אין קאָפּ פּערעצן, גאָרקין. וויאזוי פארטײַטשט מען אווראָמען, נעכען, פּיי־סיען און אוורעמלען „באָנציע שווײַג״, „סטראסטי־מאָרדאסטי״?

בערל מיט די בניי־באיס זײַנען געשלאָפן אויבן אפן אויוון. די פּראָסטיק־לויטערע לעוואָנע האָט דורכן קליינעם שײַבל אפן אויוון בא־לויכטן זייערע צעליאפּעטע פויערישע פּיס, וואָס זײַנען מיר אראָפּגעהאנ־גען איבערן קאָפּ. די בניי־באיס האָבן געכראָפּעט, און בערל, דער שטענדיקער שווײַגער, איז געלעגן און געזיפצט. דאָס זיפצעניש זײַנס האָט מיר אויסגעזען עפּעס ווי א מין פארבאָרגן לאמעדוואָוויש זיפצעניש. ס׳האָט זיך מיר שיר ניט געוואָלט א רעד טאָן פלוצעם באנאכט אף א קאָל: „רעב בערל, איר שלאָפט ניט?״ — „וואָסידען?..״ — „גאָרניט. גלאט אזוי. איך שלאָף אויך ניט. פאסקודנע, האז?..״ — „פע. כולשע כאלאָשעס!..״ ס׳האָט זיך מיר אויסגעדאכט, אז די געדאנקען אונדזערע שוועבן ערגעץ אויבן אונטער דער סטעליע, בוצקען זיך צונויף, מישן זיך אויס...

דער ווינטער־טאָג אין דאָרף איז געווען קורץ, ווי א ביילעוון ליכטל. איינס־צוויי, און די שקיִע הייבט אָן שפּריצן אין די פענצטער, טוט צום לעצטן מאָל א פלאם אוף און לעשט זיך אויס מיט א געקרײַזלט־טשאַ־דענדיק רויכל. איינמאָל, ארויסגייענדיק א ביסל פארנאכט־צו אין דאָרף

ארויס, האָט מיך אווראָם אָפּגעווארט אין הויף הינטער דער סטערטע שטרוי, געטאָן א וואקס אויס קעגן מיר פּלוצעם, ווי א פעלד־גאזלען:

— שטייט, רעבע!..

ס'האָט מיר בעפּיירעש א טיאָכקע געטאָן אין הארצן. נאָר דאָס רופן מיך, ווי טאָמיד, „רעבע" און דאָס אירצן: „שטייט", האָט געזאָגט, אז ס'איז ניט מעסוקן. כ'האָב זיך אזש צו זיך אליין צעשמייכלט:

— וואָס'טע עפּעס זאָגן גוטס, אווראָם?..

— ניט קיין גוטס!..

— הײַנע?..

— מירן אײַך דארפן ארײַנווארפן א באגראָב!

— א דאנק דיר פאר דער שיינער בסורע... ווער איז עס דער מיר?..

— אלע פיר.

— אזוי? ווײל... און ווען? טאקע שוין אפן אָרט?..

— נע... אז איר'ט דערציילן דעם טאטן... איין פּיפּס...

— וואָס זשע פאר א פּיפּס, אשטייגער, אווראָם?..

— אז מיר ווילן ניט לערנען...

— איר ווילט דאָך, דאכט זיך, זע איך, יאָ.

— פון הײַנט אָן ווילן מיר נישט.

— מיילע. נישט איז נישט. וואָס זשע דען ווילט איר?

— גאָרניט ווילן מיר!

— ע, גאָרניט טאָר מען ניט.

— מע מעג... מירן גלאט אזוי זיצן... ס'עט קיינער ניט וויסן... איר'ט אונדז דערציילן מײַסעס...

— מײַסעס?.. אויך ניט קיין שלעכטע זאך... נו, גיי, — האָב איך א זאָג געטאָן, — מירן א קוק טאָן נאָך שאבעס... כ'על ברענגען פון דער שטאָט א פּאָר ביכלעך...

— ביכלעך האָב איך אין דר'ערד... אזוי־אָ. אויסנווייניק!

— האקלאל, גיי. מירן שוין זען.

— אײַנגעפּאטשט, רעבע?..

— אײַנגעפּאטשט, — האָב איך געענטפערט מיט אזא קאָל, עפּעס גאָר ניט ווי קיין רעבע.

אלע פרײַטיק באטאָג פלעג איך אהיימשפּאנען צופוס קיין ראשקעוו, און זונטיק אינדערפרי שפּאנען צוריק קיין סעסטאש. ס'איז געווען א ווינטער מיט א סאך שניי. כ'פלעג זיך איינער אליין טראָגן אף א ווײַס־פארבלאָזענעם סטעפּ, און אָן א פארוואָס פלעגן זיך מיר באָמבלען אין קאָפּ לאָוונס לעמלעך, יאנקעווס לייטער, יאָסעפס, דעם באל־האכאלוימעס, זײַדן־פארבלוטיקט העמדל. א וואָראָנע אפן פעלד פלעגט זיך טאָן א הייב אוף מיט א קראקערײַ. א קרענעצע־סלופּ פלעגט א טרעשטשע טאָן אפן פראָסט. וואָס פאר א שײַכעס האָט ביכלאל געהאט דער כומעש מיטן דאָזיקן היימיש־פארשנייטן וועג אהיים? נאָר מיר האָט זיך געבאָמבלט אין קאָפּ, אז איך לויף אף די פעלדער, ווי א קליין יויסעפל. קיינער וועט מיך ניט פארצוקן. מ'עט נאָר ארויסרײַסן פון מיר דאָס העמדל און מע

וועט מיך נאָר אַרײַנוואַרפן אין אַ גרוב אַרײַן. דערנאָך וועט ווערן גוט, וואָס גוט הייסט. כ׳וועל פּויסער זײַן כאַלוימעס! פּויסער זײַן כאַלוימעס יאָ, נאָר, כאָלילע, ניט קיין שייני־לעמיילעך, — פלעג איך טראַכטן.

צוריקצווועגס, זונטיק, פלעג איך גיין פּאַוואָליע, ניט געײַלט: אַווראָם האָט מיר פאַרגעבן אַ גוטע אַרבעט — מײַסעס. אַווראָם האָט, פאַרשטייט זיך, גאָרניט געפּויעלט: ער האָט ווײַטער געמוזט האָרעווען באַם שווערן „שראַבן” און באַם שווערן „ליינען”. די מײַסעס מײַנע זײַנען נאָר געווען אַ מין סכאַר, אַ מין אַרײַנאַרעניש. כ׳פלעג זיי אַזוי, גייענדיק אַפן פאַרשנייטן וועג, אויסטראַכטן, און די פיר טאַלמידים מײַנע פלעגן זיי דערנאָך פאַרכאַפּטע הערן. אַ דאַנק, אַווראָם, פאַר די ערשטע עטיודן מײַנע! כ׳האָב זיי געשאַפן צווישן ראַשקעוו און סעסטאַש, צווישן סעסטאַש און ראַשקעוו. כ׳האָב זיי קיינמאָל ניט אויפגעשריבן.

אַ שאָד.

## שאַבעס

באַלעבאַטישע ייִדן, מיט צעווייקטע פּענעמער און מיט אויפגעשטעלטע פוטערנע קעלנער, פלעגן שוין לויפן פון דער באָד. דאָס ביסל פרײַטיקדיקע זון איז שוין אַוועק פון די פאַרשנייטע דעכלעך, און איבער קרומע שוואַרצע פענצטער האָבן אַראָפּגעהאַנגען קרישטאָלענע אײַז־„סטרעמפּלעך”. דער מאַרק — די גאַס מיט די פּאָר קלייטן — האָט זיך אָנגעהויבן אײַנהילן אין פרומקײַט. מײַן טאַטע איז נאָך אַלץ געזעסן באַם אויוון, אַ פאַרקוילטער און פאַרפּאָרעכטער, און „געפּראַזשעט” קערלעך.

אין ראַשקעוו פלעגט מען אונדזער מישפּאָכע רופן „די בניי־סאָפרים”. אַן אור־אורזיידע האָט מינאַסטאַם אַמאָל געזינדיקט מיט דער פּען: געשריבן צי איבערגעשריבן ספאָרים. ביז דער דאָזיקער פּאָדעם זאָל זיך אין יאָרן אַרום ווידער אָנקניפּן אין אַן אור־אורייניקל, זײַנען דורך דער מישפּאָכע דורכגעגאַנגען, שטאַרק געפאַלענע בא זיך, זיידעס און באָבעס, פעטערס און מומעס: ייִדן און ייִדענעס מיט שוואַרצע אויגן און פאַרגעלטע פּענעמער; קאַפּצאָנים און קאַפּצנטעס, וואָס האָבן איבערגעטאָן אַלצדינג אין דער וועלט און דעם שלימאַזל אַלץ ניט געקענט פאַרטרײַבן פון זיך; כאַכאָמים, וואָס האָבן אָפּגעלעבט אַ לעבן מיט אַ נאַריש ביסל קאָליש; גריבלער, וואָס וואָלטן פאַר אַ טיפן געדאַנק אַוועקגעגעבן די בעסטע אָנבײַסנס מיט די בעסטע וועטשערעס (ווען זיי וואָלטן זיי נאָר געהאַט); מענטשן ערלעכע און אָרנטלעכע „אַזש ביז ברעכן”, ווי ס׳וואָלטן אַ זאָג געטאָן אויסטויגערס.

כ׳פלעג שטיין בלײַבן אַף דער שוועל פון אונדזער קיכל און טרעפן דעם טאַטן זיצן אײַנגעבויגן לעבן אויוון, דעם קאָפּ אַרײַנגערוקט אין פּריפּעטשיק, ביידע הענט אַף דער קאָטשערע, זיצן און מיט אַ צעבראָכן האַרץ עפּעס צוזינגען זיך בא דער אַרבעט. דער פלאַם אין אויוון האָט זיך געקײַלעכיקט איבער אַ פולן בעקן זונרויזן־קערלעך. מיט דער קאָטשערע האָט דער טאַטע געשאַרט די קערלעך פון אַן אָנגעגליטן ווינקל אין בעקן

צו א קעלטערן ווינקל, פון א קעלטערן ווינקל צוריק צו אַן אָנגעגליטן ווינקל, געשארט, געמישט — געהיט זיי פון פארסארפעטקייט. קעדיי דער ייִדישער אוילעם אין שטעטל, שאבעס, און דער מאַלדאווישער אוילעם ארום שטעטל, זונטיק, זאָלן פילן אין איציק יעכיעל־אוראַמס קערלעך אלע טאַמען, האָט ער אין דער דאַזיקער גאָר ניט סאַפּרישער ארבעט אריַינגעלייגט די גאנצע קאוואָנע און די גאנצע נעשאָמע זײַנע. איז ווי קאָנען די דאָזיקע צוויי זאכן גיין אָן ניגן? אי די ווערטער, אי דאָס אויס־קרעכצן און דאָס אויסברומקען זיי פלעגן מערער ארופליִען אין קוימען ארויף. נאָר איך פלעג זיי כאפּן בא די פארסאזשעט געוואָרענע פליגל, פלעג זיי אריַינעמען אין בוזעם אריַין, ווי טויבן, ווארעמען זיי, אָנהוכקען אין די פּיסקלעך, און הערן, ווי די הערצעלעך זייערע קלאפּן, וואָרקען.

אמאָל בײַסיק, ביטערלעך־כויזעקנדיק:

און דאָרטן אויבן, דאָרט אין הימל,
שטייט א בעכער אין גאָטס געצעלט...

אמאָל פארקלאָגנדיק־מאָנענדיק:

אָ, פרעמד איז מיר מײַן אייגן קינד,
אָ, פרעמד מײַן אייגן גליק...

— דו ביסט עס, יעכיליק?
— איך, טאטע.
— וואָס אזוי פרי?
— כ׳בין געגאנגען גיך. כ׳בין געלאָפן, ניט געגאנגען.
— בענקסט, האָ?.. בענקסט, זון, נאָך עפּעס אנדערש?..

ווי קומען צום טאטן אזעלכע רייד און אזעלכע ניגונים? ייִנגלווײַז, ווייס איך גוט, האָט ער געארבעט אַן אָנדערהאלבן יאָר אין אָדעס אין עפּעס א מין פאבריקל פון פּאָדקאָוועס. כ׳פלעג די דאָזיקע מײַסע הערן פון קלײנערהייט אָן, קימאט אלע פרײַטיקצונאכטס, ווי קידעש. קיין סאך מאזל האָבן דעם טאטן די פּאָדקאָוועס ניט געבראכט. נאָר ניסים אָנצו־דערציילן זיך מיט זיי א גאנץ לעבן — יאָ. כ׳פלעג אויסהערן די דאָזיקע ניסים און אײַנזאפּן אין זיך א מעסוקענעם אָפּשײַ און א מעסוקענע בענק־שאפט אי צום וואָרט „ארבעטאָרער”, אי צום וואָרט „אָדעס”. כ׳פלעג בלײַבן זיצן אומעטיק, פארוואָס ס׳האָט זיך אזוי געפירט, וואָס געבליבן איז דער טאטע נאָך אלעמען צוריק א ראשקעווער, און ראשקעוו, פונ־וואנען מ׳האָט פריִער געקענט צופאָרן קיין אָדעס אפילע מיטן „פּאראַ־כאָד” אפן דניעסטער, האָט זיך געטאָן א רוק אָפּ פון אָדעס אף טויזנטער מײַל, אין אַן אנדער וועלט. און דער פריילעכער „נעסטער” האָט באקו־מען א פריקרע בייזן נאָמען: גרענעץ.

— לאָז, טאטע, וועל איך דיר האלטן דעם זאק!
— גיי, גיי. מע דארף ניט. כ׳על אליין. גיי צו די כעוורע דײַנע...

קאָן זײַן, אז אלץ איז גאָר געקומען צום טאטן פון רעזניצקין. אין ראשקעוו האָט מען רעזניצקין גערופן „דער נודניק”. ער איז געווען א

מין פּאַרוואַלטער פון א רומענישער שקאָלע־פּרימאַרע אין שטעטל — און איבערגעמאַכטע פון א טאַלמוד־טוירע, — וואָס איז געשטאַנען ערגעץ אונטן, צווישן בעסמעדרעש און דער באָד, אין זעלבן „ביניען", ווו ס'איז אַמאָל געווען דער ראַשקעווער העקדעש. ראַשקעווער באַלעבאַטים האָבן רעזניצקין גערופן „נודניק", אַפּאָנעם, איבער דרײַ זאַכן: ערשטנס, ווײַל ער איז געווען א ליטוואַק, גערעדט א ליטווישן יִדיש, און ביכלאַל ליב געהאַט צו ריידן; צווייטנס, ווײַל ער האָט זיך געקענט געבן א שטעל אָפּ אף א שאָ צײַט מיט א יִדענע אין גאַס און מיט איר אויסטאָלקעווען הויכע מאַטעריעס: דערציִונג, היגיִענע און דעריקער — פונוואַנען עס נעמט זיך אָרעמקײַט און רײַכקײַט אף דער וועלט; דריטנס, ווײַל ער האָט יעדן איינעם געיִרצט, געזאָגט „איר" אפילע כיידער־יִנגלעך, קינדער.

מיטן טאַטן האָט רעזניצקי, ווי מיט אזאַ־אָ יִדענע, געקאָנט שאָענווײַז אָפּשטיין און ריידן. דער טאַטע האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, אפן פּאָנעם זײַנעם האָט גערוט אזא צעשײַנטע שכינע, גלײַך ווי ער וואָלט כאָטש געשטאַנען און גערעדט מיטן ריבוינעשעלוילעם. ער פלעגט זאָגן וועגן רעזניצקין: „פּס... א מענטשעלע, האַ?.." אַמאָל אַפּדערנאַכט פלעגט זיך רעזניצקי ארײַנכאַפּן צו אונדז אַהיים. מיר זײַנען נאָך געווען פּיצלעך. זעקס, קיין אײַנהאָרע. דער טאַטע איז געשטאַנען באַם טיש מיט א מעסער אין דער האַנט און אָנגעשניטן אף מאָרגן גאַנצפּרי די מאָנדלעך, וואָס ער האָט פּונקט מיט אזא קאַוואָנע, ווי פּרײַטיק די קערלעך, אַלע אָוונט צוגעגרייט. מיר האָבן זיך אים געפּלאָנטערט אַרום די פיס, ווי קעצלעך, בייסמע מאַכט און אָף: דער אָפּפאַל באַם דאָזיקן שנײַדן, די „אָפּשניצלעך", זײַנען געווען אונדזערע. די מאַמע פלעגט אונדז דערנאָך אָנהייבן באַלייגן שלאָפן, אַראָפּנעמען דאָס קאָלפּעקל פונעם לעמפּל: נישקאָשע, זיי קאָנען דאָרט ריידן אין דער פינצטער אויך. זי פלעגט אָנהייבן שרײַען צו אונדז, קעדיי אַנדערע זאָלן הערן. זי פלעגט אונדז צעשפּיליען די לײַבלעך, אַראָפּרײַסן די זעקלעך פון די פיס מיט אזא קאַס, ווי מיר וואָלטן טאַקע אין אַן עמעסן געווען די שולדיקע:

— נו, וויפל איז דער שיר צו באַלאַקען?.. ס'ווערט זיי גאָרניט נימעס ווערט זיי גאָרניט... באָר עפּעס ווי אַן אָנשיקעניש, ניט דאָ געדאַכט... צוויי כאַכאָמים באַקלערן די וועלט!..

דאָס איז געווען פריִער, ווען מיר זײַנען געווען פּיצלעך. איצט בין איך שוין א גרויסער: באַלד פערצן יאָר. איצט ווייס איך שוין אַליין דעם וועג צו רעזניצקין.

אז דער טאַטע זאָגט: „גיי צו די כעוורע", מיינט ער טאַקע אָ־דעם־אָ וועג. מיט די כעוורע מײַנע, ווייסט ער, גייען מיר, כאָלילע, ניט אין קיין שענק און ניט דער רועך ווייסט ווו ערגעץ אַנדערש...

געכאַוועט האָב איך מיך דעמלט אין ראַשקעוו מיט דרײַ יִנגלעך, א ביסל עלטערע פון מיר: וויגדער, ניסל און ניוקע. וויגדער איז געווען א שנײַדער־יִנגל, האָט שוין אַליין געקענט מאַכן א פּאָר הויזן און האָט פון זיך אַליין אויסגעלערנט זיך לייענען ביכלעך. אַדאַנק די דאָזיקע ביכלעך פלעגן מיר אים צווישן זיך רופן באַם נאָמען און פאַמיליע־נאָמען: וויגדער

קאַץ. באַ מײַן באָבע יענטען — די באָבע מײַנע פֿון דער מאַמעס צאַד — האָט ער געהייסן יאָסקע־לייבס מעשׂומעד. אַז זי פֿלעגט מיך אַמאָל זען דורכגיין מיט וויגדערן די גאַס, פֿלעג זי זיך אויסקנײַפּן דאָס גאַנצע פּאָ־נעם און קוויטשען, אַז זי וועט זיך נאָר אַ מײַסע אָנטאָן. ס׳איז איר ניט אָנגעשטאַנען דער יִיכעס. כּוץ דעם, וואָס יאָסקע־לייב איז געווען „אַ שנײַדערוק אַ פּאַלגע״, האָט ער נאָך געוווינט אין ראַשקעווער אָרעמסטן הינטערגעסל, וואָס מ׳האָט גערופֿן מיט זייער ניט קיין שיינעם נאָמען: „דאָס קרעפּל־געסל״. פֿאַרוואָס דעם דאָזיקן געסל איז נעבעך געקומען אַזאַ כאַרפּעדיקער נאָמען, הייב איך ניט אָן פֿאַרשטיין. ס׳האָט דאָרטן געוווינט אַ יִידענע אַ קורעלאַפּניטשקע, אַ ייִד אַ וואַסערפֿירער, אַ פּאָר יִידענעס, וואָס פֿלעגן פּרײַטיק אומגיין אין די הײַזער, אַ מאָלדאַוואַן אַ קאָוועל און וויגדערס טאַטע — יאָסקע־לייב. וואָלט כאָטש מײַן באָבע יענטע געווען אַ נעגידעסטע, כאָטש אַ טאָכטער אַ נעגידעסטעס, כאָטש אַ מעכוטענעסטע אַ נעגידעסטעס! וואָלט זי כאָטש געהאַט אַמאָל אָף שאַ־בעס! זי פֿלעגט טאָמיד אומגיין מיט אָן אַרומגעבונדענעם שטערן, מיט צוויי ריפּטלעך קאַרטאָפֿל באַ די שלייפֿן — אַ טרופֿע צו אירע קאָפּווייַ־טעקן. כאָטש זי איז געווען אַ קליינינקע יִידענע, איז די סטעליע אין איר יערושע־שטיבל קימאַט־קימאַט געלעגן איר אָפֿן קאָפּ. לעקאָוועד דער מו־מע איטען, דעם פֿאַרעלטערטן מיידל אין שטוב, איז ערגעץ אויבן באַ דער סטעליע געהאַנגען אַ פֿאַרזשאַווערטער שפּיגל, געהאַנגען אַזוי לוציק, אַז איך האָב מיך דאָרט טאָמיד געזען מיט די פֿיס אַרוף. דער באָבעס קיך־פֿענצטער איז אַרויסגעקומען אין בערל ריווועלעס שטאַל אַרויס. און די „פּאַנאָראַמע״ אין דעם דאָזיקן פֿענצטער איז באַשטאַנען בלויז פֿון אַ לאַנגער קאָרעטע און אַ פֿערדישן הינטן, וואָס פֿלעגט שטיין און באַליגן גלײַך אָף דער באָבעס טאַפּליעס אַרוף. דער זיידע זוסיע האָט ליב געהאַט אַרײַנעמען מיך צווישן די קני און מיר דערציילן לאַנגע מײַסעס — וועגן כאָכמע און מאַזל; וועגן פּאַרקישעפּטע הענגלײַכטערס; וועגן זייגערמאַ־כערס, וועלכע האָבן פֿון פּימסנהאָלץ אויסגעשניצט זייגערס אַנטיקן, וואָס זײַנען געגאַנגען אייביקײַטן; וועגן אַ קייסערס אַ טעכטערל, וואָס האָט באַקומען אַ מעסוקענעם בלאָטער אין האַלדז, שוין געהאַלטן באַם דער־שטיקט ווערן, ווען ניט אַ ייִד אַ פּראָסטער האָלצהעקער. יעדע מײַסע דעם זיידנס האָט געהאַט אין זיך אַ צווייטע מײַסע. און די צווייטע מײַסע האָט געהאַט אין זיך אַ דריטע מײַסע, וואָס האָט געהאַט אין זיך אַ פֿערטע מײַסע. דעם סאָף פֿון די אַלע מײַסעס בין איך באַם זיידן זוסיען ניט דערגאַנגען, מאַכמעס פּלוצעם אין אַ באַנאַכט האָט ער זיך געגעבן אַ מעסוקענעם פֿאַרהוסט, אָנגעהויבן כאַרכלען, און גאַנצפֿרי האָט מען אונדז, אַלע אייניקלעך, אויסגעשטעלט לעבן אַ שוואַרצער דעק, וואָס איז געלעגן אָף דער ערד אַרומגעשטעלט צוקאָפּנס מיט ליכט, און אונדז געהייסן דעם זיידן באַוויינען. איצטער, אין אַ פּאָר יאָר אַרום נאָכן זיידנס טויט, פֿלעגן די באָבע יענטע און די מומע איטע, טאָג ווי נאַכט, זומער און ווינטער, זיצן ביידע אָף צוויי קליינע פֿוס־בענקעלעך, איבערגעבויגענע איבער אַ זיפּל, און טאָן זייער אַ יִיכעסדיק טועכץ: פֿליקן נעגידישע פֿעדערן. אין

שטיבל זײַנען טאָמיד אומגעפלויגן אינדערלופטן ווײַסע פעדערלעך־שנייע־לעך, ווי נאָך א פּאָגראָם. פעדערלעך האָבן זיך געפּלאָנטערט אין דער מומע איטעס מיידלשן קאָפּ האָר און זי געמאכט גראָוו און אלט. ביז די ציך האָט זיך אָנגעפּילט מיט ווייכן פעדערן־פּוך און די באָבע האָט ענד־לעך אָפּגעטראָגן דער „באלעבאָסטע״ א גרויס, גרינג, פארטיק קישן און זיך דערזען מיט א לעבעדיקן גראָשן, זײַנען אי דער באָבע יענטען, אי דער מומע איטען ארויסגעקראָכן די אויגן פונעם קאָפּ. פארוואָס דאָס דאָזיקע פליקן פעדערן איז דער באָבען יאָ אָנגעשטאנען און יאָסקע־לייבס שטעפּן אף דער שטעפּמאשין איז איר ניט אָנגעשטאנען, ווייסט נאָר איין גאָט. וויגדער האָט געטראָגן א העמדל מיט אן אויסגענייט קעלנערל, א געשפּיליעטס אין א זײַט — א קאָסעוואָראָטקע, — ווי א פּעטערבורגער סטודענטל. אז די באָבע יענטע פלעגט אף מיר אָנפאלן, פלעגט ער שטיין בלײַבן בא דער זײַט מיט צוויי וואזשנע־אָנגעכמורעטע ברעמען און מיך דערנאָך טרייסטן:

— וואָס ווילסטע וואָס פון זיי?.. דאָס פאָלק איז פינצטער... אזוי איז עס... זעסטעך...

דער צווייטער כאוועד מײַנער, ניסל, איז געווען א סטאָליער־ייִנגל. ער האָט געהאט א פּאָר לעבעדיקע מאמזעריש־קלוגע אויגן און האָט פון אלצדינג אין ראשקעוו ליב געהאט אָפּצושפּעטן. וועגן דעם באלעבאָס זײַנעם, דעם „מעבל־סטאָליער״ איציק מאָנעסעס, האָט ער געקענט געבן א דערצייל אזעלכע פריילעכע כויזעק־מײַסעס, אז מ׳האָט געקאָנט מיינען, אז דער אומגליקלעכער אף דער דאָזיקער וועלט איז ניט ער, ניסל, — דאָס פּופּצניאָריקע באָכערל מיטן פארשפּיציקטן נעזל, וואָס האָרעוועט אָפּ א גאנצע וואָך, פון פרי־פארטאָג ביז שפּעט באנאכט, באם דאָזיקן איציק מאָנעסעס, ווי א קנעכטל, פארן הוילן ביסל עסן, — נאָר דאפקע ער, דער באלעבאָס איציק מאָנעסעס, וואָס וועט סאָפּקאָלסאָף, נאָך אלע זײַ־בעצן גליקן, בלײַבן אף געלעכטער. די גרעסטע, „סעריאָזנע״ טײַנעס האָט ניסל טאָמיד געהאט צום אייבערשטן:

— עך, כעוורע, ווען ס׳איז נישטאָ קיין גאָט אף דער וועלט, וואָלט דער כעזשבן אויסגעזען גאָר אנדערש...

— און דו, הייסט עס, זאָגסט, אז ס׳איז יאָ דאָ א גאָט אף דער וועלט, האָ? — פלעגט וויגדער ווען כאפּן ניסלען אין עפּעס א געפערלעכן אָפּ־נייג.

— כ׳מיין, ווען ער איז נישטאָ אין די קעפּ מיין איך, גוילעם!
— מיינסט גוט, נאָר זאָגסט שלעכט.
— נו, זאָג דו. זײַ דו דער זאָגער.

— איך זאָג, הערט איר, אז וויפל ס׳וועלן זײַן באלעבאטים אף דער וועלט, פּיאווקעס, אזוי לאנג וועט זײַן א גאָט אף דער וועלט, — איז דאָס מאָל געווען דער זאָגער גראדע ניט וויגדער, נאָר ניוקע. — שאַ, וואָס איז ער דען וואָס? אויך א מין באלעבאָס. דער באלעבאָס פון אלע באלעבאטים. מעלעך מאלכיי האמלאָכים...

ניוקע האָט געקענט אַרײַנוואַרפן אין די רייד א פּאָר לאָשנקוידעשדיקע ווערטער, ווײַל ער איז קליינערהייט געגאַנגען אין א כיידער, געלערנט דערנאָך, איניינעם מיט מיר, א זומער און א ווינטער אין טאַלמוד־טוירע. מיטן וואָרט „באַלעבאַטים״ האָט ער אויך געמיינט דעם אייגענעם טאַטן זײַנעם, דאָדיע באָרעך־מאָרדכעס, וואָס האָט אים שוין בא נײַן יאָר גענומען צו דער נאָדל. דאָדיע באָרעך־מאָרדכעס איז געווען א פּראָסטער דאָרפישער שנײַדער. ס׳פלעגן בא אים טאָמיד נעכטיקן אַף דער ערד מאָלדאַוואַנער פון די דערפער. זיי פלעגן פאַרנאַכט זיצן בא א שפּיץ טיש שעמעוודיקע, מיט די קוטשמעס אַף די קני, עסן קאַלטע מאַמעליגע מיט טיולקעס און פאַרטרינקען מיט א וואַרעם טעפל אָקרעפּ. אין שטוב זײַנען געשטאַנען צוויי שטעפּ־מאַשינען. אַף איין מאַשין האָט געשטעפט ניוקעס עלטערער ברודער, פרידל, און אַף דער צווייטער — ער, ניוקע. דאָדיע באָרעך־מאָרדכעס אַליין פלעגט „צושנײַדן״, „מעסטן״, „אויסאַרבעטן״, צעבלאָזן אַף דער שוועל א הייס אײַזן און שטענדיק אָפּגעבן דאָס שטיקל אַרבעט „אין א ספּעשקע״: ניט געמאָסטן און ניט געפּרעסט. נייען פלעג מען בא זיי גראָבע סוקמאַנענע הויזן, ברייטע לײַבצודעקן, בורקעס. ניוקע איז געווען מעסוקן לינק. ער האָט געטײַנעט, אַז מע דאַרף אין ראַשקעוו אָנלערנען די „עקספּלאָטאַטערס״, וואָס ציִען אַרויס בא די „אַרבעטאָרער״ דעם גאַנצן מאַרך פון די ביינער.

— הערט, כעוורע, — פלעגט ער טײַנען, — מע דאַרף אין ראַשקעוו איין זאַך דאַרף מען: א שטרײַק!

שאַבעס פלעגן מיר אַלע פיר, פון גאַנצפרי אָן, אָנריידן זיך איינער מיטן אַנדערן ווי א פויק; אומדרייען זיך א ביסל אין די גאַסן; א ביסל אַרומאַמפּערן זיך; אָנלאַכן זיך; אַמאָל עפּעס איניינעם איבערלייענען; צעגיין זיך און ווידעראַמאָל טרעפן זיך; און פאַרנאַכט־צו טאָן זיך אַמאָל א שטעל אַרײַן אַלע צו רעזניצקין.

די טיר פלעגט אונדז עפענען רעזניצקיס ווײַב, רעוועקע. ס׳איז אונדז געווען מעסוקן פּריקרע, וואָס אַליין הייסט זי דאַפקע רעוועקע, און אים, רעזניצקין, רופט זי עפּעס גאָר־גאָר וואָכעדיק: מײַן פּיניע.

רעזניצקי פלעג זיך אופהייבן פונעם בענקל און אונדז גיין אַנטקעגן. ער פלעגט אונדז רופן אי „כעווערלײַט״, אי „כאַווײרים״.

— גייט אַרײַן, כעווערלײַט, גייט אַרײַן. וואָס זײַט איר סטיין געבליבן אינמיצקע־פּיצקע? סקאָצל קומט. אָנגעלייגטע געסט, כלעבן. צעזעצט אײַך. וואָס׳ט איר עפּעס געבערענגט כאַדאָסעס?..

— גאָרניט. פּאָשעט אַזוי, דורכגעקומען זיך, — פלעג פאַר אונדז אַלע ענטפערן וויגדער.

— אַך, פּאָסעט אַזוי? סיין. סיין. רעוועקע, דערלאַנג די כאַווײרים צו א גלעזעלע טיי, צו א קאַפּעצקע אײַנגעמאַכטס!..

אין שטעטל האָט מען געשפּעט אי פון רעזניצקיס „סקאָצל קומט״, אי אוואַדע פונעם וואָרט „כאַדאָסעס״. „סקאָצל קומט״ האָט מען איבערגעמאַכט אַף „דאָס קעצל קומט״, און פון „כאַדאָסעס״ איז געוואָרן פּראָסט און פּאָשעט „קאַדאָכעס״. מ׳האָט געדאַרפט זײַן פון אײַזן ניט צו דער־

מאָנען זיך און ניט צו צעלאכן זיך, ביפראט, אז ניסל האָט אָנגעהויבן ווינקען מיט זײַנע מאמזעריש־קלוגע אייגעלעך. נאָר מיר האָבן געהאלטן פאסאָן: געוווסט, ווער מיר זײַנען און ווו מיר זײַנען. מיר האָבן זיך צו־געזעצט צום טיש און אָנגעהויבן שטורקען איינער דעם אנדערן מיט די קני. וויגדער האָט אף אונדז געגעבן א בייזן קוק. און מיר זײַנען געבליבן זיצן פארשעמט בא זיך, אזש מיט בלייכע אָפּגעצויגענע פּענעמער.

רעזניצקי האָט זיך א פּאָרע געטאָן באם שאפּקעלע זײַנעם מיט ביכער. ער האָט אָנגעהויבן ארויסשלעפּן פון דאָרט אלטע זשורנאלן, בראָשורן. ער פלעגט אונדז טאָמיד געבן א רוק צו א צעבארשטן ביכל אָן טעוועלעך, וואָס האָט געהייסן, האָט ער געזאָגט, „אין הונדערט יאָר ארום": „נעמט, כעוורעלײַט, די דאָזיקע גרינגע בראָסורקע, קוקט אמאָל ארײַן אין איר!" און אז מיר פלעגן אים ענטפערן, אז מיר האָבן זי שוין געהאט בא אים גענומען און שוין ארײַנגעקוקט, פלעגט ער גיין נאָך ווײַטער: פּאמעלעך, מיט געציילטע ווערטער, אָנהייבן אונדז אָפּמאָלן, וו:אזוי די וועלט וועט אויסזען אין פינף הונדערט יאָר ארום, אין טויזנט יאָר ארום. מענטשן וועלן ניט פארשטיין די טײַטש פונעם וואָרט „טרערן", פונעם וואָרט „סינע", וועלן שוין לאנג־לאנג ניט געדענקען דאָס וואָרט „מילכאָמע". די וועלט וועט ריידן איין לאָשן. ס'וועלן ניט זײַן קיין מ:יעסע מענטשן און קיין שיינע מענטשן, קיין שלעכטע מענטשן און קיין גוטע מענטשן. מ'עט ניט וויסן, וואָס עס איז אזוינס גראָווע האָר, וואָס עס איז אזוינס א קנייטשל אפן פּאָנעם. מע וועט ניט פאָרן ניט מיט קיין באנען, ניט מיט קיין אוטאָמאָבילן. א קוועטש א קנאָפּקע — און מ'עט זיך געבן א טראָג איבער וווהין מע וועט נאָר וועלן. פון איין עק וועלט ביזן אנדערן עק וועלט. יאָר בא יאָר, אף אלע גרעסטע יאָמטויווים, וועט מען דער־מאָנען די העלדן, וואָס האָבן אוועקגעגעבן דאָס בלוט זייערס און דאָס לעבן זייערס און האָבן אזא־אָ שיינע וועלט אויסגעקעמפט... „אגעוו, — פלעגט רעזניצקי א זאָג טאָן, — דערציילט קופּרין אין זײַן נאָוועלע, אז אף איינעם אזא יאָמטעוו האָט זיך פלוצעם דערהערט א שטיל כליפּען. כליפּען? וואָס איז דאָס אזוינס כליפּען? ווער כליפּעט עס דאָרט ווער? ס'האָט געכליפּעט א יונג שיין מיידל. ס'טוט איר באנק, האָט דאָס מיידל געזאָגט, וואָס זי האָט ניט געלעבט אין יענע צײַטן, וואָס זי האָט אויך ניט געקעמפט צווישן יענע־אָ העלדן..."

ניט אלע פיר צווישן אונדז האָבן נאָך דעמלט פּינקטלעך געוווסט, וואָס דאָס איז אזוינס נאָוועלע, ווער עס איז אזוינס דער דאָזיקער קופּרין. רעז־ניצקין איז געווען גענוג צו פארגעבן איין פראגע. ער האָט אָנגעהויבן שטורעמען באסטיליעס, אראָפּווארפן קייסאָרים פון די טראָנען, אופשטעלן באריקאדעס. ער האָט גערעדט וועגן גיליאָטינעס, וועגן סיבירער קאטאָר־געס. ער האָט א קוק געטאָן צו די פארמאכטע לאָדן אין שטוב און אָנגע־הויבן דערציילן וועגן פּעטראָגראדער רעוואָליוציעס, וועגן בירגערקריגן, וועגן סמאָלניע...

שפּעט אין דער נאכט זײַנען מיר ארויסגעגאנגען פון רעזניציקין מע־סוקן קליינע. א סאך, א סאך קלענערע, ווי מיר זײַנען ארײַנגעקומען. די

פינצטערניש אין שטעטל האָט מען געקאָנט שנײַדן מיט א מעסער. אין דער דאָזיקער גרויסער וועלט האָט אונדז ראשקעוו מיטאמאָל אויסגעזען א מעסוקן קליין פינטעלע. וווהין שטופן מיר זיך אויך? ניסל און ניוקע האָבן געזאָגט א גוטע נאכט און זײַנען אוועק: אין א דרײַ־פיר שאָ ארום דארף מען שוין ווידער אופשטיין צו דער אווידע. איך האָב ווידערן צוגעפירט אהיים, אין דעם אָרעמסטן הינטערגעסל זײַנעם. מיר זײַנען געגאנגען און געטראכט. באם געזעגענען זיך האָט ער, אפאָנעם, דאָס טראכטן זײַנס פארענדיקט אף זײַן שטייגער, ווי טאָמיד:

— אזוי איז עס... זעסטעך...

## כײַע ליפשיצעס כאווערטעס

זיי האָבן ביידע געטראָגן צוויי פּאָשעטע מיידלשע נעמען, ווי א סאך אנדערע ראשקעווער מיידלעך, ווי מיידלעך אין א סאך אנדערע אזעלכע שטעטלעך.

איינע האָט געהייסן דווירע. די אנדערע — באסיע.

אין דרויסן, געדענק איך, האָט שוין דעמלט אָנגעהויבן ווערן ווארע־מער. דער שנײ אף די פעלדער האָט זיך צעלאָזט. די ערד איז געווען צעווייקט, קלעפּיק. דער וועג — בלאָטיק, פארגאָסן. כ׳פלעג ארײַנפאלן אהיים מיט איבערגעגנומענע שיך, נאס, פארשפריצט, א שאָ אין דער נאכט ארײַן. נאָר כ׳פלעג זיך ניט אונטערגעבן: פלעג זיך טראָגן פרײַטיק אהיים, ווי א וויכער.

אין אזא־אָ פרײַטיקצונאכטס האָבן אלע דרײַ כאוויירים מײַנע מיך פלוצעם אָפּגעוואָרט בא דער שטוב. עפּעס האָבן זיי מיר אלע אויסגעזען, ווי איבערגעביטענע, פארפלאמטע, עפּעס גרויס געוואָרענע בא זיך. וואָס איז געשען? זיי האָבן מיך אפילע ניט געלאָזט ארײַנגיין אין שטוב א ביסל ארומרייניקן זיך. אין איינע צען מינוט האָבן זיי מיר אלע אף א מאָל אלצדינג אויסגעשיט. כ׳בין אין איין וואָך געבליבן דערונטער אף גאנצע כאדאָשים. אין איינע פּאָר טעג האָבן זיך די כעוורע דערוווּסט אזוינס, וואָס כ׳האָב אפילע ניט אָנגעהויבן כאָלעמען.

זיי האָבן מיך טאקע באלד אין יענעם פרײַטיקצונאכטס געפירט באַ־קענען. דער קאָלטער ווידער איז אין די פּאָר טעג געוואָרן רירעוודיקער. פון ניוקען און ניסלען רעדט מען ניט: זיי זײַנען ביידע געשפּרונגען ארום מיר, ווי ציגלעך. יעדערער האָט געוואָלט גיין לעבן מיר אין דער מיט. זיי האָבן זיך איינער דעם אנדערן געשטופּט, איינער באם אנדערן אויס־געכאפּט די ווערטער פונעם מויל.

ניוקע האָט געזאָגט, ער קען זיך שווערן, אז דעם נאָמען כײַע ליפּ־שיץ האָט ער שוין פריִער ניט נאָר איין מאָל געהערט.

— כאָכעם גרויסער, — איז ניסל גרייט געווען פאר אזעלכע רייד מאכן ניוקען אויסצודרייען, — וויִאזוי האָסטו געהערט וויִאזוי, אז דווי־רע און באסיע אליין האָבן כײַע ליפשיץ ביז דער טורמע גוט ניט גע־קענט? ס׳איז דאָך אלצדינג קאָנספּיראטיוו, קאָפּ.

— וואָס קער זיך אָן? קענען איז עפּעס אנדערש, און הערן איז אויך עפּעס אנדערש.
— שאַ, אַז דו האָסט געהערט, פאַרוואָס זשע האָבן מיר ניט געהערט?
— אליין זאָגסטו און אליין פרעגסטו. אַז ס'איז קאָנספּיראַטיוו, קען דען יעדער איינער הערן, גווילעם!
— דו טראַכסט דיר טאָמיד אויס זאַכן, און דערנאָך מיינסטו אליין, אַז ס'איז אַזוי.
— כעוורע, אפֿן אָרט מיר זאָלן רעדן עפּעס וויכטיקס, רעדן מיר פּוסטע רייד...
— פֿיר און פֿערציק טעג, — האָב איך איבערגעפֿרעגט, — ניט געגעסן און ניט געטרונקען? טאַקע גאָרניט געגעסן און גאָרניט געטרונקען?
— וואָס רעדסטו? פאַר דער אידייע קען מען אַלצדינג. אפילו שטאַרבן.
— נו, כּיַּע איז דאָך טאַקע געשטאָרבן.
— ערשטנס, ניט געשטאָרבן, נאָר געפאַלן. צווייטנס, גיסטו אַ זאָג אַרויס כּיַּע, גלײַך זי וואָלט דיר אָנגעקערט כ'ווייס ניט ווער.
— כ'זאָג אַזוי, ווי דווירע און באַסיע זאָגן.
— זיי זײַנען עפּעס אנדערש... גלײַכט זיך צו דווירען און באַסיען... זיי האָבן איניינעם מיט איר אויסגעהאַלטן דעם גאַנצן שטרײַק.
— טאַקע דעם גאַנצן? — האָב איך געוואָלט, מע זאָל מיר אַלצדינג ווידעראַמאָל דערציילן.
— ביז אין דער לעצטער סעקונדע. האָסטעך געהערט. כּיַּע ליפשיץ איז געווען די גלאַוונע אָנפירערן. אַלע מיידלעך האָבן זיי געמוזט באַ־פרײַען, און זי, כּיַּען, האָבן די באַנדיטן דערהאַרגעט...
— ס'האָט זיך געטאָן! די גאַנצע וועלט האָט געראַשט מיטן שטרײַק.
— זעסטו שוין, פונוואַנען כ'האָב פריִער געקאָנט הערן?
— די גאַנצע וועלט איז באַ אים ראַשקעוו... אַ געלעכטער.
— כעוורע, איר וועט זיך אַמאָל אופהערן יאַדען, צי ניין?.. פאַר־שטייסט, נאָך אַזאַ הונגער־שטרײַק דאַרף מען דעם מענטשן געבן עסן דורך אַ רערל. באַזונדערע מינע עסנס. די קישקעס זײַנען דין, ווי אַ ציַ־גײַער־פּאַפּירל. און איר האָט מען אומיסטן אַזוי געגעבן עסן, זי זאָל זיך שוין ניט אופהייבן פונעם בעטל...
— דערציילסט עס, גלײַך ווי דו ביסט געשטאַנען דערבײַ.
— איך דערצייל עס? דווירע און באַסיע דערציילן עס. זיי ביידע זײַ־נען זיך אויך געווען אָנגעלעגן קראַנק. דערנאָך האָט מען אַלע מיידלעך באַפרײַט און אָפּגעשיקט מיט זשאַנדאַרן אַהיים, יעדע איינע, פונוואַנען מע איז.
— צופוס. פון פּאָסט צו פּאָסט. ביז דווירע און באַסיע זײַנען אָנגעקו־מען קיין ראַשקעוו, זײַנען זיי עפּשער געגאַנגען כ'ווייס אַליין ניט וויפל.
— און וויאַזוי זײַנען זיי? כ'מיין, וויאַזוי זעען זיי עפּעס אויס? — האָב איך געפרעגט.
— וויאַזוי זאָלן זיי אויסזען? מיידלעך. כאַווערטעס.
— ראַשקעוו גיט אַרויס, האַ?..

כאָטש כ'האָב, הייסט עס, געהערט, אז זיי זעען ניט אויס עפּעס באזונדער, בין איך פונדעסטוועגן געגאנגען און געפילט, ווי עס קלאפּט מיר א ביסל דאָס הארץ. וואָס וועל איך מיט זיי ריידן? וואָס וועל איך זיי ענטפערן, אז זיי וועלן מיט מיר ריידן? דווירעס מאמען, א ייִדענע מיטן נאָמען זעלדע, האָב איך קימאט ניט געקענט. זי האָט געוווינט אף דער זעלבער גאס, ווו ניוקע האָט געוווינט, אין אזא נידעריק שטיבל, ווי מײַן באָבע יענטעס, דערצו נאָך ארומגעשמירט אין דרויסן ניט מיט קיין קאלך, נאָר מיט הוילער ליים, און נאָך מיט אן אָפענעם בוידעם. ס'האָט פארמאָגט איין שטיקל פענצטער און א מין טיר גלײַך אין גאס ארויס. ס'איז עפּעס ניט געווען קיין שטיבל, און ס'איז עפּעס ניט געווען נישט קיין שטיבל. קיין טאטן האָט דווירע, אפּאָנעם, לאנג שוין ניט געהאט. איך האָב אים שוין ניט פארכאפּט. דווירען אליין האָב איך אויך ניט פארכאפּט אין ראשקעוו. זי איז מינאסטאם אוועק אין די גרויסע שטעט, ווען זי איז נאָך געווען א קליין מיידל און איך בין נאָך אינגאנצן געווען א קינד. באסיעס פּאָטער האָט מען אין שטעטל גערופן ייִסראָליקל מאליער. ער איז געווען א קליין ייִדעלע. כ'פּלעג אים באגעגענען מיט אן עמער קאלך און מיט א בארשט אין די הענט, טאָמיד מיט א פאר־שפּריצט פּאָנעם און מיט א פּאָר שטארק פריילעכע אויסגעקאלכטע הויזן. ער וואָלט עפּשער ניט אויסגעזען אזוי קליין, ווען ער זאָל שטענדיק ניט געווען גיין מיטן שוטעף זײַנעם אזריִעל מאליער, א מעסוקן הויכער און ברייטפּלייציקער, ווי א ריז. באסיען האָבן מיר אויך קיינער ניט געדענקט אין שטעטל. זי איז מינאסטאם אויך אוועק פון דער היים מיט אן עטלעכע יאָר צוריק, ווען זי איז נאָך געווען גאָר א קליין מיידל.

אף א פארשפּרייטן קאסטן אין שטוב האָבן דערברענט זעלדעס שאַ־בעס־ליכט. זעלדע איז געשטאנען אין א ווינקל א פארצאָרנטע, די הענט פארלייגט אפן הארצן, און, דאכט זיך, אפן „גוט־שאבעס" אונדזערן ניט געענטפערט. ס'איז איר, אפּאָנעם, ניט גאָר געווען צום הארצן די דאָזיקע פיר קאוואליערן דווירעס, עפּעס גאָר קליינע ייִנגלעך, וואָס האָבן זיך איינער נאָכן אנדערן געטאָן א שיט ארײַן אין שטוב ארײַן. אף דער טאָכטערס וועלט־איניאָנים איז זי, זעט אויס, קיין גרויסער מייוון ניט געווען. ראשקעווער לייצים האָבן שוין אפילע באוויזן צונויפשטעלן מײַ־סעס: אז מע טוט זעלדען א פרעג: „אבעטעך, וואָס איז דאָרטן געשען מיט אײַער דווירען, זעלדע־לעבן?" ענטפערט זי: „אייסעך, נארישקײַטן. עפּעס קענען זיי דאָרטן צווישן זיך ניט אויסקומען. זי מיטן קייסער..." — „וואָס זשע, אשטייגער, וויל ער פון איר, הא, זעלדע?" צעבייזערט זיך זעלדע: „וואָס פרעגט איר מיך? פרעגט אים, דעם קייסער!.."

דווירען האָבן מיר געטראָפן זיצן אפן סאָפקעלע און האלטן די פיס אין א שיסל וואסער. זי האָט געבעטן, מיר זאָלן איר מויכל זײַן, וואָס די פיס זײַנען איר מעסוקן געשוואָלן, און זי מוז זיי אָט אזוי־אָ זיצן און פּארען.

— הער א כיישעק און אן אזעס פון געשוואָלענע פיס!.. — האָט זי א לאך געטאָן מיט א פּאָר לאנגע כיין־קנייטשן אין די באקן.

באסיע איז געזעסן לעבן דווירען. אין שטוב איז ניט געווען אזא שטארקע שײַן, נאָר כ'האָב באלד געזען, אז באסיע איז א רויטלעכע, א קלייניינקע, ווי דער טאטע אירער יזסראַליקל מאליער, און אז זי האָט א פול פּאָנעם מיט קלײַען. פּראָסט און פּאָשעט כיין־קנייטשן אין די באקן און קלײַען אפן פּאָנעם בא אזא דווירען און בא אזא באסיען האָב איך מיר בעפיירעש ניט פאָרגעשטעלט.

— וואָס שטייט איר, כעוורע? — האָט דווירע געפרעגט.

— זעצט אײַך אנידער, אויב איר האָט אף וואָס... — האָט באסיע צו־געגעבן, און כ'האָב דערהערט, אז זי רעדט נאָך דערצו מיטן צינגל אויך.

מיר האָבן זיך אלע פיר אויסגעזעצט אין א שערענגע אפן זעלבן סאָפּקעלע, און ניוקע האָט דער ערשטער זיך אויסגעהוסט און א זאָג גע־טאָן, אז מיר ווילן „שטעלן" פראגן.

— פרעגט, כאווײרים, פרעגט! — האָט דווירע געענטפערט.

— שטעלט, ווער לאָזט אײַך ניט! — האָט באסיע אפן אָרט פון „לאָזט אײַך ניט" א זאָג געטאָן „לאָצט אײַך ניט", און דאָס דאָזיקע ריידן אירס מיטן צינגל האָט מיר אויסגעזען דאָס שענסטע ריידן אין דער וועלט.

מיר האָבן אָנגעהויבן דרייען איינער צום אנדערן די קעפּ, מאכמעס פריִער אפן וועג האָבן מיר אינגאנצן פארגעסן די דאָזיקע פראגן צוצוגרייטן. און אלץ ניוקע האָט דער ערשטער אויסגעגלײַכט זיך און א פרעג געטאָן, וויאזוי מע וואָלט, אשטייגער, אין ראשקעוו אויך געקענט מאכן א שטרײַק. ניסל האָט אים איבערגעשלאָגן: וואָס איז ער ארײַן מיטן שטרײַק וואָס, אז דאָס גלאָוונע איז איצטער ניט דאָס. דאָס גלאָוונע איז איצטער א פארבינדונג. וויאזוי וואָלט ראשקעוו געקענט קריגן א „פארבינדונג"? ויגדער האָט ניט געפרעגט, וויגדער האָט געזאָגט, אז ביכלאל איז ראשקעוו א מעסוקן פינצטער אָרט. ס'איז דײַקע יאָ פאראן א שטיקל ביבליאָטעקע אין שטעטל, נאָר מע דארף קעגן איר „האלטן א באָיקאָט", עס פירן אָן מיט איר גווירישע מיידן, „אינטעליגענציע", און אז אזא ארבעטאָרער, ווי ער, אשטייגער, קומט אהין אמאָל ארײַן בײַטן א ביכל, ווערט אים נימעס דאָס לעבן.

איצט איז אונטערגעקומען מײַן ריי. כ'האָב געהערט, ווי באסיע האָט שטילערהייט א זאָג געטאָן דווירען, אז דאָס בין איך, הייסט עס, דער לערער. איידער איך האָב באוויזן „שטעלן" א פראגע, האָט דווירע מיך דערוויַיל א פרעג געטאָן, וויאזוי ס'איז עפּעס איצטער אין דאָרף.

— בלאָטעס. מעסוקענע בלאָטעס!.. — האָב איך גיך געענטפערט, באלד דערזען, אז כ'האָב דערלאנגט יענעם קלוגן ענטפער און בין באלד אפן אָרט רויט געוואָרן.

— ס'הייסט... נו, פאסקודנע... מעסוקן פאסקודנע!.. — האָב איך די בושע, וואָס כ'האָב געליטן, געוואָלט פארגלעטן, און דערפילט, ווי עס פלאמט מיר ערשט אצינד גוט דאָס פּאָנעם.

— די פויערים זײַנען שטארק אָרעם, האָ?

— אָרעם. ווי דער טויט! — האָב איך קימאט ווי א געשריי געטאָן,

כאָטש כ׳האָב בעפּיירעש ניט אזוי שטארק וואזשנע געוווּסט, וויאזוי די סעסטאשער פּויערים זײַנען.

זעלדעס שאבעס־ליכט האָבן זיך אינגאנצן אויסגעלאָשן. כ׳האָב מיך א רעגע פּאָשעט מעכײַע געווען, וואָס כ׳וועל דעם דאָזיקן מין עקזאמען קענען האלטן אין דער פינצטער. נאָר זעלדע האָט מיטאמאָל א בורטשע געטאָן, אז אין דרויסן קער שוין זײַן מעסוקן שפּעט. דווירע האָט אָנגע־ריבן א שוועבעלע, אָנגעצונדן א קאנעץ און אונדז געבעטן אופהייבן זיך פונעם סאָפּקעלע: לאָז זיך די מאמע בעטן און זיך לייגן שלאָפן. אליין האָט זי אָנגעטאָן א פּאָר זאָקן, גענומען אף זיך אַן אייבערשטס און איז אונדז געגאנגען באגלייטן.

מיר האָבן דאָס ערשטע אלע אָפּגעפירט באסיען. י׳סראָליקל מאליער האָט געוווינט ערגעץ אונטן אין עק גאס, ווו עס הייבן זיך שוין אָן די מאהאלע־שטיבער, לעבן א טיפן בארג־אראָפּ צום דניעסטער. באסיע האָט זיך דעם גאנצן וועג געכאָכמעט, דאָס א כאפּ געטאָן ניסלען און ניוקען אונטער דעם אָרעם, דאָס מיך און ווידגערן. זי האָט א זאָג געטאָן דווירען, אז מיר זײַנען אלע פיר ווילע כעוורע און ס׳קען פון אונדז ווערן גוטע „אוטעטשיסטן״. אז מיר האָבן געוואָלט וויסן, וואָס דאָס איז אזוינס „אוטעטשיסטן״, האָט באסיע געלאכט און געענטפערט, אז מיר וועלן אלצדינג וועלן וויסן מיטאמאָל, וועלן מיר גיך אלט ווערן.

לעבן באסיעס שטוב האָבן מיר זיך אויסגעזעצט אף א שטיינערנעם פּלייטל. א פּאָר רעגעס זײַנען מיר געזעסן אזוי גלאט און געשוויגן. די פינצטערניש אין שטעטל האָט מען געקענט שנײַדן מיט א מעסער. אין דער שטילקײַט האָט זיך געהערט, ווי אונטן, טיף אין טאָל, גייט שוין דער דניעסטער; עס קלאפּן און זשומען די אײַז־קרי׳עס זײַנע. אנטקעגן, אף יענער זײַט, האָבן דאָ און דאָרט, שיטערלעך צעוואָרפן, געפינקלט, ווי שטערן, עלעקטרישע לעמפּלעך. מיר האָבן געוואָרט, דווירע און באסיע זאָלן אונדז ענטפערן אף אונדזערע „געשטעלטע״ פראגעס. נאָר דווירע האָט פלוצעם אָנגעהויבן ריידן וועגן יענע־אָ אנטקעגנדיקע ברע־נענדיקע לעמפּלעך. ביז יענעם פרײַטיקצונאכטס האָב איך פון קינדווײַז אָן געוווּסט, אז דאָרט אנטקעגן געפינט זיך אוקראַ׳ינע, אין שטעטל האָט מען דעם אנטקעגן גערופן פּאָשעט „אף יענער זײַט״, כ׳האָב געוווּסט, אז ס׳איז ערגעץ דאָ דאָרט מײַן טאטנס „אָדעס״. רעזניצקי פלעגט זאָגן „סאָוועטנרוסלאנד״, — איצט האָב איך געהערט א נײַ וואָרט: „היימלאנד״. „דעם פּראָלעטאריאטס היימלאנד״, „אונדזער אלעמענס היימלאנד״, — האָט דווירע יעדעס מאָל א זאָג געטאָן. די דאָזיקע ווערטער הערן זיך עפּשער צו קלינגענדיק, נאָר פון דווירעס מויל, געדענק איך, האָט זיך דאָס גע־הערט מעסוקן נאטירלעך, פּראָסט, ווי „טאטע־מאמע״, „פעלד״, „זון״, „רעגן״.

דערנאָך האָבן מיר אָפּגעפירט אהיים דווירען. דערנאָך האָבן מיר זיך הין־און־צוריק איינער דעם אנדערן אָפּגעפירט.

עפּעס האָט זיך אין יענער נאכט ניט געוואָלט שלאָפן.

* * *

א גאַנצע וואָך בין איך ווידער ניט געווען אין שטעטל. וואָס האָט זיך דאָ אין דער־אָ וואָך ניט אָפּגעטאָן!

דאָנערשטיק איז פּונקט אויסגעפאַלן פּורים. אַמאָל, ווען אונדזער וואָלעכיש ראַשקעוו איז געווען איינס מיט יענער זײַט, מיט פּאָדאָליער ראַשקעוו, דער דניעסטער איז נאָך ניט געווען קיין גרענעץ, און דאָס בעסאַראַבער שטעטל מײַנס איז נאָך ניט געווען אַזוי דערשלאָגן, פֿלעגן אַלע פּורים, האָט מען דערציילט, פֿאַרשטעלטע אומגיין איבער די הײַזער זינגען פּורים־לידער, מעסאַמייעך זײַן דעם אוילעם. איצט פֿלעגן נאָר אין דער נײַיאָר־נאַכט איבערגעטאָנענע רומענישע גרענעץ־סאָלדאַטן — גרעניטשערן — אַרויסקומען אין גאַס אַרויס מיט שמאַטעס אויף די פּענעמער אַרומגענייטע באַם מויל מיט פּאַסאָליעס, און אופֿהייבן א בעהאָלע אין שטעטל, איבערשרעקן קינד־און־קייט. נאָר דאָס מאָל איז נאָך אַזויפֿיל יאָרן אין ראַשקעוו ווידער געווען א פֿריילעכער פּורים. ניט יעדערער, פֿאַרשטייט זיך, האָט געוווּסט, וואָס עס האָט געשטעקט אין דער דאָזיקער שפּיל. די פֿאַרשטעלטקײַט האָט, אַפּאָנעם, מערער געהאַט צו טאָן מיט „קאָנספּיראַציע", ווי מיט גלאַט אַזוי פּורים־שפּיל. די כעוורע האָבן אַזוי־אָ דורכגעפֿירט די ערשטע „מאָפּר"־אַקציע אין ראַשקעוו.

אָנגעפֿירט מיט דער „אַקציע" האָט ניוקע. כאָטש דאָדיע באָרעך־מאָרדכעס האָט געשריגן, אַז קאַדאָכעס איז קיין קרענק ניט און פּורים איז קיין יאָמטעוו ניט, האָט ניוקע מוידיִע געווען דעם טאַטן, אַז ס'וועט אים גאָרניט העלפֿן: הײַנט אַרבעט ער ניט. און אויב ער וויל שטאַרק, דאָדיע באָרעך־מאָרדכעס, קאָן אים ניוקע איצטער־אָ, ערעוו פּייסעך, ווען עס ברענט, „וואָפּשע אָביאַווען" א שטרײַק, און פֿאַרטיק.

ניוקע האָט „צוגעצויגן" בערל ריוועלעס א ייִנגל אין אונדזערע יאָרן — יאַנקלען. יאַנקל בערל ריוועלעס האָט אַרויסגעפֿירט פֿונעם טאַטנס שטאַל די שקאַפּע — די זעלבע שקאַפּע, וואָס איז געשטאַנען אויסגעדרייט מיטן הינטן צו מײַן באָבע יענטעס קיך־פֿענצטער, — האָט איר אָנגעטאָן אויפֿן קאָפּ א גאַנצן קראַנץ גלעקלעך, זיך האָט ער פֿאַרפּוצט מיט אַן איבערגעקערטן פּעלץ, מיט א דרײַעקיק פּאַפּירן שמענדריק־מיצל און איז איינס־צוויי געוואָרן האָמען. אויבן אויפֿן פֿערד, אָנגעטאָן אין אַן אַלטער קאַפּאָטע, מיט א קוטשמע אויף דער לינקער זײַט, איז געזעסן מאָרדכע: ס'הייסט, ער אַליין — ניוקע. די פּענעמער האָבן זיי זיך אַזוי אויסגעשמירט מיט סאַזשע, אַז מ'האָט געדאַרפֿט זײַן מיט טויזנט קעפּ, מע זאָל עמעצן פֿון זיי דערקענען. און אָט אַזוי־אָ, מיט קלינגענדיקע גלעקלעך, האָט האָמען־האָראָשע אומגעפֿירט פֿון שטוב צו שטוב מאָרדכע־האַצאַדיק.

די כעוורע האָבן אַפֿילע נאָכדעם דערציילט, אַז כאַיִם סעסטאַשער איז געשטאַנען אינמיטן מאַרק מיט דער לאַנגער פֿריצישער באָרד זײַנער און, אַפּאָנעם, געמיינט, אַז דאָס מאַכן זיך אַזוי ווידער לוסטיק די גרעניטשערן. ער האָט זיך געגלעט די באָרד און געשריגן צום אוילעם: „גיט, ייִדעלעך, לייעס!". דעם ראַשקעווער רויש־האַיוישווים איז גיכער געווען ניכע, רו־

מענישע גרעניטשערן זאָלן יאָמטעוון פּורים, איידער אַף דער וועלט זאָלן קיינמאָל קיין גרעניטשערן ניט זײַן.

ניוקע און יאַנקל זײַנען ניט אומגעפאָרן איבערן שטעטל מיט ליידיקע הענט. זיי האָבן מיט זיך מיטגעפירט אַ פּײַערדיק פּורים־לידל. ווידער אליין האָט עס פארפאַסט אין איינע צוויי טעג. ניט אומעטום, פאַרשטייט זיך, האָבן זיי דאָס דאַזיקע לידל געזאָגט און געזונגען. דאָס איז געווען אַ שטיק קאָנספּיראַטיוו לידל, און מ׳האָט געמוזט וויסן, וווּ און פאַר וועמען. נאָר דאָרט, וווּ מ׳האָט געמעגט, און דאָרט, וווּ מ׳האָט געדאַרפט, האָט מען די שקאַפע צוגעבונדן ערגעץ אין דרויסן צו אַ גאַנעק און מ׳איז אַרײַנגעגאַנגען אין שטוב אַרײַן מעסאַמייעך זײַן דעם אוילעם.

דאָס לידל, געדענק איך, האָט זיך אָנגעהויבן מיט „כאַווײרים און כאַווערטעס, ברידער און שוועסטערז!”, דערנאָך האָט עס דערציילט, ווי „מע שלאָגט אונדז און מע פּלאָגט אונדז”. ווער? „גווירים־אַדירים, אַוועַ־רעסקו און בריטיאַנו — האָמענס נײַע”. דערנאָך האָט זיך ווידעראַמאָל איבערגעכאַזערט „כאַווײרים און כאַווערטעס, ברידער און שוועסטערז!”, דערנאָך איז געגאַנגען אַן אָנצוהערעניש, אַז „העלפן קען אונדז אַצינד ניט קיין מאַלקע עסטער, נאָר אַזעלכע־אָ קעמפּערנס געטרײַע, ווי ליפשיץ כײַעז!”, און געענדיקט האָט זיך דאָס לידל אַזוי:

איז גיט זשע, כאַווײרימלעך, פאַרן מאָפּר אַ ליי,
וועט די בלוטצאַפּערס, די קוילערס, זײַן אַך און וויי...

ס׳האָט מיר בעפּיירעש שטאַרק באַנק געטאָן, וואָס איך בין אויך ניט געווען דערבײַ. נאָך מערער, פאַרשטייט זיך, האָט מיר באַנק געטאָן, וואָס דאָס לידל האָט צוניפגעשטעלט ווידער און ניט איך.

דערפאַר אָבער זונטיק פאַרטאָג, ווען יאַנקל בערל ריוועלעס האָט אָפּן פורל אַף זייערן, קאָנספּיראַטיוו, אָפּגעפירט דווירען און באַסיען קיין סאָלדענעשט צום וואָקזאַל, בין איך אַ שטיק וועג, ביז דאָרטן, וווּ מע דאַרף פאַרנומען קיין סעסטאַש, אויך מיטגעפאָרן.

באַם געזעגענען זיך האָט שוין אָנגעהויבן טאָגן. דווירע און באַסיע, געדענק איך, האָבן צוגעזאָגט שיקן אונדז, פון יענער גרויסער שטאָט, וווּהין זיי פאָרן, אַ פּאָר גוטע ביכלעך, וואָס מיר דאַרפן לייענען. זיי וועלן די ביכלעך שיקן אַף רעזניצקיס אַדרעס, האָבן זיי געזאָגט. נאָך האָבן זיי געזאָגט, אַז וועגן דער „פאַרבינדונג” זאָלן מיר קיין יעסורים ניט האָבן, ס׳וועט זײַן אַ „פאַרבינדונג” אויך.

כ׳האָב אַראָפּגעטאַנצט פונעם פורל, און יאַנקל האָט צעטריבן דאָס פערד באַרג־אַרויף. כ׳בין געשטאַנען און געקוקט, ווי דווירע און באַסיע טראָגן זיך אין דער הייך, שוועבן איבער שוואַרץ־נאַסע פעלדער, איבער אַ וועלדל באַ דער זײַט, איבער דרײַ הויכע קרענעצע־סלופּעס, טראָגן זיך אַרויף, אַרויף...

איך בין געבליבן אונטן, איינער אַליין לעבן סעסטאַשער וועג און געפילט אַ ציִעניש און אַ בענקעניש אין האַרצן, געפילט, ווי עס הייבן זיך מיר אויך אָן שנײַדן פליגל.

# א דערציילונג וועגן פּאָרעץ אנדראָנאקע און לייב דעם זייגערמאַכער




בין דעמלט געווען א דרײַצניאָריק באָכערל און געלערנט זיך א שיינע מלאָכע.

לייב דער זייגערמאַכער, דער באַלעבאָס מײַ־נער, איז געווען אן אלטער, א טויבלעכער, א פרומ־מער און א גוטער־גוטער זייגערמאַכער. נאָר א שווער, אָרעם לעבן האָט געלעבט דער גוטער־גוטער באַלמעלאָכע. אינעם שיינעם גאָלדענעם פאַך זײַנעם האָט מײַן קליין בעסאראבער שטעטל, ראשקעוו מײַנס, ווייניק־וואָס זיך געניייטיקט.

ס׳איז דעמלט געווען ווינטער. גאַנצפרי פלעג איך אָפקערן דעם שנײי פון לייב זייגערמאַכערס גאַנעק, צעעפענען די לאָדן, ארויסשטעלן אף די טרעפּ די בלעכענע וויוועסקע מיטן גרויסן אָנגע־מאָלטן ציפערבלאַט, אָפּבלאָזן דעם שטויב פונעם ווארשטאַט, איבערווישן דאָס געצײַג און דערנאָך, איינער אליין, אוועקזעצן זיך אין דער קעלט, אָנקוועטשן אפן אויג דאָס פארגרעסער־גלאָז, נע־מען א צוועגנל אין די הענט און, מײַסע פּאכמאַן, מײַסטרעווען א פארזשאווערט רעדל, בויערן א צאַפּן אין א שפּינדל, אופּ־פלאָנטערן א פארפלאָנטערטע האָר.

פון מײַן באַלעבאָס׳ צווייטן כיידער פלעגן זיך ארויסהערן הייזעריק־לעך־פארדומפּטע קריגערײַען. אפאָנעם, אף די געלעגערס נאָך האָבן אי די זייגערמאַכערן, אי דאָס פארזעסענע מיידל אירס געהאַט טײַנעס צום אלטן לייבן פאר זייער שווער און ביטער אויסקומעניש. צעקנייטשט און צעשויבערט, אין א צעכראַסטעטע פוטערן לײַבל, פלעגט דער אלטער רעב לייב ארויסיאָווען זיך פונעם אלקער און שטיין בלײַבן בא דער טיר ווי אן ארויסגעפּאַלענער. אף די ווענט האָבן געזשאווערט פירעקעכדיקע און

קײַלעכדיקע וואנטזייגערס אָן ציפערבלאטן, מיט צעשרויפטע אָפענע געדערים, קעדיי אַרײַנקומענדיקע „קוינים” זאָלן זען, אז זיי האָבן פאר זיך אן עכטן זייגער־ווארשטאט; אקוראט, ווי צוויי איבערגעקרייצטע שטעקנס אָנגעטאָן אין א היטל, ווײַזן פייגל, אז זיי האָבן פאר זיך א שוימער א לעבעדיקן מענטשן. א גייענדיקער זייגער איז שוין לאנג ניט געהאנגען אף די ווענט פון אונדזער זייגער־ווארשטאט. דעם אלטן באלעבאָס מײַנעם האָט ניט אזוי געקרענקט דאָס שווערע לעבן, די קריגערײַען אין שטוב, ווי די בענקשאפט צו פאריכטן צעבראָכנס. ער פלעגט באלד גאנצפרי אָנצינדן דעם קאנעץ, ארײַנעמען די מעשענע פײַפקע אין מויל און ווײַזן זײַן לערן־ייִנגל, ווי מײַסטעריש מע קאָן אײַנלייטן אן אָפגעבראָכן פיצל ציינדל אין א קליין שטאָלן צילינדער־רעדל.

— ייִנגעלע... ווען איך בין א נאָגיד, הערסט, ייִנגעלע?..

א האלבע ליפ זײַנע פלעגט טויבלעך שמייכלען, און די צווייטע העלפט פלעגט מיט פארביטערטקייט צעציטערן זיך:

— ווען איך בין א נאָגיד... א פופציקער וואָלט איך געצאָלט פאר ברענגען א זייגער פאריכטן... א גאנצן פופציקער, כע, כע...

אן אלטער ייִד און א יונג באָכערל פלעגן א גאנצן ווינטער־טאָג, אין קעלט און אין רויך, אָפזיצן פארטאָן אין פארזשאווערטע פרוזשינעס און רעדלעך. פארנאכט, אז איך פלעג ארויסגיין צומאכן די לאָדן, איז דער גאנעק ווידער געווען פארשנייט, דער ציפערבלאט אף דער וויוועסקע פארווישט, די טרעפ — ווײַסע, פארשיטע, קיין מענטש האָט אף זיי א גאנצן טאָג קיין פוס ניט געשטעלט.

פונעם גאנעק אראָפּ פלעג איך כאַפּן א קוק אפן שטעטל. און כאָטש כ׳האָב געזען דעכער, מיט קוימענס, מיט בלויע רויכן איבער די דעכער, האָט זיך אין מיר אײַנגעשניטן א געדאנק, אז אונדזער זייגער־ווארשטאט שטייט ניט צווישן היימישע הײַזער, נאָר ליגט ערגעץ פארוואָרפן אין א ווילדן פרעמדן סטעפּ, ווו מענטשן שפּאנען אום ווי איבערגעקרייצטע שטעקנס, אָנגעטאָן אין היטלען, פייגל אָפּצושרעקן.

באלד וועלן זיך ווידער דערהערן פון מײַן באלעבאָס׳ צווייטן כיידער הייזעריקלעך־פארדעמפטע קריגערײַען. ווערט נאָר נאכט אין שטעטל, הערט מען באלד, ווי עס קלאפּן בא זאלמינע שענקער אין די פענצטער שיקערע רומענישע סאָלדאטן. דער אלטער לייב ווערט פאר מידקײַט און יעסורים אײַנדרעמלען מיט א פארוואָרפענעם קאָפּ לעבן ווארשטאט.

אהיים טראָגן אין יענע ווינטער־טעג פלעג איך ניט קיין געדאנקען וועגן זייגערס, נאָר געדאנקען וועגן לעבן. איך פלעג עס ייִנגלש, דרײַצניאָריק, פארגלײַכן מיט א פארזשאווערטן שלעכט־צונויפגעשטעלטן זייגער.

ווער זשע וועט עס פאריכטן, ווער וועט אָפּקראצן דעם זשאווער, ווער וועט דאָס לעבן איבערשטעלן?..

* * *

דערהערט זיך פּלוצעם אין אזא־אָ ווינטער־טאָג, ווי אַף די טרעפּ, בא דער טיר, טרייסלט עמעצער אָפּ פון זיך דעם שניי. דער אלטער לייב און זײַן קליין לערן־ייִנגל האָבן ביידע אופגעציטערט, געבליבן זיצן ביידע אָנגעשפּיצט, מיט אויסגעדרייטע פּענעמער צום ארײַנגאנג.

אין דער טיר האָט זיך באוויזן א שפּיציק־הויכע פארשנייטע קוטשמע און א פּאָנעם באהאלטן אין אן אופגעשטעלטן קאראקולנעם קאָלנער. אז דער קאָלנער האָט זיך אראָפּגעבויגן און די קוטשמע האָט זיך ארופּגע־רוקט, איז לייב זייגערמאכער בלייך געוואָרן. ער האָט זיך אופגעהויבן פונעם בענקל, א הויקער געטאָן זיך און אנטקעגנגעטראָגן דאָס בענקל דעם גאסט. אנדראָנאקע האָט זיך ווילינגעריש־ברייט אוועקגעזעצט און אָנגעהויבן רײַבן איין האנט אין דער אנדערער.

— קאלט בא דיר. קאלט, לייבא!..— האָבן א זעץ געטאָן קנוילן פּארע פונעם פּאָרעצס מויל. — קיין האָלץ נישטאָ, וואָס?.. כאָ, כאָ...

ער האָט א לאך געטאָן אַף א באס, ברייט, ארײַנגעלאכט אין גוידער ארײַן, פּאמעלעך צעשפּיליעט זיך, איין אויג קלוגעריש פארצויגן, און פּאמעלעך ארויסגעלייגט אפן ווארשטאט דרײַ שטיינגעבליבענע זייגערס — זילבערנע, גרויסע, מיט מאסיווע אויסגראווירטע דעקלעך, מיט דרײַ נאָכהענגענדיקע קליינינקע שליסעלעך.

די זייגערמאכערן און דאָס פארזעסענע מיידל אירס זײַנען ארויס פונעם אלקער און שטיין געבליבן פונדערווײַטנס קעגן די דרײַ זייגערס מיט צעעפנטע מײַלער. מײַן באלעבאָס האָט אָנגעטאָן אפן אויג דאָס פארגרעסער־גלאָז, א נעם געטאָן א שרויפנציִער צווישן די פינגער און מיט א פארקנייטשט פּאָנעם אײַנגעגראָבן זיך אין די געווערקן. דער פּאָרעץ האָט פארייכערט א ליולקע:

— כאָ, כאָ... איך ווער אינגיכן פּרימאר[1] אין שטעטל, און אלע זייגערס שטייען בא מיר. די וואנט־זייגערס, די וועקערס, די קעשענע־זייגערס. א וועלט מיט ארבעט ווארט אַף דיר, לייבא! אָ, ס׳וועט זײַן פריילעך אין שטעטל. אלעדזשערעס!..[2]

אין אלטן מײַסטערס האנט האָט א ציטער געטאָן דער שרויפנציִער. דאָס פארגרעסער־גלאָז האָט זיך אים ארויסגעגליטשט פונעם אויג און א טאנץ געטאָן אפן ווארשטאט. אנדראָנאקעס זיסע רייד דערמאָנען אין כיטרער ארײַנארעניש. א צוגעקלערטע מײַסע מיט דרײַ צעבראָכענע זייגערס. ווהין פארפירט זי, די דאָזיקע מײַסע? דאָס וואָרט „אלעדזשע־רעס" האָט דערמאָנט אין פארצײַטיקע פריצישע שמיץ, אין בײַלבולים, פּאָגראָמען, שיקערע געשלעגן אַף די גאסן, דערשראָקענע ייִדן מאכן גיך צו די קלייטלעך, ראטעווען זיך ווי פון סרייפעס. צו וועמענס קאָפּ, צו וועמענס קאָפּ וועט דאָס אויסגיין?..

אנדראָנאקע האָט געפּיפּקעט די ליולקע זײַנע:

— דו, לייבא, ביסט א קלוג ייִדל. דו וועסט אונדז בעסער פארשטיין,

[1] בירגערמײַסטער; [2] וואלן.

ווי דער גאנצער קאָהאָל דייַנער. וואָס ווילן מיר דען פון אייַך? גרינגערס ווי ארופשטעלן א ווייַזער אף א זייגער. דער ערשטער נומער אפן וואלצעטל. א לאנג פּאסיקל. א שטעקעלע אין דער לענג שטייענדיק. נעמסט דעם שטעמפּל אין דער האנט, באַץ אפן שטעקעלע ארוף, און עס געווינט מייַן פּארטיי, די ליבעראלן. אנדראָנאקע, דער פּרימאר אין שטעטל — אָן אייביקער פּרייַנט אייַערער. כאָ, כאָ, לייבאָ!

פון א זייגער האָט דער אלטער רעב לייב ארויסגעצויגן א צעקוועטשטע ציטערנדיקע ספּיראל:

— איַי, איַי... א טייַער שטיקל ארבעט!..

— ווער רעדט פון טייַערקייַט, ווער? אין צעטל, לייבאָ, איז פאראַן נאָך איין פּאסיקל. אויך א שטעקעלע. ניט אין דער לענג שטייענדיק, נאָר ליגנדיק, אין דער ברייט. קוזאַ[1]. כיק־מיק, גערגעלע־בייַכעלע — אלע יידעלעך! עפּשער ווילסטו אהין א שטעל טאָן דעם שטעמפּל?..

ווידעראמאָל האָט אין אלטן מייַסטערס האנט א ציטער געטאָן דער שרויפנציִער און דאָס ביינערדיקע פארגרעסער־גלאָז האָט א טאנץ געטאָן אפן ווארשטאט. שנייִ דראָכים — צוויי וועגן. דאָ א שטעקן, דאָרט א שטעקן. וועלכער פאלט איבערן רוקן ניט אראָפּ? די זייגערמאכערן מיט דער מויד האָבן זיך געבראָכן די פינגער, געקנייַפּט זיך די פּענעמער, געוווּנקען מיט אלערליי גרימאסן צום אלטן: „אקשן! אקשן". לייב איז א פּאָר רעגעס געשטאנען פארטומלט, א זיפץ געטאָן, א קרעכץ געטאָן, א קוק געטאָן צום ווייַב און צו דער טאָכטער און א שאָקל געטאָן דערנאָך צום פּאָרעץ מיטן קאָפּ: די זייגערס וועלן פּארטיק זייַן אין דער צייַט...

— אריַין אין אייַער כיידער אריַין! — האָט ער טויב זיך צעשריגן, ווען אנדראָנאקע איז ארויס פון שטוב. — וואָס ט'איר זיך אוועקגעשטעלט ווי ליכט צוקאָפּנס? מאלעכהאמאָוועסן!..

דערנאָך איז ער לאנג געזעסן א פארגליווערטער באם ווארשטאט.

אין יענעם פארנאכט, ווען איך בין ארויס אפן גאנעק צומאכן די לאָדן, איז דער שנייִ אף די טרעפּ געווען צעטראָטן, קויטיק.

פארפלעקט די ווייַסע שנייִ־טרעפּ, וואָס פירן צו אונדזער אלטן זייגער־ווארשטאט...

* * *

די „אלעדזשערעס" זייַנען אויסגעפאלן אין אן ערעוו־פּייסעך־טאָג.

ליבע פרילינג־טעג. מיט וויפל געזאנג און פרייד פלעגט איר ארייַנשפּאנען אין אונדזערע אָרעמע קינדער־יאָרן. זינגענדיק פלעגט, טראָפּן נאָך טראָפּן, אָפּרינען דער שנייִ פון די דעכער. פליעסקענדיק פלעגן זיך צעיאָגן די ריטשקעס איבער די גאסן. דאָס שטילע קילע ווינטל אין אונדזער געסל האָט געשעפּטשעט א ניגן. געזאנג האָבן מיר געהערט אפילע אין סקריפּעריַי פון אונדזערע צעפּראלטע איבערגעפוילטע פּענצטער.

---

[1] א פירער פון דער פאשיסטיש־אנטיסעמיטישער פּארטיי דעמלט אין רומעניע.

„אלעדזשערעס״ אין שטעטל — פארשטערטע ערעוו־פּייסעך־טעג.

גרויער און טרויעריקער האָבן אין יענעם טאָג אויסגעזען אונדזערע הײַזער. א קאַלט־נאסער נעפּל האָט פון פארטאָג אָן געפלאָנטערט זיך ארום די גאנעקעס. טיר און לאָדן — פארקלאפּט. מע איז בא אונדז דעמלט אופגעשטאנען א גרויסן פארטאָג, גיך אָנגעטאָן זיך, אוועקגעזעצט זיך שטײַפע, ווארטנדיקע, גערעדט שטיל צווישן זיך, ווי מע וואָלט געזעסן אַף פּעק ערגעץ אין דער פרעמד, ערגעץ אין אן אײַנגעבעטענער אכסאניע.

די מאמע האָט מיך אפילע ניט געלאָזט גיין צו דער ארבעט. נאָר איך האָב זי ניט געפאָלגט. ס׳האָט מיך א צי געטאָן צום זייגער־ווארשטאט.

כ׳האָב דעם אלטן געטראָפן פארפּוצט אין דער שאבעסדיקער קאפּאָטע, מיטן פּליושענעם כסידישן היטל אפן קאָפּ.

— יינגעלע, — האָט ער פונעם גאנעק א פיר געטאָן מיט א פינגער איבערן שטעטל, — זע נאָר, ווי זיי דרייען זיך דאָרט אום מיט שטעקעס אין די הענט. א וועלט דוירעס צו זײַן. האָסט ניט מוירע, יינגעלע?

כ׳האָב ניט מוירע געהאט. מיר האָבן אראָפּגעשפּאנט די טרעפּ, דורכגעגאנגען די גאס, און אזוי־אָ, איינער לעבן אנדערן, צווישן שלעגערס און זשאנדארן, אוועק צו דער פּרימארי:ע — צו די „וואלן״. „א פּאסיקל, ווי א שטעקעלע, אין דער לענג שטייענדיק — אנדראָנאקעס ליבעראלן... א פּאסיקל, ווי א שטעקעלע, ליגנדיק אין דער ברייט — כּיק־מיק, גער־געלע־בײַכעלע, אלע יידעלעך!..״ ווי א מין שפּרוך האָט דער אלטער לייב דעם גאנצן וועג געכאזערט די דאָזיקע רייד.

נאָר אין פּרימארי:ע, אין כיידערל, ווו מ׳האָט אונדזער „ווײלער״ ארײַנגעלאָזט „ווײלן״, האָט די אײַנגעכאזערטע שפּרוך פארלוירן איר שליטע. ער איז שטיין געבליבן, דער אלטער, אין איין האנט דאָס וואל־צעטל, אין דער אנדערער — דער שטעמפּל, און אלע ציפערן, אלע פּאסיקלעך אין צעטל, האָבן אים אָנגעהויבן שפּרינגען פאר די אויגן. די ווענט אין צימער, די טיר, דאָס טישל מיטן וואל־קעסטל אין ווינקל האָבן זיך מיטאמאָל צעשאָקלט און צעוואקלט. דאָס פענצטער אנטקעגן האָט זיך א דריי געטאָן ווי א ראָד: אהער־אהין, אהין־אהער. און די צוויי שלעגערס אין די פענצטער מיט די צוויי שטעקענעס אין די הענט זײַנען שטיין געבליבן מיטן קאָפּ אראָפּ. פון אלע פּאסיקלעך און פון אלע שטעקעלעך איז געוואָרן איין גרויסער שטעקן — א סוקעוואטער, א פארבלוטיקטער. און אז דער אלטער לייב האָט סאָפּקאָלסאָף א קלאפּ געטאָן מיטן שטעמפּל אפן וואל־צעטל, האָט זיך דער שטעמפּל אָפּגעקלאפּט ניט אפן פּאסיקל, וואָס שטייט אין דער לענג, אַף אנדראָנאקעס ליבעראלן, נאָר, ווײ־ווײ, אפן פּאסיקל, וואָס ליגט אין דער ברייט, — אַף קוזען...

ווען דער אלטער לייב איז ארויסגעקומען פון דער פּרימארי:ע, בין איך שטיין געבליבן א פארהילצערטער: דער ווײַסער שניי פון שטעטל, וואָס איז זיך ניט לאנג צעגאנגען, איז צוריק אויסגעפאלן אפן אלטנס קאָפּ, אַף דער באָרד, אפן גאנצן פּאָנעם זײַנעם. כ׳האָב אים עפּעס א פרעג געטאָן, נאָר ער האָט שוין מײַן פרעגן ניט דערהערט. פאר גרויס איבערלעבעניש איז ער, אפּאָנעם, נאָך טויבער געוואָרן.

אין דער היים האָט ער אויסגעטאָן די שאַבעסדיקע קאַפּאָטע, אַרופגעצויגן אַף זיך דאָס פוטערנע לײַבל, און, ווי אַן אָוול אַ מאַנצבל, וואָס צעווייַנט זיך ערשט נאָך קוווּרע, האָט ער זיך אַזוי צעכליפּעט, אַז ס׳איז מיר אַזש, דעם דרײַצניאָריקן באָכערל, געוואָרן פריקרע.

ניט די זייגערמאַכערן, ניט דאָס פאַרזעסענע מיידל, און אַוודע ניט דאָס קליינע לערן־ייִנגל אין שטוב, האָבן דעמלט געקענט פויסער זײַן דעם אַלטנס יעסורים.

הײַנט פאַרשטיי איך, אַז דער דאָזיקער טויבלעכער אַלטער באַלמעלאָכע האָט מוירע געהאַט, אַז ער האָט אומגליקלעך געמאַכט אַ שטאָט מיט ייִדן, אַז זײַן שטים וועט גוירעם זײַן נײַע גזיירעס, נײַע ליידן, נײַע אומגליקן.

— ייִנגעלע, — האָט ער געכליפּעט, — פאַרשטיינען דאַרף מען מיך. פאַרשטיינען. הערסט, ייִנגעלע?..

אין עטלעכע טעג אַרום איז דער אַלטער געקומען צו־זיך. ער האָט צוריקגעקריגן דאָס פריִערדיקע געהער, די געוויינלעכע פאַרב אין פּאָנעם. פּרימאַר אין ראַשקעוו איז, פאַרשטייט זיך, סײַוויסײַ אַרויס אַנדראָנאַקע. נאָך דעם, ווי ער האָט אָפּגעהוליעט זײַן ניצאָכן, איז ער אין איינעם אַ גאַנצפרי אויסגעוואַקסן אין אונדזער זייגער־וואַרשטאַט. ער האָט איצט אויסגעזען אײַנגאַנצן אַנדערש, ווי דעמלט, ווען ער האָט געבראַכט די זייגערס פאַריכטן. אין דער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ מין קורץ דראָטן בײַטשל. און דאָס בײַטשל האָט זיך צעפּאָכעט לייבן פאַר די אויגן, געפּאַטשט איבערן וואַרשטאַט, צעוואָרפן דאָס געצײַג.

— ייִדן! — האָט דאָס בײַטשל געכויזעקט. — כאָ, כאָ... געלט אויסגענאַרט און די וואַנט־זייגערס, די וועקערס, די קעשענע־זייגערס, אַלע שטייען זיי, ווי די טויטע... ייִדן!..

דאָס מאָל האָבן זיך צעיאָמערט די זייגערמאַכערן מיט דער טאָכטער. זיי האָבן אַ פאַל געטאָן דעם פּאָרעץ פאַר די פיס, געבעטן ראַכמים. דער אַלטער לייב האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט, פאַרקוועטשט די אויגן, פאַרביסן די ליפּן, און אַ ביסל אײַנגעבויגן זיך...

איך האָב מיך אויך אַ דריי געטאָן מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט. ס׳איז שווער געווען צו קוקן, ווי צוויי דערוואַקסענע פרויען קרימען די צורעס, פּלאָנטערן זיך אַרום פּאָרעצס פיס. און ס׳האָט זיך געוואָלט פונקט אַזוי־אָ, ווי דער אַלטער, מיט אַן אַרויסגעשטעלטן רוקן, באַגעגענען דעם נײַעם פּרימאַר אין שטעטל.

רעב לייב האָט זיך פּאַמעלעך אויסגעגלײַכט, אופגעעפנט די אויגן: די פּאָר רעגעס, וואָס ער איז אַזוי געשטאַנען מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט, האָבן אים, זעט אויס, געבראַכט האַנאָע, לײַכטקײַט.

מיך האָבן אַ וואַרג געטאָן קנוילן אין האַלדז. ס׳האָט אַ נאָג געטאָן דער געדאַנק וועגן שלעכט צונויפגעשטעלטן פאַרזשאַווערטן זייגער. געוויינלעכע פּאַך־ווערטער האָבן באַקומען אַ באַזונדער מין מיין: צענעמען, אופפּלאָנטערן, אָפּקראַצן, איבערשטעלן...

און ס׳האָט זיך געוואָלט ווערן מיט אַ פּאָר יאָר עלטער.

# א פּאָר גלײַטשערס



בין געגאַנגען אָנגעטאָן אין א קורץ וואַטאָווע בורנוסל, דעם האַלדז אַרומגעבונדן מיט א מין געל האַריק באַשליקל, אַף די פּיס האָב איך געטראָגן א פּאָר הוילע וואָלענע זאָקן — די מאַמע האָט זיי מיר זומער אויסגעאַרבעט; און אין די זאָקן זײַנען געווען אַרײַנגעלאָזט די פּאַראַיאָריקע פּײַסעכדיקע הויזן, וואָס האָבן שוין איצטער געהאַט אַף זיך היפּשע פיר „פּענצטער": צוויי — פאָרנט, אַף די קני׳עס, און צוויי, איינס לעבן אַנדערן, — הינטן.

און כ׳האָב זיך געגליטשט אַף גליטשערס.

צוויי פאַרשיידענע גליטשערס. איינער — א פּלאַטשיקער, א טונקל־פאַרזשאַווערטער, מיט שרויפן; דעם צווייטן — א לאַנגן, א האַלב־הילצער־נעם, מיט אַן אויסגעקײַלעכיקטער אַרופגעדרייטער נאָז פון פאָרנט — האָב איך געבונדן מיט שטריקלעך, פאַרצויגן מיט שטיקער באַנדאַזש, פאַרקניפּט מיט אַלערליי פאַרביקע שמאַטקעלעך, וואָס כ׳האָב קוים „אויסגעבודעט" בא גיטל דער נייטאָרן.

די מאַמע מײַנע ליגט שוין פון א צוויי כאַדאָשים קראַנק נאָך א קימפּעט. דער טאַטע זיפצט א גאַנצן טאָג, גייט אום מיט אַן ערדיש־פאַר־גליווערט פּאָנעם און זעט מיך ניט. פון דער טאַלמוד־טוירע האָט מען מיך אַהיים געשיקט נאָך סכאַר־לימעד און קיינער שיקט מיך ניט צוריק — ווער זשע איז צו מיר געגליכן?

כ׳האָב זיך געגליטשט פונעם מאַרק ביז צום אַלטן קלויסטער און צוריקצוּוועגס. אַלעמאָל האָבן זיך די שטריקלעך צעפּלאָנטערט, די שרויפן צעשרויפט, די פּיס זײַנען זיך צעפאָרן אין פאַרשיידענע זײַטן, די פּליי־צעס האָבן דערפילט די שאַרפע שפּיציקײַט פון דער פאַרפרוירענער

בלאָטע אונטערן שניי, און אלעמאָל בין איך געבליבן זיצן אינמיטן גאס א פארלוירענער און אלץ געפלאָנטערט די שטריקלעך, געקניפּט די שמאטקעלעך, געמינטערט די שרויפן מיט א שטיין אין דער האנט.

פלוצעם, איך טו זיך שוין א הייב אָף די קני, אופצושטעלן זיך, דערזע איך פאר זיך פונקט אזא יינגעלע ווי איך, אָנגעטאָן אין אזא קורץ בורנוסל, ארום האלדז אזא צעפליקט באשליקל, די הויזן אזוי ארײַנגעלאָזט ווי מײַנע אין די זאָקן און פונקט אזוי־אָ „אויסגעפּענצ־טערט״.

דאָס פּאָנעם זײַנס איז אי א פארברענטס פון דער זון, אי א פארפלאמטס פונעם פראָסט. כ׳ווייס ניט, צי לאכט עס פון מיר, דאָס פּאָנעם זײַנס, צי שמייכלט עס צו מיר:

— מוטשעסט זיך, מוטשעסט זיך אויך?

— וואָס איז דען?

— גאָרניט. איך האָב אויך פונקט אזעלכע צוויי גליטשערס. איסע און סטריסע. אין א וואָגן א פערד מיט אן אָקס. ווילסט בײַטן, אויסגלײַכן זיך?

— וועלכן?

— וועלכן דו ווילסט.

— דעם מיט די שרויפן.

— אלציינס.

— ווינסט מיסטאמע ווײַט... — טו איך זיך א גליטש אוועק פון אים קלאָמפּערשט ניט פארינטערעסירט.

— א ביסעלע... אָן־אָ... אין מאהאלע... דאָס הייסט ווײַט!.. — לויפט ער מיר נאָך.

— נו, גוט... ברענג!..

— נע... מ׳וועט מיך שוין הײַנט מער ניט ארויסלאָזן... קום, קום דו מיט מיר!..

אין מאהאלע, ווייס איך, זעט זיך דורך דורך יעדן געפלאָכטענעם טויער א גרויסער הונט, און פאר הינט האָב איך מוירע. דורך דער מאהאלע גייט מען אפן בעסוילעם ארוף. און פאר א בעסוילעם האָב איך נאָך מע־רער מוירע. נאָר וואָס זײַנען די גרעסטע מוירעס קעגן א פּאָר אלציינע גליטשערס מיט שרויפן?

גייען מיר. די גליטשערס האָב איך אויסגעטאָן און האלט זיי אין דער האנט. די צוויי אָפּגעריבענע קוטשמעלעך זײַנען אונדז ביידן פארוקט אפן שפּיץ קאָפּ. מיר שפּאנען איינער לעבן אנדערן און שווײַגן. אין ביידע זײַטן מאהאלע הייבן זיך אָן אוועקציִען לאנגע נידעריקע פּלייטלעך, שטרוי־ענע פארשנייטע דעכלעך. אינמיטן די הויפן —ביימער. הויכע און שמאָ־לע שטייען די ביימער פּאָרלעכווײַז פּאַרנט באם וועג, נידעריקע און קײַלעכיקע — צעוואָרפענע בארג־ארוף הינטער די שטיבלעך. און אלע זײַנען זיי ווײַסע, נאקעטע, באזעצטע מיט צענדליקער פישטשענדיקע פיי־געלעך. מאכנעסווײַז טוען די פייגעלעך אלעמאָל א פלי אָפּ מיט א זשום,

און פון די צווײַגן הייבן זיך אָן שיטן אױף אונדז גרויסע ווייכע שניי־פלאַכטעס. די שטילע ווײַסקײַט ארום־און־ארום שמעקט מיט אזא שאַר־פער פרישקײַט, ווי ערעוו פייסעך אין שטעטל, ווען די שטיבלעך בלײַבן שטיין אויסגעליידיקטע, אויסגעקאַלכטע, מיט צעעפנטע פענצטער. עס ווילט זיך ארויסלאָזן א געשריי פונעם האַלדז, קעדיי צו דערהערן א שיין קלינגענדיק ווידערקאָל. נאָר איך האָב אַלץ מוירע. איך כאַפּ אַלעמאָל א קוק אף מײַן כאַווער, וואָס גייט לעבן מיר. דאָס פּאָנעם זײַנס איז, ווי פריזער, א גוטס און א צעשמייכלטס. נאָר ווער ווייסט? עפּשער שמייכלט ער אומיסטן אזוי? ווער ווייסט, צי איז דאָס גאָר ניט קיין פארשטעלטער פּיפּערנאָטער, קיין אָנשיקעניש פון די כיידער־מײַסעס? ווּהין פירט ער מיך? וואָס וועט ער טאָן מיט מיר?

— שאַ, — טו איך א זאָג, — כ׳האָב גאָר פארגעסן. וועמענס זשע ביסטו?

— פעטרע דעם מוליערס... דער, וואָס מאַכט צורעכט אויוונס... וואָס זשע, קענסט ניט פעטרע דעם אויוון־מאַכער?

— נאַרסט מיך ניט אָפּ?

— און דו, וועמענס ביסטו?

— ווער, איך?..

און מיטאַמאָל פאַלט מיר אײַן א גוואַלדיקער אופּטו:

— איך? איך בין... דעם גווירס... פּיניע פּאַווינסקיס...

— וועמענס? דעמס מיט דער גרויסער קלייט?

— יאָ, יאָ... מיט די אײַזערנע שטאָרן!

— ס׳קען ניט זײַן.

— כ׳זאָל אזוי לעבן.

— גיי. אזעלכע בגאָדים?..

— דאָס איז... דאָס בין איך אזוי באַשטראָפט... כ׳האָב הײַנט ניט גע־וואָלט אופעסן ביז צו דער שפּענטע די בולקע מיט פּוטער... טאָמיד טוט מען מיר אזוי... אז איך וויל ניט אופעסן דאָס שטיקל בוימל־בולקע מיט פּוטער, טוט מען מיך אָן אָרעם, — טו איך א זאָג אָפּ און פיל, ווי כ׳האָב פונעם וואָרט אליין בוימל־בולקע באַקומען א מויל מיט וואַסער.

— און אזעלכע גליטשערס?

— אויך דערפאַר... דאָס זײַנען די וואָכעדיקע... אכוץ האָב איך ערשט שפּאָגל־נײַע... אָ, אָ, נאָך ווי...

איך טו ווידעראַמאָל א קוק אפן ייִנגעלע. דער אופּטו, זע איך, איז אָן אופּטו. ער האָט זיך א ביסל אָפּגערוקט פון מיר, זעט אויס געקריגן דערעכערעץ. דאָס פּאָנעם זײַנס האָט זיך פארכמורעט. מע דאַרף, הייסט עס, די זאַך פארשטאַרקערן:

— מײַן טאַטע... רעב פּיניע פּאַווינסקי... איז א מעסוקענער קאַעסניק... אַלע ציטערן פאַר אים... מע זאָגט, אז ער דערלאַנגט די פּריקאַזטשיקעס זײַנע פלאַמפּײַערדיקע פּעטש!..

דאָס ייִנגעלע שווײַגט. מיר האָבן אָנגעהויבן גיין א ביסל פּאַוואָליער.

פונדערוויַיטנס, רעכטס, זעט זיך שוין אָן דער בעסוילעם. מיר שפּאַנען לענגויס דעם טיפן בארג־אָפּשיט, וואָס איז איצט ביזן אָפּגרונט פאַרצויגן מיט שניי און זעט אויס אין מײַנע אויגן ווי צוגעדעקט מיט גרויסע סוידעסדיקע לײַלעכער. איך נעם זיך אָן מיט האַרץ און רייד ווײַ־טער:

— אז ס'קומט אין שטעטל דער פּרעפעקט, נעכטיקט ער בא אונדז, בא פּיניע פּאווינסקין... ער האָט א נאַהײַקע... א ביקס...

נאָר כ'האָב נאָך ניט באוויזן אויסצורעכענען דעם ראשקעוווער נאַגידס גאַנצן יִכוס, אז דאָס יִנגעלע האָט מיטאמאָל א שפּרונג געטאָן צו מיר, אין איין אויגנבליק בין איך געבליבן אָן די גליטשערס אין די הענט, און אפן בארג־אָפּשיט, פון אויבן ביז אראָפּ, האָט זיך אָנגעצייכנט א לאַנגער גרויער פּאַס אין שניי.

יאָ, אויב ס'האָבן ניט געהאָלפן קיין שום אופטועץ, איז דאָס טאַקע, אפּאָנעם, ניט קיין פּאָשעט יִנגעלע, נאָר ווער ווייסט וואָס פאַר אַן אָנשי־קעניש. און כ'האָב געכאַפּט די פּיס אָף די פּלייצעס און גענומען לויפן, פּײַל־אויסן־בויגן, מיט דער נעשאָמע אין די הענט.

---

עס זײַנען אוועק יאָרן.

איבער ראשקעוווער געסלעך לויפט א באַלעגאָלישער וואָגן מיט גלעק־קער. לייזער באַלעגאָלע, אייביק אין א גראָבער האָריקער בורקע, פאַר־גאַרטלט מיט א ברייטן לײַוונטענעם גאַרטל, האָט מיך געבראַכט צו פירן אהיים אָף פּייסעך.

איך בין שוין א גרויסער. כ'ארבעט שוין א פּאָר יאָר אין שטאָט. איך ווייס שוין א סאַך וועגן לעבן. און וויפל איך ווייס, שטעל איך מיר פאָר נאָך מערער. איך ווייס שוין גוט, וואָס דאָס איז אזוינס אי פאַבריק, אי הונגער, אי שוין אפילע דאָס, וואָס מע רופט אָן קאַמף.

די מאַמע דרייט זיך ארום מיר א צעשײַנטע און לאָזט פונדעסטוועגן א טרער:

— אויצער מײַנער... זע נאָר א מין אויסגעצויגנקײַט, א מין אויס־געדאַרטקײַט. דאָס פּאָנעם פאַרביטן, די באַקן אײַנגעפאַלן... נו, האָסטו עס באַדאַרפט? מיר פאַר דיר... זון מײַנער!..

פאַרנאַכט זײַנען זיך געקומען זען מיט מיר מײַנע כאַווײרים. כ'האָב זיי אזויפיל צו דערציילן. לאָזט זיך אויס, אז דאָ אין ראשקעוו שלאָפט מען אויך ניט. זיי האָבן מיך מיטגערופן מיט זיך. מיר האָבן געשפּאַנט איבער פינצטערע היימישע הינטערגעסלעך.

בא גיטל דער נייטאָרן איז דאָס פענצטער געווען פאַרהאַנגען מיט א שאַל. כעוורע — אי פונעם שטעטל, אי פון דער מאַהאַלע — אין אויסגע־נייטע קאָסעוואָראָטקעס, אין פּראָסטע דאָרפישע העמדער, זײַנען געזעסן אין שטוב אײנס לעבן אנדערן אפן טאָפּטשאַן, געשטאַנען אויסגעשטעלט לעבן די ווענט, צונויפגערוקט זיך צו דרײַ אָף א טאַבורעטל. לעבן דער

ניי־מאשין, ווי פאר א מין שטענדער, האָט רעזניצקי, א לערער אין שטעטל, גערעדט וועגן קלאסנקאמף, דערציילט דעם אוילעם, ווען מע דארף פײַנט האָבן און ווען מע דארף ליב האָבן.

צווישן אוילעם האָב איך דערזען פעטערע דעם מוליערס זון.

אונדזערע אויגן האָבן זיך באגעגנט און איינע צו די אנדערע צע־שמייכלט זיך. רעזניצקי האָט גערעדט. אין צימער איז געווען שטיל. און אין דער שטילקייט האָב איך געהערט, ווי מײַן כאווערס אויגן פרעגן מיך מיט פאריבל: איי, דו, פארוואָס האָסטו מיך דעמלט אָפּגענארט?.. כ׳האָב דאָך דיר געוואָלט טאָן א טויווע...

ס׳איז געווען קלאָר, ווען ער האָט דעמלט אלס קינד „עקספּראָפּרי־ירט". און מײַנע אויגן האָבן אים געענטפערט מיט האסקאָמע: זײַן פײַנט־שאפט איז אויך געווען מײַן פײַנטשאפט.

נאָך דער לעקציע האָבן מיר זיך ביידע ארומגענומען, לאנג זיך גע־האלטן בא די הענט, און געפילט, ווי עס שטראָמט אין זיי איין וואַ־רעמקײַט: מײַן ליבשאפט איז אויך געווען זײַן ליבשאפט...

# אין דעם טאָג, ווען ראשקעוו איז געוואָרן סאָוועטיש



סאך זאכן זײַנען פאָרגעקומען אין דעם טאָג. איך אליין בין ניט געווען דעמלט אין ראשקעוו. נאָר אז ראשקעווער דערציילן, איז גלײַך ווי דו זעסט עס פאר די אויגן, איז גלײַך ווי דו ביסט אליין געשטאנען דערבײַ.

שנײַדערלעך האָבן געטאסקעט אף די פּלייצעס די ניימאשינען זייערע, אָפּגעגעבן זיך איינער דעם אנדערן מאזלטאָוו, צונויפגעטראָגן די מאשינען, ווי אָפּגערעדט צווישן זיך פון פריִער, אויבן אין גאס צו די שויכעטמאנס אין דער גרויסער קלייט, מיט די צוויי גרויסע באלעבאטישע לאָדנס, וואָס איז שוין לאנג געשטאנען ליידיק, איז שוין לאנג קיין קלייט ניט געווען. אויסגעשטעלט זיי, די מאשינען, איינע הינטער דער אנדערער, ווי, לעהאוודל, בענק אין א קלאס, ווו קינדער לערנען זיך, אָנגעהויבן שטעפן בעכעוורוסע, מיט א פריילעך פארשײַט זינגערײַ, בא צעפּראלט־צעעפנטע פענצטער: זאָל די גאס זען, אז זיי, די באלמעלאָשקעס פון די הינטערגעסלעך, די וויסטע פאלגעס, ווי מע רופט זיי דאָ, האָבן איצטער די גאנצע דייע — אויס מײַנס־דײַנס, אויס רײַסן זיך און בײַסן זיך איבער א קוינע, וואָס דארף אופנייען א פּאָר הויזן. וויִאזוי די שנײַדערלעך האָבן זיך שוין אין ערשטן טאָג דערוווּסט, אז דאָס דאָזיקע מין ארבעטן שנײַדערײַ בעכעוורוסע הייסט ארטעל — ס׳איז אפילע אין איין שמיי־דריי אויסגעוואקסן א קארטאָנענע וויוועסקע בא די שויכעטמאנס אפן גאנעק, — איז שווער צו דערגיין. נאָר וואָס שנײַדערלעך ווייסן, ווייסן

ניט, זאָגט מען, די גרעסטע פילאָזאָפן, די גרעסטע קאָמפּאָזיטאָרן אין דער וועלט.

אין שטעטל האָט זיך געזשומעט און געראַשט, מ'האָט זיך געקושט אין די גאַסן, אונטערטענצלענדיק, אַגיל־וועסמעכדיק, ווי סימכעסטוירע פאַר־נאַכט, נאָר שיקער איז מען געווען ניט פון קיין גלעזל בראָנפן, נייערט פון גרויס גליק און גרויסער פרייד.

מאַמעס האָבן פאַרפּוצט די קינדער זייערע אין די בלאָע שאַבעסדיקע מאַטראָסקעס, זיך אַליין אָנגעטאָן אין ווײַסע קראָכמאַלעטע קאָפּטעלעך. אַף אַלע ראָשקעווער לאַצן האָבן זיך באַוויזן רויטע באַנטיקלעך. אַ גאַנץ שטעטל, קליין און גרויס, אַלט און יונג, רײַך און אָרעם, מאַנצבל און ווײַב — מיט פֿײַערדיק־רויטע באַנטיקלעך אַף די לאַצן.

קלייטן און קלייטלעך אין מאַרק זײַנען געשטאַנען מיט האַלב־אָפענע טירן: אַז מע וויל, הייסט עס, אַז זיי זײַנען אָפן, און אַז מע וויל, הייסט עס, זײַנען זיי פאַרמאַכט — וויאַזוי ס'וועט פּאַסטן, ווי דאָס ווינטל וועט אַ בלאָז טאָן.

אַ כאַוואַר מײַנער פון די קינדער־יאָרן, דער לאַנגער לייב קושניר מיט דער בלאָנדער געקרויזטער „פריטשאָסקע" זײַנער, האָט ביז עפּעס־וואָס, ביז די רויטע אַרמיי וועט אַריבערקומען פון יענער זײַט דניעסטער, פאַרגאַרטלט זיך מיט צוויי גאַרטלען, איין גאַרטל אין דער ברייט און איין גאַרטל אין דער לענג, און גענומען אַף זיך די היסכײַוועס אָפּצוהיטן די אָרדענונג אין שטעטל, איז געוואָרן אַ מין נאַטשאַלניק מיליציע.

דעם „שטאַב" זײַנעם האָט ער געמאַכט אונטן אַף דער שפּאַציר־גאַס, גראַדע לעבן ראָווס הויף, גראַדע אין מאַגידס אַלטער אָנגעגלאָזטער סוקע.

דאָ האָבן זיך צונויפגענומען אַ צען־פופצן כעווורע. לייב האָט געגעבן קאָמאַנדעס, אויסגעשריגן באַפעלן, אַלעמאָל געווישט זיך מיטן אַרבל דאָס פאַרשוויצטע פּאָנעם, מיט די לאַנגע פינגער אַלעמאָל צוריק אַרופגעקעמט די ניט רויקע טשופּרינע זײַנע, וואָס האָט בעשום־אויפן ניט געוואָלט אײַנליגן אַף קיין אָרט, איז זיך אים אַלעמאָל צעפאַלן איבער די אויגן.

— פרידל, ביוקע, הערשל, טוט אַ לויף צו צו שויעל גאַנדלסמאַן און טוט אַ קוק, ווי עס גייט דאָרט דאָס לייזעכץ!

— יאַנקל, באַרעך, אַרקע, גיט זיך אַ דריי דורך לעבן גאַלעכס הייפל, קוקט אַרײַן אינווייניק!

— מענדל, מוישע, איר נעמט אַף זיך די שולן!

— כאַיִם, האַלט אַן אויג אַף מעלניקן, אָפּן קוזיסט!

די מאַנופאַקטור־קלייטן האָט מען געהייסן עפענען, נאָר לעבן יעדן קרעמער האָט מען אוועקגעשטעלט צוויי „פּרעדסטאַוויטעלעס" פון די אַרבעטער. דער קרעמער האָט געמאָסטן און געשניטן, און דאָס געלט באַ די קונדן האָבן גענומען די פאַרשטייער. קיין סאַך קונדן זײַנען, פאַר־שטייט זיך, ניט געווען, האָבן די „פּרעדסטאַוויטעלעס" סײַוויסײַ געהייסן דעם קרעמער אויסמעסטן אַלצדינג, וואָס ער פאַרמאָגט, אָנרופן יעדער שטיקל סכוירע באַם נאָמען, און זיי האָבן אַלצדינג, ביז אין אַ סאַנטימע־

טער, פאַרשריבן אױף פּאַפּיר, איבערגעשריבן דערװײַל, הייסט עס, דעם קרעמער די קלייט.

דער גרעסטער מאַנופאַקטורשטשיק אין ראַשקעװ, שויעל גאַנדלס־מאַן, — די קלייט זײַנע האָט מען געשאַצט באַ די דרײַ מיליאָן, — איז געשטאַנען הינטער דער סטאָיקע, לעבן די הױכע אָנגעדאָפּטשעטע ראָפּטן, מיט אַן אַראָפּגערוקטער שליאַפּע, אַ ניט אָפּגעראַזירטער, אַ בלײַכער און פּאַרעלטערטער, און געפּרוװט אַ רעד טאָן מיט די צװײ „פּרעדסטאַװיטע־לעס" ליטעראַריש: מע זעט בוילעט, — האָט ער געזאָגט, — אַז די עפּאָכע איז רײַף און רײַך און טראָגט זיך זיגזאַגיש אױף שטאָלענע רעלסן. ער אַליין איז, װי מע װײסט, אין גרונט אַ פּאָלקס־קינד, שטאַמט אַרױס פֿון פּראַצע, פֿון הענט מיט מאָזאָליעס. די רעװאָליוציע האָט ער פֿון טאָמיד אָן באַיאָעט. ער טרעט אָפּ פֿון דער אַרענע און איז גרייט צו פֿירן מיט דער געשיכטלעכער און געזעצמעסיקער װוּנדערלעכער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור פֿרידלעכע הומאַניסטישע געשפּרעכן. די צװײ פּאָרשטייער האָבן עפּעס ניט גאָר קלאָר פֿאַרשטאַנען, װאָס שויעל בעבעט דאָרט, און אים אַ זאָג געטאָן, ער זאָל װאָס װייניקער רעדן נאַרישקײַטן, װעט זײַן גלײַכער.

ייִדן, שטיקלעך מעיוכאָסים הײַנט, מאַכמעס זייערע קינדער, לינקע שעבעלינקע, האָבן ערגעץ אין גרויסע שטעט געאַרבעט אין פֿאַבריקן, געמאַכט שטרײַקן, אַפֿילע צוגעזעסן צוביסלעך אין טפּיסעס, אָנגעטאָן טאַטע־מאַמע גענוג צאָרעס, זײַנען איצט, װען צו די צאָרעס זייערע האָט סאָפּקאָלסאָף געגומען אַן עק, געשטאַנען צופֿרידענע אינמיטן גאַס אין אַ רעדל, אַלע, פֿאַרשטייט זיך, מיט רויטע באַנטיקלעך אױף די צעשפּיליעטע רעקלעך, געקליבן נאָכעס פֿון אַלצדינג, װאָס קומט איצטער פֿאָר אַרום־און־אַרום, און אַלצדינג, װאָס קומט איצטער פֿאָר אַרום־און־אַרום, אַרומ־גערעדט אי מיט פּילאָזאָפֿיש־פּאַרקנײטשטע שטערנס, װי ראַשקעװער ייִדן קענען, אי מיט אַ װערטל, מיט אַ כאָכמעלע, װי ראַשקעװער ייִדן ריידן אַרום דאָס סאַמע ערנסטע און סאַמע װאַזשנע אין דער װעלט.

איין ייִד האָט אַ זאָג געטאָן:

— שוין. ס'עט שוין מירטשעם זײַן אױס בײַסעניש און אױס קראַ־צעניש!

ניט קיין היגער װאָלט אַפֿילע ניט אָנגעהױבן פֿאַרשטיין דעם מיין פֿון די־אָ װערטער. נאָר ראַשקעװער ליגט שוין פֿון אַ פּאָר יאָר גוט אין די ביינער דאָס דאָזיקע בײַסעניש און קראַצעניש. באַ שאָלעם־אַלייכעמען ניסט אַ גאַנצע גאַס. אין ראַשקעװ האָבן עטלעכע גאַסן, הינטערגאַסן, גע־קראַצט זיך, געשונדן פֿון זיך די הױט. ס'האָט זיך אַהין די לעצטע צײַט אַרײַנגעכאַפּט אַן אָנשיקעניש — אַ בײַסעניש אױף ניט איבערצוטראָגן. מ'האָט זיך נעבעך געהאַלטן אין איין שמירן מיט סירקע־מאַסט און בעשום־אױפֿן ניט געקאָנט פּאָטער װערן פֿון דער דאָזיקער מאַגייפֿע, װאָס איז, אַפּאָנעם, אָנגעשיקט געװאָרן אױף ראַשקעװ אי איבער די ליידיקע מאָגנס, אי איבער לאַטע אױף לאַטע, אי איבער ענגשאַפֿט און אומריינקײַט און

נאָך אזעלכע גוטע זאכן, וואָס האָבן אלע איניינעם איין־און־איינציקן גוטן נאָמען: אָרעמקייט.

א צווייטער ייִד האָט געזאָגט:

— שאט נאָר, לאָמיר נאָר א רעכן טאָן. וועמען זשע וועט הײַנט, אשטייגער, קילן אין פּופּיק? שויעל גאנדלסמאנען איז איינס. כאַיִם צע־נערן איז צוויי. מיכל סימיסן איז דרײַ. טע־טע, אינגאנצן דרײַ נעגידים. דרײַ בורזשויעס. אי דאָס אויך קוים־קוים, ניט זיי מיינט מען. ראשקעוו קאָן זיך אפילע מיט קיין רעכט שטיקל נאָגיד ניט בארימען. אבעטעך, עפּשער האָט זיך גאָרניט געלוינט די גאנצע מײַסע, האָ?

א דריטער ייִד האָט א זאָג געטאָן:

— ראבויסײַ, וואָס זשע שטייען מיר דאָ? קומט אראָפּ צו טאשליך!

צו טאשליך פלעגן אמאָל ראשקעווער ייִדן גיין צום דניעסטער. די רומענער האָבן עס פארווערט. פלעגט מען די לעצטע יאָרן גיין אף דער מאהאלע, צום איזוואָר, צום שיפּעט, אויסשטעלן זיך מיט די מאכזיירימלעך אין די הענט, ראָשהאשאָנעדיק פארדווייקעט, ארום קליינעם קוועלכל און א פּאָנעם האָבן ווי כויזעק. איצט מעג מען שוין זאָגן „קומט אראָפּ צו טאשליך" און פּאָשעט מיינען „קומט אראָפּ צום דניעסטער". כוץ דעם, האָבן דעם ייִדנס ווערטער געהאט נאָך א מיין: קומט אראָפּ איבערקערן די קעשענעס און אויסטרייסלען די אווירעס, מיט וועלכע מיר האָבן געזינדיקט קעגן אונדזערע קינדער, וואָס האָבן ערגעץ אין גרויסע שטעט געארבעט אין פאבריקן, געמאכט שטרײַקן, געזעסן אין טפּיסעס, און מיר, טאטע־מאמע, זײַנען זיי צוביסלעך דערגאנגען די יאָרן דערפאר. כוץ דעם, האָבן די ווערטער געהאט נאָך א מיין: מע דארף אראָפּגיין צום דניעסטער באגעגענען די רויטע ארמיי. ווער דען זאָל זיי די ערשטע באגעגענען, אויב ניט מיר, טאטעס פון אזעלכע קינדער?..

אָט ווי ראשקעווער ייִדן ריידן מיט רעמאָזימלעך, מיט מיינעלעך: איין וואָרט גערעדט און צוואנציק ווערטער געטראכט, געמיינט.

א האלב שטעטל איז געשטאנען אפן ברעג פונעם דניעסטער איינס לעבן אנדערן, אין דער גאנצער לענג, טאקע נאָר ווי בא טאשליך, און געוואַרט. וויַאזוי ראשקעוו האָט געהאט דעם קויעך און די האָזע צו טראכטן, אז די רויטע ארמיי וועט כאפּן און אריבערקומען דעם דניעסטער גראָד דאָ, אהער קיין ראשקעוו, איז ניט שײַעך, אף ראשקעוו פרעגט מען קיין קאשעס ניט.

נאָר די רויטע ארמיי האָט, פארשטייט זיך, ראשקעוו אפילע ניט געזען. טאנקען מיט גרויסע פּינפּעקיקע רויטע שטערנס פאָרנט אף די נעז, מיט רויטע צעפלאטערטע פענדלעך, מיט אָפּגעברענטע פארווינטיקטע פּענעמער איבווייניק אין די אָפענע דעקלעך, האָבן זיך גערוקט אף די ברייטע שאָסיי־וועגן ערגעץ צווישן בענדער און קעשענעוו, צווישן סאָראָקע און בעלץ. גערוקט זיך צווישן טויזנטער מענטשן, וואָס זײַנען געשטאנען אין ביידע זײַטן וועג און געפּאָכט מיט טיכלעך, באוואָרפן די טאנקען מיט בלומען, אויסגעשריגן אף קוילע־קוילעס א באָרעכהאבע דער רויטער ארמיי, וואָס איז שוין ענדלעך געקומען און איז שוין ענדלעך דאָ.

קיין ראַשקעוו איז בלויז אָנגעקומען אַ יעדיִע. אַ הוילע יעדיִע. און די דאָזיקע יעדיִע האָט שוין געהאַט אין זיך דעם גאַנצן קויעך. זי האָט שוין אַלצדינג געטראָגן אין זיך. זי איז געווען גענוג, אַז איבער נאַכט, אין איין קעהערעף־אײַען, קאָן מען זאָגן, זאָלן אויפֿקער זײַן פונעם שטעטל דער שעף־דע־פּאָסט מיט זײַנע זשאַנדאַרן, דער גאַנצער פּיקעט מיט די גרעניטשערן, דער פּרימאַר, דער פּערטשעפּטאָר און נאָך אַ פּאָר אַזעלכע רומעניִשע לײַט, וואָס זײַנען גאַנץ ברייט געזעסן אויף ראַשקעוו און ס'איז זיי געווען ווייך צו זיצן, ס'האָט זיך זיי ניט געגלוסט אַראָפּצוגיין.

די דאָזיקע הוילע יעדיִע האָט שוין געהאַט אין זיך דעם קויעך, עס זאָל זיך אין איין טאָג אָפּטאָן דאָס, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן. עס זאָלן זיך אַפֿילע בײַטן אַלטע רעגילעסן, געפֿילן, אַפֿילע פאַרבן, אַלטע אײַנגעוואַקסענע פּאָרורטיילן, ווי עס איז שוין אויבן דערציילט געוואָרן, און ווי עס וועט באַלד ווײַטער, אין צווייטן קאַפּיטל, דערציילט ווערן.

אַ האַלב שטעטל איז געשטאַנען באַם דניעסטער און געוואַרט. אויף יענער זײַט, אין אוקראַיִנישן, אַלט־סאָוועטישן ראַשקעוו, האָט זיך פּאַוואָלינקע אויך אָנגעהויבן אַראָפּיאַווען אַן אוילעם צום דניעסטער. אוילעם איז געשטאַנען קעגן אוילעם. דער דניעסטער איז זיך געפֿלאָסן אינדערמיטן, ווי ניט אים מיינט מען. וואָס ווייסט סאָפּקאָלסאָף אַ דניעסטער? אוילעם האָט ביסלעכווײַז אָנגעהויבן אַריבערשרײַען איינער צום אַנדערן, וואָס אַמאָל העכער, שטאַרקער, אומפּאַרשטענדלעכער, גלײַך פון די געשרייען וועט באַלד ווערן אַ בריק און אויף דער בריק וועט מען זיך אַ לאָז טאָן איינער אַנטקעגן אַנדערן, פּונקט אין דער מיט בריק באַגעגענען זיך, אַרומכאַפּן זיך, און אַרײַנפאַלן איינער דעם אַנדערן אין די אָרעמס אַרײַן.

לייב קושניר, פאַרגאַרטלט מיט די צוויי גאַרטלען זײַנע, איין גאַרטל אין דער ברייט און איין גאַרטל אין דער לענג, איז אַראָפּגעקומען צום דניעסטער מיט פיר כעווירע, און די פיר כעווירע האָבן געטראָגן אויף די פיר אַקסלען זייערע אַ לאָדקע, אַ שיפל. מ'האָט דעם אוילעם געהייסן מאַכן אַ וועג, און די לאָדקע צוגעשטופּט צום וואַסער־צו. לייב מיט די פיר כעווירע זײַנען מיט גאָר כשיוועסדיק־ערנסטע פּענעמער — זיי גייען איצט אָפּטאָן די סאַמע איקערדיקע זאַך פונעם טאָג — אַרײַנגעשפּרונגען אין דער לאָדקע און זי פאַמעלעך אַריבערגעוועסלעט אויף יענער זײַט.

אין אַ האַלבער שאָ אַרום האָט זיך די לאָדקע אָנגעהויבן שיפן צוריק. אויבנאָן, צווישן לייב קושניר און די פיר כעווירע, איז געזעסן אַ מענטש אין אַ ווײַס אויסגעניייט העמדל, אין אַ גרין היטל מיט אַ פירעקעכדיקן דאַשעק און אין בלאָווע גאַליפע־הויזן, אַרײַנגעלאָזטע אין זומערדיקע פּאַרוסינענע שטיוול. דאָס איז געווען דער פּאָרזיצער פונעם אַנטקעגנדיקן שטעטלדיקן סאָוועט. נאָר ראַשקעווער ייִדן, וואָס האָבן אין זיך אַ קויעך אַלצדינג איבערצוטרײַבן און צו אַלצדינג צופאַנטאַזירן, האָבן אין דעם דאָזיקן מענטשן געזען ניט נאָר איין פּאָרזיצער און ביכלאַל ניט נאָר איין מענטשן. זיי האָבן פאַר זיך דערזען די „סאָוועטן“, די „ברידער“, ווי אונדזער בעסאַראַבער ראַשקעוו פלעגט רופן דאָס יענזײַטיקע אַנטקעגנדיקע סאָוועטישע ראַשקעוו.

אין איין אויגנבליק, לייב קושניר האָט אפילע ניט באוויזן צו זען ווער און ווען, האָט מען דעם מענטשן מיט דער ווײַסער אויסגענייטער בלוזקע ארויסגעכאפּט פון דער לאָדקע, ארופגעכאפּט אף די הענט, און אזוי־אָ, אופהייבנדיק אים אלעמאָל אין דער הייך און שרײַענדיק אלע „הורא״, האָט דער גאנצער אוילעם ארופגעשפּאנט מיט אים דורך דער באָד און דורך די דרײַ שולן אין שטעטל ארוף.

דאָס איז געווען די ערשטע גרויסע דעמאָנסטראציע אין ראשקעוו, דער ערשטער גרויסער באָרעכהאבע, וואָס ראשקעוו האָט אָפּגעגעבן דעם נײַעם לעבן. ראשקעווער, אז זיי ווילן, קענען זיי. ווי פון אונטער דער ערד איז באלד אויסגעוואקסן צווישן אוילעם א רויטע פאָן, ס׳האָט זיך אפילע באוויזן א שמאָל רויט שטיק לײַוונט מיט ווײַסע אָנגעמאָלטע אויסיִעס דערוף: „זאָל לעבן דאָס באפרײַטע, פארייניקטע, סאָוועטישע ראשקעוו!״

אלע דריטהאלבן ראשקעווער גאסן האָבן זיך אָנגעפילט מיט מענטשן פון עק צו עק, קיין שפּילקע־קעפּל, ווי מע זאָגט, ניט דורכצושטופּן. דער פּאָרזיצער פון דעם אנטקעגנדיקן שטעטלשן סאָוועט איז געשטאנען העט אויבן אף כאִים־דאָוויד קייסערמאנס הויכן גאנעק, געהאלטןביידע הענט אף דער פּאָרענטשע און פּײַערדיק גערעדט. און איבערן גאנצן שטעטל האָבן אלעמאָל, ווען מ׳האָט געדארפט און ווען מ׳האָט אפילע ניט גע־דארפט, א דונער געטאָן קוילעס מיקאָל האאמינים: באסאָווע, ברייטע — מאנצבלשע; דינע, קוויטשענדיקע — ווײַבערשע; נאָך דינערע, צארטע, אויסגעצוונגענע — קינדערשע. און אלע קוילעס האָבן זיך געהערט אין איין צײַט, ווי איין קאָל:

— הורא־א־א־א־א!.. הו־רא־א־א־א־א־א! רא־א־א־א־א־א!..

אָט אזעלכע און נאָך אנדערע אזעלכע זאכן האָבן זיך אין ראשקעוו אָפּגעטאָן אין יענעם ערשטן טאָג, ווען ראשקעוו איז געוואָרן סאָוועטיש.

נאָר כ׳וויל איצט דערציילן וועגן צוויי איבערבעטעניש, צוויי גרוי־סע איבערבעטעניש, וואָס זײַנען פּאָרגעקומען אין יענעם טאָג. זיי זײַ־נען פּאָרגעקומען שטיל, פּריוואט, קאָן מען זאָגן, זײַטיק, נאָר איך וויל זיי ארײַנשטעלן אין דער סאמע מיט, אין סאמע צענטער, מאכמעס אזעלכע צוויי רויגעזן וואָלט נאָר די ערד אין ראשקעוו געווען צוגעדעקט, און קיין שום איבערבעטעניש וואָלטן קיינמאָל ניט פּאָרגעקומען, ווען אזא טאָג וואָלט אין ראשקעוו ניט געווען פּאָרגעקומען.

אייגנטלעך, זײַנען פּאָרגעקומען א סאך איבערבעטעניש. ס׳האָבן זיך, לעמאָשל, באלד איבערגעבעטן די ראשקעווער יִדישע יִנגלעך און מייד־לעך מיט די ראשקעווער ניט־יִדישע יִנגלעך און מיידלעך פון די צוויי מאָלדאווישע מאהאלעס אין ביידע זײַטן שטעטל. קיינער האָט זיי דאָס ניט געהייסן טאָן. אליין די לופט האָט זיך באלד אָנגעפילט מיט דער דאָזיקער כאווערישקײַט. מע האָט זיך אָן שום מײַסעס אליין צונויפגענומען אלע איניינעם אין „באנק״ — א ניט פארענדיקטער ביניען מיט פּארמויערטע

פענצטער, ווו דאָס שטעטל פלעגט אמאָל אין א פּורים שפּילן טעאַטער און די כעוורע פון די מאַהאַלעס פלעגן אינמיטן שפּילן באוואַרפן דעם בלעכענעם דאַך מיט שטיינער. מ׳האָט זיך אָנגעהויבן איניינעם פאָרען אין „באַנק": שמירן, באוואַשן, צונויפטראָגן בענקלעך, באַפּוצן מיט קילעמעס, ווי א יונג פּאָרפאָלק פאָרעט זיך אין דער דירע זייערער, וווהין זיי האָבן זיך אַריַינגעפירט באַלד אפן ערשטן טאָג נאָך דער כופּע און ווו זיי דאַרפן אָפּלעבן איניינעם א גאַנץ לעבן אין אוישער און אין קאָוועד.

ס׳האָבן זיך איבערגעבעטן צווישן זיך צעקריגטע ברידער, וואָס האָבן זיך אַלע יאָרן געהאַרגעט און געקריגט איבער א יערושע: א פּאַרנאָסע־שטיבל, מישטיינסגעזאָגט.

ס׳האָבן זיך איבערגעבעטן צווישן זיך גלאַט אַזוי צעקריגטע שכיינים, וואָס קריגן זיך שוין ווייסעך וויפל, בעטן זיך פון צײַט צו צײַט איי־בער, און אַלעמאָל אפן אַנדערן טאָג נאָכן איבערבעטן זיך בלײַבט אפן אַלטן: מע קריגט זיך ווידער.

נאָך די צוויי איבערבעטענישן, ווענן וועלכע איך גיי דערציילן, האָבן געטראָגן אין זיך אַלצדינג, האָבן קוילעל געווען אין זיך אַלע רויגעזן און אַלע איבערבעטענישן איניינעם, ווי דער לייענער וועט עס באַלד אַליין זען.

מיט יאָרן צוריק איז אין איינעם א טאָג געשען אין ראַשקעוו א גרויסער אומגליק: דרײַ מיידלעך, דאַפקע דרײַ באַלעבאַטישע קינדער, זײַנען אַנט־לאָפן פון דער היים און זיך אַלע דרײַ געשמאַדט.

איך בין נאָך דעמלט געווען א פּיצל קינד, נאָר די דאָזיקע היסטאָריע געדענק איך. איך געדענק, ווי דורך א כאַלעם, וואָס עס האָט זיך דעמלט געטאָן בא מײַן באָבע יענטען און באַם זיידע זוסיען אין שטוב. ס׳האָט זיך פּלוצעם אופגעהויבן אין דרויסן א מעסוקענער ווינט, א בערע, א וויכער — אַן אומקומעניש, געריסן דעכער פון די הײַזער, אויסגעזעצט בא דער באָבע יענטען אין שטיבל עטלעכע טאַפּליעס, וואָס מ׳האָט דער־נאָך פאַרשטעקט מיט קישעלעך, און די באָבע יענטע איז אומגעגאַן און זיך געבראָכן די הענט, געטײַנעט, אַז דאָס אַלץ איז איבער זיי, איבער די דאָזיקע דרײַ מיידן, די אויסוווּרפן, די מעשומעדעסטעס, וואָס האָבן זיך ניט גערעכנט ניט מיט גאָט, ניט מיט טאַטע־מאַמע.

מ׳האָט געשמועסט, אַז דאָס איז געשען איבער ליבעס, ראַכמאָנע־ליצ־לאָן; ווער ס׳האָט געזאָגט — איבער די גוטע ביכלעך, מיט וועלכע די דאָזיקע דרײַ מיידלעך האָבן זיך אָנגעלייענט; און ווער ס׳האָט געזאָגט, אַז פּאָשעט איבער דרינען, וואָס ס׳איז זיי אין ראַשקעוו געווען מעסוקן אומעטיק — אף אָדער אָפּצוטאָן אַזאַ זאַך, אָדער גיין און נעמען זיך דאָס לעבן.

דאָס ערשטע מיידל ווייס איך אַדהײַעם ניט ווער דאָס איז געווען. די טאַטע־מאַמע דעם מיידלס זײַנען אָדער פאַר ווייטעק געגאַנגען פון דער וועלט, אָדער פאַר כאַרפּע ערגעץ אַרויסגעפאָרן פונעם שטעטל, און קיין שום שפּור ניט, קיין שום סליעד איז פון דער גאַנצער מישפּאָכע אין ראַשקעוו ניט איבערגעבליבן.

4*

דאָס צווייטע מיידל איז געווען מוישע־כאַים לערערס א טאָכטער. אין א צײַט ארום, ווען איך בין שוין געוואָרן גרעסער, פלעגט מוישע־כאַים ארײַנקומען אין די ווינטער־אָוונטן צו אונדז אין שטוב ארײַן מיר און מײַן קלענער ברודערל יִסראָליקן געבן אן „אוראָק". ער פלעגט מיט אונדז זיצן באַם טיש טאָמיד אָנגעטאָן אין דער פּאלטאָ, דעם קאָפּ אײַנגעהויקערט אין קאָלנער. די מאמע פלעגט אים צוטראָגן א ווארעמע גלאָז טיי און פלעגט דערנאָך דערציילן דעם טאטן מיט א זיפץ, אז מוישע־כאַים לערער שרומפּט אײַן פון טאָג צו טאָג, ווערט נעבעך פון טאָג צו טאָג קלענער און קלענער.

ער איז טאקע געזעסן, מוישע־כאַים, און מיט אונדז געלערנט — א מעסוקן קלייניקער, אן אײַנגעדייוועטער, א פאַרקאָרטשעטער, א פאַרפאַלן־געוואָרענער אין זײַן גראָבער שווארצער פּאלטאָ, געזעסן און אלעמאָל מעסוקן געזיפצט. מיר האָבן געמיינט, אז דאָס זיפצט ער אזוי, קוקנדיק אף אונדז, אף זײַנע צוויי טאלמידים, וואָס קיין גרויסע טאנאָים, זעט מען שוין, וועט פון זיי ניט אויסוואקסן. ער פלעגט אף אונדז קיינמאָל ניט אָנשרײַען, קיינמאָל ניט ארויסברענגען קיין הויך וואָרט אף די ליפּן. ער האָט צו אונדז טאָמיד גערעדט שטיל, מיט א פּאָר טרויעריק־ראכמאָנעסדיקע אויגן, מיט א קײַלעכדיק־צונויפגעצויגן מײַלכל; און אז דאָס ברודערל מײַנס, יִסראָליק מאמזער, פלעגט אמאָל ארונטערשטופּן דאָס הענטל זײַנס אונטער מוישע־כאַימס לאנגער באָרד און דאָרט א קראַץ טאָן צי אפילע א צופּ טאָן, פלעגט זיך מוישע־כאַים מאכן ניט זעענדיק און ניט פילנדיק און אונדזערע טאטע־מאמע האָבן זיך קיינמאָל ניט דערוווּסט, וואָס פאר א זונדל אן אויצער זיי פארמאָגן.

די געשמאדטע טאָכטער מוישע־כאַימס האָט אלע יאָרן אָפּגעלעבט אין א דאָרף, קיין ראשקעוו קיינמאָל דאָס פּאָנעם ניט געוויזן. זי לעבט נאָך הײַנט אין יענעם דאָרף, צוויי מיידלעך אירע ווינען אין קעשענעוו, ווייסן, אז זיי שטאמען פון ראשקעוו. ווען איך באגעגן זיי אמאָל, קוקן זיי אף מיר מיט זייערע שווארצע ווארעמע אויגן, ניט ווי מע קוקט גלאט אזוי אף א בען־איר, נאָר ווי מע קוקט אף אן אייגענעם, א נאָענטן.

ער אליין, מוישע־כאַים, אָלעוואהאשאָלעם, איז שוין, פארשטייט זיך־לאנג צווישן די לעבעדיקע ניטאָ.

דאָס דריטע מיידל האָט געהייסן גיטל. נאָך דער מײַסע האָט זי זיך א נאָמען געגעבן יעווגעניע — זשעניע. גיטל־זשעניע שײַע דעם שליאפּקעמאכערס. זי איז געבליבן ווינען אין ראשקעוו. די „ליבע" אירע איז טאקע געווען א ראשקעווער מאָלדאוואנישער באָכער. א יונגערמאן א גאָלד, האָט מען געזאָגט, א שטילער, א לײַטישער, א בענימעסדיקער, וואָס מע זעט אזעלכס ניט. ער טראָגט זי, האָט מען געזאָגט, אף די הענט, וואשט איר די פיס און טרינקט דאָס וואסער — אזוי שטארק ליב האָט ער זי. זיי האָבן זיך אויסגעבויט א שטוב ווײַט אף דער „גוליאניע", לעבן דער גיטמאניכעס גאָרטן, אנטקעגן דעם שפּיטאָל. א שיינע שטוב מיט א ווײַסן שינדלנעם דאך און מיט א גרויסער געשניצטער טעראסע פאָרנט. אז ראשקעווער יִנגלעך און מיידלעך פלעגן שאבעס פארנאכט

ארויסגיין שפּאצירן, פלעגן זיי זען, ווי גיטל די מעשומעדעסטע זיצט אַף דער טעראסע מיט איר מאן, איין קינד האלט זי אַף די הענט, א צווייט קינד האלט ער אַף די הענט, מע טרינקט טיי פון א בלעכענעם סאמאָווארל און מע קושט זיך אין די פּיסקלעך. גיטל פלעגט אמאָל צורופן צו זיך א יינגל מיט א מיידל, ריידן מיט זיי יידיש, אויספרעגן זיי אַף דעם און אַף יענעם, ארופּבעטן זיי אַף דער טעראסע און מעכאבעד זײַן מיט א גוט גלעזל ווײַן און מיט א געשמאקן טעלער פּראקעס, געהילטע אין ווײַנטרויבן־בלעטלעך. דאָס מיידל און דאָס יינגל פלעגן אוועקגיין פון גיטלען מיט א טשאד אין קאָפּ — ניט וויסן, צי האָבן זיי גוט געטאָן, וואָס זיי האָבן געגעסן גיטלס פּראקעס, צי האָבן זיי ניט גוט געטאָן.

ווער איז אין יענער צײַט געווען דער אומגליקלעכסטער מענטש אין ראשקעוו? שײַע דער שליאפּקעמאכער. אין די זיבן טעג שיווע, וואָס ער איז אָפּגעזעסן נאָך גיטלען, איז ער, זאָגט מען, גראָוו געוואָרן, ווי א טויב, אלט געוואָרן און שוואך געוואָרן, ווי אן אָפּגעלעבטער זאָקן. ער האָט אופגעהערט ריידן מיט מענטשן. מ׳האָט אים מער ניט געזען זיצן באם פענצטער לעבן שפּיצעכיקן קוטשמע־קלעצל און אונטערברומענדיק, צוזינגענדיק זיך, ארײַנלייגן אין די קוטשמעס, וואָס ער האָט גענייט, דעם טאטן מיט דער מאמען. די שליאפּקעמאכערײַ האָט אָנגעהויבן פירן דער איידעם זײַנער יאָסל. א יונג א גוואר, מיט א פּאָר ברייטע פּלייצעס, מיט א גראָב קאָל, און מיט א פּאָר גרויסע אײַזערנע הענט, וואָס האָבן געקענט א כאפּ טאָן א גאנצן וואָגן, א הייב טאָן אים אינדערלופטן און אים ארופּשטעלן, אויב מ׳האָט געדארפט, אַף א דאך. פארן נאָמען אליין — יאָסל נאָסנס — האָבן געציטערט די גרעסטע שלעגערס אין ראשקעוו. נאָר קעגן דער דאָזיקער ווילדער ליבע דער שוועגערנס האָט יאָסל ניט געהאט קיין שום קויעך. עמעס, עפּעס, זאָגט מען, האָט ער יאָ געפּרווט טאָן. אין א פינצטערן באנאכט האָט מען גיטלס מאן אזוי אָנגעבראָכן די ביינער, אז ער האָט א כוידעש צײַט אַף די פיס ניט געקאָנט שטיין. דאָס איז געווען, האָט מען געזאָגט, יאָסלס שטיקל ארבעט. דעמלט האָט זיך צווישן גיטלען און דער מישפּאָכע אָנגעהויבן די גרויסע סינע. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די גרויסע צולאָכעסן, וואָס איינער האָט דעם אנדערן אָפּגעטאָן. גיטל האָט געקוילעט א כאזער און אוועקגעשטעלט זיך לעבן א טישל אין מארק, פונקט קעגן טאטנס שליאפּקעמאכערײַ, אָנגעטאָן אין א ווײַס פארטעך, און אַפן טישל זײַנען געלעגן פּאסן סאלע, רעדלעך קאָלבאס, ס׳איז געשטאנען א כאזערישער קאָפּ מיט צוויי פארברוינטע אָפּגעסמאליעטע אויערן. בא שײַע שליאפּקעמאכער האָט מען צוגעמאכט די לאָדן, פארקייטלט די טירן, באהאלטן זיך אלע אין שטוב אין טונקעלן אלקערל, גלײַך ווי אַפן שטעטל וואָלט אראָפּגעשיקט געוואָרן א מאבל, אָדער עס וואָלט פּלוצעם אויסגעבראָכן אזא פּאָגראָם, וואָס איז נאָך ביז איצטער קיינמאָל אזוי ניט אויסגעבראָכן. מ׳האָט דאָרטן, אין שטוב, טאָג־ווי־נאכט געשאָלטן די אייגענע טאָכטער און אייגענע שוועסטער מיט אזעלכע טויטע קלאָלעס, ווי מע שעלט אזוי ניט דעם ערגסטן בלוטיקסטן סוינע. די דאָזיקע גרויסע סינע האָט אזוי געהאלטן עטלעכע יאָר. מיט

דער צײַט איז זי פּאַוואָלינקע אָפּגעטעמפּט געוואָרן, צעגאַנגען זיך, ווי עס צעגייט זיך א געדיכטער נעפּל, איבערגעלאָזט בלויז א ברעכעניש און א נאָגעניש אין די ביינער. אי ביידע צדאָדים, אי דאָס גאַנצע שטעטל האָבן זיך צוגעוווינט צום געדאַנק, אַז אַזוי ווי עס איז, אַזוי דאַרף עס מיסטאָמע זײַן. עס זײַנען סאָפּקאָלסאָף פאַראַן גרעסערע אומגליקן אויף דער וועלט. גיטל פלעגט זיך אָפּשטעלן מיט ווײַבער און טײַנען: „ס'רײַסט מיר דאָס האַרץ אויף אים קוקנדיק, וואָס רעדט איר וואָס? ס'איז דאָך אייגן בלוט און פליישו!" מע דערציילט אפילע, אַז גיטל האָט אָנגעשטעלט מענטשן, זיי זאָלן אַרײַנגיין צום טאַטן און בעטן בײַ אים פאַר איר מעכי־לע, אַרײַנלייגן זיך אין שאָלעם. שײַע שליאַפּקעמאַכער האָט די שעליכים גיטלס אַרויסגעשטופּט פון דער שטוב, אויסגעבײַטלט אויף זיי אַלע זײַנע בייזע כאַלוימעס. דערנאָך, דערציילט מען, פלעגט מען צום שליאַפּקע־מאַכער אַרײַנכאַפּן אַמאָל פון דער גאַס א יינגעלע צי א מיידעלע גיטלס, אויסקושן דעם אַלע אייוורים, גוט אָנוויינען זיך דערבײַ, אָנשטופּן דעם די קעשענעס מיט ניס און מיט בייגל, און דאָס יינגעלע צי דאָס מיידעלע פלעגן אַפּילע ניט וויסן, אַז זיי זײַנען געווען צוגאַסט באַם זיידן און באַ דער באָבען, באַ א פעטער און באַ א מומען. די גרויסע סינע האָט ווי א גרויס געשווילעכץ פּאַוואָלינקע אָנגעהויבן אָפּגיין. אי די טאָכטער, אי דער טאַטע האָבן ביידע זיך ניט געוואָלט פײַנט האָבן. נאָר דווירעסדיקע דער־שלאָגנקייט, פאַרפינצטערטקייט האָבן ניט געלאָזט דאָס דאָזיקע געשווי־לעכץ אינגאַנצן פאַרשווינדן. ס'האָט געדאַרפט געשען עפּעס א גרויסע מענטשלעכקייט, א גרויסער נעס, אַז אַלץ זאָל זיך צוריק שטעלן אויפן פּלאַץ, גיטל זאָל צוריק ווערן שײַע שליאַפּקעמאַכערס טאָכטער און שײַע שליאַפּקעמאַכער זאָל צוריק ווערן גיטלס פאָטער.

און דאָס איז געשען אין יענעם טאָג.

ראַשקעוו איז דעמלט געווען צו פאַראַשט, דער טאָג איז געווען צו פול מיט פּאַסירונגען, אַז עמעצער זאָל געווען קענען אָפּגעבן דער דאָזי־קער זײַטיקער געשעעניש א באַזונדער מין כשיוועס, אַז עמעצער זאָל אַפּילע געווען קענען באַמערקן, ווי שײַע שליאַפּקעמאַכער האָט זיך פאַר־נאַכט־צו אָנגעטאָן אין שוואַרצן שאַבעסדיקן ראָק, אויסגעבונדן זיך א שניפּס אונטער דער באָרד אויף א קלאָר־ווײַסן העמד; יאָסל נאָסנס האָט זיך פאַרפּוצט אין זײַן צווייררייִקן קאָסטיום, וואָס האָט אים געמאַכט נאָך העכער און נאָך ברייטער; שײַעס טאָכטער, כײַע־רייזע, האָט אָנגעטאָן דאָס יאָמטעוודיקע פליושענע קלייד אירס, צוגעפּודערט זיך די באַקן, צוגעפאַרבט זיך די ליפּן — און אַזוי־אָ, פאַרפּוצטע, האָבן זיך אַלע דרײַ דורכגערוקט צווישן אוילעם אין גאַס, אוועקגעשפּאַנט צו דער „גוליאַניע" צו — געגאַנגען איבערבעטן זיך מיט גיטלען.

באַ גיטלען האָט מען שוין, אַפּאָנעם, געוואַרט, מאַכמעס דער טיש אויף דער טעראַסע איז געווען פאַרשפּרייט מיט א ווײַס טישטעך און אויפן טיש זײַנען געשטאַנען פלעשער ווײַן, טאַצן געבעקס, טעלער מיט קאָל־טווו. מײַנע ראַשקעווער האָבן, לײַדער, ניט געהאַט קיין צײַט צו שטיין כאָטש פונדערווײַטנס און זען דאָס געקושערײַ און דאָס געוויינערײַ, וואָס

האָט זיך אין איינע עטלעכע מינוט געגעבן אַ טו אָפּ באַ גיטלען אויף דער טעראַסע; קוקן, ווי שיַיע שליאַפּקעמאַכער זיצט דאָס ערשטע מאָל אין זיַין לעבן באַ דער טאָכטער אויבנאָן באַם טיש, מיט צוויי היפּשע אייניקלעך אין ביידע זיַיטן, זיצט מיט אַן אָפּגעצויגענער גראָוער באָרד, אַ ביסל אַלץ נאָך אַ פאַרטרויערטע, אַ וואָכעדיקע, און אַ ביסל שוין אַ יאָמטעוודיקע, אַן אויפגעלעבטע, פירט דאָס ערשטע מאָל אין זיַין לעבן אַ שמועס מיט דער טאָכטערס מאַן, דעם איידעם, און זי, די טאָכטער, גיטל, שטייט לעבן דער שוועסטער און לעבן שוואָגער מיט פאַרפלאַמטע באַקן, אַלץ נאָך מיט נאַסע אויגן, און זאָגט, אַז זי האָט זיך שוין גאָר ניט געגלייבט, אַז ס'וועט נאָך אַמאָל זיַין אַזוי־אָ, זיי וועלן נאָך אַמאָל אַלע זיצן אַרום איין טיש. זי קוקט, זאָגט זי, און ווייסט ניט, צי זעט זי דאָס אַלץ אין כאָלעם, צי זעט זי דאָס אַלץ אויף דער וואָר.

אין יענעם פאַרנאַכט, מע קאָן אַפילע זאָגן, פּונקט אין דער־אָ שאָ, איז פּאָרגעקומען אין ראַשקעוו די צווייטע איבערבעטעניש.

אַן איבערבעטעניש צווישן אַ ראָוו און אַ סטאָליער.

די ראַשקעווער גוטע־יִדן זיַינען געווען באַקענט אין גאַנץ בעסאַראַביע. זיי פלעגן אַרומפאָרן פון שטעטל צו שטעטל (זין, איידעמס, אייניקלעך), יעדער באַזונדער אין זיַין סוויווע, יעדער באַזונדער מיט זיַין גאַבע, און יעדן באַזונדער פלעגט מען אויף דער וועלט רופן מיט איין און דעם זעלבן נאָמען: דער ראַשקעווער.

אַמאָל, מיט יאָרן צוריק, איז דער ראַשקעווער ראַביייִשער הויף געוועזן אַ הויף מיט אַלע פּישטשעווקעס: מיט עטלעכע פליגלען, מיט לאַנגע געפאַרבטע גאַנעקעס, מיט דינסטן, מיט ברייטע קיכן, מיט זילבערן געשיר, מיט אַ באַזונדער שטיבל אויף צו באַקן שמורע־מאַצע, מיט אַ שולכל אין הויף, מיט אַ הויכער אָנגעגלאָזטער סוקע פאָרנט לעבן מאַגידס פליגל (דאָרטן האָט עס לייב קושניר זיך געמאַכט דעם „שטאַב" זיַינעם), מיט סויבלנע שטריַימלעך און בלישטשענדיקע אַטלאַסענע קאַפּאָטעס, מיט פּראָווען פירטאָגיקע כאַסענעס און בריסן, מיט מעלאַווע־מאַלקעס און שאַלעסודעסן, מיט שיראַיִם, מיט אָרעם־מאָלציַיטן, אַפילע מיט אַ הויכן שטיינערנעם פּלויט אַרום־און־אַרום דעם הויף.

פאַר מיַין ציַיט איז שוין דער פּלויט געלעגן אַ צעפאַלענער. די גאַנעקעס, לאַנג ניט אָפּגעפאַרבטע און איבערגעטריקנטע, האָבן אונטער די פיס געסקריפּעט. אַ פּאָר פליגלען זיַינען שוין געשטאַנען ליידיקע, מיט אויסגעזעצטע טאַפּליעס אין די טירן, מיט פאַרכוישעכטע אָפּגעלופּעטע ווענט, די הילצערנע טרעפּ אַרוף האָבן זיך געשאָקלט, קוים געהאַלטן זיך אויף אַ האָר.

אין אַלע ווינקעלעך אין הויף האָט זיך געפילט אַלטקיַיט און אָפּגעלאָזטקיַיט. דער ראַשקעווער הויף האָט פאַרלוירן זיַין גלאַנץ.

די ראַביייִשע געשעפטן זיַינען, אַפּאָנעם, די לעצטע ציַיט אוועקגעגאַנגען ניט גוט. נאָך רעב זאַלמינקעלעס פּטירע איז דער באַלעבאָס איבערן הויף געוואָרן דער עלטסטער זון זיַינער, איציק־מייערל. נאָר איציק־מייערלען האָט מען ניט ליב געהאַט. בייזע צונגען האָבן געזאָגט,

אז ער קען קנאַפּ לערנען, אז ער איז אַ שטיקל גאָטס־גאַנעוו, אז ניט גאָט האָט מוירע פאַר אים און ניט ער האָט מוירע פאַר גאָט.

ביכלאַל האָבן מײַנע ראַשקעווער ווייניק־וואָס געהאַלטן פון דעם דאָ־זיקן ראַבייִישן הויף זייערן. לייצים מיסנאַגדים פלעגן טײַנען, אז ס׳איז רויק, פּאָוועטיניע, פאַרבלענדעניש — ס׳איז גאָרניט. ס׳איז קוויטלעך ניט צום ריבוינעשעלוילעם, נאָר צו דער קעשענע, צו די פעטע ראַבייִשע הינטנס. ראַשקעווער האָבן אַמאָל ליב אַ גראָב וואָרט. טוט אָן, פלעגן זיי טײַנען, אוורעמל באַלעגאָלע אַ שטרײַמל, — און אוורעמל באַלעגאָלע איז געוועזן אַ ייִד מיט אַ רויט פּאָנעם, מיט אַ פּאָר קראַקאַנאַטע פיס, האָט צוגעהאַנדלט מיט גנייוויִשע פערד, אַליין אַמאָל געלאַקכנט אַ סוס און האָט גאָרניט פײַנט געהאַט די קויסע, — טוט אָן, פלעגן ראַשקעווער טײַנען, אוורעמל באַלעגאָלע אַ שטרײַמל, וועט ער אײַך זײַן מער רעבע, מער גוטער־ייִד ווי אַלע ראַשקעווער גוטע־ייִדן אינײינעם.

כוץ דעם, איז די לעצטע צײַט געשען נאָך עפּעס, וואָס האָט פּאַרטיי־פערט דעם הויפס יערידע. דאָס ייִנגסטע אייניקל אין הויף, רעב נאָכעמלס איין־און־איינציק זונדל יאָסל, איז אוועק אָף אַ שלעכטן וועג.

(אַלע נעמען אין „הויף״ האָט מען, ווי דער שטייגער איז פון דוירעס אָן, פאַרצויגן: זאַלמינקעלע, איציק־מייערל, מוישע־דאָווידל, נאָכעמל, שאָלעמל. און פּונקט דאָס סאַמע ייִנגסטע אייניקל האָט מען גערופן פּראָסט און וואָכעדיק: יאָסל. יאָסל דעם רעבנס).

יאָסל האָט ניט געוואָלט טראָגן קיין פייעס, ניט געוואָלט זיצן באַם זיידן אין שולכל און שאָקלען זיך איבער געמאָרעס. מ׳האָט אים געזען אומגיין אין שטעטל אָן אַ היטל. מ׳האָט אַפילע געזאָגט, אז שאַבעס אין וואַלד האָט מען אים געזען רייכערן אַ ציגאַרע. יאָסל האָט זיך געכאַווערט מיט שנײַדער־ייִנגלעך, מיט שוסטער־ייִנגלעך, געשפּילט טעאַטער, געביטן ביכלעך אין דער ביבליאָטעק, אַ זאָג געטאָן אַפילע אַמאָל, דערציילט מען, דעם טאַטן, רעב נאָכעמלען, אז די גאַנצע מײַסע איז שאָוו־וועשעקער: ס׳איז ניטאָ קיין שום גאָט אָף דער וועלט.

מיט איין וואָרט: יאָסל איז אוועק אָף אַ שלעכטן וועג. יאָסל דעם רעבנס, האָט מען געזאָגט אין ראַשקעוו, איז אַ לינקער.

נאָר די גרויסע צאָרע איז ערשט געקומען דערנאָך: יאָסל האָט זיך פאַרליבט. און אין וועמען האָט זיך יאָסל דעם רעבנס פאַרליבט — אין דעם סטאָליער איציק מאָנעסעס מיידל עסטערקע.

ס׳האָט זיך געטאָן כוישעך. ראַשקעוו איז געגאַנגען כאָדאָראָם. באַם רעבן אין הויף האָט מען געפאַסט טאַנייסים. געריסן, ווי מע זאָגט, קוואָרים, געפּרוּווט אַרײַנלייגן איציק מאָנעסעס מיט דער גוטער מויד זײַנער אין כיירעם. יאָסלען האָט מען אויסגעטאָן ביז צום העמד, עטלעכע טעג ניט אַרויסגעלאָזט פון שטוב. קוילעס זײַנען געגאַנגען ביז אונטערן הימל. עס זײַנען געפלויגן איבער קעפּ טעלער, זילבערנע גאָפּל. אין די פרומע ראַבייִשע כאַדאָרים האָבן זיך געהערט מײַסע רייד, ס׳האָבן אָפּ־געקלונגען פעטש. אַ ווינטער דורכאַנאַנד האָט אין הויף געקאָכט, ווי אין

א קעסל. נאָר ס'האָבן ניט געהאָלפן קיין שום טײַנעס: אָנהייב זומער, ארום שוועס־צײַט, האָבן יאָסל און עסטערקע בישטיקע כאסענע געהאט.

איציק מאָנעסעס האָט זיי אָפּגעגעבן א קליין ציכטיק אלקערל בא זיך אין שטוב, מיט צוויי זויבער־אויסגעשטיקטע פירהענגלעך אפן פענצטער און מיט א פּאָר שטיקלעך פּאָליטורטע מעבל פון נוסנהאָלץ, וואָס ער אליין, איציק מאָנעסעס, האָט עפּעס גאָר־גאָר באזונדער אויסגעמײַסטערט.

אז דאָס יונגע פּאָרפאָלק פלעגט זיך אמאָל באווײַזן אין גאס, עסטערקע מיט אירע צוויי שווארץ־גלאנצנדיקע צעפּלעך אפן רוקן, יאָסל מיט זײַן געקנייטשטן קאָפּ האָר, ביידע איין הייך, ביידע געארעמט, פארליבט, פלעגט מען זאָגן, אז עס וואקסט דאָס הארץ קוקנדיק אף זיי, וואָס פאר א שיין פּאָרעלע דאָס איז, א פּאָרעלע פון גאָט.

נאָר איבערן ראביייִשן הויף האָט זיך ארויפגעלאָזט א גרויסער צאר. א גרויסער צאר און א גרויסע, שטומע, פארביסענע שטילשווײַגעניש. נאָכן ווידערשפּעניקנדיקן אייניקל האָט מען אָפּגעריסן קריִע, מ'איז אָפּגעזעסן שיווע, און וועגן דער גאנצער מײַסע אופגעהערט ריידן. דער הויף האָט פארלוירן דעם גלאנץ, נאָר ניט דעם האָנאָר. אויס יאָסל און אויס מײַסע. ס'איז קיין ביטערער יאָסל אין ראביייִשן ייִכעס ניט געווען, און ס'איז קיין ביטערע מײַסע מיט אים ניט פאָרגעקומען.

אזוי האָט זיך די דאָזיקע שטומע פארביסענע רוגזע אוועקגעצויגן עטלעכע יאָר. עטלעכע יאָר, ביז אין יענעם זומערדיקן ראשקעווער טאָג.

וואָס ס'איז א גאנצן טאָג פאָרגעקומען באם רעבן אין הויף, איז א באזונדער קאפּיטל. נאָר פארנאכט־צו האָט רעב נאָכעמל אָנגעטאָן די שאבעסדיקע אטלאסענע קאפּאָטע, דאָס יאָמטעוודיקע שטרײַמל אף דער יארמלקע, גענומען אין די הענט זײַן שטעקן מיטן ביינערדיקן הענטל, און איז מיט כאיִם־דאָוויד גאבע בא דער זײַט, היינטנארומער, דורך די דרײַ שולן, אליין מיט זײַן קאָוועד אוועק איבערבעטן דעם מעכוטן דעם סטאָליער, איציק מאָנעסעס.

יאָסל און עסטערקע זײַנען, פארשטייט זיך, אין דער היים ניט געווען. איציק מאָנעסעס האָט דערהערט, ווי עמעצער פּאָרעט זיך בא דער קליאמקע. ער איז ארויס צו דער טיר מיט א פארוקט היטל, ס'האָט אים געשמייכלט א וואָנצע:

— אָ, א גאסט. כלעבן א גאסט. סקאָצל קומט. פּאוואָליע ווי איר גייט, רעבע. זײַט זשע מויכל, אהער, אהער. טוט אײַך אויס, זיצט, שטעלט אוועק דעם שטעקן. די קינדער זײַנען מעכויעוו באלד אָנצוקומען. ריווקע, דערלאנג די פלאש ווישניק. זיצט, מעכוטן, ט'האָט איר א בענקל!

רעב נאָכעמל האָט זיך אוועקגעזעצט אין געהאקטע ווונדן. ער האָט געכאפּט א קוק אף כאיִם־דאָוויד גאבע, וואָס איז געשטאנען בא דער זײַט און צוגעשאָקלט מיט דער באָרד, ער האָט געכאפּט א קוק אפן לעבעדיקן באריידעוודיק־געוואָרענעם סטאָליערוק, און מער ווי דאָס איינע וואָרט „מימאָנעפּשעך" ניט געקאָנט ארויסברענגען אף די ליפּן.

די סטאָליערקע האָט ארײַנגעבראכט א פלאש ווישניק, ארומגעווישט די פלאש מיטן פארטעך און זי אוועקגעשטעלט אפן טיש. איציק מאָנעסעס

האָט זי אופגעפּראַפּקעוועט, אָנגעגאָסן אין די קעלישעקלעך. רעב נאָכעמל איז פּאַוואָלינקע געקומען צו־זיך.

— מימאָנעפשעך, — האָט ער א זאָג געטאָן, — אויב ס׳איז אזוי באַ־שערט, איז עס מינאַסטאַם מיטן אייבערשטנס ראָצן. דאַרפן מיר עס, זון מייַנער, אָנעמען בעאַהאַווע!..

איציק מאָנעסעס האָט אויסגעשטרעקט נאָכעמלען א פול גלעזל:

— אווע־שמאָווע. וואָס טויג א סאַך מייַסעס? האַווקע יאָ, האַווקע ניט — אַ־דאָס איז עס, און בעסער דאַרף מען ניט, ווי איך בין א ייִד. לעכאַיִם, מעכוטן!

— לעכאַיִם, זון מייַנער! — האָט רעב נאָכעמל א זופּ געטאָן פונעם גלעזל.

איציק מאָנעסעס האָט זיך ניט געלאָזט:

— ע, נעו! כ׳וויל הערן דאָס גאָלדענע וואָרט „מעכוטן”. או, זענט איר א האַרט ניסל, רעבע, א האַרט ניסל!..

רעב נאָכעמל האָט א קוק געטאָן אף כאַיִם־דאָוויד גאַבע, מיטאַמאָל אויסגעטרונקען דאָס גאַנצע קעלישעקל ווישניק און דערנאָך ערשט א זאָג געטאָן איציק מאָנעסעס:

— נו, זאָל זייַן אין א גוטער שאָ, מעכוטן!..

און כאַיִם־דאָוויד גאַבע האָט צוגעשאָקלט מיט דער באָרד, געגעבן זייַן האַסקאָמע: גוט, ווויל, גרויס. בעסער דאַרף מען ניט, ווי דער סטאָליער זאָגט, כלעבן!..

* * *

ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט בא גיטל־זשעניען אף דער טעראַסע געברענט א פּערצענער לאָמפּ. אַלע פּלעשער וויַן האָט מען, קיין אײַנ־האָרע, אויסגעליידיקט. דאָס ערשטע מאָל נאָך אזויפיל יאָרן איז שייַע שליאַפּקעמאַכער, זאָגט מען, געווען נישקאָשעדיק בעגילופן. דער איידעם און די טאָכטער האָבן אים אהיים געפירט אונטערן אָרעם, און אפן וועג האָט ער זיך אלעמאָל אָפּגעשטעלט, געטייַנעט צו מענטשן, וואָס ער האָט באגעגנט:

— ס׳איז מיר אראָפּ א שטיין פונעם האַרצן. איר הערט, וואָס מע זאָגט אייַך? א מעסוקענער שטיין פונעם האַרצן!..

כאָטש בא איציק מאָנעסעס האָט מען געטרונקען הוילן ווישניק, איז איציק מאָנעסעס אויך ניט געווען אינגאַנצן אליין. ער האָט נאָכעמלען אונטערגעפירט ביז צום ראַביייִשן הויף, ביז צום גאַנעק, און אלעמאָל געמאָנט בא אים איין זאַך:

— לאָמיך הערן דאָס גאָלדענע וואָרט „מעכוטן”. רעבע, איאָ, איר וועט שוין מער ניט, האַ, רעבע?..

רעב נאָכעמל, זאָגט מען, האָט זיך בא אים געהאַלטן אין איין בעטן:

— מימאָנעפשעך, צו וואָס טויגן שטוסים? נו, מיילע, אַן עק. כ׳על שוין מער ניט, מעכוטן, כ׳על שוין מער ניט!

ביז שפּעט אין דער נאכט איז ראשקעוו געוועזן אויף. אף אלע גאנעק־לעך האָבן געברענט לאמטערנס, לעמפּ. קינד־און־קייט האָט שפּאצירט, געלאכט, גערעדט אף א הויך קאָל, ווי קיינמאָל ניט.

עס זײַנען שוין ניט געווען מערער ניט קיין גרעניטשערן און ניט קיין זשאנדארן, וואָס זאָלן אָנלויפן פּלוצעם מיט ביקסן און אַרײַנטרײַבן דעם אוילעם אין די הײַזער אַרײַן, אָנמאכן פּלוצעם א בעהאָלע און אַן איימע אין שטעטל.

אין דרויסן לעבן דער „באנק", וואָס מ'האָט הײַנט געקרוינט מיטן נײַעם נאָמען „קלוב", האָבן ייִנגלעך און מיידלעך, אי פונעם שטעטל, אי פון די מאהאלעס איןביידע זײַטן שטעטל, אויסגעזונגען און אויס־געטאנצט דאָס שוטפעס, וואָס זיי האָבן הײַנט צווישן זיך געשלאָסן. אויסגעזונגען מיט אזא הארץ און אויסגעטאנצט מיט אזעלכע פיס, אז דער שטויב און די ווידערקוילעס האָבן זיך אופגעהויבן איבער אלע ראשקע־ווער דעכער אריבער.

לייב קושניר האָט צונויפגענומען די כעוורע זײַנע אין מאגידס אָנגע־גלאָזטער סוקע, אין „שטאב" זײַנעם, און געגעבן די לעצטע קאָמאנדעס פונעם טאָג:

— פרידל, ניוקע, הערשל, גייט אהיים שלאָפן. מאָרגן זיך יאווען זעקס פארטאָג. ווי א זייגער!

— יאנקל, באָרעך, ארקע, טוט זיך צום לעצטן מאָל א דריי דורך אומעטום, כאפּט א קוק, צי ס'איז שטיל, צי ס'איז ניט שטיל!

— מענדל, מוישע, איר בלײַבט דאָ דעזשורעווען ביז פארטאָג!

דער ערשטער סאָוועטישער טאָג אין ראשקעוו.

א גוטע נאכט, כאוויירים, א גוטע נאכט!

# איציק ראַכמיִעלס



דער פּאָטער איציקס, ראַכמיִעל שוסטער, האָט אין ראַשקעוו געוווינט הינטן אין שנײַדערשן געסל, האָט געקאָנט מאַכן אַ גוט אונטערנייעכץ צו אַ פּאָר שטיוול, האָט ניט פײַנט געהאַט די קויסע און האָט געהאַט אַ ווײַב אַ מאַזיק — דינע, וואָס האָט אים געשענקט, ווי ראָכל מיט לייען אײנײנעם יאַנקעוו אָווינון, צוועלף ייִנגלעך און איין מיידל.

די ייִנגלעך האָט מען אין ראַשקעוו גערופן „די ראַכמיליקלעך”. זיי זײַנען טאָמיד אַרומגעלאָפן איבער די גאַסן, איינס קלענער פונעם אַנדערן, באָרוועסע, פאַרוואַקסענע, אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע, געשפּיגן דורך די ציין מיט אַ סווישטש, אַלע האָבן פאַרמאָגט בלישטשענדיקע אייגלעך, און זומער־לעב, ווען ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די אַרבוזעס, פלעגן אַלע שטיין און לאָקערן די וואָגנס אַראָפּצוכאַפּן פון דאָרט אַן אַרבוזיקל, ווי אַ הונגעריק קעצל שטייט און לאָקערט בײַ אַ לעכל אַ מײַזל. אַרבוזעס פלעגן קיין ראַשקעוו אָנפירן די קאָניטשעפּאיאַנער ליפּאָוואַנעס. די ליפּאָוואַנעס האָבן געטראָגן שוואַרץ־רויטלעכע בערד, האָבן פאַרמאָגט לאַנגע בײַטשן, די שאַראַבאַנעס זייערע זײַנען געווען הויכע, גרין־אָפּגעפאַרבטע. העט אויבן אויף די אַרבוזעס איז טאָמיד געזעסן די ליפּאָוואַניכע מיט אַ קינד בײַ דער ברוסט און גוט אַכטונג געגעבן. און מ׳האָט געדאַרפט זײַן מיט טויזנט קעפּ אַראָפּצוכאַפּן אַזוי קונציק אַן אַרבוזיקל פון אַזאַ שאַראַבאַן, אַז קיין פויגל זאָל אַפילע קיין פּיפּס ניט טאָן.

אַז אַ מאַמע אין ראַשקעוו פלעגט אַמאָל אָנקנײַפּן און אָנשעלטן אַ קינד און עס אָנרופן „ראַכמיליקל”, האָט דאָס געהייסן: לערנען וויל עס ניט, פאָלגן וויל עס ניט, וואַשן זיך וויל עס ניט, אַ גאַנצן טאָג גיב דעם

נאָר פּרעסן, א גאַנצן טאָג זוך עס נאָר אום אָדער באַם דניעסטער, אָדער צווישן די פּורלעך באַם אַלטן קלויסטער, און ס׳וועט אַזוי אויסוואַקסן דערפון א לײַט, ווי ס׳וועלן אויסוואַקסן לײַט פון זיי, פון די דאָזיקע גוטע ראַכמיליקלעך.

ראַכמיעל שוסטער האָט געוווינט הינטן אין שנײַדערשן געסל. לעבן ראַכמיעלן האָט געוווינט קאָפּל ציגײַנער, וואָס פלעגט אַלע שאַבעס באַ־טאָג צונויפנעמען אין אוילעם אַפן ביסל גראָז לעבן דער שנײַדערשער שול, פּונקט לעבן אָפּגעצוימטן ווינקל, וווהין מע פלעגט אַרײַנוואַרפן געפונענע שיימעס, און דעם אוילעם דערציילן מײַסעס. מעסוקענע מײַסעס וועגן פּרינצן און בעטלערס, שלענג און עגדעשן, קישעפמאַכערנס, מאַבלס, ערדציטערנישן. מײַסעס מיט העמשאָכים פון איין שאַבעס צום אַנדערן, ביז העט־העט אין די אָסיענדיקע רעגנס אַרײַן. איך בין אַמאָל אויך געזעסן און אויסגעהערט קאָפּלס א שטיקל מײַסע. כ׳קאָן נאָך ביז הײַנט זיך ניט מויכל זײַן, פאַרוואָס כ׳האָב זי ניט פאַרשריבן. שוין פּאָשעט אליין צוליבן לאָשן אירן.

לעבן קאָפּל ציגײַנער האָט געוווינט שײַקעלע בעקער. א קליין־קליין ייִדעלע מיט א קליין־קליין פּענעמל. א ייִדעלע א שטילס, א נעבעכדיקס, מיט א שטיל, שוואַך קעלכל. פאַר זײַן גאַנצן לעבן איז מיט שײַקעלע בעקער געשען איין ראַשיקע געשעעניש. באַם שוועער זײַנעם, באַם שאַ־מעס אין דער שנײַדערשער שול, האָט מען פון א פאַרשלאָסענעם שטענ־דער אַרויסגעגאַנוועט גאַנצע צוויי הונדערט ליי, וואָס ער האָט זיך געהאַט צונויפגעלייגט אַף טאַכריכים. אין יענער צײַט איז קיין ראַשקעוו אַראָפּ־געקומען א פּאָקוסניק, א היפּנאָטיזיאָר. אין איינעם פון זײַנע אָפּדערנאַכטן האָט דער היפּנאָטיזיאָר אײַנשלעפּט א ראַשקעווער ייִנגל, געזאָגט אים, אַז ער געפינט זיך אין שול, זעט, ווי עמעצער עפנט שטיל די טיר, גאַנוועט זיך צו צום שטענדער, שליסט אים אוף, נעמט אַרויס דאָס געלט, — און דאָס ייִנגל האָט שלאָפנדיקערהייט א געשריי געטאָן: „שײַ־קעלע בעקער!..״ ראַשקעוו איז געגאַנגען כאָדאָראָם. מיטן שטילן נעבעכ־דיקן שײַקעלען האָט זיך אין שטעטל געראַשט עפּשער א יאָר צײַט דורכאַנאַנד. און ס׳איז נאָך ביז הײַנט שווער צו זאָגן, ווער וועמען ס׳האָט דעמלט באַגאַנוועט: צי שײַקעלע בעקער האָט באַגאַנוועט דעם שווער זײַנעם, צי דער פּאָקוסניק דער היפּנאָטיזיאָר האָט באַגאַנוועט ראַשקעוו.

לעבן שײַקעלע בעקער איז געשטאַנען אוורעמל קאָטעזשינערס שטוב. אוורעמל קאָטעזשינער איז געווען א ייִד מיט א גראָבן פּופּיק, א סויכער פון שמויסן. די שטוב זײַנע האָט געהאַט א רויטן בלעכענעם דאַך, א לאַנגן גאַנעק, א שיין גערטנדל אין דרויסן מיט שטאַכעטן. פונעם גערטנדל האָבן זיך אַף שטריקלעך געצויגן ביז איבער די פענצטער צום דאַך אַרוף בלאָווע קוויטלעך, גראַמאַפּאָנדלעך, אַף פיר אַרײַנגעקלאַפּטע פלאָקנס אין דער ערד איז אין גערטנדל געווען אויסגעמײַסטערט א טישל אַף צו קאָנען זיצן אין דער קיל, אַף דער לופט, און טרינקען א גלאָז טיי. פונ־וואַנען ס׳האָט זיך פלוצעם אַהער־אָ אין שנײַדערשן געסל גענומען אַזא־אָ ראַכוועסדיקע שטוב, איז שווער צו פאַרשטיין. אפאָנעם, נאָר קעדיי די

קליינע נידעריקע שטיבלעך מיט די קרומע פענצטערלעך, מיט די שמאָלע סקריפּענדיקע גאַנעקלעך, מיט די אויסגעבלייכטע קינדערלעך אויף די טרעפּלעך, מיט די פאַרמאַשטנטע ווינדעלעך אויף די פאַרענטשעס פון די גאַנעקלעך, זאָלן אויסזען נאָך קלענער, נאָך נידעריקער און נאָך קרימער. א מין רייצעניש, אַפּאָנעם.

נאָר, ווי זאָגט מענדעלע, ניט דאָס בין איך אויסן.

איציקס מאַמע, דינע, איז געווען אַ יידענע אַ מאַזיק, אַ יידענע אַ ברען. זי האָט ניט נאָר געקינדלט נישקאָשע. זי האָט געקענט אוועקזעצן זיך אויף אַ שוסטעריש בענקעלע לעבן ראַכמיעלן קלאַפּן פלעקלעך אין אַ פאַדעשווע, אַז ער, ראַכמיעל שוסטער, זאָל איר קוים קענען נאָכהאַלטן. זי האָט געקענט אַ זאָג טאָן אינמיטן גאַס אַ מאַנצבל אַ פלאַסקעדריגע: „איר זענט אַ ייִד אַ לאָקש פונדאַנעטן־אָ ביז קיין קלימעוויץ!", אַז יענער זאָל אַ כוידעש צייט ניט קענען וויזן דאָס פּאָנעם פאַר בושע.

און איינמאָל איז פאָרגעקומען אזוינס — מע מוז עס צוליב איציקס ייִכעס־בריוו דערציילן, — וואָס האָט יעדן פאַרטייטשט דעם פּאָסעק „אַ ווייב קען וואַרפן פון די פיס און אַ ווייב קען שטעלן אויף די פיסן!".

מיט ראַכמיעל שוסטער איז פּלוצעם געשען אַן אומגליק: ס'האָבן אים אָפּגענומען ביידע פיס. צי איבער דער גוטער קויסע, וואָס ער האָט טאָמיד מיט איר איבערגעכאַפּט די מאָס, צי איבער דעם, וואָס ער איז גאַנצע ווינטערס, פון זעקס פאַרטאָג ביז פיר פאַרנאַכט, געזעסן אַ פאַר־שמאַכטער אויף זיין שוסטער־בענקעלע, נאָר פּלוצעם, אין איינעם אַ גאַנצפרי, איז ער געבליבן ליגן ווי אַ קלאָץ, און די פיס זיינע האָבן אים מער ניט געדינט. קיין גרויסע דאָקטוירים האָט מען, פאַרשטייט זיך, אין שניידערשן געסל באַם גרעסטן אומגליק ניט אַראָפּגעבראַכט. אי דער געלער פעלדשער, אי סאָסיע די באָבע האָבן ביידע אין איין קאָל געזאָגט, אַז ראַכמיעלס געליימטע פיס דאַרפן האָבן דעם לימאַן, בודאַקי. ס'איז שוין גלייכער געווען צו זאָגן, אַז ראַכמיעלס געליימטע פיס דאַרפן האָבן מאָשיעכן. מאַכמעס ווען זיינען אַמאָל ראַשקעווער, אַפילע די שענסטע נעגידעסטעס, געפאָרן אויף קוראָרט אַזש צום לימאַן, קיין בודאַקי? דאָס גרעסטע פאָרעכץ איז געווען קיין קאָטושען אויף פּאָפּראַווקע אין ווייַנ־טרויבן־סעזאָן. נאָר ווען דער געלער פעלדשער און סאָסיע די באָבע זאָלן טאַקע געווען אַ זאָג טאָן, אַז מע דאַרף צוליב ראַכמיעלס געזונט ווערן אַראָפּברענגען מאָשיעכן, וואָלט דינע געווען אַראָפּגעבראַכט מאָשיעכן אויך. ס'איז גאָרניט צוגעפּוצט און ס'איז גאָרניט איבערגעטריבן. ס'איז געשען אזוינס, וואָס טאַקע נאָר, אַפּאָנעם, אין דעם־אָ שוסטערשן גראַד קאָן אזוינס געשען: דינע האָט דעם געליימטן מאַן אירן גענומען אויף די פּלייצעס און איז אוועקגעגאַנגען מיט אים קיין בודאַקי צופוס.

פאַרשטייט זיך, אַז ס'רעדט זיך נאָר אַזוי אוועקגעגאַנגען. זי איז מיט אים גוט פאַרוואָגלט געוואָרן אויף די וועגן. איבערגעכאַפּט זיך פון ייִשעוו צו ייִשעוו אויף דורכפאָרנדיקע פורלעך, אומגעגאַנגען, אַזוי־אָ אויף די פּלייצעס מיט אים, אין די הייזער, און סאָפּקאָלסאָף זיך דערשלאָגן קיין בודאַקי, צום לימאַן.

אין בודאקי האָט זי אים אומגעטראָגן אפן פּליאזש פון זאָנטיק צו זאָנטיק, מיט די נעדאָוועס באצאָלט די גרעסטע דאָקטוירים, געצאָלט פאר די פּאָרציעס לימאָן־בלאָטע, אָפּגעוועזן מיט אים דאָרטן א גאנצן זומער, און דעם מאן אירן, ראכמיִעל שוסטער, געשטעלט אף די פיס: אהיים געבראכט אים ארום ראָשהאשאָנע־צײַט קיין ראשקעוו אָן אָפּגעגאָלטן, א ראָזעוון, מיטן היטל וויליונגעריש אף א זײַט — א יונגערמאנטשיק א כוואט.

וואָס עס האָט זיך אין יענעם זומער אָפּגעטאָן אין ראשקעוו מיט די ראכמיליקלעך אָן טאטע־מאמע, קאָן זיך שוין דער לייענער אליין מעשאער זײַן.

איציק איז בא ראכמיִעלן געווען דאָס עלטסטע ייִנגל, דער בכאָר. ער האָט זיך פון קליינערהייט אָן געשניטן צו זײַן א גוטער שלעגער. דאָס הייסט: קענען גוט כאפּן א פּאטש און קענען א פּאטש דערלאנגען צוריק פּונקט אין דער צײַט. פון א געשלעג איז אים בא צען־צוועלף יאָר פארבליבן אפן גאנצן לעבן א „ווײַנשעלע” אף א ליפּ. א ווײַנשעלע, ווי די ווײַנשעלעך, וואָס כיידער־ייִנגלעך פלעגן זיך טאָן א מאך אף דער ליפּ מיט א בײַוועלע. דאָס געשלעג איז פאָרגעקומען מיט א באלעבאטיש ייִנגל, א טאטנס א קינד, יוליק קאָנטריִענט. יוליקס פאָטער איז געווען א שניטקרעמער, געהאט פאָרנט אין גאס א שיינע שניטקראָם. און טאקע דאָ־אָ, לעבן דער דאָזיקער שניטקראָם, האָבן זיך איציק און יוליק געפּרוווט די קויכעס. ייִנגלעך האָבן זייביידן ארײַנגענומען אין א רעדל, אונטערגעגעבן כעך ביידע צדאָדים גלײַך. דאָס געשלעג איז טכילעס געגאנגען אָרנטלעך, לויט אלע קלאָלים פון אָן אָרנטלעך געשלעג. נאָר אז יוליק קאָנטריִענט האָט אָנגעהויבן פילן, אז ס׳האלט מיט אים שמאָל, האָט ער ארויסגעכאפּט פון דער קעשענע א האטשיק, מיט וועלכן מע פלעגט אין יענע יאָרן פארשפּיליען געקנעפּלטע שטיוועלעך, און איז מיטן דאָזיקן האטשיק ארײַנגעפּאָרן איציקן אין מויל ארײַן. פון איציקס מויל האָט אָנגעהויבן רינען בלוט. יוליק איז ארײַן אין קלייט און פון יענער זײַט סטאָיקע, לעבן די הויכע ראָפּטן שניטסכוירע, ארויסגעקוקט אין גאס ארויס, ווי א גרויסער באל־ניצאָכן. די כעוורע האָבן געגאָסן וואסער אף איציקס פּאָנעם, אים אָפּ־און־אוף צוגעלייגט נאסע טיכעלעך צום מויל. מיט דער צעהאקטער ליפּ האָט זיך איציק אָפּגעמוטשעט עטלעכע כאָדאָשים צײַט, ס׳איז אים אפן גאנצן לעבן פארבליבן א „ווײַנשעלע” אף דער ליפּ. נאָר געוווּנען דאָס געשלעג דעמלט בא דער שניטקראָם האָט ער, איציק ראכמיִעלס, — געוווּנען טאקע דאָס דאָזיקע ווײַנשעלע. דאָס ווײַנשעלע האָט אים שוין דערנאָך אלע יאָרן אונטערגעזאָגט ניט קיין קרומען געדאנק:

— מיט א באלעבאטיש ייִנגל, א טאטנס א קינד, דארף מען טאָמיד זײַן געוואָרנט. א באלעבאטיש ייִנגל, א טאטנס א קינד, קאָן נאָך טאָמיד טראָגן א האטשיק אונטער דער פּאָלע!..

איציק איז ווי־ס׳איז־ניט־איז אויסגעוואקסן א געזונטער ווערגעלעץ, מיט א געדיכטן קאָפּ האָר, מיט ברייטע פּלייצעס, מיט א פּאָר גרויסע

שטארקע יאָדאַיִם. ער האָט, דאכט זיך, א צוויי צי א דריי יאָר געלערנט אין א כיידער, באקומען, הייסט עס, א שטיקל צוטריט צו די דריבנע אויסיַעס אויך. קיין שקראבע־שוסטער, ווי דער טאטע, האָט ער, אפּאָנעם, ניט געוואָלט זײַן. ער איז מיט דער צײַט געוואָרן א זאגאָטאָווש־טשיק, א קאמאשן־שטעפּער, ווי מע רופט דעם דאָזיקן פאך אין אנדערע ערטער. ניט גאָר ווײַט פון שוסטערײַ, נאָר א ביסעלע איידעלער, כאָכמעדיקער, אנדערשער.

ער איז ווי־ס׳איז־ניט־איז אויסגעוואקסן. ווי אלע ראשקעווער באַל־מעלאָכישע יינגלעך, אין די ווינטערס ניט געזען די ליכטיקע שײַן פאר זיך. זומער, שאבעס באטאָג, געקויפט בא דער יעכיל־אוראָמעכע א קאָרטל קערלעך, געשטאנען אין גאס, געקנאקט די קערלעך און גע־שפּיגן די שאָלעכץ פונעם מויל בייז, בארויגעז, מיט א מין מעסוקענער בארויגעזדיקײַט אף דער וועלט.

אמאָל האָט ער זיך ארײַנגעכאפּט מיט א פּאָר גוטעברידער צו זאל־מינע ראשקאָוואן אין שענקל ארײַן, געזעסן און געשמועסט בא א גלעזל ווײַן וועגן דעם, אז אף דער וועלט טוט זיך עפּעס, אף דער וועלט, זאָגט מען, שלאָפט מען ניט; און דערנאָך געקאָנט א צעהיצטער און רויטגע־וואָרענער א זעץ טאָן מיטן קולאק אין טיש ארײַן, אז אלע גלעזלעך זאָלן זיך צעפּליַען אף פּיץ־פּיצלעך.

דאָס ווײַנשעלע אף דער ליפּ האָט אים, אפּאָנעם, ניט טאָמיד אונטער־געזאָגט דאָס, וואָס מע דאַרף.

איך געדענק, לעמאָשל, אזא מײַסע. כ׳בין דעמלט אהיים געקומען אף פּייסעך פון טשערנאָוויץ. אין שנײַדערשן געסל, ערגעץ אין א באשקע האָבן זיך צונויפגענומען עטלעכע שנײַדער־יינגלעך און שוסטער־יינגלעך, און איך האָב אהין געבראכט יאשע פּאווינסקין, ער זאָל דעם אוילעם לייענען א לעקציע. כאָטש יאשע פּאווינסקיס פּאָטער, פּיניע פּאווינסקי, האָט געהאלטן א גרויסע באקאליינע קלייט און די קלייט האָט געהאט איַיזערנע שטאָרן, די איינציקע אײַזערנע שטאָרן אין ראשקעוו, האָט יאשע פונדעסטוועגן געשעמט אין טשערנאָוויצער אוניווערסיטעט, ווו ער האָט געלערנט אף אדוואָקאט, פאר א מעסוקענעם לינקן, טאָמיד אין די קאָניקולן דורכגעפירט אין ראשקעוו ליטעראַרישע מישפּאָטים איבער „מאָטקע גאנעוו״ און איבער „באם גויסעס צוקאָפּנס״, האָט געטראָגן א שווארצע קאָסעוואָראָטקע און האָט געוואָלט עפּעס טאָן פארן שנײַדערשן געסל, אז דאָס כײַעס איז אים פּאָשעט אויסגעגאנגען. יאשע פּאווינסקי האָט גערעדט פארן אוילעם עפּשער א שאָ צײַט. גערעדט וועגן „פּאָלי־טישער עקאָנאָמיע״, וועגן „מערווערט״, וועגן „עקספּראָפּריאַציע״, גע־רעדט געװוּג שווערלעך, מיט גאָר ניט קיין היימישע ווערטער, נאָר דער אוילעם האָט אים געקוקט אין מויל ארײַן, געשלונגען די רייד, ניט גאָר פארשטאנען, וואָס ער זאָגט, נאָר פארשטאנען, אז דאָס, וואָס ער זאָגט, זאָגט ער גוט, גוט וואָס גוט הייסט. איין איציק ראכמיִעלס האָט נאָך דעם, ווי יאשע פּאווינסקי האָט געענדיקט און איז אוועקגעגאנגען, זיך אופּגע־

הויבן פונעם אָרט, צוגעגאַנגען צום טישל, ווו יאַשע איז נאַרוואָס גע־שטאַנען און גערעדט, און אַ זאָג געטאָן:

— אַז כ׳וועל דאָ־אָ אַפּן טיש זען די צונג זײַנע, וועל איך אים דעמלט גלייבן, וואָס ער זאָגט!..

אין ראַשקעוו האָט זיך אין יענער צײַט אויך עפּעס אָנגעהויבן טאָן. אין די רויטע יאָמטויווים (שוין דאָס אַליין, וואָס ראַשקעוו האָט אָנגע־הויבן וויסן וועגן רויטע יאָמטויווים!) האָבן איבער נאַכט אינמיטן גאַס זיך באַוויזן אויבן אַף די טעלעפאָן־דראָטן רויטע פענדלעך, און דער ראַשקעווער שעף־דע־פּאָסט מיטן פּרידורקעוואַטן זשאַנדאַריקל זײַנעם, וואָס מ׳האָט אין שטעטל גערופן באַרציע מענאַשעס, זײַנען ביידע אומ־געלאָפן מיט די ביקסן אַף די אַקסל, ווי פאַרסאַמטע מײַז, אויפגעהויבן אַ „טרעוואָגע", צעטריבן דעם מאַרק, געהייסן פאַרמאַכן די קלייטן, און מ׳האָט זיי ביידע שיין געדאַרפט אָפּשמאַדן.

כאַלעמויעד סוקעס, ווען מע הייבט אָן אַרבעטן באַנאַכט, האָבן שנײַ־דער־מיידלעך פּלוצעם געמאַלדן אַ שטרײַק: געפאָדערט, מע זאָל אַרבעטן ניט מער ווי צוועלף שאָ אין מעסלעס, גענוג! ס׳האָט זיי, פאַרשטייט זיך, געהאָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס. דער דאָזיקער שטרײַק האָט געדויערט פון כאַלעמויעד ביז מאָצע־יאָמטעוו פאַרנאַכט. פאָרנט אין גאַס האָט מען זיך געהאַלטן בא די זײַטן: הער־הער, וואָס כצופּעס, שנײַדער־מיידן האָבן הײַנט די האָזע צו מאָנען. נאָר אין שטעטל האָט זיך געראַשט און אַ שטרײַק איז עס געווען. אַלקאָלפּאָנעם, אַ רעמעז אַף אַ שטרײַק, אָן אָנ־הייב פון אַ שטרײַק.

אין דער ראַשקעווער הייל, העט אויבן אַף דער „סקאַלע", וווהין כעוורע פלעגן אַלע שאַבעס באַטאָג גיין מיט ליכטלעך אין די הענט כאַפּן פלעדערמײַז, האָט מען אָנגעהויבן גיין צוליב עפּעס אַנדערש. מ׳האָט עס אָנגערופן מאַיאָווקעס. מ׳האָט דאָרטן טיף אין דער הייל, אין דער פינצטער, געהאַלטן רעדעס און געזונגען לידער. און מ׳איז דערנאָך אַראָפּגעקומען אין שטעטל מיט צעשפּרייטע פלעדערמײַז אין ביידע הענט נאָר לעפּאָנעם, נאָר צוליב דעם דאָזיקן נײַעם וואָרט, מיט וועלכן ס׳איז רײַכער געוואָרן דאָס ראַשקעווער לאָשן: קאָנספּיראַציע.

אין ראַשקעוו האָט זיך אויך עפּעס אָנגעהויבן טאָן. און פּונקט אים, איציקל ראַכמיִעלס, וואָס האָט אַף זײַן צעקאַליעטשעטער פּאַרקרימטער ליפּ געטראָגן אין זיך די שטאַרקסטע סינע צו דער דאָזיקער צעקאַליעט־שעטער פּאַרקרימטער וועלט, פּונקט אים האָבן די כעוורע אויסגעמיטן, געהאַלטן אין אַ זײַט. אַפּאָנעם, ווידעראַמאָל טאַקע צוליבן דאָזיקן וואָרט „קאָנספּיראַציע" איציקן ניט „צוגעצויגן" צו דער „באַוועגונג". איבער זײַן צו שטאַרקער אָנגעצונדנקײַט און היציקײַט געהאַלטן אים פונדער־ווײַטנס, אַף „זאַפּאַס", אַף דעמלט, ווען מע וועט עס שטאַרק־שטאַרק דאַרפן.

איציקן האָט עס גוט געקרענקט. אין די שאַבעס־באַטאָגן איז ער, ווי טאָמיד, געשטאַנען אין גאַס מיט אַ קאָרטל קערלעך אין אַ הויזן־קע־שענע, געשטאַנען, געקנאַקט קערלעך, און געשפּיגן די שאָלעכצער פונעם

מויל בייז, בארויגעז, מיט א מין מעסוקענער בארויגעזדיקייט אף דער וועלט. געשטאנען און פארטרויערט געטראכט:

— וואָסי, מיט וואָס בין איך ערגער פון אנדערע?.. וואָס זשע, איך בין ערגער דערפאר, ווײַל איך בין בעסער?..

און עפשער האָט ער ניט גאָר פינקטלעך אזוי געטראכט. עפשער טראכטן מיר איצטער אזוי פאר אים, ווײַל מיר ווייסן, וואָס עס איז געשען ווײַטער, און ווילן איצטער, אין יאָרן ארום, זאָגן די דעמלטיקע ראש־קעווער כעוורע, אז זיי זײַנען קעגן איציקן ניט געווען גערעכט. בעפיי־רעש ניט גערעכט.

* * *

וואָס ס׳איז מיט איציקן פאָרגעקומען אין די פּאָר יאָר פאר דער מילכאָמע, ווען איך בין שוין אין ראשקעוו ניט געווען, ווייס איך ניט. כ׳ווייס נאָר, אז איציק האָט דעמלט כאסענע געהאט, כאסענע געהאט קיין ווערטוזשען.

ווערטוזשען איז, פונקט ווי ראשקעוו, געווען א קליין שטעטעלע אפן ברעג פונעם דניעסטער, א פּאָר און צוואנציק קילאָמעטער ווײַטער מיטן דניעסטער ארופצו, קיין סאָראָקע. ווערטוזשען פלעגט מען רופן „דער סטעפּ״. ייִדן האָבן אין דעם דאָזיקן פלאטשיקן שטעטעלע פארמאָגט בא די שטיבער שטיקלעך ערד, פארזייט פאפּעשויעס, זון־רויזן, טוטין. אין ווערטוזשען איז אויך, פארשטייט זיך, געווען א פּאָדערשטע גאס מיט קלייטן, צוויי צי דרײַ שולן, א פארמאָכיקטע ייִדישלעכע באָד, און, פאר־שטייט זיך, א פּאָר שנײַדערשע און שוסטערשע הינטערגעסלעך.

די ווערטוזשענער זײַנען א ביסל געווען פארגרעבטער פון די ראש־קעווער. אף אן עמער האָבן זיי געזאָגט „א טשוטרע״, אָנשטאָט איידער — „נייזשע״, אף גיב מיר — „גרייך מיר״. זיי זײַנען, דאכט זיך, געווען נאטירלעכער, ניט אזוי פארכקירעט־איבערגעגעלט, ווי די ראשקעווער, ניט אזוי אויסגעבלייכט־פארכניאָקעוועט — געזינטער, פּראָסטער, אָפענער. ניט אומזיסט, אפּאָנעם, האָט מען ווערטוזשען גערופן „דער סטעפּ״.

נאָר, ווי זאָגט מענדעלע, ניט דאָס בין איך אויסן.

איציק האָט כאסענע געהאט פאר א ווערטוזשענער שוסטערס א טעכ־טערל, ניט פארפרעמדט, הייסט עס, דעם שוסטערשן ייִכעס, די בראנזשע. דער שווער איציקס איז געווען פונקט אזא פויגלדיקער שוסטער, ווי דער טאטע איציקס. נאָר א מענטש א געזעצטערער, אן „אשאָזעטערער״, ווי מע זאָגט אין אונדזערע מעקוימעס. אלע קאיאָר פלעגט ער מיט די פאר־פאפטע הויזן ביז עפּעס וואָס צוּלויפן אין שולכל אָפּשטיין א „שעמענע־סערע״ און פלעגט ליב האָבן מיטן שקראב אף דער קני, אף זײַן נידעריקן שוסטערשן בענקעלע, אויסגאָרגלען א כאזאָניש שטיקל. די שוסטערקע, איציקס שוויגער, האָט טאָמיד געטראָגן א ריין ציכטיק פעניוארל, און פלעגט טאָמיד באם דערציילן עפּעס קײַלעכדיק א וויש טאָן מיט צוויי פינגער ביידע ווינקלען מויל, גאָרניט ווי קיין פּראָסטע שוסטערקע. זי איז געווען א ייִדענע א שוואכלעכע, אן איידעלע, און האָט דעם מאן

אירן געבוירן איבערגאָר צוויי קינדער: א מיידל א באסיעכידקעלע —
שיפרע, און א יינגל א בעניאָכידל — זאנוול. שיפרע איז אויסגעוואקסן — אינ־
גאנצן די מאמע. און זאנוול איז דעמלט געווען א יינגל פון א יאָר פופצן.
איציק האָט געווינט מיט שיפרען בא שווער־און־שוויגער אין אן אל־
קערל. שיפרע האָט איציקן ליב באקומען ווי דאָס לעבן. און וויאזוי ס׳איז
שוין דאָרטן פינקטלעך ניט געווען, — אין ראשקעוו האָט מען געשמועסט,
אז איציק ראכמיעלס איז ארײַנגעפאלן אין גוטע הענט.

אין פערציקסטן יאָר, ווען ווערטוזשען איז געוואָרן סאָוועטיש, איז
שוין איציק געווען א טאטע פון א קינד: א יינגעלע, קיין אײַנהאָרע, פון
א יאָר פיר. אין ווערטוזשען האָט זיך, פונקט ווי אין ראשקעוו, באלד
געשאפן א שוסטערשער ארטעל. ווען האָט זיך נאָך אזוי פריילעך און
אזוי לעבעדיק געקלאפט פלעקלעך אין פאָדעשוועס! איציקן האָט מען אין
ארטעל אויסגעקליבן פארן עלטסטן איבער די קאמאשנשטעפער. ער איז
געשטאנען מיט פארקאטשעטע ארבל אָנגעטאָן אין א בלאָוון פארטעך,
צוגעשניטן אף א ברעטל כאָליעווקעלעך צו שיך, און אלעמאָל פאר
טײַנעג א רײַב געטאָן זיך מיט דער האנט די הארטע באָרד זײַנע, גלײַך
ווי פון דעם־אָ רײַב באשטייט די גאנצע זאך. טײַנעג אי דערפון, וואָס
אלצדינג ארום איז איצטער אזוי ווי עס איז, אי דערפון, וואָס בייסן
דאָזיקן רײַב די באָרד טוט א פאל אײַן אין קאָפּ א גוטער געדאנק,
וויאזוי צוצושנײַדן די כאָליעווקעלעך וואָס שענער און וואָס געשיקטער.

און איינמאָל, דערציילט מען, ווען איציק איז אין יענעם יאָר ארײַנ־
געקומען אף א טאָג קיין ראשקעוו, האָבן ראשקעווער יידן ארומגע־
שטעלט זיך ארום אים אין גאס, אויסגעפרעגט אים, וואָס ער טוט, ווי
עס גייט אים דאָרט אין ווערטוזשען, וואָס עס הערט זיך איצטער אין
ווערטוזשען ביכלאל, און דערנאָך א זאָג געטאָן צו אים:

— האקלאל, איציק, הייסט עס, סאָפּקאָלסאָף דערלעבט, הא?

איציק האָט דעמלט א רײַב געטאָן מיט דער האנט די הארטע באָרד
זײַנע און דעם אוילעם געענטפערט:

— סאָנים אף צעזעצעניש און אף צעפיקעניש וועט ראכמיעל שוס־
טערס איייניקל לערנען אף דאָקטער. אָט וועט ראשקעוו אומיסטן זען.
מײַן נאָמען זאָל ניט הייסן איציק!

נאָר אין א יאָר ארום האָט זיך, ווי באוווסט, אָנגעהויבן די מילכאָמע.
פונקט אין ראשקעוו איז פאָרגעקומען א „פערעפּראווע“. אף פּאראָמען
האָט מען טאָג ווי נאכט אריבערגעפּראוועט איבערן דניעסטער עוואַ־
קוירטע, טשערעדעס בעהיימעס, וואָגנס ווייץ. פון אויבן זײַנען געפאלן
באָמבעס. מענטשן זײַנען געבליבן ליגן אף ביידע ברעגן מיט אָפּגעריסענע
הענט־און־פיס. אוילעם האָט זיך א לאָז געטאָן קיין ווערטוזשען. אָבער
אין ווערטוזשען איז געווען נאָך ערגער. איבער דער גאנצער לענג פונעם
ווערטוזשענער דניעסטער זײַנען געזעסן אף זייערע פּעק קאפּרעשטער
מישפּאָכעס, מארקולעשטער מישפּאָכעס, פלאָרעשטער מישפּאָכעס. ס׳האָט
געארבעט איין שטיקל פּאראָם. ווער ס׳האָט די בעבעכעס איבערגעלאָזט
און זיך איבערגעשיפט אף יענער זײַט אין א פּאָשעט שיפל, און ווער

ס׳האָט די בעבעכעס ניט געוואָלט איבערלאָזן. אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז קיין ווערטוזשען זײַנען ארײַנגעקומען די דײַטשן און די רומענער.

אין די ערשטע פּאָר טעג האָט מען לעבן ווערטוזשען אין א וואלד אויסגעשאָסן בא די צוויי הונדערט מענטשן. די מאטערנישן און די אָפּקומע־נישן זײַנען ניט צו דערציילן. דער איבערגעבליבענער אוילעם האָט זיך געוואלגערט אף די בוידעמער, אין די קעלערס, צעשפּרייט זיך איבער די ארומיקע דערפער.

אין א צײַט ארום האָט מען פון אלע שטעטלעך צונויפגענומען דעם אוילעם און אים אָנגעהויבן טרײַבן צופוס קיין טראנסניסטריע, אין די געטאָס ארײַן.

אזוי זײַנען איציק ראכמיִעלס מיטן ווײַב זײַנעם און מיטן קינד, די שווער־און־שוויגער איציקס, דאָס שוואָגערל זײַנס זאנוול פארוואָרפן גע־וואָרן אלע איניינעם אין אוקראִינישן שטעטל בערשאד לעבן בוג, אין „בערשאדער געטאָ״, ווי עס האָט דעמלט אָנגעהויבן הייסן.

וועגן איציק ראכמיִעלס פיר־פינפיאָריק יִינגעלע, וואָס האָט געדארפט לערנען אף דאָקטער, דערציילט מען אזא מײַסע, וואָס איז פארלאָפן מיט אים בייסן דאָזיקן וועג צופוס אין געטאָ.

דעם אוילעם האָבן, ווי געוויינטלעך, געטריבן סאָלדאטן. פאָרנט, פארן אוילעם, זײַנען אף א פורל געזעסן א פּאָר סערזשענטן מיט א קוילנוואָרפער לעבן זיך, אפן פורל איז געלעגן א זאק מיט ברויט, מיט ווורשט און מיט גוטע עטלעכע פלעשלעך ווײַן, די סאָלדאטן זאָלן זיך האָבן מיט וואָס איבערכאפּן אפן וועג דאָס הארץ. פון ווערטוזשען ביז בערשאד האָט מען אפילע צופוס געדארפט אָנקומען אין עטלעכע טעג ארום, און דאָ גייט מען שוין א גוטע פּאָר וואָכן. ווּהין פירן זיי אזוי ווײַט? וואָס מוטשען זיי אזוי פארן טויט? מענטשן זײַנען געשוואָלן גע־וואָרן פאר הונגער און דאָרשט, געבליבן ליגן געשוואָלענע אף די וועגן. ווי מ׳האָט שפּעטער פארשטאנען, האָט מען דעם אוילעם אומיסטן געפירט ארום־און־ארום, אי קעדיי גאנץ בעסאראביע זאָל זען דאָס בייזווונדער, אי קעדיי אָנצוקומען קיין בערשאד מיט וואָס ווייניקער יִידן. נאָר דאָס איז מען געווּירע געוואָרן שפּעטער. דערווײַל איז מען געגאנגען און ניט געוווסט, ווּהין מע גייט און צוליב וואָס מע גייט. ניט געוווסט, ווּהין מע וועט אָנקומען און צי וועט מען ביכלאל ערגעץ אָנקומען.

דערוווסט האָט מען זיך עס דורך דעם דאָזיקן פיר־פינפיאָריקן איציק ראכמיִעלס יִינגעלע.

איציקס שווער, דער ווערטוזשענער שוסטער, האָט גענומען דאָס איי־ניקל זײַנס אף די הענט און געגעבן דעם קינד פאוואָלינקע צו פארשטיין, אז עס דארף זיך האלטן נאָענט צום פורל און דארף זיך צוהערן, וואָס די סאָלדאטן ריידן, גוט צוהערן זיך, ווּהין מע פירט זיי שיסן און וויפל צײַט וועט מען זיי נאָך אזוי פירן. דאָס אייניקל האָט אפן זיידנס הענט זיך צעוויינט, און דער זיידע האָט דאָס אייניקל געלערנט סייכל:

— איצטער־אָ ווייִנסטו?.. דאָ־אָ ווייִנסטו?.. צעוויין זיך בעסער דאָרט, לעבן פורל, מע זאָל דיך ארופנעמען. הערסט, וואָס מע זאָגט דיר?..

דער זיידע האָט מיטן אייניקל אַף די הענט זיך אַרויסגעשטופּט פאָרנט פאַרן אוילעם, און דאָס אייניקל האָט אָנגעהויבן וויינען און קלאָגן אַף אַ קאָל:

— כ׳וויל פאָרן אַפן פורל... כ׳וויל זיצן רײַטנדיק אַפן פּוליעמיאָט... כ׳וויל פאָרן אַפן פורל...

די סאָלדאַטן האָבן זיך צעלאַכט: וואָס עס גלוסט זיך אַ זשידעק אין אַזאַ־אָ צײַט! אַ קינד בלײַבט אַ קינד. און זיי האָבן איציק ראַכמיִעלס ייִנגעלע אַרופגעזעצט אַפן פורל.

די סערזשענטן אַפן פורל האָבן גערעדט רומעניש, און איציקס ייִנגעלע האָט גוט פאַרשטאַנען מאָלדאַוויש. אין אַ שטיקל צײַט אַרום האָט דאָס ייִנגעלע ווידער אָנגעהויבן וויינען און קלאָגן אַף אַ קאָל:

— כ׳וויל צוריק צום זיידן... כ׳וויל אַף די הענט צום זיידן... כ׳וויל צוריק צום זיידן...

דאָס אייניקל איז צוריק געזעסן באַם זיידן אַף די הענט, און דער זיידע האָט שטילערהייט געפרעגט:

— נו, וואָס הערט זיך?.. נעם ניט אַרויס די נעשאָמע. האָסט זיך עפּעס דערוווּסט?

— אהאַ!..— האָט דאָס אייניקל וואַזשנע געענטפערט.— מע פירט ניט שיסן, זיידע. מע פירט קיין בערשאַד, אין געטאָ.

— וואָס זשע, איז עס בעסער צי ס׳איז ערגער?..— האָט שוין דער זיידע אינגאַנצן פאַרגעסן, מיט וועמען ער פירט דאָ דעם שמועס.

וויִאַזוי אַזאַ פּיצל ייִנגעלע האָט פאַר איין מאָל פאַרגעדענקט צוויי אַזעלכע פרעמדע ווערטער, ווי „בערשאַד״ און „געטאָ״, איז ניט שײַעך צו פרעגן: ניט אומזיסט, אַפּאָנעם, האָט איציק ראַכמיִעלס געטײַנעט, אַז ראַכמיִעל שוסטערס אייניקל וועט לערנען אַף דאָקטער, אָט וועט ראַשקעוו אומיסטן זען, זײַן נאָמען זאָל ניט הייסן איציק.

נאָך אַזאַ־אָ היסטאָריע איז שוין פּאָשעט געווען אַ בושע אַפילע פאַרן קינד צו זיצן אין בערשאַדער געטאָ מיט פאַרלייגטע הענט. ווען אין בערשאַדער געטאָ זאָל מען געווען וויסן, וואָס עס האָט זיך שטילערהייט אָפּגעטאָן באַם ווערטוזשענער שוסטער אין שטיבל, וואָלט מען דעם ווערטוזשענער שוסטער געווען גערופן אין געטאָ „דאָס הייליקע שוסטערל״.

אין דעם קליינעם שטיבל, וואָס איז גיכער געווען אַ מין קאַמער, ווי אַ שטיבל, האָבן די מאַנצבלעך דורך די נעכט געלאַטעט שטיוול, געלייגט „רובטשיקעס״ אַף דורכגעלעכערטע פּאָדעשוועס. די ווײַבער האָבן פאַריכט הויזן, געוואַשן העמדער און גאַטיעס.

אָפּנעמען די דאָזיקע אויסגעפאַריכטע און איבערגעוואַשענע זאַכן, אָנברענגען אין אַ זאַק אַנדערע אַזעלכע זאַכן אויסצופאַריכטן און איבערצוואַשן פלעגט זיך אהער איין מאָל אין דער וואָך אַרײַנכאַפּן אַ מענטש, אָדער אַפּדערנאַכט, ווען אין דרויסן איז שוין געווען גוט טונקל, אָדער פאַרטאָג, ווען אין דרויסן איז נאָך ניט געווען גוט ליכטיק. פריִער פלעגט דער מענטש עטלעכע מאָל אָנקלאַפּן אין שײַבל, דערנאָך אַרײַנקומען

אינווייניק גלײַך ווי גאָרניט, גלײַך ווי צום ווערטוזשענער שוסטער איז גלאַט אזוי זיך אַרײַנגעקומען א קוינע מיט א ביסל אַרבעט.

דעם וועג אהין אין וואלד האָט געוווּסט איין איציק. אמאָל פלעגט ער אהין אַוועקגיין טאקע מיט דעם דאָזיקן מענטשן און שוין, פאַרשטייט זיך, אין יענעם טאָג ניט אהיים קומען נעכטיקן. אמאָל פלעגט ער אליין פאַרשווונדן ווערן אויף א צוויי־דרײַ טעג, און אין דער היים האָט מען קיינמאָל ניט געפרעגט ווו און וואָס. מ׳האָט נאָר געוואָלט וויסן איין זאַך: צי אַלצדינג איז דאָרט דורכגעגאַנגען בעשאָלעם און צי וועט עס, כאַ־לילע, ניט אָנברענגען אויף זייער שטוב קיין אומגליק.

איציק איז געווען באַרויִקט אויף אַזעלכע רייד. ער האָט גוט אָנגעשריגן אי אויפן ווײַב, אי אויף שווער־און־שוויגער. דערנאָך האָט ער זיך באַרויִקט און זיי געגעבן צו פאַרשטיין די זאַך איידל, קימאַט פילאָסאָפיש:

— נאַראָנים וואָס איר זענט. וואָס זשע, אָט דאָס־אָ אײַנגאַנצן איצטער איז א קאַרגער אומגליק? ס׳קאָן נאָך געמאָלט זײַן אויף דער וועלט גרע־סערע אומגליקן? גייט שוין, רעדט כאָטשבי ניט!..

די קאָלווירטן אַרום בערשאַד האָבן די אָקופּאַנטן ניט צעלאָזט, נאָר געלייגט די האַנט אויף זיי, געוואָרן איבער זיי די באַלעבאַטים. אזוי איז געווען גרינגער אַרויסצוקריגן פון דאָרטן אי דאָס גאַנצע ברויט, אי דאָס גאַנצע פלייש. איבער יעדן קאָלווירט האָבן זיי אַוועקגעשטעלט זייערן א מענטשן. נאָר ניט אַלע אַוועקגעשטעלטע זײַנען געווען זייערע מענטשן. אייניקע זײַנען לעפּאָנעם געווען זייערע, אינדערעמעסן איז דאָס גאָר געווען אונדזערע מענטשן.

איציק ראַכמיִעלס פלעגט מען איבערגעבן פונעם וואלד, צו וועמען פון די דאָזיקע נײַע „קאָלווירט־פּאָרזיצער“ ער זאָל זיך ווענדן. ער פלעגט ביגנייווע אַרויסגיין פון דער געטאָ און אַוועקגיין אין יענעם דאָרף אַרײַן צופוס. פון דאָרט פלעגט ער אָנפּאָרן אין וואלד אמאָל מיט א פורל קאַר־טאָפליעס, אמאָל מיט א פורל מעל, אמאָל איז אין פורל געלעגן א גע־קוילעטער כאַזער, אמאָל פלעגן שטיין עטלעכע בידאָנעס מיט מילך.

דאָס איז איבערגאָר געווען איציקס טועכץ באַ די פּאַרטיזאַנער. פון קיין ביקס האָט ער קיין איין מאָל ניט אויסגעשאָסן און קיין צוג אויף די רעלסן האָט ער ניט אופגעריסן. נאָר די פּאַרטיזאַנער האָבן גוט געוווּסט, אז אָן די דאָזיקע פורלעך, וואָס איציק ברענגט צו פירן אין וואלד, וואָלט קיין שום ביקס ניט געקאָנט אויסשיסן און קיין שום צוג אויף די רעלסן וואָלט ניט געקאָנט אופגעריסן ווערן. וואָס שײַעך געפערלעכקײַט און אײַנגעשטעלטקײַט, איז איבערפירן איינער אליין אַזאַ־אָ פורל אויף אַזעלכע־אָ וועגן ניט ווייניקער געפערלעך און אײַנגעשטעלט, איידער איבערפאַלן אַלע איינינעם, לעמאָשל, א מאַכנע דײַטשן אויפן שליאַך, אָדער אַרונטער־קריכן, זאָגן מיר, אונטער א בריק מיט א זעקל דינאַמיט באַנאַכט.

די פּאַרטיזאַנער האָבן עס גוט געוווּסט און עס איציקן ניט נאָר איין מאָל געזאָגט.

און קאַך־האַווע. איינמאָל האָט איציק געדאַרפט באַקומען באַ אַזאַ־אָ עלטסטן פון א קאָלווירט א קו פאַר די פּאַרטיזאַנער. ער האָט געזאָלט

אוועקגיין אין קאָלווירט נאָך דער קו דעם אנדערן פאַרטאָג. נאָר ערעוו דעם, א פּאָר שאָ אין דער נאכט, איז געקומען צו לויפן צום ווערטוזשעג־נער שוסטער א מיידל, וואָס האָט געארבעט פאר א מאשיניסטקע אין בערשאדער פּרעטורע, ארויסגערופן איציקס ווײַב אין דרויסן ארויס און איר בעסאָד־סוידעס געזאָגט, אז מאָרגן פאַרטאָג וועט מען אין יענעם־אָ קאָלווירט איציקן ארעסטירן: דער „קאָלווירט־פּאָרזיצער״ האָט די גאנצע מײַסע מיט דער קו אויסגעגעבן דער פּרעטורע.

איציק איז באנאכט אוועק אין וואלד, און דעם אנדערן טאָג ארום אָנבײַסן־צײַט האָט דער בערשאדער שעף־דע־פּאָסט ארומגערינגלט מיט זײַנע זשאנדארן דעם ווערטוזשענער שוסטערס שטיבל.

מ׳האָט געזוכט איציקן. מ׳האָט איבערגעקערט די שטוב האָרען־קאָרען און געזוכט געווער, גאָלד, לעדער. און ווען איציקס אייגענע האָבן געטײַנעט, אז זיי ווייסן ניט פון גאָרניט, זיי ווייסן ניט, ווו ער איז, איציק, האָט מען זיי אלע אָנגעטאָן קייטעלעך אף די הענט און זיי אלע אוועקגעפירט אין פּרעטורע. דאָרטן האָט מען מיט זיי גערעדט קורץ און שארף: מ׳עט זיי אזוי האלטן, ביז איציק וועט זיך ניט אָפּזוכן. און אויב ער וועט זיך ניט אָפּזוכן, איציק, וועלן זיי קריגן דאָס, וואָס ער דארף קריגן: מ׳עט זיי אלע צעשיסן ווי די הינט. אלע ביז איינעם. אי דאָס ווײַב איציקס, אי דאָס יינגעלע זײַנס, אי שווער־און־שוויגער, אי דאָס שוואָגערל איציקס, זאנוולען.

אין בערשאדער געטאָ האָט זיך געטאָן כוישעך. ווער האָט זיך געקאָנט פאָרשטעלן, אז דער־אָ איציק ראכמיִעלס, גאָר ניט אזא איבערגעשפּיצטער, מע קאָן אפילע זאָגן א שטיק אמהאָרעץ אויך, מיט איין וואָרט: א שוסטער בען שוסטער, זאָל גאָר זײַן אזא־אָ מענטשל, א פּארטיזאן, א פארבאָר־געגער לאמעדוואָווניק, א גיבער. ווער האָט זיך געקאָנט פאָרשטעלן, אז בא דעם דאָזיקן שטילן ווערטוזשענער שוסטערל, בא דעם דאָזיקן שוי־סעקל אין שטוב זאָלן זיך האָבן אָפּגעטאָן אזעלכע זאכן.

באלעבאטישע יידן אין געטאָ האָבן געהויבן מיט די אקסל, געדרונגען איינס פון דיביידע: אָדער מ׳האָט געפונען באם שוסטער אין שטוב גע־גאנוועטע לעדער: וואָס דען וועט מען געפינען בא א שוסטערוק אין שטוב? פארוואָס דען וועט מען גיין אײַנזעצן א שוסטערוק מיט דער גאנצער מישפּאָכע? אָדער — ס׳הייבן זיך שוין אָן די גוטע מײַסעס: הײַנט האָט מען צוגענומען א שוסטערל א גאָרניט, און מאָרגן וועט מען צונעמען א מענטשן מיט א ווערט, מיט א פארנעם. זיי ווייסן דען א כילעק, די גאזלאָנים, די קוילערס?..

נאָר, ווי זאָגט מענדעלע, ניט דאָס בין איך אויסן.

צוויי טעג דורכאנאנד האָט מען זיך אין וואלד געיישעוועט און געיישעוועט און דערנאָך ארויסגעטראָגן א פּסאק, אז איציק זאָל זיך גיין יאווען: מע טאָר ניט שטעלן אין קאָן א גאנצע מישפּאָכע און עפּשער טאקע א גאנצע געטאָ — ערשטנס. צווייטנס, די רומענער זײַנען ניט די דײַטשן, זיי האָבן ליב אין דער יאד ארײַן, די פּארטיזאנער האָבן צו זיי א שטיקל וועג — מע וועט איציקן אויסקויפן.

כוץ דעם, ווער ווייסט, וואָס די מישפּאָכע איציקס וועט דאָרטן זאָגן, דערציילן. וויִאַזוי איציק וועט זיך האַלטן, ווייסט מען, אַף איציקן מעג מען זיך פאַרלאָזן.

האקיצער, איציק האָט זיך אַרײַנגעיאָוועט אין דער פּרעטורע און אַ זאָג געטאָן, אַז דאָס איז ער, איציק. די מישפּאָכע האָט מען באַפרײַט און ביז עפּעס וואָס אַ נעם געטאָן זיך צו אים, צו איציקן. מענטשן, וואָס זײַנען גראָדע אין יענע טעג פאַרבײַגעגאַנגען די שטוב, ווו עס האָט זיך געפונען די פּרעטורע און דער זשאַנדאַרן־פּאָסט, האָבן דערציילט, אַז די קוילעס איציקס זײַנען געגאַנגען ביז אונטערן הימל. מ׳האָט דער־ציילט, ווי מ׳האָט אים געזען דורכפירן דורכן הויף אין קעלער אַרײַן. דאָס פּאָנעם איז אים געווען פאַרשוואָלן, דער קאָפּ צעבלוטיקט, די קליי־דער אַף אים צעריסן — מ׳האָט קוים־קוים דערקענט, אַז דאָס איז ער, איציק.

* * *

מירן איבערלאָזן איציקן — ניט אַף לאַנג, פאַרשטייט זיך, — ליגן אין קעלער בא די זשאַנדאַרן און וועלן דערווײַל דערציילן אַן אַנדער גע־שיכטע וועגן בערשאַדער געטאָ, אַ געשיכטע, וואָס האָט ניט קיין שײַכעס מיט איציקס געשיכטע.

און עפּשער האָט זי יאָ אַ שטיקל שײַכעס.

סטאַראָסטע אין בערשאַדער געטאָ האָט מען אָוועקגעשטעלט אַ ראַש־קעווער יונגערמאַן מיטן נאָמען יאַנקל פּעקער. דער דאָזיקער יאַנקל פּע־קער איז אין ראַשקעוו געווען אַ יונגערמאַן פונעם באַלעבאַטישן גראַד. דער פאָטער זײַנער, מוישע פּעקער, אַ פרומער ייִד מיט אַ לאַנגער בע־קאָוועדיקער ווײַסער באָרד, וואָס האָט נאָך דאָ און דאָרט, אין דער מיט און אין די זײַטן, דורכגעוואָרפן זיך מיט אַ מין רויטלעכער איבערבלײַ־בעכץ, האָט פאַרנט אין גאַס פאַרמאָגט אַ קלייט פון שוכוואַרג מיט צוויי הילצערנע טרעפּלעך אַרויף אין קלייט אַרײַן. אַ ייִד, וואָס האָט געקענט אַ בלאַט געמאָרע, האָט געפירט אַ ברייטע שטוב, איז געווען אָן אַרײַנגייער צו די ראַבײַים אין הויף, אַ וואָרט איז בא אים געווען אַ וואָרט, אַ ייִד „מיט אַ בענעמאָנעס״, ווי די מאָלדאַוואַנעס, וואָס פלעגן אַרײַנקומען צו מוישע פּעקערן אין קלייט קריגן זיך עפּעס אַף די פּיס, פלעגן אַף אים אַ זאָג טאָן.

יאַנקל האָט, דאַכט זיך, געענדיקט אַ שטיקל גימנאַזיע. ווען ראַשקעווער „ליוביטעלעס״ פלעגן אויבן בא ליפּע ציגײַנער אין „מאַגאַזאַן״ שפּילן „גאָט, מענטש און טײַוול״, פלעגט יאַנקל זײַן אין דעם אַפּדערנאַכט דער „ראַספּערעדיטעל״, פלעגט אויסזעצן דעם אוילעם אַף די פּלעצער און דערנאָך שטיין פונדערווײַטנס און ששיקען צום אוילעם, מע זאָל ניט פאַר־געסן, אַז מע זיצט אין אַ טעאַטער און מע זאָל ניט לאַכן צו הויך.

מיט איין וואָרט — יאַנקל פּעקער האָט זיך אין ראַשקעוו ניט גערעכנט פאַר קיין שפּעטנע יונגערמאַן. ניט קיין גראָבעריונג, ניט, כאָלילע, קיין שלעגער, קיין שיקער, קיין וואָס אין דער קאָרט.

נאָך דער כאַסענע האָט ער אָנגעהויבן פירן דעם פּאַטערס שוכוואַרג־קראָם בעשוטפעס מיטן פאָטער. אָפּט געפאָרן קיין קעשענעוו נאָך סכוי־רע, די קלייט פאַרגרעסערט, געפירט זי מיט אינטערעס, מיט קאָפּ, גע־ווּסט, וואָס צו רעדן מיט א קונה, קיין קונה איז שוין בא יאַנקלען אָן קיין פּאָר שיך פון דער קלייט ניט אַרויסגעגאַנגען.

כאַסענע געהאַט האָט יאַנקל פאַר זוסיע שויכעטס אַן איינִיקל, כּײַקע שפּרינץ, א מיידל מיט א פּאָר שוואַרצע, אָפּט פריילעכע און אָפּטמאָל גאָר טרויעריקע אויגן, בעפּיירעש א ווויל מיידל, שפּעטער א ווילע געטרײַע מאַמע פון צוויי טונקעלע כיינעוודיקע מיידעלעך.

אַגעוו, צווישן אונדז זאָל עס בלײַבן, האָט כּײַקע ניט אומגעקערט זיך צוריק פון בערשאַדער געטאָ, ניט ווײַל זי איז ערגעץ אומגעקומען אין א גאַז־קאַמער און ניט ווײַל מ׳האָט זי ערגעץ אומגעבראַכט אין א וואַלד, נאָר ווײַל זי איז יונגערהייט געגאַנגען פון דער וועלט פאַר ווייטעק און פאַר בושע, וואָס דער מאַן אירער, יאַנקל, איז אין געטאָ סטאַראָסטע און פאַר די גוטע שטיקלעך זײַנע דעמלט אין געטאָ.

די צוויי מיידעלעך כּײַקעס זײַנען שפּעטער אַוועק פונעם טאַטן, אופ־געצויגן זיך אין א קינדערהיים, אויסגעוואַקסן צוויי גרויסע ווילע מייד־לעך, מיט שוואַרצע, אָפּט פריילעכע און אָפּטמאָל גאָר טרויעריקע, איינ־גאַנצן דער מאַמעס אויגן.

פאַרוואָס מ׳האָט גראַדע אַוועקגעשטעלט יאַנקל פּעקער פאַר סטאַראָ־סטע אין געטאָ, האָט קיינער ניט געוווּסט. מ׳האָט געזאָגט, אַז דערפאַר, ווײַל יאַנקל איז געווען גוט מיטן שעף־דע־פּאָסט, מיטן שעף־דע־סעקציע, צוגעשאַרט זיי פאַרדינסטלעך, כאַבאַרלעך, געזשליאָקעט מיט זיי אייניינעם, געפירט זיי צו „נעקייוועס״.

אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז פּאַשעט דערפאַר, ווײַל מ׳האָט דאָך גע־דאַרפט עמעצן אַוועקשטעלן, האָט מען אַוועקגעשטעלט א מענטש מיט א קאָפּ אויף די פּלייצעס, מיט א פּען אין דער האַנט, א מענטש, וואָס פאַר־שטייט א געשעפט, ווייסט ווו אײַן און ווו אויס.

וואָס האָבן די אָקופּאַנטן געמאָנט באַם סטאַראָסטע? א סאַך האָבן זיי געמאָנט. ערשטנס, האָט ער געדאַרפט האַלטן אַן אויג אויפן אוילעם, וויסן, וואָס בא וועמען עס טוט זיך אין שטוב. מיט וואָס מע גיט זיך אָפּ, וואָס מע רעדט און וואָס מע טראַכט. צווייטנס, האָט ער געדאַרפט אכטונג געבן, מע זאָל גוט אַרבעטן. דריטנס, האָט דער סטאַראָסטע צונויפגעשטעלט די צעטלען פון די פּאַרטיעס מענטשן, וואָס מ׳האָט אָפּט אַריבערגעשיקט אי־בערן בוג צו די דײַטשן, קלאָמפּערשט אויף אַרבעט. און ס׳איז נאָך, פאַר־שטייט זיך, געווען א פערטנס, א פינפטנס, א זעקסטנס און אזוי ווײַטער.

וועגן יאַנקל פּעקערס שטיק דעמלט אין בערשאַדער געטאָ גייען אום אַלערליי קלאַנגען. נאָר כ׳וויל דערציילן איין געשיכטע, וואָס כ׳האָב געהערט פון א לעבעדיקן איידעס, און די איינע געשיכטע איז גענוג, מע זאָל פאַרשטיין, וואָס פאַרא גוטע מײַסים דער דאָזיקער באַלעבאַטישער שוך־קרעמער האָט אופגעטאָן אין יענער שוואַר־געפרווּוטער צײַט.

א ראשקעווער ייִד, ייִסראָעל העניעכס, א שוואך מענטשל, א שנײַדער, האָט קימאט א יאָר צײַט אומגעבלאָנקעט מיטן ווײַב און מיט א מיידל זייערס איבער די דערפער, אף די פעלדער, אין וועלדער, אויסגעשטאנען געבראָטענע לייד, צענדליקער מאָל געזען דעם טויט פאר די אויגן, און זיך בעשום־אויפן ניט געקענט צושלאָגן צו קיין מאָקעם־מענוכע, צו קיין דאך איבערן קאָפּ. אין וואָס פאר א געטאָ ער איז אָנגעקומען, האָט מען אים געהייסן גיין ווײַטער, מאכמעס ס׳איז דאָ א באפעל, האָבן די סטאראָסטעס געטײַנעט, אז קיין נײַע מענטשן זאָל מען מער ניט צורנעמען און מער צו דער געטאָ ניט צושרײַבן. אין די כאדאָשים, ווען מ׳האָט דעם אוילעם געפירט אין די געטאָס, איז ייִסראָעל העניעכס ערגעץ געבליבן שטעקן אפן וועג, געוואָלט מאכן בעסער און געמאכט ערגער.

אז ער איז אין א יאָר ארום אָנגעקומען מיטן ווײַב און מיטן מיידל, אלע דרײַ מער סקעלעטן ווי מענטשן, קיין בערשאד, האָבן א פּאָר ייִדן אין גאס זיי געייצעט:

— פונוואנען זענט איר, זאָגט איר? פון ראשקעוו? הער־הער. וואָס זשע שווײַגט איר? דער סטאראָסטע אונדזערער איז דאָך אײַערער א ראשקעווער. גייט צו צו אים און טוט אים א גוטן בעט. ער קען דאָך אײַך מינאסטאמע פון דער היים. גייט, שטייט ניט!

יאנקל פּעקער האָט די בניי־איר זײַנע בעפיירעש אופגענומען פרײַנטלעך, ניט געזאָגט ניין.

— מאכעטייסע, — האָט ער א זאָג געטאָן, — מירן אײַך אויסזוכן א שטיבל. איר וועט זיצן און ארבעטן. איר וועט בלײַבן דאָ אין בערשאד. נאָר ס׳עט דארפן עפּעס קאָסטן. מ׳עט דארפן אונטערשמירן די באלעבאטים: דעם שעף־דע־פּאָסט און דעם שעף־דע־סעקציע.

— הײַנע? — האָט ייִסראָעל העניעכס געפרעגט.

— ערשטנס, דארף מען האָבן א ביסל גאָלד. צווייטנס, — האָט יאנקל פּעקער א קוק געטאָן צו ייִסראָעל העניעכס מיידל, — צווייטנס, וועל איך מיט אײַך רעדן קלאָרע דיבורים. איר וועט מיר דארפן אויסלײַען דאָס מיידל אײַערס אף א נאכט פארן שעף־דע־סעקציע. וואָס זאָל מען טאָן? אָ־דאָס איז עס, פרײַנט מײַנע.

ייִסראָעל העניעכס ווײַב האָט זיך אָנגעהויבן רײַסן די האָר פונעם קאָפּ:

— וויי איז מיר, געוואלד געשריגן! וואָס הערן מײַנע אויערן? קום, ייִסראָעל. לאָמיר לויפן ווּהין די אויגן וועלן אונדז טראָגן. זעסטעך, אז ס׳איז סדאָם איז עס, זעסטעדעך!..

יאנקל פּעקער האָט זיך צעלאכט:

— מעשוגענע מענטשן, ווי איך בין א ייִד. וואָסי, מא ראש, וואָס געוואלדעוועט איר, וואָס? וואָס מיינט איר, איר זענט די ערשטע? איר זענט ניט די ערשטע און ניט די לעצטע. מע צווינגט אײַך עמעצער, מע נייט אײַך דען? ניט איז ניט. גייט אײַך, פונוואנען איר זענט געקומען. גייט, מארש, אײַער פוס זאָל דאָ באלד ניט זײַן!..

וועדליק ייִסראָעל העניעכס דערציילט, זײַנען זיי דעמלט אלע דרײַ, ער, דאָס ווײַב זײַנס און דאָס מיידל, פּאוואָלינקע צוריק ארויסגעגאנגען

פון בערשאַד ווידער אווּעקלאָזן זיך בלאָנקען אַף די וועגן. ס׳איז שוין געווען פאַרנאַכט־צו, זיי זײַנען אַזוי אַלע דרײַ געגאַנגען, קוים געשלעפּט זיך, און אַלע דרײַ ביטער געוויינט. פּלוצעם, זיי טוען אַ קוק, זיצט באַם וועג אַ מענטש אין שוואַרצע ברילן, מיט אַן איבערגעקערט היטל לעבן זיך אַף דער ערד. אַז דער מענטש האָט דערהערט, ווי זיי גייען אַזוי און וויינען, האָט ער אָנגעהויבן שרײַען צו זיי:

— היי, קומט נאָר אַהער און דערציילט, וואָס האָט זיך געטראָפן, וואָס וויינט איר וואָס?

ייִסראָעל הענעכס ווײַב האָט אַ שלעפּ געטאָן ייִסראָעלן באַם רעקל:

— קום, שטעל זיך ניט אָפּ. געפונען מיט וועמען אָפּצושטעלן זיך איצטער און טײַנען. מיט אַ בלינדן בעטלער.

נאָר אים, ייִסראָעלן, האָט עפּעס ווי אַ צי געטאָן צום דאָזיקן מענטשן. ער האָט אַראָפּגערעדט פאַר אים אַלצדינג, וואָס ס׳איז אים געלעגן אַפן האַרצן, אים דערציילט די גאַנצע מײַסע פון אַלעף ביז טאָוו.

דער מענטש האָט אַלצדינג אויסגעהערט, מיטאַמאָל אַראָפּגענומען די ברילן פון די אויגן, און מ׳האָט געזען, אַז ער איז גאָרניט קיין בלינדער.

— קערט אײַך צוריק אום, — האָט ער אַ מאַך געטאָן צו ייִסראָעלן, — אין געטאָ און זאָגט אים דאָרטן, דעם אויסוווּרף דעם סטאַראָסטע, ער זאָל אײַך געבן אַ פּלאַץ ווו איבערצונעכטיקן און זאָל אײַך מער אין ערגעץ ניט טרײַבן. אַניט, זאָגט אים, וועט ער האָבן צו טאָן מיט אונדז. ער וועט זיך שוין אָנשטויסן מיט וועמען. אַזוי־אָ, מיט די ווערטער טאַקע, זאָגט אים!

ס׳איז שוין בעמײַלע געווען פאַרנאַכט־צו, און ייִסראָעל הענעכס מיטן ווײַב און מיטן מיידל האָבן זיך צוריק אומגעקערט קיין בערשאַד, אָפּגעזוכט יאַנקל פּעקער, אים דאָס אַלצדינג געזאָגט. יאַנקל פּעקער איז שטאַרק בלייך געוואָרן אַפן פּנים און טאַקע באַלד אין יענעם אָפּדערנאַכט זיי געגעבן אַ פּלאַץ אין געטאָ, ווו איבערצונעכטיקן און ווו צו וווינען.

אַזוי איז שוין ייִסראָעל הענעכס מיט דער מישפּאָכע געבליבן אין בערשאַדער געטאָ ביזן סאָף, און קיינער האָט זיי שוין ניט געטשעפּעט. ווען ראַשקעוו האָט זיך באַפרײַט און זיי האָבן זיך אומגעקערט אַהיים, טוט מען אין אַ שיינעם טאָג פּלוצעם אַ רוף אַרויס ייִסראָעל הענעכס אין ראַיאָן, קיין קאָטוזשען. דאָרטן, ער טוט אַ קוק, זיצט באַ אַ טיש אָ דער־אָ מענטש, וואָס איז דעמלט געזעסן באַם וועג אַף דער ערד. דער מענטש האָט ייִסראָעלן דערלאַנגט אַ בויגן פּאַפּיר און אים אַ זאָג געטאָן:

— ט׳האָט איר, כאַווער ייִסראָעל. זעצט אײַך אָ־דאָ־אָ אַנידער און שרײַבט עס אוף אינגאַנצן אַזוי, ווי עס איז געווען. פון אַלעף ביז טאָוו.

דאָס אַלץ דערציילט איצטער אַזוי ייִסראָעל הענעכס אַליין. נאָר מענטשן זאָגן, אַז די מײַסע איז אַן אויסגעטראַכטע, קיינער האָט ייִסראָעל הענעכס אין ראַיאָן ניט אַרויסגערופן. באַלד נאָך דעם, ווי ער האָט זיך אומגעקערט אַהיים קיין ראַשקעוו, איז ער אַליין אַוועקגעגאַנגען צופוס קיין קאָטוזשען און דאָרט, ווו מע דאַרף, אַליין אַלצדינג אויסדערציילט.

די מײַסע מיט די שווארצע ברילן האָט ער צוגעטראכט דערפאר, ווײַל ער וויל ניט, מע זאָל זאָגן, אז איבער אים האָט מען יאנקל פעקער אײַנ־געזעצט, געמישפּעט און פארמישפּעט אף זיבן יאָר. גלײַך מ׳האָט יאנקל פעקער געמישפּעט איבער אים, יִיסראָעל הענעכס, און ניט איבער זײַנע, יאנקל פעקערס, אייגענע „מײַסים־טויווים״, וואָס ער האָט גאנצע דרײַ יאָר אָפּגעארבעט דעמלט אין בערשאדער געטאָ.

יִיסראָעל הענעכס איז שוין איצטער אן אלטיטשקער ייִד, וווינט אין ראשקעוו, ארבעט נאָך צו צוביסלעך שנײַדערײַ, און אז ס׳קומט אמאָל אראָפּ א ראשקעווער אף קייווער־אָוועס, גייט מיט אים יִיסראָעל הענעכס אפן פעלד, העלפט אים אָפּזוכן דעם קייווער און קאָן בעשאסמײַסע בע־שום־אויפן ניט פארגעסן יענע געשיכטע מיט יאנקלען אין געטאָ:

— הער, וואָס א ייִד א פאסקודניאק, א הונט טוט זיך א זאָג אָפּ. לײַ אים אויס די טאָכטער אף א נאכט פארן שעפ־דע־סעקציע. דאכט זיך, געווען אמאָל ניט קיין שפּעטנע יונגערמאן. א טאטנס א קינד. מוישע פעקער איז, דאכט זיך, געווען דער שענסטער באלעבאָס אין ראשקעוו, געהאט אזא קלייט, געפירט אזא שטוב. ווי גראמט זיך עס, ווי, האָ? טפו!

רעב יאנקל פעקער אליין איז נאָך אויך דאָ. ער איז זיך אָפּגעזעסן זײַנע זיבן יאָר און וווינט איצטער אין קעשענעוו. אז איך באגעגן אים אמאָל אין טראָלייבוס צי אין אווטאָבוס, קאָרטשעט ער זיך אײַן אײַנ־דרײַען, פארקוועטשט דעם קאָפּ צווישן די אקסל. כ׳זאָל אים, כאָלילע, ניט זען און זאָל אים, כאָלילע, ניט דערקענען.

און ס׳איז אים אזוי אויך ניט גרינג צו דערקענען. ער איז אינגאנצן ווײַס, אײַנגעדארט, זעט אויס ווי אן אכציקיאָריקער זאָקן. ער ארבעט, ווייס איך, ערגעץ פאר א נאכט־שוימער. ס׳איז אים, כלעבן, נישט מע־קאנע צו זײַן.

די דאָזיקע געשיכטע יאנקל פעקערס האָט, ווי מע זעט, קיין שום שײַ־כעס ניט מיט איציק ראכמיִעלס געשיכטע. כ׳דערצייל זי דאָ דערפאר, ווײַל ביידע געשיכטעס זײַנען פאָרגעקומען אין איין געטאָ, אין איין בערשא־דער געטאָ.

און עפשער האָט זי יאָ א שטיקל שײַכעס, האָ?
נאָר, ווי זאָגט מענדעלע, ניט דאָס בין איך אויסן...

* * *

איציקן האָט מען אויסגעקויפט.

מ׳האָט אים אויסגעקויפט ניט וואָלוול. ייִדן און ייִדענעס אין געטאָ האָבן אוועקגעגעבן קידושן־פינגערלעך, בראָשקעס, קייטעלעך. וואָס ווער ס׳האָט נאָר עפּעס פארמאָגט. וואָס בא ווע‍מען ס׳איז נאָך עפּעס געלעגן באהאלטן אף ניט צו באדארפן, ווען דאָס וואסער וועט שוין צוקומען ביז צום האלדז.

אפילע כײַקע שפרינץ, דערציילט מען, דעם סטאראָסטעס ווײַב, האָט בישטיקע, דער מאן זאָל, פארשטייט זיך, ניט וויסן, אליין געבראכט צו

טראָגן א פּאָר אויריגגלעך אירע. איציקס באפרײַען האָט אָפּגעקאָסט דער געטאָ א מאַיאָנטעק.

נאָר וואָרט האָבן זיי געהאלטן, די רומענישע געטאָ־מוישלים: מ׳האָט איציקן באפרײַט. יאנקל פּעקער האָט זיך ארײַנגעיאוועט צום ווערטער־זשענער שוסטער אין שטיבל און א בורטשע געטאָן, אז מ׳האָט פון דער פּרעטורע באפוילן, מע זאָל קומען אָפּנעמען איציקן. מע זאָל קומען, האָט ער א זאָג געטאָן, מיט א טארגע.

איציקס שוואָגערל זאנוול, דאָס ווײַב איציקס און דער שווער אי־ציקס האָבן אלע דרײַ ארויסגעטראָגן פון דער פּרעטורע א טארגע איבער־געבונדן מיט שטריקלעך, ווי א מיטע, און אף דער טארגע איז געלעגן איציק. די פיס זײַנען אים געווען איבערגעבראָכן, די הענט ארויסגע־דרייט פון די שלעסער, די ציין פונעם מויל אויסגעזעצט, דאָס פּאָנעם פּאריאָגט, קיין איין אייווער האָט איציק ניט געהאט קיין גאנצן. ווען ניט די אָפענע לעבעדיקע אויגן, וואָס האָבן די גאנצע צײַט געקוקט ארויף צום הימל און זײַנען געווען לויטערער און רייִנער פונעם הימל, וואָלטן מענטשן געווען געמיינט, אז אין דער טארגע טראָגט מען אהיים איציקן ניט קיין לעבעדיקן, נאָר א טויטן, א מעס.

הינטער דער טארגע איז נאָכגעלאָפן איציקס ייִנגעלע און געשריגן:

— טאטע, טאטע, רעד עפּעס!

מ׳האָט אינמיטן וועג אראָפּגעשטעלט די טארגע אף דער ערד, איציק האָט א גלעט געטאָן מיט די אויגן דאָס ייִנגעלע זײַנס, א זאָג געטאָן: „האָקעמוירעניט, כ׳רעד, כ׳רעדו!” און דער שווער איציקס האָט א מאך געטאָן צום אייניקל:

— זאָלסט כאָטש אף אלע אייביקן גוט געדענקען, וואָס פאר א טאטן דו האָסט געהאט, הערסט! נו, הייבט אוף. קומט ווײַטער. קומט!..

לייִצים אין געטאָ האָבן נאָך אפילע געהאט קויעך צו כאָכמענען זיך:

— אָן אווײרע, כלעבן, דאָס ביסל גאָלד. סײַוויסײַ, וואָס וואָלטן זיי געווען געטאָן מיט אים? קיין איין וואָרט האָבן זיי פון אים ניט ארויס־געקריגן,ביידע פיס האָבן זיי אים איבערגעהאקט, וואָס זשע וואָלטן זיי געווען געטאָן מיט אים, אײַנגעזאלצן? זיי וואָלטן אים בעמיילע געווען ארויסגעלאָזט. אזא גרויס געשווילעכץ זיי אין גאָרגל!

נאָר כאָכמעס — כאָכמעס. עטלעכע כאדאָשים צײַט איז צום ווערטער־זשענער שוסטער אין שטיבל, א טאָג איבער א טאָג, ארײַנגעגאנגען א גוטער דאָקטער, א ייִד פון די רומענישע ייִדן, וואָס זײַנען געווען ארויס־געשיקט אהער, אין דער בערשאדער געטאָ. א דאָקטער א גרויסער ווייסער און א מענטש א גאָלד־געוויכט. ער האָט איציקן ארײַנגעלייגט אין גיפּס, געזעסן לעבן אים און אים געהיט דאָס הארץ און די לונגען, אליין געמאכט אים אײַנרײַבעכצן, מאסאזשן, געזאָגט, אז איציק וועט אויסהאלטן און געזונט ווערן. אזעלכע איציקס, האָט ער געזאָגט, האלטן אלצדינג אויס.

איציק האָט אָנגעהויבן ווערן א מענטש, אָנגעהויבן קומען צו־זיך. ער פלעגט זיך שוין אומדרייען אין שטוב מיט א שטעקעלע. אָנהאלטן זיך

פאוואָליע בא די ווענט. מיט דער צײַט האָט ער ביסלעכווײַז אָנגעהויבן ארויסגיין אין דרויסן, אוועקזעצן זיך אף דער פריזבע, זיצן און ווארע־מען זיך קעגן דער זון.

דער פראָנט איז שוין דעמלט, אפּאָנעם, געווען ניט ווײַט פון בער־שאַד. פונדאנען־אָ, פון דער געטאָ, האָט מען אָנגעזען, ווי אפן שליאַך, פונדערווײַטנס, טוט זיך עפּעס ניט קיין געוויינלעכס. דער שליאַך רוט ניט. דײַטשישע מאשינעס פאָרן אַפּ און אוף, אהין און צוריק. נאָר מע־רער פאָרן זיי שוין צוריק, ווי אהין. און ס׳איז שוין גאָר אן אנדער מין פאָרעניש. ס׳איז שוין גיכער א מין לויפעניש צעזעצטערהייט, איידער א פאָרעניש. אין געטאָ האָט מען אָנגעהויבן הערן ווידערקוילעס פון שי־סערײַען, פון אופרײַסן.

איציק האָט זיך שוין געהאט געפילט גאנץ נישקאָשעדיק. ער האָט זיך שוין אפילע געקליבן דורכצוגיין זיך אין א טאָג צוויי ארום אין וואלד.

אין יענעם פארנאכט האָט די ווערטוזשענער שוסטערקע אָפּגעזאָטן א טאָפּ קארטאָפליעס און די גאנצע שוסטערשע מישפּאָכע איז געזעסן ארום א שיסל הייסע קארטאָפליעס און ס׳האָט א שמעק געטאָן מיט היים, מיט איבערלעבן און מיט ווידערלעבן.

באנאכט האָט מען אָנגעקלאפּט אין דער טיר.

מ׳האָט איציקן אוועקגעפירט אין א מאשין. פארטאָג האָט מען אים אופגעהאנגען. מ׳האָט אים אופגעהאנגען פּראָסט, שטיל, אָן ראש און אָן צערעמאָניעס. ניט אזוי, ווי מע פלעגט ביז דעמלט אופהענגען אזעלכע ווי ער.

פאר די דאָזיקע צערעמאָניעס איז שוין פּאָשעט ניט געווען קיין צײַט. מאמעש אין א טאָג ארום איז דער גאנצער געטאָ־אוילעם ארויס פון די הײַזער און אָנגעהויבן לויפן צום שליאַך־צו.

אפן שליאַך זײַנען, פארשטויבטע און אויסגעהאָרעוועטע, אָנגעפאָרן אונדזערע טאנקען.

* * *

די דאָזיקע דערציילונג האָב איך שוין לאנג געוואָלט דערציילן.

כ׳האָב שוין לאנג געטראכט, אז דעם פראָסטן, גאָר ניט אָנגעזעענעם בען־איר מײַנעם, איציק ראכמיעלס, קומט א שטיקעלע דענקמאָל.

ניט מאטעס בראָכעס, — א ראשקעווער ייִד א כאָכעם, וואָס פלעגט לערנען בארמיצווע־ייִנגלעך לייגן טפילן, זײַנע כאָכמעס פלעגט מען אין ראשקעוו נאָכרעדן, און די גרעסטע כאָכמע זײַנע איז געווען א כאָכמע, וואָס ער פלעגט א זאָג טאָן וועגן דער ייִדענע זײַנער, וועגן בראָכען:

— א הונט, הערט איר, איז בראָכע בא דער שטוב. בראָכע און האצ־לאָכע...

און דער אוילעם פלעגט זיך קאטשען פאר געלעכטער;

ניט געציע מאָלדאווסקין, — א צווייטער ראשקעווער כאָכעם, וואָס פלעגט מאמעש רעגענען מיט גלײַכווערטלעך, און יעדער גלײַכווערטל

געציעס, פלעגן ראשקעווער זאָגן, איז ווערט ניט ווייניקער פון א פינף־און־צוואַנציקער. ער פלעגט ליב האָבן, געציע, ארויסקומען זומער באַ־טאָג פון דער שטוב, א קוק טאָן אף דער אויסגעשטאָרבענער גאַס אין ראשקעוו און קלוימערשט איבערגעשראָקן א זאָג טאָן:

— א סאַקאָנע, ווי איר זעט מיך לעבן, ארויסצוגיין אין דרויסן ארויס. מע קאָן דיך נאָך אינמיטן העלן טאָג באַפאַלן און בארויבעווען!..

און אוילעם פלעגט זיך ווידער קאַטשען פאַר געלעכטער;

ניט הערשל גוריעווסקין, — א ייִד א פאַרמויעכטער, מיט אײַנגעפאַ־לענע באַקן, א קאַסירער אין דער ראשקעווער באַנק. א ייִד, וואָס פלעגט טאָמיד רייכערן האַלבע ציגאַרעלעך פּאַשעט דערפאַר, ווײַל רייכערן גאַנ־צע וואָלט שוין געוועזן צו א גרויסער „ראָסקאָש״, פלעגט קיינמאָל ניט גלייבן, אז ס׳וועט נאָך אמאָל זײַן זייער גוט, און פלעגט קיינמאָל ניט גלייבן, אז ס׳קאָן נאָך אמאָל זײַן זייער שלעכט. אף אַלע פאַרגעזעענע גליקן און אומגליקן פלעגט ער א מאַך טאָן מיט דער האַנט, א זאָג טאָן:

— אייסעך, ווען דער נעסטער וועט גיין צוריקצווועגס!..

ווילע ייִדן. טײַערע ייִדן. כּאַכאָמים. עס רײַסט דאָס האַרץ, וואָס זיי זײַנען מער נישטאָ. נאָר א שטיקל דענקמאָל קומט איציק ראַכמיעלס. כלעבן, ווי עס קומט אים!

זאָל זײַן א פּאַשעטער שטיין, אָן צערעמאָניעס. אפן שטיין זאָל זײַן אויסגעהאַקט מיט א דאָלעטע א פּאָר פּאַשעטע שורעס: „דאָ ליגט א פּראָ־סטער ייִד, א שוסטער בען שוסטער, איציק דער זון פון ראַכמיעלן, וואָס האָט געלעבט א פּראָסט לעבן און האָט דאָס לעבן אוועקגעגעבן, קעדיי די קרומע, צעקאַליעטשעטע וועלט זאָל זיך א קאַפּעלע אויסגלײַכן״.

אונטער די פּאָר שורעס וואָלט איך אויסגעהאַקט די ייִדישלעכע דרײַ אויסיעס: ז. צ. ל. — זייכער צאַדיק ליווראָכע.

צי עמעצער וויל עס יאָ לײַדן, צי עמעצער וויל עס ניט לײַדן.

* * *

א גוטע דערציילונג קאָן ניט זײַן, זאָגט מען, קיין גוטע דערציילונג, אויב זי האָט א גוטן סאָף.

נאָר וואָס זאָל מען טאָן, אז ס׳איז פאָרט פאַראַן א גוטער סאָף, זאָל מען אים אויסמײַדן, זאָל מען אים פאַרשווײַגן?

אף צעזעצעניש און אף צעפּיקעניש די סאָנים, ווי איציק האָט אמאָל א זאָג געטאָן, האָט איציק ראַכמיעלס ייִנגעלע געלערנט אף דאָקטער. גע־לערנט, געענדיקט און איז הײַנט, קיין אײַנהאָרע, הויפּט־דאָקטער אין א שפּיטאָל ערגעץ אין א שטאָט הינטער מאָסקווע. ראשקעווער ווייסן פּינק־טלעך ווו.

אויב עמעצער וויל אָנשרײַבן ראַכמיעל שוסטערס אייניקל א בריוו, קאָנען מיר אים דעם אַדרעס קריגן.

# מײַנע טאַטע־מאַמע





ײַן טאַטן האָב איך, כּוץ אַלעמען, ליב געהאַט דער־פֿאַר, ווײַל ער האָט נעבעך יונגערהייט געהאַט אַן אַלטע פּאַרטרויערטע נעשאָמע.

נו, וויאַזוי זאָל מען ניט ליב האָבן אַ טאַטן, וואָס שטייט אױף דער שוועל מיט אַ פֿאַרומערט, פֿאַר־צאַרעט, פֿאַרביטערט פּאָנעם און זיפֿצט, זיפֿצט: אַך, ווו נעמט מען די קינדער אַ וועטשערע? זיפֿץ נאָך זיפֿץ, ווי אין שטוב, אין קאַלטע רעגן־טעג, די סטעליע, לעהאַוודל: קאַפּ... קאַפּ... קאַפּ...

אױף זײַן פֿאַרגעלטן שטערן איז אָן אַ צאָל קאַרבן, פּאַסן, קנייטשן און קנייטשלעך, און אין יעדן קנייטשל באַזונדער — דער גאַנצער צאַר פֿון דער וועלט.

ער גייט אום מיט אַ שוואַרצער פּראָסטער באָרד, וואָס איז פֿאַר דער צײַט פֿאַרגראָווט געוואָרן, קלערט, שווײַגט, און אַז ער צערעדט זיך אַמאָל, זאָגט ער:

— אײַ אַ וועלט, אײַ אַ קרומע וועלט!..

און זעלטן־זעלטן פֿרייט ער זיך, שמייכלט, לאַכט.

כ׳בין גרייט געווען, געדענק איך, לויפֿן אין פֿײַער און אין וואַסער, איבערוקן בערג, איבערשטעלן שטעט, די וועלט זאָל זיך אַ קאַפּעלע אויסגלײַכן. מײַן טאַטע זאָל אויך לאַכן, אָפּט לאַכן, הויך און האַרציק לאַכן.

מײַן מאַמען האָב איך ליב, ווײַל זי האָט אַלטערהייט אַ יונגע נעשאָמע.

נו, וויאַזוי זאָל מען ניט ליב האָבן אַ מאַמען, אַ באָבע פֿון, קיין אײַנ־האָרע, פֿערצן אייניקלעך, אינגיכן אַן עלטערבאָבע, וואָס נעמט און זעצט זיך אַוועק אַלע אָפּדערנאַכט צווישן די צוויי ייִנגסטע טעכטער אירע קעגן טעלעוויזאָר, לייגט צונויף ביידע הענט אױפֿן האַרצן, „אַשאַזעט״ זיך אַזש,

פאַר האַנאַע, העכער און טיפער אפּן בענקל, און לעבט מעסוקן איבער פאַר דער טראַקטאָריסטקע פון הינטער קיִעוו צי ערגעץ פון נאָוואָסי־בירסק, וואָס האָט זיך ביז איבער די אויערן פאַרליבט אין א יונגן ברי־גאַדיר און יענער זעט עס ניט. זי בײַטלט אויס אף אים אלע כאַלוימעס. גיט אים אף א קאָל אייצעס. און באַגלייט די גאַנצע צײַט דעם פילם מיט אויסטערלישע קאָמענטאַרן:

— יאָ, וואָדען. ט׳עט זי באַלד כאַפּן און לויפן!..

— אזא גולקעלע מײַנע סאָנים אף דער שפּיץ צונג!..

— נו?!..

— אוואַדע: ווער ס׳איז שיין, איך בין קלוג!..

— אוי, מע קושט זיך שוין!..

זי האָט ווײַס־ווײַסע האָר. נאָר זי באַהאַלט זיי ניט אונטער קיין שייטל, ווי אמאָל אירע גאָלד־לאָקן. פאַרקערט: דאָס שאַלעכל איז איר גאַדלעס־דיק פאַרוקט, בייס זי גייט אַרויס אף א שפּאַציר מיט אן אייניקל. די פאַרנאַכטיקע זון שײַנט אף אירע בלישטשענדיקע, שפּיגל־זילבערנע האָר־פּאַסמעס, און עס שאַטנט זיך דאָרט אָפּ דער גאַנצער קאָוועד פון דער וועלט.

און בא א מישפּאָכע־סימכע זעצן זיך אויס אַרום א לאַנגן צערוקטן טיש אלע אירע זין און טעכטער, אלע אירע איידעמס און שנורן. איינער א שלאָסער און דער צווייטער אן אינזשעניער, איינע א מעדשוועסטער און די צווייטע א לערערן, איינער א שעף פון א מעבל־צעך און דער צווייטער אן עלעקטראָמאָנטיאָר, איינע א קאַסירערן און די צווייטע ווי־דעראַמאָל א מעדשוועסטער. אלע טומלען, ווערטלען זיך, זינגען, לאַכן. די קלענסטע אייניקלעך דראַפּען זיך אײַנציקווײַז אַרוף אף א בענקל און זאָגן א „סטיך”. דער אוילעם פּליעסקעט און שרײַט בראַוואָ. זי זיצט אויבנ־אָן יאָמטעוודיק־פאַרפלאַמט, זינגט מיטן אוילעם מיט, שעפּטשעט די קינדער נאָך מיט די ליפּן, פּליעסקעט שטאַרקער און העכער פון יעדן. נאָר פּלוצעם טוט זי זיך מיטאַמאָל א דריי אום, טוט עפּעס אומרוִיק א זוך לעבן זיך, די אויגן אירע ווערן א רעגע פול, און שטילערהייט גיט זי א זאָג:

— אוי וויי מיר! בא די גרויסע צאָרעס איז ער געווען, און באַם נאַ־כעס איז ער נישטאָ!..

איך זיץ און קוק און פיל, אז איך בין גרייט צו לויפן אין פײַער און אין וואַסער, דער מאַמעס נאַכעס זאָל, כאָלילע, ניט פאַרשטערט ווערן.

איר נאַכעס אין אונדז און טאַקע אונדזער נאַכעס אין איר — דעם פאַרומערטן, פאַרצאַרעטן ראַשקעווער ווײַבל, וואָס איז הײַנט אף דער עלטער א יונגע בעקאָוועדיקע ייִדענע.

**1**




ער צוג אונדזערער איז צוגעפאָרן צום וואָקזאַל פאַרנאַכט.

צוויי ראַשקעווער ייִנגלעך, מיט די הענט אַף די טשעמאָדאַנטשיקעס זייערע, מיט איבערגעשראָקן־פאַרכידעשטע פּענעמער, זייַנען געשטאַנען אין וואָגאָן־דורכגאַנג צונויפגעדרענגט צווישן אוילעם פּאַסאַזשירן, און אַף די שפּיץ פינגער, איבער פרעמדע אַקסלען אַריבער, געקוקט מיט צוויי לאַנגע נעזלעך און מיט צוויי פּאָר פאַרכידעשט־איבערגעראַשטע אויגן, ווי עס שווינדלען דורך דורכן וואַגאָן מעסוקן גרויסע און מעסוקן באַלויכטענע וואָקזאַל־פענצטער, אָן אַ שיר מענטשן אַפן פּעראָן, דעם וואָקזאַל־שעפּס רויטע היטל צווישן די מענטשן, אַ פאַרפּוצטער פּאָליציי־מייסטער, אַ גאַלעך מיט אַ ציילעם אַפן בויך, אַ גלעזערנער דאַך איבער די מענטשן, סלופּעס אונטערן דאַך, אַ גלאָק, בודקעס מיט סעלצערוואַסער, אַ שערענגע פאַעטאָנען איינער הינטערן אַנדערן ערגעץ באַ דער זייַט, אַ טומל, אַ הור־האַ, אַ שטופּעניש: ווי וועט מען זיך דאָ אָפּזוכן און ווי?אַזוי וועט מען זיך דאָ אויספּלאָנטערן?

איין ראַשקעווער ייִנגל איז געווען איך. און דאָס צווייטע ראַשקעווער ייִנגל איז געווען אַ כאַווער מייַנער — יאַנקל ריפּע.

מיר האָבן מיסטאַמע אויסגעזען שטאַרק שטאַלטנע. אי מיט די פּענעמער אונדזערע, אי מיט דער האַלבאָשע אַף אונדז. יאַנקל איז געווען אָנגעטאָן אין אַ מין געלער גערונצלטער סקורטע[1] מיט פיר קעשענעס: צוויי קעשענעס גלייַכע, מיט לעפּלעך, און צוויי קעשענעס קאָסע, אָן לעפּלעך. די

---

[1] סקורטע — אַ בעסאַראַבער קורץ אויבערמאַלבעש.

סקורטע איז אף אים געווען ווויליונגעריש צעשפיליעט, און אונטער די צעכראסטעטע פּאָלעס אירע האָבן זיך אָנגעזען צוויי ווײַסע פּאסן פוטער. אפן קאָפּ האָט ער געטראָגן א צעקנייטשט בלאָוו היטל מיט א גלאנצנ־דיקן דאשעק. אף די פיס — א פּאָר גראָבע שטיוועלעך, „באָקאנקעס״, מיט לעדערנע שנירלעך. אין די שטיוועלעך — וואָלענע זאָקן. און אין די זאָקן זײַנען געווען ארײַנגעלאָזט די הויזן. איך האָב דײַקע געטראָגן טופּליעס, בין געווען אָנגעטאָן אין א מין דין פּאלטאָכל, אין א היטל מיט א גאנץ לײַטיש קנעפּל אויבן אין דער מיט. נאָר כ'האָב דאָס היטל, אפּאָ־נעם, געטראָגן צו אף א זײַט — אין דער אנדערער זײַט האָט ארויסגעוו־קוקט צו א ביסטרע שווארצע היטשקע. און פונעם לײַטישן פּאלטאָכל האָט זיך ארויסגעזען די קרעמעווע קאָסעוואָראָטקע מײַנע מיט די שוואר־צע אויסגענייטע העמערלעך אפן קאָלנער.

קליינשטעטלדיק. נאָר קליינשטעטלדיק־בעסאראביש. אויגן — קלייג־שטעטלדיק איבערגעשראָקן־פארכידעשטע, נאָר ס'איז אין זיי, אפּאָנעם, געשטאנען צו א שארפער גלאנץ, צו א שארפער דאָרשטיק־אומרויִקער גלאנץ.

און עמעצן איז דער דאָזיקער בעסאראבער הוילעך אונדזערער און די דאָזיקע בעסאראבער אויגן שוין בייס אונדזער ערשטן באווײַזן זיך אף די וואגאָן־טרעפּלעך באלד ניט געפעלן. עמעצער האָט זיך באלד פאר זיי דערשראָקן. ווי עס וועט דערציילט ווערן אין עטלעכע שורעס ארום.

יאנקל איז געווען אף א יאָר עלטער פון מיר. שוין, קיין אײַנהאָרע, א זיבעצניאָריקער באָכער. ער איז שוין אהער, קיין טשערנאָוויץ, געקו־מען צום צווייטן מאָל. דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט א טראסקערײַ, צעשאָקלט די וואגאָנען. און יאנקל האָט אויסגעקערעוועט צו מיר דעם קאָפּ, מיר ארײַנגערעדט גלײַך אין אן אויער ארײַן:

— נעם זיך אָן הינטן אין דער פּעטליע פון מײַן סקורטע. כ'זאָל דיך ניט פארלירן!

— וואָס זשע, ס'האלט שוין טאקע אזוי־אָ? — האָב איך ניט געוווסט, צי ער מיינט עס ערנסט, צי ער כאָכמעט זיך אזוי, יאנקל.

— זעסטעך די בייזאלאָווליע, וואָס דאָ טוט זיך. ס'אי ניט ראשקעוו!

די פּאסאזשירן האָבן זיך געשטופּט, ניט געהאט קיין צײַט, געריסן זיך צום ארויסגאנג איינער פריִער פארן צווייטן. מ'האָט אונדז א פּאָר מאָל אָפּגעזידלט, מאכמעס מיר זײַנען א פּאָר מאָל, איין מאָל איך און איין מאָל יאנקל, עמעצן ארײַנגעפּאָרן מיט די שארפקאנטנדיקע קעסט־לעך אונדזערע אין די זײַטן ארײַן. אונדזערע צוויי קעסטלעך, מיט די אײַזערנע הענטלעך אויבן אף די דעקלעך, וואָס האָבן געשניטן די פינ־גער, זײַנען געווען ענלעך איינס צום אנדערן, ווי א צווילינג. מיר האָבן זיי ספּעציִעל צוליבן פאָרן געמאכט בא אבע סטאָליער. און אבע סטאָליער, וואָס האָט פארשטאנען אן אייסעק און האָט געוווסט, מיט וואָס די דאָזיקע צוויי ייִנגלעך שמעקן, האָט זיי אונדז ספּעציִעל אָפּגעפארבט מיט א רויִ־טער פארב. מעגלעך גאָר, אז אָ־די רויטע קעסטלעך אונדזערע האָבן

באלד בא אונדזער אָנקומען, באַם ערשטן באַווײַזן זיך אונדזערן אַף דער ארענע, ארויסגערופן קעגן אונדז אזא ווילדע אָקסישע סינע.

עמעצער איז א געקעסטלטן מאנטל, מיט א באַסק אַפּן קאָפּ, איז באלד בא אונדזער אראָפּשטעלן די פיס אַף דער ערד אויסגעוואַקסן קעגן אונדז מיט א פּאָר צעשפּרייטע הענט, ווי אַף צו כאַפּן אָן אַף, און דאַפּקע שטיל, אָן געשריי א זאָג געטאָן:

— איר שטייט א ביסל דאָ, אין א זײַט!

ער האָט אונדז עטלעכע מאָל געגעבן א מעסט אָפּ פון אויבן ביז אראָפּ און מיט א האַנט זײַנער געטאָן א פארשאַר א פּאָלע פון זײַן מאנטל:

— איר קומט מיט מיר. אָן רייד. מארש!

אלפּי־לאָגיק האָבן מיר געדארפט א פרעג טאָן: ווער זענט איר? וווהין זאָלן מיר מיט אײַך גיין? נאָר מיר האָבן שוין גוט פארשטאַנען, ווער דער דאָזיקער פּארשוין איז און וווהין ער פירט אונדז, און מיר האָבן גאָר־נישט ניט געפרעגט. און דאָס איז, פארשטייט זיך, געווען א שטיקל פּע־לער. דערמיט אליין האָבן מיר שוין אויסגעגעבן זיך, אז מיר פילן זיך שולדיק — מע טוט מיט אונדז, הייסט עס, דאָס, וואָס מיט אזעלכע טוט מען.

מיר האָבן ביידע געשפּאַנט מיט די צוויי קעסטלעך אין ביידע זײַטן, און דער אגענט האָט אונדז אונטערגעטריבן, געקערעוועט אונדז מיט א האַנט, ווי מע קערעוועט גענדז.

כ׳האָב שטילערהייט א שעפּטשע געטאָן צו יאַנקלען:

— וואָס זשע קאָן זײַן, האַ?

— כ׳שפּײַ אַף אים!.. — האָט מיר יאַנקל געענטפערט מיטן זעלבן שעפּטש.

— נו. נו. אָן רייד. אהער־אָ, רעכטס!

ער האָט אונדז דורכגעפירט דעם פּעראָן, דורכגעפירט א גרויסע ליי־דיקע זאַל ארום־און־ארום מיט צעמענטענע בענק, דורכגעפירט א לאַנגן קאָרידאָר און ארײַנגעפירט אין א צימערל, ווו עס האָט געשמעקט מיט איבערגעברענטער לעדער, מיט צעפּארעטע אָנעטשעס און ווו לעבן א וואַנט זײַנען אַף א מין הילצערנעם געשטעל געשטאַנען איינס לעבן אנ־דערן עפּשער צען צי צוועלף ביקסן.

אינוויייניק אינעם דאָזיקן צימערל איז דער פּארשוין געוואָרן גאָר אַן אנדערער. ער האָט באַקומען א פּאָר אָנגעגאָסענע אויגן, א רויט רע־ציכעדיק פּאָנעם און האָט זיך צערעווועט אַף אונדז, ווי א געקוילעטער:

— קאָמוניסטן, קאָ־מו־ניסטן, האַ?!

איך און יאַנקל האָבן אויסגעדרייט איינער צום אנדערן די פּענעמער און קלאָמפּערשט טאַמעוואַטע א הייב געטאָן מיט די אַקסל. ס׳הייסט: וואָס מיינט ער, וואָס? מיט וואָס עסט מען עס?

— קאָמוניסטן? באָלשעוויקן? ענטפערט, טראַסצע וואַשע מאַטערע! — האָט ער דערלאַנגט א בראָכע אַף א לאָשן, וואָס קער, הייסט עס, אונדז בעסאַראַבער, זײַן גאָר־גאָר ליב.

— איך בין געקומען לערנען אין העברעיִשן סעמינאַר. באם ראבינער מאַרק! — האָב איך א זאָג געטאָן מיט א פרום אומשולדיק קאָל.

— און איך בין א זייגערמאכער. אן אָרנטלעכער זייגערמאכער! — האָט יאנקל פונקט מיטן זעלבן טאָן מיך אונטערגעהאלטן.

— קאָשערע שעפעלעך. קאָנען נעבעך קיין פליג אף דער וואנט ניט טשעפּען. טוץ דומנעזעו שי מאמא וואָסטרע...[1] — האָט ער אונדז אָנגעהויבן בענטשן אָפּיציִעל, אפן לאָשן פונעם לאנד. — עפנט די פארלייזיקטע קעסטלעך אייַערע! נו, וואָס שטייט איר און קוקט מיך אָן!

מיר האָבן זיך געבויבלט, מיט די שליסעלעך אין די שלעסלעך פון אונדזערע קעסטלעך, און ער האָט דערוויַיל געשיט פאר פיַיער און פאר וואסער:

— קומען און ברענגען אָן אהער די רויטע מאגייפע. רעוואָליוציעס. קאָמונעס. מע גייט דאָרט אין רוסלאנד מיט די הינטנס אין דרויסן. לאָזט, לאָזט, מירן אייַך אָנלערנען...

ער האָט זיך געטאָן א בייג איבער די צוויי צעעפנטע קעסטלעך אונדזערע, א רעגע א נישטער געטאָן מיט די אויגן, א שמעק געטאָן מיט דער נאָז און אָנגעהויבן קידען אונדזערע זאכן, צעווארפן זיי אינדערלופטן איבערן גאנצן צימערל.

א שקארפעטקע מייַנע איז געבליבן הענגען אף א מויל פון א ביקס. א העמד, וואָס די מאמע האָט עס אזוי שיין אויסגעלאטעט, איז געבליבן ליגן אפן צעמענטענעם פאָל מיט צוויי צעשפרייטע ארבל, ווי א געקרייציקטס. יאנקלס א פושקע גלעזלעך צו זייגערלעך האָט מיט א מעסוקן געשריי צעפּיצלט זיך אף פּיץ־פּיצלעך. עס זייַנען געפלויגן אינדערלופטן הויזן, לייַבלעך, האנטעכער, גאָל־מאכשירים, צוויי קלעצעלעך ווייַסע און שווארצע בייַוועלעך, קנעפלעך, שקארפעטקעס, א פּאָר העברעיִשע לערנביכלעך און דער צעקנייטשטער העפט מיט די אייגענע לידער מייַנע.

ווען דער מאכט־היטער האָט זיך גוט איבערצייַגט, אז אין אונדזערע קעסטלעך איז נישטאָ ניט קיין באָמבעס, ניט קיין פּראָקלאמאציעס און ניט, כאָלילע, קיין רויטע פאָנען, האָט ער מיט א פארקרימטער צורע אָפּגעטרעסעט זיך די הענט, ווי ער וואָלט מיט זיי נאָרוואָס אָנגערירט עפּעס אומריינקייַטן, האָט געטאָן א פּראל אוף די טיר, צונויפגעשארט מיט די פיס דאָס גאנצע האָב־און־גוטס אונדזערס און, אינײנעם מיט די ליידיקע קעסטלעך, אזוי־אָ מיט די פיס, אלצדינג ארויסגעשארט אין קאָרידאָר ארויס.

צו מיר מיט יאנקלען האָט ער זיך א לאָז געטאָן, ווי אריַינצושפּרינגען אין אונדז:

— מארש פונדאנען! אייַער נימעסער דעך זאָל דאָ באלד ניט זייַן! ארויס!

די צוויי ראשקעווער ייִנגלעך האָבן אף די קני שטייענדיק גיך אָנ־

[1] אין אייַער גאָט און אין אייַער מאמען! (רומעניש).

געשטופּט די זאַכן אין זייערע צוויי רויטע קעסטלעך אַרײַן. זיי האָבן זיך שוין וואָס גיכער געוואָלט זען אין דרויסן, אויף דער לופט.

ביגנייווע האָבן זיי עטלעכע מאָל א קוק געטאָן איינער צום אנדערן מיט א פּאָר כיטרע־לאַכנדיקע אויגן — צעלאַכן זיך אויף א קאָל האָט מען נאָך ניט געטאָרט.

א שיינעם באַרעכהאבע האָבן זיי געהאַט באַם אָנקומען אין דער גרויסער שטאָט טשערנאָוויץ.

מיר זײַנען אוועק מיט די קעסטלעך אין די הענט איבערן לאַנגן האַלב־פינצטערן קאָרידאָר. די הערצער האָבן אונדז נאָך נישקאָשעדיק געקלאַפּט. נאָר זיי האָבן שוין, זעט אויס, מער געקלאַפּט פאַר האַנאָע. מיר האָבן זיך געפילט ווי שטיקלעך מאַרטירער, קאָנספּיראַטאָרס, קעמפּערס, וואָס האָבן באַם ערשטן באַגעגענען זיך מיטן פײַנט זייערן שוין אָפּגעהאַלטן, ווי מע זאָגט, א שטיק ניצאָכן.

א מאַקע האָט דער דאָזיקער הונט מיטן געקעסטלטן מאַנטל, מיטן באַסק און מיטן רעוואָלווער אין קעשענע זיך דערוווּסט, וואָס אָ־די צוויי ראַשקעווער קליינשטעטלדיקע יינגלעך פירן באַ זיך אין קאָפּ, פירן באַ זיך אין האַרצן...

## 2

יאַנקל האָט געהאַט אַן אַדרעס צו א ייִדענע, באַ וועלכער מ׳האָט געקאָנט דינגען א בעטל. די פאַמיליע פון דער ייִדענע האָט עפּעס געקלונגען צו בעקאָוועדיק־רײַך, צו גרויסאַרטיק, עפּעס גאַרניט היימיש — פרוי ראָזענקראַנץ.

די גאַס, ווו פרוי ראָזענקראַנץ האָט געוווינט (מיר האָבן זיך מיט די אײַזערנע הענטלעך אויף אונדזערע קעסטלעך גוט אָנגעשניטן די הענט, ביז מיר האָבן זי אָפּגעזוכט), די גאַס האָט געהייסן נאָך פרעמדער און נאָך פריקרער, מאַמעש אויף צו צעברעכן זיך די ציין מיט איר — שפּרינגברונענגאַסע.

נאָר די דאָזיקע גרויסאַרטיקע און בעקאָוועדיקע פרוי ראָזענקראַנץ איז געווען א פּראָסט צעשויבערט ווײַבל, אייביק אויסגעשמירט מיט סאַזשע אויפן פּאָנעם, אייביק קויטיק, פאַראַשט, פאַרשלומפּערט. זי האָט פאַרמאָגט א מיידל מיט א מעשוגעדיק לאַנגן האַלדז און מיט דאַרע קרומלעכע פיס — עלזע. מיר האָבן קיינמאָל ניט געקאָנט דערגיין, צי די דאָזיקע פרוי ראָזענקראַנץ איז אַן אַלמאָנע, צי א געגעטע, צי אַן אַגונע, צי זי האָט גאָר קיינמאָל אין איר לעבן ניט כאַסענע געהאַט. דאָס איינציקע צימער, דער מאַמעס און דער טאָכטערס, איז געווען ענג אָנגעשטעלט, אָן פענצטער, מיט איין עלעקטריש לעמפּל העט אויבן אויף דער סטעליע, וואָס האָט טאָג און נאַכט געברענט און איז געווען אַרומגעפלאָכטן מיט דראָט און אויסגעפינטלט פון פליגן, ווי די עלעקטרישע לעמפּלעך אין די שטאָטישע בייס־האַקיסעס.

די גאַס, ווידער, די שפּרינגברונענגאַסע, איז מיר גראָדע געפֿעלן. אַז מ׳האָט זיך צום דאָזיקן קאָדערישן נאָמען צוגעוווינט, האָט ער אָנגעהויבן הערן זיך היימיש, אַפֿילו, דאַכט זיך, ייִדישלעך. צוויי באַקאַנטע ווערטער: אי „שפּרינג״, אי „ברונעם״ — אי קינדעריש, אי אַפֿילו כּמעשדיק.

עפּעס אַ מין קורצע, געדרייטלטע ווינקל־גאַס. זי איז געווען פֿול מיט קלייטלעך, פֿול מיט שטעלן, פֿול מיט שילדן, פֿול מיט רויך און מיט געפּילדער. ערגעץ אינמיטנדערינען איז פּלוצעם געשטאַנען אַ רויט־ציגלדיק שטיבל, מיט אַ פּלאַטשיק דעכל, מיט איין ברייט פֿענצטער אין דער וואַנט, דורכוואַנען ס׳האָט אַרויסגעשטעקט אין דרויסן אַרויס אַ לאַנגער טשוהונענער קראַנט. באַם דאָזיקן וואַסער־שטיבל זײַנען טאָמיד געשטאַנען ווײַבער מיט נאַסע פֿאַרטעכער, מיט עמערס לעבן זיך, געשטאַנען און געכאַפּט דערווײַל אַ שמועס מיט די הענט, אַרונטערגערוקטע אונטער די פֿאַרטעכער. פֿון אונטן, פֿונעם וואָקזאַל, פֿלעגט זיך אַהער אָנרוקן דער טראַמווײַ און פֿאַרקערעווען ווײַטער אין שטאָט־צענטער. ער פֿלעגט אָנמאַכן אַזאַ גרילצערײַ און אַזאַ קלינגערײַ, אַז מ׳האָט געדאַרפֿט זײַן פֿון אײַזן ניט טויב צו ווערן. די וויטרינע־שויבן לעבן די שמאָלע טראָטואַרלעך האָבן געדרינדזשעט. די דראָטן אין דער הייך האָבן געטראַסקעט און געשפּריצט מיט פֿונקען. און מיר איז דער דאָזיקער שטאָטפּייזאַזש גראָדע געפֿעלן. כ׳האָב מיך ניט געקענט אין אים זאַט אָנקוקן.

צו אונדזער באַלעבאָסטע, צו דער פֿרוי ראָזענקראַנץ, פֿלעגט מען ניט אַרײַנגיין, נאָר אַרײַנרוקן זיך דורך אַ שמאָל טונקל ליקל צווישן צוויי הויכע פֿאַרשאָטנטע ווענט. די פֿרוי ראָזענקראַנץ מיט איר עלזען האָבן אַהיימגענומען אַרבעט פֿון עפּעס אַ פֿאַבריקל — אָנגעשטאָפּט רערלעך מיט גראַפֿיט צו עלעקטרישע באַטאַרייקעס. שוואַרצער ביטערלעכער גראַפֿיט־שטויב האָט טאָמיד געשוועבט אינדערלופֿטן, אָפּגעלייגט זיך אױף די ווענט, אױפֿן האַרצן, אױפֿן האַנטעך, מיט וועלכן מ׳האָט זיך גאַנצפֿרי געוווישט דאָס פּאָנעם, אױפֿן שטיקל ברויט, וואָס מ׳האָט גענומען אין מויל אַרײַן. געשלאָפֿן זײַנען מיר מיט יאַנקלען אױף אַ קליין צעפּאָרן קאַנאַפּעלע. געשלאָפֿן ביידע, איינער אַרײַנגערוקט אין אַנדערן, געשלאָפֿן ניט אױף דער פּלייצע, נאָר אױף אַ זײַט, קיינמאָל מיטן אייגענעם ווילן ניט געקענט זיך איבערדרייען אױף דער אַנדערער זײַט, געמוזט דאָס טאָן ביידע איניינעם, אין איין צײַט, מיט איינע באַוועגונגען, ווי נאָך אַ קאָמאַנדע נאָך. ביז צוויי באַנאַכט האָבן מיר זיך ניט געלייגט שלאָפֿן, ווײַל ביז צוויי באַנאַכט זײַנען די מאַמע מיט דער טאָכטער געזעסן און אָנגעשטאָפּט מיט גראַפֿיט די רערלעך זייערע. און אַרום פֿינף פֿאַרטאָג האָבן מיר שוין ווידער ניט געקענט שלאָפֿן, ווײַל אַרום פֿינף פֿאַרטאָג זײַנען שוין די מאַמע מיט דער טאָכטער ווידער געזעסן און אָנגעפּילט מיט גראַפֿיט די רערלעך זייערע. און דער סאַמע איקער: פֿאַרן קאַנאַפּקעלע האָבן מיר געדאַרפֿט צאָלן דער פֿרוי ראָזענקראַנץ צו צוויי הונדערט ליי אַ כוידעש, ניט ווייניקער.

— ניין, ברודער, ס׳טויג ניט. מירן זיך דארפן אויסזוכן אן אנדער בעטל!

אזוי האָט אלע טאָג באם אופשטיין געזאָגט יאנקל און האָט יעדעס מאָל א פארקנייטשטער א קראץ געטאָן זיך אין זײַן געדיכטער בלאָנדער טשופּרינע: ווי לאָזט מען עס, ערשטנס, איבער אזעלכע צוויי בידנע, יאוונע „עקספּלואטירטע״, מענטשן אָנעם דירע־געלט אונדזערן, און ווו געפינט מען עס, צווייטנס, אן אנדער בעטל אזוי וואָלוול — צו צוויי הונ־דערט ליי א כוידעש, ניט מער.

אין סעמינאר בין איך ארײַן. כ׳קאָן ניט זאָגן, אז דאָס איז געוועזן בא מיר אזא גרויסער יאָמטעוו. כ׳האָב גיכער געוואָלט, עס זאָל געשען א נעס און איך זאָל ניט ארײַן. נאָר עס איז געשען א נעס, און איך בין יאָ ארײַן.

א נעס — מאכמעס אינײנעם מיט מיר האָט געהאלטן עקזאמען נויעך סטאראָסטע, א פינף־און־צוואנציקיאָריקער באָכער מיט זייער א פארעל־טערט־פארצאָרנט פּאָנעם, מיט א געענדיקטער גימנאזיע, מיט צוויי צי דרײַ מאָל פּרווון אָפּגעבן באקאלאַוראט. אין דאָזיקן טשערנאָוויצער לע־רער־סעמינאר האָט געהאלטן עקזאמען אײנע א ריווקע שטיינמאן, א צע־וואקסן מיידל, וואָס האָט שוין לאנג געמעגט כאסענע האָבן, האָט געהאט צוויי דיפּלאָמען פון גאנצע צוויי גימנאזיעס און האָט נאָר געוואָלט שטו־דירן אָ־דאָ־אָ, אין דאָזיקן טשערנאָוויצער לערער־סעמינאר. ס׳האָט גע־האלטן עקזאמען אזריליקל ווײַנבערג, א יונגערמאנטשיק מיט א קליין פּענעמל און צוויי גראָע לויפנדיקע מויזן־אייגלעך, שוין באָרעכהאשעם א טאטע פון צוויי קינדער, א פּריוואט־לערער שוין פון קאמע יאָרן, א גרויסער יאדן, האָט מען געזאָגט, א העברעיִש־קענער אײנער אין דער וועלט. וויִאזוי איך, — אָן קיין סאך קלאסן, און אָן קיין שום פּאפּירל אין די הענט, בלויז מיט א פּאָר יאָר אליין צוגרייטן זיך — בין אויך ארײַן, הייב איך ניט אָן צו פארשטיין.

דער דאָקטער גאָטליב — דער סעקרעטאר, דער פארוואלטער און דער הויפּט־לערער אין סעמינאר — האָט מיט פיר פינגער א רײַב געטאָן זיך א פּעכקע אויסגעגאָלטע באק, איבערגעלאָזט אף איר פיר רויטע פלעקן, באטראכט דערנאָך די בלייכלעכע נעגל פון די דאָזיקע פיר פינגער און אָנגעהויבן לויבן די „ארבעט״ מײַנע, וואָס כ׳האָב אָנגעשריבן אפן עקזא־מען. נאָר קעדיי ניט איבערצולויבן, האָט ער אף מיר שטרענג א קוק געטאָן איבער די ברילן אריבער און אף זײַן האלב־דײַטשמערישן, האלב־העברעיִשן לאָשן א זאָג געטאָן:

— פארשטייען זי מיך, קנאבע? וויר מאכן גראָסע אוסנאמע. האנאכאָט גדאָלאָט. פאר די דאָזיקע בעהיימישע שטעטלעך, מיטפּוצאט האגאָלא, שישמא בעסאראביא!..

ניט מער און ניט ווייניקער.

ווי א ניקאָלײַעווער סאָלדאט פלעגט אמאָל, מיט אלע רעכט אין קע־שענע, נאָכן אָפּדינען די פינף און צוואנציק יאָר דעם קייסער, רופן אזוי די שטעטלעך פונעם טכום־האמוישעוו: בעהיימישע שטעטלעך.

כ׳האָב אָנגעטאָן אפּן קאָפּ א העל־בלאָ היטל מיט א קורץ דאשעקל, האָב אָנגעהויבן גיין אלע צוויי אזייגער באטאָג אין סעמינאר אף די לעקציעס און האָב פּלוצעם, פון דער העלער הויט, אָנגעהויבן הייסן בא דער פרוי ראָזענקראנץ „דער שטודענט״.

כ׳האָב גוט געוווּסט, אז ניט דאָס איז דער וועג, לוי זו האדערעך: קיין העברעיִשער לערער וועל איך קיינמאָל ניט ווערן, און דעם דאָזיקן סעמינאר וועל איך קיינמאָל ניט פארענדיקן. נאָר כ׳בין געגאנגען. געגאנגען זיך אליין אָפּצונארן. און עפשער מער נאָך, ווי זיך אליין, אָפּצונארן דעם טאטן אין דער היים, וואָס האָט שטארק געוואָלט, דער עלטערער זון זײַנער זאָל עפּעס זײַן. וואָס־ניט־איז, נאָר עפּעס ניט געוויינלעכס, ניט וואָכעדיקס, ניט דאָס, וואָס ער, דער טאטע, איז.

* * *

יאנקל האָט אָנגעהויבן ארבעטן מאָנטאזש־זייגערמאכערײַ אין א מין אטעליע, ווו מ׳האָט צונויפגעשטעלט, מאָנטירט, הייסט עס, נײַע זייגערלעך פון פורניטורן, געבראכטע פון דער שווייץ. דער באלעבאָס פון דער דאָזיקער אטעליע, הער רודאָלף שאפּיראָ, א ייִד מיט א דין קוויטשעדיק קעלעכל און מיט א שווער גאָלדן קייטל צווישןביידע קעשענעס פון זײַן זשיליעט, האָט פארמאָגט א גרויסן מאגאזין פון זייגערס און פורניטורן צו זייגערס. דער מאגאזין איז געווען פול מיט שאפעס און פול מיט שפּיגלען. די צענדליקער זייגערס אף די ווענט און די הונדערטער זייגערלעך אין די שאפעס, אזוי אויך ניט אף איבערצוציילן און אף ארומצוכאפּן מיטן אויג, האָבן נאָך איבער די דאָזיקע שפּיגלען אויסגעזען צוויי מאָל אזויפיל, דרײַ מאָל אזויפיל. אין מאגאזין האָט זיך טאָמיד געהערט א זשוזשערײַ און א גרילערײַ פון די זייגערלעך, ווי גלײַך טויזנט כיידער־יִינגלעך וואָלטן דאָ אוועקגעשטעלט טויזנט פּודעלעך פון שוועבעלעך מיט טויזנט גרויסע, סאָפּזומערדיקע, גילדענע, געפאנגענע פליגן, פליגן „טשאָבאנעס״, ווי כיידער־יִינגלעך פלעגן זיי בא אונדז רופן. הער שאפּיראָ האָט ליב געהאט, אז די זייגערלעך אין זײַנע וויטרינעס זאָלן אלע גיין. און זאָלן אלע גיין פּינקטלעך, צו דער סעקונדע. ער האָט ספּעציִעל צוליב דעם געהאלטן אין מאגאזין א יונג באָכערל, וואָס איז געווען אָנגעטאָן אין א רעקל מיט מעשענע קנעפּ און מיט א הויכן אויסגעשניטענעם קאָלנער אויבן באם האלדז, א „לערן־בורשע״, וואָס האָט א גאנצן טאָג אָנגעצויגן די זייגערלעך, געווישט און געפּוצט מיט א פליוּשענער שמאטע די שאפעס, אזוי־אָ, מיט דער שמאטע אף דער האנט, א בייג געטאָן זיך אינדרײַען און א זאָג געטאָן „ווילקאָמען״, ווען אין מאגאזין איז ארײַנגעקומען א „קונדע״. ערגעץ אין א ווינקל האָט געפירט א טיר אין א לענגעכדיקן צימער ארײַן. אז מ׳האָט די טיר געטאָן אן עפן, האָבן זיך אָנגעזען עפשער צוואנציק שמאָלע באלויכטענע טישלעך, איינס הינטערן אנדערן, ווי שול־בענק אין א

קלאַס, און בײַ יעדן טיש זײַנען געזעסן צו צווײ זייגערמאַכערס, און פּאַרטיפּטע, יעדערער מיט אַ שוואַרץ־בײנערדיק פאַרגרעסער־גלאָז אויף אַן אויג, מאָנטירט פון פורניטורן זייגערלעך.

אָ־דאָ האָט געאַרבעט יאַנקל.

ער איז געזעסן הינטן, בײַ אַ לעצט טיש, און צונויפגעשטעלט אין איין צײַט צען זייגערס מיטאַמאָל. וואָלוועלע קעשענע־זייגערס, ראָס־קאָפּן, „ציבעלעס", ווי זייגערמאַכערס פלעגן אַזעלכע זייגערס רופן, בײַ וועלכע מ'האָט אי פאַרדינט וואַסער אויף קאַשע, אי מ'האָט זיך גוט גע־דאַרפט אָנמוטשען, ביז מ'האָט זיי געזען גיין. דער אוילעם האָט געאַרבעט אַקאָרד: וויפל דו מאַכסט, אַזויפיל האָסטו. די אַלטע, היגע, אַרבעטער האָבן קימאַט אַלע מאָנטירט טײַערע דאַמען־זייגערלעך. און אים, יאַנקלען, דעם נײַעם, דעם פרעמדן, האָט מען מעכאַבעד געווען מיט די דאָזיקע ציבעלעס, מיט די דאָזיקע שלעכטע גראָשנדיקע ראָסקאָפּן.

ער פלעגט אַהיימקומען, יאַנקל, און קרעכצן. ער איז ניט „באַפרי־דיקט", פלעגט ער זאָגן, ניט „מאָראַליש" און ניט „מאַטעריעליש".

ניט מאַטעריעליש — ווײַל פאַר די גאַנצע צען שאָ אַרבעט ציט ער צו מיט די דאָזיקע ראָסקאָפּן קוים־קוים ביז צוואַנציק ליי אַ טאָג. ניט מאָ־ראַליש — ווײַל די קאָמפּאַניע דאָ, די כעוורע זייגערמאַכערס, איז אַ שלעכטע קאָמפּאַניע.

— קלײנבירגער. האַרטע־קראַגן־פּראָלעטאַריער!.. — פלעגט ער אַ רעד טאָן מיט ווערטער, יאַנקל, וואָס ער האָט שוין אין די ערשטע טעג גע־כאַפּט טאַקע דאָ אין טשערנאָוויץ.

מע זיצט, פלעגט ער דערציילן, פאַרבונדענע מיט שניפּסן, אויסגע־לעקטע, אַלע טאָג פּריש־אָפּגעגאָלטע, און מע רעדט ניט אויס צווישן זיך קיין וואָרט. מ'האָט מוירע צו פאַרלירן אַ מינוט. יעדע מינוט איז אַ קאָ־פּעקע. און פון אַ קאָפּעקע און אַ קאָפּעקע ווערט אַ ליי, ווערט אַ צענערל. מע לייענט קיין שום ביכל ניט. מע פאַרמאָגט ניט קיין שום הײליקײַט אין האַרצן. מע טראַכט נאָר וועגן זיך און וועגן פאַרדינסטל. מענטשן זאָלן ניט טאָן אַמאָל קיין געשמאַקן לאַך, קיין גוטן זינג, זאָלן ניט וויסן פון קיין כאַווערישקײַט, פון קיין ברידערלעכקײַט — מע טראַכט נאָר שטענדיק וועגן שטיבער מיט „באַדעצימער", וועגן עפּעס אַ רײַכן שידעך, וועגן אַזאַ מאַגאַזין, ווי דעם באַלעבאָס', דעם הער רודאָלף שאַ־פּיראָס.

יאַנקל איז ניט געווען ניט קיין סענטימענטאַלער, ניט קיין אָפּשפּעטער. ער איז געווען אַ פּראָסט־פּאַשעט יינגל. נאָר די מאָנטאַזש־זייגערמאַכערײַ זײַנע פלעגט ער אָפּמאָלן אי מיט ווייטעק, אי מיט כויזעק. די פרוי ראָזענקראַנץ מיט איר עלזען פלעגן אַרײַנכיכיקען אין זייער קעסטל גראַפּיט אַרײַן. אָנהייבן אַזש ניסן און הוסטן. און איך פלעג שטיין און ניט וויסן, צי זאָל איך לאַכן, צי זאָל איך אויך באַקומען אַזאַ פאַרצאָרעט פּאָנעם, ווי יאַנקלס, וואָס דריקט אויס אַלע אוולעס און אַלע קרומקײַטן פון דער וועלט.

ער פלעגט טאָן א מאָל אָפּ, יאַנקל, ווי דער וואַיאַזשאָר זייערער, וואָס פאָרט ארום איבער דער סוויווע פארהאנדלען שאפּיראָס זייגערלעך, טוט זיך א שטעל אוועק, נאָך א געסיִע, אף דער טיר פונעם אטעליע מיט א פּאָר צעשפּרייטע הענט, די זייגערמאכערס הייבן אוף די קעפּ צו אים מיט א מעסוקענער האנאָע, און דער גרויסער קאָמיקער, דער דאָזיקער וואַיאַזשאָר זייערער, הייבט אָן דעקלאמירן אף א באסאָווע קאָל, וואָך בא וואָך איין און דאָס זעלבע קלוגע געדיכט זײַנס:

אפּן פריד־האָף און אפּן צווינ־טער
זיצט א ווי הייסט מען עס א גע־זינ־טער...
או־האָ! או־האָ! או־האָ!

און דער אוילעם האלט אים נאָך פּונקט מיט אזא באסאָווע־צעצויגן קאָל: או־האָ! או־האָ! או־האָ!..

— דאָס איז דער גאנצער הומאָר און די גאנצע פּאָעזיע זייערע! — פלעגט יאַנקל א זאָג טאָן קימאט מיט טרערן אין די אויגן. — אוי, איז מיר ניט גוט מיט זיי, ברודער!

און יאַנקל איז געוועזן א פּראָסט־פּאָשעט ייִנגל. אָן כאָכמעס. ער, אז ער האָט געזאָגט: „אוי איז מיר ניט גוט!”, האָט מען עס געמעגט גלייבן.

* * *

איך אליין האָב שוין אויך געהאַט וואָס צו דערציילן. כ׳בין שוין אומעטום געוועזן פול.

כ׳בין שוין געזעסן און געלייענט אין דער גרויסער מאָרגנרויט־לייען־זאַל, ווו נאָר פון דער הוילער שטילקײַט ארום־און־ארום און פון די פארקנייטשטע שטערנס בא יעדן לייען־טישל האָט מען שוין געקאָנט ווערן קליגער און כאָשעווער בא זיך. כ׳האָב שוין געגעסן א סוף אונטן אין דער שנײַדער־זאַל־קיך, ווו עס זײַנען געזעסן און געגעסן פּונקט אזא סוף צענדליקער ראשנדיקע ייִנגלעך און מיידלעך: וועבערס, רעגערס, שפּולערנס, קעטע־דרייערנס, טריקאָטאזש־שטריקערנס. כ׳האָב שוין שפּאַ־צירט אין „פּאָלקס־גארטן”. כ׳בין שוין געגאַן אף דער שיינער און רײַ־כער הערנגאַס. כ׳האָב צוויי מאָל אין טאָג, אהינצוועגס — צום סעמינאַר און צוריקצוועגס — פונעם סעמינאַר, דורכגעשפּאַנט דעם רינג־פּלאַץ. כ׳בין שוין געוועזן אין „שול־פאריין” און שוין אפילע געהאַט די זכיִע „פערזענלעך” באקענען זיך מיט סימכע שווארץ.

סימכע שווארץ פלעגט מען באגעגענען אין גאס אָנגעטאָן אין א שווארצער קינסטלער־שליאפּע מיט ברייטע ראנדן, אין א שווארצן „באָ־העמישן” מאנטל און מיט א גרויסן, טאָמיד בײַכיקן קולטור־טאַש אונטערן אָרעם. אוילעם האָט געזאָגט אף אים, אז ער איז א פילפּאכיקער טאלאנט. ער איז אלצדינג. אי א דיכטער, אי א טעאטער־רעזשיסער, אי א דראמאַ־טורג, אי א סקולפּטאָר, אי א מאָלער, אי א פּעדאגאָג, אי א לעקטאָר, אי א פארברענטער ייִדישיסט.

די שול־פאריין־ביבליאָטעק האָט זיך געפונען ערגעץ אויבן, אַף אַן אייבערשטן שטאָק, אינעם גרויסן פירגאָרנדיקן מויער, ווו אונטן, באַם סאמע ארײַנגאנג, האָט זיך אויך געפונען דער סעמינאר מײַנער.

כ׳האָב זיך אופגעהויבן די טרעפּ־ארוף מיט א קלאַפּנדיק הארץ און מיטן העפטל לידער מײַנעם אין בוזעם־קעשענע לעבן דעם דאָזיקן קלאַפּנדיקן הארץ. כ׳האָב געעפנט די טיר און דערזען פאר זיך אין צי־מער — א צימער מיט אַן א שיר ביכער־פּאָליצעס ארום־און־ארום — זיצן באַ א טישל אים אליין, סימכע שווארצן.

ער איז געזעסן באַם טישל אין א כאלאטל, געהאלטן א גיפּסן פיגורל אין די הענט און מיט גרויס קאוואָנע דעליבעט דאָס דאָזיקע פיגורל מיט א שפּיץ פון א מעסערל. די פארנאכטיקע פאסן זון־שטראלן, וואָס האָבן זיך קאָסע געצויגן פונעם פענצטער ביז צום דיל אראָפּ, האָבן געשפּילט מיט יעצירע־שטויב און שכינע־פונקען (ווי מע וואָלט אין יענע יאָרן געשריבן). ווי זשע ווײַזט מען עס אין אזא רעגע סימכע שווארצן דאָס העפטל מײַנס? די זון האָט מיר פארזשמורעט די אויגן און געשטערט אָנצושפּיגלען זיך אין סימכע שווארץ צו דער זעט.

ער אליין, סימכע שווארץ, האָט מיך פארשריבן אין דער ביבליאָטעק, און ער אליין מיט זײַנע הענט האָט מיר דערלאנגט דעם קאטאלאָג אויס־צוקלײַבן זיך א ביכל. כ׳בין געשטאנען און פּאָרכטיק געמישט די קנאקנ־דיקע בלעטער פונעם קאטאלאָג, געכאפּט א קוק פון א זײַט, ווי סימכע שווארץ דעליבעט אזוי הייליק דאָס גיפּס־פיגורל, און סאָפקאָלסאָף אויס־געקליבן זיך ערענבורגס „כוליאָ כורעניטאָ״.

מיטאמאָל האָב איך דערזען צווישן די ביכער־שאפעס א מענטשן מיט א צעשויבערטן קאָפּ האָר און מיט א פּאָר ביז ארוף פארדריפּעטע הויזן. דאָס איז געווען דער דערציילער הערש ווײַנשטיין, וואָס האָט שפּעטער די אָפּגעדרוקטע דערציילונגען זײַנע אונטערגעשריבן הערש־לייב קאזש־בער. ער האָט א דריי געטאָן צו מיר א בייזלעך שטעכיק־פארוואקסן פּאָנעם און האָט א זאָג געטאָן אַף א הויך קאָל, קימאט א געשריי געטאָן:

— כוליא כורעניטא. כא, כא! (אזוי טאקע, מיט די ווערטער: כא, כא!) גיב אים עפּעס גרינגערס, סימכע. הייבן הייבט מען אָן מיט כומעש, ניט מיט קיין געמאָרע!

— ער איז שוין אַן אָנגעהויבענער! — האָט געענטפערט סימכע שווארץ מיט א שמייכעלע און א בלאָז געטאָן בייסמײַסע אַפן גיפּסענעם פיגורל. און דער בלאָז האָט איבערן דאָזיקן שמייכעלע געמאכט דאָס פיגורל ניט לעבעדיקער, נאָר פארקערט — טויטער.

הערש ווײַנשטיין האָט געטאָן א הינק צו צו מיר מיט זײַן קרומען קירצערן פוס און מיך געפרעגט, צי ווייס איך ווען אזא שטערן, וואָס איז ניט לאנג אופגעגאנגען אין בעסאראביע, א גאָען א קריטיקער שמועל שמעלקעס. כ׳בין רויט געוואָרן, כ׳האָב ניט געוווּסט ווען אזא שטערן, וואָס איז ניט לאנג אופגעגאנגען אין בעסאראביע, א גאָען א קריטיקער שמועל שמעלקעס.

— פרעג אים בעסער, הערשל, וועגן די ראשקעווער ראבאָנים! — האָט סימכע שווארץ א זאָג געטאָן.

— וואָס זשע, ער איז א ייִד א כאָסיד?

— ניין. ער איז גלאט א ראשקעווער.

— פרעגט מיך בעסער וועגן ראשקעווער באָרוועס! — האָב איך מיך פונדעסטוועגן ניט געלאָזט בײַקומען.

— וועגן וואָס, וועגן וואָס? א פּאָעמע עפּשער אזא אן אייגענע, הא?

— ניט קיין פּאָעמע. לעבן. אייגן לעבן.

— פּסס... — האָט ווײַנשטיין אָפּגעשאצט מײַן מעליצע מיט א מין צעצויגענעם צישע, און מיט דעם דאָזיקן צישע מיך האלב־קײַלעכדיק ארומגעקרײַזט, ווי מיט א פּײַלנבויגן.

ער איז שטיין געבליבן מיט זײַנע שארפע „טאלענטירטע" אויגן, ווי ליטערארישע מיידלעך פלעגן זײַנע אויגן רופן, אף מײַן סעמינאריש היטל און אָנגעהויבן רעדן מיט מיר אף דו.

— זאָג נאָר, דו טראָגסט דאָס דאָזיקע היטל, צי דאָס דאָזיקע היטל טראָגט דיך?

— צווישן מיר, מיין איך, און דעם דאָזיקן היטל איז פאראן אזא זאך, וואָס מע רופט קאָפּ.

— איז פאראן, איז יאָ פאראן אזא זאך?

— פאראן. פאראן. זעסטעך... — האָט א זאָג געטאָן סימכע שווארץ, און כ'האָב ניט געוווסט, צי איז דאָס א גוטער „זעסטעך", צי א שלעכטער „זעסטעך".

ביידע האָבן זיך איבערגעקוקט, צוגעשמייכלט, און הערש ווײַנשטיין האָט א מאך געטאָן:

— או, אן אזעספּאָנעם. א זיבעצניאָריקער, ניין?

— טאק טאָטשנע, — האָב איך געענטפערט, — דאָס זיבעצנטע יאָר!

— אָט־אָט. דאָס זיבעצנטע יאָר ליגט שוין אף אים. דניעסטער־שטעט־לעך. רויטע ווינטן. מע דערקענט עס אין זײַן נעזל. כאָטש דאָס דאָזיקע נעזל דארף נאָך עפּעס א גוט טיכעלע.

— לאָז אָפּ, הערשל, מוטשע ניט דעם באָכער.

— נישקאָשע, נישקאָשע. ער איז שוין בעמיילע א פארמוטשעטער. זעסטעך.

אף דער צונג איז מיר ווידער געקומען עפּעס א שארף וואָרט. נאָר כ'האָב געפילט, אז ס'איז שוין צופיל, צו אזעסדיק, און כ'האָב געשוויגן. כ'האָב ניט געוווסט, צי דארף איך א זאָג טאָן „א גוטן טאָג", צי דארף איך נאָך שטיין אזוי א ביסל און איבערוווארטן.

— נו, וואָס, וואָס'ט איר נאָך זאָגן גוטס, כאווער? — האָט מיך סימכע שווארץ א פרעג געטאָן.

— כ'וויל זאָגן... כ'וויל זאָגן, אז באפרידיקט בין איך ניט.

הערשל ווײַנשטיין און סימכע שווארץ האָבן זיך ביידע צעלאכט, און אין צימער האָט געטאָן א פלי ארײַן א מיידל מיט א פּאָר ברענענדיקע אויגן און מיט א שווארצן ברענענדיקן קאָפּ האָר. דאָס איז געווען דאָרע

ווײַסמאַן, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דאָס ווײַב פונעם יונגן דיכטער קובי וואָל.

— דאָרע, דאָרעלע! — האָט ווײַנשטיין א געשריי געטאָן. — דער דאָ־זיקער באָכער איז ניט באַפרידיקט. קענסט אים ניט באַפרידיקן?

איך בין רויט געוואָרן. און דאָרע ווײַסמאַן האָט זיך געמאַכט ניט פאַרשטייענדיק.

— מע דאַרף אים פאַרשרײַבן אין דראַמאַטישן קרײַז! — האָט זי א קוק געטאָן אויף מיר מיט אירע ברענענדיקע אויגן.

— דערצו דאַרף מען דאָך האָבן פּאָדעם, — האָט א זאָג געטאָן סימכע שווארץ.

— מע דאַרף דאָך האָבן מיט וואָס! — האָט הערש ווײַנשטיין א זאָג געטאָן.

— ער האָט. מע דערקענט אין אים, אז ער האָט טאַלאַנט, — האָט זיך דאָרע ווײַסמאַן צעלאַכט אויף א קול.

כ׳בין אַראָפּגעגאַנגען די טרעפּ, געדענק איך, ווי אַן אַלטער ייִד. צעבראָכן, אײַנגעהויקערט. כ׳האָב זיך א טאַפּ געטאָן בײַ דער בוזעם־קעשענע און געהאַט כיישעק אַרויסצוכאַפּן דאָס העפטל מײַנס, צעפּיצלען עס אויף פּיץ־פּיצלעך און דאַ־אָ טאַקע, אויף די דאָזיקע טרעפּ, זאָלן די צעפּיצלטע לידער מײַנע פליִען איבער אַלע גאָרנס אַראָפּ. נאָר כ׳האָב עס ניט געטאָן. כ׳בין אַזוי געווען דערהאַרגעט, אַז כ׳האָב אַפילו אָ־דאָס ניט געקענט טאָן.

אָפּדערנאָכט האָבן מיר זיך באַגעגנט מיט יאַנקלען בײדע אָנגעכמור־רעטע, בײדע אָנגעבלאָזענע, בײדע מיט אַזויפיל אָנגעזאַמלטן פאַרדראָס אויף אַראָפּצורײדן פון די הערצער, אַז מיר האָבן אַזש בײדע געשוויגן.

געזעסן און געשוויגן. א גאַנצן אָפּדערנאָכט.

### 3

מיר וווינען שוין ערגעץ אַנדערש.

אין א גרויס ליכטיק צימער מיט צוויי גרויסע פענצטער, וואָס גייען אַרויס אין א מין פּירעקעכדיק קויטיק מערקל, ווו באַטאָג זשומען ווײַ־בער, קויפערנס און פאַרקויפערנס, און באַנאַכט כראָפּען אויף די מאַרק־שטעלן שיקורים און בראָדיאַגעס.

די שטוב איז אַן אײנגאָרנדיקע, מיט א רויטן טשערעפּענעם דאַך און מיט א לאַנגן הילצערנעם גאַנעק פאָרנט באַם אַרײַנגאַנג.

בײזע צונגען זאָגן, אַז אין דער דאָזיקער שטוב איז אַמאָל געווען א הײַזל. אויף א שטוב קאָן מען אויך, אַפּאָנעם, טרײַבן רעכילעס. איבער אָ־די זאָגעכצן מאַכט זיך אַמאָל, אַז אין א שאַבײסענאַכטס קלאַפּן סאָל־דאַטן אין די פענצטער, מאָנען, מע זאָל זײ אַרײַנלאָזן, און דער באַלעבאָס אונדזערער, א פיש־הענדלער מיט א פּאָר שווערע הענט און מיט א פּאָר גראָבע ליפּן, לויפט אין די הוילע טאַכטוינים אַרויס צו די סאָלדאַטן מיט א האַק אין דער האַנט.

אונדזער נײַע באַלעבאָסטע רופט מען מאַדאַם פּעפּי. זי האָט רויטלעך־גראָוולעכע, קורץ־געשוירענע האָר, איז אַ פּולבלעכע, אַ רירעוודיקע, האָט קיין קינדער ניט, און פאַרמאָגט אַ הינטל פּופּסי, מאַמעש אַ ווונדער פון אַ הינטל.

ניט נאָר עס קען, דאָס הינטל, שטעלן זיך אויף די הינטערשטע לאַפּעס און אוועקשפּאַנען אַזוי ווי פּאַ דו ווילסט, נאָר עס קען אויך פּלוצעם אָנהייבן גיין אַ טאַנץ: דרייען זיך אַרום־און־אַרום אין אַ ראָד, צושאָקלען מיטן עק, אונטערשפּרינגען און אונטערטאַנצן.

די מאַדאַם פּעפּי טײַעט גאָר אָן פון פּופּסיס טאַנצן. זי שטייט און זינגט דעם הינטל צו, פּליעסקעט צו מיט די הענט, און מיר אַלע באַ דער זײַט דאַרפן העלפן פּליעסקען. ווער עס וויל מערער נויסע־קיין זײַן באַ דער מאַדאַם פּעפּי, דער דאַרף שטאַרקער און געשמאַקער צופּליעסקען פּופּסין צום טאַנץ.

אַז דאָס הינטל ענדיקט טאַנצן, כאַפּט עס מאַדאַם פּעפּי אַרויף אויף די הענט, קושט עס און האַלדזט עס און איז גליקלעך — כ'האָב אַפילו אַמאָל געזען טרערן אין אירע אויגן פאַר גליק.

בייזע צונגען אין גאַס זאָגן נאָך עפּעס. אַז פון דעם דאָזיקן הײַזל טאַקע האָט דער באַלעבאָס אונדזערער, דער פיש־הענדלער, אַרויסגענומען די מאַדאַם פּעפּי. נאָר דאָס איז שוין מינאַסטאַם שאָוועשעקער. מאַכמעס די מאַדאַם פּעפּי איז אַזאַ ווילע, אַזאַ צוגעלאָזטע, אַזאַ אָרנטלעכע, אַזאַ ריינע, אַזאַ גוטע באַלעבאָסטע. און וואָלט עס אַפילו יאָ געווען עמעס, וואָלט עס מיך ווייניק־וואָס געאַרט. פאַרקערט: פון יענעם טאָג אָן, ווען כ'האָב זיך דאָס דערוווסט, האָב איך אָנגעהויבן קוקן אויף דער מאַדאַם פּעפּי אי מיט אַ מין געפיל פון מיטלײַד, וואָס זי איז אַמאָל געווען אַזוי ווי זי איז געווען, אי מיט אַ מין געפיל פון שטאָלצקײַט, וואָס זי איז איצטער אַזוי ווי זי איז. און אַפּן באַלעבאָס אונדזערן, וואָס קומט אַלע פאַרנאַכט אהיים פון זײַן פיש־האַנדל אָן אָנגעפּרוירענער, מיט אַ פּאָר פאַרשוואָלענע צעווייקטע הענט, ווי, לעהאַוודל, באַ אַ דערטרונקענעם, טוט טאָמיד אַ קוש מיט זײַנע גראָבע ליפּן דער מאַדאַם פּעפּי אין דער באַק, טוט אונדז אַ באַגריס מיטן קורצן וואָרט „סערוווס" און מער האָט ער אונדז אַ גאַנצן אָפּדערנאַכט ניט וואָס צו זאָגן, — אויף אים האָב איך פון יענעם טאָג אָן אָנגעהויבן קוקן מיט אַנדערע אויגן, אַפילו מיט אַ מין געפיל פון אָפּשײַ.

ווויינען וווינען מיר דאָ גאַנצע זעקס קוואַרטיראַנטן. כוץ מיר מיט יאַנקלען, נאָך צוויי ראַשקעווער: מישע סימיס און מוישע ראַבין. און צוויי טראַנסילוואַנער וועבער, פון דעם טראַנסילוואַנער שטעטל סיגעט — סיגעטער.

מישע סימיס היקעט אַ ביסל צו. ביפּראַט ווען ער רעגט זיך עפּעס אויף, און ביפּראַט ווען ער דאַרף אַמאָל אַרויסריידן אַ וואָרט מיט אַ מעם. ער איז פון אַ רײַכער שטוב אין ראַשקעוו. דער טאַטע זײַנער, מיכל סימיס, האָט אַ קלייט פון שוכוואַרג און איז אין שטעטל אַ ייִד מיט אַ פּאַרנעם. וואָס ס'איז דאָרט אַזוינס געשען, פאַרוואָס מישע וואַלגערט זיך אין דער

פרעמד און איז ניט אין דער היים באם טאטן, האָט מען בא אים פּינקט־לעך ניט געקאָנט דערגיין. אמאָל זאָגט ער, אז דער טאטע, דער נאָגיד, האָט אים פאַרטריבן פון דער שטוב. די עלטערע קינדער לערנט מען, פירט מען שיין, און אים, דעם מיזיניק, האָט מען געשטעלט זײַן א פריי־קאַזשטשיק אין קלייט. און אז ער האָט ניט געוואָלט, ניט געוואָלט זײַן קיין קנעכט, קיין מעשאָרעס באם אייגענעם טאטן, האָט אים דער טאטע, א מעסוקענער קאַסניק, אָנגעכאפּט איינמאָל אין א טאָג היינטן באם קאָלנער און אים אראָפּגעמאָרדעוועט פון אלע טרעפּ אראָפּ: וואָן פון מ־מײַנע אויגן, באַנדיטו!.. און אמאָל זאָגט ער, אז ער איז אליין אנטלאָפן פון דער היים: ס'איז אים נימעס געוואָרן די גאנצע נעגידישע שטוב, מיט דער גאנצער רײַכער קלייט, מיט אלע שיינע פּ־פּושקעס שיך.

— כ'האָב עס אין דר'ערד. כ'וויל ניט זײַן דער מ־מאמעס זונדל. כ'וויל מיר פאַרדינען דאָס שטיקל ברויט מיט ערלעכער האָרעוואַניע. מ־מיט די אייגענע הענט!

דאָ איז ער בעסאכאקל סײַוויסײַ א פּריקאַזשטשיק אין א קלייט. נאָר ער זוכט די גאנצע צײַט ארבעט אין א פאבריק. זאָגט, אז ער וויל זיך אויסלערנען א פאך, ווערן א פאבריק־ארבעטאָרער און זיך פּראָלעטאַ־ריזירן ווי סע קער צו זײַן.

מוישע ראבין איז פון א ראשקעוועער אָפּגעקומענער באלעבאטישער מישפּאָכע. דער זיידע, דער טאטע, פעטערס האָבן אמאָל געפירט איניי־נעם גרויסע מיסכאָרים, געהאלטן שניטקראָמען. געקערט א וועלט. איצט, נאָכן אָפּראַשן, דרייט מען זיך אלע אום בלאָע אין גרויסע הויכע צימערן מיט אלטע געקעסטלטע דילן, וואָס שיילן זיך שוין; מע טוט ניט גאָר־נישט, מע האָט שוין ניט וואָס ארויסצוטראָגן פאַרקויפן, און מע פאַר־מאָגט ניט קיין צעבראָכענעם גראָשן בא דער נעשאָמע. נאָר מוישע האָט נאָך אין זיך דעם באלעבאטישן שטעל. ער גייט פאַרקעמט די צוגעגלעטע האָר מיט א שרונט אין דער זײַט, טראָגט אינדערוואָכן אן אָנגעקראכמאַ־לעט העמד מיט א שניפּס, האָט ליב צו דערמאָנען אף שריט און טריט, אז ער האָט שיר־שיר ניט געענדיקט די גימנאזיע, ארבעט ערגעץ אין א קאָנטאָרע, עסט די דינע ריפּטלעך שינקע, וואָס ער ברענגט אהיים פון דער גאַס, איידל, מיטן שפּיץ פונעם מעסערל, און קוקט אף מיר און אף יאנקלען, און אפילע אף מישע סימיס, פון אויבן־אראָפּ:

— איר זענט נאָך גאָרנישטן זענט איר. איר ווייסט נאָך ניט, ווו א טיר עפנט זיך...

צווישן זיך רופן מיר אים אי „דער שטרויענער אינטעליגענט", אי „דער קאַמצן". מאכמעס ער האָט פּלוצעם אָנגעהויבן טראָגןברילן, אָנגע־הויבן ארײַנוואַרפן אין די רייד, ווו מע דאַרף און ווו מע דאַרף ניט, דעם טשערנאָוויצער „דאנקע שיין" און „ביטע שיין", און ארויסקריגן בא אים אמאָל א האלוואָעכל, א ליי צי צוויי, איז שווערער, ווי ארויס־צוקריגן פון א שטיין, לאָמיר זאָגן, סעלצערוואַסער.

וועגן די צוויי סיגעטער וועבער ווייס איך דערווײַל נאָר צוויי זאכן: אז זיי ריידן מיטן „גײַ" און מיטן „שטײַ", און אז זיי הוסטן ביידע, קיין

אײַנהאָרע, נישקאָשעדיק אונטער מיט א מין מעשונעדיק־פאַרדושעט הוסטל. כ׳האָב זיי נאָך, קאָן מען זאָגן, גוט ניט געזען. זיי קומען אהיים, ווען מע ליגט שוין אױף די געלעגערס, און גייען אוועק פון דער היים, ווען מע ליגט נאָך אױף די געלעגערס.

שטילערהייט, אין דער פינצטער, שלעפּן זיי אַרײַן פון דער קיך א פּאָר קאַסטנס, בעטן זיך אויף די קאַסטנס אויס, און פאַרטאָג, ווען ס׳איז נאָך אַלץ פינצטער, שלעפּן זיי אַזוי שטילערהייט, נאָר א ביסל אונטער־הוסטנדיק, צוריק אַרויס די קאַסטנס אין קיך.

שיין, ריין, גלײַך זיי ווינען גאָר דאָ ניט און זײַנען גאָר דאָ ניט געשלאָפן.

* * *

מיר לעבן גאַנץ פריילעך בא דער מאַדאַם פּעפּי.

עמעס, פאַרדינען פאַרדין איך דערווײַל גאָרניט. און בין איך שוין שולדיק פאַר א האַלבן כוידעש דירע־געלט.

פון די „שטונדן“, וואָס מ׳האָט געזאָגט, אַז כ׳וועל דאָ קענען געבן, האָט זיך דערווײַל אויסגעלאָזט א בוידעם: אויף איין טאַלמיד, וואָס דאַרף אַמאָל א לערער אין דער היים, זײַנען דאָ עפּשער צען שטונדן־געבער, אי דאָס א ביסל גרעסערע קנאַקערס פון מיר.

ערגעץ אַרבעטן בא עפּעס איז ניטאָ ווו. יאַנקל האָט מיך איינמאָל מיטגענומען צום הער שאַפּיראָ, געוואָלט אָפּוועקן אין מיר מײַנע זייגער־מאַכערײַ־קענטעניש. דער הער שאַפּיראָ האָט געטאָן א כאַפּ אַרײַן מײַנע פינף פינגער אין דער האַנט זײַנער, א פּאָר רעגעס געריבן זיי, אויסגע־טאַפּט און מיר געקוקט בעשאַסמײַסע אין די אויגן מיט א מין צווייפעל־דיקן מיין: אי זען, צי די פינגער מײַנע שוויצן ניט (בא מאָנטאַזש־זייגערמאַכערײַ טאָרן קיין פינגער ניט שוויצן), אי, אַפּאָנעם, דערקענען, צי קאָן זיך אַמאָל צו די דאָזיקע פינגער עפּעס ניט צוקלעפּן. די אויגן מײַנע זײַנען אים, זעט אויס, ניט געפעלן. ער האָט דאַפקע א זאָג געטאָן „פּאַבלהאַפּט“, נאָר דער קאָפּ זײַנער האָט געשאָקלט אויף ניין: ער דאַרף איצט ניט קיין מענטשן. אַז ער וועט דאַרפן, וועט ער מיט „דיזן אַר־בײַטער“, מיט יאַנקלען, הייסט עס, צו וויסן טאָן.

נאָר כ׳האָב באַקומען פון דער היים א גרויסע פּושקע פּאָווידלע. וועדליק מ׳האָט צו דער פּושקע ספּעציעל צוגעלייט דאָס דעקל בא א בלעכער, זעט מען, אַז דער טאַטע און די מאַמע טראַכטן, אַז כ׳בין אוועקגעפאָרן פון זיי ווײַט־ווײַט, מאַמעש איבער יאַמען.

עס איך, הייסט עס, פּאָווידלע. גאַנצפרי פּאָווידלע מיט טיי, באַטאָג פּאָווידלע מיט טיי און אָפּדערנאַכט פּאָווידלע מיט טיי.

די מאַדאַם פּעפּי קען, אַפּאָנעם, אַזויפיל ניט צוזען, ווי איך עס סאַמע פּאָווידלע, איז זי מיך מעכאַבעד מיט א טעלער פיש־כאַלאָדעץ און מיט א שטיקל שאַבעסדיקן קוילעטש. עס איך קוילעטש מיט פּאָווידלע מיט פיש־כאַלאָדעץ. און קיינמאָל אין מײַן לעבן שפּעטער האָב איך, דאַכט

זיך, ניט געפֿילט אזא טאם אין קיין שום מײַכל, ווי דעמלט אין דעם דאָזיקן מײַכל פֿיש־מיט־פֿאָווידלע.

די מאדאם פּעפּי איז גוט צו דער גאנצער וועלט. נאָר מערער, דאכט זיך, ווי צו יעדן, איז זי גוט צו מיר. איך בין מער ווי אלע אין שטוב. כ׳לויף איר קויפֿן א שאכטל „צינד־העלצלעך" אין קליטל. כ׳לויף אויס־זוכן אין דרויסן פּופּסין. כ׳ברענג איר אמאָל אריַין אן עמער וואסער פֿון דער גאס.

די מאדאם פּעפּי שטייט אין קיך איבער א באליע וועש, שטייט אין א דין כאלאטל מיט קורצע ארבל, אין א צעראטענעם פֿארטעך איבערן כאלאטל, שטייט און וואשט פֿאר די קווארטיראנטן גרעט. איך זיץ אין שטוב, לייען מײַנע סעמינאר־קאָנספּעקטן, שרײַב עפּעס, און גיב זיך דערנאָך מיטאמאָל א כאפּ, טו זיך גיך אָן און אנטלויף אין סעמינאר מיט אָנדערהאלבן שאָ פֿריִער. כ׳מײַד אויס צו זײַן אין שטוב אָנבײַסן־צײַט: ניט גענוג, וואָס כ׳האָב נאָך קיין פּרוטע ניט געצאָלט דירע־געלט, מוז מען מיר נאָך געבן טעלערס כאָלאָדעץ?

זי איז זייער א גרויסע בעריע, די מאדאם פּעפּי, זייער א ריינע. אלע טאָג וואשט זי אָפּ דעם דיל, לופֿטערט אויס די שטוב, פֿארשפּרייט אלץ. אין צימער שטייען גאנצע פֿיר געלעגערס, א פּראָסטער טיש מיט בענקלעך אין דער מיט, א שאפֿע אין א ווינקל, א קאָמאָדל מיט עטלעכע פֿאָטאָגראפֿיעס, א שפּיגעלע אף דער וואנט, א פּאָר טשעמאָדאנעס אײנס אפֿן אנדערן. אף די פֿענצטער הענגען צוויי קלאָר־ווײַסע אָנגעקראכמאַ־לעטע פֿאָרהאנגען, אף יעדער זאך ליגט אן אויסגענייט טישטעכל, א סאלפֿעטקעלע, און ארום־און־ארום אין אלע ווינקעלעך איז טאָמיד פֿריש און ציכטיק.

אז מיר טראָגן איר אמאָל אָן בלאָטע אין שטוב, בייזערט זי זיך ניט, גייט נאָך יעדן מיט א שמאטע אין דער האנט, ווישט אויס הינטער אים דעם דיל און לאכט. דעמלט, ווען מע דארף בייזערן זיך און שרײַען, לאכט זי, לאכט זי גאָר.

אפֿילע דאן, ווען איינער פֿון די קווארטיראנטן האָט אריַינגעבראכט אין שטוב א בײַסעכץ, א מין צאָראאס, און אלע האָבן מיר פֿארן לייגן זיך שלאָפֿן, בא א פֿארלאָשענעם לאָמפּ, איינער דעם אנדערן געשמירט די פּלייצעס מיט שטינקענדיקער סירקע־מאסט, מיט שוועבל־זאלב, ווי די מאדאם פּעפּי האָט דאָס גערופֿן, — איז דאָס אויך געווען אין שטוב מערער געלעכטער ווי טראגעדיע.

די מאדאם פּעפּי האָט אונדז אלע טאָג געגעבן ריינע פּאָרלעך גרעט, לאכנדיק אונדז אלע טאָג געטריבן איז באָד אריַין, און אין איין וואָך צײַט איז געווען אויס בײַסעכץ און אויס שוועבל־זאלב.

איין מוישע ראבין איז אומגעגאן א בייזער און אָנגעדראָדלטער. אלעמאָל האָט ער זיך געטשעפּעט צו עמעצן אנדערש, אז ס׳איז יענעמס שטיקל ארבעט, יענער האָט פֿון ערגעץ אָנגעטראָגן דאָס דאָזיקע פּאס־קודסטווע. אומגעגאן און אלעמאָל געסטראשעט, אז ער ציט זיך ארויס. ער זוכט זיך אן אנדער קווארטיר.

— ס'א קאַזאַרמע, — איז ער אומגעגאַן און געוואָרטשעט, — אַ העקדעש, ביטע־שיין, ניט קיין קוואַרטירע!

נאָר דאָס אַליין האָט אויך אַרויסגערופֿן בײַ דער מאַדאַם פּעפּי געלעכטער, ניט קיין ערגערניש.

און נאָך אַ געשיכטע געדענקט זיך. מוישע ראַבין האָט אַמאָל איבערגעלאָזט אין שטוב אויפֿן פֿענצטער אַ פּערטל ברויט. איך האָב שוין פֿון עטלעכע טעג די פּאָווידלע מײַנע געהאַט געענדיקט. איז זיצנדיק אַזוי אין שטוב איבער אַ ביכל, האָב איך פּאַוואָלינקע אָפּגעבראָכן פֿון מוישעס פּערטל ברויט אַ שטיקל, דערנאָך נאָך אַ שטיקל, דערנאָך נאָך אַ שטיקל, און האָב דאָס פּערטל ברויט אַזוי מעכילע פּאַוואָלינקע אינגאַנצן אויפֿגעגעסן. פֿאַרנאַכט איז מוישע אַרײַן אין שטוב מיט זײַנע צוואַנציק דעקאַ שינקע, וואָס ער קויפֿט זיך אַלע טאָג אויפֿן וועג אַהיים, איז צו צום פֿענצטער און אָנגעהויבן שרײַען:

— אָ־דאָ איז געלעגן ברויט. ווער האָט עס פֿונדאַנען אוועקגענומען?

— ס'האָט עס קיינער ניט אוועקגענומען, — האָב איך אַ זאָג געטאָן, — מ'האָט עס מיסטאַמע פּאָשעט אויפֿגעגעסן.

— ווער האָט עס אויפֿגעגעסן? וואָס הייסט פּאָשעט אויפֿגעגעסן?

— מוישע ראַבין, — האָב איך געזאָגט, — וואָס שרײַסטו? ווער האָט עס געקאָנט אויפֿעסן ווער? קיין זאַטער האָט עס, זיכער, ניט אויפֿגעגעסן.

— אײַ, וואָס האַקסטו אַ טשײַניק? וואָס קער זיך אָן דאָס מיט דעם? — האָט מוישע, דאַכט זיך, אַפֿילע גוט ניט געהערט, וואָס כ'האָב געזאָגט.

די מאַדאַם פּעפּי, געדענק איך, איז פֿון דער קיך אַרײַנגעלאָפֿן אין צימער אַרײַן, געבליבן שטיין לעבן מיר, געשטאַנען אַזוי אַ רגע און אַ זאָג געטאָן:

— אַנו, אַנו, ווידערהאָל! ווי האָסטו דאָס געזאָגט? ניט קיין זאַטער, זיכער. וווּנדערלעך!

און די אויגן אירע זײַנען געוואָרן פֿולער און קײַלעכדיקער.

אַזוי־אָ געדענק איך זי, די מאַדאַם פּעפּי, — אי אַ לאַכנדיקע, אי אַ וויינענדיקע.

* * *

איינמאָל, אין אַ פֿאַרמיטיק, ווען איך בין געזעסן אין שטוב איבער אַ ביכל, איז זי פּלוצעם צוגעקומען צו מיר, אוועקגעשטעלט לעבן מיר אויפֿן טיש ביידע עלנבויגן אירע, אָנגעשפּאַרט דאָס פּאָנעם אין די דלאָניעס, מיט די פֿינגער אָפּגעצויגן די קנייטשלעך אַרום די אויגן, און אַ זאָג געטאָן:

— הערסט, איך וויל מיט דיר עפּעס רעדן!

כ'האָב דערפֿילט לעבן זיך איר נאָענטקײַט און האָב אין יענער רגע, בין איך זיך מוידע, מעסוקן געזינדיקט קעגן איר. ס'איז מיר דורכגעלאָפֿן דורכן געדאַנק די כומעש־מײַסע. כ'האָב דעמלט אַפֿילע זינדיק אַ טראַכט

געטאָן: טאָן אזוי ווי יוסעף האָט געטאָן, אויסרײַסן זיך פון דער פּויטי־פּערקע, צי פאַרקערט, ניט טאָן אזוי ווי יוסעף האָט געטאָן?

די מאַדאַם פּעפּי האָט מיר מיט א מין באַשלאָסנקײַט אַרײַנגעקוקט אין די אויגן און א פרעג געטאָן:

— וואָס לייענסטו דאָ?

— א ביכל, — האָב איך אומרויִק געענטפערט.

— כ׳זע, אז א ביכל. ווי הייסט דאָס? וואָס שטייט אָנגעשריבן אפן טעוועלע?

— ראָמען ראָלאַן. זשאַן קריסטאָף, — האָב איך איר א ווײַז געטאָן דאָס טעוועלע.

זי האָט א נעם געטאָן אין די הענט דאָס ביכל, געדרייט עס אהין, געדרייט עס אהער און א זאָג געטאָן:

— ס׳קער מיסטאַמע זײַן זייער שווער.

— פאַרשטייט זיך. ראָמען ראָלאַן איז ניט גרינג.

— ניין, כ׳מיין ביכלאַל, דאָס לייענען...

זי איז א רעגע אנשוויגן געוואָרן, אַראָפּגעלאָזט די אויגן צום ביכל, געמישט די בלעטלעך און מיט א סאך אומעט אין קאָל געפרעגט:

— זאָג מיר, איך, צום בײַשפּיל, וואָלט מיך נאָך געקענט אויסלערנען לייענען און שרײַבן?

כ׳האָב זי אָנגעקוקט פאַרכידעשט: ביז איצט האָב איך ניט אָנגעהויבן וויסן, אז זי קען ניט לייענען און שרײַבן.

— לערן מיך אויס לייענען און שרײַבן. גוט? וועסט מיך אויסלערנען?

— כ׳וועל אײַך אויסלערנען, — האָב איך געענטפערט, — גוט, גוט. איך וועל אײַך אומבאַדינגט אויסלערנען!

— זוכסט דאָך סײַוויסײַ שטונדן. און צאָלסט אלציינס ניט קיין דירע־געלט, — האָט זי אָנגעהויבן לאַכן. — איז אָט: האָב איך דיר רעקאָמענדירט א שטונדע. אײַנע רײַכע שטונדע אין אײַנען רײַכן האוז!

און זי האָט א כאַפּ געטאָן אף די הענט פּופּסיק, וואָס איז געשטאַנען בא דער זײַט מיטביידע פעדערשטע לאַפּעס אפן טיש, צוגעשאָקלט דער באַלעבאָסטע אָט אהער און אָט אהין מיטן קאָפּ, און זי האָט זיך אזוי־אָ, מיטן הינטל אף די הענט, אוועקגעדרייט אין א ראָד איבערן צימער, ווי א מיידעלע.

נאָך אין יענעם טאָג האָב איך ערגעץ אויסגעזוכט עליעזער שטיינבאַרגס „אַלעפבייס״, געקויפט אפן וועג אהיים א העפט, און, מערסטנטייל אין די אָפּדערנאַכטן, ווען איך פלעג שוין אהיימקומען פון דער גאַס, אָנגעהויבן לערנען מיט דער מאַדאַם פּעפּי די כאָכמע און דעם סאָד, וויאזוי צו דערקענען אויסיִעס, אָנצייכענען זיי אף פּאַפּיר און אַרויס־ברענגען פון די דאָזיקע טויטע צייכנס לעבעדיקע קלאַנגען, באַקענטע לעבעדיקע ווערטער.

ס׳האָט מיר דערמאָנט אין „מײַנע פיר סעסטאַשער טאַלמידים און איך צווישן זיי דער פינפטער״.

נאָר מיט דער מאַדאַם פּעפּי איז דאָס לערנען געגאַנגען גאָר אַנדערש.

זי איז געווען זייער פּייזיק. און איך האָב אַרײַנגעלייגט אין דאָזיקן לימעד מײַן גאַנצע קאַוואָנע, אַלע מײַנע פּעדאַגאָגישע קענטעניִשן און די גאַנצע לערערישע פּראַקטיק מײַנע.

מאַמעש אין איינע פּאָר וואָכן אַרום האָט די מאַדאַם פּעפּי אָנגעהויבן, מיט אַ מין באַזונדערן ניגן אירן, „ציִען" די שורע, שרײַבן, מיט אַ פּאָר־ביסענעם שפּיץ צונג, אַ „שורע־גריסל", אַ גרינגע דיקטאָווקע.

כ'פלעג זיצן און קוקן אויף איר, ווי זי דערפרייט זיך מיט אַן איבער־געלייענט היימיש וואָרט, ניט ווי אַ קינד, וואָס ווייסט, אַז אַזוי דאַרף זײַן, עס דאַרף זיך אַלעמאָל עפּעס דערוויסן — נאָר מאַמעש ווי אַ קאָ־לומבוס, וואָס האָט פּלוצעם דערזען פאַר זיך ערד, נײַע ערד.

כ'האָב אָנגעהויבן נעמען אין דער שול־פאַריין־ביבליאָטעק ביכלעך מיט גרויסע אויסיִעס, און אין דער שול־פאַריין־ביבליאָטעק האָט מען ניט פאַרשטאַנען, וואָס איך בין פּלוצעם אַזוי אַוועק אויף צוריק.

שטיינבאַרגס „אַלעפּבייס" זײַנען מיר שוין געהאַט דורכגעגאַנגען. און די מאַדאַם פּעפּי האָט שוין איצט אין די אָפּדערנאַכטן געלייענט אויף אַ קאָל, יעדן אָפּדערנאַכט אַ בלעטל אָדער אַ האַלב בלעטל, די דאָזיקע ביכלעך מײַנע מיט די גרויסע אויסיִעס.

איך בין געזעסן באַ דער זײַט, געהערט, ווי זי קייטלט צונויף וואָרט צו וואָרט, מיט אַ מין כליפּע אין קאָל, טכינעדיק, כאָטש זי האָט אויף איר לעבן קיין טכינע אין דער האַנט ניט געהאַלטן. די וויִעס זײַנען איר אײַנגאַנצן אַראָפּגעלאָזט איבער די אויגן, גלײַך ווי די אויגן אירע הייבן ערשט אָן זען, דעמלט, ווען זיי פאַרמאַכן זיך.

כ'פלעג זיצן און זיך ניט אַרײַנמישן. געלאָזט זי דראַפּען זיך אַזוי ווי זי דראַפּעט זיך. נאָר זאָל זי זיך אַרויסדראַפּען אַליין, אָן קיינעמס הילף. כ'האָב ניט געוואָלט צונעמען באַ איר די פרייד פון אויפדעקן און אַנטפּלעקן. און אויב כ'האָב זי יאָ אַמאָל אָפּגעשטעלט און יאָ אַמאָל עפּעס אַ זאָג געטאָן, האָב איך מערער געזאָגט וועגן דעם, וואָס זי לייענט, און ניט וועגן דעם, וויאַזוי זי לייענט.

אין איינעם אַ טאָג, געדענק איך, האָב איך איר געבראַכט לייענען דינעזאָנס „יאָסעלע". די ערשטע זײַטלעך פון דינעזאָנס סענטימענטאַלער, האַרצרײַסנדיקער דערציילונג האָבן איר אַזוי פאַרקלעמט באַם האַרצן, אַזוי זי פאַרכאַפּט, אַז זי האָט שוין וואָס גיכער געוואָלט צוקומען צום גוטן סאָף. און זי האָט ניט אויסגעהאַלטן, מיר אַ זאָג געטאָן:

— ווייסט וואָס, דאָס ביכל לייען בעסער דו, אין דער הייך. לייען, און איך וועל הערן!

אַ וואָך נאָכאַנאַנד האָט מײַן „שטונדע" אין די אָפּדערנאַכטן אויסגעזען אַזוי: איך בין געזעסן אויף אַ בענקל לעבן דער הרובע, געהאַלטן „יאָסע־לען" אין די הענט, געלייענט אויף אַ קאָל מיט אַלע קנייטשלעך און מיט אַלע האַווײַעס, און די מאַדאַם פּעפּי, אַנטקעגן באַם טיש, דאָס פּאָנעם אירס אָנגעשפּאַרט אויף די עלנבויגן, מיט אַ טיכעלע לעבן זיך, האָט מיר די גאַנצע צײַט געקוקט אין מויל אַרײַן און אַלעמאָל אַ נעם געטאָן דאָס טיכעלע.

אז יאנקל ריפּע און מישע סימיס זײַנען בעשאַסמײַסע אַרײַנגעקומען אין שטוב, זײַנען זיי אומגעגאַנגען אַף די שפּיץ פינגער, שטילערהייט אויך אַוועקגעזעצט זיך בּאַ דער זײַט, און, הערנדיק מײַן לייענען און קוקנדיק אַף דער מאַדאַם פּעפּי, שטילערהייט, אַזוי גרויס ווי זיי זײַנען, אויך געלאָזט אַ טרער.

אַפילע דער שטרויענער אינטעליגענט אונדזערער, דער קאַמצאָן מוישע ראַבין, וואָס האָט ערגעץ אין אַ ווינקל לעבּן קאַמאָדל אונטערגעלעגט זיך דאָס האַרץ מיט די דינינקע ריפּטעלעך שינקע, פּאַוואַלינקע, ניט געײַלט, זיי צוגעטראָגן צום מויל ניט כאַלילע מיט די הוילע הענט, נאָר מיטן קלינגל פונעם כיינעוודיקן מעסערל זײַנעם, — אַפילע ער האָט אויך אַלעמאָל אַ הייב געטאָן, ווי אַ פויגל, דעם קאָפּ פון דער אַכילע, אָנגעשפּיצט אַן אויער צום לייענען מײַנעם און אַי מיט אַ ביסל כידעש, אַי מיט אַ ביסל שרעק אַרומגעקוקט זיך אַף גאָטס וועלטל.

נאָר איך אַליינער, דאַכט זיך, דער גאַנצער פאַרלייענער און דער לערער קלאָמפּערשט, וואָס האָב אַלפּי־לאָגיק געדאַרפט פלִיען העכער פון יעדן, בין געזעסן אָפּן בענקל לעבּן דער הרובע גאָר־גאָר אונטן אַף דער ערד. כ׳האָב געטראַכט, אַז סאָפקאָלסאָף איז דינעזאָנס מײַסע ניט מער, ווי אַ צונויפגעשטעלטע מײַסע. ס׳האָט מיך ניט אַזוי געאַרט יאָסעלעס איבערלעבענישן, ווי עס האָט מיך געאַרט דאָס דאָזיקע גאַנצע בילד פאַר מיר אַרום־און־אַרום. כ׳האָב אַלעמאָל געכאַפּט אַ קוק צו דער מאַדאַם פּעפּיס רויטע אויגן, און פול, אַפּאָנעם, פונדעסטוועגן מיט דינעזאָנס סענטימענטאַלקײַט, האָב איך סענטימענטאַל געטראַכט, אַז די מענטשלעכע נעשאָמע לאָזט זיך קנעטן, ווי עס לאָזט זיך קנעטן ליים אין דער האַנט פונעם סקולפּטאָר, קען זיך צעשפּילן, ווי עס צעשפּילט זיך אין די הענט פון אַ פידלער אַ פידל.

כ׳האָב געלייענט אַף אַ קאָל דינעזאָנס „יאָסעלע״ און געפילט, ווי טיף אין זיך, אין דער שטיל, ווי אַ קוועלכל, ריזלט און שעפּטשעט טפילעדיק:

— זאָל זיך אויסקנעטן דאָס ריינסטע און דאָס שענסטע געשטאַלט. זאָל זיך אויסשפּילן דער שענסטער און דער ריינסטער ניגן...

## 4

וואָכן זײַנען געלאָפן. און פאַרקערט: קיינמאָל שפּעטער אין מײַן גאַנץ לעבּן, דאַכט זיך, האָבן וואָכן ניט אויסגעזען אַזוי לאַנג, אַזוי פול, אַזוי רײַך, אויב ניט מיט באַזונדערע געשעענישן, איז מיט אַ באַזונדערן דורכלעבן און דורכפילן געשעענישן, זײַנען אַזוי ניט געבליבן אין די טיפענישן מײַנע מיט אַלע פּישטשעווקעס, מיט אַלע קלענסטע קנייטשעלעך זייערע, מיט אַלע רייכעס, — ווי דעמלט די דאָזיקע וואָכן אין מײַן זיבעצניאָריקײַט.

ס׳הייסט, אָנגעהויבן גוט פול ווערן האָבן ערשט די דעמלטיקע וואָכן מײַנע אין אַ פּאָר כאַדאָשים אַרום, ווען אַף די טשערנאָוויצער גאַסן איז שוין געלעגן שניי, ווינטער־צײַט — ווען כ׳האָב באַגעגנט מאַליען.

גראָד מישע סימיס, דער דאָזיקער ניט גאָר שטאָלטנער און ניט גאָר קלוגער, קאָמיש־מעגושעמדיקער, „בליידער" אַף טשערנאָוויצער לאָשן, מישע סימיס, איז אין איינעם אַן אַפּדערנאַכט אַהיימגעקומען מיט אַ נײַעס. דאָס פּאָנעם זײַנס איז געווען פֿול מיט סוידעסדיק גליק. פֿאַר גליק האָט ער אַזש אײַ אופגעהערט היקען, אײַ ווען ער האָט זיך פּלוצעם געטאָן אַ פֿאַרהיקע, האָט ער זיך אַזוי פֿאַרהאַקט, אַזוי פֿאַרכליסנעט, אַז ער האָט זיך שוין בעשום־אויפן ניט געקענט אויסטשוכען.

— מיידלעך, כעוורע!.. כ'האָב מיך הײַנט באַקענט מיט צוויי מיידלעך. כ'זאָל אַזוי לעבן. מעסוקענע צוויי מ־מיידלעך. זיי האָבן געזאָגט, איך זאָל אײַך אויך ברענגען. שאַבעס אַפּדערנאַכט וועלן מיר אַלע דרײַ גיין צו זיי. מעסוקענע צוויי מיידלעך!

מיידלעך איז שוין, אייגנטלעך, ניט געווען פֿאַר מיר קיין נײַ'ס. כ'האָב שוין דעמלט אַפּילע געהאַט דורכגעלעבט אַ ליבע. מע מעג אַפּילע זאָגן צוויי ליבעס. מיט אַ פֿיר יאָר צוריק, כ'בין נאָך קיין פֿולע דרײַצן יאָר ניט אַלט געווען, האָב איך זיך אין ראַשקעוו פֿאַרליבט אין צייטל כאַריטאָן. וואָס הייסט פֿאַרליבט — אַף ניט איבערצוגעבן. דאָס איז געווען די שווײַגנדיקסטע, די שטומסטע, די סוידעסדיקסטע פֿאַרליבטקײַט אין דער וועלט. צייטלען האָב איך עס, פֿאַרשטייט זיך, קיינמאָל ניט געזאָגט, כ'האָב ביכלאַל פֿאַר קיינעם דאָס וואָרט פֿאַרליבטקײַט ניט אַרויסגעלאָזט פֿונעם מויל. נאָר צייטל האָט עס גוט געוווּסט. און האַלב ראַשקעוו האָט עס געוווּסט. און די מאַמע מײַנע און דער טאַטע מײַנער האָבן עס, דאַכט זיך, אויך געוווּסט. ס'האָט מיך אויסגעגעבן מײַן אַרומגיין מיט איבערגעקערטע אויגן, פֿאַרטשאַדעט, ניט אַף דעם אוילעם, מײַן רויט ווערן און בלייך ווערן באַם הוילן הערן דעם נאָמען צייטל. וואָס פֿאַר אַ מין קויעך ס'איז געלעגן אין דעם דאָזיקן דרײַצן־ צי פֿערצניאָריקן מיידעלע צייטל כאַריטאָן, קאָן איך איצט פּינקטלעך ניט זאָגן. פֿאַרקערט — דאַכט זיך, קיין שום באַזונדערער קויעך ניט. אַ געוויינלעך שיין מיידעלע מיט אַ פּאָר געוויינלעכע שיינע שוואַרצע אויגן, אַ שוואַרצן קאָפּ האָר און אַ פּאָר געוויינלעכע כיינגריבלעך אַף די באַקן באַם טאָן אַ לאַך. כ'האָב שפּעטער אין מײַן לעבן באַגעגנט מינאַסטאַם אַ דרײַ, פֿיר הונדערט אַזעלכע כיינגריבלעך — און גאָרניט. נאָר וואָס עס האָבן דעמלט אופגעטאָן צייטלס כיינגריבלעך, איז ניט אַף איבערצוגעבן. זיי האָבן מיך אײַנגעשלונגען אין זיך, ווי צוויי לייבן־גריבער, האָבן מיך אויסגעצערט, אויסגעמאַרכעוועט, אַרויסגעצויגן פֿון מיר דאָס כײַעס פֿון די ביינער. ס'פֿלעגט מיך פּלוצעם טאָן אַ ציי צו איר, ווי די לעוואָנע, זאָגט מען, טוט פּלוצעם אַ ציי אַראָפּ באַנאַכט אַ לעוואָנע־קראַנקן פֿונעם געלעגער. כ'פֿלעג ניט וויסן, וווּהין איך גיי, און פֿלעג ניט וויסן, וואָס איך זע פֿאַר זיך. כ'פֿלעג ניט הערן, וואָס איך רעד, און פֿלעג ניט וויסן, וואָס איך הער. כ'פֿלעג פּלוצעם אַרויסלויפֿן פֿון דער שטוב און באַלד צוריק אַרײַנלויפֿן אין שטוב, אַז די מאַמע פֿלעג מיך גוט אָנשעלטן און שרײַען, אַז איך בין, מײַנע סאָנים, אַראָפּ פֿון זינען און זבורדע ווי אַ מעשוגענער לאָשעק. צייטל פֿלעג אַלע אַפּדערנאַכט זיצן מיט אירע כאַווערטעס באַ ריוקע לייזער הענעס

אפן גאנעק. ריווקע איז געווען א מיידעלע פון אוקראַינע, לייזער הענעס א פּלעמעניצע. זי איז געקומען צום פעטער לייזער צוגאַסט, ווען דער דניעסטער איז נאָך געווען אָפן. קיין ראשקעוו זײַנען אין יענער צײַט ארײַן די רומענער, דעם דניעסטער האָט מען פארמאכט, אף יענער זײַט, אין אוקראַינע, האָבן זיך אָנגעהויבן די פּאָגראָמען, און ריווקע איז שוין אזוי־אָ געבליבן שטעקן באם פעטער לייזער. זי האָט געניאַנטשעט דעם פעטערס קינדער, געראַמט אין שטוב, צוגעארבעט בא טוטין, און פלעגט אין די אפדערנאכטן זינגען אפן גאנעק לידלעך מיט א מין יאָמערדיק־בענקענדיקן צעצויגענעם קוויטש. בענקענדיקער און קוויטשענדיקער פלעגט זי, געדענק איך, זינגען דאָס לידל וועגן טשיטשערינען: „טשיטשערין איז א דיפּלאָמאַט, — א דיפּלאָמאַט, ער איז באַקאַנט בא די סאָוועטן, — סאָוועטן”. די כאַווערטעס אפן גאנעק פלעגן די לידלעך אירע אונטערכאפּן. איך איינער, כאָטש כ׳האָב געהאַט א שיין קעלכל צום זינגען, פלעג שטיין אין דרויסן לעבן די גאנעק־שטאַכעטן מיט א ביכל אונטערן אָרעם און שווײַגן, שווײַגן, אונטערזיפצן און קוקן אף צייטלען. צייטל פלעגט פון צײַט צו צײַט כאפּן א קוק אף מיר און אפילע טאָן אמאָל אינמיטן זינגען א געשמאַקן זיפץ אויך. די לעוואָנע, וואָס האָט באשײַנט דעם גאנעק, פלעגט, ווי א טעאַטער־רעפלעקטאָר, ארײַנכאפּן אונדזערעביידע פּנעמער אין איר שײַן, און מיר האָבן איינער אפן אנדערן גוט געזען אונדזער סטראַדאַניע. דאָס איז געווען אונדזער גאנץ ליבע שפּילן. כ׳האָב קיינמאָל ניט זויכע געווען, ווי, אשטייגער, שימעק און בוזי, צו בלײַבן מיט צייטלען כאָטש אף א פּאָר שאָ אליין, אויג־אַף־אויג. ביכלאל איז אונדזער ליבע געווען גאָר אן אנדערע. א פּראָסטערע. א גרעבערע. שאַבעס באַטאָג פלעגן מיר מיט דער גאנצער קאָמפּאַניע גיין אין קלימעוצער וואלד, אריבערשפּאנען די ראשנדיקע ריטשקע אין קלימעוץ אף א גליטשיקער ברעט, אָנעסן זיך אין וואלד מיט זויערע ווײַמפּערלעך, צעגראַבלען זיך צווישן די צווײַגן די פארשוויצטע פּענעמער, אָנפילן דעם וואלד מיט יידישע קוילעס אוןווידערקוילעס. אָדער מיר פלעגן שאַבעס גיין אין דער „פּעשטשערע” כאפּן פלעדערמײַז. צו דער דאָזיקער פּירעקעכדיקער הייל, וואָס דער טערק האָט פארצײַטן אויסגעהאַקט, לעשעם מילכאָמע־סטראַטעגיע, העט אויבן אפן ראשקעווער שטיין־באַרג און וואָס ציט זיך, זאָגט מען, אוועק אינווייניק עפּשער אף עטלעכע מײַלן, פלעגן מיר זיך ארופדראַפּען מיט ליכטלעך אין די קעשענעס. באם ארײַנגאַנג די ליכטלעך אָנצינדן (כאָטש ס׳איז געווען שאַבעס־קוידעש אף דער וועלט), אויסברענען קוידעם מיט די פלעמלעך די נעמען אונדזערע אף דער הייל־סטעליע, ארײַנרוקן דערנאָך די ברענענדיקע ליכטלעך אין די סטעליע־שפּאַלטן, האַלטן זיי דאָרט אזוי, ביז ס׳האָט זיך דערהערט א פּישטשערײַ, ביז די פלעדערמײַז האָבן אָנגעהויבן ארויספאַלן בײַגעקומענע צו אונדזערע פּיס, און דערנאָך, אזוי־אָ, מיט צעשפּרייטע, דין־דורכזיכטיקע פלעדערמײַז־פליגל צווישן ביידע הענט, אראָפּשפּאַנען צוריק אין שטעטל, ווי גרויסע אופטוער, זיגער. איינמאָל, געדענק איך, אין א שאַבעס אין וואלד, איז צייטל צוגעקומען צו מיר,

מיר פאַרכאָלעמט אַרײַנגעקוקט אין די אויגן אַרײַן, רויט געוואָרן, און מיט מיליאַרדן כײַנען אין אירע צעשמייכלטע סאַקאָנעסדיקע כײַנגריבע־לעך שטיל א בעט געטאָן מיך: זינג עפּעס! אַלפּי־לאָגיק האָט עס דעמלט געדאַרפט זײַן דאָס שענסטע געזאַנג מײַנס. נאָר ליבע ווייסט, אַפּאָנעם, פון קיין שום לאָגיק ניט. כ׳האָב זיך אויסגעהוסט, צעעפנט דאָס מויל און אַרויסגעלאָזט פון מײַנע טיפעניש ניט קיין געזאַנג, נאָר א מין שרעקלעך מרוקען. א הייזעריק שרעקלעך מין ברומען. כ׳האָב נאָך דעם לאַנג־לאַנג ניט געזונגען. און ס׳א סוואָרע, אַז טאַקע דעמלט־אָ האָב איך מיר איבערגעריסן דאָס שטימעלע מײַנס, פאַרלוירן אויף אייביק דאָס שיינע אַלטל, וואָס איז געווען א שעם־דאָווער ניט נאָר אין ראַשקעוו, נאָר אויך אין א פּאָר שטעטלעך אַרום ראַשקעוו. און איינמאָל, געדענק איך, אין א שאַבעס אין פּעסטשעשרע איז געשען אַן אַנדער זאַך. מיר זײַנען געגאַנ־גען טיף אין דער הייל מיט די ליכטלעך אין די הענט, און כ׳האָב אין דער האַלב־פינצטערניש פּלוצעם דערפילט, ווי עס גייט לעבן מיר צייטל. כ׳האָב מיט א ציטערנדיקער האַנט זי אָנגענומען בײַ דעם אָרעם, זי האָט א דריי געטאָן זיך צו מיר, געוואָלט זיך באַפרײַען, און די בריסטלעך אירע האָבן, פאַרקערט, צוגעקוועטשט זיך צו מײַן האַנט. דאָס איז געווען גענוג. כ׳בין יענעם שאַבעס קראַנק געוואָרן, באַקומען אַפּדערנאַכט היץ, געשוויצט אונטער דער קאָלדרע, ווי א ביבער. מ׳האָט גיך געבראַכט דעם דאָקטער מערזאָיעוו, דער דאָקטער מערזאָיעוו האָט מיר געהייסן ווײַזן די צונג, אויסגעקלאַפּט מיר מיט א פינגער די פּלייצע, אויסגעטאַפּט דעם בויך, און דעם דיִאַגנאָז באַלד אָפּגעשטעלט — טיף... די דאָזיקע ליבע מײַנע מיט צייטלען איז אפילע דורכגעגאַנגען מיט א קוש אויך. אַן איינ־און־איינציקן קוש. דער ערשטער קוש אין מײַן לעבן. אין שטעטל איז דעמלט געווען א כאַסענע. א כאַסענע אין דרויסן. אין א הויף. די קלעז־מער האָבן געשפּילט, די מעכוטאָנים האָבן געטאַנצט, און א האַלב שטעטל איז געשטאַנען אַרום־און־אַרום און געקוקט. איך און צייטל און די כאַ־ווערטעס צייטלס זײַנען אויך געשטאַנען און געקוקט. די מעכוטאָנים, געדענק איך, האָבן געטאַנצט א בולגאַרעש, און אַזוי־אָ, העפּענדיק און דרייענדיק זיך, אָנגעהויבן אַרײַנשלעפּן אין דער ראָד די צוקוקער. צייטל האָט אויסגעטאָן דאָס סעקעלע אירס, איז אַוועק טאַנצן, און דאָס סעקעלע מיר א וואָרף געטאָן, איך זאָל עס האַלטן. שטילערהייט, קיינער זאָל ניט זען, האָב איך מיך אײַנגעגראָבן מיט די ליפּן אין צייטלס סעקעלע. און דאָס איז געווען דער באַטאַמטסטער, דער געשמאַקסטער, דער זיסטער קוש מײַנער. קיין סאָף האָט די ליבע מײַנע מיט צייטלען ניט געהאַט. פּונקט ווי זי האָט ניט געהאַט קיין אָנהייב. פּונקט ווי זי האָט ניט געהאַט קיין מיט. נאָר א ליבע איז דאָס געווען, כלעבן, ווי ס׳איז געווען.

די צווייטע פאַרליבטקײַט האָב איך שוין דורכגעלעבט, קאָן מען זאָגן, גרויסערהייט, דאָ ניט לאַנג, הײַנטיקן זומער, ערעוו מײַן אַוועקפאָרן אַהער קיין טשערנאָוויץ.

אייגנטלעך איז דאָס געווען ניט מײַנע קיין פאַרליבטקײַט, נאָר א פאַרליבטקײַט אין מיר.

און ניט אפילע קיין פארליבטקייט אין מיר אויך ניט, נאָר אַ מין שטילן אַ פארליבטקייט (מיט אַ שלעכטן סאָף, פארשטייט זיך) אין אַן אַנדערן, צו וועמען איך — אַזוי האָט זי געזאָגט, זשעניע — בין ענלעך, ווי אַ טראָפּן וואסער צו אַ טראָפּן וואסער, ווי אַ ברודער צו אַ ברודער.

דער דאָזיקער טערעץ זשעניעס איז ניט געווען גאָר קיין גרויסער קאָוועד פאר מיר. נאָר כ׳האָב אים אי פארשטאַנען, אי ער האָט מיך ניט געאַרט. ס׳איז מיר מיט זשעניען געווען ניט שלעכט. ס׳האָט מיך אונ־טערגעקויפט, וואָס אַזאַ גרויס מיידל (זשעניע איז געווען מיט אַ פיר־פינף יאָר עלטער פון מיר), אַזאַ קלוג און אָנגעלייענט מיידל, לאַכט אַזוי פון מײַנע כאָכמעס, באַגײַסטערט זיך אַזוי פון מײַן אויסטײַטשן פערעצן, הייבט אָן ליב באַקומען, כאָטש זי איז דאָוויד קאָושאַניערס אַ טאָכטער, די שנײַדער־ייִנגלעך און די שוסטער־ייִנגלעך פון די הינטער־געסלעך, דערפאר ווײַל איך האָב זי ליב.

דער „אַנדערער", דער, צו וועמען כ׳בין געווען ענלעך, „ווי אַ טראָפּן וואסער צו אַ טראָפּן וואסער", האָט געהייסן מאָטל פעלדמאַן, איז אין ראַשקעוו געווען דער שענסטער באָכער, דער בעסטער טעאַטער־שפּילער. אַ הויכער, אַ שטאַלטנער, שוין, דאַכט זיך, אַן אויסגעדינטער. ער האָט זשעניען אוועקגעוואָרפן, ווײַל ער האָט שוין ניט דאָס ערשטע מאָל אוועק־געוואָרפן. קיין גרויס ענלעכקייט צווישן מיר און אים האָב איך עפּעס ניט געזען. נאָר אַז זשעניע האָט געזאָגט, האָב איך איר געגלייבט.

אָנהייב זומער, אף שוועס, האָבן מיר אופגעפירט „דעם דאָרפס־יונג", ווו איך האָב געשפּילט יאַנקל בוילען, זשעניע האָט געשפּילט נאַטאַשען, און האַלב געלט איז געגאַנגען אפן „מאָפּר".

גאַנצע זומער־נעכט זײַנען מיר געזעסן אף שטיינערנע נידעריקע פלייטלעך, אויבן, אפן באַרג, צווישן די ווײַנגערטנער. אַרום־און־אַרום איז, כּוֹץ די שורעס ווײַנשטאָקן מיט די אַרײַנגעשטעקטע קרומע שטע־קענעס לעבן יעדן ווײַנשטאָק, קיינער ניט געווען. איך האָב געקענט רעדן הויך אף אַ קאָל. רעדן מיט די קײַלעכיקסטע ווערטער, קימאַט דעקלאַ־מירן, ניט רעדן. גלײַך ווי געהערט וואָלט מיך ניט איין זשעניע, נאָר הונדערט זשעניעס, טויזנט זשעניעס (שורעס ווײַנשטאָקן. אַרײַנגעשטעקטע קרומע שטעקענעס לעבן יעדן ווײַנשטאָק).

מיר האָבן באַרעדט איבערגעלייענטע ביכלעך, באַרעדט די וועלט. זשעניע איז ניט געווען זיכער, צי ראַסקאָלניקאָוו האָט גוט געטאָן, וואָס ער האָט דערהאַרגעט די אַלטע פּראָצענטניטשקע, צי ער האָט ניט גוט געטאָן. איך האָב געשריגן, אַז איך בין יאָ זיכער, אַז באַנציע שווײַג האָט ניט גוט געטאָן. ניט גוט געטאָן, ווײַל ער האָט געטאָן אַזוינס, וואָס איז געפעלן אויבן אין הימל, און ניט גוט געטאָן, ווײַל ער האָט זיך אויבן אין הימל פארקויפט פאר אַ שטיקל בולקע מיט פּוטער.

פון צײַט צו צײַט האָבן מיר איבערגעלאָזט די דאָזיקע הימל־שמועסן און שווײַגנדיקע צוריק אַראָפּגענידערט אף דער ערד — צו שטומע סצענעס פונעם „דאָרפס־יונג". איך, יאַנקל בוילע, האָב מיטביידע הענט אַרומגע־נומען זי, זשעניע־נאַטאַשען, צוגעקוועטשט זי צו זיך פעסט, דאָרפיש,

אז די ביינער אירע האָבן אזש געטרעשטשעט. און זי, זשעניע־נאטאשע, האָט צוגעבויגן יאנקל בוילעס קאָפּ צו איר הארצן און אים געגלעט די האָר, די באקן, די אויערן.

ס׳איז מיר מיט זשעניען געווען ניט שלעכט. האָט עס געהייסן א ליי־בע? כ׳ווייס ניט. כ׳ווייס נאָר, אז כ׳וואָלט וועגן דעם געקאָנט דערציילן לאנג־לאנג. און מאך עס איצט זייער־זייער בעקיצער.

דאָ, ווידער, אין טשערנאָוויץ, זײַנען מיידלעך, קאָן מען זאָגן, אויך שוין ניט געווען פאר מיר קיין נײַס. אין סעמינאַר האָבן געלערנט מער מיידלעך, ווי יינגלעך. מ׳איז באלד צווישן זיך היימיש געוואָרן, אָנגעהויבן זיך, פארשטייט זיך, באלד זאָגן דו, געשריבן איינער דעם אנדערן, בייס די לעקציעס, צווײדײַטיקע קוויטעלעך. אין די האפסאָקעס געבאלעוועט זיך, אָפּגעטאָן זיך קאָלערליי שפּיצלעך, נאָכגעלאָפן איינער דעם אנדערן, שפּרינגענדיק אף די בענק, אופהייבנדיק אין קלאס א שטויב און א טומל, ניט ווי קיין געזעצטע מענטשן, סעמינאַריסטן, וואָס דארפן אינגיכן זיך אָפּגעבן מיט אזא זאך, וואָס הייסט „כינוך״, ארופירן טאל־מידים אפן גלײַכן וועג, לערנען זיי סייכל, — נאָר אליין, ווי טינויקעס שעל בייס ראבאָן, וואָס האָבן נאָרוואָס אָנגעהויבן גיין אין שול, טראָגן נאָך די ביכער־טאשן זייערע צוגעגארטלט אויבן אף דער פּלייצע.

פון דער אנדערער זײַט, האָבן די סעמינאַריסטקעס, מיטן לאָשנקוידעש אין זייערע מײַלער, מיט זייער פּלײַסיק לערנען טאנאך, מישנע, אגאָדע און אנדערע אזעלכע זאכן, אויסגעזען מיר אלט, אָפּגעלעבט, עפּעס ניט ווי מיידלעך, נאָר ווי יידענעס ראָשעשאָנע אויבן אין דער ווײַבערשער שול, וואָס זאָגן נאָך פלײַסיק־פרום דער פירזאָגערן דעם אונסאנע־טויקעף.

כוץ דעם, האָבן מיר די דאָזיקע סעמינאַר־מיידלעך אויסגעזען צו קאַ־זיאָנע, עפּעס ווי אָנגעקראכמאלעטע, קנאקנדיקע, ניט אף מײַן מיסט גע־וואקסן, ניט מײַן גלײַכן.

איך זיי בין, אפאָנעם, אויך ניט איבעריק געווען צום הארצן. עפּעס האָט זיי דער דאָזיקער קאפּוירער באָכער, וואָס זיצט פארטיפט איבער א יידיש ביכל, פונקט אפן לימעד „דאט״ באם ראבינער מארק, און דער ראבינער מארק כאפּט אים מיטן דאָזיקן ביכל, — אויסגעזען ווי פון אן אנדער וועלט. און איינמאָל, געדענק איך, ווען אונדזער „סיפרות״־לערער, דאָקטער פאָראט, האָט מיר געהייסן זאָגן, וואָס איך ווייס וועגן דער אידיליע פּרײַטיק־צונאכטס אין שטעטל נאָך ליכט־בענטשן באם מעקאבל־פּאָנעם זײַן די מאלקע שאבעס, און איך האָב פארפּלאָנטערט דעם גאנצן אייסעק, פּרײַטיק איז בא מיר געוואָרן מאָנטיק, דאָס „אידילישע״ שטעטל — א גראָער, הארטער שטאָט־פייזאזש, אפן אָרט פון די שאבעס־ליכט אין די אויסגעשײַערטע לײַכטער אפן טיש — הויכע, רייכערנדיקע פאבריק־קוימענס, און מעקאבל־פּאָנעם געווען איז מען קיין שום מאלקע ניט, נאָר פארשווארצטע, פארכמורעטע ארבעטער האָבן זיך געטאָן א שיט ארויס דורכן פאבריק־טויער, — האָבן מער, ווי אלע, אויסגעשאָסן א גע־לעכטער די סעמינאַריסטקעס מײַנע, צעלאכט זיך אזוי ווילד, אז דאָקטער פאָראט האָט זיי קוים אײַנגעשטילט.

זיי האָט צו מיר ניט געצויגן, און מיך האָט צו זיי ניט געצויגן.

מיך האָט גיכער געצויגן צו שלימקע דער האָרבאַטער, וואָס האָט פאַרמאָגט צוויי לאַנגע הענט קימאַט ביז איבער די קני אַריבער, הערבלעך צוויי, אי אויף דער פּלייצע, אי אויפן האַרצן, אַ שרעקלעך מיִעס, קימאַט מאַלפּיש, פּאָנעם; נאָר פון די אויגן אירע איז געגאַנגען אַזויפיל כאָכמע, אַזויפיל לעבן און אַזויפיל שיינקייט, אַז די אַלע מומים אירע האָבן זיך קימאַט ניט אָנגעזען.

אין שלימקעס שוועסטערס פּאָטאָ־פּאַוויליאָן, ווו שלימקע האָט אַ גאַנצע וואָך רעטושירט נעגאַטיוון, פלעגן זיך מאָנטיק, ווען דער פּאַוויליאָן האָט ניט געאַרבעט, צונויפנעמען יינגלעך און מיידלעך, קימאַט דער גאַנצער דראַמאַטישער קרייז. מ׳האָט צערוקט דעם שוואַרצן פאָרהאַנג, וואָס האָט צעטיילט דעם פּאַוויליאָן אַפּצווייען, מ׳האָט אַוועקגענומען אין אַ זייט די גרויסע הילצערנע פּאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן מיט די שוואַרצע אַרבל; פון די לייוונטענע וועגטלעך, די באַמאָלטע מיט ביימער, מיט גאַנעקלעך און מיט אַנדערע „שיינע״ פּאָנען, לעבן וועלכע ס׳איז זיך שיין צו פּאָטאָגראַ־פירן, איז געוואָרן שטיקער טעאַטער־דעקאָראַציעס; און די יינגלעך און מיידלעך האָבן צווישן די דאָזיקע דעקאָראַציעס איבערגעשפּילט די זאַכן, וועלכע דער דראַמאַטישער קרייז האָט אַ גאַנצע וואָך געגרייט, — איבער־גערעפּעטירט דאָ, אַזוי צו זאָגן, די רעפּעטיציעס.

שלימקע האָט געשפּילט. אַזוי־אָ, קליין און שפּיצעכדיק און מיִעס, האָט זי זיך אומגעקאַטשעט צווישן אוילעם ווי אַ קנויל, דאָ אַ לאַך טוענדיק, דאָ אַ זונג טוענדיק, דאָ אַ זאָג טוענדיק אַ וויץ.

זי איז געווען הוילע שפּיל, הוילע פאַרשטעלטקייט, פאַרוואַנדלטקייט. ס׳האָט אין איר געאַרבעט ניט אַזוי אַ גרויסער טאַלאַנט, ווי אַ גרויסער ווילן, אָפּאָנעם, אויסצוטאָן זיך פון איר מיִעסקייט, פון איר פאַרקריפּלט־קייט, און טראָגן דערנאָך אויף זיך די דאָזיקע מיִעסקייט און פאַרקריפּלט־קייט, ווי אַ מין גרים, ווי אַ מין טעאַטער־מאַסקע — געבן דער פאַר־קריפּלטקייט אירער אַ טערעץ, אַ זין.

און זי האָט צוליב דעם קיין סאַך טאַלאַנט גאָר ניט געדאַרפט. איין גרימאַסע מיטן פּאָנעם, איין צעשטעל אין די זייטן די פיס — און עס שטייט פאַר אייַך אַ פאַרטיקע קורלאָפּניטשקע, וואָס זעט אויס ווי אַ הון און קוואָקעט ווי אַ הון. אַרופגעכאַפּט אויפן קאָפּ אַ געבלימלטע פּאַטשיילע, ביידע עקן פאַרקניפּט אונטערן קין — און ס׳איז אַזאַ ביילע די האָרבאַטע, וואָס טאַקע נאָר אין איר איינער האָט זיך פּישקע דער קרומער געקענט פאַרליבן.

די דאָזיקע טעאַטער־רעפּעטיציעס זייַנען געווען שלימקעס שענסטע שאָען. זי האָט אויף די רעפּעטיציעס אָפּאַנעמעסן אויסגעזען שיין, כיינעווו־דיק, די צוויי האָרבן אירע זייַנען ווי קלענער געוואָרן, דער קאָפּ האָט זיך איר ווי אופגעהויבן פון צווישן די אַקסלען, זי איז מיט אַ קאָפּ העכער געוואָרן, און מ׳האָט ניט געזען קיין שום כילעק צווישן איר און די איבעריקע מיידלעך פונעם דראַמאַטישן קרייז. פאַרקערט: שלימקע האָט אַפילע אויסגעזען לעבעדיקער, כיינעוודיקער און אַפילע גליקלעכער.

כ׳דערמאָן זיך איצט, ווי אין יאָרן ארום האָט מוישעלע גערשנזאָן, וואָס האָט אויך אזוי־אָ, ווי שלימקע, פארמאָגט א האָרב אף די פלייצעס און א האָרב אפן הארצן און צוויי לאנגע הענט האָבן זיך אים געבאָמבלט ביז איבער די קני אריבער, געשפילט אין בוקארעשטער „ביטס" די ציג אין „פארקישעפטן שניַידער". די גאנצע ראָל דער ציגס איז באשטאנען אין עטלעכע מאָל אף דער בינע מאכן „מע". נאָר מוישעלע גערשנזאָן האָט אריַינגעלייגט אין דער דאָזיקער ראָל אזויפיל טאלאנט און אזויפיל נעשאָמע, אז דער אוילעם האָט אים לאנג־לאנג געדענקט.

זאָל זיַין א ציג, זאָל זיַין „מע", זאָל זיַין א ציג, וואָס איז אפילע קיין ציג אויך ניט — איז ערשט קוים א צאפּ, אבי א פּאָר שאָ כאָטש אין לעבן ניט פילן קיין האָרב אף דער פלייצע און קיין האָרב אפן הארצן...

* * *

די צוויי מיידלעך, צו וועלכע מישע סימיס האָט אונדז שאבעס פאר־נאכט געפירט באקענען זיך, האָבן געוווינט אין סאמע צענטער, אף א שטיל אספאלטירט פריציש געסל, ניט וויַיט פון דער רייַך־פארפוצטער הערנגאאס.

איין מיידל האָט געהייסן ריווע, און דאָס צווייטע מיידל כאנע. זיי האָבן געוווינט אין א באזונדער מעבלירטן צימער אפן צווייטן צי אפן דריטן שטאָק. א צימער מיט פארקעט, מיט א הויכער קאפלנער הרובע אין א ווינקל, מיט צוויי דעמבענע בעטן אין דער מיט צימער, און מיט א צווייענדיקער גלעזערנער טיר, וואָס האָט געדינט אי פאר א פענצטער אין צימער, אי פאר א טיר אף א קליינעם איַיזערנעם באלקאָנדל ארויס.

די הויכע קאפלנע הרובע האָט מען, אפּאָנעם, זעלטן געהייצט, מאכמעס אין צימער איז געווען גאנץ קילבלעך. אז מ׳האָט געטאָן אן עפן דאָס מויל, האָט געטאָן א זעץ ארויס א גאנץ נישקאָשעדיקע פארע. אי ריווע, אי כאנע זיַינען ביידע געווען אָנגעפּעלצט אין צוויי גראָבע וואטאָווע לייַבלעך, זיַינען ביידע אומגעגאן איַינגעהויקערטע, און האָבן ביידע טאָ־מיד געהאט בלאָע געקאָרטשעטע ליפּן.

כאנע האָט געטראָגן גלאט־פארקעמטע האָר, נאָר אזוי גלאט און, אפּאָ־נעם אומיסטן, אזוי פּראָסט פארקעמט, אז זיי האָבן אויסגעזען אף איר קאָפּ ווי א מין צניִעסדיק פרעמד שייטל. כוץ דעם, זיַינען שוין, דאכט זיך, דאָ און דאָרט געווען די האָר גראָוולעך אויך. אפן פּאָנעם האָט כאנע פארמאָגט א ווילע פּאָר שטופּלען. מיט א קליין ביסעלע פּודרע האָט מען די דאָזיקע שטופּלען גרינג געקענט פארדעקן, פארריַיבן. נאָר פּודרע אף א פּאָנעם האָט, זעט אויס, בא כאנען געהייסן מיִעסער און ערגער, ווי די ערגסטע שטופּלען אין דער וועלט. גערעדט האָט כאנע ווייך, צעצויגן, זינגענדיק, ווי זי וואָלט שטענדיק גערעדט מיט קינדער, ניט מיט קיין דערוואקסענע מענטשן.

ריווע איז, דאכט זיך, מיט א פּאָר יאָר געווען עלטער פון כאנען. נאָר זי האָט אויסגעזען מיט א סאך יאָרן ייִנגער. מאכמעס זי איז געווען א

סאך מאָגערער פון כאנען, איידעלער, באנומענער, האָט געהאַט א קליין אויסגעוויקלט פענעמל מיט צוויי שווארצע שמאָלבלעכע אויגן. א פענעמל, וואָס האָט טאָמיד אויסגעזען, ווי עס וואָלט נאָרוואָס געוויינט, כאָטש די אויגן ריוועס האָבן טאָמיד געלאכט, טאָמיד געפרייט זיך מיט אײַך, טאָ־מיד צו אײַך געשמייכלט.

מישע האָט אונדז פאַרגעשטעלט. גוט פארהיקעט זיך, פארשטייט זיך. כאנע האָט אונדז אונטערגערוקט בענקלעך און, מעגלעך פאר פארלוירנ־קײַט, וואָס אין שטוב זײַנען פלוצעם שטיין געבליבן דרײַ יינגלעך מיטא־מאָל, מעסוקן איבערגעביטן זיך אפן פּאָנעם, נאָך מער פארעלטערט גע־וואָרן, אויסגעזען צווישן אונדז, ווי א מומע אונדזערע, און ניט ווי אונד־זערס א מיידל.

ריווע האָט אונדז אלע דרײַ אָפּגעמאָסטן מיט אירע צוויי שמאָלבלעכע אויגן, און ס׳האָט אונדז באלד באנק געטאָן די גאנצע מײַסע: ס׳האָט זיך אונדז אויסגעדאכט, אז ניט זיי לאכן צו אונדז, די דאָזיקע אויגן, נאָר זיי לאכן פון אונדז.

מיר זײַנען געזעסן און געשוויגן, ביז יאנקל ריפּע, געדענק איך, האָט זיך מיטאמאָל געגעבן א הייב אוף און א זאָג געטאָן:

— נו, האקלאל, גייען מיר!..

— וווּהין גיין? זיצט א ביסל. רעדט עפּעס. זאָגט עפּעס!.. — האָט כאנע א זונג געטאָן מיט איר ווייך צעצויגן קאָל, און די שטופּלען אף איר רויט־געוואָרן פּאָנעם האָבן זיך ערשט איצטער גוט אָנגעזען.

— מירן גיין אין טעאטער. ט׳האָב איך בילעטן... — האָט מישע סימיס געראַטעוועט די לאגע, באוויזן, אז דער עמעסער קאוואלער איז טאקע פונדעסטוועגן ער, מישע, און ניט איך און יאנקל.

געגאנגען זײַנען מיר, פארשטייט זיך, אין ייִדישן טעאטער, אין רייזס טעאטער, וואָס האָט זיך געפונען אף דער רוסישער גאס. דער טעאטער איז אין דרויסן געווען באלויכטן מיט אָן א שיר קליינע לעמפּעלעך, גאנצע קראנצן לעמפּעלעך, און איז ארום־און־ארום געווען באקלעפּט מיט אָן א שיר אפישן, סאמע אפישן. כאָטש ס׳איז געווען ווינטער און טשערנאָוויץ איז געווען טשערנאָוויץ, זײַנען מענטשן פונדעסטוועגן געשטאנען באם טעאטער און געשמאק געקנאקט קערלעך, ווי שאבעס באטאָג אין ראש־קעווו. געשפּילט האָט מען דעמלט, געדענק איך „דעם באגרעבערס טעכ־טערל״. א היימישע פּיעסע, פארפאסט פון א היימישן סופליאָר. גאָר קיין גרויסער אוילעם איז אין טעאטער ניט געזעסן, און גאָר קיין גרויסע זאכן זײַנען אף דער בינע ניט פאָרגעקומען. דער פאָרהאנג איז נאָך יעדן אקט אראָפּגעפאלן קילבלעך, לעבלעך, אָן גרויסע אָוואציעס און אָן שטארקע פּליעסקערײַען. ריווע האָט ארײַנגעצויגן דעם קאָפּ אירן אין ווײַסן האָ־זענעם קעלנערל פון איר פאלטאָכל, און דאָס קליינע פענעמל אירס מיט די פלינקע שמייכלענדיקע אייגלעך האָט ארויסגעקוקט פון דעם דאָזיקן קעלנערל, ווי א ווינטער־כײַעלע פון א נאָרע. ס׳איז ניט געווען קלאָר, צי שמייכלט זי אזוי פארבאָרגן פון דעם דאָזיקן טעאטער, צי פון אונדזער מישען, וואָס האָט געפירט אין דעם דאָזיקן טעאטער, צי פון אלץ ארום־

און־ארום איניינעם. ריווע האָט, ווי כ׳האָב דערנאָך געזען, געהאַט א שוואכקייט צו לערמאָנטאָוון און צו טורגעניעוון. ווו מ׳האָט געדארפט און ווו מ׳האָט ניט געדארפט ציטירט אויסווייניק לערמאָנטאָווס לידער. וואָס מ׳האָט געדארפט און וואָס מ׳האָט ניט געדארפט געמאָסטן מיט די ריינ־קייט פון טורגעניעווס ראָמאנטישע ליבע־קאָליזיעס. איז גאָר קיין כידעש ניט, וואָס זי איז דעמלט געזעסן מיט אן ארײַנגעצויגענעם קאָפּ אין איר האָזענעם קעלנערל און פון אינווייניק ארויס, שמייכלענדיק, געקוקט פון אויבן אראָפּ אף דעם דאָזיקן באגרעבערס פריילעכן אָפּערעטע־טעכטערל. כאנע איז, אפּאָנעם, ניט געווען קיין גרויסער מייוון אף דער דאָזיקער זאך, וואָס הייסט טעאטער, און האָט קיינעם ניט געוואָלט ווײַזן, אז זי איז דאפקע יאָ א מייוון. זי איז געזעסן, געגענעצט צוביסלעך און שטי־לערהייט, קיינער זאָל כאָלילע ניט באמערקן, אראָפּגעשלונגען די גע־נעצלעך, ווי מע שלינגט אראָפּ אין א טעאטער, אינמיטן שפּילן, עפּעס גוטע קאָנפעקטלעך. איך און יאנקל זײַנען געזעסן, געקוקט, געזען און געשוויגן. איין מישע סימיס, וואָס איז געווען דער איניציאַטאָר פון דעם דאָזיקן טעאטער־גיין און וואָס האָט נעבעך אליין באצאָלט פאר אלע פינף בילעטן, האָט יעדעס מאָל, בא יעדן וויץ אף דער בינע, אויסגעשאָסן אזא געלעכטער, אז דער אוילעם האָט זיך אזש אלעמאָל אומגעקוקט אף אים, און שיר ניט געמיינט, אז מישע איז א ספּעציעלער לאכער. א לאַ־כער פון די לאכערס, וואָס רייש, פלעגט מען זאָגן, דינגט ספּעציעל אָן און זעצט זיי ספּעציעל אוועק צווישן אוילעם, זיי זאָלן געבן דעם טאָן: מיט זייער אָנהייבן לאכן צעקיצלען און דערוואַרעמען, הייסט עס, דאָס געערטע פּובליקום.

נאָר וויאַזוי ס׳איז שוין דאָרטן ניט געווען, אין טעאטער, האָט עס געהייסן, זײַנען מיר געגאַנגען, פארבראכט, האָט עס געהייסן, דעם ערשטן אפּדערנאכט מיט די מיידלעך איידל, באוווסטזיניק, ניט אף קיין „נידע־ריקן ניוואָ".

מיר האָבן זיי אָפּגעפירט אהיים ביז צו דער טיר. מיר האָבן זיך, גע־זעגענענדיק, געגעבן די הענט. כאנע האָט יעדן איינעם פון אונדז באזונ־דער א זאָג געטאָן:

— קומט נאָך ארוף. שעמט אײַך ניט, כעוורע. איבערראכטאָג שאבעס...

און פּונקט ריווע, די שפּעטערן, די גרויסהאלטערן, האָט באלד נאָך כאנען יעדן איינעם פון אונדז באזונדער איבערגעכאזערט:

— ספּאסיבאָ!..

טאקע אזוי־אָ. ניט „דאנקע שיין", ווי אלע פלעגן דעמלט זאָגן אין טשערנאָוויץ, און ניט אף פּראָסט יידיש „א דאנק", נאָר אזוי־אָ — „ספּאַ־סיבאָ". און ס׳איז ניט געווען גאָר קלאָר, צי איז דאָס א גלײַכער „ספּאַ־סיבאָ", צי א קאפּוירער, אן איראָנישער. א שיינעם דאנק אײַך, הייסט עס, פאר אזעלכע גליקן. מער וויל איך ניט. ס׳איז מיר גענוג. ספּאסיבאָ.

איך פארלויף פריִער און וויל דערציילן א פאל, וואָס האָט זיך צווישן מיר און דער דאָזיקער ריווען געטראָפן אין א צײַט ארום, ווען איך בין שוין געווען א מיטגליד פון אן אונטערערדישן קעמערל, פלעג שוין קי־

מאט טאָג בא טאָג האָבן אף די ראָגן פון די טשערנאָוויצער גאסן קאָנס־
פיראטיווע באגעגענישן, האָב שוין ניט נאָר איין מאָל באנאכט פארשפרייט
מאניפעסטן אין די טשערנאָוויצער פאַרשטעט קאָלאָטשאנקאָ און זשוטשקאָ,
בין געווען זיכער, אז גראָד איך, דאָס דאָזיקע קליינשטעטלדיקע ראש־
קעווער יינגל, ברענג דערמיט דער שלעכטער וועלט דעם גרויסן טיקן,
און האָב שוין אף אלע אנדערע, וואָס טוען ניט אזעלכע זאכן, געקוקט,
ווי אף בידנע געשטראָפטע מענטשן, וועלכע לעבן אָפּ אן אָרעם ליידיק
לעבן, טראכטן נאָר וועגן אייגענעם „איך" און וועגן דער אייגענער
קישקע.

פארשטייט זיך, אז ריווע מיט איר שמייכעלע אף אירע פארבלאָווטע
ליפן, מיט איר אומדרייען זיך איינגעהויקערט אין קאלטן צימער איין
האנט אין דער אנדערער, ווי כאָלילע בייס עפּעס א צאָרע, און מיט איר
אייביקן רעדן וועגן לערמאָנטאָוון און טורגעניעוון, האָט קיין שענער
אויסקומעניש בא מיר אין די אויגן ניט געהאט.

אייסעך, א קליינבירגערלעך מיידל. א צענצעמענציע. מישעס מעציע.

איז איינמאָל אין א פארנאכט, כ'האָב שוין אין ריווען לאנג, דאכט
זיך, געהאט פארגעסן, דריי איך זיך אום אין אן עק גאס מיט א צייטונג
אין דער האנט, ווארט, עמעצער זאָל מיר קומען איבערגעבן א פּעקל
„מאטעריאל". דער, וואָס דארף דאָס פּעקל ברענגען, דארף אויך האלטן
אזא־אָ צייטונג אין דער האנט, דארף זיך דערנעענטערן צו מיר און מיך
א פרעג טאָן: „זאָגט נאָר, איר זענט ניט קיין בוקארעשטער?". „ניין, —
דארף איך אים ענטפערן, — איר זעט דאָך, אז איך בין א יאסער!". דאָס
איז אונדזער פּאראָל. דורך דעם דאָזיקן פּאראָל דארפן מירביידע דער־
קענען, אז מיר זיינען מיר.

פלוצעם זע איך פונדערווייטנס גיין ריווען. ט'האָסטו דיר, אינמיטנ־
דערינען אן אָנשיקעניש — טו איך א טראכט. פונקט איצטער־אָ. זי וועט
זיך אָפּשטעלן מיט מיר אף א מייסע, די דאָזיקע ריווע, און וועט מיר
אונטערייסן די גאנצע באגעגעניש.

נאָר איך גיב א קוק, האלט זי אין איין האנט א צונויפגעקאטשעטע
צייטונג, אין דער אנדערער האנט אן אָנגעשטאָפּטן טאש, און דאָס פּאָנעם
אירס לאכט צו מיר אינגאנצן אנדערש ווי טאָמיד. און ס'איז גאָר עפּעס
אן אנדער פּאָנעם, דאכט זיך. גאָר אנדערע ליפן, אנדערע אויגן. אפילע
א נעזל, דאכט זיך, אן אנדערס. גאָר אן אנדער ריווע.

זי טוט א לויף צו צו מיר, טוט מיך א כאפּ אונטער דעם אָרעם, טוט
זיך א צעלאך אף א קאָל און הייבט אָןריידן מיט מיר אף דו:

— הער־הער. ביסטו, הייסט עס, א יאסער, האז?

איך שטיי א רעגע ווי געפּלעפּט. אף וואָס אף וואָס, נאָר אף אזוינעם
האָב איך מיך ניט געריכט. דעם פולן טאש טראָג איך שוין, דאנקען
גאָט, ניט זי. כ'האָב אפילע ניט געפילט, ווי זי האָט אים מיר ארייננגע־
לייגט אין דער האנט. זי הענגט זיך אָן אין מיין אָרעם, בייגט אויס צו
מיר דעם קאָפּ אירן און קוקט מיר ארײַן אין די אויגן מיט אזויפיל
פרייד און אזויפיל גליקלעכקייט, גלייך ס'האָבן זיך דאָ אינדערעמעסן

נאָרוואָס באַגעגנט צוויי פאַרליבטע, און ניט צוויי אַזעלכע „געפּערלעכע" פאַרשווינען. די אויגן אירע האַלטן אין איין פרייען זיך, און דאָס פּאָנעם אירס, זע איך, דאָס דאָזיקע נײַע פּאָנעם ריוועס, איז גאָר מאָלע־כיין. וואָס־וואָס, נאָר ריוועס פּאָנעם פול מיט כיין, אף אַזעלכן האָב איך זיך בעפּיירעש קיינמאָל ניט גערעכט.

און זי האָט נאָך צו מיר טײַנעס, ריווע. איך האָב נאָך, הייסט עס, זי אונטערגעפירט:

— גיי ווייס. און איך האָב געמיינט: דרײַ לײַטישע יינגלעך. מעקעלעך. קענען קיין צוויי ניט ציילן. כ'זאָל געווען וויסן, וואָלט איך אײַך אף דער שוועל ניט געווען אַרופגעלאָזט, כא, כא.

און ס'איז ווידער ניט געווען קלאָר, צי איז עס די אַלטע ריווע, צי איז עס די נײַע ריווע. צי זאָגט זי טאַקע אַזוי, ווי זי זאָגט, אָדער ס'איז ווידער א זאָג אירער א קאַפּווירער. א זאָג מיט איראָניע. מיט א געלעכטערל.

איינס איז געווען קלאָר, ווי דער טאָג: די דאָזיקע צוויי עלטערע מיידלעך, ריווע און כאַנע, קינדער פון פאַרמעגלעכע עלטערן, סאָכרים צי קרעמער ערגעץ אין בעסאַראַבער שטעטלעך, באַלעבאַטישע מיידלעך, וואָס האָבן פאַרמאָגט שיינע נאַדנס, האָבן געקאָנט דערגרייכן אויסגעשפּילטע שידוכים, און טאַטע־מאַמע זאָלן האָבן גרויס נאַכעס אין די טעכטער, אין די איידעמס און אין די אייניקלעך, — האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון די דאָזיקע גליקן און אויסגעקליבן זיך גאָר אַן אַנדער וועג אין לעבן.

ווי כ'האָב זיך העט־העט שפּעטער דערוווּסט, איז דאָס דאָזיקע קאַלטע אַריסטאָקראַטישע צימער זייערס, ניט ווײַט פון דער רײַך־פאַרפּוצטער הערנגאַס, געווען א קאָנספּיראַטיוו צימער. ס'פלעגט דאָרט אַמאָל איבערנעכטיקן אַן אומלעגאַלע כאַווערטע. מע פלעגט דאָרטן האַלטן „ליטעראַטור". ס'פלעגן דאָרט אַמאָל פאָרקומען שטילע טרעפעניש צווישן כאַווײרים פון גאָר־גאָר אויבן.

ריווע און כאַנע האָבן ניט געטאָרט גיין אף קיין שום פאָרלעזונגען, פאַרזאַמלונגען, לעקציעס — פלעצער, ווו מע קאָן קאָמפּראָמעטירט ווערן; האָבן ניט געטאָרט טרעפן זיך מיט קיין שום קאָמפּראָמעטירטע כעוורע; האָבן ביכלאַל ווייניק־ווו געמעגט גיין.

ערגעץ אין אַן אַטעליע פון פּרויען־וועש פלעגן זיי אַהיימנעמען אַרבעט: אויסשטיקן מיט דער האַנט אוזאָרן אף זײַדענע קאָמבינעזאָנען, אף בלוזקעס, אף נאַכט־העמדער. איבערגעבויגענע איבער דער דאָזיקער שטיקערײַ פלעגן זיי אָפּט גאַנצע טעג זיצן איינע אַליין אין צימער.

קעדיי די אָפּגעזונדערטקײַט זייערע זאָל זיך צופיל ניט וואַרפן אין די אויגן, ניט דער באַלעבאָסטע און ניט די שכיינים, האָט מען זיי געהייסן כאַווערן זיך מיט א פּאָר פּראָסטע פלאַטשיקע יינגלעך, וואָס ווייסן ניט פון גאָרניט, גיבן זיך מיט גאָרנישט ניט אָפּ, שמעקן ניט און לעקן ניט, ווי מע זאָגט.

דער גוירל איז נעבעך געפאַלן אף אונדז: אף מיר, אף יאַנקלען און אף מישען. וואָלטן מיר דעמלט געווען געוווּסט די גאַנצע געשיכטע, גע־

ווּסט, פאַר וועמען זיי האַלטן אונדז, ריוּוע און כאַנע, וואָלט עס אונדז, פאַרשטייט זיך, גוט געווען געקאָרטעט, נאָר פון דער אַנדערער זײַט, וואָלט עס אונדז שטילערהייט גוט געווען האַנאָע געטאָן: אי מיר, אי יאַנקלען, אי אַפילו מישע סימיס.

זאָלן אונדז ריוּוע און כאַנע האַלטן פאַר וועמען זיי ווילן, אַבי דעם דאָזיקן סוידעסדיקן קאָדשיי־קאָדעשדיקן צימער זאָל כאָלילע קיין שום שלעכטס ניט געשען, קיין שום שטויבעלע זאָל אויף דעם ניט פאַלן, קיין שום בייז ווינטל זאָל אַהין ניט אַ בלאָז טאָן.

* * *

דאָ־אָ, בײַ ריוּוען און בײַ כאַנען אין צימער, האָב איך באַגעגנט מאַליען.

מיר האָבן זי געטראָפן ליגן אין איינעם פון די צוויי גרויסע דעמבענע בעטן. דער געקרויזטער קאָפּ האָר אירער איז געווען צעלאָזט איבערן גאַנצן קישן. זי האָט געהאַט אַ הויכן פאַרקײַלעכיקטן שטערן. מיט וואָס אַ הויכער שטערן איז שענער פון אַ נידעריקן שטערן, ווייס איך ניט. נאָר מיר האָט זיך שפּעטער אויסגעדאַכט, אַז אַזאַ שיינעם און קלוגן שטערן, ווי מאַליע האָט, האָב איך נאָך קיינמאָל אין מײַן לעבן ניט געזען און קיינער אין דער וועלט פאַרמאָגט אים ניט.

זי האָט זיך געטאָן אַ רײַב אויס די פאַרשלאָפענע אויגן, געכאַפּט צווישן די פויסטלעך אירע אַ גוטן קוק אויף אונדז און אָן צערעמאָניעס אַ זאָג געטאָן:

— היי, יינגלעך, דרייט אײַך אויס מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט, איך וויל זיך אָנטאָן!

כ׳געדענק ניט, צי האָבן מיר נאָך יאָ באַוויזן אויסצודרייען זיך מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט, צי האָבן מיר שוין ניט באַוויזן. כ׳געדענק נאָר, ווי זי האָט אין איין אויגנבליק געטאָן אַ שפּרונג אַרויס פון אונטער דער קאָלדרע, געטאָן אַ כאַפּ אַ קליידל פון אַ בענקל און דאָס קליידל ניט אַריבערגעצויגן איבערן קאָפּ, ווי אַ מיידל טוט אָן אַ קליידל, נאָר אַרײַנגעשפּרונגען אין דעם פּריזער מיט איין פוס, דערנאָך מיטן צווייטן פוס, ווי אַ יינגל טוט אַ שפּאַן אַרײַן אין אַ פּאָר הויזן.

כ׳ווייס ניט וואָס, כ׳קאָן עס ניט דערקלערן, נאָר דאָס דאָזיקע מין אַרײַנשפּאַנען אין קליידל איז שוין געווען געגנוג. עס האָט מיך שוין פאַר־קישעפט. כ׳בין שוין אין יענער־אָ רעגע געווען אירער, מאַליעס.

זי איז אַרײַן אין קיך און זיך אָפּגעוואַשן. זי איז צוריק אַרײַן אין צימער און זיך פאַרקעמט. ס׳האָט געדויערט סעקונדעס, מינוטן. און נאָך אין עטלעכע סעקונדעס אַרום איז זי שוין געזעסן און עפּעס געקײַט. געקײַט און אינמיטן קײַען גערעדט צו ריוּוען און צו כאַנען:

— זע נאָר, אַבי איר האָט געזאָגט. גאָרניט קיין שפּעטנע קאַוואַליערן, כלעבן...

ריוּוע און כאַנע האָבן זיך אַזש איבערגעקוקט און זײַנען, דאַכט זיך, אַזש רויט געוואָרן. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס כאָכמעט זי זיך אַזוי, מאַליע. און אויף אַ כאָכמע דאַרף מען ענטפערן מיט אַ כאָכמע:

— די צאָרע איז נאָר, וואָס עס האָט אונדז געפעלט א דריטע. האָט זיך אף אונדז דער אייבערשטער מעראכעם געווען און זי אונדז צוגעשיקט...

— ע, ייִנגעלע, דאָס זאָגסטו שוין ניט גוט. כ׳האָב ליב צו זײַן אן ערשטע, ניט קיין דריטע.

דאָס האָט אזוי מאליע געענטפערט מיר. און איך האָב שוין אין יענער רעגע געפילט, אז זי טוט צו מיר בעשאסמײַסע ניט קיין פּאָשעטן קוק. לעכאָלהאפאָכעס, ניט פּאָשעטער, ווי איך שטיי א פארפלאמטער און קוק אף איר.

פינקטלעך, וויאזוי ס׳האָבן זיך ווײַטער אנטוויקלט, ווי מע זאָגט, די געשעענישן, געדענק איך ניט. כ׳געדענק נאָר גוט איינעם אן אויסגעשטערנטן אפדערנאכט, ווען איך און מאליע זײַנען בײדע ביז העט שפּעט געשטאנען און גערעדט אפן אײַזערנעם באלקאָנדל. דאָס הארץ, געדענק איך, איז מיר געווען איבערגעפולט מיט עפּעס אזא באזונדערער גוטסקײַט. כ׳ווייס אפילע ניט, צי קאָן מען דאָס אָנרופן גוטסקײַט. גיכער איז דאָס געווען עפּעס אזעלכס, וואָס האָט גאָר קיין נאָמען ניט. אזעלכס, וואָס כ׳האָב ביז דעמלט אזוי שטארק קיינמאָל ניט געהאט געפילט.

מאליע האָט מיך געלאָזט ריידן. איך האָב גערעדט וועגן אלצדינג אין דער וועלט. נאָר מער, געדענק איך, פון אלעמען האָב איך זיך פלורצעם צערעדט וועגן מײַן טאטן. אז כ׳האָב מײַן טאטן שטארק ליב, אז מײַן טאטע איז זייער א קלוגער, זייער אן ערלעכער, זייער אן אָנגעבידעוועטער מענטש. אז מײַן טאטע ציט זיך פון טאָמיד אָן צו עפּעס הויכס און איידלס און פינצטערט אָפּ אלע זײַנע יאָרן באם פראזשען אין אויוון די נארישע בעקנס קערלעך. אז יעדער זיפץ און יעדער קרעכץ מײַן טאטנס איז ניט קיין פּראָסטער זיפץ און ניט קיין פּראָסטער קרעכץ, נאָר א מין געשריי און א מין טײַנע צו דער שלעכטער און מיִעסער וועלט. נאָר וואָס קאָן אזא ייִד, ווי מײַן טאטע, אין אזא שטעטל, ווי ראשקעוו, מערער טאָן, ווי א זיפץ און א קרעכץ? מאליע האָט מיך א פרעג געטאָן, צוליב וואָס איך לערן אין א העברעיִשן סעמינאר און וואָס וועט דאָס דאָזיקע לערנען מײַנס געבן דער וועלט. איך האָב זיך א ביסל פארטראכט און איר געענטפערט, אז ווען יעדער איינער זאָל טאָן דאָס, וואָס ער וויל, און דאָס, וואָס ער דארף, וואָלט דאָך אלצדינג געווען גוט, וואָלט מען דאָך אף דער וועלט גאָרנישט ניט געדארפט ענדערן. דערוף האָט מיך מאליע געפרעגט, צי איך האָב געהערט וועגן אזא זאך, וואָס הייסט „דאָפּטאנע". אוואדע האָב איך געהערט. ערשטנס, האָב איך איר געענטפערט, איז דאָפּטאנע ניט קיין זאך, נאָר א באוווסטע טפיסע, וווּ עס זיצן רעוואָליוציאָנערן, קאָמוניסטן; צווייטנס — פאר וועמען האלט זי מיך, מאליע, פאר אזא אומבאוווסטזיניקן באָכער, וואָס ווייסט אפילע דאָס אויך ניט? וואָס זשע, אזא־אָ אײַנדרוק מאך איך?

עפּשער ביז איינס באנאכט זײַנען מיר דעמלט געשטאנען אפן פארשנייטן באלקאָנדל. יאנקל און מישע זײַנען שוין אליין מעכילע לאנג געהאט אוועקגעגאנגען. ריווע און כאנע זײַנען שוין געשלאָפן. אין צימער

איז שוין געווען אויסגעלאָשן די שײַן. מאַליע האָט מיך דורכגעפירט דורכן צימער אַף די שפּיץ פינגער, אַראָפּגעפירט פון די טרעפּ, און אונטן, פאַרן געזעגענען זיך, א זאָג געטאָן מיר צוויי ווערטער, וואָס דעם דעמלטיקן טאַם זייערן געדענק איך נאָך הײַנט.

— גיי. ביסט א ווילער באָכער... — האָט זי א זאָג געטאָן.

באַם געבן זיך שוין די הענט האָט זי געפרעגט, ווו איך ווין, און געזאָגט, אַז מער קומען אַהער דאַרף איך ניט. זי וועט מיר שפּעטער זאָגן פאַרוואָס. זי וועט קומען צו מיר.

אַפן אַנדערן טאָג בין איך געזעסן אין מײַן קוואַרטיר באַ דער מאַדאַם פעפי, אַרײַנגעקוקט אין מײַנע העפטן און, פאַרשטייט זיך, ניט געוווּסט, וואָס איך קוק. ערשטנס: פאַרוואָס האָט מיר מאַליע געזאָגט, אַז מער דאַרף איך צו איר ניט קומען? צווייטנס — וועל איך זי נאָך אַמאָל זען, מאַליען? דריטנס, האָב איך געפילט, אַז איך וויל זי זען, קוקן א ביסל אַף איר און ריידן א ביסל מיט איר, מאַמעש דאָס כּײַעס גייט מיר אויס.

אין שטוב איז קיינער ניט געווען. די מאַדאַם פעפי איז ערגעץ אַוועקגעגאַנגען מיט פּופּסין. די קוואַרטיראַנטן זײַנען אַלע געווען באַ דער אַרבעט. כ׳בין געזעסן, געקוקט אין די קאָנספּעקטן, ניט געזען קיין אויסיעס, ניט געזען קיין שורעס, און אַלעמאָל, דאַכט זיך, אַרויסגעלאָזט א זיפץ פונעם מויל, אַז ס׳האָט אַזש געקאָנט רײַסן באַם האַרצן.

מיטאַמאָל דראַפּעט מען די טיר. און די טיר טוט זיך אַן עפן אויף. און דורך דער טיר שטעקט זיך אַרײַן מאַליעס קאָפּ. און דאָס פּאָנעם אירס בלײַבט אַזוי־אָ, א ביסל אויסגעבויגן אין א זײַט מיט א כיינדל, א פּאָר רעגעס שטיין אין דער טיר. און דער הויכער קלוגער שטערן אירער שײַנט. און דאָס קאָל, מיט וועלכן זי טוט א זאָג אַרויס די ערשטע פּאָר ווערטער, צעגייט זיך אין אַלע איייוורים. און אי אין שטוב, אי באַ מיר אַף דער נעשאָמע ווערט אין איין רעגע אי עפּעס ליכטיקער, אי עפּעס וואַרעמער.

— זע נאָר, וווּהין א מענטש פאַרשטופּט זיך. מע זאָל זײַן מיט טויזנט קעפּ, וואָלט מען אויך ניט געקענט טרעפן!

נאָר זי האָט געטראָפן. ס׳איז, אַפּאָנעם, פאַראַן אַזא זאַך, וואָס איז שטאַרקער פון טויזנט קעפּ — טוט מיר א לויף דורך דורך די געדאַנקען. און איך פיל, ווי אַף דער נעשאָמע ווערט מיר נאָך ליכטיקער און נאָך וואַרעמער.

מאַליע האָט אָנגעהויבן איבערוואַרפן די פּאָר ביכלעך מײַנע אַפן טיש, בלעטערן די העפטן, באַטראַכטן בעשאַסמײַסע די בעטלעך אין צימער, די ווענט, דאָס קאָמאָדל, דאָס מערקל דורך די פענצטער, און האָט דערנאָך א זאָג געטאָן:

— קום. טו זיך אָן. קום, וועלן מיר א ביסל אַרויסגיין אין דרויסן!

— וווּהין אין דרויסן?

— גלאַט אַזוי. שפּאַנען א ביסל אַף די גאַסן. קום!

איך טו אָן דאָס פּאַלטאָכל מײַנס, פאַרוואַרף אַן עק פונעם שאַרפל אַף דער פּלייצע, און מיר שפּאַנען מיט מאַליען איבער די טשערנאָוויצער

גאסן. מאליע פירט מיך אונטער דעם אָרעם. מאליע קוקט מיר אַרײַן אין די אויגן. מאליע זאָגט מיר, אַז זי ווייסט אַליין ניט פאַרוואָס, נאָר זי האָט צו מיר צוטרוי, זי האָט צו מיר גרויס צוטרוי.

— וואָס איז דאָ שײַעך צוטרוי? וואָס פּלוצעם צוטרוי? — פרעג איך.

— אָ, אָ, וואָס ווייסטו? ווען דו ווייסט וואָס... — זאָגט מאליע.

זי טאָר מיר ניט דערציילן, זי קווענקלט זיך טאָקע אַ ביסל, נאָר זי דערציילט מיר פּאַוואָלינקע פּונדעסטוועגן, אַז זי קומט פון קעשענעוו, אַז אין קעשענעוו איז געשען אַ גרויסער „פּראָוואַל". אַז זי האָט די לעצטע טעלעפאָנס כאַדאָשים געאַרבעט אין דער באַוועגונג דאָרט אין קעשענעוו. נאָך דעם דאָזיקן פּראָוואַל האָט זי באַלד געמוזט אַוועקפאָרן און וועט איצטער אַרבעטן אין דער באַוועגונג דאָ אין טשערנאָוויץ. זי ווייסט נאָך דערווײַל ניט, וואָס זי וועט אַרבעטן און ווו זי וועט אַרבעטן. זי ווייסט ניט, צי האָט זי מיר דאָס אַלצדינג שוין געדאַרפט דערציילן. נאָר זי פילט צו מיר צוטרוי און וויל, אַז איך זאָל צו איר אויך פילן צוטרוי. זי פאַרשטייט ניט, פאַרוואָס מע לאָזט דאָ אַזאַ באָכער, ווי איך, אומדרייען זיך אַזוי־אָ און מע ציט אים ניט צו. אַזאַ באָכער, ווי איך, קאָן ברענגען נוצן. און זי פאַרשטייט ניט, פאַרוואָס עס האָט עס ביז איצטער קיינער דאָ ניט געזען. ביכלאַל פאַרשטייט זי ניט, מיט וואָס פאַרא מעטאָדן זײַי אַרבעטן דאָ, די כאַוויירים, אין דעם דאָזיקן טשערנאָוויץ.

כ'בין געגאַנגען בײַ דער זײַט און געפילט, ווי דאָס האַרץ קלאַפּט מיר אַלעמאָל שטאַרקער און שטאַרקער. ערשטנס, וואָס אַזאַ מאליע זאָגט מיר אַזעלכע ווערטער; צווייטנס, וואָס ס'איז געשען אַזאַ נעס, און אַזאַ מאליע איז מיר פּלוצעם צוגעשיקט געוואָרן.

— און איך זוך, — טו איך אַ זאָג, — פון זינט איך בין געקומען, פאַר־בינדונג. און האַלט אין איין זוכן...

— ע, ייִנגעלע, דאָס זאָגסטו שוין ניט גוט. אַז מע זוכט, געפינט מען.

— כלעבן, ווי ניין. כ'זאָל אַזוי געזונט זײַן.

— נו, נו. הער זיך אויף צו שווערן, ווי די באָבע מײַנע.

— אַף מײַן ערנוואָרט, ווי ניין! — בין איך פײַן רויט געוואָרן.

— נו, האַקלאַל. הער אויף. שוין. איצטער דאַרפסטו שוין ניט זוכן... — האָט מאליע אַ זאָג געטאָן, דאַכט זיך אַ ביסל בייזלעך, און כ'האָב ניט געוווּסט, צי האָב איך שוין עפּעס ניט קאַליע געמאַכט.

אַ צווייט מאָל, בײַס אַ צווייטן שפּאַנען אונדזערן איבער די גאַסן, האָט זי מיר דערציילט, אַז זי איז פון אַ שטעטל אויף אַפן ברעג פונעם דניעסטער, אַ שטעטל, וואָס הייסט אָטעק. דער פאָטער אירער איז אַ הויכער ייִד מיט אַ באָרד, אַ שוסטער. זי איז בײַ טאַטע־מאַמע אַן איין־און־איינציקע. די שטוב זייערע שטייט ניט ווײַט פונעם ברעג, פונקט ניט ווײַט פונעם פּלאַץ, ווו ס'איז אַמאָל געווען אַפן דניעסטער אַ גרויסע בריק צווישן דער זײַט און יענער זײַט, צווישן אָטעק און מאָלעוו. מאָלעוו און אָטעק זײַנען אַמאָל געווען אַ שטוב מיט אַן אַלקער. הײַנט איז די דאָזיקע בריק ניטאָ. און צווישן אָטעק און מאָלעוו ליגט אַן אָפּגרונט. ליגט אַ ווײַטקײַט, ווי צווישן איין וועלט און אַ צווייטער וועלט. און די דאָזיקע

בריק מוז צוריק זײַן. די דאָזיקע כאָרעװו־געמאַכטע בריק מוז צוריק אופגעשטעלט װערן. מיר, מיר װעלן זען, אז די בריק זאָל צוריק אופ־געשטעלט װערן! אזױ טאקע, מיט די װערטער, האָט זי א זאָג געטאָן, מאַליע, און באם װאָרט „מיר“ א שטורכע געטאָן מיט א פֿינגער א קנאָפּ פון דעם װינטערדיקן ענג געװאָרענעם פאלטאָכל אירן, א װײַז געטאָן, הײסט עס, מאַמעש אף זיך.

דאָס, װאָס מאַליע קלײַבט זיך צוריק אופשטעלן כאָרעװו־געמאַכטע בריקן, האָט זי, פארשטײט זיך, שטארק אופגעהױבן בא מיר אין די אױגן. און דאָס, װאָס איר שטעטל אָטעק געפינט זיך אױך אפן ברעג פונעם דניעסטער און איז, הײסט עס, װי צװײ טראָפּן, ענלעך צו מײַן שטעטל ראשקעװו, האָט מאַליען שטארק דערנענטערט צו מיר. נאָר סײַװיסײַ: אָן דער דאָזיקער אופגעהױבנקײַט און אָן דער דאָזיקער דערנענטערט־קײַט בין איך לעבן איר בעמײלע געגאַנגען װי א פארקישעפטער, געפילט דאָס גײין אונדזערס אײנער לעבן אנדערן װי א יאָמטעװו, געװוּסט, אז הײַנט איז טאקע װי אין א יאָמטעװו־טאָג — אױס סעמינאַר, אױס לערנען, אױס דאָקטער גאָטליב און אױס ראבינער מארק. אױס אָנגעקראכמאַלעטע סעמינאַריסטקעס, װאָס זיצן און קװאָקען איבער זײערע ביכלעך, װי פּירזאָגערנס אױבן אין דער װײַבערשער שול, זיצן און קװאָקען איבער זײערע װײַבערשע מאכזײרים.

און סײַװיסײַ. אף די לעקציעס אין סעמינאַר האָב איך אין יענע טעג שױן ניט געהאט קײן רו. איך פלעג זיצן און קוקן דעם דאָקטער פּאָראַט, װעמען כ׳האָב בעפּײרעש ליב געהאט, אין די אױגן ארײַן, און דעם דאָקטער פּאָראַט ניט זען פאר זיך, און די רײד זײַנע ניט הערן. אלץ זען פאר די אױגן מאַליען און װידער מאַליען. זען דאָס װײַסע באסקעלע אירס, װאָס ליגט איר אפן שפּיץ קאָפּ און פארדעקט עפּשער קוים א צענטל פון אירע געדיכט־געקרױזטע האָר; דאָס קײנדל אף איר פּאָנעם, װאָס זי טוט פארזשמורעט א מאך צו מיר, בײס זי זאָגט מיר עפּעס; און דעריקער — דעם הױכן פארקײַלעכיקטן שטערן אירן, װאָס אזא שטערן האָב איך נאָך בא קײנעם קײנמאָל ניט געזען. הערן דאָס קאָל אירס, װאָס צעגײט זיך אין אלע אײװורים, װאָס אז זי זאָגט דערמיט ארױס דאָס װאָרט „פּראָלעטאַריאַט“, צי דאָס װאָרט „כאַװײרים“, צי דאָס װאָרט „רע־װאָליוציע“, באקומען די דאָזיקע װערטער מערער פּאָעזיע, מערער כאָכמע און מערער זין, װי גאַנץ „האקדאָמעס“ און גאַנץ „טהילים“ באם דאָקטער פּאָראַט אין מױל.

װעגן מיר האָט מאַליע, אפּאָנעם, אױך ניט װײניקער געטראַכט. מאַכ־מעס מיר פלעגן זיך טאָמיד אָפּרעדן צו טרעפן אין עטלעכע טעג ארום, און באַלד אפן אנדערן טאָג פלעגט די מאַדאַם פּעפּי ארײַנלױפן צו מיר א דערפרײטע און זיך רײצן מיט מיר, װי מע רײצט זיך מיט א קינד, אײדער מע גיט דעם א לאַקאָמקע:

— טרעף, װער ס׳שטײט דאָרט אין קיך און װאַרט?

גלײַך ס׳איז געװען מעסוקן שװער צו טרעפן, װער ס׳שטײט דאָרט אין קיך און װאַרט.

— מאליע. מאליע איז געקומען!

איך האָב צוליב מאליען „פארציכטעט", ווי מע פלעגט זאָגן אין טשערנאָוויץ, אף א סאך לעקציעס אין סעמינאר, און מאליע האָט צוליב מײַנעטוועגן אויווער געוועזן אף א סאך קלאַלים פון קאָנספּיראציע. זי פלעגט מיך אפילע מיטנעמען, צווישן אונדז זאָל עס בלײַבן, אף אירע קאָנספּיראטיווע באגעגענישן. ס'הייסט — נאָר דערלויבן מיר אונטערצופירן זי אף די דאָזיקע באגעגענישן. איך פלעג בלײַבן שטיין מיט א פּאָר קווארטאלן פריִער, קעדיי ניט צו וויסן, ווער און ווו. כ'פלעג ווארטן אף איר, און זי פלעגט זיך דערנאָך אומקערן א פארפלאמטע, א ביסל א שולדיקלעכע, פילן, אפּאָנעם, אז זי באגייט א כעט, וואָס זי נעמט מיך מיט מיט זיך אף די דאָזיקע גאסן, און ניט האָבן, אפּאָנעם, קיין קויעך ניט צו באגיין דעם דאָזיקן כעט.

איז דאָס שוין געווען די רעכטע ליבע? כ'ווייס ווידער ניט. כ'ווייס נאָר, אז ס'האָט מיך געצויגן צו דער דאָזיקער מאליען און צו אלץ, וואָס האָט געאָטעמט ארום דער דאָזיקער מאליען, אזוי ווי עס האָט מיך קיינמאָל ניט ביז דעמלט און קיינמאָל ניט נאָך דעמלט געצויגן צו קיין שום זאך אין דער וועלט.

כ'ווייס נאָר, אז יענע טעג און יענע פּאָר וואָכן מיט מאליען זײַנען געווען אָנגעפילט און איבערגעפילט מיט זאפט און מיט צײַטיקײַט, מיט פרייד און מיט באזיניקטקײַט.

מיר האָבן זיך איינער דעם אנדערן קיינמאָל ניט געזאָגט יענע ווערטער, וואָס כ'האָב שוין דעמלט גוט געוווּסט אי פון די ביכלעך, אי אפילע פון דער הוילער לופט, אז די, וואָס האָבן זיך ליב, דארפן זיך איינער דעם אנדערן זאָגן.

כ'האָב ביכלאל מאליען ניט ליב געהאט, ווי מ'האָט ליב א מיידל. כ'האָב מאליען ליב געהאט, ווי מע קאָן ליב באקומען אזא מיידל: א מיידל, וואָס כ'האָב אויסגעכאָלעמט, אויסגעבענקט, אליין אפילע אויסגעטראכט.

מיר האָבן קיינמאָל ניט גערעדט וועגן זיך. ס'הייסט, ריידנדיק אפילע וועגן זיך, האָבן מיר עס אויך טאָמיד פארבונדן מיט דער וועלט. גערעדט וועגן זיך, ווי וועגן אזעלכן, וואָס איז ניט מער ווי א קליין־קליין טיילעכל פון דער דאָזיקער גרויסער קרומער וועלט, וועלכע נייטיקט זיך אין אונדזער טיקן — אין מײַן און אין מאליעס טיקן.

און גערעדט האָבן מיר אָפטער וועגן דער שפּעטערדיקער וועלט. דער גלײַכער, דער זאטער, דער שיינער, דער איידעלער, דער שטאָלצער. וועגן דער וועלט, וואָס איך און מאליע ווילן זי ברענגען. ווילן זי ברענגען, מוזן זי ברענגען און וועלן זי ברענגען — ס'וועט קיינעם ניט העלפן קיין שום טײַנעס ניט.

כ'האָב מיך שוין, הייסט עס, אויך ארײַנגעשטעלט אין קאָן. אוועקגעשטעלט זיך לעבן מאליען, ווי א גלײַכער לעבן א גלײַכן. כאָטש קיין סימען פון קיין פארבינדונג האָב איך נאָך ניט געהאט געזען. כ'פלעג נאָך אלץ בלײַבן שטיין מיט א צוויי־דרײַ קווארטאלן פריִער, און אפילע

ניט געטאָרט פרעגן, וואָס זײַנען דאָס פארא באַגעגענישן און מיט וועמען זײַנען די באַגעגענישן. און כאָטש כ׳האָב אפילע ניט אָנגעהויבן וויסן, ווו זי וווינט ערגעץ, מאַליע.

כ׳האָב נאָר געוווּסט, אַז זי שלאָפט מער ניט בא ריוועז און בא כאַנעז. (ריווע און כאַנע, האָט זי מיך מעכילע אָפּגענאַרט, זײַנען צוויי ווײַטע קרויוועס אירע — פּוסטע צוויי מוידן.) כ׳האָב געוווּסט, אַז זי וווינט ער־געץ איינע אַליין אין אַ קליין צימערל. נאָר ווו דאָס דאָזיקע צימערל איז און וואָס דאָס איז פאַר אַ צימערל, האָב איך ניט געטאָרט וויסן און אפילע ניט געטאָרט פרעגן.

קאָנספּיראַציע.

און קאָנספּיראַציע איז געווען די הייליקסטע זאַך.

הייליקער אפילע, האָט זיך געקאָנט אויסדאַכטן, פון דעם, צוליב וואָס עס איז די דאָזיקע קאָנספּיראַציע.

וואָכן זײַנען געלאָפן. אין דרויסן האָט אָנגעהויבן וואַרעם ווערן. דער שניי איז זיך צעגאַנגען. די טשערנאָוויצער גאַסן זײַנען געוואָרן טרוקענע, ריינע, ברייטערע. ביימלעך אויף די גאַסן האָבן אָנגעהויבן גרינען, וואַקסן. ס׳האָבן זיך דערנעענטערט די ערעוופּייסעך־קאַניקולן.

ווען כ׳האָב איין יענעם פאַרנאַכט אַ זאָג געטאָן מאַליען, אַז מאָרגן פאָר איך אויף צוויי וואָכן אהיים און וועל אין צוויי וואָכן אַרום צוריק קומען, האָט זי אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט, פאַרזשמורעט די אויגן און אַ מאַך געטאָן:

— זע נאָר. וויאַזוי זשע האָט זיך דאָס באַקומען? איך פאָר אויך מאָרגן אַוועק.

— וווהין? אויך אהיים? קיין אָטעק?

— וווהין ווייס איך נאָך ניט. מ׳עט מיר ערשט זאָגן מאָרגן.

— ווי זשע וועט זײַן, מאַליע? ווי זשע וועט בלײַבן?

— וואָס האָט צו זײַן? מירן זיך איינער דעם אַנדערן שרײַבן בריוו. ס׳עט זײַן גוט.

— ווי זשע בלײַבט מיט דער פאַרבינדונג? כ׳האָב דאָך ניט קיין פאַר־בינדונג!

— זאָרג זיך ניט. וועסט האָבן, וועסט האָבן.

— און אויף אַ סאַך צײַט פאָרסטו אַוועק, מאַליע?

— ווער ווייסט? ס׳איז דען געוועגדט אין מיר, ייִנגעלע? — האָט זי מיר אַ זאָג געטאָן מיט אַזאַ קאָל, ווי קיינער האָט מיר נאָך בא קיין שום אַוועקפאָרן קיינמאָל אין לעבן ניט געזאָגט.

— וואָס הייסט? ווי זשע וועט זײַן? — האָב איך נאָכאַמאָל אַ פרעג געטאָן אַזוי ראַכמאָנעסדיק, אַז ס׳האָט אַזש געקאָנט רירן אַ שטיין.

— שאַ, ווייסטו וואָס, — האָט מיר מאַליע געענטפערט, — קום, וועל איך דיר ווײַזן דאָס צימערל, ווו כ׳האָב געוווינט. כ׳שלאָף הײַנט דאָרט צום לעצטן מאָל. נאָר לאָז גוט פינצטער ווערן, זאָלסט ניט קענען וויסן ווו...

מאליע האָט מיך געפירט דורך א פּאָר אומבאקאַנטע געסלעך, דורך א הויף, דורך א קאָרידאָר, און איך האָב זיך אומיסטן ניט צוגעקוקט, ווו מיר גייען, ס'האָט זיך אפילע געוואָלט צומאכן די אויגן און איינגאנצן גיין אין דער פינצטער: אז מע טאָר ניט וויסן ווו, איז ניט שײַעך — טאָר מען ניט וויסן.

זי האָט אופגעשלאָסן א שלעסל, געמאכט ליכטיק, און מיר זײַנען געבליבן שטיין אין א קליין צימערל מיט צוויי שמאָלע אײַזערנע בעטלעך, מיט א פּרימוס אף א טאבורעטל, מיט א שפּיגעלע אף א קליין טישל, מיט א טשעמאָדאנדל אונטער א בעטל. אלצדינג איז שוין, אפּאָנעם, געווען אָפּגעצויגן, אלצדינג פארפּאקעוועט. אפן דיל האָבן זיך געוואלגערט עטלעכע צײַטונגען, עטלעכע שטיקלעך שטריקלעך. כ'האָב זיך פאָרגעשטעלט, אז דאָס איז ניט קיין פּוסט צימערל: מ'האָט דאָ געקערט האלטן פּעק מיט פּראָקלאמאציעס, מיט אונטערערדישע בלעטלעך, בראָשורקעס. און עפּשער דאכט זיך עס מיר נאָר אויס? עפּשער איז עס פּאָשעט א צימערל, ווי אלע צימערלעך? נאָר סײַוויסײַ: אבי מאליע האָט דאָ געוווינט, איז עס גאָר אַן אנדער צימערל, איז עס ניט קיין פּוסט צימערל, ניט קיין צימערל, ווי אלע צימערלעך.

— אָט וועל איך אָנצינדן דעם פּרימוס און אופשטעלן אף טיי, — האָט מאליע א זאָג געטאָן.

— מע דארף ניט קיין טיי. מע דארף גאָרניט. לאָמיר אזוי זיצן פּאָשעט און ריידן.

— וועסט בלײַבן שלאָפן דאָ?! — האָט מאליע א פרעג געטאָן אזוי, אז ס'איז מערער געווען געזאָגט, ווי געפרעגט, און ס'איז ניט געווען געזאָגט אויך ניט — ס'איז מערער געווען באפוילן, ווי געזאָגט.

מיר האָבן זיך ביידע אוועקגעזעצט אף די בעטלעך. איך — אף איין בעטל, מאליע אפן אנדערן בעטל. ס'איז געווען אזויפיל וואָס צו ריידן איינער מיטן אנדערן, אזויפיל וואָס צו זאָגן איינער דעם אנדערן. נאָר מיר זײַנען געזעסן ביידע און גאָרנישט ניט גערעדט, גאָרנישט ניט געזאָגט זיך. מיר זײַנען געזעסן אזוי איינער קעגן אנדערן אף די צוויי אײַזערנע בעטלעך און זיך אזוי געזעגנט שווײַגנדיק, קוקנדיק איינער אפן אנדערן. פילנדיק, אפּאָנעם, איינער צום אנדערן איין און די זעלבע בענקעניש, איין און די זעלבע פילעניש.

מאליע האָט פונדעסטוועגן געמאכט טיי. מיר אָנגעגאָסן די בלייכלעכע טיי אין דער איינציקער גלאָז, וואָס זי האָט פארמאָגט אין צימערל, זיך אָנגעגאָסן אין א קווערטל, ארויסגעשלעפּט פון ערגעץ אַן אלטגעבאקן זעמעלע, איבערגעבראָכן עס אפצווייען, מיר דערלאנגט א העלפט, זיך גענומען א העלפט; אזוי־אָ, אלץ שווײַגנדיק און אלץ אף די צוויי אײַזערנע בעטלעך, האָבן מיר ביידע געזופּט די טיי, געכראָמזשעט דאָס זעמעלע, און די דאָזיקע סודע אונדזערע איז געווען די שענסטע, די געשמאקסטע, און די איין־און־איינציקע בעשוטפעסדיקע סודע אונדזערע אין אונדזער לעבן.

מאליע האָט געבעט. זי האָט זיך מיט מיר צעטיילט מיט איר בעטגע־וואנט. מיר אווקעגעלייגט אף איין בעטל דעם מאטראץ, דאָס לײַלעך, א קישעלע און מיר געגעבן אף צוצודעקן זיך די פאלטאָ מײַנע. זיך, אפן צווייטן בעטל, אונטערגעשפרייט די קאָלדרע, אוועקגעלייגט איר צווייט קישעלע און גענומען אף צוצודעקן זיך איר פאלטאָ.

זי האָט אויסגעלאָשן די שײַן. מיר האָבן זיך אָנגעהויבן אויסטאָן. כ׳האָב געהערט אין דער פינצטער, ווי זי ציט אריבער איבערן קאָפּ די בלוזקע, שפּאנט ארויס פונעם קליידל, טוט זיך גיך א וואָרף ארײַן אין בעטל. זי האָט מינאסטאָם אויך געהערט אין דער פינצטער, ווי איך האָב זיך אויסגעטאָן און ווי איך האָב זיך געטאָן א וואָרף ארײַן אין בעטל.

כ׳בין געלעגן מיט אָפענע אויגן אײַנגעהוילט אונטער דער פאלטאָ מײַנער און געפילט, אז די דאָזיקע סאָפּווינטער־נאכט, ווי זי זאָל נאָך ניט זײַן לאנג, וועט באלד־באלד איבערלויפן, וועט זײַן הײַנט די קירצסטע נאכט, און גאנצפרי וועלן מיר זיך מיט מאליען צעשיידן, און ווער ווייסט אף וויפל, ווער ווייסט אף ווי לאנג. כ׳בין געלעגן און געפילט אזוינס, וואָס כ׳האָב גאָר קיין סאך ניט געוואגט וועגן דעם צו טראכטן, ניט געוואגט צו פילן. און כ׳האָב געפילט, אז כ׳דארף כאָטש עפּעס זאָגן, כ׳דארף כאָטש עפּעס ריידן.

— מאליע, הערסט, מאליע?

— וואָס איז?

— גאָרניט. שלאָפסט שוין?

— ניין, כ׳שלאָף נאָך ניט.

— מאליע, ווייסט, מאליע... כ׳וואָלט דיך שטארק געוואָלט געבן א קוש... איין קוש!..

מאליע האָט א רעגע געשוויגן. דערנאָך האָט זי זיך מיטאמאָל צעלאכט. צעלאכט זיך ניט הויך, ניט שטארק, ניט באליידיקנדיק זיך אף מיר און ניט באליידיקנדיק מיך. צעלאכט זיך איידל, שטיל, מע קאָן אפילע זאָגן — קלוג:

— נו, נו. האָב צײַט. שלאָף. נאָך פייסעך. ווען מיר וועלן צוריק קומען, — האָט זי לאכנדיק א זאָג געטאָן.

דאכט זיך, וואָס האָט זי דאָ געזאָגט, גאָרניט, האָ? נאָר כ׳בין, גע־דענק איך, אנשלאָפן געוואָרן א גליקלעכער. געשלאָפן, אוואדע, אונטער דעם קורצן, אָפּגעריבענעם פאלטאָכל מײַנעם, מיט א צעשמייכלט פּאָנעם, געפילט אין שלאָף, אז קיינער איז צו מיר ניט געגליכן. קיינער, קיינער איז ניט גליקלעכער...

## 5

די קיך, וווהין כ׳פלעג זיך אמאָל ארײַנכאפּן עפּעס אָפּעסן, האָט מען גערופן „די קאָשערע קיך“.

פארוואָס מ׳האָט זי אזוי גערופן, ווייס איך ניט. עפּשער איז מיט א פּאָר יאָר פריִער, ווען מ׳האָט די קיך געעפנט, געווען עפּעס א פארוואָס.

און עפשער האָט מען איר אומיסטן געגעבן דעם דאָזיקן נאָמען, קעדיי עס זאָלן זיך צופיל ניט ווארפן אין די אויגן די יינגלעך און מיידלעך מיט די געדיכט־הארטע טשופּרינעס אף די קעפּ, מיט די אויסגעניייטע קאָסע קעלנערלעך אף די בלוזקעס, וואָס קומען אהער עסן; די אָפטע פּלאַמפּייערדיקע דיסקוסיעס בא די טישלעך; די באַגעגענישן און טרע־פענישן, וואָס פלעגן דאָ אין קיך פאָרקומען אינמיטן עסן און נאָכן עסן.

דער באַלעבאָס פון דער קיך, א יונגערמאַן מיט א פליישיק פּאָנעם און דאפקע מיט א גרויסן פליך אפן קאָפּ, פלעגט זיך אומדרייען צווישן די טישלעך, אָנגעטאָן אין א מין ווייס „יאַקערל״, קלאָמפּערשט זען, מע זאָל זיין גוט באַדינט, און, אַפּאָנעם, גוט אכטונג געבן, דער דאָזיקער הייסער אוילעם זאָל ניט ארויס פון די האָלאַבליעס און כאָלילע ניט אָנ־ברענגען אף אים קיין צאָרע, ניט ברעכן אים כאָלילע פון פּאַרנאָסע.

געגעסן האָבן דאָ אין קיך קימאַט סאַמע בעסאַראַבער יינגלעך און מיידלעך. וועבער און וועבערנס, וואָס זיינען נאָרוואָס געקומען פון די שטעטלעך, זיך נאָרוואָס געהאַט „פּראָלעטאַריזירט״, געשטעלט די ער־שטע טריט, און וועבער און וועבערנס, וואָס האָבן שוין געהאַט געאַרבעט א יאָר צי צוויי אין דער גרויסער בוהושער שטאָף־פאַבריק, דורכגעמאַכט שוין קאַלטס און וואַרעמס.

צווישן די דאָזיקע ראַשיקע כעוורע פלעגט אַמאָל זיצן בא א טיש א יונגערמאַן מיט א שווארץ בערדל. מ׳האָט געזאָגט, אז ער הייסט יוי־כענען טוועֶרסקי, אז ער איז א שטיקל שרייבער. נאָר קיינער, האָט מען געזאָגט, ווייסט ניט, וואָס ער שרייבט. מאַכמעס שרייבן שרייבט ער אף העברעיִש.

לעבן יויכענענען טוועֶרסקין פלעגט זיך אַמאָל צוזעצן א יונגערמאַן מיט א מעסוקן צעקאַרבט איינגעפאַלן פּאָנעם. מ׳האָט אים גערופן יאַשע קראַ־סילשטשיק. וויפל כ׳האָב אים געקענט, האָט דער דאָזיקער יאַשע קראַ־סילשטשיק אַלץ געגרייט א גוואַלדיקן פאָרטראָג וועגן דאָסטאָיעווסקין. א פאָרטראָג, וואָס האָט געדאַרפט מאַכן א גאַנצע איבערקערעניש אין צו־גאַנג צו ראַסקאָלניקאָוון. עס האָט געזאָלט ארויס גאָר אַן אַנדער ראַס־קאָלניקאָוו, א ראַסקאָלניקאָוו אַזוינס ווי אַזעלכס. נאָר אף וויפל איך גע־דענק, איז דער פאָרטראָג קיינמאָל ניט פארטיק געוואָרן. יאַשע קראַסיל־שטשיק, האָט מען געזאָגט, איז אַן אַנאַרכיסט.

לעבן אָ־דעם טיש פלעגט מען אויך זען אַמאָל זיצן, א פּוס איבער א פּוס, א בלאָנד מיידל מיט א לענגעכדיק ליידנדיק פּאָנעם, א מיידל, וואָס האָט אויסגעזען ווי א דייטשקע. מ׳האָט געזאָגט, אז זי איז א רעצי־טאַטאָרן. זי רעציטירט גאַנץ פיין, האָט מען געזאָגט. רעציטירט פּערעצעס „מיין נישט, די וועלט איז א קרעטשמע״.

אין קיך פלעגט טאָן א לויף אריין א דאַרער שווארצער באָכער מיט א פּאָר אויסגעקרימטע שיך אף די פיס און מיט א גרויסן קאַרטאָנענעם טאָוול אונטערן אָרעם. ער האָט געהייסן פישמאַן, און מ׳האָט געזאָגט, אז ער איז א מאָלער. ער מאָלט, האָט מען געזאָגט, פאָרטרעטן פון טובער־קוליאָז־קראַנקע מיידלעך און איז גאָר א גוטער מאָלער. א גוטער מאָלער

צי ניט קיין גוטער מאָלער, נאָר אז ער איז טאָמיד גוט הונגעריק, האָב איך ניט איין מאָל געזען. ער פלעגט, פונקט ווי איך, נעמען באם קאסע־פענצטערל פאר פיר ליי א טשעק אף א קאַרטאָפל־סאָוס מיט א פּערטל ברויט, פלעגט, פונקט ווי איך, דעם טעלער קאַרטאָפל גוט אָנפּעפערן און פלעגט די דאָזיקע אָנגעפּעפערטע צעפּלעטשטע קאַרטאָפל איינעם מיטן ברויט טאָן א שלונג איַין, איידער מ'האָט זיך נאָך גוט אומגעקוקט.

אין קיך פלעגט זיך אמאָל געבן א יאווע אַרײַן א געלער יונגערמאַן מיט א געל צעשויבערטן קאָפּ, מיט א פּאָר זשורנאַלן אין די הענט און מיט א מעשונעדיקן לאָך אף א קאָל. דאָס איז אזוי אַרײַנגעקומען א דיכטער א באָהעם. פונקט פארן אַרײַנגיין אין קיך פלעגט אים טאָמיד אויסקומען אוועקצושטעלן זיך אין דרויסן אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם צו א וואנט און אָנהייבן עפּעס אַרײַנשרײַבן אין א נאָטיץ־ביכל. דאָס ווײַזט ער אזוי דער וועלט, פלעגט מען זאָגן, אז דאָס, וואָס ער זאָגט אף זיך, אז ער איז א דיכטער א באָהעם, איז עמעס ווער־יאָשער.

עס פלעגט אין דער קיך בלײַבן שטיין צווישן די טישלעך, שטיין און קורצזיכטיק קוקן אפן אוילעם דורך די גראָבע גלעזלעך פון זײַנע ברילן, א צווייטער דעמלטיקער יונגער דיכטער, באַריס ווײַסמאַן. אין יאָרן ארום איז פון באַריס ווײַסמאַן געוואָרן זישע באגיש, וואָס האָט אין בוקארעשט ארויסגעגעבן א רײַכן ליטעראַרישן זשורנאַל „אינזל", ארויס־געגעבן עטלעכע לידער־ביכלעך. צי מע וועט די לידער זײַנע, וואָס ער האָט דאָס גאנצע לעבן געשריבן, געדענקען, קאָן מען איצטער פּינקט־לעך ניט זאָגן. נאָר א זשעסט זײַנעם באם סאָף פון זײַן לעבן וועט מען באשטימט קיינמאָל ניט פארגעסן: א קראַנקער און א צעבראָכענער, איז ער, אין א היטלער־לאַגער, אוועקגעגאנגען אין גאז־קאַמער אפן אָרט פון אן אנדערן, א יינגערן און געזינטערן, וואָס איז געווען אף דער רע־שימע, קעדיי ער, דער יינגערער און געזינטערער, זאָל בלײַבן, עפּשער איבערלעבן, און מיט די ראָצכים קענען עפּשער אָפּרעכענען זיך. דעמלט, אין יענער צײַט, ווען ער איז נאָך געווען באַריס ווײַסמאַן, האָט ער נאָכ־געמאכט, געדענק איך, מאַנגערן. מאַנגער האָט פון צײַט צו צײַט ארויס־געגעבן א קליין ליטעראַריש בלעטל „געציילטע ווערטער", האָט ער, ווײַסמאַן, אויך ארויסגעגעבן אזא קליין מיניאטור־בלעטל „מאכשאָוועס". נאָר נאָכצומאכן עמעצן דארף מען ערשט גוט האָבן קויעך. קויעך איז, אפּאָנעם, געווען ווייניק, קוים־קוים, און די דאָזיקע נאָכמאכעניש ווײַס־מאַנס האָט אויסגעזען ניט מער ווי א נאָכמאכעניש.

אין קיך האָט זיך טאָמיד געראַשט, געפּילדערט, געוויגט. ס'האָבן ניט אזוי געקלונגען די לעפל מיט די גאָפּל, די טעלער און די גלעזער, ווי ס'האָבן געקלונגען קוילעס און קעלעכלעך, איבערשרײַעניש, שפּאַרעניש, אָפּלאכעניש. ס'האָבן ניט אזוי געשווינדלט פאר די אויגן קיין מײַכאָלים אף די טישלעך, ווי ס'האָבן געשווינדלט פאר די אויגן א פּאָכעניש פון טײַנעניקע הענט, א שאָקלעניש פון ניט מאסקים זײַענדיקע קעפּ, א

קאַלערליי גרימאַסן־מאַכעניש פון אָנגעהיצטע, אומרויִקע, אי בייזע, אי מילדע פּענעמער.

די קיך איז געווען אין א הויף. אָפּגעגעסן און אופגעהויבן זיך פון די טישלעך, איז מען ניט אוועקגעגאַנגען, נאָר אומגעדרייט זיך ערשט א ביסל אין הויף, געביטן זיך מיט ביכלעך, שטילערהייט פאַרשפּרייט צווישן אוילעם „מאַפּר"־מאַרקעס, געשלאָסן נײַע באַקאַנטשאַפטן.

אין דרויסן איז שוין געווען גוט וואַרעם. ס'איז געווען א פּאָר וואָכן נאָך פּייסעך. כ'פלעג דעמלט, געדענק איך, אלע טאָג לויפן אין קיך אַרײַן. ניט אזוי צוליבן אָנגעפּעפּערטן קאַרטאָפל־סאָוס, ווי צוליב דעם דאָזיקן אָנגעפּעפּערטן אוילעם. צוליבן שטילן דאָ צווישן אוילעם א בענקעניש און א נאָגעניש. ווי עס לויפט, ראַכמאָנע־ליצלאָן, א שיקער אין א שענקל אַרײַן.

מאַליע איז אַרײַן ווי אין וואַסער. וואָס איז געשען? געשיקט זיך, אז ס'איז געווען ניט מער, ווי א כאָלעם, א פאַרבלענדעניש? ס'קאָן ניט זײַן! עפּשער איז גאָר מיט איר פּאַרגעקומען עפּעס ניט קיין גוטס? עפּשער זיצט זי גאָר ערגעץ?

פּאַר די צוויי וואָכן אין דער היים, אין די פּייסעך־טעג, האָב איך פון איר באַקומען איין קאַרטל, אָן אָנגעדאָפּטשעטעס מיט קליינינקע דריבנינקע אויסיִעלעך. א קאַרטל — נאָר ס'איז דאָרט געווען אזויפיל, אז ס'האָט געקענט קלעקן אף א לאַנגן בריוו. פאַרוואָס זשע האָט זי מיר ניט געשיקט קיין אַדרעס, וווּהין איך זאָל איר ענטפערן? דאָס קאַרטל האָט זיך געענדיקט מיט „דײַן מאַליע". פאַרוואָס זשע האָט זי מיר ניט געשריבן, ווען מיר וועלן זיך זען? ווו מיר וועלן זיך זען? און צי וועלן מיר ביכלאַל זיך נאָך זען? און צי וויל זי, מיר זאָלן זיך נאָך זען?

און וואָס איז מיט דער פאַרבינדונג? פאַרוואָס קומט קיינער ניט צו צו מיר און קניפּט מיט מיר ניט אָן קיין פאַרבינדונג? דאַרף איך וואַרטן? דאַרף איך עפּשער אליין גאָר זוכן?

כ'האָב ניט געהאַט קיין רו. די אלע שײַלעס האָבן מיך געמוטשעט, מיך ניט געלאָזט לעבן. כ'האָב אי פראָסט און פאַשעט שטאַרק נאָך איר געבענקט, נאָך מאַליען, אי געפילט א מעסוקענעם ווייטעק, א מעסוקענע אויסגעהוילטקײַט אפּן האַרצן. גלײַך, ווי כ'וואָלט, כאָלילע, פאַרלוירן אן אייגענעם, א נאָענטן. ווי כ'האָב געפילט מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווען ס'האָט זיך בא אונדז, ניט איצט געדאַכט, געפעלט א קינד, א ברודערל מײַנס, שעפסעלע.

און אז איך פאַרליר זי, מאַליען, אז זי וועט קיינמאָל ניט זײַן מײַנע, — וועגן דעם האָב איך שטאַרק־שטאַרק געטראַכט. דאָס האָב איך עפּעס שטאַרק־שטאַרק פּאַרגעפילט.

אין קיך, צווישן אוילעם, האָט דער ווייטעק זיך געלינדערט, כ'האָב מיך אפילע ביסלעכווײַז אָנגעהויבן שעמען מיט אים. אוילעם גייט זיך אָפּ מיט עפּעס גרויס און וויכטיקס, און איך פּײַניק זיך מיט אייגענע קליינלעכע לײַדענישן. ערגעץ אין אן אַנדער שטאָט, וווּהין מ'האָט מאַליען מינאַסטאַם איבערגעשיקט, לויפט זי א גאַנצן טאָג ווידער אום, ווי זי

פלעגט דאָ אומלויפן, פון איין קאָנספּיראַטיווער באַגעגעניש צו דער אַנ־דערער, שלאָפּט מינאַסטאַם ווידער אין אַ קליין „פּולווערדיק" צימערל, טאָר זיך אוואַדע מיט קיינעם ניט איבערשרײַבן, איז מאַקריוו פאַר דער דאָזיקער גרויסער זאַך, וואָס זי טוט, ניט נאָר מיך, נאָר אַלצדינג אין דער וועלט. און איך, נאַר, האָב זי שיר ניט באַשולדיקט אין דער רועך־ווייסט־וואָס. זי האָט מיך ניט פאַרגעסן, ניט פאַראַטן. זי טראַכט מיסטאַמע וועגן מיר פּונקט אַזויפיל, וויפל איך טראַכט וועגן איר. און זאָל נאָר אָנקומען די אויסגעבענקטע צײַט, וועט זי קומען צו פליִען, וועט מיר אַרײַנקוקן אין די אויגן אַרײַן, וועט מיך אפילע אַרומנעמען, אפילע אַ קוש טאָן, און אַ זאָג טאָן אַזוי, ווי טאַקע נאָר זי איינע, מאַליע, קאָן אַ זאָג טאָן: יִינגעלע, וואָס דו ביסט. וואָס האָסטו געמיינט, ס'איז עפּעס אַזוי־אָ, ס'אַ שפּילכל?

אַזעלכע קינדערישע געדאַנקען האָבן געגלעט און באַרויִקט. געגלעט און באַרויִקט אַ זיבעצניאָריקן באָכער, וואָס האָט דאָ ניט לאַנג איבער־געלייענט דורך די נעכט ראָמען ראָלאַנס „זשאַן קריסטאָף", ערענבורגס „כוליִאָ כורעניטאָ", קימאַט גאַנץ גאָרקין, גאַנץ פּערעצן, האָט געלערנט אין סעמינאַר פּסיכאָלאָגיע און לאָגיקע; איז שוין געווען אין זײַן לעבן אי אַ מעשווירערל באַ אַ כאַזן, אי אַ זייגערמאַכער, אי אַ לערער; האָט שוין שטילערהייט פאַרמאָגט אַ העפטל מיט אייגענע שירים; און האָט שוין ביכלאל אייניקע מאָל געטראַכט און געפּילט, אַז ער טראָגט אַף די פּלייצעס ניט קיין זיבעצן יאָר, נאָר צוויי מאָל זיבעצן יאָר, דרײַ מאָל זיבעצן יאָר.

שוין דעמלט האָט אין דעם דאָזיקן אויסגעמאָגערטן, אָפּט זייער פאַר־זאָרגטן און אָפּט זייער זאָרגלאָזן, שוואַרץ־אויגיקן באָכער געלעבט אי דאָס קינד, אי דער זאָקן.

שוין דעמלט. און דערנאָך, קימאַט די גאַנצע צײַט שפּעטער, ביז איצ־טער.

אַמאָל האָט באַלעבאַטעוועט דאָס קינד, און אַמאָל האָט באַלעבאַטע־וועט דער זאָקן. אַמאָל האָבן זיי ביידע איניינעם געפירט דאָס רעדל.

זאַכלעכע מיטליאָריקײַט האָט, דאַכט זיך, טאָמיד געפעלט. ס'איז עפּ־שער דעריבער קיינמאָל ניט געווען קיין גרויסע אַשירעס. און עפּשער אויך ניט קיין גרויסער קאָוועד. ס'איז אָבער טאָמיד געווען אַ גרויסער־גרויסער כאָלעם. און אַ גרויס, שיין פּויסער זײַן דעם דאָזיקן כאָלעם.

* * *

אין איינעם אַ טאָג איז צו מיר ענדלעך צוגעקומען אין קיך אַ באָכער אין אַ פאַרשמאָלצעוועט גלאַנצנדיק רעקל און מיר אַ זאָג געטאָן, אַז ער דאַרף מיט מיר עפּעס ריידן. ער זוכט מיך שוין עטלעכע טעג. כ'זאָל אַרויסגיין, האָט ער געזאָגט, און וואַרטן אַף אים אין דרויסן אין עק גאַס. ער וועט באַלד אין אַ פּאָר מינוט אַרום נאָכקומען.

דער באָכער האָט געהאַט אַ פּאָנעם פול מיט שוואַרצע פינטלען. זיי

האָבן זיך, זעט אויס, אַרײַנגעכאַפּט אַהין באַ אַ פֿאַרײכערטקײַט און אַ פֿאַרסאַזשעטקײַט ניט אין איין טאָג און װעלן זיך שוין, זעט אויס, אַזױ גרינג ניט קאָנען אָפּװאַשן.

דאָס איז געװען אַ ביסל ניט קיין געװײנלעך, ניט גאָר קיין היימיש פּאָנעם. נאָר אַ פּאָנעם, האָט מען געזען, אַ גוטס, אַ צוגעלאָזטס, אַ פּאָנעם, װאָס מ׳האָט טײקעף געמעגט אַלצדינג גלייבן.

דער באָכער האָט געהייסן דאָרף. ער איז געװען אַ שלאָסער אין אַ װאַרשטאַט, װוּ מ׳האָט פֿאַריכט קאַנאַליזאַציע־רערן. ער האָט געװוינט מיט אַן אַלטער מאַמען. און װעדליק כ׳האָב זיך דאָס אַלצדינג אײנגיכן דער־װוּסט, און האָב דאָס אַלצדינג געמעגט װיסן, האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז קיין גרויסער אופֿטוער אין דער באַװעגונג איז דער דאָזיקער דאָרף ניט. אַ פּראָסטער סאָלדאַט, װי מע זאָגט.

טרעפֿן פֿלעגן מיר זיך מיט דאָרפֿן אויף דער גאַס. אויף אַ באַשטימט אָרט און אין אַ באַשטימטער צײַט, װאָס מיר פֿלעגן צװישן זיך פֿריִער אָפּ־רעדן. פֿאַרשפּעטיקן האָט מען געמעגט ביז פֿינף מינוט. אויב עמעצער װעט אויף דער באַגעגעניש ניט אַרויסקומען, דאַרף מען זיך באַגעגענען דעם אַנדערן טאָג, אויף דעם זעלבן פּלאַץ און אין דער זעלבער צײַט. דאָס דאַרף הייסן אַ קאָנטראָל־שאָ.

די טרעפֿעניש זײַנען געװען עכטע, נאָר טאָן עפּעס אויף די דאָזיקע טרעפֿענישן האָב איך נאָך דערװײַל גאָרניט געזען, מיר זאָלן געװען טאָן. גלאַט געטראָפֿן זיך און גלאַט אַזױ אױעקגעגאַנגען ביידע און געכאַפּט אַ שמועס װעגן אַלצדינג אין דער װעלט. װאָס איך זאָג, אַשטייגער, װעגן דעם און װעגן יענעם? פֿאַרװאָס לייען איך בעלעטריסטישע ביכלעך און לייען ניט קיין װיסנשאַפֿטלעכע ביכלעך? צי האָב איך געהערט װעגן העגעלן? צי קען איך ענגעלסן? צי װייס איך גוט, װאָס דאָס איז אַזױנס מערװערט? לאָזט זיך אויס, אַז דער דאָזיקער פּראָסטער דאָרף איז סײַ־װיסײַ שוין גאָרניט קיין פּראָסטער דאָרף. ער האָט שוין אַפֿילו אַרײַנגעג־קוקט אין „קאַפּיטאַל” און קען ציטירן אויסװײניק „אַנטי־דיורינג”. װעגן מאַרקס׳ „קאַפּיטאַל” האָב איך שוין, פֿאַרשטייט זיך, געהאַט געװוּסט. נאָר װעגן ענגעלסעס „אַנטי־דיורינג”, בין איך זיך מודה, האָב איך דעמאָלט צום ערשטן מאָל געהערט פֿון דאָרפֿן. געהערט, און דעם נאָמען פֿון דעם דאָזיקן װערק כאָטש געװאָלט אײַנכאַזערן, קעדײ כאָטש דעם נאָמען גע־דענקען, און — בין אַזש רויט געװאָרן, זיך פּאַשעט געשעמט איבערצו־פֿרעגן.

אין אַ פּאָר װאָכן אַרום, טאַקע מאַמעש אין צװיי געציילטע װאָכן אַרום, איז מיט מיר דאָרף איבערגעגאַנגען פֿון טעאָריע, אַזױ צו זאָגן, צו פּראַקטיקע. מיר אָנגעטרויט אַ גאַנץ נישקאָשעדיק שטיקל אַרבעט. ס׳הייסט, ניט אָנגעטרויט מיר, נאָר, אַפּאָנעם, איבערגעגעבן אויבן, אַז מע מעג דאָס דאָזיקע שטיקל אַרבעט אונדז געטרויען ביידע. גלײַך אויף גלײַך. ביידע אונדז אײנײנעם.

ס׳איז דעמאָלט גראַדע געװען ערעװ װאַלן. אין יענעם זונטיק גאַנצפֿרי איז אין אַ קינאָ פֿאָרגעקומען אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישער װאַל־מיטינג.

איך און דאָרף זײַנען מיטן אוילעם אַרײַנגעגאַנגען אין זאַל און זיך אוועקגעזעצט אַף צוויי פּלעצער, גלײַך ווי גאָרניט. געררעדט האָט דעמלט פאַרן אוילעם דער באַוווּסטער דאָקטער פּיסטנער.

מיר זײַנען ביידע געזעסן און אויסגעהערט די רעדע זײַנע ביזן סאָף. נאָר ווען ער האָט געענדיקט און דער אוילעם האָט זיך געטאָן אַ שטעל אויף און אָנגעהויבן פּליעסקען, האָבן מיר מיט די אויגן געמאַכט זיך אײַנער דעם אַנדערן אַ סימען, געטאָן זיך ביידע אַ בייג אָן צווישן די בענק, אַרויסגעכאַפּט פון די בוזעמס צוויי פּעקלעך, און איבער דער גאַנצער זאַל האָבן אָנגעהויבן פליִען איבערן אוילעמס קעפּ בלעטלעך, ווײַסע בלעטלעך — פּראָקלאַמאַציעס.

וואָס ס'איז געשטאַנען אין די דאָזיקע בלעטלעך, האָב איך ניט געלייענט. כאָטש מיר האָבן פאַרטאָג, באַ דאָרפן אין דער היים, די אַלטע מאַמע זײַנע איז נאָך געשלאָפן, יעדער בלעטל באַזונדער צונויפגעלייגט אײנפּירן, די בלעטלעך זאָלן זיך קענען גוט צעפליִען. איבערלייענען איז ניט געווען ווען. כ'האָב נאָר, געדענק איך, דערזען אויבן אַף די בלעטלעך אונטערגעפּירט מיט אַ רויטער ליניע „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט אײַך!", און דאָס איז מיר געווען גענוג. מער האָב איך ניט געוואָלט. מער האָב איך ניט געדאַרפט.

צי דער אוילעם אין זאַל האָט די בלעטלעך געכאַפּט, געלייענט, ווייס איך ניט. מאַכמעס איך און דאָרף זײַנען דעמלט געקראָכן אַף אַלע פיר צווישן אוילעמס פיס. געקראָכן צום אַרויסגאַנג. און נאָר געהערט, ווי אין זאַל האָט זיך אופגעהויבן אַ טומל, אַ שטופּערײַ, אַ פײַפערײַ פון פאַליציי־פײַפלעך, אַ געשריי: „כאַפּט זיי! פאַרהאַלט זיי! ווו זײַנען זיי?.."

נאָר אין עטלעכע מינוט אַרום זײַנען מיר שוין ביידע אין זאַל ניט געווען. כ'האָב געשפּאַנט אַפן טראָטואַר צווישן די מענטשן אין גאַס גלײַך ווי גאָרניט. און די גאַס האָט מיר אויסגעזען מעסוקן פול מיט זון. און די מענטשן אַף דער גאַס האָבן מיר אַלע אויסגעזען מעסוקן זונטיקדיק. און איך אַליין האָב מיר אויסגעזען אין די אייגענע אויגן ניט אַבי ווער.

כ'בין געגאַנגען צו יענעם עק גאַס, ווו כ'האָב זיך מיט דאָרפן געדאַרפט טרעפן, ווי מיר האָבן ביידע אָפּגערעדט, באַלד נאָכן שטיקל אַרבעט.

דאָרף האָט שוין אַף מיר געוואַרט. ער האָט מיר אַ זאָג געטאָן אַ פריילעכן „סערוווּס" און האָט, דאַכט זיך, דעמלט ניט געהאַט קיין איין שוואַרץ פינטל אַפן פּאָנעם. ער האָט מיר לאַנג געקוועטשט די האַנט, באַשטימט מיט מיר, ווען מירן זיך ווײַטער באַגעגענען, און מיר זײַנען זיך באַלד צעגאַנגען.

ער האָט מיר גאָרנישט ניט געזאָגט, דאָרף. נאָר כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז דעם ערשטן עקזאַמען האָב איך אויסגעהאַלטן ניט שלעכט. אַלקאָלפּאָנעם, ניט ערגער, ווי כ'האָב מיט עטלעכע כאַדאָשים צוריק אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען אין סעמינאַר.

אין דער קאָשערער קיק בין איך אין יענע טעג אומגעגאַנגען אינגאַנצן אַנדערש, ווי ביז דעמלט. אײַ, ווען איך מעג עמעצן אַ זאָג טאָן, וואָס

כ'האָב אופגעטאָן! נאָר קיינעם דארף מען דאָ קיין פינגער אין מויל ניט אריינלייגן. אוילעם זעט שוין גוט, נאָך מײַן סוידעסדיקן צושווײַגן באַ א שמועס און נאָך מײַן אריינוואַרפן אמאָל־אמאָל א באַדײַטנדיק וואָרט, ניט מער ווי איין קארג וואָרט, אז איך בין שוין אין די אלע זאכן באָקי מערער פון א צווייטן, לעכאָלהאפּאָכעס ניט ווייניקער פון א צווייטן.

דעם אויבנאָן אין קיך האָבן געהאט די בוהושער כעוורע. ס'הייסט, געווען זײַנען די כעוורע מארקולעשטער, זגוריצער, קאושאנער, נאָר ווײַל זיי זײַנען אהער קיין טשערנאָוויץ ניט געקומען גלײַך פון די בעסאראבער שטעטלעך זייערע, נאָר פון דער רומענישער וועבער־שטאָט בוהוש, ווו זיי האָבן שוין געארבעט א יאָר צוויי, האָט מען זיי גערופן בוהושער כעוורע. זיי האָבן זיך מיט דעם דאָזיקן נאָמען געגרויסט: א קלייניקײַט — אויסגעפּרוווטע, פאַרהארטעוועטע פּראָלעטאריער, וואָס קענען, ערשטנס, גוט דעם וועבער־פאך, פארמאָגן אלע גאָלדענע הענט; און זײַנען, צווייטנס, שוין דורכגעגאנגען שטרײַקן, הונגער־טעג, צוזאמענשטויסן מיט פּאָליציי, געשלעגן מיט שטרײַקברעכערס, קאַלטס און וואַרעמס. אהער טאקע זײַנען זיי געקומען נאָך א שטרײַק, וואָס איז דאָסמאָל גראדע דורכגעפאלן. נאָר זיי, די בעסאראבער יינגלעך און מיידלעך, האָבן ניט נאָכגעגעבן, זײַנען ניט ארויסגעגאנגען ארבעטן, זיי זאָלן אפילע געווען פּלאצן, א מאקע זיי, די באלעבאטים פון דער פאבריק.

די בוהושער כעוורע האָבן זיך געהאלטן איינינעם, גערעדט באַם עסן העכער פון אלע, געלאכט, געשריגן, געפירט זיך מיטן באלעבאָס פון דער קיך אזוי, גלײַך ווי ניט זיי וואָלטן געגעסן באַ אים דעם אָנבײַסן, נאָר ער וואָלט געגעסן באַ זיי דעם אָנבײַסן.

כוץ דעם, וואָס זיי האָבן זיך געהאלטן איינינעם ווי כאַווײרים, איז געווען צווישן זיי א סאך אייגענע: ברידער און שוועסטער, פעטערס און פּלעמעניקעס.

לעמאָשל, באָרטניקס זײַנען געווען: וויגדער באָרטניק, הערשל באָרטניק, יעכיעל באָרטניק, דאָרע באָרטניק, גיטל באָרטניק. גאָלדנטיילס — דווירע גאָלדנטייל, קיילע גאָלדנטייל, אלטער גאָלדנטייל, כאַיִם גאָלדנטייל. יעדערער פון זיי באַזונדער האָט מינאסטאם געטאָן עפּעס אין דער באַוועגונג באַזונדערס. אָף אלע איינינעם, אלקאָלפּאָנעם, האָט זיך די באַוועגונג געקאָנט אָנשפּארן, געקאָנט זיך אָף זיי, ווען מע האָט געדארפט, פארלאָזן.

כ'פלעג זיך ליב האָבן צו כאַווערן מיטן בוהושער אוילעם. גיין אמאָל מיט זיי אין קינאָ, הערן, ווי זיי ווערטלען זיך, ווי זיי לאכן. כאָטש קיין טיפע זאכן, געדענק איך, האָב איך באַ זיי קיינמאָל ניט געהערט און די ווערטלעך זייערע פלעגן זיך שוין צו אָפט איבערכאַזערן.

כ'געדענק, לעמאָשל, ווי איינער פון די באָרטניקס, דאכט זיך הערשל, פלעגט יעדעס מאָל, ווען מיר פלעגן דורכגיין דורך דער שיינער הערנגאַס, א זאָג טאָן:

— היי, כעוורע, לאָמיר דאָ לייגן א האנט אָף עפּעס א גוטער שטוב...

און דער אוילעם פלעגט א לייג טאָן די הענט אָף דער וואנט פון

א הויכער, עטלעכעגאָרנדיקער שטוב און צעלאכן זיך אַף אַזעלכע קוי־לעס, אַז די גאַס פּלעגט אַזש קלינגען.

מיט די באָרטניקס פּלעגט טאָמיד קומען עסן אין קיך איינער א מיכל קאַץ. דײַקע ניט קיין װעבער. א שנײַדער. נאָר מע פּלעגט זאָגן, אַז ער גייט מיט דאָרע באָרטניק, זיי האָבן זיך ביידע ליב — דאָרע איז מיכלס כאַװערטע. מיכל קאַץ האָט געהאַט א פּאָר ליכטיקע בלאָע אויגן, א קלוג שמייכעלע ארום די ליפּן, צװיי טיפע װינקלען אין ביידע זײַטן שטערן. ער איז געװען א גוטער, א שטילער, זייער א פּאָשעטער און זייער אָן ערלעכער, די כאַװערע האָבן אים אלע ליב געהאַט. מע האָט אים גערופן ניט קאַץ, נאָר פאַרצװיגן — קעצעלע.

אין א באַטאָג קום איך צו גיין אין קיך, זע איך, װי אין הויף, אַף א באַנק, זיצט מיכל קאַץ אײַנגעגראָבן דאָס פּאָנעם אין ביידע הענט און װיינט.

װאָס פּלוצעם? װאָס איז געשען? קיינער, זע איך, שטעלט זיך ניט אָפּ לעבן אים, פרעגט אים ניט. דער אוילעם װייסט שוין, אַפּאָנעם, װאָס און װער. ער װיינט מיט ביטערע טרערן, כליפּעט מאַמעש. כ׳האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען, א מאַנצבל זאָל אַזוי װיינען. ס׳איז פּאָשעט אַזש געװען פריקרע.

כ׳בין צוגעגאַנגען צו אים און א פּאָר רעגעס גלאַט אַזוי געשטאַנען און אים גאָרנישט ניט געפרעגט.

ער האָט געפילט, אַז עמעצער שטייט לעבן אים. ער האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ, א קוק געטאָן אַף מיר און, אַקוראַט װי א קינד, זיך נאָך שטאַר־קער צעכליפּעט.

— װאָס איז געשען, קאַץ? — האָב איך אָנגעררירט מיט א האַנט דעם קאָפּ זײַנעם.

— מ׳האָט אויסגעטראַכט אַף מיר, אַז איך בין א פּראָװאָקאַטאָר, — האָט ער אָן מײַסעס, װיינענדיק, באַלד א זאָג געטאָן, מיכל קאַץ.

— װער האָט אויסגעטראַכט? װאָס הייסט מ׳האָט אויסגעטראַכט?

— װאָס זשע קאָן זײַן? װו װעל איך מיך אַהינטאָן? די כאַװערע װעלן מיך באָיקאָטירן. װעמען האָב איך געטאָן שלעכטס? פאַרװאָס קומט עס מיר? װער װעט מיר איצטער גלייבן?

מעגלעך, אַז כ׳האָב דעמלט צופיל גענומען אַף זיך. סאָפקאָלסאָף האָב איך געהאַט רעכט א טראַכט צו טאָן, װי א סאַך אַנדערע האָבן א טראַכט געטאָן: עפּעס איז דאָ ניט גלאַט, פאַרװאָס זאָגט מען פּינקטלעך אַף אים און ניט אַף קיין צװייטן? כ׳װיל זיך דאָ ניט אויסשטעלן. איך דערצייל אַזוי, װי עס איז געװען, מעג עס אויסזען, װי עס זאָל ניט אויסזען. כ׳האָב ארופגעלייגט די האַנט מײַנע אַף מיכל קאַצס קאָפּ און מיכלען אָנגעהויבן גלעטן. כ׳האָב נאָך דעמלט געהאַט גאָר א קליינע לעבנס־פּראַקטיקע. נאָר כ׳װייס ניט פאַרװאָס, כ׳האָב געפילט מיט אלע מײַנע כושים, אַז מיכל קאַץ נאַרט ניט אָפּ: מ׳האָט אַף אים אויסגעטראַכט א בילבל. כ׳האָב, װידעראַמאָל קינדעריש, געפילט, אַז אַף דער װעלט איז געשען א גרויסע אַװלע. אַזאַ גרויסע אַװלע, װאָס איין מענטש אליין, איין מיכל קאַץ אליין, װעט זי

ניט קענען אויסהאלטן. און כ׳בין אין יענער רעגע, געדענק איך, גרייט געווען טיילן די דאָזיקע אוולע מיט אים.

— איך. איך וועל דיר גלייבן!

— ווי׳אזוי וועסטו מיר גלייבן?

— פּאָשעט: זאָגסט מיר, גלייב איך דיר.

— פארוואָס זשע גלייבן מיר ניט די באָרטניקס, האַ?

— וועסט זען, די באָרטניקס וועלן דיר אויך גלייבן. אלע וועלן דיר גלייבן. דער עמעס וועט ארויס, ווי בוימל אפן וואסער.

— טאקע? ווי בוימל אפן וואסער? — האָט ער געניוּרעט דעם קאָפּ אין דער האנט מײַנער, וואָס האָט אים געגלעט, און זיך ווידעראמאָל כליפּענדיק צעוויינט.

אזא פארלוירנקייט און אזא אומגליקלעכקייט האָב איך נאָך ביז דעמלט ניט געזען.

דאָס איז געווען פונקט אין יענער וואָך, ווען כ׳האָב מיט דאַרפן אָפּ דער וואַל־פארזאמלונג צעוואָרפן די בלעטלעך.

דאָס קינד און דער זאָקן האָבן אין איין וואָך איבערגעלעבט אי פרייד, אי טראגישקייט.

## 6

כ׳ווין שוין ווידער בא אן אנדער באַלעבאָסטע.

עס דאכט זיך מיר אויס, אז פון יענער צײַט אָן, ווען כ׳האָב געלערנט די מאדאם פּעפּי לייענען און שרײַבן, געגעסן אלע שאבעס איר מאַל־כעסדיקן פיש־כאָלאָדעץ מיט קוילעטש, און בין סאקאָנעסדיק, ניט אָפּ אויסצוהיילן זיך, געווען פארליבט אין מאַליען, איז שוין אוועק גאָר־גאָר א סאך צײַט. כאָטש אינדערמיטן זײַנען געלעגן ניט מער ווי א פּאָר מאָ־געדע ראשקעווער זומער־כאדאָשים, וואָס זײַנען גיך איבערגעלאָפן, מאכ־מעס סאָפּקאָלסאָף, ווי עס זאָל ניט זײַן, האָט דאָס געהייסן אין דער היים, באם טאטן און בא דער מאמען; און פון דער אנדערער זײַט, האָט א טאָג אויסגעזען א יאָר, מאכמעס עס האָט זיך גוואַלדיק צוריק געבענקט אהער, צו די נײַע אופטועכצן, צום אוילעם, צו דער גרויסער וועלט.

כוץ דעם, זײַנען טאקע דאָ, אין טשערנאָוויץ, אין די פּאָר כאדאָשים געשען גוואַלדיקע זאכן און אזעלכע זאכן, אזא איבערקערעניש, האָט זיך מיר אויסגעדאכט, קאָן געשען ניט אין קיין כאדאָשים, נאָר אין יאָרן, אין א גאנץ לעבן.

די גוטע און ווילע און אָרנטלעכע און צוגעלאָזטע און טאָמיד יונגע מאדאם פּעפּי האָט מער ניט געלעבט.

אלע דרײַ פענצטער פון דער דירע האָב איך געטראָפן פארקלאפּטע מיט ברעטלעך. דאָס צימער און דאָס קיכל אינווייניק זײַנען געשטאנען אויסגעליידיקטע און פּוסטע. אָפּ דער טיר איז קאָסע געווען אופגעקלעפּט אן אָפּגעבליאקעוועטער פּאס פּאפּיר מיט א גרויסן אופשריפט אָפּ אים, אז די שטוב פארדינגט זיך. כ׳האָב אָנגעקלאפּט צו א שכיינע. ס׳האָט זיך געגעבן אן עפן א טיר און ס׳האָט געטאָן א שפּרונג ארויס פּופּסי. דאָס

הינטל האָט זיך אַ רײַב געטאָן אין מײַנע פֿיס, אויסגעצויגן זיך לעבן מיר אויף דער ערד און אָנגעהויבן ראַטשקעווען זיך אויפֿן בויך אַרום מיר מיט אַ מין דין פּישטשענדיק וואָיעניש און קלאָגעניש. כ׳האָב דאָס הינטל אַ נעם געטאָן אויף די הענט. פּופּסי האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אַ פּאָר ראַכמאָנעסדיקע אויגן און מיטן צינגל אָנגעהויבן אויסלעקן מיר אויפֿן פּאַנעם די טראָפּנס שווייס, וואָס האָבן מיך באַשלאָגן.

— וואָס איז געשען? ווו איז די מאַדאַם פּעפּי?

די שכיינע אויף דער שוועל, וואָס רעדט אַ גאַנץ יאָר דײַטשמעריש, רעדט מיטן „אַבערוואָ״, האָט אַ נעם געטאָן אין דער האַנט אַן עק פֿונעם פֿאַרטעך און זיך צערעדט אויף אַ פּראָסטן טכינעדיקן ייִדיש:

— נעבעך אַ שטום באַשעפֿעניש, ריבוינעשעלוילעם, און איז אַ יאָסעם, ווי אַלע יעסוימים. קען זיך קיין רו ניט געפֿינען. קלאָגט, אַז ס׳קאָן רירן אַ שטיין. באַר קיין קאַדעש, לעהאַוודל, קען עס נעבעך ניט זאָגן. נו, שוין, הער שוין אויף, פּופּסיק, בייבי קליינער!

זי האָט זיך אויסגעווישט מיטן פֿאַרטעך די אויגן, פֿאַרבראָכן די הענט גראַציעז, ווי אַ באַלערינע. און דערציילט מיט אַ לעוויַיע־ניגן, ווי אויף דער גוטער נעשאָמע, אויף דער מאַדאַם פּעפּי, איז געקומען אַן אויסכאַפּעניש אין איינע עטלעכע טעג. מ׳האָט זי פּרײַטיקצונאַכטס אוועקגענומען אין שפּיטאָל. און אַרום דינסטיק איז שוין געווען די לעוויַיע, ניט דאָ געדאַכט. אין דרויסן האָט געברענט אַ היץ, אַז מ׳האָט געקענט צעשמאָלצן ווערן. ווען ניט די פּאָר שכיינים און די פּאָר קוואַרטיראַנטן, וואָלט ניט געווען, ווער ס׳זאָל אַפֿילע נאָכגיין אויך.

— וואָס איז דער מענטש? — האָט די שכיינע אַ הייב געטאָן די אויגן אַרויף פֿילאָסאָפֿיש. — אַ גאָרניט, אַ געמיזע־זופּע. עסט אָפּ אַן אָנבײַסן, און ס׳איז אויס זופּע — ביסט שוין באַלד ווידעראַמאָל הונגעריק און ווילסט שוין באַלד ווידעראַמאָל עסן. אוי, מע דאַרף קיין אַוויירעס ניט האָבן, דאַרף מען ניט. מענטשן פֿאַרמאָגן אויגן און אויערן און מײַלער. מע זעט, מע הערט, מע רעדט, און ס׳קומט, אַפּאָנעם, באַלד אָן גלײַך אַרויף אויבן, צום אַלמעכטיקן. און ער, דאָס גוטע געמאַנדעלע אירס, אַ ווייטעק אים אין האַרצן, דער שמאַראָוואָזניק, דער סופּניק, וואָס האָט איר נאָכגעגעבן אַלע שמאַדשטיק, פֿאַרמאַכט די אויגן אויף אַלע שטיק אירע, וואָס זי פֿלעגט געבן אַן אַרבעט אָפּ מיט די קוואַרטיראַנטן, צוגעטראָגן איר דאָס טעלערל פֿונעם הימל, האָט קוים אויסגעהאַלטן שלוישים, באַלד כאַסליערע געהאַט פֿאַר אַן אַנדערער צאַדעקעס... אַז דער שוואַרצער טײַפֿל זאָל זיי דאָרט ביידע האָלן!..

כ׳האָב געהאַלטן פּופּסין אויף די הענט און דער שכיינעס מײַנעלאָשן גוט ניט געהערט. כ׳האָב צוגעבויגן די באַק מײַנע צום הינטל און דאָס ערשטע מאָל אין מײַן לעבן דערפֿילט די דאָזיקע ווילדע זאַך, וואָס הייסט טויט. ניט ווען דער זיידע זוסיע איז געשטאָרבן, און ניט ווען ס׳האָט זיך באַ אונדז געפֿעלט דאָס דרײַיאָריקע ברודערל מײַנס שעפּסעלע, האָב איך אַזוינס ניט געפֿילט. באַם זיידן זוסיען, געדענק איך, ווען די באָבע יענטע און די מומע איטע זײַנען אין יענעם באַנאַכט צו צו

אונדזערע פענצטער מיט געשרייען, און דער טאטע און די מאמע האָבן ציטערנדיקע מיך און יִסראָליקן איבערגעטראָגן פון אונדזערע געלעגערס צו זיך אין בעט ארײַן און זײַנען אוועק, זײַנען מיר, מעכילע, באלד צוריק אנשלאָפן געוואָרן. גאנצפרי האָט מען אונדז ביידע אוועקגעשטעלט לעבן מעס, וואָס איז געלעגן אויף דער ערד איבערגעדעקט מיט שווארצן, ארומגערינגלט מיט ברענענדיקע ליכט, און מיר זײַנען געשטאנען, אלעמאָל ביגנייווע געכאפּט א קוק איינער צום אנדערן און ניט געוווּסט, וואָס מיר דארפן טאָן. ארום־און־ארום האָבן פרעמדע מענטשן געוויינט, און ס'האָט זיך אונדז גאָר אָנגעהויבן אויסמאָלן, אז מיטן זיידן איז פּאָרגעקומען א גוטע זאך, דער זיידע זוסיע איז אופגעריכט געוואָרן. פונעם ברודערל, פון שעפּסעלען, איז שוין אָפּגערעדט. דאָס גאנצע שטעטל איז געשטאנען ארום אונדזער שטוב. כ'האָב זיך קיינמאָל ניט פּאָרגעשטעלט, אז דער שווײַגנדיקער טאטע מײַנער קען אויף אזא הויך מעשונעדיק קאָל יאָמערן און קלאָגן. די מאמע האָט זיך צעבלוטיקט דאָס פּאָנעם, אויסגעריסן זיך די האָר פונעם קאָפּ. און אז מ'האָט דאָס טויטע ברודערל מײַנס ארויסגעטראָגן, האָט דער גאנצער אוילעם בא דער שטוב געמאכט אזא גוואלד, גלײַך ס'איז אוועקגעגאנגען פון דער וועלט ניט קיין דרײַיאָריק יִנגעלע, נאָר א בארימטער גאָדל און כאָשעוו בא יִדן.

און דאָ־אָ שטייען די פענצטער פון דער דאָזיקער דירע, וואָס איז ניט לאנג צוריק געווען פול מיט דער מאדאם פּעפּיס גוטסקײַט און לעבעדיקײַט, פארקלאפּט מיט עטלעכע קרומע ברעטלעך, די שכיינע גלײַכט דעם גאנצן איניען צו צו א געמיזע־זופּע, שעלט מערער, ווי זי בענטשט. און נאָר מיר ביידע, דאכט זיך, איך און פּופּסי, ווייסן, וואָס פאר א מענטשן די וועלט האָט פארלוירן. דאָס, בין איך דעמלט געשטאנען און געטראכט, איז, ווײַזט אויס, דאָס עמעסע פּאָנעם פון דער דאָזיקער ווילדער זאך, וואָס הייסט טויט.

כ'בין אזוי געשטאנען מיט פּופּסין אויף די הענט גאנץ לאנג. די שכיינע איז פארשוווּנדן. פּופּסי האָט זיך בארוִקט. סאָפּקאָלסאָף האָב איך דאָס הינטל אראָפּגעשטעלט אויף דער ערד און אָנגעהויבן אוועקגיין. פּאַמעלעך, מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ, מיט א שווער געמיט, ווי מע גייט דאָס ערשטע מאָל אוועק פון א פרישן קייווער.

ס'וואָלט אוודע געווען שענער און ראָמאנטישער און עפּשער אפילע מענטשלעכער צו דערציילן, אז כ'האָב דאָס הינטל מיטגענומען מיט זיך. אז ס'איז שוין פארבליבן מיט מיר אויף שטענדיק, אז, לעכאָלהאַפּאַכעס, האָבן מיר כאָטש איין טאָג ארומגעשליאָנדערט זיך איינענעם איבער די גאסן, ביידע פאראָוולטע און פאריאָסעמטע. ס'איז אָבער אזוי ניט געווען, צוליב וואָס זשע א טעל מאכן דעם עמעס?

דאָס הינטל האָט מיר אָנגעהויבן נאָכגיין. כ'האָב זיך אָפּגעשטעלט און עס א טרײַב געטאָן צוריק. פּופּסי האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט, אוועקגעזעצט זיך אויף די הינטערשטע לאפּעס, אויסגעבויגן דעם קאָפּ אויף א זײַט און געקוקט אויף מיר, ניט געוווּסט, וואָס איך וויל. מיר זײַנען א פּאָר רעגעס אזוי געשטאנען און געקוקט איינער אפן אנדערן. נארעלע, כ'ווייס

אַליין ניט, ווו איך וועל הײַנט נעכטיקן. האָסט אַ דאָך איבערן קאָפּ — האַלט דיך דערווײַל דאָרט, לעבן דער היים, ווו דו ביסט אויסגעוואַקסן, ווו מ׳האָט דיך אַזוי שטאַרק ליב געהאַט. מאַרש צוריק! כ׳האָב אָפּן הינטל גוט אָנגעשריגן און זיך געלאָזט אַוועקגיין. נאָר פּופּסי האָט מיך ניט געפאָלגט, איז מיר אַלץ נאָכגעגאַנגען זײַטלדיק, דרייענדיק בעטנדיק מיטן עק.

כ׳האָב אַ כאַפּ געטאָן פון דער ערד אַ פאַרטריקנט שטיק בלאָטע און אַ שלײַדער געטאָן. דאָס הינטל האָט זיך מוירעדיק צעוואָיעט און אָן אײַנגעקאָרטשעטס אַוועק אַף צוריק. לויפנדיק, אַלעמאָל אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו מיר: ניט אָנגעהויבן פאַרשטיין, וואָס עס טוט זיך דאָ אַזוינס אַף דער דאָזיקער וועלט.

* * *

דער כאַווער מײַנער יאַנקל ריפּע, וואָס האָט די לעצטע צײַט בעמיילע אָנגעהויבן ביסלעכווײַז דערווײַטערן זיך פון מיר (אַ ביסל, אַפּאָנעם, איבער מאַליען און אַ ביסל האָט סײַוויסײַ יעדער איינער פון אונדז אָנגעהויבן האָבן זײַנע אייגענע געשעפטן), האָט אין די זומער־כאַדאָשים פאַרלוירן די אַרבעט, אומגעדרייט זיך אַ פּאָר וואָכן שלינג־און־שלאַנג און איז, קענטיק, באַלד נאָך דער מאַדאַם פּעפּיס טויט, אַוועק קיין בוקאַרעשט.

קיין בריוו האָט ער ניט געשריבן. אין בוקאַרעשט, ווען איך אַליין בין דערנאָך אַהין געקומען, האָב איך אים שוין ניט געטראָפן. ער איז שוין דעמלט געזעסן, אַ פאַרמישפּעטער אַף צוויי צי דרײַ יאָר, אין דאָפטאַנע. נאָך דער טפּיסע איז ער אַהיימגעפאָרן קיין ראַשקעוו, אַראָפּגעגאַנגען פאַרנאַכט צום דניעסטער באָדן זיך, אַרײַנגעגאַנגען אין וואַסער, אונטערגעטונקען זיך, און אין עטלעכע מינוט אַרום האָט דער גאַנצער אוילעם אָנגעהויבן אַרויסלויפן פונעם טײַך, נאַסערהייט אַרופכאַפּן אַף זיך די קליידער, און אין איין אויגנבליק איז אָפּן ברעג געבליבן ליגן ניט מער ווי איין קופּקעלע אָנטועכץ. אַנטקעגן, אַף יענער זײַט ברעג, דערציילן ראַשקעווער אַלצווייסער, האָט זיך אָנגעזען, ווי יאַנקל ריפּע איז געשטאַנען אַ נאַקעטער און לאַנג צוריק אַריבערגעקוקט אַהער, אַפּאָנעם געוואָלט זען, ווי עס קוקט אויס אונדזער וואָלעכיש ראַשקעוו פון דאָרטן, פון אַנטקעגן, פונעם סאָוועטישן ראַשקעוו, דערנאָך האָט ער זיך אַזוי־אָ אַ נאַקעטער אַוועקגעזעצט אַף אַ פּלייטל און געוואַרט, ביז צוויי גרענעצלער זײַנען צוגעקומען צו אים, אָנגעטאָן אים אין אַ מין שינעל און אַזוי־אָ אָפּגעפירט אים אין שטעטל...

וואָס ס׳איז ווײַטער פאָרגעקומען מיט מײַן יוגנט־כאַווער, יאַנקל ריפּע, ווייס איך ניט. כאָטש איין נאַכט ווילט זיך נאָך שטאַרק אַמאָל ליגן מיט אים אַף איין געלעגער, ליגן און קימאַט ביז פאַרטאָג שעפּטשענדיק ריידן, ווי מיר פלעגן אַזוי אָפּט ליגן און שעפּטשען אַף איין געלעגער דעמלט בא דער מאַדאַם פּעפּי.

מיט מישע סימיס איז פאָרגעקומען אַנדערש: דאָס פאַראַקשנטע וועלן „פּראָלעטאַריזירן זיך״ זײַנס האָט אויסגעהאַלטן ניט מער ווי אַ מין האַלב

יאָר. ער האָט זיך נעבעך צוריק אומגעקערט אהיים צום טאַטן דעם ראש־קעווער שיך־קרעמער. ער האָט זיך מעכ׳ילע אונטערגעגעבן און איז צוריק געוואָרן א פריקאַזשטשיק, א מעשאָרעס, אין טאַטנס קלייט. און אזוי איז ער שוין פארבליבן: א פריקאַזשטשיק, א מעשאָרעס, באם אייגענעם טאַטן...

איין מוישע ראבין איז געוואָרן אן עמעסער טשערנאָוויצער. ער האָט זיך פון דער מאדאם פעפי אינגיכן ארויסגעצויגן אין צענטער, ערגעץ אליין אין א באזונדער צימער, ער האָט באקומען אן אויסגעקײַלעכיקט גראָב פּאָנעם, אָנשטאָט ברילן האָט ער אָנגעהויבן טראָגן פּענסנע, מ׳האָט געשמועסט, אז ער איז א כאָסן געוואָרן פאר א טשערנאָוויצער גאָר באלעבאטיש מיידל.

ער האָט זיך אין די עטלעכע כאדאָשים אזוי פארענדערט, אז ס׳איז אים אזש שווער געוועזן צו דערקענען. נאָר אז כ׳פלעג אים אמאָל טרעפן אין גאַס, האָב איך געזען, אז ער מיך האָט אָנגעהויבן שווער צו דער־קענען. ער פלעגט אפילע קיין קוק ניט טאָן אין מײַן זײַט, מיך ניט זען, ניט וועלן מײַן „גוט־מאָרגן״. און אז אונדזערע אויגן פלעגן זיך יאָ אמאָל באגעגענען, פלעגט ער מאכן אזא פּאָנעם, ווי א קאָטער, וואָס וואָלט א לעק געטאָן פון א הייס זופּעכץ. אָט וועט ער באלד א הייב טאָן די וואָנ־צעס און א פורשקע טאָן:

— גאָרנישטן. קענען נאָך קיין צוויי ניט ציילן און שטופּן זיך. שטופּן זיך אויך!..

פארוואָס ס׳איז מיר אזוינס געקומען, ווייסט נאָר איין גאָט און איינער אזא מוישע ראבין.

* * *

נײַע כאווירים. נײַע מענטשן. נײַע נעמען.

ערשטנס, די פרוי שאלער — די נײַע באלעבאָסטע מײַנע. זי איז גע־וועזן א פרוי אריבער די דרײַסיק, נאָר האָט שוין פארמאָגט א פּאָר גוטע פאַסן גראָווע האָר אפן קאָפּ, א פּאָנעם פול מיט קנייטשן, און האָט אויס־געזען ווי א פרוי אריבער די פערציק אָדער טאקע באלד־באלד בא די פופציק. דאָס איז זי אזוי פארעלטערט געוואָרן, האָט מען געזאָגט, אָ־דאָ ניט לאנג, אין איין וואָך, אין דער ערשטער וואָך נאָך דעם, ווי זי איז געבליבן אן אלמאָנע.

דער מאן אירער האָט אף דער פאָטאָגראפיע, וואָס איז געהאנגען אין א שווארץ רעמל אף דער וואנט, געטראָגן א פּאָר דיקינקע וואָנצעלעך, א הארטן שטרוי־הוט א פאנאמקע, האָט געהאלטן אין דער האנט צווישן די פינגער אן אויסגעשניצט שטעקעלע, און האָט „ליבנסווירדיק״ אראָפּגע־שמייכלט צו אײַך, ווי א טאנץ־מײַסטער: אָט האָט ער אײַך נאָרוואָס גע־וויזן מיטן שטעקעלע, ווי צו שטעלן די פּאַ, און אָט האלט ער שוין אזוי די גאנצע צײַט אין איין איבערכאזערן: איינס, צוויי, דרײַ... איינס, צוויי, דרײַ...

ער איז געשטאָרבן פון א פלוצעמדיקן שטארקן טובערקוליאָז און האָט

די פרוי מיטן פּיריאָריקן ייִנגעלע אירן עריקל איבערגעלאָזט ווי אפֿן וואַסער: אָן א פֿאַך אין דער האַנט, אָן פּרנסה, אָן מיטלען צום לעבן.

די פֿרוי שאַלער איז ארומגעגאַנגען אין שטוב א פֿאַרשטיינערטע, א שווײַגנדיקע. און אויב זי האָט זיך אַמאָל צערעדט, האָט זי טאָמיד גע־רעדט וועגן איין זאַך: ווען דער לײַטזעליקער רודאָלף זאָל געווען הערן, אַז נאָך זײַן טויט וועט זי אַזוי־אָ באַדינען קוואַרטיראַנטן, וואָלט ער סײַ־ווי־סײַ געווען געשטאָרבן — אָנעם טובערקוליאָז אויך. אַזאַ ליבע, האָט זי געטײַנעט, וואָס איז געווען צווישן איר און רודאָלפֿן, באַגעגנט מען נאָר אין ביכלעך, אין ראָמאַנען. אַזאַ ליבע קאָן נאָר א שריפֿטשטעלער אויסטראַכטן.

אין צימער איז געשטאַנען א גרויסער דרײַזײַטנדיקער שפּיגל — א טרעליאַזש. אפֿן שפּיגל־טישעלע זײַנען געווען אָנגעשטעלט פֿלעשעלעך פּאַרפֿום, סלאָיִקלעך קרעם, פּודעלעך מיט אַנדערע שמירעכצן. די צוויי טישקעסטלעך זײַנען געווען אָנגעשטאָפּט מיט קנײַלעכלעך וואָל פֿון אַלע קאָלירן. נאָך רודאָלפֿס טויט האָט מען זיך מערער ניט געשמירט, מערער ניט פּאַרפֿומירט, אַפֿילע קיין וואָלן קאָפּטל מער זיך ניט אויסגעשטריקט. עריקל איז ארומגעלאָפֿן מיט א פּאָר אויסגעקרימטע שיכלעך, צוואַנציק מאָל אין טאָג אָן אויסגעשמירטער, א צעדראַפּעטער. די צוויי בעטן, וואָס זײַנען פֿריִער געשטאַנען איינס לעבן אַנדערן קעגן שפּיגל, האָט מען צערוקט, אוועקגעשטעלט לעבן דער וואַנט אין דער לענג. אין איין בעט איז געשלאָפֿן די פֿרוי שאַלער מיטן ייִנגעלע, אין אַנדערן בעט — צוויי קוואַרטיראַנטקעס. אַף א דיוואַן, לעבן א צווייטער וואַנט — ווידער צוויי קוואַרטיראַנטקעס, און פֿאַרמײַנעטוועגן איז אין קאָרידאָרל געשטאַנען אַן אַלטמאָדיש פֿאַרזשאַווערט בעט אַף רעדעלעך, וואָס מע פֿלעגט אַלע אָפּ־דערנאַכט צונויפֿשטעלן, ארײַנפֿירן אין דער מיט צימער, און איך פֿלעג שלאָפֿן אין דעם דאָזיקן בעט איינער אַליין, גרויסאַרטיק, ברייט צע־לייגט, ווי א קייסער.

האָב איך, הייסט עס, אין איין צימער געוווינט איניינעם מיט דער באַלעבאָסטע און איניינעם מיט פֿיר קוואַרטיראַנטקעס. אין איין צימער, הייסט עס, פֿינף ווײַבספּאַרשוינען און צוויי מאַנספּאַרשוינען — איך און דער קאַוואַלער עריק.

די קוואַרטיראַנטקעס האָב איך עס טאַקע געבראַכט דער פֿרוי שאַלער. דאָס זײַנען געווען פֿיר פֿאָשעטע בעסאַראַבער מיידלעך, טריקאָטאַזש־אַרבעטערנס, כאַווערטעס. זיי זײַנען געווען אַזוי אָרנטלעך, אַזוי ריין, אַזוי פֿרײַ פֿון עפּעס כאָלילע מיִעסע און זײַטיקע הינטערגעדאַנקען, אַז איך האָב זיך אין אָן עמעסן געמעגט רעכענען פּונקט אַזאַ מאַנספּאַר־שוין, ווי דער פּיריאָריקער עריק.

איין קוואַרטיראַנטקע האָט געהייסן העניעלע, איין קוואַרטיראַנטקע — סאָניע, די דריטע און די פֿערטע, צוויי מיידלעך מאַרקולעשטער, צוויי שוועסטער, האָבן געהייסן כײַקע און סאָרעלע.

העניעלען און סאָרעלען האָט מען, אַפּאָנעם, דעריבער פֿאַרצויגן, גע־רופֿן העניעלע און סאָרעלע, מאַכמעס זיי זײַנען ביידע געווען קלייניקע,

איידעלינקע, זעכצניאָריקע. אין דער היים, באַ טאַטע־מאַמע אין די פולע שטיבער מיט קינדער, זײַנען זיי געווען די סאַמע קלענסטע, די לעצטע.

סאָניע און כײַקע, פאַרקערט, האָבןביידע אויסגעזעען איבערגעוואַקסענע, הויכע. סאָניע האָט געהאַט אַ ברייט מויל, אַ גרויסן געקרויזטן קאָפּ האָר, אַ הייזעריק קאָל, און איז געווען מעסוקן אַ געטרײַע, געטרײַ יעדן איינעם באַזונדער, צווישן אַלע די סאַמע געטרײַסטע. כײַקע האָט פאַרמאָגט אַ לאַנג נעזל, לאַנגע הענט און פיס, דינע, טאָמיד פאַרטריקנטע ליפּן און איז געווען אַ ביסל אי אַ פוילע, אי אַ ביסל אַ פאַרביסענע: האָט ליב געהאַט צו ליגן אין בעט, ווען מ׳האָט אין שטוב געדאַרפט עפּעס טאָן, און האָט נאָך פון אויבן אַמאָל ליב געהאַט אַרײַנצוּוואַרפן אַ שטאָך־וואָרט אויך, — האָט פאַרמאָגט אין זיך אַ סאַך „קליינבירגערלעכע זיטן״, ווי די מיידלעך פלעגן וועגן איר אַ זאָג טאָן.

מער ווי פון יעדן האָב איך, געדענק איך, געהאַלטן פון העניעלען. זי איז מיר געוואָרן אייגן, ווי אַן אייגענע שוועסטער. אונדזער אייגנקײַט און צוגעבונדנקײַט איינער צום אַנדערן האָט זיך דערנאָך געצויגן לאַנגע יאָרן. שוין העט שפּעטער, אין בוקאַרעשט, ווען די דאָזיקע קליינינקע העניעלע מיטן קליינשטעטלדיקן קליינעם פּענעמל אירן איז שוין געווען אַן אונטערערדישער פּאַרטיי־סעקרעטאַר ערגעץ אין בוקאַרעשטער אײַזנבאַן־אַרבעטער־ראַיאָן גריוויצע און איך בין שוין דעמלט לאַנג געווען אַ כאַסענע געהאַטער און שוין געהייסן אַ שרײַבער, פלעגט זי פון צײַט צו צײַט קומען צו פאָרן פון איר גריוויצע־ראַיאָן אין אונדזער דודעשטער ראַיאָן, ווו איך האָב דעמלט געוווינט, פלעגט זיך באַ אונדז גוט אויסבאָדן, אויסצוואָגן, אַ פּאָר טעג גוט אויסרוען זיך, און פלעגט באַם געזעגענען זיך לאַנג קושן זיך מיט אונדז, זאָגן, אַז זי איז געווען אין דער היים אַף פּייסעך. דעמלט, באַ דער פרוי שאַלער, האָבן מיר, אפּאָנעם, איינער דעם אַנדערן באַלד דערפילט. העניעלע איז מיר געווען ליבער מער ווי די אַנדערע דרײַ מיידלעך, מיט וועלכע מיר האָבן איניינעם געוווינט. כאָטש שטילערהייט, קיינער זאָל עס ניט זען און קיינער זאָל עס ניט וויסן, בין איך, ווי אַ יינגל צו אַ מיידל, צוביסלעך ניט געווען גלײַכגילטיק, ווי מע זאָגט, צו סאָרעלען. מאַכמעס סאָרעלע, האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, פאַרמאָגט פּונקט אַזעלכע קישעפדיקע כיינגריבלעך אַף ביידע באַקן, בייס זי טוט אַ לאַך, און פּונקט אַזאַ ברײַענדיק פּײַערל אין אירע שוואַרצע אויגן, בייס זי טוט צו מיר אַ קוק, ווי ס׳האָט פאַרמאָגט יענץ ראַשקעווער מיידעלע צייטל כאַריטאָן — די ערשטע ליבע מײַנע, ווען כ׳בין נאָך קיין פולע דרײַצן יאָר ניט אַלט געווען.

נאָר ביכלאַל האָבן אַלע פיר מיידלעך איניינעם מיר דערמאָנט מאַליען. יעדע באַזונדער האָט געהאַט אין זיך עפּעס וואָס מאַליעס. יעדע אַן אַנדער טיילכל, אַן אַנדער פּערטכיילעך, פון מאַליעס מײַלעס. און כאָטש זי איז, הייסט עס, געווען צעטיילט אַף פירן, מאַליע, האָט דאָס פונדעסטוועגן אײַנגעשטילט מײַן בענקשאַפט נאָך איר, איז מיר מיט די אַלע פיר מיידלעך איניינעם געווען גוט. ניט ערגער ווי מיט איין מאַליען. אַלקאָלפּאָנעם, אַזוי האָב איך מיר אַליין אײַנגערעדט.

* * *

אונדזערע טויזנט לײַ א כוידעש פאר די געלעגערס האָבן קוים גע־קלעקט דער פרוי שאלער צו באצאָלן דירע־געלט דעם באלעבאָס פון דער שטוב, א טויבלעכן אײַנגעהויקערטן אלטיטשקן מיט צוויי ווײַסע צע־פלויגענע פראנץ־יאָזעף־בערד אף די באקן, וואָס פלעגט יעדן ערשטן טאָג פון כוידעש ארײַנײַאווען זיך אין צימער אָנגעשפּארט אף א שטעקן, פאר־פּוצט אין זײַן סורדעט מיט די פארקײַלעכיקטע פּאָלעס, פלעגט ציילן די פינפערלעך, שפּײַענדיק זיך אין די פינגער, און אינמיטן ציילן באשמעקן אלע פיר ווינקעלעך פונעם צימער, פארהאלטן א רעגע די אויגן אף די געלעגערס, אָפּשטעלן זיך, און א זאָג טאָן סטאם אזוי, פאר זיך, אָן א שום מיין קלאָמפּערשט:

— אײַ, אײַ, וואָס עס טוט זיך אין די דאָזיקע בעטן א גאנצן כוידעש!

— וואָס טוט זיך? וואָס טוט זיך, הער שעפלער?.. — פלעגט די פרוי שאלער א בלייך געוואָרענע אים ארײַנשרײַען אין אן אויער ארײַן.

— הא? גאָרניט. וואָס זאָל זיך טאָן? א דאנק. מע לעבט.

— אין די בעטן? אין די בעטן וואָס טוט זיך?

— בעטן? וועלכע בעטן?

— וואָס איר האָט געזאָגט. נאָרוואָס גע־זאָגט!

— געזאָגט? ווער האָט געזאָגט?

— איר, איר!

— איך?

נאָך אזא טויבער „כאסענע” פלעגט דער אלטיטשקער פארשטעקן מיט א שמייכעלע דאָס בינטל פינפערלעך טיף אין א בוזעם־קעשענע, ארויס־שארנדיק זיך, א קוש טאָן אף דער טיר דאָס אָרט, ווו עס דארף זײַן א מעזוזע, און בענייביי א זאָג טאָן דער פרוי שאלער, אז זי קאָן לעבן אָן קווארטיראנטן און קאָן ווינען אין דער דירע אָן דירע־געלט, ווען זי ווייסט ווו אײַן און ווו אויס, ווען זי האָט א ביסעלע סייכל אין קאָפּ.

די פרוי שאלער פלעגט זיך דערנאָך אוועקזעצן אף א בענקל און כליפּען:

— אזא אויסוואורף. אזא אלטער קעלעוו. איר גאָטזעליקער רודאָלף זאָל געוועגן וויסן, אז נאָך זײַן טויט וועט מען רעדן מיט זײַן ווײַב אזעלכע רייד, וואָלט ער סײַוויסײַ געוועגן געשטאָרבן. אָנעם טובערקוליאָז אויך...

דערנאָך פלעגט זי זיך טאָן א הייב אויף און מיטאמאָל אָנהייבן לאכן:

— בעטן גלוסטן זיך אים. אזא אלטער באל־אווײַרעניק. צעלייג זיך מיט אים אין די בעטן. טפו! גיכער אויסגיין מיט עריקלעך פאר הונגער...

מיר האָבן געייצעט דער פרוי שאלער, זי זאָל פּרוּוון קאָכן פאר אונדזער אוילעם אָנבײַסנס. זי האָט אונדז געפאָלגט. און טאָג־בא־טאָג, פון ארום אײַנס ביז ארום דרײַ, פלעגן עטלעכע ייִנגלעך און מיידלעך, כאווײַרים אונדזערע, פארשטייט זיך, אײַנציקווײַז און פּאָרלעכווײַז, יעדער אין זײַן אָנגעזאָגטער צײַט, ארײַנקומען צו אונדז, אוועקזעצן זיך באם טיש, און די פרוי שאלער פלעגט זיי פאר עטלעכע לײַ דערלאנגען דאָס

ווארעמע ביסל געקעכץ, וואָס איז קימאט טאָמיד באשטאנען פון איין און די זעלבע צוויי געריכטן: א „פאלשע" זופּע און א ביסל „פּירע" פון קארטאָפל — אמאָל מיט א צוגעפּרעגלט איי און אמאָל אפילע מיט א פּאָר אָנגעקנאָבלטע, פארברוינטע, אײַנגעשרומפּענע, עמעסע קאָטלעטלעך.

א גאנצן האלבן טאָג האָט די שטוב אופגעהערט צו זײַן א שטוב. מ'איז געגאנגען אָפּ און אוף. אין יעדער ווינקעלע האָט געשמעקט מיט צוגעברענטער ציבעלע, מיט געסמאזשעט קרויט, מיט אויסגעלאָפּענע טעפּלעך, מיט עמערס פּאָמאָיעס. די שויבן אין די פענצטער האָבן געשוויצט. מ'האָט געוואשן טעלער, ס'האָבן געקלונגען לעפל און גאָפּל, מ'איז געשטאנען און אָנגעשניטן ריפּטלעך ברויט. די פּרוי שאלער האָט אומגעראשט א פארפאליעטע, מיט רויטע פלעקן אפן פּאָנעם, דעם בויך פארבונדן מיט א האנטעך, ווי א סארווערן. די כעוורע האָבן, ווי געווײנלעך, אינמיטן עסן גערעדט, געטײַנעט, „אשאָזעט" די וועלט. דער ראש איז געווען א גרויסער. נאָר קיין גאָר גרויסע גליקן האָט דער דאָזיקער ראש, גלייב איך, ניט געבראכט ניט דער פּרוי שאלער, וואָס האָט געקאָכט די אָנבײַסנס, און ניט דעם אוילעם, וואָס האָט געגעסן די אָנבײַסנס. און אוואדע ניט אונדז, קווארטיראנטן, וואָס האָבן אָנגעהויבן פילן א מעסוקענע ענגשאפט אין שטוב, ווו עס איז ביז איצטער, אָן די דאָזיקע אָנבײַסנס, אויך געווען גענוג ענג.

ניט מער: נאָכן ראש, ארום דרײַ אזייגער, האָט זיך די פּרוי שאלער אָפּגעבונדן דעם האנטעך פונעם בויך, מיט לויזע ארויפּהענגענדיקע הענט, ווי פארטאָג נאָך א כאסענע, אויסגעמאָטעמט פון זיך די אָנגעהאָרעוועטקײַט, די מידקײַט, אָפּגעוואשן זיך, צוגעקעמט זיך, און אלע טאָג איצט, ווי זי פלעגט עס טאָן פריִער, ווען רודאָלף האָט געלעבט, ווי מע טוט עס בא לײַטן, אוועקגעזעצט זיך מיט עריקלען עסן אָן אָנבײַסן. עריקל האָט ביסלעכווײַז אופגעהערט האָבן בלאָע ליפּלעך, אונטערגעבראָטענע אויגן. זי אליין, די פּרוי שאלער, האָט אופגעהערט אויקען, אופגעהערט ארומגיין און שווײַגן, אופגעהערט ריידן נאָר וועגן איין זאך: וועגן איר גאָטזעליקן רודאָלפן.

מיר, ווידער, די קווארטיראנטן, האָבן אי האנאָע געהאט, וואָס אונדזער אייצע איז געווען א גוטע אייצע, אי געקריגן א שאס־האקוישער אָפּצועסן א היימישן לעפל סופּ, סײַ בא דער האנט, מאמעש אין דער היים, אזוי צו זאָגן — מע דארף אים ניט לויפן זוכן, סײַ וואָלוול — מע קען זיך עס פארגינען.

כוץ דעם, האָבן די דאָזיקע אָנבײַסנס אופגעטאָן, אפּאָנעם, נאָך א זאך: די פּרוי שאלער איז מיט דער צײַט פאוואָלינקע געוואָרן גאָר אן אנדער פּרוי שאלער. זי האָט אָנגעהויבן קוקן אף אונדז מיט עפּעס א באזונדער אָפּשײַ, האָט אונדז אָנגעהויבן עפּעס גאָר באזונדער ליב האָבן. כאָטש זי פלעגט אונדז רופן „קינדער", פלעגט זי זיך אין די אפדערנאכטן שטיל אוועקזעצן ערגעץ בא דער זײַט און מיט אן אָפן מויל צוהערן זיך צו אונדזערע שמועסן. זי פלעגט מיט כידעש צוקוקן זיך צו אונדזער פירעכץ. זי האָט אפילע ביסלעכווײַז אָנגעהויבן איבערנעמען די מיידלעכס מאנירן,

די פרײַע פּראָסטקײַט און נאַטירלעכקײַט זייערע. און אײנמאָל, געדענק איך, אין אַן אָפּדערנאַכט, נאָך אונדזערן אַ הייסן אויסמוסערן כּײַקען פּאַר עפּעס אַ נאַרישן ליגן, וואָס האָט זיך אין יענעם טאָג אַרויסגעכאַפּט פון כײַקעס מויל, איז די פרוי שאַלער צוגעגאַנגען דערנאָך צו די מיידלעך, אַרײַנגעזעצט זיך אין דער מיט צווישן זיי אויפן דיוואַן, אַ פּאָר רעגעס געקוקט אָט אויף איינער און אָט אויף דער אַנדערער, ווי זי וואָלט אַלץ געוואָלט דערגיין אַליין, אָן ווערטער, און האָט סאָפּקאָלסאָף, געגנוג פּאַ־טעטיש און געגנוג נאַיִוו, אַ זאָג געטאָן:

— קינדער, כ׳וויל אײַך עפּעס פרעגן... איך זע, וואָס פאַרא באַזונ־דערע מינע מענטשן איר זענט. ווי איר האָט זיך ניט ליב צו פּוצן, האָט ניט ליב קיין געמאַכטקײַט. ווי איר קענט ניט לײַדן קיין שעקער. ווי איר זוכט נאָר ריינקײַט און גערעכטיקײַט. זאָגט מיר, קינדער, איאָ, איר זענט קאָמוניסטן, עמעס?

פּאַר טשערנאָוויצער באַלעבאָסטעס איז אַפילע דאָס וואָרט „בעסאַ־ראַבער" ניט געווען פון די גרויסע מײַלעס באַם ווערן דינגען באַ זיי אַ געלעגער. ביפראַט דאָס וואָרט „קאָמוניסטן". ביפראַט — אי בעסאַראַבער, אי קאָמוניסטן. וואָס ענטפערט מען איר, דער פרוי שאַלער? נאָר זי האָט מיט אַזאַ אָפנהאַרציקער נאַיִווקײַט אַ פרעג געטאָן, אַז ניט ענטפערן אַזוי ווי עס איז האָט קיינער ניט געהאַט קיין קויעך. און העניעלע האָט לאַנג ניט געוואַרט:

— עמעס, פרוי שאַלער.

די פרוי שאַלער האָט געטאָן אַ לייג צונויףביידע דלאָניעס נאָענט לעבן מויל און, ווי באַ אַ טפילע, מיט אויפגעהויבענע אויגן, אַ זאָג געטאָן:

— גאָט מײַנער!

דערנאָך האָט זי די הענט אירע פאַמעלעך צעשפּרייט, היינטנאַרומער, באַ די פּלייצעס, אַרופגעלייגט זיי אויף די אַקסל פון אַלע פיר מיידלעך, און פאַמעלעך און פײַערלעך די מיידלעך צוגעבויגן און צוגעטוליעט צו זיך.

דער דאָזיקער זשעסט האָט פאַרמאָגט אין זיך געגנוג מעלאָדראַמאַטיש־קײַט און איבערגעטריבנקײַט. נאָר דאָס איז פּאָרט געווען אַ בראָכע.

אַ בראָכע פון אַ געוויינלעכער פרוי, אַ פרוי פון אַ גאַנץ יאָר, וואָס איז ווײַט פון הימל־זאַכן און וועלט־זאַכן, ווי עס איז געווען די באַלע־באָסטע אונדזערע — די פרוי שאַלער.

* * *

אין שטוב בין איך בעסאַכאַקל אין יענער צײַט ווייניק געזעסן. עס זײַנען געווען טעג, ווען איך פלעג אַהיימקומען שפּעט באַנאַכט, דער אוילעם איז שוין געשלאָפן, כ׳פלעג אויפשליסן די טיר, אַרײַנלייגן זיך אין דער פינצטער אין בעט אַרײַן, און ווען איך פלעג זיך גאַנצפרי אויפכאַפּן, זײַנען שוין די מיידלעך געווען אַוועקגעגאַנגען צו דער אַרבעט, די פרוי שאַלער מיט עריקלען — אין מאַרק אײַנקויפן. כ׳פלעג זיך גיך אָנטאָן, און אַזוי־אָ, ניט זעענדיק קיינעם, ווידער אַוועק צו מײַנע געשעפטן.

קיינמאָל, דאכט זיך, שפּעטער אין מײַן גאנצן לעבן איז דער טאָג ניט געווען אזוי קורץ. און איז קיינמאָל ניט געווען אזוי פול, אזוי ניט ענלעך איינער צום אנדערן, אזוי ניט אויסגעטיילט באזונדער, יעדער טאָג מיט זײַנע קאָלירן, מיט זײַנע מענטשן, באגעגענישן, טרעפעניישן און פּאסירונגען.

דעם סעמינאר האָב איך קימאט אינגאנצן פארבויגן. דער אינטערעס מײַנער צו דער סעמינאר־טוירע האָט שוין אָנגעהויבן גויסען — אָט־אָט וועט ארויסגעלאָזט ווערן דער לעצטער אָטעם. כ׳פלעג קומען צו די לעקציעס מיט א טשאד אין קאָפּ, ניט צוגעגרייט, פלעג ענטפערן אימ־פּראָוויזירטס, אמאָל קאפּוירס, און ס׳פלעגט מיך אף א האָר ניט ארן, וואָס דער דאָקטער גאָטליב צי דער דאָקטער קעסלער גיבן אף מיר איבער די ברילן אריבער א קאָסע קוק, שאָקלען ביטער אהין און אהער מיט די קעפּ, און די סעמינאריסטקעס, וואָס קענען די פארגעבענע שיורים מיט פארמאכטע אויגן, כיכיקען אונטער אף מײַנע ניט־געשטויגענע און ניט־געפלויגענע ענטפערס.

כ׳פלעג איצטער קעסיידער קומען אין סעמינאר מער צוליב א פּאָר יינגלעך און מיידלעך פון די קלענערע קורסן, מיט וועלכע כ׳האָב אָנגע־הויבן „רעדן”, אָנגעהויבן „עפענען די אויגן”. און ווען כ׳האָב שוין גע־מיינט, אז איך בין שוין מיט זיי פארטיק, און זיי געבראכט צו טראָגן א בראָשורקע וועגן אונטערערדישן „רויטן שילער־פארבאנד”, איז די דאָזיקע בראָשורקע געלעגן דערנאָך אפן ראבינערס קאטעדרע.

דער ראבינער מארק האָט אָנגעטאָן נאקעטן פליך דאָס קײַלעכדיקע פליושענע יארמלקעלע זײַנס, האָט ארײַנגענומען אין דער האָנט די האדרעסדיק־ברייטע שווארצע באָרד, האָט אָנגעשטעלט אף מיר זײַנע שווארצע אויגן, און האָט, פארן אָנהייבן די לעקציע וועגן „דאט”, מיט געציילטע ווערטער א זאָג געטאָן, אז עס זײַנען פאראן צווישן אונדז עלעמענטן, וואָס גיבן זיך אָפּ ניט מיט דעם, וואָס מע דארף, העצן קעגן גאָט און קעגן מאלכעס, טראָגן זיך אום מיט ראַיוינעס, וואָס זײַנען אינ־גאנצן סויסער די איידעלע ראַיוינעס, וועלכע מיר פלאנצן אײַן אין זייערע הערצער. און אויב די דאָזיקע עלעמענטן וועלן זיך בעקאָרעוו ניט אײַנ־שטילן, ניט אויסהיילן זיך, וועלן מיר זײַן געצייט דערוואַטערן זיי פון אונדזער מאכנע, ווי מע דערוואַטערט, ראכמאָנע־ליצלאָן, קרעציקע...

נאָך דער „דאט”־לעקציע בין איך צוגעגאנגען צום ראבינער מארק און אים געפרעגט, פארוואָס זײַן קאָוועד האָט די גאנצע צײַט געקוקט צו מיר. מיינט ניט זײַן קאָוועד, אז איך בין דאָס דער דאָזיקער קרע־ציקער?

דער ראבינער מארק האָט זיך אָנגעטאָן די פּאלטאָ, גיך אראָפּגעכאפּט פונעם קאָפּ דאָס יארמלקעלע און אָנגעטאָן די שווארצע שליאפּע זײַנע מיט די ברייטע ראנדן, בעשאסמײַסע דורכגענומען מיך מיט די אויגן, באטראכט מיך, און מיר דערנאָך דערלאנגט די בראָשורקע, א זאָג געטאָן:

— אזעלכע זאכן פאָדערן, מע זאָל זיי טאָן מיט סייכל. ווען האָסטו עס געגעבן, האַ? נו, נו, גיי!

כ׳האָב דעמלט דעם ראבינער מארק בעשום־אויפן ניט פארשטאנען. נאָר מיט די דאָזיקע רייד און מיט דער דאָזיקער האנדלונג זײַנער האָט ער מיר פארלענגערט דעם גאָלעס סעמינאר.

כ׳בין פונעם סעמינאר ניט אוועקגעגאנגען, ביז מ׳האָט מיך סאָפקאָל־סאָף אליין דערנאָך ניט מעשאלייעך געווען.

* * *

כ׳געדענק יענעם באנאכט, ווען כ׳האָב דאָס ערשטע מאָל פארשפּרייט מיט דער מערבוים מאניפעסטן אין דער טשערנאָוויצער פאָרשטאָט קאָלאָטשאנקע.

מערבוים איז געווען א שטרענג מיידל, מיט א פּאָר גרויע קאלטע אויגן, ניט קיין גרויסע יעפּאסטויאר, האָט פּײַנט געהאט איבעריקע דיי־בורים, כאָכמעס, איז טאָמיד ארומגעגאן מיט א מארקסיסטיש ביכל אונטערן אָרעם, האָט געטראָגן שיך אף נידעריקע אָפּצאסן, געשוירן זיך קורץ, ייִנגלש, און האָסט מיט איר געקאָנט אָפּזײַן כאדאָשים און ניט ווערן מיט איר היימיש, נאָענט.

נאָר אז איך דערמאָן זיך איצט אין יענער באנאכטיקער שאָ אף דער קאָלאָטשאנקע, גייט אוף אין מיר אזא גוט יאָמטעוודיק געפיל, גלײַך ווי כ׳וואָלט נאָרוואָס אָנגעשריבן: כ׳געדענק יענעם באנאכט, ווען כ׳האָב דאָס ערשטע מאָל געקושט זיך מיט דער מערבוים ערגעץ אין א צעגרינט פרילינגדיק וועלדל.

איך האָב, אונטער א פּאָלע, געטראָגן דאָס פּעקל. די מערבוים איז געגאנגען אײַנגעטוליעט אין מיר, מע זאָל באגעגענען, הייסט עס, גיין סטאם אזוי זיך א פארליבט פּאָרל. אין דרויסן איז געווען פרעסטלדיק, אונטער אונדזערע פיס האָבן זיך געבראָכן דינע הײַטעלעך אײַז. די שטיבלעך אף דער קאָלאָטשאנקע און די פלייטלעך ארום די שטיבלעך זײַנען געשטאנען שווארצע, פארפינצטערטע. מיר האָבן לעבן יעדער קאליטקע איבערגעלאָזט אין יעדער הייפל א מאניפעסט. און אז ס׳איז אונדז עמעצער אָנגעקומען אנטקעגן, און מיר האָבן עטלעכע קאליטקעס דורכגעלאָזט, האָט די מערבוים, געדענק איך, בייזלעך א שעפּטשע געטאָן, מיר זאָלן שטיין בלײַבן און אומקערן זיך צוריק.

די מאניפעסטן זײַנען געבליבן ליגן אין די פינצטערע הויפן, ווי ווײַסע שטיקלעך שנײַ. און ס׳האָט זיך מיר דעמלט אויסגעמאָלט, אז פרי־פארטאָג, ווען די קאָלאָטשאנקע וועט אופשטיין צו דער ארבעט און די מענטשן וועלן פארכמורעטע און פארצאָרעטע ארויסקומען צו זייערע קאליטקעס, וועלן אף זיי א כלינע טאָן די דאָזיקע שטיקלעך שנײַ און עס וועט זיי ווערן ליכטיק אין די אויגן און ווארעם אפן הארצן.

אזעלכע באנאכטן האָב איך דערנאָך געהאט גאנץ אָפטע.

און איך געדענק יענעם אָנהייב־נאָיאבער־באנאכט, ווען כ׳האָב מיט טאָני קעניג אָנגעמאָלט מיט פארב גרויסע רויטע אויסײַעס אף די טשערנאָוויצער ווענט.

טאָני איז געווען מיט מיר אין איין קאָמיוג־קעמערל. זי האָט געוווינט ערגעץ ווײַט אויבן אין שטאָט, פון יענער זײַט פאָלקס־גאָרטן. די מוטער טאָניס, א דיקע בידעריטשקע ייִדענע, איז געווען א טוערן אין „מאָפּר״: זי פלעגט אלע טאָג טראָגן אין טפּיסע טעפּ מיט עסן, אויסשטיין געברענטע ליידן, ביז מ׳האָט בא איר דאָס עסן צוגענומען, און פלעגט דערנאָך לאַכנדיק דערציילן, אז מע האלט זי דאָרט אין איין פרעגן, צי אלע קאָמוניסטן זײַנען טאקע אפּאנעמעסן אירע קרוויוים. טאָני איז געווען א שיין מיידל, א ביסעלע צו א שטאָלצע, צו אן אָנגעבלאָזענע. ווען זי פלעגט עפּעס זאָגן, פלעגט זי עס א זאָג טאָן אזוי, מע זאָל זען, אז דאָס איז ערשט קוים־קוים א קליין טיילכל פון דעם, וואָס זי האָט צו זאָגן און וואָלט געקענט זאָגן. שטאָלץ בא זיך איז זי, אפּאָנעם, געווען אי דערמיט, וואָס זי איז א שיינע און זי דאַרף די שיינקײַט אירע אף קאַפּאָרעס, אי דערמיט, וואָס קיינער צווישן אונדזער אוילעם פארמאָגט ניט אזא מוטער, ווי זי פארמאָגט, — א מוטער א רעוואָליוציאָנערקע.

מיר זײַנען ארויסגעגאנגען פונקט צוועלף באנאכט. מיר האָבן געהאט מיט זיך א פושקע פארב, א בערשטעלע און א שטיק לינאָלעום מיט אויסגעשניטענע אויסיִעס — דעם לאָזונג, וואָס מיר האָבן געדארפט אָפּשטעמפּלען אף די ווענט. מיר מיט טאָנין האָט מען אויסגעטיילט עטלעכע גאסן, קימאט אין צענטער פון דער שטאָט. מיר זײַנען דאָס ערשטע, געדענק איך, צוגעגאנגען צו א הויכן אָפּגעקאלכטן פלויט. טאָני האָט מיט ביידע הענט צוגעהאלטן דאָס שטיקל לינאָלעום, און איך האָב מיטן בערשטעלע פארדעקט די אויסגעשניטענע אויסיִעס מיט פארב. צי דאָס בערשטעלע איז געווען צו א שמאָלס, צי די הענט זײַנען געווען ניט גאָר געשיקט, נאָר ווען מיר האָבן דאָס שטיק לינאָלעום אוועקגענומען, זײַנען אפן פלויט געבליבן ניט קיין אָפּגעשטעמפּלטע אויסיִעס, נאָר צעשמירטע און צערונענע פלעקן. מיר האָבן געמאכט א צווייטן פרווו. דאָס מאָל האָב איך צוגעהאלטן דעם לינאָלעום, און טאָני איז דערוף איבערגעגאנגען מיט פארב. ס׳האָט זיך ווידער ניט באקומען גוט. וואָס זשע טוט מען? אוועקגיין מיט גאָרניט? אָפּשטעמפּלען דעם לאָזונג אבי וויִאזוי? ניין. מיר האָבן זיך ביידע בעראטן און באשלאָסן אָנשרײַבן די אויסיִעס אף די ווענט אליין מיט די הוילע הענט, מיטן הוילן בערשטעלע, הייסט עס, — אָנעם לינאָלעום־טראפּארעט.

געשריבן האָב איך. טאָני איז געשטאנען און אכטונג געגעבן, צי ס׳קומט עמעצער פונדערווײַטנס ניט אָן. די אויסיִעס זײַנען ארויס ניט גאָר קיין גלײַכע, אייניקע גרעסערע, אייניקע קלענערע, ס׳האָט געדויערט א וועלט מיט צײַט, נאָר כ׳האָב זיי געשריבן, געדענק איך, מיט א באַזונדער מין פלאטער אין הארצן. ס׳האָט זיך מיר אויסגעדאכט, אז אזוי איז אפילע גלײַכער, אזוי זײַנען די אויסיִעס לעבעדיקער. די ווערטער: „זאָל לעבן דער 7־טער נאָיאבער, דער טאָג פון דער גרויסער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע!״, וואָס מ׳האָט אונדז געגעבן פארטיק־אויסגעשניטענע אפן דאָזיקן שטיק לינאָלעום, זײַנען, האָט זיך מיר אויסגעדאכט, מײַנע אייגענע ווערטער. איך שרײַב זיי ניט פּאָשעט אָן אף קיין וואנט,

נאָר כ'רוף זיי אויס, שרײַ זיי אליין אויס אַף א קאָל, אָס נאָך אָס, אין דער שטילער, שפעט־באַנאכטיקער, שלאָפנדיקער שטאָט ארײַן.

טאָני האָט געקוקט און געקוועלט. זי האָט מיך אלעמאָל אונטערגע־טריבן:

— צאַצקע זיך ניט. גיכער א ביסל, זײַ ניט אזוי פארליבט אין זיך!

מיר האָבן יאַקאָש קיין איין גאַס ניט דורכגעלאָזט. ווען מיר האָבן פארענדיקט און ערגעץ פארשטעקט אין א מיסט־קאַסטן די אויסגעליי־דיקטע פּושקע, איז שוין געווען ארום דרײַ. די טראַמווײַען זײַנען שוין, פארשטייט זיך, לאַנג ניט געגאַנגען. די גאַסן זײַנען געשטאַנען פּוסטע, פארטונקלטע. כ'האָב טאָנין פאָרגעלייגט, זי זאָל גיין שלאָפן צו מיר. כ'האָב שטיל אופגעשלאָסן די טיר, שטיל צוגעפירט אין דער פינצטער טאָנין צו מײַן געלעגער. זי האָט אויסגעטאָן דעם מאַנטל, אויסגעטאָן די שיך, אזוי־אָ, אין קליידל, ארײַנגעלייגט זיך אין בעט, און איך האָב זיך אוועקגעזעצט צופוסנס, געזעסן אין דער פינצטער אָן רייד, מיט אָפענע אויגן, שפעטער מינאַסטאַם א ביסל אַנדרעמלט געוואָרן, צוריק אופגע־כאַפּט זיך, און שוין אזוי דערנאָך אלץ געזעסן און געקוקט, ווי אין שטוב הייבט פּאַוואָלינקע אָן גראָ ווערן און בלאָ ווערן.

און ווען אלע זאַכן אין שטוב — דער שפּיגל, די בעטן, די פּרוי שאַ־לער און די מיידלעך אין די בעטן — האָבן זיך אָנגעהויבן גוט אויסשיילן, האָב איך א טאָרע געטאָן טאָנין, און מיר זײַנען ביידע אַף די שפּיץ פינ־גער ארויס פונעם צימער — ס'האָט קיינער ניט אָנגעהויבן וויסן, צי ס'איז דאָ עמעצער באַנאכט געווען און פארוואָס ס'איז דאָ עמעצער באַנאכט געווען.

ס'האָבן אָנגעהויבן קלינגען די ערשטע טראַמווײַען. כ'האָב טאָנין אופגעזעצט אַפן טראַמוויי און זיך עפּעס ניט געקאָנט אומקערן אהיים צולייגן זיך א ביסל אָפּרוען. כ'האָב זיך געדרייט אין דרויסן בא דער שטוב, ביז ס'איז גוט ליכטיק געוואָרן, ביז די גאַסן זײַנען פול געוואָרן מיט מענטשן. און כאָטש טאָני האָט מיר א זאָג געטאָן, איך זאָל ניט זײַן אזוי פארליבט אין זיך, בין איך פונדעסטוועגן צוגעגאַנגען צו די פלע־צער, וווּ מיר זײַנען באַנאכט געווען, און, שפּאַנענדיק אזוי אַנטקעגן אַפן טראָטואַר, געשפּיגלט זיך אין מײַנע אָנגעשריבענע רויטע אויסײַעס.

א געפיל האָב איך דעמלט געהאַט אזא, ווי איך פלעג שפּעטער, אין די קומענדיקע יאָרן, האָבן נאָר דאַן, ווען איך פלעג טאַקע אליין עפּעס אָנשרײַבן.

דאָס דאָזיקע געפיל גייט אוף אין מיר אויך איצט, בייס איך שרײַב די דאָזיקע שורעס.

* * *

גיי זשע ווייס, אַז דעם אַנדערן אָפּדערנאַכט, אַף דער זיצונג פון אונדזער קעמערל, וועלן מיר פאַר דעם דאָזיקן איבערסטאַרען זיך אונדז־זערן ארײַנכאַפּן דעם עמעסן פּסאַק.

ערשטנס, האָבן אלע פאָרלעך געדארפט פארענדיקן די אופשריפטן אף די ווענט אין אַנדערהאלבן שאָ ארום, האלב צוויי באנאכט. אויב די פאַ־ליציי וואָלט דאָס באלד געווען דערזען און וואָלט געוווען אָנגעהויבן אומנישטערן איבער דער שטאָט, וואָלט זי אונדז פונקט געכאפט בא דער האנט און מיר וואָלטן גוט געווען דורכגעפאלן.

צווייטנס, זײַנען מיר ניט פּאָשעט מיר. מיר זײַנען צוויי מיטגלידער פונעם אונטערערדישן קאָמיוג. עס וואָלט געהייסן, אז איך און טאָני, צוויי מיטגלידער פונעם אונטערערדישן קאָמיוג, זײַנען דורכגעפאלן איבער אונדז ביידן — איבער מיר און טאָנין.

פאר אזא זאך וואָלט מען אונדז פונעם קאָמיוג געקענט אויסשליסן.

אין די דאָזיקע שטראָף־רייד, וואָס מיר האָבן אויסגעהערט, איז געווען גענוג לאָגיק און גענוג עטיק, נאָר די שארפקײַט זייערע האָט מיך, גע־דענק איך, גענוג געשניטן. האָסט ארײַנגעלייגט די גאנצע נעשאָמע דײַנע, די גאנצע ערלעכקײַט דײַנע, ביסט זיך אליין אינגאנצן גרייט געווען ארײַנצולייגן, — און דו הערסט רייד וועגן אויסשליסן, שיר־שיר ניט וועגן פאראט.

נאָר כ׳האָב פארשטאנען, אז דאָס זײַנען די אײַזערנע געזעצן פון קאמף, פון אונטערערדישקײַט, און מע דארף אין זיי ניט, ווי א נויגייער־בעדאָוועער, נאָר אָביעקטיוו, ווי א זײַטיקער, ארויסהערן נאָר איינס: לאָ־גישקײַט און עטישקײַט.

אזוי האָב איך דעמלט פארשטאנען.

## 7

דאָס העפטל מיט די לידער מײַנע איז געבליבן ליגן א פארלאָזטס ערגעץ גאָר אונטן אפן דנאָ פון מײַן טשעמאָדאנטשיקל.

עס פלעגט מיך דאפקע פון צײַט צו צײַט יאָ א קאָרטע טאָן. אמאָל עפּעס א בענקשאפט, א דערמאָנונג, אמאָל א פארצאָרנטקײַט, אמאָל יינגלשע פרייד פלעגן א וועב טאָן אין מיר שורעס, ריטמען, ניגונים, שעפּטשערײַ, געשריי. נאָר איך פלעג דאָס מער אף פאפיר ניט ארויס־לייגן. כ׳פלעג עס אין זיך שטילערהייט פארקוועטשן — טראכטן, אז איך רייניק זיך אָפּ פון נארישקײַטן, וואָס שטערן מיר טאָן דאָס העכסטע און נייטיקסטע.

זאָל נאָר קומען, פלעג איך טראכטן, יענע פרײַע גליקלעכע צײַט, וואָס מיר קעמפן איצט אויס און וועלן ברענגען, וועלן אלע מענטשן ניט נאָר ווערן ברידער, נאָר יעדער איינער באזונדער וועט זײַן א שעפער, אן אנטפלעקער, א דיכטער.

פונדעסטוועגן, ביז יענע צײַט וועט קומען, פלעג איך מיך דערווײַל, אמאָל אין אן אפּדערנאכט, ארײַנכאפּן צו די צוויי ברידער יסראָעל און מאָרדכע שקאָלניק, וואָס האָבן ביידע געשריבן לידער, האָבן זיך שוין אפילע געדרוקט אויך און האָבן שוין היינט ביידע געהייסן שטיקלעך דיכטער.

די שקאָלניקס האָבן געוווינט ערגעץ העט אונטן אין שטאָט, נאָכן וואָקזאַל, דאָרט, ווו די טראַמוויען דרייען זיך שוין אויס אָף צוריק. די שטוב זייערע און דער הויף ארום דער שטוב זײַנען געשטאַנען אָף א בערגל, מע פלעגט אהין ארופגיין אָף טרעפּלעך. אין שטוב איז טאָמיד געווען ציכטיק־אופגעראמט, שיין־פארשפרייט, די זאכן אין שטוב קליינ־שטעטלדיק־באַלעבאַטיש אויסגעשטעלט, און די מאמע די שקאָלניקס, א יִדענע מיט א מאכניס־אוירעכדיק־צופרידן ווויל פּאָנעם, פלעגט דער־לאַנגען א גלאָז טיי מיט אײַנגעמאכטס, נאָך איידער מ׳האָט באוויזן גוט אוועקזעצן זיך אָף א בענקל. דער פּאָטער זייערער איז געווען א זגורי־צער יִיד, א געפּאַקטער און נידעריטשקער, וואָס האָט געשמעקט מיט פעלד און מיט טוווּע, האָט געשפּילט שאָך, אלע טאָג געלייענט א בלאַט, האָט, כוץ טוירע, געקענט אָן א שיר מאָלדאַווישע גלײַכווערטלעך, איז געזעסן און געשעפּט נאכעס פון זײַנע צוויי געראָטענע זין, שטיל אָנגע־קווועלט, וואָס פון אים, פון דעם דאָזיקן בעסאַראַבער יִדל, וועלן, ווער ווייסט, מעגלעך ארויסקומען צוויי ביאַליקס אָדער צוויי היינעס און געטעס.

דער עלטערער ברודער, יִסראָעל שקאָלניק, פלעגט רייכערן ציגאַרעס מיט א ציגאַרער־שפּיצל, האָט טאָמיד גערעדט געקליבענע רייד, גערעדט פּאַמעלעך, באַדאַכט, מיט האַפּסאָקעס אינמיטן ריידן, האָט טאָמיד געוווּסט, וואָס ער זאָגט, און כ׳פלעג אים, געדענק איך, שטאַרק מעקאַנע זײַן, וואָס כאָטש ער איז ניט מיט קיין סאך עלטער פון מיר, פארמאָגט ער שוין אזעלכע צוויי קלוגע טיפע ווינקלען איןביידע זײַטן שטערן, האָט שוין א פּאָר גראָע שפּריצלעך אין די האָר, און אָפּגעדרוקט אין א צײַטונג האָט ער ניט נאָר א פּאָר לידער, נאָר שוין גאַנצע צוויי אַרטיקלען אויך.

מאָרדכע שקאָלניק איז געווען אין מײַנע יאָרן. ער, פּאַרקערט, האָט רויִק ניט געקענט אײַנזיצן אָפן פּלאַץ. ער פלעגט זיך קוועקזילבערדיק א וואָרף טאָן, א היץ טאָן, ארײַן אין די רייד מיט א שאַרפער רעפּליקע, א לאַך טאָן, פּלוצעם פון דער שטוב פארשווינדן, און, אומקערנדיק זיך צוריק אין א צוויי שאָ ארום, ווידער היציק א נעם טאָן זיך צום פריִער־דיקן שמועס, גלײַך ווי דער גאַנצער אוילעם איז דאָ די צוויי שאָ געזעסן און נאָר געוואַרט אָף אים.

דער פּאָטער די שקאָלניקס פלעגט זיך וועגן מאָרדכעלען מיט געגנוג גאַדלעס א כאָכמע טאָן:

— א בראָנפנדיק ווײַנשעלע. ס׳הייבט זיך דיר אָן דרייען דער קאָפּ. ווערסט שיקער. אײַ, איז דאָס גוט! אײַ, גוט! אלע געלטן איז עס ווערט!

אָדער אי מיט גאַדלעס, אי מיט א מין איראָנישער אָנצוהערעניש:

— שירים שרײַבן איז אים ווייניק. גיב אים עפּעס הארבערס, פּעפּער־דיקערס!

בא די שקאָלניקס פלעגט טאָמיד זײַן א פולע שטוב. כ׳האָב דאָרט אמאָל געטראָפן באַריס ווײַסמאַנען (דער שפּעטערדיקער דיכטער זישע באַגיש) מיט א נײַעם נומער פון זײַן ליטעראַריש מיניאַטור־זשורנאַלכל „מאכשאָוועס״, וואָס ער האָט דעמלט איינער אליין ארויסגעגעבן. דער

אוילעם האָט אים דאָס זשורנאַלכל צעגלידערט אף שטיק־שטיקלעך, און באַגיש, געדענק איך, איז געזעסן און אַלץ אויסגעהערט מיט פּינטלעכ־דיקע אויגן און מיט טראָפּנס שווייס אפן שטערן.

די שקאָלניקס פלעגן ליב האָבן איבערצוכאַזערן, אַז ווען איציק מאַנ־גער קומט אַמאָל אַראָפּ קיין טשערנאָוויץ, מאַכט ער דעם ערשטן וויזיט זיי, די שקאָלניקס. ביכלאַל איז מאַנגער אין די דאָזיקע אַפּדערנאַכטן בא די שקאָלניקס געווען די אָפּטסטע טעמע. וועגן דעמלטיקן, נאָך יונגן, מאַנגערן זײַנען שוין אומגעגאַנגען אָן אַ שיר לעגענדעס. ווי דער באַל־שעם, שפּאַנט ער אום צופוס מיקפּאָר ליקפּאָר אומישטעטל לישטעטל. ער נעכטיקט אין די בעסאַראַבער שטעטלעך אין דרויסן אף דער באַנק לעבן דער ביבליאָטעק און דער דאַך פון דער ביבליאָטעק איז אין יענער נאַכט אָפּגעשאָטן מיט שטערן. ווי לי־טײַ־פּע, שרײַבט ער זײַנע לידער אי מיט טינט, אי מיט בלוט, אי מיט ווײַן. ווען ער קומט אַהיים קיין יאַס, צום טאַטן, דינגט ער אפן וואָקזאַל דרײַ פאַעטאָנען, אף איין פאַעטאָן לייגט ער אַוועק דעם קאַפּעליוש, אפן צווייטן — דעם שטעקן, אפן דריטן פאַעטאָן זעצט ער זיך אַליין ברייט אַוועק, און אַזוי־אָ, מיט אַ גאַנצער סוויטע זײַנער, פאָרט ער אַרײַן צו זײַן עקסעלענץ דעם טאַטן דעם שנײַדער, ווי אַ פּרינץ, ווי דער פּרינץ פאַרסטריגיסע דע פאַלגוסי.

שקאָלניק דער פאָטער פלעגט אויסבייגן אַ ביסל אף אַ זײַט דעם קאָפּ, פאַרציִען אַן אויג און אַ זאָג טאָן:

— און עפּשער, קינדער, איז דאָס ניט קיין לעגענדע, האַ?

ייִסראָעל שקאָלניק, דער עלטערער ברודער, פלעגט פּאַמעלעך און באַדאַכט אויסברײַען:

— לעגענדעס גייען נאָך נאָך גרויסע. גייען נאָך הינטן, דערנאָך. אויב דאָ זײַנען שוין פאַראַן לעגענדעס פריִער, פאָרנט, איז דאָס אַ סימען, אַז ער, מאַנגער, וועט אַמאָל זײַן גרעסער נאָך פון גרויסע...

דאָס ייִנגערע ברודערל, מאָרדכע שקאָלניק, פלעגט זיך אַ וואָרף טאָן, אַרײַנפאַלן אין די רייד:

— לעגענדעס־שמעגענדעס. פאַר מיר איז איציק מאַנגער ניט קיין פּליאָטקע־רייד פון ייִדענעס אף פּריזבעס. פאַר מיר איז מאַנגער „גאָלד־פּאַדעניִאַדע", „אָקטיאַבער־באַלאַדע".

און ער פלעגט זיך טאָן אַ שטעל אַוועק, מאָרדכע, און אויסדעקלאַמירן, אויסשרײַען:

רוסלאַנד פיבערט אויס אַ פרילינג,
קומט אַרויס דעם פרילינג הערן!
עמעס, ס׳פאַלן געלע בלעטער,
אָבער ס׳בליִען רויטע שטערן...

איינמאָל בין איך מיט מאָרדכען געווען אף אַן אָוונט, וווּ עלי־עזער שטיינבאַרג האָט געלייענט זײַנע מעשאָלים. אוילעם איז געשטאַנען קאָפּ־אף־קאָפּ. ס׳האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז דאָס איז סאַמע באַקענטער אוילעם. די זעלבע וועבער און וועבערנס, שלאָסער און זאָקנשטריקערנס,

קעטע־רעגער און שפּולערנס, ייִנגלעך און מיידלעך, וואָס עסן אַלע טאָג א „פּאַלשע זופּע" מיט א קאַרטאָפל־סאָוס, מאַכן שטרײַקן, גייען זיצן אין די טפּיסעס. די זעלבע העניעלעך און סאָרעלעך מײַנע.

עליִעזער שטיינבאַרג האָט געלאָזט שטיין אין דער מיט בינע דאָס טישל מיט דער גלאָז וואַסער, די פאַרשריבענע בייגעלעך פּאַפּיר זײַנע אפן טישל, איז אַרויסגעקומען פאָרנט, נאָענט צום עולם, האָט אַלעמאָל א וויש געטאָן מיט די שפּיץ פינגער די פּאָר האָר, וואָס זײַנען אים קאָסע געלעגן איבערן גאַנצן פּליך, די גראָבע גלעזלעך פון זײַנע ברילן האָבן אַלעמאָל א בלישטשע געטאָן קעגן דער שײַן, און אף א שטיל, היימיש קאָל, מיט אזא קינדערישער פרייד אין פּאָנעם, האָט ער מאָשל נאָך מאָשל, נימשל נאָך נימשל, ניט דעקלאַמירט, ניט אפילע געלייענט, נאָר פּאָשעט אַראָפּגערעדט, פאַרטרויט, מוידיִע געווען דעם עולם.

נאָך יעדן מאָשל האָט אין זאַל א דונער געטאָן. באַלד איז דער עולם ווידער געבליבן זיצן מיט אײַנגעהאַלטענע אָטעמס און אויסגעצויגענע העלדזער. און אַז דער אָוונט האָט זיך געענדיקט, האָט מען זיך פון אַלע זײַטן א לאָז געטאָן צו שטיינבאַרגן, אַרומגערינגלט אים, געשטופּט זיך צו אים, ניט געהאַט אים גאָרניט וואָס צו פרעגן, אַלץ איז געווען קלאָר און פּראָסט, געוואָלט פּאָשעט נעענטער שטיין לעבן אים און גוט אָנ־קוקן אים.

מיר האָבן דעמלט מיט מאָרדכען ביז שפּעט אַרומגעשפּאַצירט אף די גאַסן. מאָרדכע האָט מיר איבערגעלייענט א ליד זײַנע, און איך האָב זיך פאַר אים מוידע געווען, אַז איך שרײַב אויך לידער. נאָר כ׳מיין, האָב איך געזאָגט, אַז ניט דאָס דאַרף איך איצטער טאָן. אויב אָנהאַקן א ברעם האָלץ אין וואַלד, אָנרופן זיך וואַסיל און אויסהייצן מיטן דאָזיקן האָלץ בא א קראַנקער ייִדענע די הרובע אין שטוב איז פאַרן נעמיראָווער אויב ניט נאָך העכער ווי קומען אין שול אַרײַן צו סליכעס, זײַנען, האָב איך געזאָגט, די פּראָקלאַמאַציעס, די פּראָקלאַמאַציעס, וואָס איך פאַרשפּרייט באַנאַכט, מײַן אויב ניט נאָך העכער.

מאָרדכע, געדענק איך, איז געבליבן שטיין, אויסגעדרייט זיך צו מיר מיטן פּאָנעם, מיך א רעגע פון אונטן אַרוף גוט באַקוקט, אַרופגעלייגט דערנאָך א האַנט זײַנע אף מײַן פּלייצע און א זאָג געטאָן:

— נאָר איינער, קיין אויב ניט נאָך העכער איז ניט פאַראַן. גענוג, אַז ס׳איז פאַראַן נידעריק, מיטלמעסיק און הויך. מיינסט, אַז מיר איז פרעמד די דאָזיקע זאַך, וואָס הייסט פאַרשפּרייטן פּראָקלאַמאַציעס,— האָסטו א טאָעס. נאָר וואָס קער זיך אָן יענץ מיט דעם? האָסט דאָך הײַנט געזען, וואָס דיכטונג הייסט. לידער קענען האָבן די זעלבע היץ, ווי דײַן נעמיראָווערס בינטל האָלץ, דעם זעלבן פּולווער, ווי דײַנע פּראָקלאַמאַ־ציעס, און קענען אין דער זעלבער צײַט זײַן דאָס גילדענע פינגערל — האָבן אין זיך די גילדענע הויכקײַט פון קונסט...

אף יענעם שפּעטבאַנאַכטיקן שפּאַציר האָב איך, הייסט עס, מוידע גע־ווען זיך פאַר מאָרדכען, אַז איך שרײַב, פּונקט ווי ער, לידער, און מאָרדכע

האָט זיך פאַר מיר מוידע געווען, אַז ער פאַרשפּרייט אַמאָל, פּונקט ווי איך, פּראָקלאַמאַציעס אין די טשערנאָוויצער פּאָרשטעט.

מיר האָבן, געדענק איך, לאַנג שפּאַצירט. מאָרדכע האָט זיך דאָס מאָל ניט געהיצט, ניט געוואָרפן זיך. ער האָט קיל און מעיושעוודיק אַ זאָג געטאָן, אַז אויב עס איז אים באַשערט צו הייסן אַמאָל דיכטער, וויל ער, עס זאָל אים באַשערט זײַן צו הייסן אַ דיכטער אַ סאָלדאַט, אַ דיכטער אַ זעלנער, אַ פּראָלעטאַרישער דיכטער. אַזוי טאַקע, האָט ער געזאָגט, וועט ער די לידער זײַנע אונטערשרײַבן: ניט מאָרדכע שקאָלניק, נאָר — מאָרדכע זעלנער.

און אַזוי־אָ טאַקע האָבן זיך אין אַ פּאָר יאָר אַרום אָפּגעדרוקט אין קעשענעווער לינקן זשורנאַל „אָנזאָג״ מאָרדכע זעלנערס צוויי רירנדיק־אופּריכטיקע, דרייסטע, שאַרפע, אומיטלבאַר־רעוואָליוציאָנערע אַנטימיל־כאָמע־לידער.

נאָר אַלס זעלנער איז ער פונדעסטוועגן מערער דערנאָך געזעסן אין די טפּיסעס, ווי געדרוקט לידער.

און ווי אַ זעלנער איז ער שפּעטער, אויף דער פאָטערלענדישער מיל־כאָמע, געפאַלן אין שלאַכט.

## 8

באָרע לערנער און בענע יאָרגרוי. צוויי נײַע כאַווײרים מײַנע. צוויי ייִנגלעך אין איין עלטער מיט מיר. ביידע גימנאַזיסטן דעמאָלט אין די לעצטע קלאַסן. אָט, נאָך אַ ביסל, וועט מען ענדיקן די גימנאַזיע, אָפּגעבן באַקאַלאַריאַט, ווערן סטודענטן. נאָר ביידע האָבן די גימנאַזיעס ניט געענ־דיקט, קיין באַקאַלאַריאַט ניט אָפּגעגעבן און קיין סטודענטן ניט געוואָרן. ס'איז בײַ זיי מיט די גימנאַזיעס פּאָרגעקומען פּונקט אַזוי, ווי בײַ מיר מיטן סעמינאַר: אַ ביסל האָבן מיר זיי ניט געוואָלט, און מער ווי אַ ביסל האָבן זיי אונדז ניט געוואָלט.

ביידע, באָרע און בענע, זײַנען געווען גאָר פאַרשיידענע צוויי ייִנג־לעך. באָרע — אַ שטאַלטנער, אַ לעבעדיקער, אַ קלוגער. בענע — אַ שמאָלבלעך־נידעריקער, אַ שטילער, אַ שעמעוודיקער. אַז איך בעט זיי ביידע אַרײַן אין דער דאָזיקער דערציילונג מײַנער, הער איך, ווי ביידע שאָקלען מיט די קעפּ אויף ניין, זאָגן ביידע: מע דאַרף ניט. באָרע: גיי, צוליב וואָס מאַכן פון אונדז ליטעראַרישע פאַרשוינען, ליטעראַטור? בענע: איי, וואָס פּלוצעם איך? ס'זײַנען קאַרג געווען אַנדערע, וואָגיקערע, בעסערע?..

ביידע, אי באָרע, אי בענע, האָבן זייער ווייניק געלעבט. זיי זײַנען ביידע אַוועק פון דער וועלט גאָר פרי. ביידע זײַנען זיי געבליבן יונג. דער דאָזיקער באַנאַלער זאָג קלינגט אין דעם פאַל אַנדערשדיק, מאַכמעס די דאָזיקע צוויי כאַווײרים מײַנע האָבן ניט אופגעהערט לעבן אין מײַן זיכּאָרן, געעלטערט זיך די גאַנצע צײַט איינייִנעם מיט מיר, און עס דאַכט

זיך מיר אויס, אז זיי שטייען איצט און הערן דעם דאָזיקן זאָג וועגן זיי פּונקט מיט אזא אָפּגעזילבערטן קאָפּ, ווי מײַנער.

בענע יאָרגרוי — דער דאָזיקער ווייכער, א ביסל שעמעוודיקער און א ביסל אומבאהאָלפענער, מיט זײַן נאַיוו־פארגלייבט, קימאט יעשיוועשׂ־באָכערדיק פּאָנעם, מיטן פליושענעם קעלנערל אף זײַן אָפּגעלאָזטער פאַלטאָ און מיט די שטענדיק לאַכנדיקע, שטענדיק פרעגנדיקע, גוטע אויגן זײַנע — איז געפאלן אין דער אינטערנאציאָנאַלער בריגאדע בא די לעצטע געשלעגן פאר מאדריד.

באָרע לערנער — דער דאָזיקער אייביק לעבעדיקער, אייביק פרייליכער און אייביק זינגענדיקער (ער פלעגט זיך, געדענק איך, שפּאַנענדיק טאָמיד אונטערזינגען דאָס לידל „אלץ העכער און העכער״), מיט דער געדיכטער טשופּרינע האָר אפן קאָפּ, מיטן קאַנטנדיק־פּראַקשנטן פּאָנעם זײַנעם, וואָס האָט טאָמיד ווי געשניטן זיך קעגן ווינט, מיט די צוויי טיפע קארבן איןביידע זײַטן מויל, וואָס האָבן, אין דער זעלבער צײַט, געזאָגט, אז אָ־דער יונגער פריילעכער באָכער לעבט איבער און באזיניקט זאכן א ביסל מער ווי פאר זײַן עלטער, — איז גיליאָטינירט געוואָרן אין פאריזש בימיי היטלער.

* * *

באָרעס פּאָטער איז געווען א בוכהאלטער ערגעץ אין א גרויס געשעפט פון ברעטער און געהילץ.

כ׳פלעג אים טאָמיד זען אין די אפדערנאכטן זיצן באַם טיש איבערגעבויגן איבער קאָנטאָרסקע ביכער, זיצן טאָמיד א נאָרוואָס אָפּגעגאָלטער, אָנגעטאָן אין א לאנגן ווארעמען שלאָפראָק, באַם האלדז, ווי א קליינשטעטלדיקער כאזן, ארומגעהילט, אין שטוב בא אן אָנגעהייצטער הרובע, מיט א וואָלן שארפל. דעם האלדז פלעגט ער, אפּאָנעם, היטן מער ווי אלצדינג אין דער וועלט: פלעגט קיינמאָל קיין הויך וואָרט ניט אויסריידן, פלעגט ביכלאל, אפילע שטילערהייט, ווייניק וואָס ריידן. ער פלעגט נאָר קאָסע, פון די ציפּערלעך ארויס, כאָפּן א ביסטרע קוק אף די גוטע כאווירים, וואָס באָרע ברענגט אָן אין שטוב, ארויסלאָזן בעשאסמײַסע פונעם האלדז א מין מעשונעדיקן קכע, אי, אפּאָנעם, א פּרוּוו טאָן אזוי, צי ער ארבעט נאָך, דער דאָזיקער צופּיל געהיטער האלדז, אי טאקע איניינוועגס געבן אָנצוהערן, אז אָ־דער שווײַגנדיקער האלדז זײַנער קען באלד טאָן אזא געשריי, אז פון דער גאנצער באָסע קאָמאנדע באָרעס זאָל איניינעם מיט באָרען אין איין רעגע אין שטוב קיין זייכער ניט בלײַבן.

באָרע פלעגט אונדז אָפּט זאָגן, אז דער פּאָטער זײַנער איז זייער א פריקרער מענטש. אז אינדערעמעסן איז ער ניט אזוי שלעכט און אלט, ווי ער זעט אויס, אז פריקרע און פארביסן און געהויקערט און פארשטומט איז ער געוואָרן דאָרט, בא די באלעבאטים זײַנע, וואָס האקן די בוקאָווינער וועלדער, צעשיקן האָלץ־פליטן אפן פרוט און אפן טשערמוש,

פאַרמאָגן „זעגן", ווו דאָס האָלץ ווערט צעפּאַסעוועט אַף ברעטער, סקלאַדן, ווו די ברעטער ווערן פאַרקויפט און פאַרהאַנדלט, פירן געשעפטן מיט אויסלאַנד, מאַכן מיליאָנען, און ער, באָרעס פאָטער, פּלאָנטערט זיי אויס די כעזשבוינעס, ציילט און רעכנט דעם קערן און דעם רעוועך זייערן, היט, פאַר א שיבעש, אַז פון די דאָזיקע מיליאָנען זאָל כאָלילע ניט פאַרפאַלן ווערן קיין קאָפּעקע, קיין גרייַצער. דאָרט, בא די באַלעבאַטים זיַינע, האָט ער זיך אָנגעשטעקט מיט זייער כאַלאַס — מיט זייער גיריקייַט און מיט זייער זשעדנעקייַט. א מיליאָנען־כאַלאַס פאַר א שיבעש.

די מאַמע, פלעגט אונדז באָרע זאָגן, האָט דעם פאָטער ניט ליב. ס'הייסט, זי פאַרשטייט פּאָשעט ניט זיַין טראַגעדיע. און ווען זי וועט מיט דער ציַיט עפּשער יאָ אָנהייבן פאַרשטיין, וועט שוין זיַין צו שפּעט. זי וועט זיך שוין מיט גאָרנישט ניט קאָנען רעכענען. זי וועט שוין האָבן פאַר זיך א מענטשן, וועלכן זי האָט ניט נאָר אופגעהערט ליב האָבן, נאָר פּאָוואָלינקע, ביסלעכווייַז, ביטער פיַינט געקריגן.

באָרע פלעגט וועגן דעם אַלעמען ריידן אַזוי פון דער זיַיט און אַזוי פון דער הייך, קאָן מען זאָגן, גלייַך ער וואָלט ניט גערעדט וועגן אייגענע טאַטע־מאַמע, נאָר וואָלט אונדז אויסגעטיַיטשט א היסטאָריע, וואָס ער האָט ניט לאַנג ערגעץ איבערגעלייענט. ער פלעגט דערנאָך, געדענק איך, א קנאַק טאָן מיט צוויי פינגער און א זאָג טאָן:

— עך, כעוורע, אַלצדינג, אַלצדינג דאַרף מען איבערקנעטן: רייַכקייַט, אָרעמקייַט, פאַרקנעכטקייַט, ליבשאַפט, מאַן־און־וויַיב, עלטערן, קינדער...

די מאַמע באָרעס איז, פאַרקערט, געווען א הויכע כיינעוודיקע פרוי מיט א שיינעם שטאַלט, טאָמיד אין א דין זומערדיק קליידל, טאָמיד מיט נאַקעטע הענט, מיט א סאַך כיינעוודיקייַט אין יעדן קער אירן, מיט א סאַך מילדקייַט און אָפנקייַט אין איר פריש יונג פּאָנעם, וואָס אַז מ'האָט זיך גוט צוגעקוקט דערצו, האָט מען דערוף געזען גענוג קנייטשן און קנייטשלעך און גענוג זאָרג און אומעט באַהאַלטן אין די דאָזיקע קנייטשן און קנייטשלעך.

די גאַנצע לייַדנשאַפטלעכע ליבשאַפט, וואָס די דאָזיקע פרוי האָט, דאַכט זיך, פאַרמאָגט אין יעדן אייווער אירן, האָט זי אָפּגעגעבן דעם איינציקן זון, באָרען, און דעם איינציקן טעכטערל, באָרעס שוועסטערל — א שטיל גראָבטשינק מיידעלע פון א יאָר עלף־צוועלף, וואָס פלעגט טאָ־מיד זיצן אין א ווינקל בא א טיש־לעמפּל איבער אירע שול־העפטן, פלעגט פרי אוועקגיין לייגן זיך שלאָפן, א קוש טוענדיק דעם טאַטן און די מאַמען, און האָט זיך נאָך, פאַרשטייט זיך, אין אַזעלכע באַזונדערע איבערלעבענישן דער מוטערס און אין אַזא זאָרגעוודיק־טיפער ליבשאַפט דער מוטערס, ווי באָרע, ניט געניייטיקט.

באָרע איז פאַר דער מוטער געווען דאָס גאַנצע לעבן. זי האָט ניט פאַרשטאַנען זיַינע „קרומע" גענג. זי האָט גוט ניט געוווּסט, וואָס ער וויל. איר איז אויך עפּשער ניט געווען צום האַרצן די אויסטערלישע כאַוויירים זיַינע, וואָס ער ברענגט אַריַין אין שטוב. נאָר אויב די דאָזיקע קרומע גענג זיַינען באָרעס גענג, זיַינען דאָס מער ניט קיין קרומע גענג.

אז באָרע וויל ניט די גימנאַזיע, דאַרף מען, אַפּאַנעם, אַזאַ גימנאַזיע ניט וועלן. אַז די ייִנגלעך מיט די פֿאַרשאַטנט־סוידעסדיקע פּענעמער זײַנען באָרעס כאַוויירים — זײַנען דאָס באָרעס כאַוויירים.

זי פֿלעגט אונדז אַרײַנשלעפּן אין קיך אַרײַן. (אָוועקנעמען אונדז, הייסט עס, פֿונעם פּאָטערס אויגן — לאָז ער קלוימערשט זיצן און אַר־בעטן). זי פֿלעגט אונדז ניט אָפּלאָזן: מיר זאָלן זיך נאָר אָוועקזעצן באַם טיש אָפּעסן איניינעם מיט באָרען וועטשערע. זי פֿלעגט באַ אונדז פּרוּוון אויסטאַפּן, וווּהין מיר קלײַבן זיך גיין, וואָס מיר קלײַבן זיך הײַנט אָפּ־דערנאַכט טאָן. זי פֿלעגט בלעטערן די ביכלעך אונדזערע, וואָס מיר האָבן אַרויסגעלייגט פֿון אונטער די אָרעמס. זי פֿלעגט אונדז פּלוצעם, קלאָמ־פֿערשט גלאַט אַזוי זיך, אַ פֿרעג טאָן, וואָס מיר זאָגן וועגן דעם, וועגן יענעם. און אַז ס'האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז זי האָט זיך נאָך אַלעמען ניט דערוווּסט באַ אונדז דאָס, וואָס זי האָט זיך געוואָלט דערוויסן, פֿלעגט זי פֿאַרלייגן ביידע נאַקעטע הענט אירע אויפֿן האַרצן, גלאַט שטיין באַ דער זײַט און גלאַט אַזוי קוקן אויף אונדז, און דערנאָך מיט אַ מין בעטנדיק קאָל אַ זאָג טאָן:

— גייט, קינדערלעך, וווּהין איר ווילט. טוט, וואָס איר ווילט. איין זאַך בעט איך אײַך: טוט אַזוינס, ס'זאָל כאָלילע קיינעם גאָרנישט ניט שאַטן!..

עס געדענקט זיך גוט אַזאַ פּאַסירונג.

אין איינער אַ יאַנוואַר־נאַכט, אין דער לעניִן־וואָך, זײַנען מיר אָ־דאָ־אָ באַ באָרען אין קיך געזעסן און אויסגעמײַסטערט פֿון אַ רויט שטיק לײַוונט, וואָס מ'האָט אונדז פֿאַרנאַכט איבערגעגעבן, זעקס קליינע פֿענד־לעך און איין פֿאָן אַ גרויסע. ס'איז געווען אַרום איינס באַנאַכט. אין אַ שאָ אַרום, פּונקט צוויי, האָבן מיר געדאַרפֿט אַרויסגיין די פֿאָנען צע־הענגען. באָרע און בענע האָבן די גרויסע פֿאָן געדאַרפֿט אויפֿהענגען אויפֿן אָוסטריע־פּלאַץ — פּונקט קעגן דער טפּיסע. איך און מאַקסימטשיק סטאַ־סיוק, אַ באָכער פֿון אַ הוצוליש דאָרף ערגעץ לעבן טשערנאָוויץ, באָרעס אַ מיטשילער, אַ באָכער, וואָס האָט געטראָגן לאַנגע האָר, איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ פֿוטערן פּעלצל, אָן אויסגעשטעפּטס מיט הוצולישע אָר־זאָרן, און מיר האָבן אים, געדענק איך, איבער די דאָזיקע לאַנגע האָר זײַנע גערופֿן ניט מאַקסים סטאַסיוק, נאָר מאַקסים גאָרקי, — מיר ביידע האָבן די זעקס קליינע פֿענדלעך געדאַרפֿט אָנטשעפּען אויף די עלעקטרישע דראָטן ערגעץ אין די הינטערשטע גאַסן, לעבן וואָקזאַל.

מיר האָבן די רויטע לײַוונט צעמאָסטן, צעשניטן און זײַנען דערנאָך אַלע פֿיר, מיט נאָדל־פֿאָדעם אין די הענט, ווי עמעסע שנײַדער־געזעלן, געזעסן איבערגעבויגן איבער די דאָזיקע צעשניטענע שטיקער, וואָס זײַנען געלעגן צעשפּרייט אויף אונדזערע קני, זיי אַרומגעזוימט, אַרומגענייט. דאַכט זיך, גאָר קיין באַזונדערע כאָכמעס ניט אויפֿגעטאָן, נאָר די דאָזיקע פּאָשעטע שטיקער לײַוונט האָבן מיטאַמאָל אָנגעהויבן באַקומען אַ באַזונ־דער מין טאָך, אַ באַזונדער מין הייליקײַט, וואָלט איך געזאָגט, — זײַנען געוואָרן פֿאָנען. רויטע פֿאָנען.

ס׳איז שוין געווען גוט שפּעט. בא באָרען איז מען שוין, פאַרשטייט
זיך, לאַנג געשלאָפן. ס׳האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז מיר האָבן זיך א גאַנצן
אָפּדערנאַכט אַרומגעדרייט אין דרויסן אָפן פראָסט מיטן דאָזיקן שטיק
לײַוונט, וואָס מ׳האָט אונדז אף דער באַגעגעניש איבערגעגעבן, און ניט
געהאַט ווּהין אַרײַנצוגיין אָפּטאָן דאָס שטיקל אַרבעט. מ׳האָט אונדז גע־
זאָלט ברענגען פּאַרטיקע פּאָנען. נאָר ס׳האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז קיין
פּאַרטיקע פּאָנען האָט מען אונדז ניט געקאָנט ברענגען. מ׳האָט אונדז נאָר
איבערגעגעבן פּינקטלעך, ווען און ווּ מיר דאַרפן די פּאָנען אופהענגען.
און מ׳האָט אונדז געזאָגט, אַז מיר זאָלן ביז צוויי באַנאַכט אַליין שוין
ערגעץ זען אויספּאַרטיקן זיי. קיין שטוב האָבן מיר פריִער ניט צוגע־
גרייט. און באָרע האָט אונדז גענומען צו זיך. שטילערהייט אַרײַנגעפירט
אונדז דורך דער הינטערטיר אין קיך אַרײַן, ווען דער אוילעם זײַנער
איז שוין געשלאָפן.
ווען די פּאָנען זײַנען שוין געווען פּאַרטיק און ס׳איז נאָך געבליבן
א מין פערטל שאָ צו צוויי, איז בענע, געדענק איך, אַרויסגעגאַנגען א
קוק טאָן, וואָס עס הערט זיך אין דרויסן אַרום דער שטוב. די טיר האָט
זיך פאַרקלאַפּט. בענע האָט געטאָן א קוועטש די קנאָפּקע אף דער טיר,
א קורצן קלונג געטאָן, מע זאָל אים אַרײַנלאָזן. נאָר ער האָט ניט גע־
ווּסט, בענע, אַז די קנאָפּקע פונעם גלעקל, וואָס געפינט זיך אין דרויסן
אף דער קיך־טיר, רופט זיך גראַדע אָן ערגעץ ווײַט אין שלאָפצימער,
איבער ביידע בעטן, ווּ עס ליגן איצט און שלאָפן באָרעס פאָטער און
מוטער.
מיר האָבן אופגעמאַכט די טיר און בענען צוריק אַרײַנגעלאָזט. נאָר
ס׳איז שוין געווען פאַרפאַלן. דעם קלונג האָט מען שוין ניט געקענט צו־
ריקכאַפּן. אין דרויסן, אַרום דער שטוב, איז אַלץ געווען קעשורע. ניט
רוּיִק, מאַמעש סאַקאָנעסדיק, האָט אָנגעהויבן ווערן אינווייניק, אין שטוב.
אין א פּאָר רעגעס אַרום איז אין קיך שטיין געבליבן אין הוילן נאַכט־
העמד באָרעס מאַמע. זי האָט דערזען די רויטע פּאָנען, און ס׳איז איר
מיטאַמאָל אַלץ קלאָר געוואָרן. די הענט און פיס אירע האָבן איר אָנגע־
הויבן ציטערן. זי איז געשטאַנען און לאַנג ניט געקאָנט קומען צו־זיך,
לאַנג ניט געקענט אַרויסברענגען קיין וואָרט פונעם מויל. דערנאָך איז
זי צו צו בענען, צו צו מיר, צו מאַקסימקען, און אונדז איינעם נאָכן
אַנדערן אָנגעהויבן קושן, בעטן, יעכצן:
— זאָל באָרע ניט גיין מיט אײַך. כ׳בעט אײַך, גייט אַליין אָן באָרען.
וואָס איר וועט ווּעלן, וועל איך פאַר אײַך טאָן. וואָס איר וועט מיר
הייסן. אַבי באָרע זאָל זײַן לעבן מיר. אַבי מע זאָל באָרען ניט טשעפּען.
ער איז מײַן איינציק ביסל פרייד. ער איז מײַן לעבן. מײַן איינציקע
האָפענונג...
סײַוויסײַ זײַנען מיר שוין, אַזוי צו זאָגן, געווען דעקאָנספּירירט.
באָרע האָט שוין בעמיילע מיט אונדז ניט געטאָרט גיין: איבערלאָזן די
מוטער אין אַזאַ צושטאַנד — ווער ווייסט, צו וואָס דאָס וואָלט געקאָנט
ברענגען. און בענע, געדענק איך, איז צוגעגאַנגען צו באָרעס מוטער, א

כאפּ געטאָן א האַנט אירע און מיט אזא קאָל און מיט אזעלכע ווערטער, ווי מע נעמט אײַן א קליין קינד און ניט, קיין אײַנהאָרע, אזא גרויסע מאמע, ווי באָרעס, אָנגעהויבן באָרעס מוטער אײַנשטילן, באַרויִקן, א זאָג געטאָן, זי זאָל קיין יעסורים ניט האָבן, באָרע וועט בלײַבן אין דער היים, ער, בענע, וועט שוין אַלצדינג, וואָס מע דאַרף, טאָן אַליין, אָן באָרען. אָף באָרען, האָט בענע געזאָגט, ליגט איצטער איין כויוו: ער זאָל דער מוטער אויפקלערן וואָס און ווער און ווען. אויב זי ווייסט שוין עפּעס — דאַרף זי שוין וויסן אַלצדינג. אז זי האָט שוין יאָ געזען די פאָנען, דאַרף זי וויסן, וואָס עס באַטײַטן די דאָזיקע רויטע פאָנען, צוליב וועמען מיר הענגען די דאָזיקע רויטע פאָנען אויף, און פאַרוואָס מיר הענגען גראָד הײַנט באַנאַכט אויף די דאָזיקע רויטע פאָנען. מיט איין וואָרט: אַלצדינג — פונעם סאמע אָנהייב ביז אין סאמע סאָף.

מיר זײַנען אַרויס אין דער פּראָסטיקער נאַכט. בענע — מיט דער גרויסער פאָן אונטער דער פּאָלע, איך און מאַקסימקע — מיט די זעקס קלענערע פענדלעך. מיר האָבן אָפּגערעדט, אז אַן ערעך אין א שאָ אַרום, נאָכדעם ווי די אַרבעט וועט שוין זײַן אָפּגעטאָן, זאָלן מיר זיך אַלע דרײַ טרעפן אפן רינג־פּלאַץ, דאָרט, ווו עס שטעלט זיך אָפּ דער טראַמוויַ, לעבן דער בודקע, וואָס איז אַרומגעקלעפּט מיט קינאָ־אַפישן. מיר דאַרפן איינער אפן אַנדערן ניט וואַרטן. אין די קינאָ־טעאַטערן איז דעמלט געגאַנגען רעמאַרקס „אפן מײַרעוו־פראָנט איז נישטאָ קיין נײַס”. ווער פון אונדז ס'וועט צוריק קומען פריִער, זאָל אָף דעם אַפיש אונטערצייכענען די דרײַ ווערטער „נישטאָ קיין נײַס”. און דאָס וועט זײַן א סימען, אז ער איז געזונט און שטאַרק — אַלץ איז דורכגעגאַנגען בעשאָלעם.

די נאַכט איז געווען אַן אויסגעשטערנטע און לויטערע. דער שניי האָט געסקריפּעט אונטער אונדזערע פיס. אַלצדינג אַרום איז געווען ווײַס, העל. אפן דאָזיקן פּראָסטיק־ווײַסן דרויסן, וואָס האָט אַזש פאַר ווײַסקײַט געבלישטשעט, האָבן זיך די טונקעלע צווייִ פיגורלעך, מײַנע און מאַקסימקעס, אויסגעטיילט נאָך טונקעלער — קלאָרער. ס'איז גראַדע ניט געווען אזא פויגלדיקער דרויסן פאַר אזא שטיקל אַרבעט, וואָס מיר זײַנען געגאַנגען טאָן. איין צופעליקער קוק עמעצנס — און מע דערזעט אונדז, מע דערטאַפּט אונדז. נאָר אָף די גאַסן אַרום וואָקזאַל איז, ערשטנס, אַפילע קיין הונט ניט געווען. צווייטנס — האָט די ווײַסקײַט אַרום־און־אַרום אונדז אי געמאַסערט, אי געדינט: ווי ווײַט ערגעץ עמעצער זאָל זיך געווען אַרויסיאַווען, וואָלטן פריִער מיר אים דערזען, איידער ער אונדז.

אפן וועג האָבן מיר אויסגעזוכט עטלעכע שטיינדלעך; דאָס שטיינדל אַרומגעבונדן מיטן שמאָלן בענדל, וואָס מיר האָבן ספּעציִעל געהאַט צוגעגרייט צו די פענדלעך; א וואָרף געטאָן דאָס פענדל אינדערלופטן; דאָס בענדל מיטן שטיינדל האָט זיך פאַרדרייט אַרום עלעקטרישן דראָט; און אָף די ווײַסע פאַרפּראָסטיקטע דראָטן איז דאָס רויטע פענדל געבליבן הענגען א צעפלאַטערטס.

מיר האָבן דאָס דאָזיקע טועכץ איבערגעכאַזערט זעקס מאָל. אָף זעקס גאַסן אין דער וואָקזאַל־געגנט. אין זעקס פלעצער, ווו באַן־אַרבעטער, מיט

די שוואַרצע אײַזערנע רענצעלעך זײערע און מיט די לאַמטערנדלעך אין די הענט, װעלן גאַנצפרי גײן צו דער אַרבעט אָדער גײן פֿון דער אַרבעט.

די דאָזיקע רויטע פֿענדלעך װעלן זײ שױן, אָן װערטער, אַלץ זאָגן.

מיר, די שליכים, אײן זיבעצניאָריק ראַשקעװער ייִנגל און אַ צװײט זיבעצניאָריק הוצוליש ייִנגל, האָבן זײ די דאָזיקע געװלע־בסורע געבראַכט צו טראָגן אױף זעקס רויטע פֿליגל.

נאָר קײן סאַך צײַט פֿאַר ראָמאַנטישע פֿאַנטאַזירונגען איז, פֿאַרשטײט זיך, ניט געװען. איך און מאַקסימקע האָבן אַפֿגיך געדאַרפֿט לױפֿן צום רינג־פּלאַץ, דאָרט, װוּ עס שטעלט זיך אָפּ דער טראַמװײַ, צו דער קײַלעכ־דיקער בודקע, װאָס איז אַרומגעקלעפּט מיט אַפֿישן.

די קינאָ־אַפֿישן אױף דער בודקע זײַנען אָבער דאָ און דאָרט, אױף די ראַנדן און אין די קנײטשן זײערע, געװען פֿאַרבלאָזן מיט שנײ. קײנער האָט נאָך דעם שנײ ניט אָפּגעטרײסלט, און קײנער האָט נאָך די דרײַ װער־טער „נישטאָ קײן נײַס״ ניט אונטערגעצײכנט. װוּ איז בענע? איז כאָלילע עפּעס געשען מיט בענען? פֿאַרװאָס איז ער נאָך דאָ ניט געװען? פֿאַרװאָס איז ער נאָך נישטאָ דאָ?

מיר האָבן איבערגעלאָזט אױף אַן אַפֿיש דעם אָפּגערעדטן סימן אונדזערן און זײַנען אַװעק אַרױף אין שטאָט. צום אױסטריע־פּלאַץ. אַנטקעגן, לעבן דער שטאָט־פּרימאַריע, האָט הין און צוריק אַרומגעשפּאַנט אַ פּאָליצײ־שוימער אין אַ פֿאַרגאַרטלטן פּעלץ. ערגעץ העכער האָט באַ אַ טויער געזעגנט זיך אַ פּאָרל: זי — אין אַ לאַנג קלײד אונטער דער פּאַלטאָ, ער — אין אַ קײַלעכדיק־האַרטן קאַפּעליוש, אין אַ װײַס שאַרפֿל אַרום האַלדז. דאָס געלעכטער דעם דאָזיקן פּאָרלס און די סקריפּענדיקע טריט דעם פּאָליצײ־שוימערס זײַנען געװען די אײנציקע קלאַנגען אין דער װײַ־סער נאַכט. די שטאָט איז געשלאָפֿן. װי קען עס אַ שטאָט אין אַזאַ נאַכט אַזױ שלאָפֿן?

מיר זײַנען ניט געגאַנגען, מיר האָבן זיך מאַמעש געטראָגן, געגליטשט זיך באַרג־אַרױף אױף די פֿאַרפֿרױרענע טראָטואַרן. און אָט איז אין עט־לעכע מינוט אַרום דער אױסטריע־פּלאַץ. אָט זעט זיך אָן פֿונדערװײַטנס, אין דער טיף, די טונקעלע טפּיסע, דער הױכער מױער אַרום דער טפּיסע. אָט שטײען נאַקעטע די דרײַ קאַשטאַנען־בײמער. און אָט הענגט אױף אַ שפּיץ פֿון אַ בױם די פֿאָן.

מיר זײַנען צו צו די בײמער. אונטן, אױפֿן שנײ, האָבן זיך געשװאַרצט שטיקלעך צװײַגלעך, אָפּגעשיטע פֿאַרטריקנטע בלעטלעך. העט אױבן אױפֿן בױם, אַרומפֿלעכטנדיק מיט די פֿיס די צװײַג, װוּ ער האָט די פֿאָן צוגע־בונדן, און אַזױ־אָ, אַלץ אַראָפּרוקנדיק זיך פֿון דער דאָזיקער צװײַג, האָט בענע מיט אַ מעסערל אין די הענט אָפּגעשניטן ביז אַראָפּ אַלע דינע צװײַגלעך אירע — אײ, אָפּאָנעם, קעדײ די פֿאָן זאָל זיך בעסער אָנזען, אײ קעדײ מע זאָל שױן דערנאָך ניט אַזױ גרינג קענען דערדראַפּען זיך צו איר.

בענע האָט אונדז דערזען און פֿון אױבן, פֿונעם בױם אַראָפּ, אָנגעהױבן בײזערן זיך אױף אונדז, שטילערהײט מאַכן אונדז מיט דער בלאָטע:

— גייט אוועק פונדאנען! וואָס זענט איר געקומען? איר ווייסט ניט די עלעמענטארסטע קלאָלים פון קאָנספּיראַציע. ניט דיסציפּלינירטע עלע־מענטן, גייט שוין אוועק, זאָג איך אײַך!

מיר האָבן זיך, פארשטייט זיך, ניט גערעכנט מיט קיין שום קאָנספּי־ראַציע־קלאָלים, מיט קיין שום זידלערײַען און זײַנען ניט אוועקגעגאנגען, ביז בענע איז פונעם בוים ניט אראָפּגעקראָכן. ער האָט זיך נאָך געגנוג געבײזערט, אונדז נאָך געגנוג געלייענט מאָראַל. דערנאָך איז ער שטיל געבליבן, און אלע דרײַ זײַנען מיר עטלעכע מינוט שטיל געשטאנען פונדערווײַטנס און געקוקט, ווי די גרויסע פאָן אונדזערע, וואָס מיר האָבן הײַנט מיט די אייגענע הענט אופגענייט, פלאַטערט העט אויבן אין דער הייך, פלאַטערט פונקט קעגן דער טפיסע, פלאַטערט מיט אזא ליבער, פארווערטער, געגארטער רויטקײַט.

דערנאָך האָבן מיר זיך אלע דרײַ צעשיידט און זײַנען אלע דרײַ פאר־שוווּנדן אין די אָרעמס פון דער סוידעסדיקער נאכט — ריידנדיק מיט די רייד פון יענע טעג און יענע יאָרן אונדזערע...

* * *

ס׳איז דאָ ניט דאָס אָרט צו באַשרײַבן דעם ווײַטערדיקן גורל פון באָרעס מוטער. נאָר עטלעכע ווערטער וויל איך פונדעסטוועגן יאָ וועגן דעם זאָגן.

ס׳האָט זיך באקומען אזוי: זי האָט דעמלט באָרען פארהאלטן אין דער היים, לעבן זיך, און איז שפּעטער, אין א שטיקל צײַט ארום, אליין אוועק מיט אים אף זײַנע וועגן. אוועק טאָן איניינעם מיט אים זײַנע טועכצן, טיילן מיט אים איין גורל — אף אזא אויפן ווידער האָבן אים, הייסט עס, לעבן זיך.

און עפשער נאָך פּאָשעטער: יעדער איינער פון אונדז, כאָטש מיר זײַנען געווען גאָר יונג און גרין, האָט געהאט אין זיך אן אויסטערלישן קויעך צוצוצי׳ען צו זיך א צווייטן, א דריטן, ארײַנבלאָזן אין אים אייגענע איבערצײַגטקײַט, פײַערדיקײַט, גרייטקײַט. אויב דאָס האָט געקאָנט גע־שען בא ווילד־פרעמדע, פארוואָס זשע זאָל מען זיך ניט קענען אויס־מאָלן, אז אזעלכס איז געשען בא אן אייגענער מאמען?

די מוירעדיקע אָפּגעפרעמדטקײַט, מעגלעך, וועלכע איז וואָס א טאָג אלץ מער צעוואקסן זיך צווישן איר און דעם פריקרע געוואָרענעם מאַן אירן, וואָס היט פאר גראָשנס מיט אזויפיל געטרײַקײַט און זשעדנעקײַט פרעמדע מיליאָנען; די אויסגעוועפטע ליבשאפט, וואָס ליגט איצט אין שלאָפּצימער, אין די צוויי בעטן זייערע, א פארוואנדלטע אין ניט־דער־טרעגלעכער פײַנטשאפט; דער גאנצער שטייגער־לעבן אירער — ער, באָרע, גייט דאָך פונקט אופרײַסן יעדע פארקריפּלטקײַט, יעדע געפּענ־טעטקײַט...

נאָר צו וואָס פארטײַטשן זאכן, וואָס ניט טאָמיד לאָזן זיי זיך פאר־טײַטשן?

וויִאַזוי ס׳איז שוין דאָרטן ניט געווען, אין א פּאָר יאָר ארום פּלעגט מען אַף די בוקארעשטער גאסן אָפּט באגעגענען א דאמע אין די „מיטעלע יאָרן״, ווי מע זאָגט, מיט אן עלעגאנט היטעלע אפן קאָפּ, מיט א נישקאָשעדיקן פּאָרטפעל אין די הענט. א פּאָנעם — א מידס, א ביסל אן אָפּגעבליאַקעוועטס, נאָר א פּארפּודערטס, א גאנץ כיינעוודיקס און לייַטישס. מ׳האָט געקאָנט מיינען, אז די דאמע טראָגט ארום אין באלעבאטישע הייַזער פּושקעס טיי אַף אויסצוצאָלן, ווי אזעלכע־אָ דאמעס פּלעגן אין יענער צייַט ארומטראָגן, אָדער גייט אום איינקאַסירן סטראכיר־אָפּצאָל בא שיינע באלעבאָסטעס, וואָס האָבן זיך, די שאָ זאָל ניט קומען, פּארסטראכירט דאָס לעבן. און ס׳איז גאָרניט געווען שלעכט, וואָס מ׳האָט אזוי געקענט מיינען. מאכמעס די דאָזיקע דאמע איז אומגעגאנגען מיט זייער אכרייַעסדיקע און געפערלעכע שליכעסן: זי איז געווען א „טעכניקער״ אין דער בוקארעשטער אונטערערדישער קאָמפּארטיי.

דאָס איז פּונקט פּאָרגעקומען אין יענער צייַט, ווען דער זון אירער, באָרע, האָט אויך איבערגעלעבט עפּעס טראגישס, קאָן מען זאָגן: די כאַווערטע זייַנע, ביבי, וואָס האָט אים אין קאָנסטאנצער טפּיסע, ווו זיי זייַנעןביידע א פּאָר יאָר געזעסן, געבוירן א ייִנגעלע, ביבי, וואָס האָט באָרען אזוי שטארק ליב געהאט, אז די ליבשאפט אירע האָט צווישן די כאַווײרים געדינט פּאר א בייַשפּיל, איז פּלוצעם, אין א שיינעם פרימאָרגן איינײנעם מיטן קינד אוועק צו אן אנדערן.

דער שטארקער און לעבעדיקער און קלוגער באָרע איז אומגעגאנגען אָן א קאָפּ. ער איז זיך, געדענק איך, דעמלט דורכגעפאָרן צום פּעטער זייַנעם, דעם מאָלער סאָלאָמאָן לערנער, קיין פּאריזש.

אין פּאריזש האָט אים פּארכאַפּט די מילכאָמע. ער איז, פּארשטייט זיך, ניט געזעסן מיט פּארלייגטע הענט.

אין פּאריזש איז באָרע גיליאָטינירט געוואָרן.

## 9

אין יענע פּאָר ווינטער־כאַדאָשים בין איך אפילע געווען אַף א קאָנפּערענץ.

צוליב קאָנספּיראציע האָט אונדז טאסיע צו וויסן געטאָן אין דער לעצטער מינוט, איין נאכט ערעוו דעם, אז די קאָנפערענץ וועט זיך אָנהייבן גאנצפרי, אין דער שאָ, ווען די גאסן זייַנען מער טומלדיק, מע גייט צו דער ארבעט, מע לויפט אין מארק אריַין, אין די שולן, יעדערער איז פּאראַשט, פּארטאָן — ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער טאָג. ווו די קאָנפערענץ וועט פּאָרקומען, ווייסט דערווייַל איין מענטש. די, וואָס דארפן גיין, וועלן זיך באגעגענען דאָרט, אין יענער געגנט. מע וועט גיין פּאָרלעכווייַז, גיין פרייַ, געוויינלעך, ווי מע וואָלט אהין געגאנגען ניט צום ערשטן מאָל. און יענער מענטש וועט שוין דעם אוילעם ווייַזן ווו, צופירן אהין, וווהין מע דארף. דעלעגאט אַף דער קאָנפערענץ האָט מען אויסגעקליבן מיך. און א גאנצע נאכט, געדענק איך, בין איך געלעגן אפן געלעגער און ניט צוגע־

מאכט קיין אויג: וואָס פּינקטלעך איז עס אזוינס די דאָזיקע זאך, וואָס הייסט קאָנפּערענץ? ווער וועט זײַן אױף דער קאָנפּערענץ? וואָס אזוינס וועט מען טאָן אױף דער קאָנפּערענץ? ווי דערלעבט מען שוין אמאָל דעם גאנצפּרי צו גיין אױף דער דאָזיקער קאָנפּערענץ!

כ׳בין אופגעשטאנען, ווען ס׳איז נאָך געווען בלאָוו אין די פענצטער. די מיידלעך מײַנע זײַנען נאָך געלעגן צונויפגעקאָרטשעטע אונטער די קאָלדרעס. כ׳האָב געמאכט ליכטיק אין קיכל, ארויסגעשארט דאָס אש פון דער הרובע, ארײַנגעבראכט פון דער קאמער עטלעכע שײַטלעך האָלץ. כ׳האָב געקלונגען מיטן עמער, דאָס האָלץ א וואָרף געטאָן אפן פאָל, כ׳האָב צענומען דאָס בעט מײַנס און די שטיקער בעט ארויסגערוקט אין קיך מיט א זשום: וואָס הייסט עפּעס דער אוילעם ליגט און שלאָפט, ווי קאָן עס הײַנט עמעצער ליגן און נאָך שלאָפן?

אײַ, האָט זיך געוואָלט א זאָג טאָן די מיידלעך: איר ווייסט, וווהין איך גיי אצינד? — איך גיי אױף א קאָנפּערענץ! נאָר ווי מעג מען אזא זאך זאָגן, ווי מעג מען עמעצן אפילע א פּיפּס טאָן וועגן אזא זאך?

כ׳האָב אָבער פונדעסטוועגן ניט אויסגעהאלטן, בין צו צו העניעלעס געלעגער, א פּאָר מאָל העניעלען צעשאָקלט און א זאָג געטאָן:

— הערסט, איך גיי איצטער אוועק. ס׳איז נאָך שטארק פרי, נאָר כ׳דארף איצטער אזוי שטארק פרי אוועקגיין...

העניעלע האָט פארקנייטשט דאָס פּאָנעם, אָנגעהויבן פארשלאָפענערהייט קײַען און פּליעסקען מיט די ליפּן, ווי מע קײַט אמאָל אזוי און מע פּליעסקעט מיט די ליפּן, ווען סע ווילט זיך שטארק ניט צעשיידן מיט קיין זיסן שלאָף, האָט סאָפּקאָלסאָף צעעפנט א פּאָר גרויסע אויגן און זיך צעשמייכלט:

— וואָס פּלוצעם אזוי פארטאָג? און וואָס הייסט, דו גייסט אוועק, וווהין גייסטו אוועק? ע, ייִנגעלע, עפּעס געפעלט מיר ניט די מײַסעס!

און ס׳האָט זיך מיר דעמלט אויסגעדאכט, געדענק איך, אז העניעלע האָט פונקט מיט אזא כיינעוודיק ניגנדל א זאָג געטאָן „ייִנגעלע", ווי מאַ־ליע פלעגט מיר אמאָל א זאָג טאָן.

— כ׳גיי אוועק אױף א גאנצן טאָג. און עפּשער אפילע מער ווי אױף א גאנצן טאָג. ס׳איז זייער א פאראנטוואָרטלעך גייעניש. כ׳קען דיר ניט זאָגן, נאָר איך וויל, דו זאָלסט וויסן. הערסט?

און כ׳האָב די דאָזיקע קינדישע, אייביקע שוואכקײַט מײַנע — ניט קענען איינער אליין פרייען זיך, איינער אליין איבערלעבן, אפילע ווען דאָס מוז זײַן דער גרעסטער סאָד — אי פאַרענטפערט מיט א גאנץ לאַ־גישן טערעץ, אי די גאנצע זאך ערשט געמאכט נאָך סוידעסדיקער:

— פארשטייסט? טאָמער טרעפט זיך עפּעס מיט מיר, וויל איך, דו זאָלסט וויסן. דו אײנע זאָלסט וויסן.

העניעלע איז אראָפּגעשפּרונגען פונעם געלעגער, ארופגעכאפּט אױף זיך א כאלאטל. די פרוי שאלער האָט אונטערגעהייצט די פּליטע, אופגע־שטעלט דעם טשײַניק אױף טיי. די אנדערע דרײַ מיידלעך זײַנען שוין אויך אופגעשטאנען. איך האָב מיך אוועקגעזעצט באם פענצטער ראזירן

זיך. העניעלע האָט זיך אוועקגעשטעלט אויספרעסן מיר א העמד. די מיידלעך האָבן גענומען צוגרייטן איבערבייַסן. ס׳האָט זיך פּאוואָלינקע גוט אָנגעהויבן ראשן מיט מייַן דאַרפן פּלוצעם, ווי קיינמאָל ניט, אוועקגיין אזוי־אָ פּרי. די פּרוי שאלער האָט זיך א כאָכמע געטאָן, אז אזוי־אָ גיך אָפּראזירן זיך און אזוי־אָ שטיין באם שפּיגל און אויספּוצן זיך ראזירט מען זיך און מע פּוצט זיך, ווען מע גייט אָנקוקן א קאלע, נאָר קיין שום כאָסן אין דער וועלט איז נאָך ניט געגאנגען אָנקוקן קיין קאלע אזוי־אָ אָך־פּארטאָג. די מיידלעך האָבן געטייַנעט, אז א קאלע יאַק א קאלע, נאָר ווען מ׳איז אין עמעצן שטארק פּארליבט, קאָן מען אפילע אופכאפּן זיך און אנטלויפן פון דער שטוב נאָך האלבער נאכט, ניט נאָר גאנצפריי־קאיאָר. העניעלע האָט ניט געקאָנט לייַדן די כאָכמעס, וואָס האָבן זיך איצטער עפּעס גאָרניט געקלעפּט, און א זאָג געטאָן, אז ווען ס׳איז נישטאָ וואָס צו ריידן, רעדט מען, אפּאָנעם, הוילע נארישקייַטן. א מענטש דאַרף נייטיק אוועקגיין, האָט זי געזאָגט, דאַרף ער נייטיק אוועקגיין, און ס׳איז קיינעמס טאטנס אייסעק ניט. אין דרויסן איז דערווייַל גוט ליכטיק געוואָרן. און איך האָב א כאַפּ געטאָן אַף זיך דאָס פּאלטאָכל מייַנס, אופגעשטעלט דאָס קעלנערל, איבערגעלאָזט אין שטוב דעם אוילעם ראשן זיך און בין איינס־צוויי אראָפּ די פּאָר טרעפּלעך, אוועק אַף דער קאָנפערענץ.

כ׳האָב געדארפט צופאָרן מיטן טראמווייַ. נאָר ס׳איז נאָך געווען א סאך צייַט. און איך בין אוועקגעגאנגען צופוס. כ׳האָב אויסגעכעזשבנט, אז צופוס וועל איך אָנקומען פונקט גוט, פונקט אין דער צייַט — מע טאָר ניט אָנקומען שפּעטער און מע טאָר ניט אָנקומען פריִער.

כ׳בין געגאנגען ניט צו גיך און ניט צו פּאוואָליע — געוויינלעך, פּרייַ. כ׳בין געגאנגען און, פארשטייט זיך, די גאנצע צייַט אלץ געטראכט וועגן דער קאָנפערענץ. כ׳האָב זיך געערגערט, וויִאזוי דער מענטש, וואָס טאַסיע האָט געזאָגט, אז נאָר ער איינער ווייסט, ווו די קאָנפערענץ וועט פאָרקומען, און ער דאַרף אונדז זאָגן ווו, און דאַרף אונדז אפילע אהין צופירן, וויִאזוי דער דאָזיקער מענטש וועט וויסן, ווען ער דאַרף זאָגן און ווען ער דאַרף צופירן. וואָס זשע, ער קען אונדז דען יעדן? אלע פאָרלעך קען ער? ס׳זאָל זיך נאָך ניט באקומען קיין פארפּלאָנטעריש, קיין פארדרייעניש. ס׳זאָל, כאָלילע, עפּעס ניט ארויס ניט גוט.

לאָזט זיך אָבער אויס, אז דער דאָזיקער מענטש, וואָס טאַסיע האָט געזאָגט, אז נאָר ער איינער ווייסט, ווו די קאָנפערענץ דאַרף פאָרקומען, איז טאקע זי אליין, טאַסיע.

צווישן אלע, וואָס זייַנען געקומען אַף דער קאָנפערענץ, האָב איך געהאט נאָר איין באקענטן — זי, טאַסיען. און יעדער איינער פון אונדז, האָט מען געזען, האָט אויך מער קיינעם ניט געקענט, כוץ איין טאַסיען.

די קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין א גרויס הויז מיט עטלעכע גאָרנס און מיט אָן א שיר דירעס. ס׳האָט קיינעם אין גאס ניט געקענט איינפאלן, אז די אכט־צען פאָרלעך, וואָס גייען אריַין, ניט אלע איינעם, פארשטייט זיך, אין דעם דאָזיקן הויז, גייען ארייַן אַף איין פּלאץ, און וווהין זיי גייען ארייַן. מיר אליין האָבן אויך גוט ניט באמערקט, אַף

וועלכן גאָרן מיר האָבן זיך אופגעהויבן און אין וועלכער דירע טאָסיע האָט אונדז אַרײַנגעפירט. די באַלעבאָסטע פון דער דירע, א בלאָנד ווײַבל, געדענק איך, אין א לאַנגן שטוב־כאַלאַט און מיט א פאַרבײַגלטן צאָפּ אפן שפּיץ קאָפּ, האָט אונדז אויסגעטאָן אין קאָרידאָר די מאַנטלען, באַגעגנט אונדז מיט אַזאַ קאַבאַלעס־פּאָנעם און מיט אַזאַ היימישקײַט, גלײַך מיר וואָלטן אַלע געווען באַקענטע אירע און וואָלטן אַלע געקומען פאַרבעטענע צו איר אַף א סימכע. אין צימער, וווּהין זי האָט אונדז א ווײַז געטאָן אַרײַנצוגיין, זײַנען געשטאַנען צוויי צונויפגערוקטע טישן, פאַרדעקטע מיט א טישטעך, און אַף די טישן זײַנען געווען אויסגע־שטעלט גלעזלעך, טעלערלעך, עטלעכע פלעשלעך לימאָנאַד און א פּאָר פלעשלעך ביר. די באַלעבאָסטע איז יעדעס מאָל אַרײַנגעקומען אין צי־מער מיט אַן אַנדער פּאָרל, און ווען דער גאַנצער אוילעם האָט זיך שוין געהאַט צונויפגעזאַמלט, איז זי פאַרשווּנדן, און מער האָבן מיר זי ניט געזען ביז אַרום צוויי באַטאָג, ביז אין דער האַפּסאָקע, ווען זי האָט אַרופגעשטעלט אפן טיש א טאַץ אָנגעשניטענע ריפּטלעך ברויט מיט פּו־טער און מיט קאָלבאַס.

אופגעעפנט די קאָנפערענץ האָט ווידער זי, טאָסיע. כ'האָב מיך ערשט דאָ דערוווּסט, אַז טאַסיע, דאָס דאָזיקע שוואַרץ־אויגיקע מאָלדאַווישע מיידל ערגעץ פון א דאָרף לעבן בעלץ, וואָס טראָגט שטענדיק אַזאַ באַ־נומען בלאָוו פּאַלטאָכל מיט קורץ געוואָרענע אַרבל, קוועלט טאָמיד אָן, וויאַזוי איך רעד מיט איר רומעניש מיט א זינגענדיקן אַקצענט און וואַרף נאָך פון אויבן אַלעמאָל אַרײַן אין די רייד דאָס יידישע וואָרט „האַקלאָל", די דאָזיקע היימישע טאַסיע, וואָס כ'האָב ביז איצט געמיינט, אַז זי האָט א שײַכעס נאָר מיט אונדזער קעמערל, האָט גאָר, זעט מען, פּונקט אַזאַ שײַכעס מיט אַלע קעמערלעך, איז גאָר, ניט מער און ניט ווייניקער, דער סעקרעטאַר פונעם טשערנאָוויצער אונטערערדישן קאָמיוגישן לאָקאַל־קאָמיטעט.

אַזוי, מיט די ווערטער, האָט זי טאַקע אָנגעהויבן: עס עפנט זיך די קאָנפערענץ פון דער טשערנאָוויצער קאָמוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. דערנאָך האָט זי איבערגעלייענט די טאָג־אָרדענונג פון דער קאָנפערענץ און געפרעגט, צי עמעצער האָט עפּעס פאָרצולייגן ענדערונגען אין דער דאָזיקער טאָג־אָרדענונג. דערנאָך האָט זי געזאָגט, אַז אין דער קאָנפע־רענץ באַטייליקט זיך א פּאַרטיי־פאָרשטייער, און ער, דער פּאַרטיי־כאַ־ווער, וועט האַלטן דעם פאָרטראַג וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע. דערנאָך האָט זי א פּאָר ווערטער גערעדט וועגן קאָנספּיראַציע: טאָמער א דורכפאַל, דאַרף קיינער פון אונדז בעשום־אויפן ניט אָנערקענען, אַז דאָס איז געווען א קאָנפערענץ. קיין קאָמפּראָמעטירנדיקע דאָקומענטן, קאָנקרעטע באַווײַזן, וועלן ניט זײַן. יוגנט איז זיך גלאַט אַזוי צונויפגע־קומען פאַרברענגען. די פּאַרטיי, האָט זי געזאָגט, דאַרף מער ניט קיין אומזיסטיקע קאָרבאָנעס, קעדיי צו ווײַזן, אַז זי איז דאָ און זי קעמפט. מע דאַרף יעדן כאַווער אין דרויסן, בא דער אַרבעט און ניט אין טפּיסע. קיין שום פּראָטאָקאָלן וועלן מיר ניט אונטערשרײַבן. מירן מאָנען, מע

זאָל אונדז באַלד באַפרײַען. און אויב מע וועט אונדז אָפּזאָגן, אויב מע וועט אונדז פּײַניקן, וועלן מיר דערקלערן אַ הונגער־שטרײַק...

עפּעס איז עס גאָר אַן אַנדער טאַסיע. כ׳האָב מיך קיינמאָל ניט פאַר־געשטעלט, אַז דאָס דאָזיקע ווייכע צאַרטע מיידל קאָן ריידן מיט אַזאַ שטעל און מיט אַזאַ פאַרנעם. כ׳בין געזעסן, געדענק איך, און זיך ווי געשעמט פאַר זיך אַליין, וואָס כ׳האָב, מעגלעך, אַמאָל געגערעדט מיט טאַ־סיען ניט אויף אַזאַ הייך, ווי מיט אַזאַ טאַסיען דאַרף מען ריידן. ס׳איז מיר דורכגעלאָפן דורכן געדאַנק דער ערשטער שמועס אונדזערער אויף דער ערשטער באַגעגעניש, וואָס טאַסיע האָט מיר באַשטימט. מיר זײַנען געגאַנגען ביידע און געגערעדט אַזוי לאַנג, אַז מיר זײַנען אַזש פאַרגאַנגען אַרויס דער שטאָט, געשפּאַנט אויף באַן־רעלסן. מיר האָבן געגערעדט וועגן אַלצדינג, נאָר סאַמע, דאַכט זיך, זײַטיקס, סאַמע, דאַכט זיך, גאָרניט קיין וויכטיקס. באַם סאָף, געדענק איך, האָט זי מיך פּלוצעם אַ פרעג געטאָן, צי כ׳באַקום עפּעס פון מאַליען.

— וואָס זשע, — האָב איך געזאָגט, — קענסט מאַליען?

— אַדאַנק מאַליען קען איך דיך אויך, — האָט טאַסיע געזאָגט.

— ניין, — האָב איך געענטפערט, — קיין אײַנגעטונקטע פּען ניט. זי איז אַרײַן ווי אין וואַסער אַרײַן, מאַליע!

טאַסיע האָט זיך פון מײַן „ווי אין וואַסער אַרײַן” צעלאַכט.

— שרעק זיך ניט, — האָט זי געזאָגט, — זי לעבט און איז געזונט. זי איז איצטער אויף אַזאַ אַרבעט, וואָס זי טאָר זיך מיט קיינעם ניט איבער־שרײַבן. נאָר דיר, האָב איך געמיינט, שרײַבט זי. דו ביסט פאַר מאַליען גאָר עפּעס אַנדערש...

און דאָ־אָ, אַצינד־אָ אויף דער קאָנפערענץ, האָבן די דאָזיקע ווערטער, וואָס טאַסיע האָט מיר דעמלט אַ זאָג געטאָן, באַקומען עפּעס גאָר אַן אַנדער טאַם און גאָר אַן אַנדער וואָג. ס׳האָט זיך מיר אויסגעמאָלט, אַז דאָס, וואָס מאַליע האָט מיר אַליין קיינמאָל ניט געזאָגט, האָט זי מיר געזאָגט דורך איר, דורך טאַסיען. און דאָס האָט מיר אויסגעזען כּאָשעווער, ווי צענדליקער בריוו, וואָס זי וואָלט מיר געוווען געשריבן. כ׳בין געזעסן, געדענק איך, און ס׳האָט מיר שטאַרק באַנק געטאָן, וואָס מאַליע זיצט איצטער ניט אויף דער־אָ קאָנפערענץ און זעט ניט, אַז איך זיץ אויך דאָ אינאיינעם מיט איר. און ס׳איז מיר דורכגעלאָפן אַ געדאַנק, אַז אויב מאַ־ליע וועט אפילו טאָמיד זײַן אויף אַזאַ אַרבעט, וואָס מע טאָר זיך מיט קיינעם ניט איבערשרײַבן, וועל איך טאָמיד וואַרטן אויף איר. טאָמיד און אייביק. אַפילו ביזן טויט אַרײַן.

דער פּאַרטיי־פאָרשטייער, אַ מענטש מיט שיטערלעך־גראָוולעכע האָר, דער איינציקער גראָוולעכער קאָפּ האָר צווישן אונדז אַלע, האָט אָנגע־הויבן דעם פאָרטראָג זײַנעם וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע. ער האָט געגערעדט זיצנדיק, שטיל, זייער פּאָשעט און זייער פרײַ, און ס׳האָט אויסגעזען, ווי איידער ער דאַרף זיך באַלד טאָן אַ שטעל אויף האַלטן דעם פאָרטראָג, זיצט ער דערווײַל אַזוי און דערציילט עפּעס. נאָר אַזוי־אָ, די גאַנצע צײַט זיצנדיק, זייער פּאָשעט און מיט זייער ניט קיין אופגע־

הויבן קאָל, איז ער אלעמאָל אוועק אין אן אנדער לאנד, אויסגעוועזן ביסלעכווײַז אין אלע עקן וועלט, און יעדער לאנד און יעדע געשעעניש אין יעדן לאנד צעשרויפּט און צעגלידערט, ארומגערעדט און אויסגעטײַטשט, ארויסגעשטעלט אַף דער דלאָניע, ווי מע זאָגט.

ער האָט גערעדט, געדענק איך, גאנצע פינף שאָ. דער קערן פון זײַן פּאָרטראָג איז, פארשטייט זיך, געווען דער סאָוועטנפארבאנד. ער האָט אָנגעהויבן פון זייער־זייער ווײַט. ער האָט אָפּגעמאָלט יענע אלטע פינצטערע צײַט, ווען מענטשן אין דעם דאָזיקן גרויסן לאנד האָבן זיך גערעכנט דעם פּאָרעצס פארמעגן, ווי עס האָבן זיך גערעכנט די וועלדער און פעלדער, די שטאלן און אמבארן זײַנע.

כ׳ווייס ניט, צי דאָס זײַנען פּינקטלעך געווען די רייד, וואָס דער פּארטיי־פּאָרשטייער האָט דעמלט באנוצט אין זײַן פּאָרטראָג, נאָר כ׳געדענק גוט, אז דאָס איז געווען דער טאָך פון דעם פּארטיי־כאווערס רייד. לעניִן, געדענק איך, האָט ער ווײַטער געזאָגט, דער גרעסטער מענטש אין אונדזער עפּאָכע, האָט אין רוסלאנד געשטאלטיקט די אָקטיאבער־רעוואָליוציע, דאָס לאנד פון כאשכעס פארוואנדלט אין שײַן. די דאָזיקע שײַן האָט ער א נאָמען געגעבן סאָוועטנפארבאנד. זי שטייט און לײַכט איבער דער גאנצער וועלט. זי שײַנט ארײַן אין יעדער שטיבל, ווו יעדער ערלעכער מענטש האָט אָפּגעהאָרעוועט דעם טאָג. זי איז דאָס היימלאנד פון יעדן אָרעמען מענטשן, וואָס וואלגערט זיך היימלאָז און פארוואָגלט אין זײַן אייגן לאנד. און זי שטעכט די אויגן די געלט־מאגנאטן און וועלט־הערשער, וואָס האלטן דעם דאָזיקן אָרעמען מענטשן אַף דער קייט ענגער און מ׳עסער, ווי זיי האלטן די הינט אין זייערע פּסארניעס. די וועלט־הערשער זײַנען איצט פארנומען מיט איין זאך: פארלעשן די דאָזיקע שײַן, וואָס הייסט סאָוועטנפארבאנד.

דער פּארטיי־פּאָרשטייער האָט גערעדט, ווי געזאָגט, געלאסן, ניט מיט קיין אופגעהויבן קאָל, אונדז ניט מער טאקע ווי דערציילט, אינפּאָרמירט, נאָר מ׳האָט געזען אַף זײַן פּאָנעם, אז אינווייניק אין אים קאָכט און זידט. ער האָט זיך אלעמאָל א וויש געטאָן מיט א טיכעלע דעם נאסן שטערן זײַנעם, צוגעטראָגן צו די ליפּן די גלאָז לימאָנאד־וואסער, וואָס איז געשטאנען לעבן אים אפן טיש, און די דאָזיקע אינווייניקסטע זידעניש זײַנע האָט ביסלעכווײַז, מער אין די רעגעס, ווען ער איז שטיל געבליבן, איבערגעגעבן זיך יעדן אײַנעם פון אונדז.

ער האָט גערעדט וועגן דײַטשלאנד. ער האָט געזאָגט, געדענק איך, אז גראָד אין דעם דאָזיקן טעכניש־אנטוויקלטן, אויסערלעך קלוימערשט הויך־קולטורעלן, פּעדאנטיש־פּיליסטערישן לאנד צעוואקסט זיך און צעבלאָזט זיך דער פאשיזם. אַף די בערלינער גאסן מארשירן אום אונטערוועלט־יונגען, שטורמאָוויקעס, מיטן האקן־קרייץ אַף די ארבל און מיט טשוועקעס אַף די פּאָדעשוועס פון זייערע שטיוול. אויב מע וועט באַצײַטנס די דאָזיקע מארשן ניט אָפּשטעלן, וועט פון די באטשוועקלטע שטיוול אויסוואקסן די שרעקלעכסטע פארזעעניש, וואָס אזוינס איז ביז הײַנט ניט געווען אין דער געשיכטע פון דער מענטשהײַט.

ער האָט זיך דערנאָך אָפּגעשטעלט אף רומעניע, אנאליזירט אלע געשעענישן, וואָס זײַנען די לעצטע צײַט פאָרגעקומען אין לאנד. ער האָט דערמאָנט די צעשאָסענע קוילנגרעבער אין שאכטיאָרן־שטעטל לופען.

כ׳בין געזעסן, געדענק איך, און אויסגעהערט יעדער וואָרט, אויסגעהערט, מעג מען זאָגן, מיט הארצקלאפּעניש, און זיך ווידער ווי געשעמט פאר זיך אליין. ערשט מיט עטלעכע שאָ פריִער, גאנצפרי ערשט, בין איך געוועזן א קינד, א יִנגל. שיר ניט א שפּיל געטאָן זיך. שיר־שיר ניט יִנגלש א בארים געטאָן זיך פאר די מיידלעך, פאר דער פרוי שאלער, אז מיך, מיך האָט מען אויסגעקליבן פאר א דעלעגאט צו דער דאָזיקער זאך, וואָס הייסט קאָנפערענץ. און אָט זיץ איך און הער, פאר וועמען מע האלט מיך, וואָס פאר א כויוו מע לייגט ארוף אף מיר און וואָס פאר אן ערנסטקייט מע געטרויט מיר. כ׳האָב געפילט, אז אין די איינע עטלעכע שאָ בין איך מיטאמאָל געוואָרן עלטער מיט יאָרן, בין געוואָרן א דערוואקסענער מענטש, א מאנצבל, וואָס שעמט זיך מיט קינדערישע נארישקייטן, וואָס ער האָט אמאָל אָפּגעטאָן. נאָר אין דער זעלבער צײַט, געדענק איך, בין איך געזעסן און זיך געפילט אי זינדיק, אי אפילע שוואך: בין איך בעקויעך דעם דאָזיקן גרויסן אָל אויסצוטראָגן אף אזעלכע שוואכע פּלייצעס? האָב איך רעכט צו נעמען אף זיך אזא אכרײַעסדיקן אָל?

טאסיע האָט געמאָלדן א האפּסאָקע. די באלעבאָסטע פון דער דירע האָט ארײַנגעבראכט א טאץ מיט אָנגעשניטענע ריפּטלעך ברויט. דער אוילעם האָט איבערגעכאפּט, שטילערהייט געשמועסט צווישן זיך. איך האָב זיך אוועקגעזעצט איינער אליין אין א ווינקל — איינער אליין מיט מאליען. כ׳האָב שלאבעריק געקײַט דאָס שטיקל ברויט מיט פּוטער, און מאליע האָט אף מיר געקוקט מיט אירע פולע קלוגע אויגן. זי האָט מיך אי געצערטלט, אי געשטראָפט. נארעלע, — האָט זי געזאָגט, — פארוואָס מיינסטו, אז דו ביסט שוואכער פון מיר? און פארוואָס, — האָט זי זיך געבייזערט, — דארף איך זײַן שטארקער, מוז איך זײַן שטארקער, האַ?..

און ווען טאסיע, געדענק איך, איז שפּעטער צוגעקומען צו מיר, אוועקגעזעצט זיך בא דער זײַט און מיך א פרעג געטאָן, וואָס איך זאָג עפּעס, האָב איך איר געוואָלט זאָגן אזוינס, וואָס זאָל אויסדריקן דאָס סאמע שטארקסטע און סאמע ערלעכסטע געפיל מײַנס, און זאָל, אפּאָנעם, איביינעוועגס, זײַן א מין היסכײַוועס, וואָס איך נעם אף זיך, ווען עס שטייט און הערט בא דער זײַט אן איידעס — גראָד אזא איידעס, ווי זי, טאסיע.

נאָר וואָס האָט געקאָנט זײַן שטארקער און ערלעכער, ווי דאָס געפיל, וואָס כ׳האָב הײַנט, דאָ, געהאט צו מאליען? און וואָס האָט געקאָנט זײַן מער היסכײַוועסדיקער, ווי די פּאָר ווערטער, מיט וועלכע כ׳האָב אויסגעדריקט דאָס דאָזיקע געפיל צו מאליען?

און כ׳האָב טאסיען, געדענק איך, אזוי־אָ טאקע, מיט די ווערטער, דעמלט א זאָג געטאָן:

— טאָמיד און אייביק. אפילע ביזן טויט ארײַן...

* * *

די קאָנפערענץ האָט זיך געענדיקט אפדערנאכט, ווען אין דרויסן איז שוין געווען טונקל, ס׳האָבן זיך שוין אָנגעצונדן די לעמפּלעך אף די גאסן.

יעדער איינער האָט זיך אראָפּגערעדט פונעם הארצן, דערציילט, וואָס עס טוט זיך אין זײַן ווינקל. כ׳האָב זיך באקענט מיט א פּאָר נײַע כעווי־רע. דער סאמע סאָף איז געווען די טעלעגראמע, וואָס די קאָנפערענץ האָט געשיקט קיין מאָסקווע.

טאסיע האָט די טעלעגראמע איבערגעלייענט דעם אוילעם, און ס׳האָט זיך א ריס געטאָן א פּליעסקערײַ און זיך, פארשטייט זיך, באלד איבער־געהאקט, מאכמעס קיין שטארקע פּליעסקערײַ האָט מען זיך אפילע באם סאמע סאָף ניט געקאָנט פארגינען.

צי די טעלעגראמע איז געווען א סימבאָלישע, צי מ׳האָט זי טאקע דורך די אונטערערדישע קאנאלן קיין מאָסקווע איבערגעשיקט, ווייס איך ניט, און דאָס איז גאָר ניט שטארק וויכטיק אויך.

כ׳ווייס, אז דעם גאנצן וועג אהיים בין איך געווען פול מיט דער דאָזיקער טעלעגראמע. כ׳בין אהיימגעגאנגען ווידער צופוס. אין דרויסן איז שוין געווען גוט פינצטער. די עלעקטרישע לעמפּלעך אף די סלופּעס האָבן מיר אויסגעזען הויך און ווײַט און פינקלענדיק, ווי שטערן.

אין קאָפּ האָבן זיך מיר געבאָמבלט לענדער און שטעט, טײַכן און וועגן. אלץ האָט זיך געקרײַזט, געריגנלט. און אין די קרײַזן און ריג־גען — מאָסקווע, טשערנאָוויץ. מאָסקווע און טשערנאָוויץ. מאָסקווע, טשערנאָוויץ און ראשקעוו.

דער טאטע שטייט אף דער שוועל אָנגעטאָן אין דער גרויסער שווארצער קוטשמע זײַנער. אליין איז ער קליין און אײַנגעשרומפּן, דער טאטע. ס׳איז אים שטארק טרויעריק אפן הארצן. ס׳איז אים קאלט. די אויערן זײַנע סטארטשען אים איןביידע זײַטן קאָפּ, און אפילע זיי, די אויערן, זײַנען פול מיט זאָרג און מיט צאר. ער טוט א כאָרכלדיקן זיפץ, דער טאטע מײַנער.

— וועסט זען, טאטע, ס׳וועט זײַן גוט. וויאזוי עס זאָל ניט זײַן, וועט זײַן גוט, טאטע, וועסט זען...

אין קאָפּ האָבן זיך מיר געבאָמבלט לענדער און שטעט, טײַכן און וועגן. יאָרן, כאדאָשים, טעג. לעבן. די וועלט.

און דאָס לעבן איז געווען מײַנס.

און די וועלט איז געווען מײַנע.

## 10

דאָקטער פּאָראט, דער ליטעראטור־לערער אונדזערער אין סעמינאר, איז געווען זייער א פּראָסט מענטשל. ער איז געגאנגען אָנגעטאָן, געדענק איך, אין אן אלטער אָפּגעריבענער פּאלטאָ, האָט געטראָגן א פּראָסטע

קוטשמע אפן קאָפּ, א צעקנייטשט רעקל, האָט פארמאָגט אָן אויסגעמאָגערט, צעקארבט, פּראָסט פּאָנעם.

די סעמינאריסטן האָבן זיך געפירט מיט אים צו היימיש, ס׳הייסט געפירט זיך מיט אים אזוי, ווי ער האָט זיך מיט זיי געפירט, — גאָרניט ווי קיין לערער מיט קיין טאלמידים. איידער ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די לעקציע זײַנע, פלעגט אים דער אוילעם ארומרינגלען לעבן קאטעדרע־טישל, אָן דערעכערעץ שטופּן איינער דעם אנדערן, וועלן יעדערער שטיין נאָענט לעבן אים; שטיין און אָן מוירע בעשאסמײַסע פּיפּקען ציגאַרעטן, אפילע אמאָל צורייכערן דעם ציגאַרעטער בא אים אליין טאקע; שמועסן מיט אים פרײַ, טאָמיד קימאט אָן א סיידער, צעשויבערט, ארײַנפאלנדיק איינער דעם אנדערן אין די רייד, אמאָל איבערשרײַענדיק איינער דעם אנדערן — גאָרניט ווי קיין טאלמידים מיט קיין לערער. און אז ער פלעגט אין א מין פּערטל שאָ ארום א זאָג טאָן, דער אוילעם זאָל זיך אויסזעצן אף די בענק, און ער פלעגט אָנהייבן די לעקציע, פלעגט מען זען, אז די לעקציע האָט זיך שוין לאנג אָנגעהויבן, זי גייט שוין א מין פּערטל שאָ: דער פרײַער צעשויבערטער שמועס ארום קאטעדרע־טישל — דאָס איז טאקע געווען דער אָנהייב פון דער הײַנטיקער לעקציע, ס׳האָט עס קיינער ניט באמערקט און ס׳האָט עס קיינער אפילע ניט אָנגעהויבן כוישעד זײַן.

עפּעס איז ער געווען גאָר אנדערש ווי אלע, דאָקטער פּאָראט. עפּעס האָט ער געטראָגן טיף אין זיך אָן אנדער וועלטל. בעפיירעש וועלטל און ניט וועלט. מאכמעס ער האָט עס ניט געלאָזט זיך צעוואקסן, האָט עס אין זיך געצוימט, פארקוועטשט. ער איז שוין געווען א מענטש אין די יאָרן, א טאטע פון קינדער. די קנעלעכץ אין סעמינאר, ווי ווייניק זי האָט ניט געגעבן, האָט פּאָרט באטײַט כאיונע. און מ׳האָט דעריבער ניט געטאָרט טשעפּען. מ׳האָט די אנדערשקײַט אין זיך געדארפט האלטן אין די הענט, זײַן באלעבאָס אף איר. כ׳האָב עס שוין דעמלט אזוי פארשטאנען.

אף די פרילינג־קאניקולן, געדענק איך, האָט אונדז פּאָראט פארגעבן אהיים אָנשרײַבן א ליטערארישן כיבער „די נאציאָנאלע ווערט פון פּייסעך”. כ׳האָב זיך אין דעם דאָזיקן כיבער דערמאָנט אין דער לעצטער מינוט, שוין צוריק דאָ אין טשערנאָוויץ — מאָרגן דארף מען שוין ווידער אָנהייבן גיין אין סעמינאר. כ׳האָב אויסגעריסן פון א העפט די מיטלסטע צוויי פּערטלעך, אוועקגעזעצט זיך באם טיש, און דעם כיבער א נאָמען געגעבן ניט „די נאציאָנאלע ווערט פון פּייסעך”, נאָר „די סאָציאלע ווערט פון פּייסעך”. כ׳האָב ארומגעשפּילט, געדענק איך, די צוויי ווערטער „אווידאס פּערעך”. מוישע איז בא מיר געוואָרן מוישע, ווײַל ער האָט זיך אָנגענומען די קריוודע פון אונטערדריקטע, פארקנעכטיקטע פּראָלעטאריער, וואָס האָבן, כוץ די קייטן, מער גאָרניט וואָס צו פארלירן. יעציאס־מיצראים האָב איך, הייסט עס, פאָרגעשטעלט ווי א פארצײַטיקע אייגנארטיקע שטיק רעוואָליוציע. פארעס גילדענע רײַטוואָגנס האָבן געיאָגט נאשפּיץ פּײַל־אויסן־בויגן, און די מאכנעס יידעלעך, די באפרײַטע אָרעמע אוואָדים, האָבן געשפּאנט צופוס, אויסגעהאָרעוועטע און פארמו־

טשעטע, מיט די הוילע שטיקער זויערטייג אין זייערע טאָרבעס. האקיצער, כ׳דערמאָן זיך שוין ניט פּינקטלעך, וואָס נאָך אַזוינס כ׳האָב דאָרט אָנגעפּאַנטאַזירט, נאָר כ׳געדענק גוט, אַז ווען כ׳האָב די צוויי פּערטלעך פּאַפּיר צוגעטראָגן צום דאָקטער פּאָראַטס קאַטעדרע און זיי אוועקגעלייגט אויפן שטויס גראָבע העפטן, וואָס אַלע אַנדערע סעמינאַריסטן האָבן צוגעטראָגן, און דאָקטער פּאָראַט האָט מיט צוויי פינגער אַ כאַפּ געטאָן מײַנע פּערטלעך פּאַפּיר, אַ הייב געטאָן זיי אינדערלופטן און זיי היין און צוריק אַ דריי געטאָן, האָט דער גאַנצער אוילעם אין קלאַס אויסגעשאָסן אַ גרויס געלעכטער.

דערנאָך האָט דער דאָקטער פּאָראַט אויף יעדער לעקציע זײַנער געבראַכט צוויי צי דרײַ העפטן און די אָנגעשריבענע אַרבעטן אַרומגערעדט, אַנאַליזירט. אין עטלעכע טעג אַרום איז אויך געקומען מײַן ריי. דאָקטער פּאָראַט האָט ווידער אַ נעם געטאָן מיט די שפּיץ פינגער די צוויי פאַרשריבענע פּערטלעך פּאַפּיר מײַנע, ווידער זיי אַ הייב געטאָן אינדערלופטן, און דער גאַנצער אוילעם האָט ווידער אויסגעשאָסן אַ געלעכטער. דאָס מאָל אָבער האָט פּאָראַט אויפגעהויבן אין דער הייך אַ האַנט און דעם אוילעם אײַנגעשטילט. אַ ליפּ זײַנע האָט קוים־קוים, זייער דין, אַ שמייכל געטאָן:

— לאַכן, — האָט ער געזאָגט, — וועט לאַכן דער, וואָס וועט לאַכן דער לעצטער!

ער האָט אײַנגעגראָבן די אויגן אין מײַנע צוויי פּערטלעך פּאַפּיר און האָט ווײַטער געזאָגט:

— גאָר אַנדערש. קאַפּויר. בײַ אונדז אַלע הייסט עס נאַציאָנאַל, בײַ אים איינעם הייסט עס סאָציאַל. אַנדערש. קאַפּויר. דאָס אַליין איז שוין אויך עפּעס ווערט, האַ? און נישט נאָר דאָס, ראַבויסיי. בײַ אים איז עס ברייטער, רײַכער. כאָטש איזן איז ער אַ גוואַלדיקער קאַמצן, פּאַפּיר איז בײַ אים מיט גאָלד גלײַך. טוט אַ קוק אויף די דאָזיקע נאַקעטע, מאָגערע פיר זײַטעלעך...

צווישן די בענק האָט זיך דורכגעטראָגן אַ זשומערײַ. מ׳האָט וואָס גיכער געוואָלט וויסן, וויפל דער דאָקטער פּאָראַט, וואָס איז זעלטן געווען מילד אויף הויכע אָפּשאַצונגען, האָט מיר פאַר דער דאָזיקער קאַפּוירעדיקער אַנדערשקײַט געשטעלט. און ווען מ׳האָט געהערט, אַז געשטעלט האָט ער מיר אַ גאַנצע אַכט — אַ פיר פאַר טויכן און אַ פיר פאַר לאָשן — איז די זשומערײַ צווישן די בענק געוואָרן אַ צעבונטעוועטע, אַ קוילעקוילעסדיקע:

— ס׳אי ניט יוישערדיק! ס׳אי ניט אָביעקטיוו!

דאָקטער פּאָראַט האָט אָנגעהויבן לייענען דעם כיבער מײַנעם שורע נאָך שורע, דערווײַזן, אַז זײַן אָפּשאַצונג איז דײַקע יאָ יוישערדיק און דײַקע יאָ אָביעקטיוו. די סאָציאַלע ווערט פון פּייסעך איז אים, אַפּאָנעם, אַזוי געפעלן, אַז די סעמינאַריסטן האָבן איצט, הערנדיק זײַן לייענען, געפונען צוויי נײַע שפּראַך־גרײַזן מײַנע, וואָס ער, דאָקטער פּאָראַט, האָט פאַרקוקט אָדער עפּשער אַפילע אומיסטן דורכגעלאָזט. ס׳האָט ניט גע־

האָלפן קיין טײַנעס: פון דער פיר אַף לאָשן האָט געמוזט ווערן א דרײַ. נאָר דער אוילעם האָט זיך סײַוויסײַ ניט בארויִקט — פאַרקערט. יעדער איינער איז זיך געבליבן בא זײַנעם, אז מיטן דאָקטער פּאָראַט איז עפּעס ניט גוט: אָדער ער האָט אָנגעהויבן זען זאַכן מיטן קאָפּ אראָפּ און מיט די פיס ארויף, אָדער דאָס איז בא אים עפּעס אזא צולאָכעס, א בייזע איבערגעקערטע אָנשיקעניש, ראַכמאָנע־ליצלאָן.

און איינמאָל, געדענק איך, נאָך א לעקציע, וואָס איז גראַדע אויס־געפאַלן די לעצטע אין יענעם טאָג, האָט מיר פּאָראַט פּלוצעם א זאָג געטאָן, איך זאָל אויסוואַרטן און אים א ביסל אונטערפירן. ער איז גע־גאַנגען אײַנגעהויקערט, די קוטשמע אריבערגערוקט איבער די אויערן. ער האָט מיך אויסגעפרעגט, ווי׳אזוי איך לעב, ווו איך וווין, וואָס איך לייען איצטער, און האָט מיטאַמאָל, נאָך א קורצער האַפּסאָקע, א קוק געטאָן אַף מיר, אַן אויגנבליק מיך גוט באַטראַכט, און א זאָג געטאָן:

— און דאָרטן... וואָס זשע, אַשטייגער, טוט איר דאָרטן?

כ׳האָב אים ניט איבערגעפרעגט: ווו דאָרטן? ער האָט עס א זאָג געטאָן מיט אזא טאָן און מיט אזא נאַטירלעכער געוויינלעכקײַט, אז ס׳איז געווען קלאָר, וואָס פאַר א דאָרטן ער מיינט, און אז איך, פאַרשטייט ער, קער זיך אויך עפּעס אָן מיט יענעם דאָרטן. כ׳האָב אים געענטפערט מיט דער זעלבער געוויינלעכקײַט, גלײַך מיר וואָלטן שוין וועגן דאָזיקן איניען ניט איין מאָל גערעדט.

— מיר קעמפן, — האָב איך א זאָג געטאָן, — מיר קעמפן אצינד קעגן פאַשיזם.

ער האָט מיך אָנגענומען אונטער דעם אָרעם און האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, א פּאָר מאָל איבערגעכאַזערט:

— גוט, גוט.

כ׳האָב אים אונטערגעפירט ביז אהיים. ער האָט געוווינט אין אן ענגן טונקעלן הויף, ארום־און־ארום מיט א סאַך גאָרנס און גאַנעקעס. מיר זײַנען נאָך א ביסל געשטאַנען אין דרויסן און גערעדט. ער האָט מיך א פרעג געטאָן, געדענק איך, צי פיל איך אין זיך ניט קיין שרעק פאַר פײַניקונגען, פאַר טפיסע. באַם געזעגענען זיך האָט ער די האַנט מײַנע ארײַנגענומען צווישן זײַנע ביידע דלאָניעס, געשאָקלט זי און מיר א זאָג געטאָן:

— נישקאָשע, נישקאָשע. יענע, וואָס ווערן געפּײַניקט פאַרן עמעס, וועלן געקרוינט זײַן מיט אייביקײַט!..

אין יאָרן ארום האָב איך אמאָל אזוי זיך, אַף טשיקאַוועס, געבלעטערט די עוואַנגעליע און בין פּלוצעם געקומען איבערן דאָזיקן זאָג. כ׳בין געזעסן און זיך געכידעשט, פאַרוואָס דער דאָקטער פּאָראַט, דער דאָזיקער טיפער טאַנאַך־קענער און גרויסער יאַדען אין דער אַלטער העברעיִשער ליטעראַטור, האָט אין א מאָמענט פון הישטאַפּכעס־האַנעפעש, קאָן מען זאָגן, גראַדע באַנוצט זיך מיט אן עוואַנגעלישן פּאָסעק.

* * *

„דאָס הײַך־הויז״ — אזוי האָט מען גערופן די מעכאנישע אײַזנבאן־
ווארשטאטן, די פאך־שול אף דער באזע פון די דאָזיקע ווארשטאטן, די
לאנגע דעפּאָ־געבײַדעס מיט די פּלאטשיקע גלעזערנע דעכער — אלץ
אינײנעם האָט זיך אוועקגעצויגן עפּשער אף א פערטל קילאָמעטער לענ־
גויס די באן־ליניעס, ארומגעצוימט מיט א הויכן פארסאזשעטן רויט־
ציגלדיקן פּלויט. אינווייניק האָט מען טאָמיד געהערט פײַפן לאָקאָמאָטיוון.
אין דער מיט פּלויט איז געהאנגען אף גרויסע זאוויסעס א שווערער
שווארצער אײַזערנער טויער. ארום־און־ארום איז טאָמיד געשטאנען א
מין הארבער קאָקס־קוילן־רייעך, וואָס האָט זיך אָפּגעלייגט אפן גומען,
געצופּט אין די נאָזלעכער, איז געקראָכן אין די גארגערעס, ווען מ׳איז
נאָר דורכגעגאנגען פארבײַ דעם דאָזיקן לאנגן הויכן פּלויט פונעם הײַך־
הויז. די שילער פון דער פאך־שול האָבן דײַקע געטראָגן אין די זונ־
טיקן שווארצע פרענטשן מיט מעשענע קנעפּ, נאָר שילער האָבן זיי גע־
הייסן טאקע נאָר דעמלט, אין די זונטיקן, ווען זיי האָבן געטראָגן די
דאָזיקע שווארצע פרענטשן מיט די מעשענע קנעפּ. אלע אנדערע זעקס
טעג פון דער וואָך האָבן זיי פּראָסט געהאָרעוועט אין די ווארשטאטן,
פארשווארצט געוואָרן פון בלאָוון קאיאָר ביז גראָוון פארנאכט, געגאנגען
עסן אויסגעשטעלטע, ווי סאָלדאטן, געשלאָפן אין קאזארמעס מיט
דרײַגאָרנדיקע בעטלעך, געהאָרעוועט פארן דאך איבערן קאָפּ, פארן שי־
סעלע געקעכץ און פארן גאָב צו הייסן שילער און טראָגן פרענטשן מיט
מעשענע קנעפּ. צו די דאָזיקע אײַזנבאן־פאך־שילער האָט מען געדארפט
געפינען א וועג. און ס׳איז גאָרניט געווען קיין גרינגע זאך. מאכמעס,
כוץ דעם, וואָס מ׳האָט די יִינגלעך אזוי־אָ שווארץ עקספּלואטירט, און
עפּשער טאקע ווײַל מ׳האָט זיי אזוי־אָ עקספּלואטירט, האָט מען זיי ערשט
פון אויבן באארבעט, אזוי צו זאָגן, אידעאָלאָגיש. צווישן די מײַסטערס
און „דערציִערס״ אין דער פאך־שול זײַנען געווען א פּאָר „נעסטן״ פון
דער רומעניש־פאשיסטישער „אײַזערנער גווארדיע״. אף זיי האָט זיך אָנ־
געשפּארט די דירעקציע, נאטשאלטסווע. זייער לימעד האָט מען דעמלט
געקענט אָנרופן מיט איין קורץ וואָרט: סינע. פײַנט האָבן, פארשטייט
זיך, יִידן און קאָמוניסטן. אין די ווארשטאטן, האָבן מיר זיך שפּעטער
דערוווּסט, זײַנען אפילע געהאנגען אף די ווענט האוטאָכעס, אז „דער,
וואָס וועט אויסגעבן א קאָמוניסט, וועט ווערן פּרעמירט פון דער דירעק־
ציע מיט אזא און אזא סומע געלט״. דעם וועג צו די דאָזיקע פארקאַ־
זארמירטע פאך־שילער האָבן, מאָלט אײַך, געדארפט אויסזוכן איך און
בענע — יִינגלעך אין איין עלטער מיט זיי, אויך שילער, קאָלעגן זייע־
רע, הייסט עס. כ׳געדענק, ווי מיר האָבן זיך ביידע עטלעכע אפדערנאכטן
קעסיידער געדרייט אָפּ און אויף לעבן שווארצן אײַזערנעם טויער, גע־
זוכט אָנצוקניפּן מיט עמעצן א שטיקל באקענטשאפט, כאפּן א שמועסל,
א טאפּ טאָן; און אז דאָס האָט זיך עפּעס דעם ערשטן אפדערנאכט אונדז
ניט אײַנגעגעבן, האָט בענע בעשום־אויפן ניט געוואָלט אוועקגיין מיט

גאָרניט, כאָטש דער אײַזערנער טויער איז שוין לאַנג געווען פאַריגלט און קיינער איז שוין פון דאָרטן ניט אַרויסגעקומען און אַהין ניט אַרײַנגעגאַנגען. נאָר סאָפּקאָלסאָף האָט זיך אין אַ פּאָר פאַרנאַכטן אַרום אַ באַקענטשאַפט פאַרקניפּט. דאָס ערשטע ייִנגל, מיט וועלכן מיר האָבן זיך פאַרכאַווערט, האָט געהייסן, געדענק איך, כאַראַלאַמביע, האָט געהאַט אַ ווייל פּאָנעם און האָט זיך אויף קיין האָר ניט געכידעשט, וואָס מיר ווילן פּלוצעם זײַן מיט אים באַקענט, פרעגן אים אויס, פונוואַנען ער איז, צי לייענט ער ביכלעך און צי גייט ער אַמאָל אין קינאָ, זאָגן אים, אַז מיר ווילן זיך באַקענען מיט נאָך אַ פּאָר כאַווײרים זײַנע, צונויפקומען זיך אַמאָל פאַרבערענגען איניינעם, זײַן פרײַנט. פאַרקערט: ער האָט אַפילע גוט ניט איבערגעפרעגט אונדזערע נעמען און זיך גוט ניט נאָכגעפרעגט, ווו מיר לערנען און אין וואָסערע קלאַסן מיר זײַנען. ער איז מיט אונדז גערן געגאַנגען און גערעדט, אונטערגעפירט אונדז ביז אַרויף אין שטאָט, זיך ניט געכידעשט, וואָס מיר פירן אים אונטער צוריק, אַראָפּ צו זיך, און באַם צעשיידן זיך האָט ער אונדז דער ערשטער געפרעגט, ווען און ווו מירן זונטיק זיך טרעפן. זונטיק האָט אונדז כאַראַלאַמביע באַקענט מיט נאָך צוויי כאַווײרים זײַנע. דערנאָך, פּאַוואָלינקע, דעם אַנדערן זונטיק, האָבן מיר זיך געטראָפן מיט גאַנצע אַכט פּאַך־שילער אין שטוב באַ בענעס אַ שוועסטער. די שוועסטער און דער שוואָגער בענעס זײַנען גראָד געהאַט אַוועקגעפאָרן קיין וויזשניץ, געדענק איך. טאַסיע איז געקומען צו דער דאָזיקער באַגעגעניש מיט פריש אויסגעלייגטע האָר, דאַכט זיך אַפילע אַ ביסל צוגעפּודערט. זי איז געקומען מיט נאָך צוויי מיידלעך. בענע האָט אַרופגעשטעלט אויפן טיש אַ טאַץ קאָנפעקטן. טאַסיע האָט געמאַכט טיי. באַ בענעס שוועסטער אין שטוב איז געווען אַ פּאַטעפאָן. די פּאַך־שילער זײַנען געזעסן און אײַנגעטײַנעט מיט די מיידלעך. עמעצער האָט פאָרגעלייגט, מע זאָל שפּילן אין פאַנטן. נאָר טאַסיע האָט געזאָגט, אַז אַזאַ שפּיל געפעלט איר ניט, אַזאַ שפּיל איז ניט אינטערעסאַנט, בעסער זאָל מען שפּילן אין פראַגעס און אין ענטפערס, ווי באַ אַ „קעסטל־אָוונט״. יעדער איינער וועט אויפשרײַבן אויף אַ צעטעלע דאָס, וואָס ער וויל פרעגן, דאָס צעטעלע צונויפקאַטשען, אַרײַנוואַרפן עס אין דעם־אָ היטל, און ווער עס וועט וועלן, וועט ענטפערן אויף דער פראַגע, וואָס ער אַליין וועט פונעם היטל אַרויסציִען. דאָס איז געווען גאָרניט קיין קרומער געדאַנק. די פראַגעס אויף די צעטעלעך האָבן אונדז געדאַרפט זאָגן, וואָס אַזוינס די פּאַך־שילער וואָלטן געוואָלט וויסן, און די ענטפערס אויף די פראַגעס האָבן זיי געדאַרפט זאָגן דאָס, וואָס מיר וואָלטן געוואָלט, זיי זאָלן וויסן. פראַגעס אין היטל האָט מען אַרײַנגעוואָרפן אַלערליי. צי דאָס מיידל מיט די שיינע אויגן האָט שוין עמעצן, צי מעג מען זיך נאָך אין איר פאַרליבן? (זייערע אַ פראַגע). פאַרוואָס לעבן די שילער פון דער פּאַך־שול ווי אין אַ קאַזאַרמע, קאָן עס ניט זײַן אַנדערש? (אונדזערע אַ פראַגע). איז פאַראַנען עמעסע ליבע? (זייערע אַ פראַגע). וואָס איז אַזוינס פאַשיזם? (אונדזערע אַ פראַגע). וויִאַזוי קאָן פאָרקומען אַ רעוואָליוציע? (דאַפקע זייערע אַ פראַגע). ווער איז פאַרינטערעסירט, אַז פעלקער זאָלן ניט לעבן

צווישן זיך בעשאָלעם? (אונדזערע א פראגע). כ׳געדענק אזעלכע עטלעכע זונטיקן. דערנאָך געדענק איך א שטיבל מיט א פּריזבע אין דרויסן ערגעץ ווײַט אף יענער זײַט באַן־ליניעס, קימאט שוין ארויס דער שטאָט, לעבן די פעלדער. דאָרט האָט געוווינט כאראלאמביעס אן אלטע מומע. איך און בענע פלעגן אהין אָפט גיין. די אלטיטשקע פלעגט אונדז טאָמיד מע־כאבעד זײַן מיט זויערמילך. מיר פלעגן דאָרט טרעפן נאָך פיר כעווירע, וואָס כאראלאמביע האָט שוין מיט דער צײַט גוט געהאט צוגעגרייט, און ס׳איז שוין דאָרט פאָרגעקומען צווישן אונדז אן אָפענער שמועס. לאָזט זיך אויס, אז כאראלאמביע איז שוין געווען דאָס, וואָס מיר האָבן גע־וואָלט, ער זאָל זײַן, נאָך איידער ער האָט זיך מיט אונדז באקענט. מיר האָבן אים ניט געשאפן, נאָר פּאָשעט אנטפּלעקט, באגעגנט. די דאָזיקע צופעליקע באגעגעניש אונדזערע פלעגט בענע, געדענק איך, ברענגען פאר א בײַשפּיל, אז קיין צופעליקײַטן זײַנען טאקע, הייסט עס, אף דער וועלט ניט פאראן. אלע צופעליקײַטן קומען דיאלעקטיש פאָר געזעצמע־סיק. דער האָט געמוזט גיין אהין, און יענער האָט געמוזט גיין אהער — האָבן זיי זיך „צופעליק" באגעגנט. פּאוואָלינקע איז פון דער דאָזיקער צופעליקער באגעגעניש מיט כאראלאמביען אויסגעוואקסן א שטיק קויעך אין דער פּאַד־שול, וואָס האָט סײַוויסײַ געמוזט אויסוואקסן. קעגן די פּאָר „נעסטן", אף וועלכע ס׳האָט זיך אָנגעשפּארט נאטשאלסטווע, האָט זיך מיט דער צײַט אוועקגעשטעלט א פּאָר „קעמערלעך", אף וועלכע ס׳האָט זיך געדארפט אָנשפּארן דער גאנצער שילער־אוילעם, וואָס האָט געהאָרעוועט אין דיווארשטאטן. כ׳געדענק א הויך ייִנגל מיט וואָנצעלעך, מ׳האָט אים גערופן וויִאָרעל, וואָס פלעגט אונדז שטעלן עפּעס צו שארפע פראגעס, מאָנען בא אונדז אומלעגאלע ליטעראטור, טײַנען, אז מע טאָר ניט אָפּלייגן אין דער לאנגער באנק, מע דארף וואָס גיכער א ספּעציִעלע פּראָקלאמאציע וועגן די ווארשטאטן, מע דארף דעם גאנצן אוילעם אופ־עפענען די אויגן, דערציילן, אופקלערן, אָרגאניזירן א שטרײַק. מיר האָבן דעם דאָזיקן וויִאָרעלן כוישעד געווען, אז ער זוכט דער דירעקציעס צוגע־זאָגטע פּרעמיעס, אָדער, ווער ווייסט, עפּשער עפּעס נאָך ערגערס. נאָר טאסיע האָט געזאָגט, אז זי האָט דירעקטיוון, מע זאָל זיך ניט רעכענען מיט גאָרניט. קיין שום פּראָוואָקאטאָר דארף גאָרנישט ניט אָפּשטעלן. די נוצן וועלן זײַן צען מאָל מער, ווי דער שאָדן. און אין הײַץ־הויז האָט מען פארשפּרייט פּראָקלאמאציעס, צעטיילט אומלעגאלע ליטעראטור, ס׳האָט זיך אָנגעהויבן גרייטן א שטרײַק. דעם ערשטן מײַ האָט אינוויי־ניק, אף דער העכסטער דעפּאָ־געבײַדע, געפלאטערט א רויטע פאָן. נאָר דאָס איז שוין פאָרגעקומען שפּעטער, אין א פּאָר כאדאָשים ארום. ניט איך און בענע פלעגן שוין דעמלט אהין גיין. אָנשטאָט אונדז זײַנען מיטן הײַץ־הויז שוין געווען פארבונדן באָרע און לעאָנטע. איך און בענע זײַנען שוין דעמלט געזעסן אפן אוסטריע־פּלאץ, אין א קאלטער צעלע מיט צוויי שמאָלע פארגראטעטע שטיקלעך הימל העט אויבן לעבן דער סטעליע.

# 11

קומען נעמען דעם גרויסן פארברעכער און גרויסן אופטוער זײַנען געקומען צוויי אגענטן און איין פּאָליציאַנט. געקומען איין אַן אפּדער־נאכט, אין דרויסן איז שוין געווען גוט פינצטער, כ׳האָב זיך נאָרוואָס געהאט ארײַנגעזיאווועט אין שטוב ארײַן.

זיי האָבן אָנגעקלאפּט אין דער טיר מיט דער גוטער אָנקלאפּעניש, און אין דער פּרוי שאלערס גלעזערנעם קאָרידאָרל האָט אָנגעהויבן שווינדלען א רעדל שײַן פון אן עלעקטריש לאמטערנדל, מאמעש ווי אין א קאָווּבאָי־פּילם.

די צוויי אגענטן האָבן איבערגעקערט דאָס צימער אָרעץ־קאָרעץ, און דער פּאָליציאַנט אף דער שוועל, אין זײַן גאנצער אוניפאָרמע, א שטײַפער און אויסגעצויגענער, ווי ער וואָלט באוואכט לעכאָלהאפּאָכעס א סקלאד מיט פּולווער, האָט קיינעם ניט ארויסגעלאָזט און קיינעם ניט ארײַנגע־לאָזט. מע קען ניט זאָגן, אז דער העלד אונדזערער, וואָס איז געשטאנען בא דער זײַט מיט אן אראָפּגעלאָזטער ליפּ, האָט זיך ניט געפילט ווי קיין העלד. מע קען אָבער אויך ניט זאָגן, אז דאָס הערצל זײַנס האָט אים דערבײַ נישקאָשעדיק ניט אונטערגעטיאָכקעט.

„קאָרפּ־דעליקטן", דאָס הייסט מאמאָשעסדיקע באווײַזן וועגן פארברעכן, האָט מען בא מיר, קיין אײַנהאָרע, געפונען היפּש א סאך.

איינס. מײַנע פּאָר צעטריפּעטע סעמינאר־העפטן, געדיכט פארשריבענע מיט גאָר קליינע אויסיעלעך, געמעקט און געקלעקט, אז איך אליין האָב שוין אויך קוים געקענט איבערלייענען, וואָס כ׳האָב דאָרט אזוינס אמאָל ארײַנגעשריבן.

צוויי. ראָמען ראָלאנס ביכל „מאהאטמא גאנדי" (אין יידיש).

דרײַ. גאָרקיס „מוטער" (אין רומעניש), ווו עס זײַנען געווען אונ־טערגעשטראָכן מיט א בלײַער אלע שארפע שורעס. די דאָזיקע פײַערדיקע שורעס, האָט מען דערנאָך אין דער סיגוראנצע געטײַנעט, האָב איך באַ־נוצט אין פּראָקלאמאציעס. ס׳איז שיר ניט אויסגעקומען, אז אלע טשער־נאָוויצער פּראָקלאמאציעס זײַנען געווען מײַן שטיקל ארבעט.

פיר. א נאָטיץ־ביכעלע מײַנס, וואָס האָט נאָך פארמאָגט א צוויי צי דרײַ בלעטעלעך. מאכמעס יעדעס פארשריבן בלעטעלע אין דעם דאָזיקן נאָטיץ־ביכל פלעג איך באלד דעם אנדערן טאָג אויסרײַסן און צעפּיצלען. אף די לעצטע ליידיקע פּאָר בלעטעלעך איז געווען אופגעשריבן, געדענק איך, דאָס וואָרט „ראָזע". אזוי האָבן מיר געהאט אָנגערופן א נײַ קע־מערל — אפן נאָמען פון ראָזע לוקסעמבורג. און אין דער סיגוראנצע האָט מען געריסן שטיקער: ווער איז די ראָזע און ווו איז די ראָזע — כ׳זאָל זיי נאָר געבן ראָזען. נאָך איין וואָרט איז געווען פארצייכנט אין נאָטיץ־ביכל: דער נאָמען פונעם הײַך־הויז־דירעקטאָר. טאראסאָגלו צי טאנאסאָגלו, כ׳געדענק שוין ניט פּינקטלעך. אָט וועגן דעם פארצייכנטן נאָמען האָב איך בעפּיירעש גוט איבערגעטראכט, נאָר מ׳האָט מיך גראדע די גאנצע צײַט קיין איין מאָל אף דעם ניט געפרעגט.

די דאָזיקע „קאָרפּ־דעליקטן" האָבן די אגענטן געגעבן טראָגן מיר אליין. קעדיי כ׳זאָל זיך, אפּאָנעם, דערנאָך ניט אָפּטרייסלען פון זיי. און אזוי־אָ, איין אגענט אין דער רעכטער זײַט מײַנער, דער צווייטער — אין דער לינקער זײַט, הינטן — דער פּאָליציאַנט, אזוי האָבן זיי מיך אלע דרײַ אָפּגעפירט אין נאָענטן פּאָליציי־צירקל.

דאָרט האָט מען שוין אף אונדז געוואַרט. איינער, א גרויסער שעף זייערער, אפּאָנעם, מאכמעס כ׳האָב געזען, ווי׳אזוי די אגענטן זײַנען פאר אים געשטאַנען, און האָב געהערט, ווי מ׳האָט אים גערופן דאָקטאָר, דאָקטאָר, זעט אויס, פון יורידישע וויסנשאַפטן, איז געזעסן ברייט צע־זעצט אף א בענקל, אין א הוילן צעשפּיליעטן זשיליעט, די שליאַפּע וויל־יונגיש פארוקט אפן שפּיץ קאָפּ, האָט מיך עטלעכע מאָל פון אויבן אראָפּ און פון אונטן ארוף אָפּגעמאָסטן, מיך שארף דורכגענומען מיט די אויגן, אָפּגעשטעלט דעם בליק אָט אף די הויזן מײַנע, וואָס זײַנען געווען ארײַנ־געלאָזט אין די זאָקן, אָט אף מײַנע האָר, וואָס כ׳האָב שוין לאנג ניט געהאט אונטערגעשוירן, און האָט סאָפּקאָלסאָף ניט אויסגעהאלטן, מיט א געלעכטערל א זאָג געטאָן:

— און דאָס־אָ קאָטערל דראַפּעט די וועלט, האַ? קיציקא, פּס, פּס...

די אגענטן האָבן זיך אויך צעלאכט. נאָר ער האָט אף זיי אזוי א קוק געטאָן, אז דאָס געלעכטער זייערס האָט זיך אין דער רעגע פאר־האַקט. ער איז מיטאַמאָל געוואָרן ערנסט, אָנגעכמורעט. ער האָט זיך געטאָן א הייב אוף פונעם בענקל און זיך געגעבן א לאָז צו צו מיר. מאמעש לעבן דער נאָז מײַנער איז ער שטיין געבליבן, אָפּגעטרייסלט זיך די הענט, ווי ער וואָלט נאָרוואָס אָנגערירט מיט זיי עפּעס ניט קיין ריינס, און האָט זיך צוריק אויסגעדרייט צו די אגענטן:

— פירט אים ארוף אין דער צענטראַלע. לאָז ער א נאכט איבער־נעכטיקן. מאָרגן וועט ער מיאוקען גאָר אנדערש.

אין דער „צענטראַלע" האָט מען צוגענומען בא מיר דאָס גאַרטעלע פון די הויזן, די שנירלעך פון די שיך, ארײַנגעפּאָרן מיר מיט א מאַ־שינקע אין די האָר ארײַן, הינטנארומער מיר בעשאָס־מײַסע דערלאַנגט א פּאָר גוטע סטוסאקעס אין די זײַטן, און מיך דערנאָך ארײַנגעלאָזט אין א קאמער.

די קאמער איז געווען גאָר אן ענגע, א קאמער, אפּאָנעם, פאר איין מענטשן. בא א וואנט איז געהאנגען צוגעקאָוועט א מין שמאָל בעטל, אנטקעגן בעטל — א טישל, א בענקל, אויך אזוי צוגעפּעסטיקטע צו דער וואנט. אין א ווינקל איז געשטאַנען א בייסהאַקיסע־פּאַדיומל מיט אן אויסגעשעניטענעם לאָך אין דער מיט און מיט צוויי טרעטערס איןביידע זײַטן ארופצושטעלן אף זיי די פיס. נאָר אין דער דאָזיקער קאמער פאר איין מענטשן האָב איך שוין געטראָפן א גאנצן מיניען. דרײַ צי פיר ארעסטירטע האָבן געכראָפּעט אפן בעטל. צוויי זײַנען געזעסן מיט פאר־וואָרפענע קעפּ לעבן טישל. די איבעריקע זײַנען געלעגן צונויפגעקאָר־טשעטע אפן צעמענטענעם פּאָל.

כ׳בין געשטאנען א מין האלבע שאָ און זיך ניט גערירט פונעם פּלאַץ, געקוקט די גאנצע צײַט צום שלאָפנדיקן אוילעם. געשטאנען אָן אָפּגע־שוירענער, צוגעהאלטן מיט א האנט די הויזן מײַנע, וואָס זײַנען אין די איינע עטלעכע שאָ עפּעס שטארק לויז געוואָרן אױף מיר. דערנאָך בין איך פּאַוואָלינקע צוגעגאנגען, געדענק איך, און זיך אוועקגעזעצט אפן בייסהאַקיסע־פּאָדיומל, געזעסן און געקוקט ארויף צום פּאַרדראָטעוועטן לעמפּל העט אויבן איבער דער טיר.

אין א פּאָר שאָ ארום האָט מען אין דער קאמער ארײַנגעשטופּט א נײַעם אוירעך. דאָס איז געווען א הויכער שטאלטנער הוצול פון א יאָר עטלעכע און דרײַסיק. א רעקל האָט ער געטראָגן אפן הוילן לײַב, פאַר־שפּיליעט אויבן באם האלדז מיט א שפּילקע. די פיס זײַנען אים געווען פאַרמאָטעט מיט אָנעטשעס, כאָטש געגאנגען אָנגעטאָן איז ער אין א פּאָר דינע זומערדיקע טופליעס. דאָס פּאָנעם — פאַרוואקסן מיט א געלער האר־טער באָרד.

ער איז צוגעקומען צו מיר און אליין זיך פאָרגעשטעלט:

— א קעשענע־גאַנעוו אין די טראַמווײַען און א קאָרטנשפּילער אף די מערק, אַן אויסוואורף איינער אין דער וועלט. כ׳בין דאָ א היימישער יאַט. אלע כוידעש עטלעכע טעג דאָ אף קוראַציע. כ׳ארבעט דאפקע ריין און טרוקן. דאָס מאזל מײַנס איז א בלאָטיקס, פאַרצעפּענ׳עט זאָל עס ווערן! היי, וואָס זיצסטו און קוועטשסט זיך אפן טעפּל? א מענטש דארף זײַן א מענטש אומעטום. טו א קוק, ווי מע מאכט עס. א געלעגער, ווי באם טאטן אין ווײַנגאָרטן. די שיך — דער צוקאָפּנס, די הויזן — אָן אײ־בערבעט, ס׳רעקל דינט העלפט אף העלפט — א פערטל שאָ דעקט עס צו די אקסל און א פערטל שאָ דעקט עס צו די קני. שטייסט אוף גאנצפרי אָן אויסגעכאַליעטער, דאָס מאלבעש דײַנס איז אויסגעפּרעסט, ווי בא א מיניסטער אף די באנקעטן. וואָס קוקסטו מיך אָן און שווײַגסט? א קאָמוניסט, האַ? זיצסט פאר גאנווענען לופט, פארן עמעס. זײַ ניט קיין יאָלד. זוך דיר אָפּ א שטיקל פּלאַץ אפן צעמענט און לערן זיך אויס סייכל. ס׳עט דיר צוניץ קומען...

כ׳האָב אזוי געטאָן. כ׳האָב פּינקטלעך געפאָלגט דעם קעשענע־גאַנעוו און קאָרטנשפּילער און בין שוין די ערשטע נאכט אונטער די גראַטעס געשלאָפן אָן אויסגעטאָנענער, אף א געלעגער, „ווי באם טאטן אין ווײַנ־גאָרטן״. עמעס, כ׳האָב א גאנצע נאכט קיין אויג ניט צוגעמאכט. כ׳בין געלעגן און געטראכט וועגן אלצדינג אין דער וועלט. כ׳האָב וויל גע־ווּסט, וואָס עס וואַרט אף מיר גאנצפרי, נאָר איצט איז מיר דאָ געווען גוט. כ׳האָב געפילט, אז איך בין אין דער „סאמע געדיכטעניש פונעם פּאָלק״, ווי מע פלעגט דעמלט ליב האָבן א זאָג צו טאָן.

דעם געלן הוצול אינעם הוילן רעקל אפן לײַב האָב איך געזען ווי א מין גאָרקי־טיפּ, א פילאָסאָף, א גאַנעוו, וואָס זיצט אין די טורמעס, ווײַל ער וויל זײַן פרײַ פון די קייטן, וואָס הענגען אף אים אין דרויסן, „אף דער פרײַ״. כ׳בין מיט אים געווען איניינעם עטלעכע טעג. כ׳געדענק, ווי ער פלעגט אוועקשטעלן א פוס אפן איינציקן בענקל אין דער קאמער,

אויסצי̇ען דעם האלדז ארוף צום פארגראטעטן פענצטערל און מיט אן אָנגעצונדן פּאָנעם אָנהייבן זינגען דאָס איינציקע אוקראַיִנישע לידל, וואָס ער פלעגט טאָמיד זינגען, מיט אזויפיל טרויער און מיט אזויפיל ווייטעק, אז ס׳האָט געקענט רירן א שטיין:

נעמא זשינקא־א, נעמא כא־א־טא־א־א...[1]

און כאָטש ער האָט געהאט א הייזעריק רימפּלענדיק קאָל און פלעגט אמאָל אויבן, אף די אייבערשטע טענער אָנהייבן מערער קוויטשען איידער זינגען, איז דאָס פונדעסטוועגן געווען אזא נעגינע, וואָס איז מיר נאָכ־געגאנגען לאנגע יאָרן, און כ׳געדענק נאָך גוט איר טאַם ביז היינט.

* * *

גאנצפרי האָט מען מיך גענומען אין דער ארבעט.

ס׳גאנצע רעדל אויבן אין די סיגוראנצע־צימערן, דאָס הייסט דאָס מיימעסן און דאָס פּייניקן, די גוטע אויספאָרשונג, אזוי צו זאָגן, האָבן געפירט די צוויי סיגוראנצע־קאָמיסארן, וואָס זיינען דעמלט געווען גוט באקאנט דעם גאנצן טשערנאָוויצער אוילעם אונדזערן, — ראָטענבערג און טיראָן.

ראָטענבערג איז געווען א נידעריק־געפּאקט מענטשל מיט א בייכל, מיט א פּאָר גאָלדענע ציין אין מויל, מיט א כאסענע־רינגל אף דער האנט, מיט צוויי פלינקע אומלויפנדיקע אייגלעך — באגעגן אים אף דער גאס מיט זיין סטאטעטשנע גענגל און ווייס ניט, וועמען דו האָסט באגעגנט, וועסטו זאָגן, אז דאָס איז א מעקלער פון הייזער, אָדער גלאט אזוי זיך א שטעקעלע־דרייער ערגעץ אף דער בערזע. טיראָן האָט אויסגעזען ווי א לעב־יונג א כוואט, וואָס הוליעט גאנצע נעכט, שלאָפט שפּעט און האָט דעריבער צוויי ליידיקע קישעלעך אונטער די אויגן. ער האָט געטראָגן לאנגע שפּיצעכיקע פּייעס אף די באקן, געהאט א קאלטבלוטיק־ראָצכע־דיקן קוק און האָט פארמאָגט, האָט מען געוווסט, א פּאָר יאָדאזים, וואָס מע קען מיט זיי א כאפּ טאָן אין בוינע אן אָקס בא די הערנער און אים אוועקוואלגערן אף דער ערד ניט געבונדענערהייט. א דריטער סיגוראנ־צע־קאָמיסאר, דער רומענער פּאָפּעסקו, איז געווען א פּעך־שווארצער ברונעט מיט צוויי קורצע היטלער־וואָנצעלעך אונטער דער סאמע נאָז. ער האָט זיך צום שלאָגן ניט געמישט. ער האָט גערעדט צו איך מיט א שמייכעלע, נאָכדעם ווי איר זענט שוין דורכגעגאנגען עטלעכע גענעמס, האָט זיך איידל געכידעשט, פארוואָס איר זיצט עפּעס אף א שפּיץ בענקל, פּארוואָס דאָס פּאָנעם איירס איז איך פלוצעם פארלאָפן, און האָט איך איידל א זאָג געטאָן, אז אויב איר וועט ניט ריידן, איז דאָס־אָ ערשט אן אָנהייב...

ראָטענבערג איז ביז עפּעס־וואָס צוגעגאנגען צו מיר, מיך אָן ווערטער

---

[1] כ׳האָב קיין ווייב ניט און האָב קיין היים ניט.

אָנגעכאַפּט באַ די לאַצן פונעם רעקל און פּאַוואָלינקע עטלעכע מאָל באַ־העפט די פּלייצע מײַנע מיטן שאַרפן ווינקל פון דער קאַפּלנער הרובע, וואָס איז געשטאַנען אין צימער. מיר, הייסט עס, ביז עפּעס־וואָס געגעבן אַ קליינעם אַדערוף, אַ ביסל אויסגעקנאַקט מיר די ביינער.

דערנאָך האָט ער אַרויסגענומען פון אַ טישקעסטל צוויי פאָטאָגראַפיעס און זיי מיר אַ שטופּ געטאָן אין פּאָנעם אַרײַן:

— דערקענסט?

כ׳האָב די אויגן געהאַלטן פאַרביסן אַראָפּגעלאָזט.

— פּס... דער וועלמאָזשע האָט זיך אָנגעבלאָזן. נו, נו, וועסט זיך מירטשעם איבערבעטן. קענסט זי, די דאָזיקע, פרעג איך, צי דו קענסט זי ניט?

מיט אַ שפּיץ אויג האָב איך געכאַפּט אַ קוק אויף די צוויי פאָטאָגראַ־פיעס און דערזען דאָרט טאַנין. אַ מעסוקן אָפּגעצויגענע און אויסגע־מאָגערטע. אויף איין פאָטאָגראַפיע — אין פּראָפיל, אויף דער אַנדערער — אין אַנפאַס.

— וועלכע? — האָב איך שלאַבעריק אַ פרעג געטאָן. — די׳ע צי די׳ע?

— עך, דו, בעסאַראַבער הור! — האָט ראָטענבערג געגעבן אַ שפּרונג אויף. — און דו לערנסט באַם ראַבינער מאַרק געמאָרע מיט טויספעס, האַ? זי דיך קען, און דו זי קענסט ניט. אַ לאַמעדוואָווניק אַ גאַנצער. געפּיי־גערטער שטשור, וועסט ריידן צי ניין?

— כ׳האָב ניט וואָס צו ריידן.

— נישקאָשע, מירן דיר פּיקן דאָס צינגל. וועסט ריידן. נאָך מערער וויפל מע דאַרף. באַ וועמען האָסטו גענומען די מאַשינקע אָפּצודרוקן דעם מאַניפעסט, וואָס טאַני האָט דיר געגעבן? ענטפער, נעוויילע!

— וואָס פאַר אַ מאַשינקע? ווער איז די טאַני?

— אַך, ווייסט ניט, וואָס פאַר אַ מאַשינקע. אַ־די, וואָס מע דרוקט אויף איר „די רויטע בוקאָווינע״, קיין אַנדערע דאַרפן מיר ניט.

— כ׳ווייס ניט פון קיין רויטע בוקאָווינעס. כ׳קען ניט קיין שום טאַניס.

— ווייסט ניט. קענסט ניט. וואַרט אַ ביסל, ט׳וועלן מיר דיך באַלד באַקענען!

ער איז אַרויס פונעם צימער און מיך אַ פּאָר מינוט איבערגעלאָזט אַליין. כ׳האָב געוווסט, אַז דורכגעפאַלן זײַנען אין שטאָט טוער פון די „אוניטאַרע געווערקשאַפטן״, ווי מע פלעגט דעמלט רופן די לינקע פּראָ־פאַריינען. איך האָב צו די געווערקשאַפטן קיין שײַכעס ניט געהאַט. טאַני, געדענק איך, האָט מיך נאָר אַמאָל געבעטן, איך זאָל ערגעץ איבערשרײַבן אויף אַ שרײַבמאַשינקע אַ טעקסט פון אַ פּראָפאַריייניש פלוגבלעטל. כ׳האָב דעם טעקסט אָפּגעקלאַפּט באַ מײַנעם אַ כאַווער, אַן אַדוואָקאַטס אַ זונדל, דידי פרידמאַן. טאַני האָט שפּעטער אין טפיסע דערציילט, אַז ווען מ׳האָט אין דער סיגוראַנצע דערזען דעם דאָזיקן מאַניפעסט, וואָס מ׳האָט באַ איר געפונען, האָט זיך געטאָן כווישעך. זיי האָבן געטײַנעט, אַז דאָס איז די זעלבע שרײַבמאַשינקע־שריפט, מיט וועלכער מע דרוקט די אונ־

טערערדישע צײַטונג „די רויטע בוקאָווינע”. און מ׳האָט פון טאָנין גע־שניטן פאסן, געטאָן איר אזוינס, וואָס מע קאָן עס גאָרניט איבערגעבן. צי די מײַסע מיטן שריפט איז געווען א זאך א צופעליקע, צי מ׳האָט טאקע די צײַטונג געדרוקט אף דידי פרידמאנס שרײַבמאשינקע, ווייס איך נאָך אדהײַנט ניט. כ׳ווייס נאָר, אז כ׳בין דעמלט געשטאנען און געטראכט, אז דידיס נאָמען טאָר אף מײַנע ליפּן ניט קומען, עס זאָל אפילע געשען מיט מיר דאָס סאמע שרעקלעכסטע אין דער וועלט.

אין צימער האָט זיך ארײַנגעיאוועט טיראָן, צוגעשפּאנט צו מיר, קאטשענדיק זיך, מיט ארײַנגערוקטע הענט טיף אין די הויזן־קעשענעס, א רעגע־צוויי געשטאנען לעבן מיר, און דערנאָך, אויך אזוי־אָ ביז עפּעס־וואָס, אויך ווי א מין אדערוף, אָפּגעציילט מיר מיט דער שארף פון דער יאד זײַנער א גוטן צענדליק האק אין איין זײַט האלדז און א צענדליק אין דער אנדערער זײַט האלדז. ס׳האָט מיך פארכאפּט דער אָטעם און ס׳האָט מיך אָנגעהויבן שטיקן, ווי כ׳וואָלט זיך מיט עפּעס געוואָרגן. די אויגן האָבן זיך מיר פארגאָסן מיט א הארבקײַט, נאָר כ׳בין געשטאנען און זיך ניט גערירט פונעם פלאץ, אויסגעהערט, ווי טיראָן האָט א זאָג געטאָן:

— איצט זײַ א בעריע און טו א דריי אויס דעם האלדז. א וואָלף, אן עמעסער וואָלף, האַ?

איך, הייסט עס, בין אן עמעסער וואָלף.

ס׳האָט זיך דערהערט ראָטענבערגס קאָל:

— קער דיך אום מיטן פּאָנעם צו דער וואנט. אָט אזוי. לעבעדיקער. קער דיך אום צוריק! נו, דערקענסט די כאווערטע?

כ׳האָב דערזען פאר זיך טאָנין. זי איז געשטאנען אן אײַנגעשרומ־פּענע, א פארבלאָווטע, מיט קליינגעוואָרענע אונטערגעשלאָגענע אויגן, מיט אן אײַנגעפאלן מויל.

— כ׳קען ניט קיין שום כאווערטע!

— קענסט זי ניט, צי דו דערקענסט זי ניט?

— כ׳קען ניט קיינעם ניט!

— וועסט ריידן צי ניין?

— כ׳האָב ניט וואָס צו ריידן!

— נו, נו, קוק זי גוט אָן. מירן דיר באלד אויך מאכן אזא־אָ פּיזיאָ־נאָמיע.

ראָטענבערג און טיראָן האָבן מיך געפירט דורך שמאָלע הינטערטרעפּ־לעך און קאָרידאָרלעך, ארופגעפירט מיך אין א מין ליידיקן בוידעם־צימער אָן פענצטער. דאָרט איז געשטאנען ניט מער ווי א הילצערן טאָפּטשאנדל. אין א ווינקל האָב איך געזען א וואסער־קראנט, הינטערן קראנט אן עמער, אין א צווייט ווינקל — א פּאָר דינע אײַזערנע שטענג־לעך. הינטער אונדז האָט זיך אין צימער ארײַנגערוקט א יונג מיט פאר־קאטשעטע ארבל און מיט א טעמפּער פּירעקעכדיקער מאָרדע, גלײַך ווי מע וואָלט פאר אזא־אָ ווייל צימער ספּעציעל צוגעזוכט אזא־אָ ווילע מאָרדע.

מ׳האָט מיר פאַרבונדן די פיס און די הענט און מיך אוועקגעלייגט אפֿן טאָפּטשאַנדל. די קוילעס מײַנע זײַנען פונדאַנען־אָ אין ערגעץ ניט דערגאַנגען. מ׳האָט זיך דאָ מיט מיר מיסאָסעק געווען גוטע עטלעכע שאָ. עטלעכע מאָל אין די דאָזיקע עטלעכע שאָ האָב איך אופגעהערט פילן און הערן. ס׳האָט מיר נאָר געזשומעט אין די אויערן ראָטענבערגס ריטשען: „ווּעסט רעדן, צי דו ווּעסט ניט רעדן?" און האָב נאָר דערפילט אף זיך די עמערס וואַסער, וואָס מ׳האָט אף מיר אין די עטלעכע מאָל ארופגעפּליוכעט.

פאַרנאַכט־צו, ווען מ׳האָט מיך צוריק אַרײַנגעלאָזט אין דער קאַמער און פאַרהאַקט הינטער מיר דעם שלאָס, האָב איך באַלד לעבן דער טיר געטאָן א פאַל אַוועק. א נײַער אַרעסטירטער, — מ׳האָט אים גערופן, געדענק איך, קאָליע ספּעטאַר, א קליינינקער, אַן אויסגערייכערטע ליולקע, ער איז דערנאָך געוואָרן דער גאַנצער באַלעבאָס אין דער קאַמער, אַלע האָבן אים געפאָלגט, ווי עפּעס אַן עלטסטן זייערן, — איז צו מיר צוגעקומען, איבערגעבויגן זיך איבער מיר און מיך שטיל א פרעג געטאָן אײנע צוויי ווערטער:

— האָסט גערעדט?

אַז כ׳האָב א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אף ניין, האָט ער צוגערופן דעם געלן הוצול, ביידע האָבן מיך פאַוואָלינקע אופגעהויבן, גענומען מיך אונטערן אָרעם, און אַזוי־אָ, טריט־בא־טריט, דורכשפּאַצירט זיך מיט מיר אַהין און צוריק, פון איין ווּאַנט־קאַמער צו דער אַנדערער ווּאַנט־קאַמער — צעפּירן די בלוטן און ניט לאָזן אופגיין די געשווּילעכצן, ווי זיי האָבן עס דעמלט א זאָג געטאָן.

דערנאָך האָבן זיי מיך אַוועקגעלייגט אפֿן בעטל — אונטערגעשפּרייט מיר עמעצנס א רעקל און צוגעדעקט מיך מיט עמעצנס א רעקל.

אַזוי בין איך שוין אַלע אַכצן טעג, וואָס כ׳בין געזעסן אין דער סיגוראַנצע, אײנער אַליין געשלאָפן אפֿן בעטל. קאָליע האָט בעשום־אויפן קיינעם ניט געלאָזט אַוועקלייגן זיך לעבן מיר. מע זאָל מיר, ערשטנס, האָט ער געזאָגט, ניט טשעפּען די ווּנדן, צווייטנס, זאָל קיינער מיט מיר ניט טיילן דעם קאָוועד, וואָס ער, קאָליע, האָט באַשטימט, אַז ער קומט מיר אײנעם אַליין.

וועגן דעם דאָזיקן קאָליע ספּעטאַר וויל איך באַזונדער זאָגן א פּאָר ווערטער.

כאָטש ער איז געווען א קליינינקער, מיט א פּאָר קראַקעַנאַטע פיס, האָט קיינמאָל אין קיין שקאָלעס ניט געלערנט און האָט קיינמאָל קיין ביכלעך ניט געלייענט, איז געווען, קאָן מען זאָגן, א וואָס־אין־דער־קאָרט, — האָט ער פאַרמאָגט א גרויסע זעלטענע ליבע. זי האָט געהייסן אָלעסיע און האָט געשטאַמט, געדענק איך, ערגעץ פון א דאָרף לעבן סאַדעגערע. ער פלעגט טאָג און נאַכט וועגן איר ריידן. ער פלעגט מאָלן איר גוטסקײַט, איר געטרײַשאַפט, איר ריינקײַט. אַמאָל אין די ביין־האַשמאָשעסן, אַז ס׳פלעגט אים אָנכאַפּן א ניט־דערטרעגלעכע בענקשאַפט

נאָך איר, פלעגט ער זיך אוועקשטעלן מיט בײדע דלאָניעס לעבן מויל און אָנהײבן רופן מיט אַ מין צעצויגענעם ווידערקאָל, ווי אין אַ וואַלד:

— אָלע־סיע... אָ־לע־סיע!..

דאָס זײַנען געווען די בריוו, וואָס ער האָט איר געשריבן, די רייד, וואָס ער האָט איר געזאָגט, די לידער, וואָס ער האָט צו איר געזונגען.

און כאָטש איך בין קימאַט יעדן טאָג געלעגן אַפּן בעטל אין געהאַקטע ווונדן, און כאָטש איך בין געווען פאַרטאָן אין גאָר אַנדערע זאַכן, האָט מיך קאָליעס בענקשאַפט־געשריי גוואַלדיק אָנגעשטעקט, און שטילער־הייט, אין זיך, האָב איך גערופן מיט דער זעלבער ליבשאַפט און מיטן זעלבן ווידערקאָל:

— מאַ־ליע... מ־אַ־ל־יי־ע!..

* * *

אכצן טעג.

די פרוי שאַלער האָט מיר געטראָגן עסן. נעבעך גוט אָנגעפּרוּווירן זיך אין דרויסן און אָנגעשטאַנען זיך שאָענווײַז בא די טירן אין די קאָרי־דאָרן, ביז מ׳האָט בא איר דאָס קוישל צוגענומען.

איינמאָל האָב איך, קײַענדיק אַ קאָטלעטל אירס, דערפילט אינווייניק אַן אײַנגעקאַטשעט שטיקל פּאַפּיר. אַפן צעטעלע זײַנען געווען אויסגע־שטאָכן מיט אַ נאָדל אויסיִעס. כ׳האָב עס אַ נעם געטאָן קעגן דער שײַן און איבערגעליייענט: האַלט זיך. ראָט־פראָנט!

און איינמאָל, ווען די פרוי שאַלער האָט מיך דערזען דורכפירן דורכן קאָרידאָר אין אַ צעפּליקט העמדל און מיט אַ פאַרשוואָלן פּאָנעם, האָט זי אַ קוויטשע געטאָן, צווישן אוילעם אַרום איר איז געוואָרן אַ טומל, און מער האָט מען די פרוי שאַלער מיט קיין עסן צו מיר ניט צוגעלאָזט.

אכצן טעג.

אַפן זעקסטן צי אַפן זיבעטן טאָג האָט מען געבראַכט בענען. מ׳איז אונדז, אַפּאָנעם, די לעצטע צײַט נאָכגעגאַנגען, אונדז טאָמיד געזען בײדע אינייינעם, און, אַפּאָנעם, באַשטימט, אַז אויב איך ווייס ניט, ווו די מאַ־שינקע איז, ווייסט עס מיסטאָמע ער, בענע. נאָר בענע האָט טאַקע איבּ־אַנעמעסן ניט געוווּסט, וועגן וואָס פאַר אַ מאַשינקע עס גייט די רייד. פּונקט אַזוי האָט ער ניט אָנגעהויבן וויסן, ווער ס׳איז די ראָזע, וואָס מע האַלט בא אונדז אין איין מאָנען.

מיר זײַנען געזעסן אַ קאַמער קעגן אַ קאַמער. צווישן די היטער אונדזערע איז געווען איינער אַן עלטערער וועכטער, וואָס האָט געקענט בענעס פאָטער, געקענט קימאַט די גאַנצע מישפּאָכע בענעס. און בענע האָט בא דעם דאָזיקן וועכטער געפּויעלט, ער זאָל אים אָף אַ פּאָר מינוט אַרײַנלאָזן צו מיר אין קאַמער. אין אַ פאַרטאָג, געדענק איך, האָט זיך פּלוצעם געטאָן אַ שליס אוף די טיר, און כ׳האָב דערזען אָף דער שוועל בענען. מיר זײַנען צוגעלאָפן איינער צום אַנדערן און זיך אַרומגעכאַפּט. בענע האָט אַ זאָג געטאָן:

— גיכער. לאָמיר זיך צונויפריידן, וואָס מיר דארפן בײדע זאָגן, עס זאָל זיך גלײַכן. מע זאָל מיט אונדז גיכער פארענדיקן.

מיר האָבן זיך צונויפגערעדט, אז אנערקענען וועלן מיר כאטאָים נאָר „טעאָרעטישע", אזוי צו זאָגן. מיר פלעגן זיך, הייסט עס, באגעגענען און איניינעם לערנען פּאָליטישע עקאָנאָמיע, היסטאָרישן מאטעריאַליזם — מארקסיזם. ס'האָט אונדז אינטערעסירט אזוינס, וואָס ניט מיר האָט עס דער סעמינאר געגעבן און ניט אים האָט עס די גימנאזיע געגעבן, און זאָלן זיי אונדז דערפאר מישפּעטן, פארשיקן אַף קאטאָרגע, אויב זיי קענען.

אזוי, געדענק איך, האָט זיך טאקע אָנגעהויבן די דעקלאראציע, וואָס בענע האָט אָפּגעגעבן: „כ'בין א מארקסיסט. איך האלט, אז די מארקסיסטישע וויסנשאפט איז די סאמע טיפסטע און סאמע נוצלעכסטע פאר דער מענטשהײַט..."

זיי קערן נאָך ערגעץ זײַן אין די טשערנאָוויצער ארכיוון, די דאָזיקע דעקלאראציעס אונדזערע.

די לעצטע פּאָר טעג האָט מען אונדז ניט געטשעפּעט: מיר זאָלן א ביסל קומען צו־זיך, מע זאָל אונדז קענען איבערשיקן אפן אוסטריע־פּלאץ, אין טפיסע.

באנאכט, געדענק איך, איז אויסגעפאלן א טיפער שניי, דער לעצטער שניי אין יענעם ווינטער. ס'איז געווען א פרעסטלדיקער פרימאָרגן מיט זון. דער שניי האָט געבלישטשעט און געשווינדלט פאר די אויגן.

מײַנע א האנט און בענעס א האנט זײַנען געווען צוגעקאָוועט איינע צו דער אנדערער מיט איין שווארצן בראסלעט. ס'האָבן אונדז געפירט צוויי אָנגעכמורעטע פּאָליציאנטן. די קלייטן זײַנען שוין געווען אָפן. דער שניי אפן וועג איז שוין געלעגן א צונויפגעשארטער אין הויכע הויפנס. מיר האָבן געשפּאנט צווישן די ליקלעך שניי, ווי צווישן ווײַסע אופגע־בלאָזענע זעגלען. מיר זײַנען אלט געווען זיבעצן יאָר, און כאָטש מ'האָט אונדז צעפּײַניקט און צעמיימעסט, האָבן מיר געשפּאנט הויכע און גלײַכע, מאמעש ווי זיגער פון א שלאכט. קלייט־ייִנגלעך האָבן, פּונקט ווי אין ראשקעווער ווינטער־טעג, אויסגעמײַסטערט אַף די גאסן האלב־קײַלעכ־דיקע שניי־אויוונס, געהייצט די אויוונס מיט פּאפּיר און מיט שטרוי, געשטאנען און געוואָרעמט זיך בא די פלאמען. די פײַער־צונגען האָבן דערמאָנט פײַער־צונגען פון שײַטערהויפנס. די ווונדן מײַנע, וואָס דאָס פרעסטל האָט געבריט, האָבן דערמאָנט געברענטע און געבראָטענע פײַער־ווונדן. און איבער די פײַערן און איבער דער ברענעניש האָט זיך גע־הערט דער אקשאָנעסדיק־פּאָשעטער עמעס:

— פונדעסטוועגן, דרייט זי זיך!..

# שיינע, פירעקעכדיקע קנעפּ

אָלגעס ליכטיקן אָנדענק



מיר האָבן זיך געקריגט אין שטוב מיט אונדזער זונדל איבער א נארישקייט. איר׳ט לאכן. איבער קנעפּ.

צי מוזן די קנעפּ אף א באָכעריש אָסיענדיק פּאלטאָכל, וואָס מ׳האָט נאָרוואָס אָפּגענומען פונעם שניידער־אטעליע, זיין געוויינלעכע, קיילעכדיקע קנעפּ, אָדער נישט געוויינלעכע, קלוימערשט מאָדערנע, ווי דאָס זונדל וויל — פּירעקעכדיקע.

איך און מיין ווייב האָבן מירביידע געטיינעט, אז קנעפּ אף א באָכעריש אָסיענדיק פּאלטאָכל דארפן זיין, ווי קנעפּ זיינען פון זינט די וועלט שטייט: נאָרמאלע, מענטשלעכע, קיילעכדיקע קנעפּ. ער, דאָס זונדל אונדזערס, האָט גאָר קיין סאך ניט געטיינעט אויך. ער האָט א קוק געטאָן אף אונדז מיט א גאנץ רויקן קוק, שטארק זיכער, אפּאָנעם, אין זיין גערעכטיקייט, דאכט זיך אפילע מיט א גביירויש שמייכעלע ערגעץ ארום פּופּצניאָריקן נעזל זיינס, און קאלטבלוטיק געפרעגט:

— ווו שטייט עס געשריבן, ווו?.. כ׳מיין, דאָס־אָ, וואָס איר טיינעט?.. אז קנעפּ דארפן אייביק זיין קיילעכדיק?..

— ווו סע שטייט געשריבן, וועל איך דיר זאָגן א צווייט מאָל. דערוויי‌ל זאָג איך, זאָלסט פאָלגן, וואָס מע הייסט דיר!

— הער־הער. זאָג אים, ווו סע שטייט געשריבן... — האָט דאָס ווייב מיינס געפייערט. — וועסט ארויסגיין אין גאס, וועט דיר די גאס זאָגן... מ׳עט דיך באווארפן מיט שטיינער.

— די גאס איז דען אזוי שלעכט צו מיר, ווי טאטע־מאמע? — האָט דאָס זונדל אונדזערס געמאכט אן איידעלן גאנג, א קוועטש געטאָן אף א באזונדער מין דינער סטרונע.

דער מאמעס הארץ איז טאקע באלד ווייכער געוואָרן:

— אדעראבע. גיב צו פארשטיין. לאָמיר הערן. וואָס פלוצעם דארפן קנעפ זײַן מיט א ווינענקאָש, לענגעכדיק, פירעקעכדיק, ווי בא קיינעם ניט?..

— זיי דארפן זײַן שיין, מאמע. שיין! שיין!

— א שיין מין שיינקײַט. ס׳מאזל אף מײַנע סאָנים. כ׳פארשטיי, עפעס אופטאָן שיינס...

— אין מענטשן דארף אלצדינג זײַן שיין, מאמע!..— האָט דער גאנע־פיצקע אונדזערער א נעם געטאָן פאר אן איידעס טשעכאָוון.

די מאמע האָט זיך אָבער ניט געלאָזט:

— שא, פארוואָס זשע האָסטו עס ניט געזאָגט דעם שנײַדער? פארוואָס האָט ער דיר אָפגעגעבן די פאלטאָ מיט פאָשעטע, קײַלעכדיקע קנעפ? ווער ווייסט נאָך, דאכט זיך, בעסער, וואָס שיין איז, ווי ער?..

— זאָל איך זיך מיטן שנײַדער אויך געוועזן קריגן? אז איר, טאטע־מאמע, פארשטייט ניט, זאָל א פרעמדער שנײַדער פארשטיין?..

— דו איינער פארשטייסט מערער פון דער גאָרער וועלט. נו, נו, פארשטיי, פארשטיי...

דער מאמעס ווייכערער טאָן און מײַן אנשוויגן ווערן אף א פאָר רעגעס האָבן דעם זונדל אונדזערן אונטערגעגעבן קוראזש. אין איין אויגנבליק האָט ער געטאָן א כאפ א ראזיר־מעסערל און געגעבן א כיק אָפ די קײַלעכדיקע קנעפ פון דער פאלטאָ, אז ס׳האָט אזש געריסן באם הארצן. ער האָט זיי נאָך געקענט אָפכיקן איניינעם מיט שטיקער שטאָף אויך. אוועקהארגענען א נײַע פאלטאָ. און אז אזא סאקאָנעסדיקע אָפעראַ־ציע איז דורך בעשאָלעם, דארף מען שוין ביכלאל שטיין בא דער זײַט און שווײַגן, טראכטן — א דאנק דערפאר, זײַן צופרידן, וואָס מ׳האָט נאָך דערצו א שטיקל גליק אויך.

האקיצער, ער האָט ארויסגעכאפּט פון א שופלאָדל א נאָדל, א קלעצל פאָדעם, אויסגעוויקלט פונעם פאפיר די דרײַ לאנגע מאָדנע קנעפ, וואָס ער האָט ספּעציעל באשטעלט אין שטאָט בא א ספּעציעלן מײַסטער; גאָר געשיקט, מיט איין אויג אן אָפנס און מיט איין אויג א פארמאכטס, ארײַנ־געסיליעט אין דער נאָדל דעם פאָדעם; באלמעלאָכיש א דריי געטאָן דעם עק פאָדעם צווישן צוויי פינגער, און ס׳איז אין איין רעגע געוואָרן א קניפ. און ער האָט זיך גענומען נייען. גיי ווייס, אז ער קען גאָר הילכעס שנײַדערײַ אויך, דער טאכשיט.

— שטייט ניט און לעבט ניט איבער! — האָט ער א זאָג געטאָן. — אָט וועט איר אומיסטן זען, ווי מיט א קליינינקײַט, מיט א פּאָר פרישע ליי־ניעס, באקומט דאָס מאלבעש אן אנדער אויסזען. עס הערט אוף זײַן באנאל, צוגעגעסן, אלט. ס׳ווערט שענער, עסטעטישער.

הער־הער לאָשן!

די מאמען האָט ער באלד געוווּנען. זי איז געשטאנען און געקוקט, ווי ער דרייט ארום גיך־גיך ארום קנאָפּ דעם פאָדעם, טוט אים דערנאָך פלינק א בײַס אָפּ שנײַדעריש מיט די ציין, און זי האָט מאמעש אָנגע־

קוועלט. כ׳וואָלט געשווירן, אז ס׳האָבן זיך איר אפילע געשטעלט פאר נאכעס טרערן אין די אויגן.

— מיר זאָל זײַן פאר זײַנע טײַערע פינגער! — האָט זי מיך געטאָ־רעט. — זע נאָר, ווי ער מאכט עס... מיט א פיסעלע...

איך בין געשטאַנען, און ס׳האָט אין מיר געקאָכט. אזוי איז ער דײַקע אן ערנסטער יונגאטש. לייענט א סאך, לערנט זיך גוט. די מוזיק־שול איז א שווערע שול. מע דארף, כוץ אלע זיבעצן לימודים, שטיין ערשט און האָרעווען טאָג־בא־טאָג אין דער היים א פיר־פינף שאָ מיטן פידל. און ער האָרעוועט. שטייט און האָרעוועט. די לערערס לעקן זיך פון אים די פינגער, זאָגן, אז ער איז א קיילע. מענטשן זײַנען אונדז מעקאַנע. אלץ איז גוט. נאָר וואָס הייסט עפּעס פּירעקעכדיקע קנעפּ?

כ׳האָב געכאפּט א קוק, ווי ער דרייט זיך שוין לעבן שפּיגל און מעסט שוין אף זיך דאָס פאלטאָכל. פארשפּיליעט עס, צעשפּיליעט עס, טוט א צי א פאָלע אהער, טוט א צי א פאָלע אהין, פארבינדט דעם גארטל מיט א קניפּ פון פאָרנט, טוט א פּרווו אינגאַנצן אָנעם גארטל. ס׳פּאַסט אים בעפּיירעש דאָס פאלטאָכל געזונט אן אײַזן. די דאָזיקע לאנגע קנעפּ, זע איך, זײַנען גאָר ניט מיִעס, פארקערט — טאקע גאנץ שיין. נאָר וואָס הייסט עפּעס נאָכגעבן, לאָזן אויספירן, באלעווען? וואָס הייסט עפּעס פלוצעם מע־שוגענע קנעפּ?

כוץ דעם, וואָס וועלן מענטשן זאָגן? און ווהין קאָן עס טאקע פירן? ס׳הייבט זיך אָן מיט קלייניקײַטן, מיט לאנגע קנעפּ, מיט שמאָלע הייזע־לעך, מיט דער רועך ווייסט וואָס, און ס׳ענדיקט זיך מיט גאָרניט, מיט גאָרניט שעבעגאָרניט.

ווי פּאָרט זיך ערנסטקײַט, פידל־שפּילן, פוגעס, אדאזשיעס, עטיודן, באך, וויוואלדי, בעטהאָווען, מענדעלסאָן — מיט צאצקעס, מיט ווינט אין פעלד, מיט פוסטע פאנטאזיעס?

דער קאס איז זיך אין מיר צעוואקסן, ווי עפּעס כאָלילע א מעסוקן געשווילעכץ. ס׳האָט מיך געגעבן א טראָג צו צום זונדל, ווי עפּעס א ניטגוטער:

— שוין, זאָג איך, זאָלסטו אהער געבן די פאלטאָ!

כ׳האָב מיסטאמע געהאט יענעם אויסזען, מאכמעס דאָס זונדל אונד־זערס האָט זיך באלד איבערגעביטן אפן פּאָנעם. די שפּיץ נאָז זײַנע איז געוואָרן ווײַס ווי א קרײַדל, די ליפּן פארבלאָווט, דער שטערן פאר־קנייטשט.

— וואָס איז געשען? — האָט ער א פרעג געטאָן מיט אזא כידעש, גלײַך ווי ער ווייסט ערשט קוים ניט, וואָס ס׳איז דאָ געשען. — נא. שרײַ ניט. ט׳האָסטו די פאלטאָ.

— און שוין זאָלסטו א נעם טאָן דאָס ראזיר־מעסערל אין דער האנט, הערסטו?!

— ט׳איז דאָס ראזיר־מעסערל... וואָסידען?

דאָס ווײַב מײַנס האָט געזען, ווי עס האלט מיט מיר, און האָט זיך

אריַינגעשטעלט צווישן אונדז אינדערמיטן. זי האָט שוין איבגאַנצן געצויגן אף זײַן זײַט.

— הער די גרויסע פּראָבלעם: די ערד איז קײַלעכדיק, צי די ערד איז פּירעקעכדיק...

— גיב אים אונטער, גיב אים אונטער כעך...

און צום זונדל האָב איך שוין א מאך געטאָן מיט א פּאָר טענער ניזעריקער:

— נעם, זאָג איך דיר, און שנײַד שוין צוריק אָפּ די קנעפּ. שוין, זײַ מוחל. אין דער־אָ רעגע!

קוקט ער מיך אָן און שאָקלט מיטן קאָפּ אף ניין:

— נע... אזוי־אָ גרינג שנײַדט מען אָפּ קנעפּ?.. ווילסט, איך זאָל קאַליע מאכן א נײַע פּאלטאָ?..

— האקלאל, — זאָג איך, — וועל איך זיי אליין אָפּשנײַדן!

מאכט ער:

— כ׳קען דאָך דיך, טאטע... וועסט זיי אליין אָפּשנײַדן און וועסט זיי דערנאָך אליין צוריק צונייען...

די מאמע שמייכלט, און ער, דאָס זונדל אונדזערס, טוט זיך א דערמאָן, אז אין א פערטל שאָ ארום האָט ער אין שול רעפּעטיציע אין אָרקעסטער, טוט ער א צי ארויף אף זיך דאָס אלטע קליינגעוואַרענע פּאלטאָכל זײַנס, טוט א כאפּ דעם פידל אין דער האנט און טוט צו מיר א מאך בא דער טיר שוין:

— טאטע... מיילע אין פידל־שפילן פארשטייסטו ניט, אָבער אזא־אָ קליינע זאך ווילסטו אויך ניט פארשטיין?..

הער־הער לאָשן פון א טאכשיט!

און ער איז אוועק. עמעס, קיין קלאפּ מיט דער טיר הינטער זיך האָט ער ניט געגעבן. נאָך א דאנק דערפאר!

איך בין געבליבן שטיין אין דער מיט שטוב מיט דער פּאלטאָ אף די הענט, געשטאנען א רעגע א צעמישטער, און געפילט, ווי דער קאס הייבט אין מיר ביסלעכווײַז אָן אָפּגיין. כ׳ווייס, עפּשער איז ער גאָר ניט אזוי ניט גערעכט, דער כעוורעמאן? ס׳איז טאקע עפּשער, ערשטנס, א קליינִיקײַט. און צווייטנס, עפּשער וויל איך עס טאקע פּאַשעט ניט פארשטיין, האַ? נאָר פונדעסטוועגן האָב איך אָנגעטאָן די ברילן, אוועקגעזעצט זיך אף א בענקל, צעלייגט די פּאלטאָ אף ביידע קני מײַנע און ביז עפּעס וואָס פּאוואָלינקע צוריק אָפּגעשניטן די טײַערע קנעפּ.

דאָס ווײַב מײַנס האָט אָבער אויך ניט געשוויגן:

— אָן אומגליק א גרויסער: דאָס קינד וויל האָבן א ביסל פארגעניגן... ער האָרעוועט קארג... שטייט אוף זעקס פארטאָג... אָט איז ער אוועק אין שול ביז א שאָ אין דער נאכט... א גאָלדן קינד... אזוי־אָ גרינג, מיינסטו, קומען אים אָן די פינפן?..

— זאָל מען אים פּאָר די פינפן באלעוועון, האַ?

— איבער נארישקײַטן מאכסטו אָן גוואלדן. און זומער, אז ער האָט געוואָלט פּאָרן אף דער צעלינא, האָסטו אים ניט געלאָזט.

— איך האָב אים ניט געלאָזט? דו האָסט אים ניט געלאָזט.

— איך האָב אים ניט געלאָזט? מ׳האָט אים שוין גראָדע פאָשעט פון דער שול ניט געלאָזט.

— וואָס זשע זאָגסטו, אז איך?

— כ׳זאָג, ער איז א גאָלדן קינד... ט׳האָט ער אליין געוואָלט פאָרן ארבעטן צוויי כאדאָשים אף דער צעלינא.

— ווײַל אזוי, דארף מען אים, הייסט עס, קאליע מאכן?

— קיין גוטס שאדט ניט און קיין שלעכטס העלפט ניט.

— הײַד, האקלאל... דו נייסט צוריק צו די קײַלעכיקע קנעפּ, צי איך ניי זיי צו?

— ניי, ניי דו. טו דו אָפּ דאָס גרויסע שטיקל ארבעט...

דאָס ווײַב מײַנס האָט זיך אוועקגעזעצט באַם טיש איבער א ביכל, און איך, אקשן, האָב גענומען די קײַלעכדיקע קנעפּ, וואָס דאָס זונדל אונדזערס האָט איינס־צוויי אָפּגעכיקט, און זיי פּאמעלעך אָנגעהויבן צו־ריק צונייען צום פּאלטאָכל. אף דער נעשאָמע איז מיר געווען גוט אָנגע־זאָלעט. מיד פון דער דאָזיקער גאנצער געשיכטע בין איך אויך גוט געווען. כ׳בין געזעסן מיטן פּאלטאָכל אף די קני, גענייט די קנעפּ, און פאר די אויגן איז מיר די גאנצע צײַט געשטאנען דאָס זונדל אונדזערס. אָט, נאָרוואָס, מיטן פּאלטאָכל קעגן שפּיגל... אָט, נעכטן־איינעכטן, מיטן פּידל באַם אקסל... אָט, א פּאָר יאָר צוריק, אין א רויטן פּיאָנערישן האלדזטיכל... אָט הער איך אים לאכן, אָט הער איך אים וויינען... אָט שליטל איך אים אין א שליטעלע... אָט זיץ איך לעבן זײַן בעטל און מעסט אים אָפּ די היץ... אָט ליגט ער און גוגערט אין וויגל... אָט שאָקל איך אים אף די הענט און ברומקע אים צו א לידל... די נאָדל האָט מיר אלעמאָל געשטאָכן די פינגער. טויזנטער געדאנקען האָבן זיך אָנגעהויבן דרייען ארום מיר, פליִען ארום מיר, פּאטשן, ווי פייגעלעך מיט די פליי־געלעך, טשיריקען און פּישטשען מיט די שנעבעלעך. און פּלוצעם האָבן זיי אָנגעהויבן פליִען, די געדאנקען, ווײַט, ווײַט, זײַנען געפליגן איבער שטעט, איבער יאָרן. פאר די אויגן, אפן אָרט פון אונדזער זונדעלע, האָב איך פּלוצעם דערזען זיך אליין. אויך אזא־אָ פּערצן־פּופּצניאָריק זונדל, ווי ער. איין פייגעלע איז צוגעפלויגן צו א קליין נידעריק שטיבל, אָנגעהויבן דראפּען מיט די פּיסלעך א קליין קרום פּענצטערל. ארום־און־ארום איז פינצטער־כוישעך. ס׳איז שוין עפּשער צוויי צי דרײַ באַ־נאכט. דער מומע דווירעס קליין קעלער־שטיבל. די קרומע נידעריקע פּענצטער אירע. אקוראט אזוי האָט דעמלט דאָס באָכערל אין יענעם באנאכט געדראפּעט מיט די פינגער דער מומע דווירעס א שײַבל:

— ווער איז דאָרט?

— עפּנט, מומע דווירע... איך בין עס... כ׳בין געקומען נאָכן טשע־מאָדאנטשיק!

— וואָס פאר א טשעמאָדאנטשיק?

— דער טאטע האָט מיך געשיקט... מײַן טשעמאָדאנטשיק... ער האָט אים הײַנט פארטראָגן צו אײַך.

— כ׳ווייס ניט פון קיין שום טשעמאָדאַנטשיקעס!

— א סימען, ער האָט איַך דערציילט די היסטאָריע מיט דער קאָסע־וואָראָטקע... מיטן זיידן...

— איַי, שאַלטיק, שאָלטיק... גיי צו צו דער טיר... ט׳עפן איך דיר אויף!..

* * *

דער טאטע איז גאַנצע טעג אומגעגאַן און געזיפצט. באַנאַכט פלעגט ער ליגן אפן געלעגער און קרעכצן. קרעכצן מיט א געשריי, מיט א גוואַלד, ווי ער וואָלט געלעגן אף צוועקעס, ווי מע וואָלט אים קיין איין אייוועך ניט געלאָזט קיין גאַנצן.

די מאמע איז א שטיק ווינטער געווען שלאָף. אַרום פייסעך־ציַיט איז זי אַראָפּגעקראָכן פון בעט אַן אויסגעבלייכטע און איַינגעשרומפּענע, אומ־געגאַן אין שטוב, אָנהאַלטנדיק זיך באַם טיש, באַ די סאָפקעס — דער קאָפּ זאָל זיך איר ניט פאַרדרייען; געשטופּט דעם נייַעם שוועסטערל א דאַרע ליידיקע ברוסט אין מיַילעכל מיט קאַס און רוגזע, גלייַך ווי דאָס נייַע שוועסטערל וואָלט געווען שולדיק אין גאַנצן אומגליק.

און עפשער איז טאַקע דאָס נייַע שוועסטערל יאָ א ביסל שולדיק, האַ?

ביז איצטער זיַינען מיר געווען זעקס. איצט זייַנען מיר שוין זיבן. מיַילער אין שטוב זיַינען, הייסט עס, געוואָרן מערער, און וואָס צו געבן אין די מיַילער ווערט אין שטוב וואָס א טאָג ווינציקער. וויפל מאָל קאָן מען איַינריידן דעם אוילעם, אז היַינט איז א טאָנעס באַ ייִדן? און אז מע מוז אזוי אָפּט איַינריידן טאַנייסים, פאַרוואָס זשע ברענגט מען אזוי אָפּט נייַע מיַילער אף דער וועלט? און ווו וועט מען אהינטאָן דאָס קליינוואַרג, ווען ס׳וועט אונטערוואַקסן? סיליען טוטין אפן באַרג? ניאַנטשען א נעגיי־דיש בעניאָכידל? אָט ווערט שוין דער עלטסטער, דער בכאָר, פופצן יאָר. וואָס וועט ער זיַין און צו וואָס וועט ער זיך צושלאָגן? אויך שטיין און זיפצן אין א ליידיק קלייטל? און וויאַזוי פלאָנטערט מען זיך אויס פון אַזויפיל כויוועס? און ווו לייַט מען באַניַיס אף א זעקל פאַפּעשוי־מעל? און ווי דאָס? און וויאַזוי יענץ?

כ׳האָב גוט געוווּסט, אף וואָס פאַר א צוועקעס דער טאַטע ליגט עס אזוי יעדן באַנאַכט אפן געלעגער.

כ׳האָב אָבער אויך געוווּסט, אז ווען כ׳וועל דעם טאַטן זאָגן: איך האָב באַשלאָסן פון דער היים אוועקצופאָרן, וועט ער אף מיר א קוק טאָן מיט א פּאָר טרויעריקע אויגן, וועט קוים הערן, א פאַרכושטער, וואָס איך רייד צו אים, און וועט אָנהייבן, ווי זיַין שטייגער איז, זיפצן מיט א מין כאָרכל:

— וווּהין פאָרן און וואָס פאָרן?.. אומעטום איין וועלט!.. כ׳הייס ניט פאָרן!..

די שמועסן האָב איך געפירט מיט דער מאַמען, און זי האָט גענומען אף זיך צוצוריידן פּאַוואָלינקע און איבערצוריידן דעם טאַטן.

די מאמע האָט מיר אויסגעוואַשן און אויסגעלאַטעט די צוויי פּאָרלעך גרעט, פון וועלכע כ׳בין שוין היפּש אַרויסגעוואַקסן; זי האָט אַרויסגע־שלעפּט פון דער קאַסטן־סאָפּקע א פּאָר הויזן, א רעקל, א וואַרעם לײַבל, וואָס א קלענער ברודערל מײַנס האָט נאָך פאַראַיאָרן שוין, נעבעך, אָנ־געהויבן טראָגן; זי האָט אויסגעלופטערט אין הויף מײַן ווינטערדיקע סקורטע; זי האָט מיר אויסגעפּרעסט די ווײַסע, אויסגענייטע, שאַבעס־דיקע בלוזקע.

איך האָב אַראָפּגעבראַכט פונעם בוידעם עפּעס א מין סאָלדאַטסקע קעסטל מיט אַן אײַזערן הענטל אפן דעקל, וואָס האָט שוין, איידער עפּעס וואָס, געשניטן די פינגער.

און אזוי־אָ, מיט דעם־אָ „טשעמאָדאַנטשיק" און מיט דער־אָ „גאַר־דעראָבע" אין טשעמאָדאַנטשיק, האָב איך געדאַרפט אַוועק ערגעץ אין א גרויסער שטאָט ווערן א מענטש, זיך „פּראָלעטאַריזירן". זיך קוים ערשט פּראָלעטאַריזירן.

דאָס קעסטל איז א פּאָר טעג געשטאַנען א צעעפנטס אין דרויסן. כ׳האָב עס דערנאָך אויסגעשפּרייט מיט פּאַפּיר, דאָס ערשטע אַרײַנגע־לייגט די ווינטערדיקע סקורטע, ווו ס׳איז אין א קעשענע, פאַרשפּיליעט מיט א שפּילקע, געלעגן גאַנצע דרײַסיק ליי, וואָס די מאמע האָט, אויס־נוצנדיק אַלע זכוס־אָוועס, צום לעצטן מאָל בא עמעצן געליִען א געמיי־לעסכעסעד. אף דער סקורטע האָב איך אײַנגעפּאַקעוועט די איבעריקע זאַכן, אַרײַנגעלייגט א פּאָר ביכלעך, א פּאָר העפטלעך, אַרײַנגעלייגט די מעטריקע, אַז איך בין איך. און אַז דער טשעמאָדאַנטשיק איז שוין געשטאַנען א פּאַרטיקער אין שטוב אף א טאַבורעטל, פאַרשלאָסן מיט א גרויסן שלאָס, וועלכן כ׳האָב א מעסלעס געוויקט אין קעראָסין, ער זאָל זיך אָנהייבן שליסן, און דער טאַטע האָט זיך אַלץ געמאַכט ניט זעענדיק, אַלץ געשוויגן, — האָט מיר די מאמע אָפּגעבאַקן עטלעכע פרישע פּאַפּע־שויענע פּלעצלעך אין וועג אַרײַן, און איך בין אַוועק צו לייזער באַלע־גאָלע אָנזאָגן אים, ער זאָל אָן א מאַסקאָנע פאַרטאָג מיך אויך קומען נעמען צום וואָקזאַל.

א גאַנצן אָפּדערנאַכט בין איך ניט געווען אין דער היים, געזעגנט זיך אין גאַס מיט די כעווריע, געזעגנט זיך מיטן שטעטל. כ׳בין אַהיים געקומען שפּעט, אַרום צוועלף. אין דער שאָ שלאָפט מען שוין טאָמיד בא אונדז. דאָס מאָל האָט נאָך געשײַנט אין פענצטער. די טיר איז נאָך געווען אָפן. דער טאַטע האָט זיך אומגעדרייט אין שטוב אַן אײַנגע־הויקערטער, מיטן פּידזשאַק אף זיך, איין האַנט אַרײַנגערוקט אין דער אַנדערער, ווי ס׳וואָלט געווען א פּראָסט. ער איז צוגעקומען צו מיר, האָט גענומען דרייען זיך אַרום מיר, רײַבן זיך די באַק, אויסהוסטן זיך, ווי אָנצוהייבן עפּעס גאַר א גרויסן שמועס. נאָר אָנגעהויבן דעם שמועס האָט ער מיטן סאַמע סאָף:

— סײַוויסײַ, הערסט?.. ווײַסט סײַוויסײַ אין ערגעץ ניט פאָרן!..

— פאַרוואָס ניט פאָרן?.. וואָס הייסט ניט פאָרן?..

— ווײַל... מע דאַרף ניט פאָרן!..

— וואָס הייסט מע דאַרף ניט?.. פאַרוואָס דאַרף מען ניט?..
— ווײַל אַזוי!.. כ׳האָב סײַוויסײַ פאַרטראָגן דעם טשעמאָדאַנטשיק!..
— פאַרוואָס האָסטו אים פאַרטראָגן? וווּהין האָסטו אים פאַרטראָגן? פאַרוואָס?..

דער גרויסער באָכער, וואָס פאָרט אַרויס אין דער וועלט אַליין פאַר־דינען זיך אַפּן שטיקל ברויט, אַרבעטן אין פאַבריקן, קליגער ווערן, און פּרוּוון עפּשער אַליין דערנאָך די וועלט קליגער מאַכן, האָט זיך צעוויינט ווי אַ כיידער־ייִנגל.

די מאַמע איז אַרויס פונעם בעט אין הוילן העמד „אײַנעמען" מיך און זיך לעבן מיר אַליין צעכליפּעט. די קינדער האָבן זיך אָנגעהויבן אופּ־כאַפּן, אונטערפֿכינקען. די מאַמע איז צוריק אַוועק אײַנשטילן זיי, אײַנ־וויגן. איך האָב זיך באַלד באַרויִקט. אין שטוב איז ווידער געוואָרן שטיל. דער טאַטע איז געזעסן לעבן מיר און געשוויגן. מיר זײַנען עפּשער אָפּגעזעסן אַזוי אַריבער אַ שאָ. איך אין איין עק סאָפקע — ער אין צווייטן עק סאָפקע. ער האָט מיך ניט געפרעגט, וווּהין איך וויל פאָרן, צו וואָס איך וויל פאָרן. איך האָב אים ניט געזאָגט, אַז דאָס גאַנצע לײַדיקע קלייטל זײַנס מיטן גאַנצן אַרום־און־אַרום שטיקט מיך און וואַרגט מיך; אַז אין שטוב וועט כאָטש ווערן ווייניקער מיט אַן עסער; אַז איך האָב אין טשעמאָדאַנטשיק אַ העפטל מיט שורעס, וואָס גראַמען זיך; און אַז דאָס איז נאָך אויך ניט אינגאַנצן — צו וואָס טויגן די געגראַמטע שורעס, אַז די וועלט גראַמט זיך עפּעס ניט? ער האָט מיך גאָרניט געפרעגט, און איך האָב אים גאָרניט געזאָגט. מיר זײַנען געזעסן און געשוויגן. נאָר ווער ווייסט, עפּשער האָבן מיר אַזוי־אָ שווײַגנדיק יאָ דעמלט גערעדט צווישן זיך? מאַכמעס פּלוצעם האָט זיך דער טאַטע געגעבן אַ הייב אויף פון דער סאָפקע, געטאָן אַ טיפן כאָרכלדיקן זיפץ און אַ זאָג געטאָן:

— נו, מיילע... לאָז זײַן אַזוי... דער טשעמאָדאַנטשיק איז בײַ דער מומע דווירעַן... גיי און נעם אים... און פאָר... זײַ מאַצליִעך...

— בײַ דער מומע דווירען?.. ס׳קער שוין זײַן צווײ דער זייגער!..

— וואַרט אויס, לויף ניט... אָן אַ סימען וועט זי דיר אים ניט געבן... זאָג איר, אַז מיר האָבן זיך הײַנט צערעדט מיט איר וועגן זיידן אָלעוו־האַשאָלעם... וועגן טאַטן מײַנעם... כ׳האָב איר דערציילט די היסטאָריע מיט דער קאָסעוואָראָטקע...

כ׳בין אַרויס אין שטאָקפינצטערן דרויסן און אין דער פינצטערניש, איינער אַליין איבער אַ גאַנץ שטעטל, גענומען לויפן צו דער מומע דווירען. די מומע דווירע האָט דעם טאַטן אָנגעקערט אַן אייגן גע־שוועסטערקינד, איז געווען דעם טאַטנס אַ פעטערס אַ טאָכטער. מיר האָבן זי גערופן מומע דווירע, ניט ווי מע רופט אַמאָל גלאַט אַזוי אַן עלטערע ייִדענע „מומע", נאָר ווײַל מיר האָבן זי אַלע שטאַרק ליב געהאַט, אונדזער קרויווּעשאַפט מיט איר קיינמאָל טיף ניט געוואָלט אויסרעכענען, זי גע־האַלטן פאַר אַן אייגענער מומען. אין שטעטל האָט זי געהייסן „דווירע די כאַזנטע". נאָכן מאַן אירן זיידל כאַזן, וואָס איז געווען באַרימט אין דער גאַנצער געגנט, און איז איינמאָל אין אַ פרעמד שטעטל, בײַסן

דאַוונען אַ שאַבעס, אַוועקגעפּאַלן באַם אָמעד צווישן די פיר מעשוירערים זײַנע און צווישן אַ פולער שול ייִדן אין טאַלייסים. דער מומע דווירען איז איבערגעבליבן פונעם מאַן אַ פּאָר גרויסע ספאָרים מיט לײַוונטענע אײַנבונדן, גרויסע און ברייטע, ווי לאַמדאָנישע געמאָרעס, צי ווי סאָכרישע כעזשבן־ביכער. נאָר אינווייניק אין די דאָזיקע ספאָרים זײַנען אויף די שטײַפע קנאַקנדיקע בלעטער נישט געשטאַנען ניט קיין לאַמדאָנישע פּלוגטעס און ניט קיין סאָכרישע האַכנאָסעס און הויצאָעס, נאָר אַזעלכע קישעפדיקע פּאַסיקלעך און פינטעלעך, וואָס די מומע דווירע האָט אָנגערופן מיט אַזאַ סוידעסדיק־זינגענדיקן נאָמען — נאָטן. קיינער אין גאַנצן שטעטל האָט זיך אין די דאָזיקע פינטעלעך און פּאַסיקלעך ניט אויסגעקענט. מיט אַ דרײַ־פיר יאָר צוריק, ווען איך בין נאָך געווען אַ קליינער און האָב נאָך געהאַט אַ שיין קעלעכל, פלעגט מיר די מומע דווירע אָפט ווײַזן די דאָזיקע ספאָרים. זי פלעגט אָנטאָן די ברילן, מישן די קנאַקנדיקע בלעטער, קוקן אין זיי, ווי זי וואָלט געוווּסט, וואָס זי קוקט, און בלאַט נאָך בלאַט דערציילן וועגן איר זיידל כאַזן וווּנדער איבער וווּנדער. צום סוידעסדיקן וואָרט „נאָטן״ איז צוגעקומען נאָך אַ סוידעסדיק וואָרט „קאָמפּאָזיציעס״. און נאָך ווערטער: „פוגעס״, „טריאָס״, „קוואַרטעטן״. נאָך די אַלע סוידעסדיק־זינגענדיקע ווערטער פלעגן זיך טאָמיד נאָכשלעפּן, ווי אַ מין וויסט פאַרשאָלטנקײַט, „זאַטע גאַבאָים״. וואָס האָבן איר זיידלען, דעם גוואַלדיקן מענאַגן, וואָס האָט געקאָנט ווערן אַ שעם אויף דער וועלט, אָפּגעקירצט די יאָרן, געטריבן יונגערהייט אין דער ערד אַרײַן. אַז זי פלעגט די נאָטן־ביכער צוריק פאַרמאַכן און באַהאַלטן, פלעגט אין אָרעמען שטיבל אירן בלײַבן אַזאַ הייזעריק־פאַרכריפּעטע שטילקײַט, ווי נאָך אַן איבערגעריסן־וויינענדיק געזאַנג. די מומע דווירע איז געווען אַ שוואַרצע ייִדענע, מיט טיפע שוואַרצע אויגן. זי האָט געטראָגן אַן אָפּגעבליאַקעוועט שוואַרץ טיכל אויפן קאָפּ, און פון אונטערן טיכל האָבן זיך אַרויסגעזען ווײַסע קלוגע האָר. באַהאַלטענערהייט, קיינער זאָל ניט זען, פלעגט זי רייכערן, זומער־צײַט זיצן מיט די ברילן אויף דער נאָז, מיט שפּיזלעך אין די הענט, און אויסאַרבעטן נעגידעסטעס וואַרעמע זאָקן אויפן ווינטער. זיידל כאַזן האָט זי איבערגעלאָזט מיט פיר יעסוימים. דרײַ ייִנגלעך און אַ מיידל. דאָס מיידל, פּערל, איז אויסגעוואַקסן אַ כיינעוודיק מיידל, מיט צוויי שוואַרצע, געשמאַקע, כיינעוודיקע צעפּלעך. (קאָן זײַן, אַז דאָס פלעגן מיך אַזוי די דאָזיקע צעפּלעך אָפּט אַ צי טאָן צו דער מומע דווירען). די דרײַ ייִנגלעך אָבער זײַנען געוואַקסן ווי אין סטויפּ אַרײַן, געוואַקסן אָן אַ טאַטן. זיי זײַנען איינציקווײַז אַלע דרײַ אַוועק פון דער היים אָן אַ זײַ־געזונט, געוואַלגערט זיך ערגעץ אין דער פרעמד, איבערגעווען אַלצדינג אין דער וועלט: פּריקאַזשטשיקעס אין קלייטן, קעלנערס אין רעסטאָראַנען, טרעגערס באַ וואָקזאַלן; עס זײַנען וועגן זיי אומגעגאַן אין שטעטל ניט קיין וואַזשנע קלאַנגען. (קאָן זײַן, אַז איבער די דאָזיקע דרײַ ייִנגלעך האָט דער טאַטע פאַרטראָגן דעם טשעמאָדאַנטשיק גראָד צו דער מומע דווירען...) געווײַנט האָט די מומע דווירע אין אַ קעלער־שטיבל אונטער אַ גאַנעק,

מיט צווײ קלײנע טונקעלע פענצטערלעך בא דער ערד און מיט א סאך הילצערנע טרעפּ אראָפּ, וואָס האָבן זיך געשאָקלט און געסקריפּעט און אויסגעזען ניט ווי קײן שטענדיקע טרעפּ, נאָר ווי עפּעס א מין צוגע־שפּארטער לײטער.

די מומע דווירע האָט מיר אופגעעפנט און מיך ארײַנגעלאָזט אין שטוב ארײַן. דאָס לעמפּל אפן טיש האָט געברענט טונקל, אָנעם קאָל־פּעקל, מיט א פארײכערט גלעזל, האָט שוין, אפּאָנעם, אזוי געברענט לאנג. אף א קישן צווישן שאָטנס האָבן זיך א ריר געטאָן פערעלעס צעפּלעך. די מומע דווירע, אין אן ארופגעכאַפּטן מאלבעש אף זיך, האָט א ביסל ארויסגעצויגן דאָס לעמפּל, האָט מיר געבראכט צו טראָגן דאָס קעסטל מײַנס — דעם טשעמאָדאנטשיק — און מיר ערשט קוים צוגערוקט א בענקל:

— זיץ א ביסל. פאָרסטו, הײסט עס, יאָ?.. אניט האָב איך דען ניט געוווּסט, אז ס׳וועט אזוי זײַן... וווּהין זשע פאָרסטו?..

— איך פאָר... ארבעטן אין פאבריקן... כ׳וועל זײַן א וועבער...

— אניט האָב איך ניט געוווּסט?.. כ׳קען ניט דײַן טאַטן?.. כ׳בין גע־לעגן און בין ניט געשלאָפן. געוואַרט, זאָלסט שוין קומען א קלאַפּ טאָן אין פענצטער... וואָס זשע וועסטו דאָרט וועבן, האַ?

— דאָס, וואָס מע וועבט... וואָס אלע וועבן... כ׳ווײס נאָך אלײן ניט, וואָס כ׳ל וועבן...

— זיץ, זיץ. ס׳איז שוין סײַוויסײַ באלד נאָך דער נאכט... א שײנע זאך... דער טאַטע איז דאָ געזעסן עפּשער צווײ שאָ און גערעדט... ער האָט פארטראָגן צו מיר דעם טשעמאָדאנטשיק, און זײַן טאַטע, דער זײדע, אָלעווהאשאָלעם, האָט פארטראָגן צו מײַן טאַטן די טרײפּענע בלוזקע...

— וואָס פאר א טרײפּענע בלוזקע?.. א, דעם סימענן?..

— יאָ, דעם סימענן... ס׳איז שוין דאָ אין דעם א שײן ביסל יאָרן. איך בין נאָך דעמלט, געדענק איך, געווען א מײדל, א קינד, ווי פערעלע... דער טאַטע דײַנער איז נאָך אויך געווען א גאָרניט, נאָר ער האָט שוין געהאָרעוועט, פּאפּישעוועט טוטין אין די דערפער בא פּריצים... איז ער אהײם געקומען אין א פאר־פּײסעך און זיך אופגענײט בא א מאָדיסטקע א בלוזקע, א קאָסאָוועראָטקע... פארשטײסט, אפן אָרט פונעם פרומען טאלעסקאָטן אן אפּיקאָרסישע בלוזקע, ווי די גוטע כעוורע האָבן דעמלט געטראָגן... נו, נו. האָט אים דער זײדע דאָס ערשטע אָפּגעלאָזט צווײ פּעטש. און דערנאָך האָט ער גענומען די בלוזקע און זי פארטראָגן צו אונדז.

— און וואָס זשע איז געוואָרן?

— וואָס האָט געהאט צו ווערן?.. דער טאַטע האָט דיר ניט דערצײלט?.. אָדער ער רעדט צופּיל, דער טאַטע דײַנער, אָדער ער רעדט גאָרניט, שווײַגט, ווי א קײוער... וואָס האָט געהאט צו ווערן? די בלוזקע איז געלעגן בא אונדז באהאלטן, ביז דער זײדע האָט א זאָג געטאָן דעם טאַטן: גײ צו צום פּעטער יאָסל און נעם דיר אָפּ די בלוזקע!..

— און ס׳האָט א סאך געדויערט?

— או, או, עפשער א גאנצן מעסלעסז!.. באלד דעם אנדערן אפדער־נאכט איז ער געקומען צו לויפן צו אונדז אין איין אָטעם, דײַן טאטע... ווייכע הערצער!.. ס׳אזא מישפּאָכע־פּעלער, אפּאָנעם... גרויסע אקשאָנים, קרומע קעפּ, נאָר ווייכע הערצער... פאָרסטו טאקע שוין פארטאָג?..

— יאָ, מומע דווירע.

— פאָר, זון. זײַ גויסע־כיין, און זאָל דיר גליקן מער א קאפּל, וויפל די דרײַ באָסיאקעס מײַנע... דו האָסט כאָטש א טאטן, וואָס זאָגט אי ניין, אי יאָ... הייסט עס, א וועבער, האז?.. פארמאָגסט אזא שיין שטי־מעלע. כ׳האָב געמיינט, ס׳וועט פון דיר עפּעס אויסוואקסן. מײַנע זײַנען אויך אלע מענאגגנים, האָבן אן אויער, האָבן געפּיל. נאָר וואָס, ווען?.. ס׳איז געלעגן און געוואַרט אף זיי אזא יערושע, אזא אויצער. ס׳ווייסט דען עמעצער, וויפל הארץ ער האָט ארײַנגעלייגט אהין, מײַן זיידל?.. ווער זוכט עס? ווער דארף עס?.. נו, האקלאל, לאָמיר זיך געזעגענען!..

די מומע דווירע האָט א וויש געטאָן די אויגן און זיך מיט מיר צעקושט. איך האָב אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו פּערעלען און א זאָג גע־טאָן אף א קאָל:

— בלײַבט געזונט!..

כ׳האָב גענומען דעם טשעמאָדאנטשיק און אף די סקריפּענדיקע טרעפּ אופגעהויבן זיך ארויף, אין דרויסן ארויס. די שווארצקײַט אין דרויסן האָט שוין אָנגעהויבן גראָ ווערן. ערגעץ האָט מען שוין געהוסט, געצויגן בא א קרענעצע וואסער. לעבן אונדזער שטוב האָט זיך געדרייט דער טאטע, אָנגעטאָן אין פּידזשאק, מיט דער קוטשמע אפן קאָפּ, און א זאָג געטאָן, אז ס׳איז שוין באלד טאָג, לייזער באלעגאָלע שפּאנט שוין, דאכט זיך, די פערד...

* * *

דאָס ווײַב מײַנס האָט פלוצעם אָנגעהויבן לאכן. וואָס הייסט לאכן! ווי זי לאכט עס טאָמיד, מיטן יונגן הויכן געלעכטער אירן, וואָס הערט זיך שטענדיק ווײַט און שטארק, ווי א גלאָק.

— ער האָט אָבער געוווסט... ער האָט אָבער געזאָגט... א כאָכעם פון א קינד... דו וועסט זיי אליין אָפּשנײַדן, טאטע, און דו וועסט זיי אליין צוריק צונייען...

יאָ. כ׳בין געזעסן אין א שולדיקלעך־נארישלעכער פּאָזע, געהאלטן אף די קני אונדזער זונדלס בײַ פּאלטאָכל, וואָס ער האָט הײַנט אָפּגע־נומען אין שנײַדער־אטעליע, און מעכילע צוריק צוגענייט צו דעם זײַנע, דעם זונדלס, פּירעקעכדיקע קנעפּ.

אָלגע האָט געלאכט, און איך האָב א פּיר געטאָן די אויגן איבער אלע ווינקעלעך פון אונדזער שטוב. כ׳האָב גאָרניט געזוכט. כ׳האָב פּאָשעט געוואָלט א קוק טאָן אף אונדזער זונדלס פידל־שטענדער, וואָס שטייט זיך אזוי היימיש בא דער זײַט מיט א גרויסן, ברייטן, צעעפנטן בוך אף זיך. כ׳האָב געוואָלט א קוק טאָן אף אלע איבעריקע ביכער מיט די קנאקנדיקע בלעטער, וואָס ליגן אף אונדזער זונדלס טישל, וועלכע שטייען

אין אונדזער זונדלס שרענקל — וואָס אַלע ווינקעלעך אין אונדזער שטוב זײַנען פֿול מיט זיי.

נאָטן. געוויינלעכע נאָטן, האַ? נע, ניט קיין געוויינלעכע. סוידעסדיק־זינגענדיקע קישעף־פּאַסיקלעך און קישעף־פּינטעלעך — און היימישע, אייגענע. אונדזערע זונדלס. אונדזערע.

וואָס וואָלט, אַשטייגער, געשען, ווען עס עפֿנט זיך איצטער פּלוצעם אויף די טיר און עס בלײַבט שטיין אױף דער שוועל, מיטן שווארצן אַל־מאַנעדיקן טיכל אירן אפֿן קאָפּ, מיט די ווײַסע קלוגע האָר אירע אונטערן טיכל, די מומע דווירע?

— אַ גוטן־אָוונט, קינדער!..

— אָ, אַ גוטן־אָוונט, אַ גוט־יאָר. קומט אַרײַן, מומע דווירעו!..

— ש־ש־ש... שטייט אַ ביסל!.. ווער שפּילט עס דאָרט?.. אײַ, שפּילט ער!.. ס׳ווייסט דען עמעצער, וויפֿל האַרץ ער לייגט אַהין אַרײַן?..

נאָר דאָס קער זיך שוין ניט אָן צו די קנעפּ. און עפּשער קער זיך עס יאָ אַ ביסל אָן, האַ?

אַ מײַסע איז ניט שײַעך צו פּאַרטײַטשן. נאָר איך, געדענק איך, האָב אַ קוק געטאָן צו מײַן ווײַב און אַ זאָג געטאָן:

— זיצסט און לאַכסט און טוסט אַפֿילע ניט קיין פֿרעג, וואָס פּלו־צעם... וואָס פּלוצעם האָב איך זיי אָפּגעשניטן און וואָס פּלוצעם האָב איך זיי צוריק צוגענייט.

— וואָס זשע, איך קען דיך ניט?.. פֿרײַער היצסטו זיך, אַקשנסט זיך, און דערנאָך ווערסטו ווייך, גוט, צו גוט.

— נאַרעלע, איך ניי דען קנעפּ? ס׳איז דען קנעפּ?

— ניין, ס׳איז העלפֿאַנדן. נייסט העלפֿאַנדן!

— באַ אונדז איז דאָס פּאַשעט קנעפּ. און באַ אים איז דאָס שיינקײַט. פֿאַרשטייסט? שיינקײַט!..

— נו, יאָ. אַ נײַס. ער האָט דאָך עס אַליין געזאָגט.

— טאַקע אַ קליינינקײַט, אַ גאָרניט, אַ טראָפּנדל, נאָר אַ טראָפּנדל שיינקײַט. און אַז ער שטעלט זיך אַזוי, דער באַכער, פֿאַר שיינקײַט, וויל ניט נאָכגעבן קיין איין טראָפּנדל, איז זאָל ער זיי טראָגן, די קנעפּ! זאָל מען זאָגן, וואָס מ׳עט זאָגן!

— האָסט זיך ערשט קוים דערמאָנט.

— כ׳בין אַזוי געזעסן און עס מיר פּאַוואָלינקע אַרומגעקלערט.

— באַם נייען, האַ? ניט אומזיסט זאָגט מען, אַז ווען שנײַדערס זאָלן ניט זײַן קיין שנײַדערס, וואָלטן זיי געווען פֿילאָסאָפֿן!

האַקיצער, איך האָב באַהאַלטן אין שופֿלאָדל דאָס קלעצל פּאָדעם, די נאָדל, פֿאַרנומען פֿונעם דיל די שטיקלעך בײַוועלעך; מײַן ווײַב האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס פּאַלטאָכל אױף די אַקסל, אַ דריי געטאָן זיך דערמיט קעגן שפּיגל; און ביידע אינײנעם האָבן מיר, ווי מיט איין קאָל, אַ זאָג געטאָן:

— אַ שיין פּאַלטאָכל, ווי גאָלד. זאָל ער עס טראָגן געזונטערהייט, און זאָל ער עס צערײַסן געזונטערהייט!..

# מעלאָכע — מעלוכע




ײַ, אָפּגעזשומעט א לעבן... וואָס איז עס וואָס אינגאנצן?.. א כאָלעם... א קורצער פרײַטיק...

מענטשן, בא לײַטן, פילאָסאָפירן נאָך א פעפערדיקן ראָסל, נאָך א גוט ביסל מאשקע. רעב נאכמען סטאָליער עסט אף דער עלטער, ווי א פייגעלע; א קאפּל בראנפן צי אפילע פּאָשעט א גלעזל ווײַן איז פארן קראנקן מאָגן זײַנעם סאם. אים, פארקערט, קריכן פילאָסאָפישע געדאנקען אין קאָפּ, ווען ער בלײַבט אמאָל אזוי־אָ זיצן אליין אין הויף אפן קעלער, אויסגעליידיקט און מיד, מיט אראָפּגעלאָזטע לאנגע הענט, ווי נאָך א באָד.

נאָר צוריקגעשמועסט, איז עס פון יענע אומגליקן, וואָס מע קאָן ניט אריבער איבער זיי. אזוי קומט עס שוין פאָר: דויר הוילעך וועדויר באָ, מענטשן שטארבן און מענטשן ווערן געבוירן. מע דארף אים נאָר א טאפּ טאָן, דעם געבוירענעם, הייסט עס, בא דער דלאָניע: זײַנען דאָ פארקלאפּטע סטאָליערישע קנוילן — איז נא דיר דעם הובל, ברודער, און מאך דו פענצטער!

א נארישקײַט געדענקט זיך. א נארישקײַט, וואָס איז שוין אלט ווײַסעך וויפל, אריבער זעכציק יאָר מיסטאמע. ער האָט דעמלט נאָרוואָס אָנגעהויבן ארבעטן פענצטער (ארבעטן — צונויפקערן די סטרוזשקעס). פּראָסטע מאָלדאוואנישע פענצטער, גרעסערע — קאסא־מארע־פענצטער[1]. פארבײַ דער באשקע מיטן קרומען פענצטער־רעמל — די שילד אין דרויסן — פלעגן שפּעט באנאכט דורכפּאטשן מיט א ראש כיידער־יינגלעך מיט קאבאקענע לאמטערנדלעך אין די הענט. ס'האָט אים, פארשטייט זיך, מערער געצויגן צו די אויסגעשניטענע פענצטערלעך אין די דאָזיקע

[1] קאסע־מארע (מאָלדאוויש) — בוכשטעבלעך: גרויסע שטוב, געמיינט דאָס יאָמטעוודיקע צימער.

ביידער־לאַמטערנס. נאָר ביידער ווי ביידער. אַ מילכיק שטיקל מאַלײַ! אײַ, האָט זיך געוואָלט כאָטש איין ביס טאָן, כאָטש אַ פאַרזוך טאָן דעם טאַם. פּרײַטיק פלעגט די באַלעבאָסטע — אַן אויסגעצוואָגענע, אַ גלאַנצנ־דיקע און אַ פאַרפלאַמטע — אוועקשטעלן אַפן וואַרשטאַט אַ פולן פּאָלו־מעסעק. דער באַלעבאָס פלעגט געבן אַ כאַפּ אָפּ, גיך־גיך, אַלע ווערטער איניינעם: „נאַכמען, וועסט עסן אַ שטיקל מאַלײַ. ניין? פאַרוואָס?" אַז — ניין, איז ער געווען זיכער, ער האָט נאָר געוואָלט וויסן פאַרוואָס, פאַר־וואָס ניין. אַ נאַרישקײַט געדענקט זיך, אַ נאַרישקײַט, וואָס איז שוין אַלט ווייסעך וויפל, אַריבער זעכציק יאָר מיסטאָמע.

זעכציק יאָר — איין קלייניקײַט, האַ? שישים שאָנים, ווי די בערן.

זעכציק יאָר פענצטער, טירן, טישלעך, שאַפּקעלעך, טאַפּטשאַנען, לאָקשן־ברעטלעך אוקעדוימע, טאַבורעטקעס, סונדוקן, בענק (קאָלערליי: שטוב־בענק, גאָרטן־בענק, שול־בענק).

זעכציק יאָר ווירען, זעגן, בויערן, שניצן, אויסדלובען, הובלעווען, צונויפקלאַפּן, קלייען, פאַרבן.

און, מאָל זיך, קיין איין מאָל אַף קיין קוראָרט ניט געפאָרן. און קיינ־מאָל ניט געפלויגן אַף קיין אַעראָפּלאַן. און אין קיין רעכטן רעסטאָראַן ניט געגעסן. און אַפילע קיין שניפּס, ווי בא לײַטן, ניט געטראָגן.

אַן אַלט סקריפּענדיק בעט מיט שמאַטעס. אַ שווײַגנדיק ווײַב, אָלעהאַ־האַשאָלעם. אַ פולע שטוב, קיין אײַנהאָרע, מיט קינדער. פּאָקן, מאָזלען. אַלע מינים שקאַרלאַטינעס. אַמאָל: ווו באָרגט מען נאָך ערגעץ אַן אָקע פּאַפּעשוי־מעל אַף שאַבעס? אַמאָל — פאַרקערט די סטרוזשקעס, פאַר־נומען דאָס געצײַג, פאַרצויגן די פאָרהענגלעך: שאַ, שטיל, דער מאָגן האָט קיין פענצטער ניט!.. איין מילכאָמע (אוועקגעגאַנגען און, דאַנקען גאָט, מיט ניסים, צוריקגעקומען אַ גאַנצער). אַ צווייטע מילכאָמע (אוועק־געשיקט צוויי זין און זיי מער ניט געזען). די אַלטיטשקע איבערגעלאָזט ערגעץ לעבן אַנדיזשאַן, אונטער אַ בערגל ערד, אַף אַן אוזבעקישן בעסוי־לעם (אַלע יאָרן געווען אַ שווײַגערן און אַ פּאַוואָליעגייערן. קיין הויך וואָרט האָט פון איר קיינער ניט געהערט! אַ צידקאָניעס. דעמלט, מילכאָ־מע־צײַט, האָט זיך צעשפּילט אין איר עפּעס אַ מין סטראַשנע קויעך: הונגעריק, נעבעך, און שלעפּעריק, פלעגט זי זיך אויסקריגן מיט אַלע ווײַבער אַפן סטעפּ: „וואָס שטייט איר? וואָס זיצט איר? אונדזערע קינדער ברענען אין פײַער!" אַזוי־אָ, אַפן סטעפּ, איז זי אוועקגעפאַלן אין אַ מע־סוקן הייסן טאָג, מיטן סערפּ אין דער האַנט). די עלטערע טאָכטער, עסטער, דאָס שײַנדל אין דער מישפּאָכע, איז אומגעקומען, מאַמעש אַף קידעש־האַשעם, בא די דײַטשן (שוין געהאַט אַ מאַן, עסטערל, מיט צוויי קינדער: די ערשטע צוויי אייניקלעך. מיידלוויײַז געווען אַ ברען, פלאַם־פײַער. אַלע יאָרן געאַרבעט אין יאַס אין אַ וועב־פאַבריק, אַ פּאָר מאָל אַפילע געזעסן. ערעוו דער מילכאָמע געוווינט מיטן מאַן אין קאַפּרעשט: ביידע געווען מאַכערס אין אַ שנײַדער־אַרטעל. עוואַקויִרט זיך, אַפּאָנעם שפּעטלעך, נעבעך. צופוס מיט די צוויי פּיצלעך קינדער אַף די הענט. אים האָבן די קוילערס געשאָסן באַלד פון יענער זײַט דניעסטער, אין אַ

וואלד. זי, דערציילן מענטשן, איז אָנגעקומען אין בערשאדער געטאָ אין א יאָר ארום. שוין אָן די קינדער אויך. זי האָט אין געטאָ גענייט און געלאטעט העמדער, גאטיעס. לאָזט זיך אויס, אז דאָס זײַנען געוועזן ניט קיין פּאָשעטע העמדער און ניט קיין פּאָשעטע גאטיעס. מע האָט זי ארויסגעפירט, דערציילן מענטשן, הענגען אינמיטן שטאָט, מיט אָן אָנגעטאָנענעם בויגן קארטאָן אף דער ברוסט: „אזוי וועט זײַן מיט אלע פּארטיזאנער!” מ׳האָט זי אונטער דער טליִע ארופגעשטעלט אף א טאבורעטל און דאָס טאבורעטל געטאָן א שטופּ אפיר פון אונטער אירע פיס. א ווײַס, סטאָלעריש טאבורעטל, דערציילן מענטשן). דער מיטלדיקסטער טאָכטער, זשעניען, גייט ניט אין לעבן, און אן עק (האָט שוין כאסענע געהאט צום פערטן מאָל. איז געבליבן ווינען ערגעץ אין טשימקענט. קיין קינד ניט, קיין רינד ניט. שרײַבט אמאָל־אמאָל ארײַן א בריוול: „איר מעגט מיך שוין גראדע אָנקוקן, — טוט זי אָן דעם אלטן טאטן פארגעניגן, — כ׳זע שוין, דאנקען גאָט, אויס עלטער פון דער מאמען. כ׳וואָלט זיך דורכגעקומען צו אײַך, שעם איך זיך פּאָשעט...”) עך, טי, וועלט איינע!..

— פּע, נאכמען. זיצסט און זינדיקסט, הא? עפּעס מאכסטו, ברודערלעבן, צו א שנײַדערשן כעזשבן.

— אשטייגער? אדעראבע.

— הײַנט איז, דאכט זיך, דער עלפטער. יוים האפּענסיע. זיצסט און ווארטסט אפן פּאָטשטאליאָן און קרעכצסט. ניט שיין!

— אײַ, גיי. צום ביסל אוילעם־האזע האָב איך כאָלילע איצטער גאָרנישט.

— אך, אוילעם־האבע ווילסטו? סטאָליערוק! פלעגסט דאָך אליין אלע יאָרן מאכן פון די פרומע פלעכט כוכע־אוטלולע...

— ניט דאָס. כ׳מיין, עפּעס א שטיקל שעם הינטער זיך. אָפּגעהובלעוועט אזא לעבן. עפּעס, דאכט זיך, געגעבן דער וועלט, הא?

— הער, הער. זינדיקסט, נאכמען. פון דער קלענסטער טאָכטער, דער מיזינקע, פונעם גאָלדענעם איידעם דעם אינזשעניער רעדסטו, זע איך, קיין איין וואָרט ניט. האָסט, דאכט זיך, פון זיי גאָר קיין אומקאָוועד ניט.

— זאָג איך דאָך: צו אוילעם־האזע האָב איך כאָלילע גאָרנישט.

— נו, און דאָס אייניקל? אזא אויסגעשפּילט אייניקל! דאָס איז ניט קיין שטיקל שעם הינטער זיך?

— יאָ, אוואדע. נאָר דאָס איז דאָך דאָ. איך קרעכץ אף דעם, וואָס איז נישטאָ: אף די אוויידעס. אפן פארלוירענעם קרעכץ איך. בע, אן אלטער מענטש קרעכצט, ס׳מאכט אים גרינגער די עלטער.

— בעבעסט, נאכמען, בעבעסט.

אין דער היים איז איצט קיינער נישטאָ: אָנבײַסן עסן די קינדער אין שטאָט, בא דער ארבעט, קומען אהיים ערשט ארום זעקס. אָט־אָט וועט אָנלויפן סאשקע. בעפיירעש אָנלויפן און ניט אָנקומען: ער איז טאָמיד פאראשט, דער קליינער, קיינמאָל סטײַעט אים קיין צײַט ניט. ער לויפט טאָמיד אָן מיט די גרויסע טאָוולען זײַנע אונטערן אָרעם, טאָמיד צע־

קנעפּלט, פֿאַרטראָגן, צעשויבערט. דער זיידע, קאָן מען זאָגן, האָט אופּגעכאָוועט דאָס אייניקל אויף זײַנע הענט: ער פּלעגט אים קליינערהייט אַלע גאַנצפֿרי אָפּפֿירן אין קינדערגאָרטן, אין די ערשטע קלאַסן. איצט איז ער, סאַשקע, שוין אַ גרויסער. ס׳שפּראָצט אים שוין, דאַכט זיך, אונטער דער נאָז אַ שיטער מין וואָנצעלע; איצט וויל ער שוין אַפֿילע ניט לײַדן, דער זיידע זאָל אים דערוואַרעמען דאָס עסן. פֿאַרקערט, ער וויל, דער צוציק, ס׳זאָל הייסן, אַז ער דערוואַרעמט דעם זיידן דאָס עסן. דער זיידע און דאָס אייניקל כאַפּן טאָמיד איינעם עפּעס איבער, און אַלעקסאַנדערל לויפֿט באַלד אַוועק אין קאַמער, צו דער ליים צו זײַנער, צום גיפּס, צו די האָלץ־קלעצלעך, צו די דאָלעטעס זײַנע און צו די שאַרפֿשטיינדלעך.

ער איז הײַנט אופּגעשטאַנען אַ גרויסן פֿאַרטאָג, נאָכמען. ער האָט פֿאַריכט דאָס פּלייטל אײַנווייניק אין הויף אַרום אָפּגעצוימטן שטיקל גאָרטן. ער האָט איבערגעבונדן אַלע קוסטעס פּאָמידאָרן און זיי דערנאָך גוט באַגאָסן, ער איז אַראָפּ אין קעלער איבערקלײַבן דאָס ביסל פֿאַראַיאָריקע קאַרטאָפֿל, וואָס האָט זיך שוין שטאַרק צעוואַקסן. ער איז צוגעגאַנגען נאָך ברויט. ער האָט זיך אָוועקגעזעצט דאָ־אָ, אויפֿן קעלער, אָפּרוען זיך אַ ביסל, וואַרטן (וואַרטן, דעם עמעס געזאָגט, ניט אַזוי אויפֿן פּאָטשטאַליאָן, ווי טאַקע אויף אים, אויף סאַשקען).

די צוגעשטוקעוועטע ברעטלעך אויפֿן פֿאַריכטן פּלייטל זײַנען נײַ־ווײַס. דער טיר־לאָך באַם צעעפֿנטן קעלער איז שוואַרץ ווי די נאַכט; די עטלעכע רייען פּאָמידאָרן־קוסטעס, די פֿאַרפּלאַנצטע פּאָר ביימלעך אין די ווינקלען גאָרטן זײַנען קאָלערליי גרין; סאַשקעס קאַמער־דעכל אונטער דער זון איז פּאָמעראַנצן־געל; דער הימל איבערן קאָפּ איז זומערדיק בלאָ; אויף אַ הויכער ראָזעווער וואַנט אַנטקעגן שווימען אַלעמאָל דורך שאָטנס פֿון מאַשינעס, וואָס לויפֿן אָפּ און אויף אין גאַס; און אויף אַ שטריק, צווישן אַ סלופּ און אַ סלופּ, שאָקלען זיך אַלע פֿאַרבן פֿונעם רעגנבויגן.

אַמאָל טוט זיך אַ זעץ אַוועק לעבן נאָכמענען אויפֿן קעלער אַ שאָכן זײַנער פֿונעם אַנדערן הויף, מאָש פּאַוול. די פֿאַרבן צעשפּילן זיך אויף זייערע בײַדנס טונקל־פֿאַרמעטענע פּענעמער, אויף זייערע בײַדנס ווײַסע קעפּ. פּאַוול רופֿט נאָכמענען „לאָכמען“. נאָכמען האָט ליב פֿאַרבעטן פּאַוולען אין שטוב אַרײַן און אַוועקזעצן אים באַם טיש לעבן אַ שעלכל אײַנגעמאַכטס, לעבן אַ קאַלטן טרונק וואַסער. די שטוב איז פֿול מיט סאַשקעס „קעפּ“. קעפּ אויפֿן קאָמאָדל, אויף דער שאַפֿע, העט אויבן אויף דער קאַפֿלנער הרובע, אויף די טישלעך, אויף די פֿענצטער. ווייכפֿאַרביק־אויסגעקנאָטענע — ליימענע; ווײַס־ווײַסע, געפֿורעמטע — גיפּסענע; געלבלעך־אויסגעשניצטע — הילצערנע. אַנטקעגן, אין אַ ווינקל, אויבנאָן אויפֿן טעלעוויזאָר, שטייט די מומע עסטער. אַלעקסאַנדערל האָט זי אויסגעטעסעט אַ קאָפּל יינגער, ווי זי איז דעמלט געווען, מיידלשער, מיט אַ פֿאַרגאַרטלט־פֿאַרצויגענער טאַליע, אין שטיוול — אויסגעטעסעט זי פֿון איין שטיק, אײַנייגעם מיטן טאַבורעטל אונטער אירע פֿיס. זי שטייט אויפֿן טאַבורעטל, ווי אויף אַ מין בעלעמערל, די הענט פֿאַרלייגט אויפֿן האַרצן, דער קאָפּ אַ ביסל

פאַריסן אַרויף, די האָר אַ ביסל צעפּאַטלט, אויף די ליפּן אַ דין צאָרנדיק שמייכעלע. זי שטייט אַזוי, ווי זי וואָלט ניט געשטאַנען, נאָר געגאַנגען.
נאַכמען דרינגט פּאַוולען, אַז מיטן טאַבורעטל אונטער עסטערן מיינט, אַפּאָנעם, דער קליינער אי טאַקע יענץ אַפּירגעשטופּטע טליע־טאַבורעטל, אי טאַקע, איינענוועגס, דעם טאַבורעטלדיק־סטאָליערישן ייִכעס עסטערס.
פּאַוול קנאַקט מיט דער צונג, קאָן זיך גאָר ניט אָפּכידעשן.

נאַכמען איז עפּעס צו לאַנג געבליבן שטיין אַ שוויַיגעוודיקער לעבן דעם טעלעוויזאָר. פּאַוול טוט נאַכמענען אַ רוף: זאָלן זיי בעסער אַרויס־גיין אין הויף. ביידע זיצן ווידער, איינער לעבן אַנדערן, מיט זון־פאַרב אויף זייערע טונקל־פּאַרמעטענע פּענעמער. זיי ריידן וועגן יענע שווערע צײַטן, וועגן יונג־פאַרלוירענע קינדער, וועגן די אייניקלעך, וואָס קאָנען הײַנט אַלצדינג האָבן, אַבי זיי ווילן נאָר.

— הערסט, נאַכמען? — טוט אַמאָל פּאַוול אַ פאַרצי אַן אויג און אַ פאַרקנייטש דעם שטערן. — האָב איך אַמאָל אויסגעטעסעט אַ שליטן... איך, איך, אַזוי ווי דו קוקסט מיך אָן! טע, טע, איז דאָס געווען אַ שליטן!..

נאַכמען:

— אײַ, דאָס איז עפּעס אַנדערש. אַ שליטן... שליטנס האָב איך אויס־געטעסעט אַ מיליאָן...

פּאַוול (שמייכלענדיק):

— שליטנס?.. אַ גאַנצן מיליאָן?..

נאַכמען:

— ס׳רעדט זיך נאָר אַזוי: פענצטער, טירן, בענק... שול־בענק, פּאַוול, שול־בענק!.. אַ מיליאָן, פאַרגעסטו? ווער וואָלט זיי דען געקאָנט איבער־ציילן, ווער? ווען מע טוט זיי, לעמאָשל, אַ שטעל אויס, אַזוי־אָ איינס נאָכן אַנדערן, ווי זיי שטייען אין די קלאַסן... אָהאָ!.. זיי וואָלטן זיך אַוועקגע־צויגן איבער אַלע וועגן. דורך אַלע דערפער, העט־העט, אין דער לענג און אין דער ברייט, ברודער־לעבן...

פּאַוול:

— ע, דאָס איז דאָך אַזוי זיך, אַ מין פאַנטאַזיע, אַ מין איבערטרײַ־בעכץ... איך אויף מײַן שליטן בין געפאָרן...

נאַכמען (בייזלעך):

— געפאָרן?.. נאַשפּיץ?.. אויף דײַן שליטן ביסטו אַליין געפאָרן, אויף מײַנע בענק איז געפאָרן אַ וועלט... געפאָרן און אָנגעקומען...

פּאַוול:

— ס׳רעדט זיך נאָר אַזוי, כ׳פאַרשטיי... האָסט מיר אַמאָל געזאָגט, נאַכמען, אַז ס׳שטייט ערגעץ בא אײַך געשריבן: „נוי פּעינע — נוי טוי־רע"[1] — אָן קיין שטיקל ברויט גייט קיין לערנען ניט אין קאָפּ אַרײַן... דער שליטן איז גלאַט אַזוי. אַ גאַנץ לעבן געאַקערט און געזייט... דו האָסט געגעבן בענק, נאַכמען, און איך האָב געגעבן ברויט...

---

[1] איין קעמאך — איין טוירע (מאָלדאַוויש).

נאכמען:

— נו, יאָ, אוואדע. זײַנען מיר טאקעביידע... קומט אונדז טאקע ביידע א שטיקל, ווי מע זאָגט, אוילעם־האבע!..

דער פאָטשטאליאָן נאכמענס איז, דאכט זיך, צו א פריילעכער פאָר־טשטאליאָן. א באזונדער מין סקריפ פונעם הויף־טירל גיט צו וויסן, אז ער קומט. דער גלאנצנדיקער דאשעק איז אים שטענדיק פארוקט אף ארוף. די פאָלעס מיט די מעשענע קנעפ — צעפלויגן, דער פאָטשטאליאָנ־סקע בײַטל זײַנער איז אָנגעשטאָפּט און אויסגעקײַלעכיקט, ווי א נעגי־דיש בײַכל פארצײַטן. וואָס איז ער אזוי לעבעדיק, וואָס? ער טראָגט, — זאָגט ער, — א גאנצן טאָג, פון שטוב צו שטוב, גוטע בסורעס. און וואָס טוט ער מיט די שלעכטע, האַ? — פרעגט נאכמען. די שלעכטע ווארפט ער ארײַן דורך דער פאָרטעטשקע, ער זאָל ניט זײַן דערבײַ.

— און פונוואנען ווייסטו, ברע, אז ס׳איז שלעכטע?

— כ׳פיל, — זאָגט ער, — אין דער וואָג: א טראָווערדיקע בריוו איז א קאפעלע שווערער...

ער טוט אויס איבערן קאָפּ דעם בײַטל, טוט אָן א פּאָר ברילן, לייגט ארויס אפן טיש א פעקל געלט און הייבט אָן רײַבן איין האנט אין דער אנדערער מיט אזא צופרידנקײַט, ווי ער וואָלט זיך געקליבן א שנעל טאָן א קינד אין פופיק. די נײַע, קנאקנדיקע רובלען צעפעכערט ער קונציק צווישן די פינגער, הייסט דערווײַל נאכמענען אונטערשרײַבן זיך און הייבט זיי אָן ציילן מיט א מין פריילעך־זינגענדיקער ציילעניש. פריי־לעך — איז פריילעך. נאכמען טוט א רוק אונטער דעם פאָטשטאליאָן א בענקל, ניט אזוי קעדיי ער זאָל זיך אוועקזעצן, ווי קעדיי ער, נאכ־מען, זאָל אויך א מאך טאָן א שטיקל וויץ:

— אז דו זעצסט זיך אוועק אף א בענקל, הערסט, ברע, איז — דא ליפניי מי אטאָ אוימעד: ווייס, אז א סטאָליער האָט דאָס געמאכט!..

דער פאָטשטאליאָן איז אָבער ניט פון די, וואָס דארפן זוכן אָן ענט־פער אין בוזעם־קעשענע. ער טוט זיך א צי אויס, ווי א גענעראל, לייגט צו די האנט צום גלאנציקן דאשעק זײַנעם און טוט א קנאק מיט די אָפּ־צאסן:

— אָ!.. יעוואָ וועליטשעסטוואָ...[1] רעב נאכמען סטאָליער!..

ער נעמט צונויף די פאפירן פונעם טיש, לייגט ארײַן די ברילן אין שאכטל, טוט צוריק אָן דעם בײַטל, קערט איבער אין זיך דאָס גלעזל וױשניק, וואָס נאכמען האָט אים דערלאנגט, און שפאנט אוועק מיט היכע שפאַן, ווי אף א מארש:

— האָט מיר און זײַט מיר!

א שטיקל גלאוונער אין אונדזער דערציילונג איז, פארשטייט זיך, אלעקסאנדערל. דער לייענער איז זיך מינאסטאם אליין מעשײַער, אז זײַן וועט ער א סקולפּטאָר: ווער ווייסט, עפשער טאקע א גרויסער, א באַ־רימטער סקולפּטאָר. דערווײַל איז ער, ווי נאכמען זאָגט, אף דער לערע.

---

[1] אײַער עקסעלענץ (רוסיש).

זײַנע „קעפּ״ שטייען דערװײַל אין שטוב אפן קאָמאָדל, אף דער שאפע, העט אויבן אף דער קאפלנער הרובע, אף די פענצטער. אמאָל וועט עפּ־שער אזא־אָ אויסגעשניצטע און אויסגעטעסעטע „טיאַטיע עסטער״ שטיין מיטן טאבורעטל אונטער אירע פיס אין א גרויסן גאלעריי־זאל, און מענטשן וועלן גיין און גיין, קוקן און קוקן...

— נו, זיידע, קום. זעץ זיך אוועק.

אלעקסאנדערל רופט נאכמענען גיין און ווידער אוועקזעצן זיך אין הויף אפן קעלער.

דאָס אייניקל האָט אנומלטן געבראכט צו טראָגן אף די אקסל א שווער שטיק נוסנהאָלץ. און אזוי־אָ, ביסלעכווײַז, טאָג־באַ־טאָג, ווערט פון דעם דאָזיקן קלאָץ יעוואָ וועליטשעסטוואָ דער זיידע, רעב נאכמען סטאָליער.

נאכמען האָט זיך טכילעס ניט געלאָזט: „איַ, צו וואָס? געפונען ווע־מען, דעם גרויסן פארנעם אף דער וועלט!״ נאָר אלעקסאנדערל האָט געזאָגט, אז דאָס איז גלאט אזוי זיך, אן עטיוד. מיט אזא־אָ שווערלעך וואָרט טאקע האָט ער דאָס אָנגערופן: „עטיוד״. און נאכמען האָט פאר־שטאנען, אז דאָס איז מינאסטאם א מין אוראַק, וואָס מע האָט אים דאָרט, אין דער דאָזיקער קונסט־שול, ווו ער לערנט, פאַרגעבן. און ער האָט זיך געלאָזט. וואָס טוט ניט א זיידע פון אן אייניקלס־וועגן? פארקערט: דערנאָך האָט אים גאָר אָנגעהויבן געפעלן דאָס דאָזיקע זיצן שטיל קעגן סאשקען, דאָס זיצן זיך אזוי און טראכטן, פילאָסאָפירן, טאָן אינמיטנדע־רינען א דרעמל איַין אף א רעגע־צוויי, אופכאפן זיך און ווײַטער זיצן זיך אזוי און טראכטן. ס'האָט אים שוין אפילע אָנגעהויבן פעלן, ווי א רעגילעס־זאך. אלע טאָג, נאָך אלע אָפּגעטאָנענע ארבעטן, האָט ער אָנגע־הויבן אוועקזעצן זיך און וואַרטן, ארויסקוקן אף אלעקסאנדערלען.

אָט דאָ־אָ אין הויף, אין דרויסן, א פארשוויצטער, אין א צעכראסטעט העמדל, מיט א פאראקשנט־בייזלעך בינטל האָר אפן שטערן, טעסעט און שניצט אלעקסאנדערל אלע באטאָג דאָס שטיקל נוסנהאָלץ. דרייט זיך ארום דעם מיט א דאָלעטע און מיט א העמערל אין די הענט, טענצלט באלמעלאָכיש־פּראָסט אונטער, דרייט זיך, ווי, לעהאוודל, א באַנדער ארום רייפן, די פּאס זאָל זיך קיינמאָל ניט צעפאלן.

די פיס אלעקסאנדערלס טרעטן אין א ראָד געלבלעכע נוסנהאָלץ־שפענער, אויסגעדלובעט־צעדרויבלטן זעגעכץ, דינע געבלעטערטע סטרו־זשקעס, וואָס צעקיצלען דעם זיידנס נאָזלעכער מיט אזעלכע שארף־באַ־קענטע סטאָליערײַ־רייכעס, מאמעש א ניס צו טאָן און א זאָג צו טאָן אי זיך, אי דעם אייניקל: צו געזונט!

א טעסע און א קוק, א קוק און א טעסע. עס רוען ניט אלעקסאנדערלס פינגער, און עס רוען ניט די אויגן זײַנע. א בליק אפן זיידן, וואָס זיצט זיך אזוי, א מיד געוואָרענער, אנטקעגן; און א בליק אפן זיידן, וואָס פארטיקט זיך ביסלעכווײַז אויס אונטער דער דאָלעטע, ווערט וואָס אמאָל מערער און מערער דער זיידע.

א בליק און א טעסע, א טעסע און א בליק.

אפֿן זיידנס קני ליגט א פֿארגרעבט־אָדערדיקע האנט. זי איז א ביסל מעגושעמדיק, דעם זיידנס האנט, א ביסל צו גרויס, הילצערן, קנופּנדיק. א קוק און א טעסע. די האנט וועט ער לאָזן אזוי־אָ: פֿארגרעבט, סוקע־וואטע, גרויס...

די נאָז דעם זיידנס איז א גראָבלעכע, א ביסעלע א כיטרע. די גע־דיכטע ברעמען — שפּיציק־צעבערשטלטע, אופֿגעהויקערט איבער די אויגן אריבער. אף די באקן — טיפֿע, אײַנגעפֿאלענע צוויי אײַנשניטן. דער שטערן פֿול מיט קארבן, מיט קנייטשן און קנייטשעלעך. א טעסע און א קוק: אין יעדן קנייטשל וועט ער ארײַנטעסען רו און אומרו, פֿרייד און רוגזע, ערלעכקײַט, פּראָסטקײַט, ליבשאפֿט...

— נו, זיידע, גיי רו זיך א ביסל אָפּ!

— ניין, ניין, אלעקסאנדערל, ארבעט, ארבעט!

נאכמען זיצט מיט איין אויג א פֿארמאכטס, אן אײַנגעדרעמלטס און מיטן אנדערן אויג א האלב־אָפֿנס, א קאפּעלע א פֿארשמעלערטס. אָט וועט ער אינגאנצן אײַנדרעמלען, און אָט וועט ער אין א רעגע ארום ווידער טאָן זיך א כאפּ אויף. האלב אין דרעמל, האלב אף דער וואך פּלאָנ־טערן זיך די טראכטעניש און די זעעניש. שוין, קיין אײַנהאָרע, א מענטש אלעקסאנדערל, האַ? די יאָרן אף דער עלטער פֿאטשן דורך גיך, ווי פֿייגל. ערשט נעכטן געפֿירט אים אין קינדערגאָרטן; ערשט, דאכט זיך, אָנגעלאָפּן מיט א רויט טיכל אפֿן האלדז; ערשט געקנאָטן, גלאט אזוי זיך, פֿאר א שפּילכל, הינטעלעך, קעצעלעך. א גאָלדענער קאָפּ. ס׳שפּראָצט אים שוין אונטער דער נאָז א מין שיטער וואָנצעלע. די פֿינגער לויפֿן אזוי קונציק מיט דער דאָלעטע; גאָלדענע פֿינגער. אלעמאָל טוט ער זיך א וויש מיט דער אייבערשטער זײַט האנט דעם פֿארשוויצטן שטערן אקוראט אזוי, ווי ער, נאכמען, פֿלעגט זיך ייִנגלווײַז א וויש טאָן דעם שווייס באם הובלעווען. דער זעלבער וויש, נאָר גאָר־גאָר אן אנדער פֿארשוויצטקײַט. ווער ווייסט, ס׳זאָל שוין דעמלט געווען זײַן אזא צײַט, וואָלט ער עפּשער אויך ניט געווען פֿארבליבן באם הוילן הובל.

א נארישקײַט געדענקט זיך, א נארישקײַט, וואָס איז שוין אלט ווײַ־סעך וויפֿל: וויאזוי האָט זי דעמלט, נאָך אן ערשטן מײַ, א געשריי געטאָן, די באלעבאָסטע, מיטן פּאָלומעסעק אין די הענט? „דאלאָי באלעבאטים? וועסט עס, נאכמעניו, ניט דערלעבן. וועסט כראקען מיט בלוט און וועסט עס ניט דערלעבן!” וועגן כראקען מיט בלוט שפּארט ער זיך ניט, נאָר דערלעבט האָט ער...

אויסגעגעבן אין די שווערע יאָרן, באלד נאָך דער מילכאָמע, די מײַ־זינקע, ריווקעלען... ארויס פֿונעם פֿײַער מיט איין ריווקען, קאָן מען זאָגן... צאָרעס פֿארגעסן זיך. אין די אָפּגעסארפּעטע שטיקלעך ווענט ארײַנגעשטעלט פֿענצטער, געלייגט א דאך, אופֿגעהאנגען פֿאָרהאנגען... צו אוילעם־האזע האָט ער, כאָלילע, גאָרנישט... ביז ניט לאנג, ביז אין דער פּענסיע, געווען אין דער מעבל־פֿאבריק א בריגאדיר בא די בענק... שול־בענק, ברודער, שול־בענק!.. א מיליאָן בענק... ס׳רעדט זיך נאָר אזוי: ווער וואָלט זיי דען געקאָנט איבערציילן, ווער?.. זיי ציִען זיך אזוי

אוועק, שורעסוויַז, איינע נאָך דער אנדערער. העט־העט, אין דער לענג און אין דער ברייט... א מיליאָן בענק... א גאָלדענער אײדעם, א טײַער... אזא־אָ אויסגעשפּילט איינִיקל. עפּעס געגעבן דער וועלט, האָ?.. א מיליאָן בענק... אָט־אָ לויפט ער, אלעקסאנדערל, מיטן טיכל אפן האלדז, מיט די גרויסע טאָוולען זײַנע אונטערן אָרעם... א מיליאָן בענק... א מיליאָן אלעקסאנדערלעך... דאָס איז ניט קיין אוילעם־האבע? נאכמעניו סטאָליערוק א מיליאָנשטשיק!.. א מיליאָן בענק...

אין שטוב זײַנען שוין דאָ די קינדער.

די טאָכטער און דער אײדעם באגעגענען זיך אמאָל נאָך דער ארבעט אין שטאָט, קויפן עפּעס אײַן אין די קלייטן און קומען דערנאָך, ארום זעקס, ביידע אהיים אינאיינעם.

ריווע כאפּט ארוף אף זיך א פארטעך, הייבט אָן ראשן אין קיך, פארבינדט זיך דעם קאָפּ מיט א פאטשיילע און קאטשעט ארויס אלע קילימלעך אין דרויסן. דאניעל — דײַקע א הויכער, א ברייטפּלייציקער, א נאטשאלניק אין זאוואָד — גייט איר נאָך, ווי א ניונקעלע, וואַרט אלע מאָל אף אן אנדער באפעל אירן.

פארבײַראשנדיק, שטעלן זיי זיך, פארשטייט זיך, אלע אָפּ לעבן סאשקען, טוען א פרעג:

— נו, ווי? ס׳באקומט זיך, האָ?..

אלעקסאנדערל האָט ניט ליב, אז מע פרעגט אים פריִער. ענטפערן ענטפערט נאכמען. מיט אן אראָפּגעלאָזטער, גאדלעסדיקער ליפּ שטייט ער איצט אזוי לעבן אלעקסאנדערלען און באטראכט פון דער נאָענט, מיט א דלאָניע איבער די אויגן, וואָס דער צוציק האָט געמאכט פון דעם דאָזיקן פראָסטן שטיק נוסנהאָלץ: עפּעס איז עס שוין, אפּאנעם, יאָ ער און עפּעס איז עס נאָך דערוויַיל א ביסל ניט ער. ענטפערן ענטפערט ער די קינדער מיט א מין היסלײַוועסדיק צעשאָקלען דעם קאָפּ:

— איַי... פּס!..

שפּעטער, נאָך דעם, ווי ריווקע וועט א רוף טאָן: „היי, אוילעם, קומט צום טיש!", וועט מען אלעקסאנדערלס נײַ שטיקל ארבעט ארומריידן לענגער. מערער פון אלעמען וועט, פארשטייט זיך, ריידן ער, נאכמען.

האלב ערנסט, האלב וויציק וועט ער זיך אזוי פּלוצעם א זאָג טאָן:

— זיץ איך הײַנט, הערט איר, און האָב מיר מיט אים א שטיקל וויקועך, האָב איך...

— א וויקועך? מיט אלעקסאנדערלען?..

— נע... מאָלט אײַך, מיט שאָלעם־אלייכעמען!..

— ט׳האָסטו דיר א נײַס!..

— ס׳הייסט, ס׳רעדט זיך נאָר אזוי... ניט טאקע, כאָלילע, מיט אים אליין, נאָר מיט איינעם א זאָג זײַנעם... ווי זאָגט ער דאָרטן, ווי?.. א מענטש איז געגליכן, זאָגט ער, צו א סטאָליער, א סטאָליער לעבט און לעבט און שטארבט, און א מענטש לעבט און לעבט און שטארבט... ניע, פּאניע שאָלעם־אלייכעם... ניע סאָגלאסען... א סטאָליער שטארבט ניט...

# צווײ כאַסענעס



אַסענעס פּראַוועט מען בײַ אונדז אין גרויסע זאַלן.
אין קאַפעהויז־זאַלן.
אין רעסטאָראַן־זאַלן.
ווי אַזוי מע זאָל זיך ניט פּיצלען די פֿינגער בײַם צונויפשטעלן דאָס מעכוטאָנים־צעטל, בלײַבן איבער פֿאַרבעטענע בײַ די הונדערט פּופציק מענטשן.
וויפֿל כאָסן־קאַלע זאָלן ניט שרײַען, אַז זיי ווילן ניט קיין כאַסענע־בילעטן: ס'איז קליינשטעטלדיק, ס'איז אַלטמאָדיש, — ווילן עס אָבער טאַטע־מאַמע יאָ.
די בילעטן באַקומען זיך לענגעכדיקע, גלאַנצנ־דיקע, קנאַקנדיקע, און ביידע זײַטן איידל פֿאַר־בויגענע, אָפּגעדרוקט זײַנען זיי מיט בראָנז־אויִ־סיִעס. אויבן, אין איין עק, שטייט פֿאָטאָגראַפֿירט אין אַ רעמל דער כאָסן. אין אַנדערן עק — די קאַלע. ביידע זײַנען שיין, ווי די וועלט; ביידע — מאַלע־כיין; שײַנען ביידע נאָר ווי כאָסן־קאַלע קאָנען שײַנען. ס'קומט פֿאָרט דערפֿון צו טאַטע־מאַמע אַ סאַך געזונט.
שווערלעך אַ ביסל איז מיט דער מוזיקע.
די מוזיקער רײַסן די הויט.
קלעזמער־יונגען!
נאָר סאָפּקאָלסאָף רעדט מען זיך מיט זיי צונויף. אַ רענדל אַרויף, אַ רענדל אַראָפּ. צו די כאַסענע־הויצאָעס דאַרף מען דאָך קיין צעבראָכענעם דאָך ניט צורעכענען... שפּילט, קלעזמאָרימלעך, ביזן ווײַסן טאָג אַרײַן! אַ רענדל אַראָפּ, אַ רענדל אַרויף. שפּילט אַ פֿריילעכס און אַ טרויעריקס! שפּילט, אַז די טאַפּליִעס זאָלן אַזש ציטערן!
אײַ שפּילן זיי!

לאָמיר טאַקע די ערשטע כאַסענע אָנהייבן מיט זיי, מיט די קלעזמער.

דער פידלער, דער ראָש־האַקאַפּעלע, שטאַמט, זאָגט מען, פון ציגײַ־נערס. ער פאַרמאָגט אַ סמאָלע־שוואַרצע טשופּרינע אַפן קאָפּ, שוואַרצע ברענענדיקע אויגן, כיטרע כיין־גריבעלעך אין די שוואַרצכיינעוודיקע באַקן. ער טראָגט אַ שוואַרצן קאָסטיום, אַ שוואַרץ באַנטיקל באַם האַלדז. און עס ווײַזט זיך אויס, אַז די ווײַסע ציין זײַנע און דאָס ווײַסע העמד זײַנס זײַנען די ווײַסטע זאַכן אין דער וועלט.

צווישן די פערציק פידלער אין סימפאָנישן אָרקעסטער, ווו ער שפּילט אַ גאַנץ יאָר, זעט ער זיך ניט אָן. הײַנט, דאָ אַף דער כאַסענע, איז ער מיילעך. ער שטייט אָפּ אַ גאַנצע נאַכט אַף די פיס. ניט אַף די פיס — קימאַט אַף די שפּיץ פינגער, אָט באַלד־באַלד וועט ער זיך אָפּרײַסן פון דער ערד. אַ שטיק אויער און אַ שטיק באַק זײַנע ליגן צוגעטוליעט צום פידעלע. ער הערט זיך אײַן אין די ניגונים, וואָס די פינגער זײַנע שפּי־נען אויס.

די סטרונעס זינגען, ריידן, כליפּען, בייזערן זיך, פישטשען, גוגערן ווי אַ קינד אין וויגל, פאַרקײַכן זיך, וויקלען אַרום אוילעם לאַנגע פּאַפּירענע סימכע־סטענגעס, גלעטן, שלעפערן, טוען מיטאַמאָל אַ וועק אויף, צעיאָגן גלעקלדיקע שליטנס אַף פאַרשנייטע וועגן, צעוויכערן פיס, צערירן אַקסל, פאַרפלעכטן הענט, הערצער, געדאַנקען, ווערטער.

ער פירט די קאַפּעלע מיט אַ ווונק פונעם אויג, מיט אַן עלנבויגן, מיט אַ טאַנצנדיק בינטל האָר אַפן שטערן. טראָפּנס שווייס פינטלען אים אויס דאָס פּאָנעם, ווי שטופּלען. זיי באַווײַזן זיך און פאַרשווינדן, פאַרשווינדן און באַווײַזן זיך. לויט דער שטאַרקײַט פונעם שפּילן, לויטן ניגון נאָך.

לעבן פידלער זיצט אַף אַ בענקל דער אַקאָרדעאָניסט, מיט אַ גלאַנצנ־דיק־פּײַכטן, כשיוועסדיק־הויכן פּליך אַפן קאָפּ און מיט אַ פּלאַטשיק, קאַלטבלוטיק, קײַלעכדיק פּאָנעם.

דער אַקאָרדעאָן זײַנער, וואָס קאַרבט אים קלוימערשט אײַן מיטן רי־מען דעם האַלדז, ליגט זיך אינדערעמעסן גרינג אָנגעשפּאַרט אַף זײַנע קני, ווערט אַלעמאָל גרויס און ווערט אַלעמאָל קליין, בלאָזט זיך אַלע־מאָל אָן און שרומפּט אַלעמאָל אײַן.

געמאָסטן.

ווי אויסגעכעזשבנט.

דאַכט זיך, קאַלטבלוטיק.

עס ווײַזט זיך אויס, אַז די פינגער דעם אַקאָרדעאָניסטס לויפן אַף די שוואַרץ־ווײַסע אַקאָרדעאָן־ביינדלעך באַזונדער, און ער אַליין, דער אַקאָרדעאָניסט, זיצט זיך אַפן בענקל אויך באַזונדער. די אויפגעהויקערטע פינגער זײַנע פליִען גיך־גיך הין־און־צוריק איבער די ביינדלעך, און די אויגן זײַנע גלאַנצן פאַרטײַעטע צו דער סטעליע אַרויף. עס ווײַזט זיך אויס, אַז איינס שפּילט ער און איינס טראַכט ער. ער האָט פאַר זיך אַרום־און־אַרום כאַסענע־ראַש, פּאָרלעך, פיס, פּלייצעס, אָנגעהיצטע פּע־נעמער. און ער האָט איבער זיך, ערגעץ העט אויבן אַף דער סטעליע,

שטילקייט, אָפּגעזונדערטקייט, א זאמדיקן יאם־ברעג, וואלד־גראָז אונ־טער דער זייט, א רעקל צוקאָפּנס און דער רועך ווייסט וואָס.

אזוי ווייזט זיך אָבער נאָר אויס. קוקט זיך גוט איין אין אים. הערט זיך גוט איין אין זיין שפּילן. עס פּליעסקען צווישן די אקאָרדעאָן־קנייטשן דינע כוואליעכלעך טייך, צעשפּריצן זיך אין טויזנטער וואסער־שפּריצן. עס זשומען צווישן די קלאווישן־ציינדלעךביימער־קרוינען — טויזנטער צעווינטיקטע ציטער־בלעטלעך. עס פּייפּלט א פּאסטעך. עס בלעקעט א פארבלאָנדזשעט שעפּעלע. עס ליאפּעט א זומערדיקער רעגן אף דעכער. עס פארגייט זיך פּאָשעט און פּראָסט א הארמאָשקע אין א פארשטויבטן פארנאכט.

קוקט זיך גוט איין, אָט טאקע אין די פארטייעטע אויגן זיינע, וועט איר זען. ס׳איז גלאט אזא מענטש. שטורעמט עפּעס אין אים — שטור־רעמט עס ערגעץ טיף אינווייניק, באהאלטן. אין דרויסן איז דאָס פּאָנעם קאלטבלוטיק, רויִק־קיילעכדיק. צו וואָס באווייזן זיך?

דער סאקסאָפאָניסט, נאָך גאָר א יונגיטשקער, האָט, מיינט מען, א פּאָר באזונדער־צוגעקליבענע פליישיקע בלאָז־ליפּן און פארמאָגט, זעט מען, א דין שיטער וואָנצעלע איבער די ליפּן. דער מאמעס מילך האָט נאָך, דאכט זיך, ניט אויסגעטריקנט אונטער דעם דאָזיקן פּוך־ווייכן קוים־קוים־וואָנצעלע.

דער סאקסאָפאָן איז בא אים א צוגאָב־אינסטרומענט. ענדיקן ענדיקט ער די מוזיק־שול אף אן אלט. אפן סאקסאָפאָן שפּילט ער אזוי־זיך, אמאָל־אמאָל, אף א כאסענע, אף א טאנץ־אָוונט — ס׳וועט גאָרניט שאטן, אז מ׳עט דאָס אויך קענען.

א ביסל פונדעסטוועגן שעמט ער זיך, זעט מען, מיט אזא מין שפּילן. ער האלט די וויִעס זיינע שעמעוודיק אראָפּגעלאָזט צום סאקסאָפאָן און האָט א פּאָנעם, ווי איינער, וואָס פארמאכט די אויגן, מע זאָל אים ניט זען. ביסלעכווייז טוט אים אָבער דאָס שפּילן א נעם. ער טוט א הייב דעם סאקסאָפאָן ארויף, צעגאָרגלט זיך, צעדריידלט זיך, שרייט אלעמען איבער, און האָט בייסמייסע אין זינען א ווונק טאָן גרויסהאלטעריש, פון אויבן־אראָפּ, מיט א שמייכעלע, צום פּייקלער לעבן זיך, וואָס לייגט די גאנצע צייט ארייַן אין די טאצן און אין די פּייקלעך זיינע דעם טאטן מיט דער מאמען.

דער פּייקלער איז א לאנגער און א דארער. זיצנדיק באקומט ער א פּאָר שפּיציקע קני, פאריסענע אף ארויף. און ארום די דאָזיקע פאריסענע קני שטייען זיך ברייט צעשטעלט אלע באכאצויצרעס זיינע: די פּויק מיט די פּייקלעך, טאצן און טעצלעך, גלעקלעך, גראגערס, און וואָס ניט? ווען ניט די לאנגע הענט זיינע, ווי וואָלט ער גאָר צום גאנצן קלאָפּערגעצייג געקאָנט גרייכן?

די מעשענע טאצן שפּיגלען אים אָפּ אין זיך מיטן קאָפּ אראָפּ און מיט די פּיס ארויף. ער טוט זיך אלע מאָל א וואָרף אהין און טוט זיך אלע מאָל א וואָרף אהער. דאָ פארהאלט ער א טאָץ אינמיטן דרינדזשען; דאָ צעגראגערט ער א גראגער; צעגלעקלט גלעקלעך; און איבער אלעמען

פײַקלט דאָס פײַקל, דונערט דאָס פײַקל. עס לויפן בא אים אראָפּ און ארויף די ברעמען אפן שטערן. עס צעשאָקלען זיך די קני זײַנע. עס ווי־כערן די הענט.

אײַ, פײַקלט ער, דער פײַקלער!

די כאסענע האָט זיך שוין לאנג אָנגעהויבן. ס׳איז שוין א גוטע שאָ אין דער נאכט. די קלעזמער האָבן שוין אלע וויוואטן אופּגעשפּילט, — די מעכוטאָנים זײַנען זיך שוין לאנג צונויפגעקומען. אוילעם האָט זיך שוין אפילע געגוג אָנגעהעפּעט. פארוואָס זשע שטייען נאָך די געגרייטע טישן ניט גערירט? פארוואָס פארבעט מען נאָך ניט אויסצוזעצן זיך ארום זיי? וואָס איז געשען? וואָסווארט מען? היי, קאלעס־צאד! מע דארף א פרעג טאָן בא קאלעס־צאד. אבעטעך, ווער איז קאלעס־צאד? שא נאַר, ווו איז דער הויפּט־מעכוטן, דער קאלעס פּאָטער ווו איז?

די מומע ריווקע, דער קאלעס פּאָטערס שוועסטער, ראשט זיך אום צווישן די געסט און ווערט מאמעש באָטל צווישן אזא־אָ גרויסן אוילעם.

ענטפער דעם און ענטפער יענעם.

כאָטש נעם און דערצייל איבער יעדן באזונדער די גאנצע געשיכטע.

זי איז, דאכט זיך, צופיל אָנגעפּודערט, די מומע ריווקע. די סימכע־טרער, וואָס גלאנצט איר פון צײַט־צו־צײַט אוף אין די אויגן, ציטערט דאָרט א רעגע אונטער און קײַקלט זיך סאָפּקאָלסאָף ארויס, האָט זיך אף וואָס אָנצוזען. זי קוקט אין א קליין שפּיגעלע און פארפּודערט זי, די טרער. נאָר אין עטלעכע מינוט ארום זוכט זי ווידער אין טאש דאָס שפּיגעלע. מאכמעס, ווי קאָן א כאסענע זײַן אָן א טרער? און ווי קאָן מען אזוי־אָ גרינג, מיט א פּאָשעט ביסל פּודער, פארווישן די דאָזיקע טרער?

די קאלע, אין איר ווײַסן כאסענע־קלייד, אויסגעשלייערט אין ווײַסן קאלע־שלייער, מיט א פּאָר גרויסע שיינע בלאָע אויגן, מיט לאנגע בלאָנ־דע האָר ביז די אקסל, שמייכלט די גאנצע צײַט מיט א שמייכעלע אף די ליפּן, וואָס זאָגט ניט גאָרניט און זאָגט פונדעסטוועגן יאָ עפּעס. לעמ־מאָשל: כ׳בין אי גליקלעך, אי מיד; אי עס געפעלט מיר דער דאָזיקער ראַש ארום מיר, אי עס וואָלט מיר שטארק געפעלן א קליין אָפּגעזונדערט ביסעלע שטילקײַט; אי איך וויל שוין דעם טאנץ וואָס גיכער איבערקומ־מען, אי איך וויל, ער זאָל זיך אזוי ציִען אייביקײַטן. און ביכלאל שמייכל איך אזוי זיך, ווײַל עס שמייכלט זיך, ווײַל עס ווילט זיך גיכער שמייכלען, איידער זיצן אומעטיק־אָנגעבלאָזן, טרויעריק־פארזאָרגט, ווי א קאלע, זאָגט מען, דארף אזוי זיצן אין טאָג פון איר כאסענע.

דער כאָסן לעבן איר באמיט זיך מיט אלע קויכעס אויסצוזען וואָס געוויינלעכער, וואָס ווייניקער כאָסן. עס גיט זיך אים אָבער, זעט מען, ניט אײַן. ער שטייט און ווייסט ניט וואָס צו טאָן מיט די הענט. אין איין האנט האלט ער דער קאלעס נאקעטן עלנבויגן, און מיט דער אנ־דערער האנט טוט ער אלע מאָל א צי דאָס ווײַסע באנטיקל זײַנס אפן האלדז. טוט עס א צי אוועק און לאָזט עס צוריק אָפּ, ווי ער וואָלט פלור־צעם, קליינערהייט, א צי געטאָן דאָס גומענדל פון א ראָגאטקע־ביקסל

און צום לעצטן מאָל אָפּגעלאָזט א שטיינדל אין א פייגעלע אף א צווײַג. ס'א ביסל שרעקלעך, שרעקלעכער, דאכט זיך, ווי בא די דיפּלאָם־עקזאמענעס, וואָס ער האָט דאָ ניט לאנג אָפּגעגעבן. שרעקלעכער, ווי דעם ערשטן טאָג נאָכן פארענדיקן דאָס לערנען אליין אָנפירן מיט דעם צעך אין זאוואָד, ווו מ'האָט אים געמאכט פאר שעף. פריקרער פון אלץ איז דאָס, וואָס מ'עט באלד אָנהייבן שרײַען: „גאָרקאָ! גאָרקאָ! קושן זיך! קושן זיך!" ווי'אזוי טוט מען עס דער שענסטער דײַנער און דער בעסטער דײַנער א קוש לויט עמעצנס באפעלן? נאָר גאָרניט, ער איז ניט קיין יינגעלע. א מענטש דארף אין לעבן אלץ דורכגיין. א כאסענע אויך.

דער אוילעם רעדלט זיך.

א רעדל מעכוטאָנים אין איין ווינקל.

א רעדל מעכוטאָנים אין א צווייטן ווינקל.

ווײַבער מיט אופגעפּוכקעטע, פריש־אָנגעקרויזטע קעפּ. מענער מיט יאָמטעוודיק־צוגעפּוצטע וואָנצעס. מיידלעך אין נײַע קליידלעך. קורץ־געשוירענע יינגלעך אין שווארצע קאָסטיומען. קינדער שטייען אויסגעשטעלט איינס לעבן אנדערן אף א באנק. די קאפּעלע קנאקט. פיר קלעזמער פארטויבן א גאנצן אוילעם. עס זעט אויס, ווי איינער רעדט מיטן אנדערן אף שטומלאָשן, שושקעט זיך, ניט ער רעדט. און אז די קאפּעלע בלײַבט שטיל, הערט מען, פארקערט, ווי איינער צום אנדערן שרײַט, טײַנעט אים ארײַן אין אויער ארײַן, גלײַך דער גאנצער אוילעם וואָלט געווען א טויבער אוילעם.

— וואָס זאמט ער זיך דאָרטן אזויפיל, וואָס?

— ווער זאמט זיך? ווו?

— טאקע ער, בומע.

— ווער ער? רעדט, מע זאָל אײַך פארשטיין.

— ער, דער קאלעס טאטע.

— הא, בומע. ווו זאמט ער זיך?

— ס'הייסט ווו? טאקע דאָרטן, אפּן עראָדראָם.

— וואָס פאר אן עראָדראָם אינמיטנדערינען אף א כאסענע?

— מע דארף מיט אײַך אלעמאָל אָנהייבן פונעם אָנהייב.

— הייבט אָן. ס'קאָסט אײַך געלט?

— מ'האָט איר ניט געקאָנט באצײַטנס געבן קיין טעלעגראמע?

— ווער געבן א טעלעגראמע?

— זי זאָל געווען אָנקומען נעכטן.

— ווער א טעלעגראמע?

— מאָלט אײַך, אז זי ווייסט שוין דעם טאָג פון דער כאסענע פון א וואָך צײַט. דאָס האָט זי אליין הײַנט געקלאפּט א טעלעגראמע, אז זי פליט ארויס. גיי זײַ א נאָווי, אז ס'עט פלוצעם ווערן אויס ליאָטנע פּאָגאָדע.

— כ'בעט אײַך, ווער איז?

— די מאמע.

—ווער מאמע?

— הייבט זיך אָן א מײַסע מיט א ייִדן א נודניק. ציפּעלעס מאמע.
— ווער איז די ציפּעלע?
— ווער איז די ציפּעלע. די קאַלע, די קאַלע!
— א, ציפּעלע! קאָנט איר דאָך רעדן ווי א מענטש. מיך רופט ער נודניק.

— גייט, דער קאלעס מאמע, אָלעהאשאָלעם, באסיע, ליגט שוין ארי־בער צוואנציק יאָר אין דער ערד. א געשאָסענע, ווײַ איז מיר. אָן אייבי־קער, וויסטער בראָך צו די מערדער אונדזערע!

— מע ווייסט עס אָן אײַך. די טשערקעסערקע, זאָג איך, וואָס האָט דאָס קינד געראטעוועט און אופגעכאָוועט. ווי דען זאָל מען זי רופן? אוואדע די מאמע.

— שוין גראדע אָן אוקראיִנערקע, ניט קיין טשערקעסערקע. טאקע לעבן דער שטאָט טשערקעסק, טאקע אף יענער זײַט טײַך קובאן, נאָר דער קאָלכאָז איז אָן אוקראיִנישער קאָלכאָז. כ׳ווייס אפילע, ווי זי הייסט אויך. מארפע הייסט זי. מארפע ניקיטאָוונע.

— א ייִד — א געלעכטער, כלעבן. אז איר ווייסט אלצדינג אזוי גוט, וואָס זשע האלט איר אין איין פרעגן?

— כ׳וויל וויסן, צי איר ווייסט.

די מומע ריווקע בארויִקט געמיטער. א טאנץ גייט טאקע ניט פאר קיין עסן. ביפראט אף א כאסענע. א מײַסע גייט אָבער יאָ. טאָמיד. א מײַסע פארבײַט אלצדינג. און נאָך אזא מײַסע.

ווײַבער מיט אופגעפוכקעטע, פריש־אָנגעקרויזטע קעפּ רעדלען זיך ארום דער מומע ריווקען, ווי ארום א באדכן. טיכעלעך ציִען זיך צו די אויגן, ווי בא קאַלע־באזעצן.

— ...יאוועט זיך, הערט איר, פּלוצעם ארײַן אין א טאָג דער גוטער סטאראָסטע פונעם דאָרף און טוט אף איר א יעכץ, אף דער ניקיטעוונע: „כצופּע! — יעכצט ער. — נעם די זשידאָווסקע מאמזערטע און הײַד אין שטאב ארײַן! האָסט זיך דערוואַרט דײַנס. איר וועט הענגעןביידע אף איין שטריקל. הײַדו!״

„הענגען איז הענגען, — זאָגט די ניקיטעוונע, — אף איין שטריקל איז אף איין שטריקל. גלײַכער, זאָגט זי, הענגען אף א שטריקל פאר טאָן מענטשן גוטס, איידער אומגיין פרײַ אף דער וועלט מיט אזא־אָ אָנגעזויפּ־טער מאָרדע, ווי דײַנע, פאר ראָצכענען און גאזלענען. קום, זאָגט זי, קום אין שטאב ארײַן!״

און זי האָט אָנגעטאָן אף זיך דאָס בעסטע, וואָס זי האָט פארמאָגט, און זי האָט דאָס קינד אָנגעטאָן אין סאמע שענסטן. און אזוי־אָ, אין רײנע קליידער, מיטן קינד אף די הענט, איז זי אוועק אין שטאב — געגאנגען אף דער אייגענער לעווײַע.

דאָס גאנצע דאָרף איז זיי נאָכגעגאנגען. טאקע נאָר ווי נאָך א לעווײַע. און דער מעס ליגט ניט אין קיין שום אָרן. קיינער טראָגט אים ניט. דער מעס שפּאנט זיך אליין פון פאָרנט, מיט די אייגענע פיס, צום קיווער־צו...

אריַינגעקומען אין שטאב, שטייט זיך אזוי דער קאָמענדאנט דאָרטן מיט א פּאָר שווארצע שפּיצעכיקע וואָנצעלעך — אַן איטאַליעַנישער קאָ־מענדאנט, ווי מ׳האָט זיך דערנאָך דערוווּסט, — און טוט מיט א געלעכטערל א מאַך:

— אנו, וויַיז עס נאָר אהער, דאָס שמוציקע נעפּעש!

ווּיקלט די ניקיטעוונע ציפּעלען אויס פון דער שאַל און לאָזט זיך ניט:

— זאָג ניט שמוציק, אדוינִי אַפּיצער. א ריין קינד. א ריין נעשאָמ־קעלע!..

— ציץ! — טוט דער קאָמענדאנט א יעכץ, טוט זי א כאַפּ, ציפּעלען, זעצט זי ארויף אויף דער דלאָניע, טוט זי א הייב ביז אין דער סטעליע ארויף, קוקט אויף די בלאָע אייגעלעך אירע, אויף די שיינע בלאָנדע הערע־לעך, און ווייסט ניט, צי האלט ער אין די הענט א קינד, צי האלט ער אין די הענט א ליאַלקע. ער הייבט אָן סמאָטשקען צו דעם. און דאָס קינד, וואָס ווייסט א קינד, עס ענטפערט אים מיט א לאַך. טוט ער נאָכאמאָל א סמאָטשקע. טוט זיך דאָס קינד א גוידער, צעהעצקעט זיך אים אויף די הענט. טוט דער קאָמענדאנט א געשריי:

— שוויַינע!.. פונוואנען ווייסט מען, אז ס׳א יִידיש קינד!

— מע ווייסט ניט, אדוינִי אַפּיצער, — ענטפערט די ניקיטעוונע. — פונוואנען זאָל מען וויסן? כ׳האָב עס געפונען אינמיטן פעלד. א פּיצעלע. אין די וויקעלעך. מע ווייסט ניט. אוואדע ווייסט מען ניט.

טוט דער קאָמענדאנט א מאַך מיטן געלעכטערל מיט זיַינעם:

— און עפשער איז עס גאָר אראָפּגעפאלן פונעם הימל, האָ? א הימל־קינד. אַן אראָפּגעפאלן מאַלעכל, האָ?

— עפשער, אדוינִי אַפּיצער. פונוואנען זאָל מען וויסן?

— און מיט וואָס קאָרמעסטו עס, האָדעוועסט עס מיט וואָס?

— מיט א ביסל אָקרעפּ. מיט א פאַרפּאַרעט שטיקל סעכערל. אמאָל מיט א לעפל באָרשטש, אדוינִי אַפּיצער.

— ס׳איז ניט קיין יִידיש קינד! — טוט דער קאָמענדאנט א געשריי אַפּן סטאַראָסטע און טוט א דערלאַנג ציפּעלען צוריק דער ניקיטעווּנען. — וואָן! גיי האָדעווע עס וויַיטער, שוויַינע!..

בומע האָט זיך דעמלט געפונען אַפּן פּראָנט. ווו באַסיע איז אהינ־געקומען, האָט ער ניט געוווּסט. זי איז געוועזן אויף דער צײַט, ווען זיי האָבן זיך צעשיידט. האָט זי זיך עוואַקויִרט? האָט זי בעשאָלעם געבוירן? איז זי, כאָלילע, ניט פאַרכאַפּט געוואָרן פונעם דיַיטש? ער האָט זיך אָפּ־געשריבן די פינגער. געזוכט זי אין אַלע עקן לאַנד. פּלוצעם, אין א צײַט ארום שוין נאָך דער מילכאָמע, קומט אים אָן א בריוו פון מאָסקווע: אזוי און אזוי, אזעלכע און אזעלכע איז געווען עוואַקויִרט לעבן טשערקעסק, אין דעם און דעם קאָלכאָז. קלאַפּט ער אוועק אהין א טעלעגראַמע און קריגט באַלד פונעם סעלסאָוועט דעם גוטן ענטפער: באַסיען האָבן די דיַיטשן אַרויסגעפירט שיסן. און דאָס קינד, ציפּעלען, האָט זי איבערגע־לאָזט בא איינער א ניקיטעווּנען. דאָס קינד לעבט און איז געזונט.

זעקס יאָר איז זי שוין אלט געווען, ציפּעלע, ווען ער האָט זי גע־נומען צו זיך. טוט אַף איר א קוק, אַף דער קאַלע. ווי צוויי טראָפּן — באַסיע. אינגאַנצן באַסיע. אָן אויצער, ניט קיין קאַלע. א בראָכע אַפן גוטן האַרצן אַף אירן, אַף דער דאָזיקער ניקיטעוונעס!..

דער גאַנצער אוילעם ווייסט שוין פּאַוואָלינקע די געשיכטע.

הער נאָר, אַוואַדע דאַרף מען וואַרטן.

אַפילע ביז ווייסעך וויפל וואַרטן.

נאָר קיין סאַך האָט שוין ניט געדויערט. בומעס עלטערער ברודער, דער פּעטער יאָסל, האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן שטופּן זיך צווישן אוילעם מיט די עלנבויגנס, רייַסן זיך צו די קלעזמער, שרייַען:

— א מאַרש! שפּילט א מאַרש!

דעם גאַנצן אַפּדערנאַכט איז דאָס געווען דעם פּעטער יאָסלס אַרבעט: אַלע מאָל צולויפן צו די קלעזמער מיט באַפעלן. ער איז יעדעס מאָל אַרויס אין פּאָדערצימער צו דער אָפענער טיר, און האָט ער נאָר דערזען עמעצן אָנקומען, איז ער באַלד צוריקגעלאָפן מיט א געשריי צו די קלעזמער. די גיכקייַט פונעם צוריקלויפן און די שטאַרקייַט פונעם געשריי האָט זיך געמאָסטן לויטן מעכוטן. עפּעס א געהויבענער, נאָענטער מע־כוטן — א גיך לויפן, א הויך געשריי. אַזוי זיך, א ווייַטלעכער מעכוטן — א ווייַז מיט דער האַנט, א מאַך מיטן קאָפּ: היי, טוט עס דאָרט א שפּיל, א מעכוטן גייט!

דאָס מאָל איז ער געשפּרונגען איבער מענטשן, געקערט וועלטן, גע־ריסן זיך דעם האַלדז אַפן גאַנצן באַריטאָן זייַנעם, קינד־און־קייט אין זאַל זאָלן ז׳ערהערן:

— נו!.. קלעזמער!.. א מאַרש!.. שפּילט אוף א גרויסן מאַרש!..

אין דער טיר האָבן זיך באַוויזן בומע און די ניקיטעוונע. ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט די סוויטקע אירע. זי האָט אָפּגעוויקלט פונעם קאָפּ דאָס געקווייטלטע שאַלעכל.

זי איז שטיין געבליבן קעגן אוילעם מיט גלאַט־פּאַרקעמטע, גראָוו־לעכע האָר. מיט טיפע קנייטשן אַרום א פּאָר לעבעדיקע אויגן. מיט א גוט צוגעלאָזט פּאָנעם.

א פליעסקערייַ האָט פאַרהילכט די קלעזמער. דער אוילעם האָט זיך צערוקט, דורכגעלאָזט ציפּעלען אַנטקעגנלויפן איר און זיך מיט איר צעקושן. דערנאָך האָט זיך מיט דער ניקיטעוונען צעקושט די מומע ריווקע. דערנאָך — דער כאָסן. דערנאָך — דער פּעטער יאָסל, דעם כאָסנס טאַטע־מאַמע. דערנאָך, אייניציקווייַז — אַלע מעכוטאָנים. אָרדענונג האָט געהאַלטן דער פּעטער יאָסל:

— אוילעם, שטופּט אייַך ניט. שטעלט אייַך אָ־דאָ־אָ אויס. שטעלט אייַך אויס אין א ריי!

מע האָט ענדלעך פאַרבעטן דעם אוילעם צו די טישן. מ׳האָט אָנגע־הויבן אופּפּראָפּקעווען פלעשלעך קאָניאַק, צעגיסן פאַר די ווייַבער ווישניק אין די קעלישעקלעך. מ׳איז שוין טאַקע געווען גוט אויסגעהונגערט אויך.

נאָך די וואַרעמע ווערטער, וואָס בומע האָט, אופשטעלנדיק זיך, מיטן גלעזל אין דער האַנט, געזאָגט מיט אַ פּאָר נאַסע אויגן דער ניקיטעווגען, האָט מען זיך אַ נעם געטאָן צו די צובײַסנס.

פולע טישן, קיין אײַנהאָרע. אָן אַ שיר קאָלערליי צובײַסנס. ווי האָט עס גאָר דער אוילעם אַזאַ לאַנגע צײַט אויסגעהאַלטן? דאָס פײַנע שטיקל הערינג אַרומגעלייגט מיט מאַסלינעס. דאָס עמעסע געפילטע שטיקל פיש. טעלער כאָלאָדעץ פון פליגעלעך און פּופּיקלעך. אײַנגעהאַקטע לעבער. שעלעכלעך שוואַרצן און רויטן רויג. העלדזלעך, אָנגעפּילטע מיט אייער. אַ געקנאָבלט שטיקל פּאַסטראַמע. סאַרדינקעס. קעזן. בלאָע פּאַרפּראַוועטע פּאָמידאָרן. געפּרעגלטע פּעפּערס. מאַריבירטע אוגערקעלעך. געזײַערטע אַרבוזעס. כריין.

ביז דער יויך מיט מאַנדעלעך און דעם געבראָטענעם פּערטל אָך מיט מאַיִנע — עפּשער אַכצן צובײַסנס.

— און אַכצן, — האָט אַ זאָג געטאָן דער פּעטער יאָסל, — הייסט כײַ.

— און כײַ הייסט לעבן.

מ׳האָט געגעסן מיט אַ ראַש, מיט אַ גלײַכווערטל, מיט געלעכטערן. מ׳האָט צעגאָסן דעם ווײַן אין די באָקאַלן. און דער פּעטער יאָסל האָט געגעבן דעם טאָן אָנצוהייבן זינגען: „לאָמיר אַלע אינייינעם, אינייינעם די ניקיטעווגע מעקאַבל־פּאָנעם זײַן!״

די ניקיטעווגע.

די ניקיטעווגע.

די ניקיטעווגע.

דערנאָך האָבן יִנגלעך און מיידעלעך, קעגניבער כאָסן־קאַלע אין אַנדערן עק טיש, אָנגעהויבן שרײַען „גאָרקאָ״. און דער כאָסן, אַ ביסל שעמעוודיק, אַ ביסל ניט ווילנדיק, האָט זיך געטאָן אַ בייג צו צו צייפּעלען, פאַרשאַרט די עקן פון איר כאַסענע־שלייער, אַרײַנגענומען דאָס פּאָנעם אירס איןביידע הענט, און פאַר יעדן אין די אויגן געגעבן איר אַ שטאַרקן קוש אין די ליפּן — אפילע אַ ביסל צו אַ שטאַרקן. נאָר נישקאָשע. ער איז שוין ניט קיין יִנגעלע. ער איז געזעסן און שוין אַרויסגעקוקט אָפּן דאָזיקן שרײַען. און ס׳איז טאַקע ניט מעסוקן. אַ קוש לויט עמעצנס באַפעלן, לאָזט זיך אויס, האָט דעם זעלבן טאַם, וואָס אַלע אַנדערע קושן.

דער אוילעם האָט געגעסן און געטרונקען, געשמועסט און געלאַכט. און דער פידלער, דער ראָש־האַקאַפּעלע, איז צוגעקומען צום טיש מיטן פידעלע באַם האַלדז, און איינער אַליין, שפּאַנענדיק פּאַמעלעך, טראָט באַ טראָט הינטערן אוילעמס פּלייצעס, אָנגעהויבן אויספּלעכטן אַ קראַנץ יִדישע ניגונים.

די סטרונעס האָבן גערעדט, געזונגען, פאַרגאַנגען זיך ווי אַ סאָלאָוויי, געוואוגערט ווי אַ קינד אין וויג, געוויקלט אַרום אוילעם לאַנגע פאַרביקע סימכע־סטענגעס, געגלעט, געפרייט, געצערטלט פּענעמער, אויגן, הערצער. שפּילט, קלעזמער.

ביז אין ווײַסן טאָג אַרײַן.
שפּילט אַ פּרײלעכס און אַ טרויעריקס.
שפּילט, אַז די טאַפּליעס זאָלן אַזש ציטערן!

* * *

די צווייטע כאַסענע:
אויך אַזוי, ווי די ערשטע. אַף קיין האָר ניט געמינערט.
מיט דער זעלבער קלעזמער־קאַפּעלע. אין זעלבן רעסטאָראַן־זאַל. אויך מיט אַזאַ־אָ גרויסן אוילעם. מיט דער זעלבער ברייטקײַט און סימכע־דיקײַט.

כאַסן־קאַלע, פריידקע און וויקטאָר, ביידע סטודענטן פון איין פּאָלי־טעכנישן אינסטיטוט, האָבן זיך איינער אין אַנדערן פאַרליבט ניט אַף קיין קאַטאָוועס. מיט איבערלעבענישן. מיט האַרצווייטיעק. מיט אַלע זיסע און ביטערע נאָגענישן פון אַן ערשטן פאַרליבן זיך.

פריידקעס טאַטע־מאַמע זײַנען נאָך יונגע מענטשן. דער פּאָטער, דאָק־טער דאַוויד נאַומאָוויטש ווײַנער, איז אַ כירורג אין אַ קינדער־שפּיטאָל. די מוטער, סאָרע לאַזאַרעוונע, איז אַ לערערן.

די שטוב פירט סאָרע לאַזאַרעוונעס אַלטע מאַמע: די באָבע לייע. זי זיצט נאָך פעסט אין זאָטל, די באָבע לייע. זי איז נאָך די גאַנצע באַלע־באָסטע אין שטוב. זי מישט זיך צו די קינדערס געשעפטן, גלײַך ווי די טאָכטער און דער איידעם וואָלטן טאַקע נאָך געווען קינדער. עסן עסט מען דאָס, וואָס זי קאָכט. און קאָכן קאָכט זי דאָס, וואָס זי פאַרשטייט. מיילע, אַף דער טאָכטער, ווי אַף דער טאָכטער, נאָר זי קאָן נאָך אַמאָל אָנשרײַען אַפן איידעם אויך, אַפן דאָקטער. פונעם אייניקל, פון פריידקען, רעדט מען שוין ניט. די באָבע לייע איז קיינמאָל ניט געווען ניט אין דער טאָכטערס שול, ניט אין איידעמס קינדער־שפּיטאָל, און אַוודע ניט אין פריידקעס פּאָליטעכנישן אינסטיטוט. נאָר ווייסן ווייסט זי אַלצ־דינג, וואָס דאָרטן געשעט. כאָטש די קינדער שמייכלען צו פון איר געוועלטיקן, האָבן זיי שטילערהייט דערפון האַנאָע, ווילן עס אַפילע אַליין. זאָל זי ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר אַזוי באַלעבאַטעווען, און זאָל זי טאָמיד זײַן אַזאַ קאָזעק, ווי זי איז, די אַלטע מאַמע.

זי האָט דאָס די ערשטע דערפילט פריידקעס פאַרליבן זיך. מ׳איז געזעסן אין אָן אָפּדערנאַכט און מ׳האָט געגעסן וועטשערע. ס׳איז שוין געווען שפּעטלעך, און פריידקע איז, ווי געוויינלעך, נאָך ניט געהאַט אַהיימגעקומען. די באָבע לייע האָט געהאַלטן די גלאָז טיי אין ביידע הענט, עפּעס מערער ווי אַן אַנדערשמאָל געוואַרעמט זיך אין איר, אונ־טערגעקרעכצט, און פּלוצעם, אַזוי־אָ, מיט אַ קרעכצל, אַ מאַך געטאָן:

— ט׳וועט איר אומיסטן זען. האַלעווײַ איך זאָל ליגן זאָגן. די קליינע שפּילטעך אַ ליבע.

— פונוואַנען נעמסטו עס, מאַמע? — איז סאָרע לאַזאַרעוונען באַפאַלן אַ געלעכטער.

— איך נעם עס? מײַנע צאָרעס נעמען עס. וואָס זשע, כ׳זע דען ניט, ווי זי דאַרט אײַן פון טאָג צו טאָג, ווי זי גייט אום פאַרטשאַדעט, זע איך ניט? כ׳זע ניט, ווי ער דרייט זיך אָפּ־און־אויף בא די פענצטער, זע איך ניט?

— א ליבע שפּילן איז, דאַכט זיך, גאָר ניט קיין קרומע זאַך, מאמע?

— יאָ, מיט עפּעס לײַטישס.

— און דו ווייסט שוין, אז דאָס איז ניט קיין עפּעס לײַטישס?

— איך ווייס? מײַנע צאָרעס ווייסן.

— אשטייגער?

— ערשטנס, איז עס נישט קיין ייִדיש ייִנגל.

— און צווייטנס?

— ווילסט נאָך א צווייטנס?

— וואָס זשע, לעמאָשל, באַפעלט איר טאָן, שוויגער־לעבן? — האָט דער איידעם א ווונק געטאָן צו דער טאָכטער.

— מעגסט דיר דערפון, גענײדעם מײַנער, געזונטערהייט לאַכן, וויפל דו ווילסט. נאָר איכ׳ל מיר זאָגן מײַנס. צום ערשטן דאַרף מען זען, דער באָכער זאָל זיך אופהערן דרייען בא די פענצטער.

— אוואדע. קאַרג פּאַרקן פאַראַן אין שטאָט?

— נע. אָ־דאָ־אָ. אין שטוב, זאָג איך, זאָל ער זיך דרייען.

— וועט שוין דער ערשטנס ניט זײַן קיין ערשטנס, שוויגער־לעבן?

— לאַך, לאַך. וואָס די דאָזיקע אלטע ייִדענע פאַרמאָגט אין דער פּיאַטע, פאַרמאָגן ניט קיין אנדערע ייִנגערע אין קאָפּ. אפילע ווען זיי זײַנען דאָקטערס. מע ווייסט עס וויל אליין, אז מע קוקט הײַנט ניט אף אזעלכע זאַכן. אָבער א לײַטיש ייִנגל, א טאַטנס א קינד, דאַרף עס זײַן? אדעראבע, לאָמיר אים אויך זען. לאָמיר זען. לאָמיר הערן.

האקיצער, וויקטאָר האָט אָנגעהויבן קומען אין שטוב אַרײַן. א ביסל האָט זיך דאָס פּאָרל אין אָנהייב געשעמט, א ביסל האָט מען זיך דער־נאָך פּאַוואָלינקע צוגעוווינט. ס׳איז פּאַרט א מעכײַע צו קוקן, ווי זיי זיצן ביידע אין אלקער, איינס לעבן אנדערן, איבערגעבויגענע איבער די ביכער און איבער די צייכענונגען זייערע, פאַרפּלאָמטע, פאַריאָצטע, מע לערנט קלאָמפּערשט, מע גרייט זיך קלאָמפּערשט טאָג און נאַכט צו די עקסאַמענס, ווי זיי רופן עס — זי זעט דען ניט, די באָבע לייע, וואָס דאָרטן טוט זיך. נאָר גאָרניט. ער איז גאָרניט קיין שלעכטער כעוורעמאַן, דער דאָזיקער וויקטאָר. א שטאַלטנער, מיט א פּאָר שוואַרצע קלוגע אויגן, מיט א קלוגן שמייכל אפן פּאָנעם, א שטילער, א בעניטמעסדיקער, ס׳א פאַרגעניגן, כלעבן, אויסצורײדן מיט אים א פּאָר ווערטער. ליב האָט ער זי, פריידקען, ווי דאָס לעבן, זאָגט ער. און אזוי איז עס טאקע. וואָרעם וואָס האָבן זיי אזויפיל צו רעדן, וואָס? מע רעדט און מע רעדט און מע קאָן זיך גאָרניט אָנרעדן. און וואָס האָבן זיי אזויפיל צו זיצן וואָס? מע זיצט און מע זיצט, עפּשער ביז צוויי דעם זייגער זיצט מען, און מע קאָן זיך גאָרניט אָפּטיילן. פאַרלאָזט אײַך אף דער באָבע לייען — זי האָט פּאַוואָליקע אויסגענאַרט בא זיי דעם יאָ מיטן ניין. ער מיינט עס טאקע

גאָר ערנסט מיינט ער עס. ער איז בּיכלאל אַן ערנסט ייִנגל. ניט קיין שוויצער, ווי אַנדערע. ניט קיין אויסברענגער, קיין פּאַטשער. ניט, כאָלילע, קיין אָפּנאַרער, קיין פאַרדרייער. ער באַקומט דאָרט אין אינסטיטוט די סאַמע גרעסטע סטיפּענדיע. ער ציט זיך צו הויכע וועלטן. וואַרט אויס, ער וויל זיך ערשט, זאָגט ער, באַם אינסטיטוט ניט אָפּשטעלן. און ער ציט פּריידקען, זעט מען, אויך מיט זיך. וואָס זשע קאָן, דאַכט זיך, זײַן גלײַכער, האַ? אײַ ער רעדט קיין ייִדיש ניט, וויפל מישטיינסגעזאָגט רעדט פּריידקע ייִדיש? ער רופט זי „באָבע לייע״ מיטן זעלבן כיין, ווי פּריידקע רופט זי. זי רעדט מיט אים מאָלדאַוואַניש, ווי זי, לייע, פלעגט אַמאָל אין שטעטל ריידן מיט די מאָלדאַוואַנער, ווען זיי פלעגן קומען צו איר לייזערן, אָלעוואַהאַשאָלעם, מאַכן זיך אַ שפּאַן צו די פערד, אַ פּאָר וואַשקעס, שלייעס. ער איז געווען אַ פּראָסטער רימער, איר לייזער. נאָר אַ פאַרשטאַנדיקער מענטש, אַ כאָכעם. אַז אַ מאָלדאַוואַן פלעגט אַמאָל בלײַבן באַ זיי איבערנעכטיקן, פלעגט ער הייסן אויסבעטן אים דאָס שענסטע געלעגער, אופגעבן די שענסטע וועטשערע. „הערסט, לייקע, פלעגט ער אַ זאָג טאָן, ס׳וועט אַמאָל, גלייב מיר, קומען אַ צײַט, ווען אַלע מענטשן און אַלע פעלקער וועלן הייסן ברידער. יעשײַע־האַנאָווי האָט עס נאָך פירגעזען. וואָס זשע דאַרפן מיר וואַרטן אַזש ביז יענער צײַט, ווען מיר מיט דיר וועלן שוין ניט זײַן דערבײַ?..״ אײַ, ווען איר לייזער לעבט איצטער! וואָס וואָלט ער געזאָגט? ער וואָלט געזאָגט, אַז ס׳איז גאָרניט קיין קרומע זאַך. ס׳וואָלט אים עפּשער טאַקע ביז גאָר האַנאָע געטאָן, וואָס זיי האָבן זיךביידע אַזוי גערן, די קינדער. אַ מענטש דאַרף ס׳ערשטע זײַן אַ מענטש. אַז מ׳איז אַפילע טויזנט מאָל ייִד, און מ׳איז קיין מענטש ניט, טויג עס אַף טישטשע נײַנציק קאַפּאָרעס. כ׳וויס, וואָלטן זיי זיך ביידע אַזוי שטאַרק ניט ליב געהאַט, איז עפּעס אַנדערש. נאָר אַז מע זעט, ווי זיי גייען פּאָשעט אויס איינס נאָכן אַנדערן. וואָס קאָן נאָך טאַקע זײַן אין דער וועלט שטאַרקער פון ליבשאַפט? אין איר צײַט האָט מען אַוואַדע דערפון ניט געוווּסט. און גאָרניט — אָפּגעלעבט מיט לייזערן אַ לעבן. נאָר באַ די קינדער, באַ דאָווידן און באַ סאָרען, איז דאָס דער גאַנצער איקער. זיי ווילן אַפילע ניט פרעגן ווער און וואָס. זיי ווילן וויסן איינס: צי זיי האָבן זיך עמעסדיק ליב. אַבי זיי האָבן זיך עמעס ליב, מאַמע, דאַרף מען ווײַטער קיין שום זאַך ניט. באַ דאָווידן און באַ סאָרען האָט מען באַלד געפּויעלט. זיי זײַנען שוין געווען פּאַרטיק, די קינדער זאָלן כאַסענע האָבן נאָך פּאַראַיאָרן. וויפל נעכט, אַשטייגער, איז זי געלעגן אַפן געלעגער, געדרייט זיך אַהין און געדרייט זיך אַהער, אָנגעקוועטשט זיך די אַלטע ביינער אירע, און קיין אויג ניט געקאָנט צומאַכן. געוויגן און געמאָסטן. געמאָסטן און געוויגן. טויזנט מאָל געמאָסטן דעם יאָ און טויזנט מאָל געוויגן דעם ניין. זומער איז זיך פּריידקע דורכגעפאָרן מיט וויקטאָרן צו אים אין דאָרף ארײַן. זי איז צוריקגעקומען אין זיבעטן הימל. אַ גליק האָט זי געטראָפן. וויקטאָרס טאַטע־מאַמע האָבן זי שטאַרק ליב באַקומען. „זיי האָבן מיך ליב בעסער, ווי דו, באָבע לייע״, — האָט זי אַ זאָג געטאָן. און ווער ווייסט, עפּשער איז עס טאַקע

א גליק אויך. וואָס? פּראָסטע, ערלעכע מענטשן. קאָלכאָזניקעס. פאַר־האָרעוועטע מענטשן, ווי איר לייזער איז געווען. קענען זיי ניט קיין כומעש מיט ראשע. איר לייזער האָט, הייסט עס, א סאך געקענט. אבי זי, דאָס קינד, איז גליקלעך. היינטיקס יאָר ענדיקן זיי שוין ביידע. און אז זיי וועלן זײַן כאסענע געהאטע, וועט מען זיי ביידע שיקן ארבעטן אף איין פלאַץ. צי זיי וועלן ביידע פאָרן איניינעם לערנען ווײַטער. אָן איר יאָ האָט זיך עס, פארשטייט זיך, ניט אָפּגעטאָן. דעם קאָוועד און די דייע און דאָס לעצטע וואָרט האָט נאָך דערוויַיל זי. און זי האָט אוואדע געזאָגט יאָ. וואָדען זאָל זי געווען זאָגן — ניין? זי איז נאָך, דאנקען גאָט, ניט אויוורבאָטל.

און אָט איז איצט מיט מאזל די כאסענע.

די קלעזמער שפּילן. דער אוילעם טאנצט. מ׳איז שוין געזעסן ארום די טישן באַם לעקעך־און־בראנפן, באם גלעזל קאָניאק און בא די צו־בײַסנס. די מעכוטאָנים זײַנען שוין א קאפּל ראָזעווע אף די פּענעמער. פּיס הייבן זיך גרינגער. אויגן בלישטשען. אף די הערצער איז גוט. אלצדינג ארום־און־ארום דרייט זיך, דרייט זיך, דרייט זיך.

אוילעם טאנצט.

אזויפיל אוילעם, קיין אײַנהאָרע.

פּאָרל צו פּאָרל. ראָד אין ראָד.

כאָסן־קאַלעס כאווײרים און כאווערטעס. סטודענטן און סטודענטקעס (איין מינוט. צערוקט זיך א ביסל. יונגווארג טאנצט טשא־טשא־טשא. אײַ, טאנצט בא זיי יעדער אייווער, בא די יונגע כעוורע).

דאוויד נאומאָוויטשעס דאָקטוירים און דאָקטערשעס. סארע לאזארעוו־נעס לערער און לערערנס (טוט א שפּיל, קלעזמער, א וואלס. א לײַכטן, סאמעטענעם וואלס. א טאנגאָ. א טאנגאָ אף פליגל. פּעכערס פּעכערן. עס שווינדלען נאקעטע פּלייצעס. שפּיץ פינגער שוועבן, רירן קוים אָן די ערד).

קאלעס־צאַד. דער באָבע לייעס אלע קרויווים. דעם דאָקטערס צוויי שוועסטער מיט די מענער. שכיינים. גוטעפרײַנט (עמעצער וויל גיין א שער. פּאָרט אײַך אויס, אוילעם. ווער קען פירן? די באָבע לייע טויג נאָך צו עפּעס? מיט א פאטשיילעכל, באָבע לייע. מיט אַן עק פון א פאטשיי־לעכל!).

און כאָסנס־צאַד. וויקטאָרס טאטע־מאמע. א בריגאדיר זייערער. איין א בלאָוון קאָסטיום, מיט פריש־ארומגעשוירענע וואָנצעס. וויקטאָרס א מומע. עטלעכע שווארצכיינעוודיקע שעמעוודיקע מיידלעך. זיי זײַנען אָנ־געפּאָרן מיט א פעסל ווײַן אין די הענט, מיט קײַלעכדיקע געפלאָכטענע קוילעטשן. מיט כאסענע־האנטעכער, פארגארטלטע איבער די אקסל. (היי, שפּילער, א וואָלעך. א האָרע. א היימישע מאָלדעווניאסקע. הענט אף אקסל. א צעוויג זיך א רעגע אהין און א צעוויג זיך א רעגע אהער. קני׳עס הייבן זיך אינדערלופטן. פּיס טופּען אלע צו מיט איין טופּ. א ראָד דרייט זיך אין א ראָד. און אין דער ראָד ווידער א ראָד. גיך. גיכער. פארפּאליעטע פּענעמער, טשובן האָר אף די שטערנס. נאָכאמאָל. ווידער־אמאָל).

די באָבע לייע טאַנצט אין דער מיט. זי טאַנצט איינע אַליין, בעיעכי־דעס, א באַזונדער מין טענצל. אירס אַן אייגן טענצל. דאָס טיכל פונעם קאָפּ האָט זיך איר אַראָפּגעגליטשט אַף די אַקסל. דער ווײַסער, שיטער־לעכער קובליק האָר אירער האָט זיך צעפלאָכטן. דער קאָפּ איז בא איר מיט א כיינדל א ביסל אויסגעבויגן אַף א זײַט. זי טאַנצט מיט צוויי אונטערגעהויבענע הענט, ווי מיט צוויי צעשפּרייטע פליגל. אין איין האַנט האַלט זי דעם עק פונעם פאַטשיילעכל, מיט דער אַנדערער האַנט קנאַקט זי זיך צום טענצל צו. אַף א רעגע בייגט זי זיך א קאַפּל אָן און קוקט אַראָפּ צו די דריבנע פֿאַ, וואָס די פיס אירע טענצלען אויס. אַף א רעגע טוט זי זיך דערנאָך א גלײַך אויס, פאַרײַסט די אויגן צו דער סטעליע אַרוף, פאַרטײַעט זיך אַזוי־אָ טאַנצנדיק ערגעץ ווײַט־ווײַט אין די הויכע וועלטן.

— מאַזלטאָוו, באָבע לייע.

— מיט מאַזל זאָלט איר לעבן, פרײַנט מײַנע.

— איר זאָלט נאָך זויכע זײַן, באָבע לייע, אַן אור־אור־אייניקל.

— אָמיין, גאָם־אַטעם!

— קיין אײַנהאָרע. קיין בייז אויג זאָל אײַך ניט שאַטן.

— אי, אי, כ׳האָב שוין ניט געטאַנצט פון ווייסעך ווען.

— איר העפּקעט נאָך, באָבע לייע, ווי א יונג מיידעלע.

— צום לעצטן מאָל נעמט מען זיך אָן מיט יונגע קויכעס.

— גייט שוין, גייט. לאָז בא די סאָנים זײַן צום לעצטן מאָל.

— ס׳רעדט איר, די פיס זײַנען שוין קיין פיס ניט, די אויגן זײַנען שוין קיין אויגן ניט, דאָס האַרץ איז שוין קיין האַרץ ניט. נאָר דער סייכל איז נאָך א סייכל, און דער כיישעק איז נאָך א כיישעק. פּפו. שווער צו גיין א טאַנץ אַף דער עלטער.

— האַלט אײַך, באָבע לייע. צוליבן אייניקל. קיין אײַנהאָרע אַזא פריידקע, אָן קיינעמס שאָדן.

— נו, און ער, וויקטאָר? א שפּעטנער וויקטאָר?

— אַף אַלע אונדזערע ליבע געזאָגט געוואָרן.

— נאָר געזונט, פרײַנט מײַנע.

— הײַנט טאַקע די קינדער. אַזא דאָוויד און אַזא סאָרע. לייזער ריי־מער, און אַן איידעם א דאָקטער. ער האָט נעבעך אין זײַן גאַנצן לעבן קיין דאָקטער אַפילע פאַר די אויגן ניט געזען.

— הײַנט טאַקע איר אַליין, פרײַנט מײַנע, קיין אײַנהאָרע אַזא שיי־נער אוילעם. דעם קאָוועד און דאָס פאַרגעניגן.

— אַף אַלע אונדזערע ליבע.

— האָט עס לייזער ניט דערלעבט, האַ? דעם קינדס כאַסענע ניט דער־לעבט און דעם אייניקלס כאַסענע ניט דערלעבט, אײַ, לייזער, לייזער!

די באָבע לייע הייבט זיך אָן דרייען אַף איין פלאַץ, גיך־גיך, אַרום זיך, ווי א דריידל. מע זעט ניט, צי טאַנצט זי אַזוי, צי איז זי אַזוי פלוצעם שטיין געבליבן אינמיטן טאַנצן א פאַרטומלטע, א צעשאָקלטע,

אָט וועט זיך איר געבן א פאַרוואָרף דער קאָפּ און זי וועט טאָן א פאַל אוועק אפן דיל.

פריידקע און וויקטאָר לויפן צו צו איר און כאַפּן זי אונטער. זי שטייט א רעגע א פאַרטשאַדעטע, מיט א צעקרימט שמייכעלע אף די ליפּן: „ס'אי גאָרניט, נאַראָנימלעך. ס'אי גלאַט אזויז" זי וואַרט א קאַפּל איבער, ביז די פאַרטשאַדעטקייט טשאַדעט זיך אין איר אויס, און זי לייגט אַרוף ביידע דלאָניעס אירע אף די קינדערס אַקסל, גייט מיט זיי, אינדרײַען, אוועק א נײַעם טאַנץ.

פריידקע טוט א שלעפּ אַרײַן אין טאַנץ דעם טאַטן מיט דער מאַמען. און פריידקעס טאַטע־מאַמע שלעפּן אַרײַן אין טאַנץ וויקטאָרס טאַטע־מאַמען. א ראָד מיט זיבן טענצער. א מישפּאָכע־ראָד. א מישפּאָכע־טאַנץ. דער אוילעם אַרום דער ראָד פּליעסקעט צו. די קלעזמער שפּילן שטאַרקער, העכער, לעבעדיקער. רעקלעך צעקנעפּלען זיך, פּאָלעס צעפלי׳ען זיך, קליידלעך פאַרבלאָזן זיך. הענט אַרום האַלדז, הענט אף אַקסל, הענט אין הענט. די ראָד ווערט קלענער, גרעסער, ווידעראַמאָל קלענער, ווידעראַמאָל גרעסער. זי צעשפּרייט זיך און נעמט זיך צוריק צונויף, צעציט זיך און גייט ווידער אײַן, קנייטשט זיך און פאַלדעוועט זיך, ווי אין אַקאָרדעאָניסטס הענט דער אַקאָרדעאָן, לעהאַוודל. די באָבע לייע פּילט שוין ניט קיין פיס, פּילט שוין קיין איין אייווער ניט. זי האַלט די אָרעמס שלאַבעריק צעשפּרייט, זי איז בלייך אפן פּאָנעם, זי האַלט דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן צום האַרצן צו, נאָר זי גיט זיך ניט אונטער. זי וואַרפט מיט אַן אַקסל, הייבט פון אונטערן לאַנגן קלייד אַפיר א קני. זי טאַנצט. זי העפּעט. זי לעבט.

שטאַרקער!

העכער!

לעבעדיקער!

פּלוצעם... ס'הייסט, דערווײַל, נאָכן טאַנץ, איז נאָך קיין באַזונדערס ניט געשען. דאָס, וואָס ס'איז געשען, איז געשען שפּעטער, ווען דער גאַנצער אוילעם האָט זיך ווידער אויסגעזעצט אַרום די טישן. דערווײַל, באַלד נאָכן מישפּאָכע־טאַנץ, איז וויקטאָרס פאָטער, מאָאַש אַרכיפּ פּאַווליאָוויטש, ניט מער ווי געבליבן זיצן א שווערער און עפּעס צו אַן אויסגעמוטשעטער אף א בענקל, און וויקטאָר איז געשטאַנען לעבן אים און אים געווישט דאָס פּאָנעם מיט א פאַטשיילעכל. ווער ס'האָט עס באַמערקט און ווער ס'האָט עס ניט באַמערקט. ווי האָט מען געקאָנט באַמערקן, אז ער זיצט אזוי די גאַנצע צײַט, וויקטאָרס טאַטע, און רײַסט פון זיך שטיקער, שלאָגט זיך אַלץ מיט דער דייע: יאָ זאָגן, צי ניט זאָגן? אויב יאָ זאָגן, איז ווען זשע זאָגן? שוין דאָ טאַקע, אף דער כאַסענע, צי עפּשער שפּעטער, מיט דער צײַט, נאָך דער כאַסענע? ניין, פאַרוואָס אָפּלייגן? פאַרוואָס זאָל מען עס טאַקע שוין ניט וויסן? אי זיי, די מעכוטאָנים, אי טאַקע ער, וויקטאָר? ווען קאָן נאָך זײַן גלײַכער, ווי איצט? און עפּשער איז גאָר גלײַכער קיינמאָל ניט. האַ? אזוי ווי מ'האָט ביז אַצינד ניט געוווּסט, אזוי זאָל מען עס שוין ווײַטער ניט וויסן. ווי זשע

פארלייקנט מען אזא זאך? און צוליב וואָס פארלייקענען? ער האָט זיך, דאכט זיך, דערמיט ניט וואָס צו שעמען. פארקערט. און ווי פארלייקנט מען ביכלאל זאכן פאר אייגענע? און אז מ׳עט דערנאָך סײַוויסײַ גע־ווירע ווערן? מיילע, וואָלט זיך עס אוועקגעלייגט אנדערש, וואָלט טאקע עפשער וויקטאָר קיינמאָל גאָרנישט ניט געדארפט דערוויסן זיך. נאָר אז ס׳האָט זיך אויסגעדרייט אזוי. און, דאכט זיך, גאָרניט שלעכט אויס־געדרייט. דער מישפּאָכע־טאנץ האָט אלע וואקלעניש ארכיפּס געגעבן א וועג איבער. ווי זשע טאָר מען פאר אזעלכע מענטשן באהאלטן דעם עמעס? און סײַוויסײַ — ס׳איז דען ניט אלציינס, הא? וויקטאָר האָט אלץ אָפּגעווישט מיטן פאטשיילעכל די טראָפּנס שווייס פונעם טאטנס פּאָנעם, און די טראָפּנס שווייס, פאראקשנטע, האָבן זיך אפן טאטנס פּאָנעם אלץ ארויסגעיאָוועט.

— נו, לאָז, זון מײַנער. מע דארף ניט. כ׳על שוין אליין. גיי צו די געסט, צו דער קאלע.

לעבן ארכיפּ פּאוולאָוויטשן האָט זיך צוגעזעצט דאָס ווײַב זײַנס, וויקטאָרס מאמע, מאטושא לוקעריא. א נידעריטשקע און ברייטלעכע. מיט א קײַלעכדיק פּאָנעם. אין א לאנגער בלישטשענדיקער קאָפּטע. בעטעווע א שווײַגערן.

— הערסט, ווײַב מײַנס? — האָט ארכיפּ פּאוולאָוויטש א שעפּטשע גע־טאָן. — כ׳גיי זיי באלד זאָגן, גיי איך.

— מענטש איינער! — האָט אים דאָס ווײַב געענטפערט אזוי, אז ער האָט ניט אָנגעהויבן וויסן, צי איז זי יאָ מאסקים מיט אים, צי איז זי ניט מאסקים מיט אים.

— כ׳זאָג, כ׳האָב זיי באשלאָסן צו דערציילן.

— מעשוגע מײַנע סאָנים, צי וואָס?

— כ׳ווייס נאָר ניט, וויאזוי מע טוט עס.

— מירן בלײַבן אָן וויקטאָרן, ארכיפּ.

— פארקערט.

— ס׳הייסט, וויאזוי פארקערט?

— כ׳קאָן עס שוין אין זיך אזויפיל ניט האלטן.

— כ׳מיש מיך ניט.

— ועסט אומיסטן זען. ער׳ט אונדז ליב האָבן נאָך שטארקער.

— כ׳ווייס ניט.

— און יעדערער וועט אונדז שטארקער ליב האָבן.

— כ׳מיש מיך ניט. טו ווי דו פארשטייסט.

מ׳האָט דעם אוילעם גערופן צו די טישן. אויבנאָן, אף זייער אָרט, האָבן זיך אוועקגעזעצט כאָסן־קאלע. לעבן כאָסן — דעם כאָסנס טאטע־מאמע. לעבן דער קאלע — די באָבע לייע, דער קאלעס טאטע־מאמע. יינגלעך און מיידלעך האָבן ביז עפּעס וואָס זיך צעזונגען. מ׳האָט אָנגע־הויבן אופגעבן ווארעמע פּערטלען אָף, שטיקער שמעקעדיקע מאַינע. מ׳האָט צעגאָסן אין די גלעזער רויטן ווײַן. דאָס פידעלע האָט אָנגעהויבן צושפּילן.

פלוצעם איז מיטאמאָל שטיל געוואָרן. דעם כאָסנס טאטע, ארכיפּ פּאוולאָוויטש, איז געשטאנען פאַרן אוילעם מיט דער גלאָז ווײַן אין דער האנט; געשטאנען מיט אזא באזונדערן אויסזען, געהאלטן די גלאָז מיט אזא באזונדער מין האלטן, אז דער אוילעם האָט ווי דערפילט, מ׳עט באלד הערן עפּעס ניט קיין פּאָשעטס. מ׳האָט אָנגעהויבן שרײַען: „שאו!" מ׳האָט א מאך געטאָן צום פידלער, ער זאָל א רעגע איבערוואַרטן.

מאָש ארכיפּ איז געשטאנען א גלײַכער, א הויכער, אלקאָלפּאָנעם א העכער געוואָרענער. די אויגן זײַנע האָבן געקוקט ערגעץ ווײַט איבערן אוילעם אריבער, ערגעץ, אפּאָנעם, אין ווײַטע דערמאָנונגען ארײַן. די פולע גלאָז ווײַן אין זײַן האנט האָט זיך א קאפּל אויסגעבויגן, א קאפּל פרום פארגאָסן זיך. זײַנע ליפּן האָבן זיך פּאַמעלעך אָנגעהויבן באוועגן, דערווײַל אָן ווערטער, שטיל און בראָכעדיק, גלײַך אָט וועט ארכיפּ פּאוולאָוויטש באלד אָנהייבן מאכן קידעש. ער האָט א פיר געטאָן די אויגן איבערן גאנצן אוילעם, א קוק געטאָן א רעגע אפן ווײַב לעבן זיך און שטיין געבליבן מיט די אויגן אף וויקטאָרן.

— זון מײַנער...

די ליפּן האָבן אים אָנגעהויבן אונטערציטערן:

— כ׳וויל דיר איצטער־אָ... אָ־דאָ־אָ... מעגאלע זײַן א סאָד.

ער האָט זיך צוגעבויגן צו אים, און פּאָטער און זון האָבן זיך צע־קושט. וויקטאָר האָט געלאכט: אפּאָנעם, דעם טאטנס א נאַיוולעכער וויץ. ארכיפּ פּאוולאָוויטש האָט זיך אויסגעקערעוועט צום ווײַב, אָנגעהויבן גלעטן מיט די שפּיץ פינגער דעם קאָפּ אירן:

— מיר האָבן מיט דער אלטיטשקער מײַנער, ליבע פרײַנט, אלע יאָרן אָפּגעמאכט צווישן זיך אזוי: וועט ער כאַסענע האָבן, וויקטאָר, מיט אן אונדזעריקער, זאָל דער סאָד בלײַבן א סאָד... וועט ער אָבער כאַסענע האָבן פאר א זײַניקער... דערנאָך האָבן מיר זיך באטראכט: ניין, זאָל עס שוין סײַוויסײַ בלײַבן אזוי ווי עס איז... נאָר הײַנט־אָ. די דאָזיקע שיינ־קײַט פון דער כאַסענע. דער גאנצער אפּדערנאכט. איר אלע. די דאָזיקע אייגנקײַט. פאַרוואָס זאָל ער ניט וויסן, ווער ער איז? צוליב וואָס זאָלן מיר אומזיסט און אומנישט הייסן ליגנער? עמעס, הא, אלטיטשקע מײַנע?

מאַטושא לוקעריא איז געזעסן מיט אן אָפן מויל און די גאנצע צײַט צוגעשאָקלט דעם מאַן מיטן קאָפּ. די שטילקײַט ארום־און־ארום איז גע־וואָרן טיפער, געדיכטער. יעדער מינדסטער שאָרך וואָלט געשטערט.

טוט אומיסטן א קוק אפן אוילעם.

ווי קאָן א כאַסענע זײַן אָן דערמאָנונגען, אָן א טרער?..

* * *

כ׳ווייס ניט, צי עס זיצט דאָ צווישן אוילעם אזעלכער, וואָס איז אף יענעם געהענעם־וועג געגאנגען.

ווייניק האָבן זיך פון דאָרטן אומגעקערט, דערלעבט אייניקלעך. און גאָר־גאָר ווייניק, אף די פינגער צו ציילן, האָבן, פאַרבליבענע פון יענעם־

אַ וועג מיט אָפּגעקירצטע יאָרן, זויכע געוועזן צו דערלעבן כאַסענעס בײַ אייניקלעך.

אומגליק־וועג, געהענעם־וועג, טויט־וועג.

בעסאַראַבער ייִדן האָבן די פאַשיסטן אומגעבראַכט פּראָסט און אַלט־מאָדיש, וואָלוול, ניט מיט קיין ציקלאָן־גאַזן, ניט אַפילו געפירט אין עשעלאָנען, אָן איבעריקע גרויסע הויצאָעס און אָן איבעריק גרויסע צערעמאָניעס — אַזוי־אָ געטריבענע וואָכנווײַז צופוס, געטריבענע אומיסטן אַהין־און־אַהער, אַרום־און־אַרום, אין דער ברייט און אין דער לענג אויפן דאָזיקן העפקער־וועג און אומקום־וועג. אויסגעהונגערטע און אויסגעדאָרשטיקטע, פאַרמוטשעטע, פאַרשוואַלענע; אונטערגעשאָסענע אין האַרבסטיק־נאַסע פאַרנאַכטן ערגעץ אין דער טונקל לעבן וועלדלעך; אַלטע און קראַנקע — צעשלאָגענע און צעטראָטענע מיט די פיס; בסו־לעס — פאַרגוואַלטיקטע אין דער בלינדקייט פון יענע קאַלטע און רעגנ־דיקע נעכט; צעפּרעסענע פון מאַגייפעס; פריטשמעליעטע פון כויזעק און דערנידעריקטקייט; אויסגעהאַרגעטע אויף אַ העלפט, נאָך איידער זיי זײַנען אָנגעקומען אין די טראַנסניסטריע־לאַגערן, ווּהין מ׳האָט זיי אַזוי־אָ העפקערדיק געטריבן.

אַ זאָקן גויסעט. די אייגענע טראָגן אים אַ פאַרשטאַרצטן אויף די אַקסל, ווי אַ מיטע. די ראָצכים לאָזן ניט, שטורכען אים אַרויס פון זייערע הענט מיט די באַיאָנעטן. דער זאָקן אויף דער ערד לעבט נאָך, קרעכצט: „קאַדעש. ווער כאָטש עמעצער זאָגן קאַדעש?״ און אַזוי־אָ, נאָך באַם לעבן, הערט ער דעם זונס פאַרווירטן און פאַרשטיינערטן: יִסגאַדאַל ווע׳סקאַ־דאַש...

אַ ראַשקעווער ווײַבל, דערציילט מען, ריווקע שטיינבאַרג, אַ יונג איידל ווײַבל, פאַלט אַוועק אויפן וועג און גייט צו קינד. די גאַזלאָנים לאָזן זי ניט ליגן, שטורכען זי מיט די זעלבע באַיאָנעטן. און זי שפּאַנט אַזוי ווײַטער מיטן נאַרוואָס־געבוירענעם אויפעלע אין אַ פּאָלע. פונעם אויפעלע גייט נאָך אַ פּאַרע. דער נאָפּל איז נאָך ניט איבערגעשניטן...

אויף יענע וועגן, ערגעץ לעבן ווערטוזשען, האָבן די פאַשיסטישע כײַעס אויסגעפּליקט באַ די ראַשקעווער ראַבאָנים די בערד, אויסגעשניטן די צונגען, געמאָנט, די ראַבאָנים זאָלן גיין פאַר זיי אַ טאַנץ. אַ פריילעכן ייִדישן טוירע־טאַנץ.

עטלעכע ראַשקעווער אַלטע ייִדן און ייִדענעס האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אין איין שטוב און ניט געוואָלט רירן זיך אין ערגעץ ניט: סײַ־ווי־סײַ. זאָל מען מיט זיי טאָן וואָס מע וויל. אַ־דאַ־אָ, ווו זייערע זיידעס און עלטערזיידעס האָבן געלעבט, וועלן זיי שוין אַלע אײַנייִנעם אויסגיין. די מערדער האָבן זיי אַרויסגעשלעפּט אין דרויסן און מיט זיי אייניציק־ווײַז פאַרשיט די קרענעצע לעבן דער שטוב. די קוויטשענדיקע קרענעצע מיט דער „פּראָסטער״ וואַסער פון מײַנע קינדער־יאָרן.

ערגעץ אויף יענע וועגן זײַנען געבליבן הענגען אויף אַ בוים־טלי׳ע צוויי ראַשקעווער שול־כאַוויירים מײַנע: כאָנע אָדעסקי און מוישע גולטשין. ווײַל זיי האָבן „אַגיטירט״ דעם אוילעם, געוואָלט אויסרײַסן באַ אַ סאָל־

דאַט א ביקס פון דער האַנט, אופהייבן קעגן די פאָרשטייער פון דער נײַער אָרדענונג אין אייראָפּע א בונט.

און דאָס זײַנען ערשט עטלעכע פאַסירונגען פון איין קלייניקן שטעטל.

די כײַעס־ראָעס, די פּאַרטיליקער, באַוואָפנטע מיט קאָלערליי טויט־קלייזײַען — ביקסן, אווטאָמאַטן און אפילע פּולעמיאָטן אין זייערע פורלעך — האָבן געטריבן דעם אוילעם, ס׳ראָוו ווײַבער, קינדער און אלטע לײַט, דורך זײַטיקע פּוסטע וועגן, פאַרוויסטע פעלדער און סטעפּעס, אויסמײַדנדיק דורכצוגיין דערפער, פאַרבײַגייענדיק די דערפער מיך־האצאַד, גיך, ניט אָפּשטעלנדיק זיך — זאָלן זיי, הייסט עס, די דערפער, א ביסל יאָ זען, וואָס דאָ טוט זיך, נאָר זאָלן זיי ניט זען אינגאַנצן, וואָס דאָ טוט זיך...

די דערפער אליין האָט מען אויך ניט געמעגט מעקאַנע זײַן. זיי זײַנען געשטאַנען פונדערווײַטנס שוואַרצע און פאַרעגנטע, דערשלאָגענע, מ׳האָט קוים ערגעץ־ווו אָנגעזען איינס אָדער צוויי פוילע רויכלעך שלענגלען זיך נידעריק אף א דאַך.

זשאַנדאַרן האָבן דאָרט ווידער געוואָיעוועט, נאָך רעציכעסדיקער ווי פריִער. זיי זײַנען אומגעגאַן און גענישטערט אין די שטיבער, אין יעדן פּויער, וואָס האָט פאַראיאָרן בא דער סאָוועטנמאַכט געקריגן א שטיקל ערד, געזען א ווידערשפּעניקער, א בונטאָווששיק, א רויטן פּאַרטיזאַן. ס׳האָבן זיך אומגעקערט אין זייערע הייפלעך פּריצישע זינדלעך מיט זייערע אונטערהאַלטער: שיקורים און פּאָגראָמשטשיקעס. אזעלכע־אָ זײַנען אמאָל ארויסגעקומען צום וועג, געשטאַנען און האַנאָע געהאַט, ווי מע פירט אזוי באַזיגטע ייִדן, צו פאַרטיליקונג.

פון א דאָרף, דערציילט מען, האָט זיך ארויסגעיאָוועט א מענטשל מיט א הונט לעבן זיך. דער הונט האָט זיך אוועקגעזעצט אף די הינטערשטע לאַפּעס, און דאָס מענטשל האָט געמיטלעך געפּעטשלט מיט א כליסטיקל איבער זײַנע הויכע גלאַנצנדיקע שטיוול. זיי האָבן אזוי ביידע געקוקט אף דעם געטריבענעם אוילעם. דער הונט האָט געשטשירעט די ציין, געבייזערט זיך. און דאָס מענטשל האָט געשטשירעט די ציין, געלאַכט.

— היי, אונטעראָפיצער, שענק מיר אָט יענעם קאָסטיום. צו וואָס דאַרפן נאָך ייִדן קאָסטיומען?

— נא, אָט לאָז איך דיר אים איבער!

און ער האָט באַוויזן, דער אונטעראָפיצער, אז ער איז א גרויסער אופטוער: מיט איין קנאַל, אין איין רעגע.

טייל פּויערים אין די דערפער זײַנען ארויס אף די פּריזבעס, געציילעמט זיך; אפּן אומגליק, וואָס שוואַרצט זיך פונדערווײַטנס לענגויס דעם וועג, פאַרבראָכן די הענט. פּויערטעס האָבן זיך צעקנײַפּט די פּענעמער, אפילע צעקלאָגט זיך אף א קאָל, ווי דער אומגליק וואָלט געווען אָ־דאָ־אָ בא זיי אין שטוב, וואָלט געווען א נאָענטער אומגליק.

אייניקע האָבן זיך אײַנגעשטעלט דאָס לעבן. געלאָפן איבער די הויפן:

„קומט, לאָמיר עפּעס זען טאָן. ווי קאָן מען שווײַגן? עפּשער עמעצן אָפּראַטעווען, כאָטש מיט עפּעס העלפן". אין די טונקעלע פארנאכט־שאָען האָבן זיי זיך דאָ און דאָרט געגאנוועט צווישן די גערטענער, געקראָכן הינטער פּלויטן, ווי־ניט־איז דערנעענטערט זיך צו די געטריבענע און ביז עפּעס וואָס אריבערדערלאנגט זיי א טאָרבעלע קעז, א פלעשל מילך, א ברויטל.

ארכיפּ און לוקעריא האָבן צונויפגענומען בא די שכיינים וואָס ווער ס'האָט נאָר געהאט אין שטוב, און אזוי־אָ, מיט צוויי פולע סאקוועס[1], זײַנען זיי ביידע פארלאָפן די געטריבענע דעם וועג, ארויס אין אנדערן עק דאָרף, צו די ווײַנגאָרטנער־צו, לעבן אלטן נוסנבוים, לעבן די דרײַ הויכע ברונעמס איינער לעבן אנדערן בארג־אראָפּ באם סאמע וועג. מאן־און־ווײַב האָבן זיך אוועקגעזעצט אונטערן נוסנבוים, ווי זיי זײַנען קלוימערשט נאָרוואָס פון ערגעץ אָנגעקומען און רוען זיך דאָ פארן ארײַנגיין אין דאָרף ארײַן א קאפּל אָפּ.

אָט הערט מען שוין הינטערן בערגל דעם אוילעם דערנעענטערן זיך. עס הערן זיך קרעכצערײַען, געשרייען. די דרײַ ברונעמס, מיט די לאנגע דרײַ איבערגעקרייצטע שטעקנס, פאריסענע אף ארוף, הייבן אָן אויסזען, ווי דרײַ הויכע שווארצע טליִעס. ווײ, ווײ, וואָס ס'האָט זיך טאקע דעמלט אָפּגעטאָן בא די דאָזיקע דרײַ ברונעמס!

דער אוילעם האָט זיך א וואָרף געטאָן צו די וואסער־קאָרעטעס, צו די דרײַ הענגענדיקע טשוטרעס[2]. די גאזלאָנים האָבן אָנגעהויבן האקן מיט די ביקסן איבער קעפּ, איבער פּלייצעס. ארום די ברונעמס האָט זיך אופגעהויבן א מעסוקענער יאָמער, א לויפערײַ, אן ערדטרעטעניש. ארכיפּ און לוקעריא האָבן עמעצן איבערגעגעבן די סאקוועס און קוים מיטן לעבן פארקראָכן דערנאָך הינטער א פּלויט אין א ווײַנגאָרטן. ס'האָט זיך געהערט א שיסערײַ, א טרײַבערײַ. און אָט אין יענער־אָ סומאטאָכע האָט א יונג צעשויבערט ווײַבל זיך געטאָן א בייג איבער איבערן פּלויט מיט א פּיצל קינד אין די הענט:

— נעמט עס, גוטע מענטשן... כ'לאָז עס איבער בא אײַך... ס'וועט לעבן... איר'ט זען, אז ס'וועט לעבן!..

וואָס האָט דאָ געקאָנט לעבן, אז ס'איז געווען פארבלאָווט און פארכאלעשט, אז ס'איז געווען הוילע הויט און הוילע ביינדעלעך? אלע קרענקען האָט עס איבערגעקרענקט. אלע אָנשיקענישן איבערגעהאט. נאָר ס'האָט געלעבט. ס'האָט איבערגעלעבט.

אין דאָרף האָט מען אומיסטן א רעד געטאָן, אז לוקעריא האָט געשענקט ארכיפּן א בען־זקונימל. א זון אף דער עלטער. ווער ס'האָט געוווּסט און ווער ס'האָט ניט געדארפט וויסן. ווי־אזוי ס'איז שוין דאָרט געווען. אבי דאָס קינד לעבט. אבי דאָס קינד וואקסט.

לוקעריא האָט יענץ ווײַבל רעכט דעמלט ניט געזען, זיי האָבן זיך

[1] אזעלכע מאָלדאווישע טאָרבעס, וואָס מע טוט אָן איבערן אקסל; [2] הילצערנע עמערס.

ביידע אפילע גוט אין די אויגן ניט א קוק געטאָן, זי האָט איר קיין וואָרט ניט באוויזן צו ענטפערן. נאָר זי האָט זי די גאנצע צײַט געפילט לעבן זיך. בא יעדער איבערלעבעניש דורכגערעדט זיך מיט איר. דאָס קינד האָט זי אָפּגעהיט ווי דאָס אויג אין קאָפּ, און אייגן קינד האָט זי אזוי ניט אָפּגעהיט, גלײַך זי וואָלט דעמלט דעם ווײַבל, ווי א שוועסטער, געגעבן א שוווּע און זי דאַרף די שוווּע האלטן:

— דאָס קינד וועט לעבן... איר׳ט זען, אז ס׳וועט לעבן!..

* * *

נו, יאָ, ווי קאָן א כאסענע זײַן אָן א טרער?

די ווײַבער האָבן נאָס געמאכט טיכעלעך, האָבן טאקע מאמעש גוט צוגעכליפּעט. די מאנצבלען האָבן זיך געגומען אין די הענט אריין: ניט מער, ווי א קרים געטאָן א ליפּ, א רײַב געטאָן זיך מיט דער האנט ארום די וואָנצעס — מ׳איז דאָך עפּעס מאנצבלען.

די טרער האָט, כאָלילע, די כאסענע ניט פארשטערט. פארקערט: זי האָט זי געמאכט געלײַטערטער, געהויבענער און כאָשעווער.

די קלעזמער האָבן ווידער געשפּילט. צו וויקטאָרס טאטע־מאמע האָבן זיך פון אלע זײַטן א צי געטאָן הענט. צענדליקער הענט האָבן זיי א כאפּ געטאָן און א הייב געטאָן אין דער הייך, איבער די קעפּ, און אזוי־אָ, א רעדל דאָ מיט לוקעריען אין דער הייך, א רעדל דאָרט מיט ארכיפּן אין דער הייך, ווי אין א מין טאנץ, האָט זיך דער אוילעם אלץ געדרייט און געדרייט, געכוואליעט און געכוואליעט.

נאָר אין יענעם ערשטן ניצאָכן־טאָג, געדענק איך, אין יענעם נײַנטן מײַ, האָט מען אזוי אומעטום אף די גאסן, ווו מע האָט נאָר באגעגנט א רויטארמייער א ניצאָכן־ברענגער, אזוי־אָ, אף צענדליקער הענט, אים גע־הויבן און געכוואליעט.

די באָבע לייע האָט ווידער געטאנצט אין דער מיט. זי האָט זיך צוגעטוליעט צו וויקטאָרן און אים געפילט לעבן זיך א שטאלטנעם, א הויכן, א נאָענטן. ס׳האָט זי, דאכט זיך, גאָרניט איבערגעראשט, וואָס ס׳האָט זיך אויסגעלאָזט אזוי. מאכמעס סײַוויסײַ, ווען ס׳איז אנדערש, וואָלט דען געווען אנדערש? זי וואָלט אים, גלייבט מיר, פּונקט אזוי־אָ גע־פּילט לעבן זיך, א הויכן, א הארציקן, א נאָענטן...

די קלעזמער האָבן ווידער געשפּילט, און דער אוילעם האָט ווידער געטאנצט.

שפּילט, קלעזמער, ביזן ווײַסן טאָג ארײַן.
שפּילט א פריילעכס און א טרויעריקס.
שפּילט, אז די טאפּליעס זאָלן אזש ציטערן!

# מײַן מאַמעס פּאָרטרעט



טעטראַצעקלין הייסט בא איר ציצעפּיצעמיצע. זי טוט קראַנקערהייט א לאַך:

— אייסעך, וואָס ער האָט געזאָגט... וואָס זאָל א דאָקטער זאָגן וואָס? ער האָט מיר ווידעראַמאָל פאַרשריבן ציצעפּיצעמיצע!..

א ביסל, פֿאַרשטייט זיך, איז טאַקע טעטראַצעקלין א שווער וואָרט, נאָר מערער מאַכט זי זיך אַזוי אַליין א געלעכטערל פון רעצעפּטן, אַפּטייקן, שלאָפקײַטן, שטאַרבענישן.

פונדעסטוועגן צעעפנט זי ברייט דאָס קליינגעוואָרענע מויל אירס, פאַרקוועטשט קינדעריש די אויגן, טוט א כאַפּ ארוף אַף דער צונג א טאַבלעטקע, פאַרקײַט מיט א זערנע אײַנגעמאַכטס און טוט זיך דערנאָך א מעסוקעגעם פאַרקרים:

— אײַ, ביטער גאַל!

נאָר וואָס איז ביטער? די רעפּוע? דער אײַנגעמאַכטס כאָלילע? אַפּאָנעם, פּאָשעט דאָס אײַנעמען. אוי, ווילט זיך ערשט איצט, אַף דער עלטער, לעבן.

אַף מאָרגן איז זי ווידער געזונט. העט פאַרטאָג, איידער עס ווערט נאָך ליכטיק אין די שויבן, דרייט זי זיך שוין אום אין שטוב מיט א טשיפּעק אַפן קאָפּ, מיט א כריפּ אין האַרצן, א קליינינקע און קײַלעכיקע, ווי א וועקזייגער. זי צינדט אָן אין קיך דעם גאַז, שטעלט אוף א טשײַניק וואַסער אַף טיי, שמירט אָן ריפּטלעך ברויט מיט פּוטער, מיט פּאָווידלע, שנײַדט אָן שטיקלעך וואורשט, לייגט אויס איינס לעבן אַנדערן א שורע עפּל, צערײַסט א פּאָר אַלטע צײַטונגען און הייבט אָן מאַכן פּעקעלעך: דעם איידעם צו דער אַרבעט א פּעקעלע, יענעם איידעם צו דער אַרבעט א פּעקעלע, דער טאָכטער צו דער אַרבעט א פּעקעלע, יענער טאָכטער צו דער אַרבעט א פּעקעלע. און טאַקע נאָר ווי א וועק־

זייגער קאטשעט זי זיך פאוואָליע צו צו די געלעגערס, קאטשעט זיך פון איין צימער אין אנדערן און ווייסט שוין וועמען מע דארף פריער א טאָרע טאָן און וועמען מע מעג שפּעטער א טאָרע טאָן.

זי האָט, קיין איינהאָרע, דריי איידעמס. איינער הייסט יאשע, דער צווייטער — פימע, און דער דריטער — מישע. און פונקט ווי אמאָל, יונ־גערהייט, ווען ס׳איז געווען א פולע שטוב מיט קינדער און זי פלעגט פּלאָנטערן מיט די נעמען, רופן איין קינד און מיינען א צווייטס, א רוף טאָן א צווייטס און מיינען א דריטס, פּלאָנטערט זי איצט, אף דער עלטער, מיט די איידעמס נעמען:

— יאשעו.. מיין איך, פימעו.. טפו, וויל איך זאָגן, מישעו..

אָדער פאַרקערט:

— מישעו.. מיין איך, יאשעו.. טפו, וויל איך זאָגן, פימעו..

אין שטוב לאַכט מען. און ווער ווייסט, צי זי טוט עס טאקע ניט אומיסטן, קעדיי אין שטוב זאָל מען לאַכן. אוי, האָט זי ליב, אז מע לאַכט אין שטוב...

דעם עמעס געזאָגט, זיינען מיר, די זין, א ביסל אייפערזיכטיק אף די איידעמס. ניט אזוי מיר, ווי אונדזערע ווייבער, די שנירן. די שוויי־גער האָט זיי ליב צו זאָגן דעם עמעס אין די אויגן. און זיי נעמען זיך קלוימערשט אָן אונדזער קריוודע, טייַנען, אז זיי פארשטייען ניט, וויאזוי איין און די זעלבע מאמע קאָן זיין אנדערש צו די טעכטער און אנדערש צו די זין...

נאָכדעם ווי די קינדער צעגייען זיך צו דער ארבעט, הייבט זי אָן אופ־ וועקן די אייניקלעך. זי זעצט זיי אלע אויס אין א ראָד ארום קיילעכדיקן קיך־טישל, האָדעוועט זיי אָן, פאראוועט זיי ארויס אין שול אריין, פירט אָפּ וועמען מע דארף אין קינדערגאָרטן און קומט צוריק אין אָן אָנדער־ האלבן שאָ ארום מיט א פול קוישל אף דעם אָרעם. זי פארבעט די גע־ לעגערס, טוט אָן דאָס געפינטלטע פארטעך אירס, טונקט איין דעם בע־ זעם אין א שיסל וואסער און צעשרייט זיך פלוצעם אף דער קאץ, גלייך ווי די קאץ איז שולדיק, וואָס די יויך אין קיך איז שיר־שיר ניט אויס־ געלאָפן. זי ווישט ארום מיט א שמאטע די שפּיגלען אין די אלקערס. זי רייבט אָן אפן ריבייזן א שטיקל רעטעך, צעבראָקט א הארבע ציבעלע, און לאַכט צו זיך אליין, ווי סע גיסן זיך איר אזוי גרינג די טרערן פון די אויגן. זי טוט זיך אינמיטנדערינען א לייג צו כאַפּן א דרעמל. זי ליגט עפשער אף א צענטכיילעך דיוואן, קליין און איינגעקנוילט, ליגט אָן א צוקאָפּנס, אזוי־אָ, נאָר אף א וויַל, און ווייסט שוין פּינקטלעך, ווען מע דארף זיך טאָן א הייב אוף, פארזוכן מיטן הילצערנעם לעפל דאָס גע־ קעכטס אף דער פּליטע, אראָפּנעמען די טעפּ, אויסלעשן דעם גאז, צוריק אויסטאָן דאָס פארטעך, צוגלעטן זיך א ביסל די ווייַסע האָר אפן קאָפּ און דערנאָך נעמען אין איין האנט דאָס קליינע פּוסבענקעלע, אין דער אנדערער האנט די ברילן, א ביכל אונטער דעם אָרעם און אזוי־אָ, מיט א שווערן קרעכץ, אוועקזעצן זיך אין דרויסן בא דער שוועל לעבן דער צעעפנטער טיר.

װאָס זשע האָט, אשטייגער, ליב צו לייענען אזא־אָ אלטע ייִדענע ארי־בער די זיבעציק? מאָלט אײַך — אלצדינג. אבי א געשמאק ביכל. „נאָך אלעמען" — איז „נאָך אלעמען"; „אנא קארענינא" — איז „אנא קארע־נינא".

די ברילן האָט זי אראָפּגערוקט אף דער שפּיץ נאָז. אי זי קען אזוי אריַינקוקן אין ביכל, אי זי קען אזוי אמאָל ארויסקוקן צום טירל אין הויף — איינגיכן דארף שוין דער אוילעם אָנהייבן צוריק קומען. זי לייענט מיט א שעפּטשע, פּרום, טכינעדיק. די זון לאָזט זיך אראָפּ פונעם דאך אף דער וואנט, אף דער טיר, צעשפּרייט זיך ארום דער שוועל און ווארעמט איר אויס די ביינער, שלעפּערט זי איינמיטן לייענען איַין. זי טוט זיך א כאַפּ אוף, זוכט אָפּ אף דער ערד די אראָפּגעפּאלענע ברילן, לייגט זיי אריַין אין דער מיט ביכל, דאָרט, ווו זי איז שטיין געבליבן, ווישט אויס דעם שלאָף פון די אויגן, שפּארט אונטער דאָס דערווארעמטע פּאָ־נעם מיט א דלאָניע און בלײַבט אזוי וויַיטער זיצן, גלאט אזוי זיך, טראכטן.

װאָס זשע האָט, אשטייגער, ליב צו טראכטן אזא־אָ אלטע ייִדענע ארי־בער די זיבעציק? ווער ווייסט. עפּשער דאָס און עפּשער יענץ. עפּשער: איַי, א וועלט מיט וועלטעלעך. דורכגעגאנגען צוויי אזעלכע ביטערע מיל־כאָמעס, דורכגעקרענקט שווערע קימפּעטן, טיפוסן, שקארלאטינעס, טשע־כאָטקעס, אזויפיל מאָל געזען דעם טויט פאר די אויגן, נאָכגעגאַן אזוי־פיל היימישע לעוויַיעס — און לעב. ס'איז עפּעס ווי א צולאָכעס־זאַך. אפּצולאָכעס, אפּאָנעם, דעם מאלעכאמאָוועס, האַ?

כ'וויל טאָמיד מאָלן איר פּאָרטרעט אין א גרויסער ראַם, מיט אייל־פּארב, אף לײַוונט, אין א סאך שפּילעוודיקע קאָלירן, און עס באקומט זיך בא מיר טאָמיד א שיטערער אקווארעל, שווארץ־וויַיס, ניט מער ווי א פּאָר דינע אָנגעוואָרפענע קויל־שטריכן.

כ'האָב זיך ליב אמאָל א שפּיל טאָן מיט איר. כ'קוק, ווי זי דרייט זיך לעבן איַיז־שאפקעלע, עפענט אוף און פארמאכט דאָס טירל אזוי היימיש און פראָסט, גלייַך ווי איר באָבעס באָבע וואָלט נאָך געוועזן געעפנט און פארמאכט טירלעך בא עלעקטרישע איַיז־שאפקעלעך. זי גיט אוף צום טיש, און איך טו דערוויַיל א ווונק א שוואָגער מייַנעם:

— וואָס רעדסטו?.. ווי קומען די אלע מיַיכאָלים צו א ביסל שיטערן קאָליש?..

זי ווייסט שוין, וווהין איך פארפּאָר, און טוט א הייב מיט די שמאָלע אקסל, א פּארצי א וויַיסע ברעם:

— קאָליש?.. בא מיר אין שטוב האָט מען אמאָל געזען שיטערן קאָ־ליש?.. הער־הער א צונויפשטעלעכץ... מאנע־קאשקעלעך פלעגט איר בא מיר עסן!..

— יאָ, — זאָג איך, — ווען מיר האָבן געמאָזלט!..

זי קאטשעט זיך פאר געלעכטער. לאכנדיק, ווייסט זי, וועט דער קאָ־ליש־ייִכעס דורכגיין פאר די איידעמס ווי א מין וויץ.

— הייַנט, — זאָג איך, — די נאכט־העמדער, וואָס מיר פלעגן טראָגן...

— ט׳האָסטו שוין א נײַס. וואָס פארא נאכט־העמדער? ווען פלעגט איר בא מיר טראָגן נאכט־העמדער?..

— נו, כ׳מיין, נאכט־העמדער, טאָג־העמדער. די סטאָנדלעך אונדזערע. פון דער בארימטער געלער לײַוונט.

— וואָס זשע געשווּעלט דיר עפּעס אזוי ניט, מײַן זון, די געלע לײַוונט? אָט די בארימטע געלע לײַוונט פלעגט גראדע מיט דער צײַט ווערן אזוי ווײַס, אז ס׳האָט אזש געפּעכלט אין אויג...

— יאָ, — זאָג איך, — מיט דער צײַט, ווען זי איז שוין געווען פול מיט לאטעס. די העמדלעך זײַנען געוואָרן ווײַס, און די לאטעס אף די העמדלעך זײַנען געווען געל... געלע לאטעס...

— ייִדישע קינדער, — טוט זי א זאָג, — ס׳קען דאָך נאָר צעפּלאצט ווערן די גאל. כ׳פלעג ציִען פון זיך די קליי און זיי פירן אין ביגדיי מאלכעס!..

און דושענדיק זיך פאר געלעכטער, הייבט זי זיך אָן פּאטשן מיט די פינגער באם מויל: יענע ביגדיי מאלכעס, גאָט זאָל זי ניט שטראָפן פאר די רייד.

לאָזט זיך, הייסט עס, אויס, אז זי האָט זיך גאָר מיט מיר א שפּיל געטאָן.

איינמאָל האָב איך א גאנצן מאָנאָלאָג אירן פארשריבן אף א מאַגניטאָפאָן. זי איז געזעסן בא מיר אין שטוב א פארפלאמטע, מיטן שאַלעכל אראָפּגעלאָזט אף די אקסל, און גערעדט. מיר האָבן זיך שוין א פּאָר וואָכן ניט געהאט געזען, און ס׳האָבן זיך אָנגעזאמלט אין איר א וועלט מיט מײַסעס. זי האָט מיך גראָד געטראָפן פּאָרען זיך באם מאגניטאָפאָן: איבערוויקלען די טאשמעס, אָפּווישן אלט־פארשריבנס. און ס׳איז מיר מיטאמאָל אײַנגעפאלן א זאָג צו טאָן:

— אָט וועל איך דיר אויסזוכן א שיין שטיקל!.. ווילסט הערן?..

— זוך אויס!.. — האָט זי קאלטבלוטיק געענטפערט און דערווײַל ווײַטער דערציילט אירס.

די טאשמעס האָבן זיך געדרייט. איך האָב א קוועטש געטאָן די קנאָפּקע, וואָס פארשרײַבט. און זי האָט גערעדט. זי האָט אפילו ניט אָנגעהויבן כאָלעמען, אז דאָס, וואָס זי דערציילט, פארשרײַבט זיך, און די רייד אירע האָבן קיין איין טראָפּן ניט פארלוירן פון זייערע שטענדיקע זאפטן. זיי האָבן זיך באקומען מיט אלע קנייטשעלעך, מיט אלע זייערע הויכע און נידעריקע טענער, מיטן זיפץ אין דער מיט, מיטן געלעכטערל ווו מע דארף, מיט די צונג־קנאקעניִשן, מיטן מײַסטערישן אויסהאלטן די פּויזעס, מיט זייער שטענדיקער באטאמטער זינגעניש. ערשט ווען זי האָט זיך גוט אראָפּגערעדט פונעם הארצן, האָט זי זיך אײַנגעקוקט אין די לויפנדיקע טאשמעס און א זאָג געטאָן:

— וואָס דרייען זיי זיך אָט די־אָ? דרייען זיך און דרייען זיך. האָסט עפּעס וואָס צו שטעלן — שטעל. האָסט ניט גאָרניט — פארמאך זי, די קאטערינקע, און אן עק זאָל נעמען!..

כ׳האָב זיך צעלאכט און די „קאטערינקע" פארמאכט. נאָר די זאך איז

שוין געווען אָפּגעטאָן. ווען איך וועל וועלן, וועט זי אזוי־אָ זיצן קעגן מיר א פארפלאמטע, מיטן שאלעכל אף די אקסל, און רעדן. און מעג־לעך, אויך העט־העט שפעטער — ווען אירע אייניקלעך וועלן וועלן.

אז עס זײַנען געקומען צו מיר כאוויירים, האָב איך ארופגעשטעלט דעם מאגניטאָפאָן אפן טיש און זיי מעכאבעד געווען מיטן מאָנאָלאָג. אידע קאמינסקעס א מאָנאָלאָג, האָב איך מיך בארימט.

דער אוילעם איז געזעסן און געהערט, צוגעשמייכלט, שטיל צוגע־פליעסקעט פאר האנאָע מיט די ליפּן און אָנגעהויבן דערנאָך די זאך ארומרעדן.

איינער האָט געזאָגט:

— אוהא... א גוואלדיקע אקטריסע!..

א צווייטער האָט א פרעג געטאָן מיט א ביסל קינע אין קאָל:

— שא נאָר. ווו זשע האָסטו עס געקריגן, ווו?..

און א דריטער, א סקעפּטיקער אפּאָנעם, און נאָך דערצו, זעט אויס, א מייוון, האָט ניט געגלייבט:

— איַ, גיי. ווּעמען דערציילסטו מײַסעס?.. ווי קומט צו דיר אידע קאמינסקע? מע זעט דען באלד ניט, אז ס׳איז סידי טאל!..

אפדערנאכט זעצט זיך די אקטריסע מײַנע אוועק קוקן טעלעוויזאָר. אין שטוב איז האלב־טונקל. זי זיצט אריַנגערוקט צווישן די טעכטער אירע. פאָרנט אף די קליינע פוסבענקעלעך זיצן אויסגעזעצט די אייניק־לעך.

זי זיצט שוין אזוי א פינף יאָר, טאָג בא טאָג, שאָענווײַז אָפּ קעגן עקראן, טרעפט פריַער, וואָס ס׳וועט שפעטער פאָרקומען, קוועלט, כמור־רעט זיך, קען שוין קימאט א העלפט פילמען אף אויסווייניק, און די „גוואלדיקע אקטריסע״ הייבט ניט אָן וויסן, וואָס עס איז אזוינס גרים, שמינק. אנומלטן האָט זי פלוצעם א פרעג געטאָן:

— אבעטעך, קינדער... די וואָנציעס זײַנע זײַנען, דאכט זיך, צוגע־טשעפּעטע, האַ?

אין שטוב האָט מען זיך צעלאכט. און ווער ווייסט, צי זי האָט אויך דאָס מאָל אומיסטן אזוי ניט א פרעג געטאָן, קעדיי אין שטוב זאָל מען לאכן.

* * *

זי זעט, ווי איך זוך אויס א פערטל פאפיר, נעם א הענטלפען, הייב אָן פארשרײַבן, און טוט א זאָג:

— איך וויל דערפון, זון מײַנער, כײלעק, הערסט! אניט רעד איך מער ניט!..

* * *

נא, מאמע. אָט האָב איך דיר דעם כײלעק שוין געגעבן.
אלקאָלפּאָנעם אָן אדערוף...

# דער פעטער פּי̄ווּל



ר איז זייער א פּראָסטער, דער פעטער פּי̄ווּל, א ביסל א סטולעוואַטער, גייט טאָמיד פּראָסט אָנ־געטאָן און רעדט קיינמאָל ניט קיין סאך רייד.

ער וווינט אליין, האָט נישט ניט קיין ווײַב און ניט קיין קינד.

מיר האָבן געמיינט, אז ער איז דער עלטערער פעטער אונדזערער, ווײַל ער האָט שוין גראָווע האָר אפן קאָפּ. און כוץ דער באָבען האָט נאָך קיינער ניט בא אונדז אין דער מישפּאָכע קיין גראָווע האָר אפן קאָפּ. ערשט אנומלטן האָבן מיר זיך דערוווּסט, אז דער פעטער באָריס איז אונדזער עלטערער פעטער, און ער, דער פעטער פּי̄ווּל, איז גאָר דער יינגערער פעטער.

א לאנגע צײַט, וויפל מיר זײַנען געווען גאָר קליין און האָבן נאָך גאָרנישט ניט פארשטאנען, פלעגן מיר מערער ליב האָבן דעם פעטער באָריסן. ווען דער פעטער באָריס קומט צו אונדז צו גיין, ברענגט ער אונדז טאָמיד קאָנפעטן, קנײַפּט אונדז אָן די בעקלעך און לערנט אונדז נאָכמאכן, ווי עס קרייט א האָן, ווי עס מרוקעט א קעלבל, ווי עס זינגען אין וואלד אלערליי פייגעלעך.

מיטן פעטער פּי̄ווּל איז אונדז עפּעס געווען אומעטיק. ער ברענגט אונדז שטענדיק א מאטאָנע א ביכל. און אז ער ברענגט אונדז אמאָל ניט קיין ביכל, געפינט ער ערגעץ בא אונדז אין שאפע א ביכל, זעצט אונדז ביידן, מיך און זשענקען, אוועק אף די קני, פרעגט אונדז דאָס, פרעגט אונדז יענץ, לייענט אונדז עפּעס איבער אינעם ביכל און וויל וויסן, צי מיר האָבן פארשטאנען.

דער פעטער באָריס איז טאָמיד פריילעך, טאָמיד ראָזעווע אפן פּאָנעם,

אופגעלייגט, שטענדיק ווערטלט ער זיך און דער אוילעם אין שטוב לאכט.

דער פעטער פּײַוול ווידער איז שטענדיק אזוי זיך, געוויינלעך. אז ער טוט א זאָג א פּאָר ווערטער, ווערט אין שטוב שטיל, מע שטעלט אָן מויל־און־אויער, און אונדז, קינדער, פלעגט עפּעס זײַן אומעטיק, ווײַל מיר פלעגן נאָך ניט פארשטיין, וואָס דער פעטער פּײַוול רעדט.

דער פעטער פּײַוול און דער פעטער באָריס זײַנען דער מאמעס צוויי ברידער. די באָבע — דער מאמעס מאמע און די פעטערס מאמע — וווינט בא אונדז. סײַ דער פעטער פּײַוול, סײַ דער פעטער באָריס קומען אָפט צו אונדז אי זען, וואָס די באָבע טוט, אי טאקע אזוי, צוגאסט, ווי מע קומט צו אייגענע.

אז זיי טרעפן זיך אמאָל איניינעם, הייבט זיך אָן. זיי קאָנען עפּעס איינער מיטן אנדערן ניט אויסקומען. וואָס דער פעטער פּײַוול זאָגט, זאָגט דער פעטער באָריס קאפּויר. און וואָס דער פעטער באָריס זאָגט, זאָגט דער פעטער פּײַוול קאפּויר.

דער פעטער באָריס זיצט זיך ברייט באם טיש, זיצט אָנעם רעקל, דאָס העמד צעשפּיליעט, די ארבל פארקאטשעט, טרינקט א גלאָז טיי מיט אײַנגעמאכטס, קוויקט זיך און האלט זיך אין איין ווישן דאָס פּאָנעם מיטן טאשנטיכל.

דער פעטער פּײַוול שטייט בא דער ביכער־שאפע מיט א ביכל אין דער האנט אָדער זיצט לעבן דער באָבען, אָנגעשפּארט מיט אן עלנבויגן אין דער פּאָרענטשע פונעם דיוואן; און אז אין שטוב איז דאָ דער פעטער באָריס, זאָגט דער פעטער פּײַוול, אז ער איז איצט ניט בא טיי טרינקען.

— הער נאָר, פּײַוול, — טוט דער פעטער באָריס פּלוצעם א מאך, — זאָג מיר נאָר, אבעטעך, דו טראכסט טאקע ניט כאסענע צו האָבן, ניין?

— וואָס זשע? — ענטפערט מיט א שמייכל דער פעטער פּײַוול. — האָסט פאר מיר א קאלע?..

— ס'אי דאָ קאלעס. א זאך קאלעס? מאזל איז א זאך! קאלעס... ס'אי דאָ קאלעס.

— מאזל איז א זאך? — טוט פרעגנדיק א זאָג דער פעטער פּײַוול. — סייכל איז א זאך...

— סייכל? — טוט דער פעטער באָריס אויך א זאָג פרעגנדיק. — צו וואָס דארפסטו סייכל? האָסטעך, דאכט זיך, גענוג סייכל... מערער פון דער גאנצער וועלט...

— ניט פאר מײַנעטוועגן, — ענטפערט דער פעטער פּײַוול. — פאר איינעם א ברודער מײַנעם...

— נו, לאָז שוין זײַן שטיל! — טוט א קרעכץ די באָבע. — ס'הייבט זיך שוין אָן. אז זיי קומען זיך צונויף, איז נאָר ווי צוויי האָנען.

ווי לאנג מיר זײַנען געוועזן קליין, פלעגן מיר ניט פארשטיין, אז דער פעטער פּײַוול און דער פעטער באָריס יאדען זיך דאָס אזוי איינער דעם אנדערן. נאָר איצט זײַנען מיר שוין גרעסער און מיר ווייסן שוין,

פאַרוואָס דער פּעטער פּײַוול האָט ניט גאָר ליב דעם פּעטער באָריס און פאַרוואָס דער פּעטער באָריס האָט ניט גאָר ליב דעם פּעטער פּײַוול.

אַמאָל הייבט זיך עס אָן צווישן זיי מיט קליינע שטעכווערטלעך און עס ענדיקט זיך דערנאָך מיט א גרויסער קריגערײַ.

— דו, לעקיש איינער! — שרײַט דער פּעטער באָריס. — ערלעכער יאָלד. גיי, גיי מיטן עמעס פון פאָרנט. טראָג אים אָנשטאָט הויזן. מ׳עט דיר שטעלן א דענקמאָל. אינמיטן שטאָט...

— רעד כאָטש, כ׳בעט דיך, פון עפּעס אנדערש. נעם כאָטש ניט אין מויל אַרײַן דאָס וואָרט עמעס... פּײַף, פּײַף אָף דער וועלט... די וועלט וועט זיך אייביק, מײַנסטו, לאָזן פירן אין באָד אַרײַן...

— איך פּײַף אָף דיר, ניט אָף דער וועלט!

— אײַ, דו קליין מענטשעלע.

— לוי־יוצלעך איינער!

דער סאָף איז, אז אי דער פּעטער פּײַוול, אי דער פּעטער באָריס טוען ביידע, איינער נאָכן אנדערן, א קלאַפּ הינטער זיך מיט דער טיר. די באָבע וויינט. איך און זשענקע נעמען זי ארום, גלעטן זי, דער טאַטע און די מאַמע שטילן זי אײַן. נאָר סײַוויסײַ קאָן שוין די באָבע אזוי גיך ניט קומען צו־זיך. זי האַלט שוין דערנאָך אין איין רעדן און רעדן:

— אייגענע צוויי ברידער זאָלן ניט קאָנען אויסקומען צווישן זיך. פּײַער און וואַסער. פּײַוול איז נערוועז, קראַנק. און באָריס איז שוין, דאַכט זיך, פּײַן, שיין, איז ער שלעכט און נאַריש, ווי דער טויט.

אז דער פּעטער באָריס איז נאַריש, דערוויסן מיר זיך צום ערשטן מאָל. ווי:אזוי קאָן א מענטש, וואָס כאָכמעט זיך טאָמיד, זײַן נאַריש, און ווי קאָן א מענטש, וואָס ברענגט אונדז טאָמיד קאָנפעטלעך, זײַן שלעכט?

— אז מ׳האָט ניט קיין מאַזל צו קיין קינדער, דאַרף מען קיין יאָרן ניט האָבן. פּײַוול פאַרמאָגט א גאָלדן האַרץ. א גאָלדענעם קאָפּ. איז ער אָבער א גרויסער אַקשן. קיינמאָל זיך ניט אין זינען געהאַט. ניט געוואָלט יונגערהייט צוקומען צו קיין טאַכלעס. גאָרנישט ניט געקאָנטשעט. ניט אויסגעלערנט זיך אפילע קיין פאַך ווי עס באַדאַרף צו זײַן, ווי בא לײַטן. אין זינען געהאַט די וועלט. אָף אים איז געפאַלן דער גוירל אויסצוגלײַכן די וועלט. כאַסענע געהאַט מיט א מיידל און זי אפילע ניט גערופן ווײַב. כאַווערטע זי גערופן. קיין כאַסענע, ווי בא לײַטן, ניט געפּראַוועט. ניט געטראַכט וועגן קיין קינד, וועגן קיין רינד. געלעגן בא רומעניע אין די טורמעס. ס׳איז פאַר זײַן קויעך? טאָמיד געווען הויט און ביין. א שאָטן, ניט קיין קינד. מיר פאַר אים, פּײַוועלע־טאַטע.

ווי לאַנג מיר זײַנען געווען קליין, פלעגן מיר עפּעס יאָ פאַרשטיין, וואָס די באָבע רעדט, עפּעס ניט פאַרשטיין, מיר האָבן זיך גאָר אפילע ניט צוגעהערט. אַן עלטערער מענטש רעדט. איצט זײַנען מיר שוין אָבער גרעסער און מיר פאַרשטייען שוין אַלצדינג, וואָס די באָבע דערציילט א ביסל אונדז, א ביסל גלאַט אזוי נאָכאַמאָל זיך אַליין:

— מיר אַלע האָבן זיך עוואַקויִרט. ער איז געבליבן שלאָגן זיך מיט היטלערן דאָ אָפן פּלאַץ. ס׳אַזאַ אומגליק. אַזאַ סאַקאָנע. די גאַנצע וועלט

האַלט באַם אונטערגיין. האָב איך זינען זיך, האָב איך זינען, וואָס דו טוסט. ניין. ער האָט נאָך זי אויכעט איבערגערעדט. פאַרשטייט זיך, אַז מ׳האָט זיי ביידע באַלד געכאַפּט. ווי איז דער מאַמען זײַנער. ער האָט נאָך נעבעך אַליין צוגעזען, ווי מ׳האָט פון איר געמאַכט כוכע־אוטלולע, פּאָשעט געשניטן שטיקער. ער אַליין איז קוים ניצל געוואָרן. אַנטלאָפן. עפּשער אַ האַלב יאָר אומגעבלאָנקעט אין די וועלדער. אַ הוילער, אַ נאַקעטער, ווי די מאַמע האָט אים געהאַט. ווינד איז מיר. ביז די כעוורע זײַנע, די פּאַרטיזאַנער, האָבן אים אָפּגעזוכט, אַרײַנגענומען אין זייער קאָמפּאַניע. ער האָט זיך גוט אָנגעבידעוועט ביזן סאָף מילכאָמע. צוואַנציק מאָל געזען דעם טויט פאַר די אויגן. ער אַליין דערציילט דען אַמאָל עפּעס? באַ אים הייסט עס אויסשטעלן זיך. באַקומט אַ שיינע פּענסיע. אַרבעט זיך, כאָץ דעם, אָפּ ערלעך זײַנע זיבן שאָ. יעדער מענטש האָט זיך פון עפּעס אַנדערש האַנאָע. פּײַוול האָט האַנאָע פון ערלעכקײַט. וואָס זשע גייט עס דיר אָן, וואָס? דו ביסט קענאָרע פאַרזאָרגט. אַרבעטס קענאָרע אָף אַ באַזע. לויפסט, פליסט, דרייסט. פירסט קענאָרע אַ שטוב. לערנסט קענאָרע קינדער. אײַ, אים געפעלט ניט. ער האָט ניט ליב קיין דרייערס און קיין שוויצערס. נאָר ער טשעפּעט דיך? ער מאָנט באַ דיר עפּעס? ער האָט זיך זײַן סטרוי. זײַן גאַנג. ער וויל ניט כאַסענע האָבן. קאָן זי ניט פאַרגעסן. וואָס זשע איז עס דײַן זאַך? וואָס האָסטו זיך צו מישן? איז ער דאָך אָבער ביטער, דער גוטער באָריס. ניין, יאַדעט ער אים טאָמיד. איז ער מיט אים קידער־ווידער. ער מוסערט אים, וואָס הייסט, ער זיצט אָן אַ ווײַב? וואָס הייסט דאָס? וואָס הייסט יענץ? נאָר גאָרניט: פּײַוול איז אויך גוט. שווײַג אים אָפּ. לאָז אים לויפן. קענסטעך אים. ניין. באַלד מיטן הוק און מיטן סטוק. באַלד מיט קאַס. אַלע יאָרן אַזוי: פאַר דער וועלט אַ גאָלדן האַרץ, אַ גאָלדענע נעשאָמע. פאַרן אייגענעם ברודער ספּילטשעווע, באַלד מיט נערוון. און די אַלטע מאַמע דאַרף עס צוזען. דאַרף זײַן דערבײַ.

ערשט איצט, אַז מיר זײַנען שוין אַ ביסל עלטער, האָבן מיר פון דער באָבעס רייד גוט פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אַ פעטער פּײַוול מיר פאַרמאָגן. ס׳האָט אונדז ביידע, מיך מיט זשענקען, אָנגעכאַפּט עפּעס מיטאַמאָל אַ מין בענקעניש נאָך אים. הער־הער! און מיר האָבן געמיינט, אַז דער פעטער פּײַוול איז גלאַט אַזוי זיך אַ פּראָסטער פעטער פּײַוול. וועגן אַזעלכע פעטער פּײַוולס האָבן מיר ניט איין מאָל געלייענט אין ביכלעך. אַפּאָנעם, אָן עמעסער מענטש איז טאַקע שטאַרק פּראָסט און מאַכט זיך אַליין נאָך פּראָסטער.

— זשענקע, — האָב איך אַ זאָג געטאָן, — ווייסט וואָס? קום, וועלן מיר טאַקע שוין איצטער צוגיין צום פעטער פּײַוול!

— יאָ, איך וואָלט אויך געוואָלט גיין! — האָט זשענקע געענטפערט.

— קום זשע!

— כ׳ווייס? איצטער איז שוין שפּעט.

— כ׳וואָלט שטאַרק געוואָלט אַ קוק טאָן אָף אים.

— איך אויך! — האָט זשענקע געענטפערט און זיך אפילע ניט גע־כידעשט, וואָס פלוצעם א קוק טאָן.
— נו, וואָס טוען מיר, זשענקע?
— לאָז זײַן מאָרגן. קענסטעך דעם פעטער פּײַוול. מאָרגן וועט ער באלד ווידעראמאָל קומען צו דער באָבען.
— מאָרגן... הײַנט וויל איך אים זען.
— ס'וועט איבערגיין די נאכט און ס'וועט איבערגיין דער טאָג, און באלד מאָרגן וועט דער פעטער פּײַוול זײַן בא אונדז. וועסט אומיסטן זען.
— און אויב ער האָט זיך אָנגעברויגעזט און וועט מאָרגן ניט קומען?
— קענסט ניט דעם פעטער פּײַוול? פארקערט: ער וועט מיינען, אז מ'האָט זיך אף אים אָנגעברויגעזט, און וועט זיך באלד קומען איבערבעטן.
זשענקע איז מיט דרײַ פערטל שאָ עלטער פון מיר, זאָגט די מאמע, און טאָמיד בלײַבט דעריבער אף אירן. עפשער א האלבע נאכט האָבן מיר ניט צוגעמאכט קיין אויג, פונקט ווי פאראיאָרן זומער, איידער מיר האָבן געדארפט אוועקפאָרן אין פּיאָנער־לאגער. איך האָב ניט צוגעמאכט קיין אויג, און זשענקע האָט ניט צוגעמאכט קיין אויג.
אלעמאָל האָב איך שטילערהייט א שעפּטשע געטאָן צו איר:
— זשענקע, זשענקע, שלאָפסט?
— וואָסידען?
— גאָרניט. גלאט אזוי.
— און דו שלאָפסט?
— ניין, וואָסידען?
— גאָרניט. שלאָף, שלאָף. ס'איז שוין באלד טאָג.
גאנצפרי זײַנען מיר געגאנגען אין שול. איך און זשענקע גייען מיר אין דריטן קלאס. דאָרט האָבן מיר אויך ניט געקאָנט אײַנזיצן. מיר האָבן שטארק געוואָלט דערציילן דער לערערן, וואָס פאר א פעטער פּײַוול מיר האָבן. נאָר מיר האָבן זיך בארעכנט, אז די לערערן וועט אונדז אויספרעגן דאָס און יענץ, און מיר אליין דארפן ערשט גוט אויספרעגן דעם פעטער פּײַוול. אי וועגן דער טורמע, ווו ער איז פריִער געזעסן, אי וועגן די פארטיזאנער. ווי לאנג מיר זײַנען געווען קליין, האָבן מיר וועגן אזעלכע זאכן קיינמאָל ניט גערעדט. איצט וועלן מיר אים פרעגן, און ער, דער פעטער פּײַוול, וועט אונדז אלצדינג דערציילן. דערנאָך וועלן מיר קאָנען דערציילן וועגן דעם פעטער פּײַוול פארן גאנצן קלאס.
אז כ'האָב אפּן וועג אהיים ארויסגעזאָגט מײַנע געדאנקען זשענקען, האָט זי א מאך געטאָן:
— שיין, שיין. מ'האָט אזא פעטער פּײַוול און אליין איז מען בארי־מערס.
— דאָס הייסט ניט קיין בארימערס. אז ס'איז עמעס, איז עס עמעס!
— נו, גוט, מירן זען.
— אָבער אז מ'עט אונדז פרעגן, וועלן מיר מעגן זאָגן?
— קום, מירן שוין זען. קום, לאָמיר דערווײַל גיך אָפּעסן, און לאָמיר דערנאָך אָנרײַסן א בינטל בלומען.

— איַי, טאַקע!..

און ס׳האָט מיר שטארק באנק געטאָן, וואָס דאָס בינטל בלומען איז איַינגעפאלן זשענקען אין קאָפּ און ניט מיר.

לעבן אונדזערע פענצטער אונטן, אין הויף, האָבן מיר א קליין גערטנדל. דער באָבעס גערטנדל. זי האָט דאָרטן פארזייט אלערליי בלומען. די באָבע אליין גיט זיך אָפּ דערמיט. א גאנצן זומער, אלע פארנאכט, העלפן מיר איר נאָר באגיסן. אז מע עפנט בא אונדז די פענצטער, שמעקט שטארק אריַין אין שטוב אריַין און אי די מאמע, אי דער טאטע האָבן אונדז געלערנט, אז מע דארף ניט זאָגן, אז די בלומען שמעקן, מע דארף זאָגן, אז עס שמעקן אזוי דער באָבעס הענט...

— באָבעשי, — האָבן מיר באלד נאָכן אָנבייַסן ביידע געטאָן א פרעג. — וועסט אונדז לאָזן אָנריַיסן א קליין בוקעטל?

— א קליין בוקעטל? צו וואָס דארפט איר א קליין בוקעטל?

— מיר דארפן. מיר קאָנען ניט זאָגן, נאָר מיר דארפן שטארק נייטיק.

— נו, אויב איר דארפט שטארק נייטיק און ס׳איז נאָך א סאָד אויך, רייַסט אָן!..

פארנאכט זיַינען מיר ביידע, איך מיט זשענקען, געשטאנען און געווארט און געערגערט זיך: ווער ווייסט, צי ער וועט הייַנט קומען, דער פעטער פּיַיוול?

פלוצעם, מיר טוען א קוק, די טיר עפנט זיך אויף, און דער פעטער פּיַיוול בלייַבט שטיין אויף דער שוועל. אזוי־אָ, א ביסל סוטולעוואטע, ווי טאָמיד; ווי טאָמיד, אָנגעטאָן אין זיַין פראָסטן רעקל; און ער אליין אויך אזוי פראָסט און געוויינלעך, ווי טאָמיד. נאָר אונדז האָט ער הייַנט אויסגעזען עפּעס גאָר אן אנדערער. עפּעס א באזונדערער, א גרויסער און א יאָמטעוודיקער.

דעם עמעס געזאָגט, האָבן מיר אפילע ניט באוויזן אים גוט אָנצוקוקן. איך און זשענקע זיַינען באלד צוגעשפרונגען צו אים, אים דערלאנגט דאָס בינטל בלומען און האָבן זיך פון ביידע זיַיטן אָנגעהאנגען אויף זיַינע אקסל.

— אָ, קינדער, קינדער! בלומען פלוצעם? אינמיטנדערינען? ווארט, וואָס איז הייַנט פאר א טאָג? ס׳איז הייַנט קיין שום יאָמטעוו ניט, קיין שום געבוירנטאָג ניט... וואָס איז פלוצעם בלומען, קינדער?

— גאָרניט פלוצעם, — האָבן מיר געענטפערט, — גלאט אזוי.

— גלאט אזוי? וואָס זשע עפּעס גלאט אזוי?

— ניט גלאט אזוי... דערפאר, וויַיל איר זענט דער פעטער פּיַיוול!..

און מיר האָבן זיך צוגעטוליעט צום פעטער פּיַיוול איינעם מיטן בינטל בלומען. און מיר האָבן זיך א קאפל אונטערגעהויבן אויף די שפּיץ פינגער, דער פעטער פּיַיוול זאָל אונדז אײנציקווייַז, איין מאָל מיך און איין מאָל זשענקען, א קוש טאָן אין די שטערנס.

# דאָס מיידל פון שעפּעטאָווקע




ין עס־זאל פלעג זי ניט ארײַנקומען, נאָר מיטאמאָל ארײַניאווען זיך, קימאט ארײַנלויפן.

ביכלאל האָט זי אלצדינג געטאָן גיך, לעבעדיק. אין די ערשטע פּאָר טעג פלעגט זי אזוי־אָ איינע אליין אומשפּאצירן אין די סאנאטאָריע־אלייעס. דאָס אופגעבלאָזענע קאָפּטל אירס, די שורשענדיקע פאלדן פון איר קליידל, אירע נאקעטע אָפּגעברענטע הענט האָבן איבערגעלאָזט הינטער זיך עפּעס שארף־האנאָעדיקס, פארווערטס. אין דער סאנאטאָרישער ליידיקגייערישער זאָרגלאָזיקײַט האָט דאָס דאָזיקע מיידל ארויסגערופן זינדיקע מאכשאָוועס.

זי האָט געווינט אין צענטראלן קאָרפּוס, ערגעץ אפן אייבערשטן עטאזש. דורך די פּענצטער פון איר פּאלאטע האָבן זיך אָנגעזען אלע ביימער־שפּיצן ארום דער סאנאטאָריע. א ביסל ווײַטער, נאָך די ביימער — דער יאם; אין א זײַט, אפן ברעג — א ווינקל פון דער דאָזיקער דאָרעמדיקער שטאָט.

קיינער האָט ניט געוווּסט פּינקטלעך, מיט וואָס אונדזער מיידל באַשעפטיקט זיך אין דער היים. האָט זי שוין דאָרטן עפּשער א מאן, א קינד? מ׳האָט געזאָגט: א סטודענטקע, א דערציִערן אין א קינדערגאָרטן, א מעדשוועסטער. געוווּסט האָט מען פּינקטלעך, פונוואנען זי איז. דאָס האָט זי דערציילט גערן. נאָר קיינער האָט ניט געפילט, ווי דאָס וואָרט „שעפּעטאָווקע" זאָגט זי ארויס מיט א באזונדער מין כשיוועס, קימאט מיט א מין איבערנעמערישקײַט. און קיינער האָט דערפון ניט געמאכט קיין שום באזונדערע אויספירן.

אייגנטלעך איז דאָס ניט אינגאנצן אזוי. עס הייסט ניט, אז מענטשן

האָבן זיך איצט, דאָ אין דער סאנאטאָריע, ווייניק פארטראכט. דער פּאָפּולערסטער און באליבטסטער, קאָן מען זאָגן, איז גראדע געווען א שטילער געוועזענער פּאָדפּאָלקאָווניק מיט א פּאָר שווארצע ברילן אף די אויגן. ער, פארקערט, פּלעגט ארײַנקומען אין עס־זאל פּאמעלעך, קוים־קוים. א האנט זײַנע פּלעגט ער האלטן ארויסגערוקט און טריט פּלעגט ער שטעלן דריבנע, שארנדיקע. א רעגע פּלעגן זיך בא די טישלעך איבערײַסן אי די פּילדערײַען, אי אַפּילע דאָס עסן. דער אוילעם האָט געקוקט, ווי ער זוכט אָפּ די פּאָרענטשע פונעם בענקל, זעצט זיך אוועק, טוט א פּיר דעם קאָפּ איבערן זאל, באגריסט זיך, און די הארטע קאנטנדיקײַט אף זײַן פּאָנעם באמיט זיך אויסצוזען ווייכער, פארקײַלעכיקטער. דער אוילעם האָט שוין דאָ געוווסט, אז די אויגן האָט דער פּאָדפּאָלקאָווניק פארלוירן ערגעץ אין א דײַטשער שטאָט בײַסן אופּמינירן דאפקע א גאנץ שטילן אָביעקט: א ביבליִאָטעק צי אַפּילע גאָר א מוזיי. מ׳האָט אַפּילע געפּרוווט צוצופאנטאזירן און פּינקטלעך אָנרופן נעמען: ווײמאר, געטע־מוזיי. טויזנטער הײַזער אין צענדליקער שטעט און לענדער זײַנען געוואָרן איבערגעקוקט און דורכגערייניקט און באקומען אף זיך דעם דאָזיקן פּאָדפּאָלקאָווניקס אופּשריפט: „מין נעט“ — קיין מינעס זײַנען ניטאָ. און אָט, פּלוצעם, דערנאָך שוין, ערגעץ גאָר אין א ווינקל — ווײמאר... אינײנעם מיט דער ווונד אין די אויגן האָט דער פּאָדפּאָלקאָווניק דעמלט געקראָגן א שווערע קאָנטוזיע. דערפאר, קאָן זײַן, האָבן אים דאָקטוירים די גאנצע צײַט אָפּגענארט, ניט געטאָרט, אפּאָנעם, מעצאער זײַן, און אים אלץ פארזיכערט, אז ער וועט צוריק זעענדיק ווערן. פון איין זײַט, האָט די דאָזיקע פאלשע האָפענונג געווארעמט, פון דער אנדערער זײַט — געפּײַניקט: דער מענטש האָט זיך מיט זײַן אומגליק ניט אײַנגעלעבט. ער האָט אַפּילע די בלינד־שריפט ניט אויסגעלערנט. און, מעגלעך, אז די דאָקטוירים האָבן ניט אָפּגענארט. אזא האָפענונג איז אפּאנעמעסן געווען. נאָר יאָרן זײַנען געלאָפן און דער פּאָדפּאָלקאָווניק האָט אלץ געטרעטן אף דער ערד אונטערשארנדיק מיט די פיס. דער אוילעם האָט געוווסט, אז אזוי־אָ פארענדיקט ער פונדעסטוועגן דאָס יאָר הינטער־אויגיק א היסטאָרישן פאקולטעט. ער באנוצט די זעלבע ביכער און קאָנספּעקטן, ווי די זעענדיקע: מע לייענט זיי אים פאָר. מ׳האָט געוווסט, אז ער גרייט שוין די לעצטע עקזאמענעס.

קיין שום באזונדערקײַטן, פארקערט, האָט ניט פארמאָגט אין זיך דער הינטערקארפּאטן־הוצול. עפּשער בלויז דעם גרינעם אויסטערלישן קאפּעליוש זײַנעם. א געוויינלעכער פּליטן־טרײַבער אין א געוויינלעכן אויסגענייטן הוצולישן העמדל. נאָר מענטשן האָבן אָנגעקוועלט פון זײַן פרײַען האלטן זיך. מ׳האָט געקוקט, ווי ער זיצט און שמועסט אזוי היימיש מיטן כארקאָווער אלטיטשקן פּראָפעסאָר, שפּילט אין שאשקעס מיטן מאגניטאָגאָרסקער שטאָלגיסער, ווערטלט זיך, וויצלט זיך, הייבט אָן קראצן מיט די פינגער פון איין האנט די דלאָניע פון דער אנדערער האנט און טײַנעט, אז די מאָזאָליעס זײַנע אף די הענט זײַנען אים דאָ מאָגער געוואָרן:

— שטראם־גראם — מאַזאַליעס און סאַנאַטאָריעס!.. ווייכע ווײַסע הענט זײַנען בא אונדז געווען הענט פאר סאַנאַטאָריעס...

פאַרנאַכט־צו, נאָך דער „טויטער שאָ״, פלעגן זיך אױף דער גרינער באַנק לעבן קאָרפּוס אוועקזעצן אינדרײַען גאַליע די קאַלווירט־רינגלערן פון הינטער כערסאָן, ליאַנאַ די דובאָסאַרער עקסקאַוואַטאָרשע, אין דער מיט — דער דאָנבאַסער שאַכטיאָר וואַדים באָריסאָוויטש. זיי פלעגן אוועקזונגען אַ ליד אין דרײַ שטימען, מיט אַלע הישטאַפּכעסן, מיט אַלע אויסגעציקלטע פאַרציִעונישן, אַז ס'האָט זיך געדאַכט: אַ דאָרף אַ גאַנצס זינגט ערגעץ ווײַט־ווײַט און ברענגט אָן אהער אַזויפיל ביינהאַשמאָשעס־דיקע בענקשאַפט, וואָס קאָן סטײַען פאַר דער גאַנצער סאַנאַטאָריע.

דער אוילעם האָט געלייענט. ווער ס'האָט געבלעטערט דעם „קראָקאָ־דיל״, און ווער ס'האָט זיך פאַרטיפט אין גאָרקיס „בריוו״.

דער אוילעם האָט גערעדט וועגן יאַם.

דער אוילעם האָט גערעדט וועגן פילמען.

דער אוילעם האָט גערעדט וועגן יעווטושענקאָס לידער.

מיט איין וואָרט: מ'איז שוין גאָרניט אַזוי געווען ליידיקגייעריש אויס־געטאָן פון פאַרטראַכטן זיך, ווי מע קאָן אַמאָל וועגן אַ סאַנאַטאָריע־אוילעם אַ מיין טאָן.

פאַרוואָס זשע, פרעגט זיך, האָט מען וועגן דאָזיקן שעפּעטאָווקער מיידל, וועגן שיינקײַט, געטראַכט אַזוי גרינג און אויבנופּיק?.. איינער דעם אַנדערן פלעגט אַ טאָרע טאָן מיט אַן עלנבויגן:

— אָט גייט זי, די באַלערינע.

— וואָס איז זי אַזוי בייז הײַנט?

— זי שפּילט די שטרענגע.

— די צנועה...

— אַזעלכע צנועס האָט מען אַמאָל גוט צו געדענקען.

— מיר קענען זיי, די שטילינקע.

— יאָ, עפּעס ווערט זי טאַקע די לעצטע צײַט צופיל פאַרפאַלן.

מערער פון אַלע האָט געשונדעוועט איינער אַ כאָרמייסטער. הינטער די ברילן זײַנע האָבן אומגעטאַנצט אַ פּאָר קורצזיכטיקע אויגן. ער האָט געלאַכט מיט אַן אויסגעצויגענעם האַלדז, מיט אופגעבלאָזענע ליפּן. ער־געץ אין אַ שטעטל לעבן קיִעוו האָט ער אָנגעפירט מיט אַ כאָר, דיריגירט מיט אַן אָרקעסטער, אַליין אַמאָל אפילע פאַרפאַסט אַ ניגן. ער האָט פאַרמאָגט אין דער היים אַ געטרײַע ווײַב און צוויי געראָטענע יִינגלעך. מיט אַ צײַט צוריק איז אים איין יִינגל געשטאָרבן. פון דעמלט אָן, דער־ציילט מען, איז דעם דאָזיקן כאָרמייסטער פאַרבליבן אַ מין קראַנקע פאַרטײַעטקײַט. ער האָט זיך אײַנגערעדט, אַז אינמיטן דיריגירן וועלן זיך אים פּלוצעם אָפּשטעלן די הענט. דאָקטוירים האָבן אים געראַטן אוועק־פאָרן אָפּרוען זיך, היילן זיך: אוועק פונעם כאָר, פון דער היים, פון זיך אַליין. דאָ, אין סאַנאַטאָריע, איז ער געוואָרן פריילעכער. ער האָט זיך „געהיילט״ מיט אַנעקדאָטן, מיט וויצן, מיט לײַכטער שפּיל. אַז ער האָט ערגעץ, לעמאָשל, דערזען אַ פּאָרל, פלעגט ער ארויסכאַפּן דעם בלאָקנאָט

פון דער קעשענע, אויסרײַסן אַ בלעטל, קורצזיכטיק, מיט דער נאָז מאַמעש, גיך עפּעס אויפשרײַבן דערויף און דאָס בלעטל דערלאַנגען דעם פּאָרל:

— ביטע. קוסט נומער צוויי. אָט־אָ דאָרט, אין פּארק...

דער אוילעם פּלעגט לאַכן. דאָס פּאָרל פּלעגט לאַכן. און דאָס שעפּעטאָוועקער מיידל האָט איינמאָל אפּן כאָרמייסטער בייז אָנגעשריגן:

— ווי שרעקלעך עקלדיק איר זענט עס!

די דאָזיקע ווערטער האָבן זיך ארײַנגעשניטן אין געלעכטער ארײַן. באם כאָרמייסטער האָבן זיך אַ קרים געטאָן די ליפּן, אײַנגעצויגן זיך דער האַלדז. ער האָט איר געוואָלט עפּעס ענטפערן, נאָר דאָס מיידל איז באַלד אוועק. אָן אויג זײַנס האָט אַ פינטל געטאָן צום אוילעם:

— אײַ, אײַ. נישקאָשע, נישקאָשע. מירן קומען איבער איר...

און בעפייערעש: האַלב וויציק, האַלב ערנסט, האָט דער כאָרמייסטער שטילערהייט אָנגעהויבן נאָכקוקן דעם מיידל, זוכן אופצודעקן זי, אַראָפּרײַסן פון איר די צנועס.

און ס'איז געשען.

זי איז ארויסגעקומען פון איר פּאַלאַטע און האָט אַראָפּגעשפּאַנט די טרעפּ.

אַלע טאָג, באַלד נאָך דער מיטיק־שאָ, ווען מענטשן קומען ארויף אין די פּאַלאַטעס אָפּרוען זיך, באַווײַזט זי זיך אין קאָרידאָר אין איר לאַנגן פאַרביקן שטוב־כאַלאַט. פאַרקעמט, דאַכט זיך אפילע אַ ביסל צוגערויט די ליפּן, צוגעפּודערט די שטרענגלעכע שטאָלצקײַט אף איר פּאָנעם, לאָזט זי זיך אַזוי אוועק איבערן ווייכן קאָרידאָר־טעפּיך, שפּאַנט אַראָפּ די טרעפּ, און צוריקגיין זעט מען זי מער ניט. זי קומט ערשט צוריק פאַרנאַכט־צו, ערעוו אָוונט־ברויט.

איצט איז דער כאָרמייסטער געשטאַנען אונטן, פון יענער זײַט פּאַראַדנער טיר. וווהין וועט זי פאַרקערעווען? אין די אַלייעס? צום יאַם? עפּשער גאָר צום סאַנאַטאָריע־טויער?

ער האָט געהערט, ווי די טריט אירע קלאַפּן גיך־גיך אף די טרעפּ, דערנעענטערן זיך. אָט שווינדלען זיי שוין דורך די אונטערשטע טרעפּ־פּאָרענטשעס.

נאָר אָנשטאָט ארויסצוקומען אהער, צו דער פּאַראַדנער טיר, האָט דאָס מיידל גאָר פאַרנומען רעכטס — נעלעם געוואָרן אין זײַטיקן אונטערשטן קאָרידאָר.

דער כאָרמייסטער איז שטיין געבליבן איינער אַליין אין דער מיט קאָרידאָר. ארום־און־ארום ווײַסע פּאַלאַטע־טירן, אַ נאָכמיטיקדיקע סאַנאַטאָריע־שטילקײַט. אהער, הייסט עס, גייט זי. נו־נו. אהער, הייסט עס, ווו עס ווינען סאַמע מאַנצבלען.

ער האָט אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר און זי אופגעעפנט. צוויי קראַנקע זײַנען געזעסן איינער קעגן אַנדערן און געשפּילט אין שאָך. ער האָט אופגעעפנט אַ צווייטע טיר. ס'האָט זיך אַ דריי געטאָן צו אים אַן אָנגעזייפט פּאָנעם, אַ גאָלמעסער אין אַ האַנט. אין אַ דריטער פּאַלאַטע איז מען

געלעגן אין די בעטן און געלייענט. ווו איז זי אהינגעקומען? לעבן דער פּערטער טיר האָט ער, דאַכט זיך, דערהערט איר קאָל. ער האָט די טיר א צי געטאָן און זי דערזען.

זי איז געזעסן אף א בענקל. דער טיש אין דער פּאַלאַטע איז געווען פאַרלייגט מיט ביכער, מיט העפטן. אף א צווייט בענקל, לעבן בעטל, זײַנען געלעגן דעם פּאָדפּאָלקאָווניקס שווארצע ברילן.

דעם פּאָדפּאָלקאָווניקס פּאָנעם, דאָס פּאָנעם מיט די טויטע אויגן, אַן אָנגעשפּארטס אין בעטל אף אַן עלנבויגן, האָט אויסגעזען פאַרטיפט און אָנגעשטרענגט.

זי איז געזעסן אף א בענקל, געהאלטן אין די הענט אַן אופגעמישטן העפט, זעט אויס, א קאָנספּעקט דעם פּאָדפּאָלקאָווניקס, און פון דאָרטן אף א קאָל ארויסגעלייענט.

* * *

אף מאָרגן איז דער כאָרמייסטער ווידער געזעסן באַם עסן פאַרטײַעט, פאַרכמורעט: ווי האָט ער עס גאָר געקענט ווערלן היילן זיך מיט בילּיקײַט, מיט שונד?

דער גאַנצער אוילעם האָט שוין געוווּסט, וווּהין דאָס שעפּעטאָווקער מיידל ווערט פאַרפאַלן.

און אַז זי איז אַרײַנגעקומען אין עס־זאַל, אַזוי־אָ לעבעדיק און ראַשיק, ווי טאָמיד, מיטן אופגעבלאָזענעם קאָפּטל אירן, מיט די שורשענדיקע פאַלדן פון איר קליידל, מיט אירע נאַקעטע אָפּגעברענטע הענט, האָבן זיך א רעגע באַ די טישלעך, ווי בייס עס קומט אַרײַן דער פּאָדפּאָלקאָווניק, איבערגעריסן אי די פּילדערײַען, אי אפילע דאָס עסן. צענדליקער פּאָר אויגן האָבן זיך א הייב געטאָן און זי אָנגעקוקט, ווי מע וואָלט זי ערשט איצטער דערזען. די אויגן האָבן זיך צוריק אַראָפּגעלאָזט פאַרשעמטע, שולדיקלעכע.

יעדן איינעם איז מינאַסטאַם דורכגעלאָפן איין און דער זעלבער געדאַנק:

הער א מײַסע. ווי־אַזוי האָבן מיר גאָר געקאָנט אַזוינס טראַכטן? ווי־אַזוי האָבן מיר געקאָנט פאַרגעסן? פּאָווקע קאָרטשאַגין האָט דאָך דאָרטן געלעבט, אָסטראָווסקי. זי איז דאָך פון שעפּעטאָווקע. הער־הער...

# א קורצע געשיכטע




י געשיכטע איז א גאנץ ערנסטע, כאָטש זי איז זיך פארלאָפן זומער, אין אן אָפרו־הויז, צווישן אים און איר.

אייגנטלעך פאָרגעקומען איז צווישן זיי גאָר־נישט אָדער קימאט גאָרנישט.

אין זייער רעשוס איז געווען ווייניק צײַט: צוועלף טעג. די האנדלונג האָט געדארפט זײַן א גיכע, א געפּרעסטע. א קורץ שטיק לעבן האָט זיך געדארפט זעלבשטענדיק אויסטיילן, פארונדלען, דורכגיין מיט אן אָנהייב, מיט א מיט און מיט א סאָף. ווי אין א קורצער נאָוועלע.

דאָס אָפּרו־הויז איז געשטאנען אף א בארג. צווישןביימער האָט ארויסגעקוקט א רויטער טשע־רעפּענער דאך, ווײַסע ווענט, א וואָלייבאָל־נעץ, ציגלנע סטעזשקעס, שורעס נידעריק־ארומגעשוי־רענע ביימלעך, גרינע בענק אין אלייען. העכער — וואלד. הימל און וואלד. אומענדלעכער, פרײַער, יאָמטעוודיקער וואלד.

אין טאָל איז געלעגן צעשפּרייט א ראשיק דאָרף. פון ביידע זײַטן דאָרף — ברויט־פעלדער, לאנגע בעהיימעס־שטאלן, טראקטאָרן, א פײַף פון א לאָקאָמאָטיוו, רויך־קרײַזן. טעג געוויינלעכע, וואָכעדיקע.

צווישן אינדערוואָכן און יאָמטעוו — א וועג. אפן וועג — א בריוו־טרעגער אף א וועלאָסיפּעד. בריוו, וואָס דערמאָנען, אז פאר די דאָזיקע צוועלף טעג איז עפּעס געווען און נאָך די דאָזיקע צוועלף טעג וועט עפּעס זײַן.

נאָר צווישן אים און איר האָט א וואקס געטאָן אזא געפיל, וואָס האָט זיך ניט געלאָזט בייגן דורך קיין שום דערמאָנונגען. זיי האָבן געהאט

ווייניק צײַט, און מ'האָט דאָס דאָזיקע געפּיל באַלד געדאַרפט אָנרופן באַם נאָמען.

זי האָט זיך אַרויסגעוויזן דרייסטער. זי האָט אײַנגעצויגן די באָר־וועסע פּיס אירע און האָט זיי איבערגעדעקט מיטן קליידל. אָנגעשפּאַרט אין גראָז אויף אַן עלנבויגן, האָט זי אין די פינגער געדרייט אַן איין־און־איינציק וואַלד־בלימל. זי האָט אַראָפּגעקוקט צו די פינגער און געזאָגט. מער געפרעגט ווי געזאָגט:

— ליבע?..

ער האָט אויפגעציטערט. יאָ. דאָס איז געווען דאָס ריכטיקע וואָרט. וויאַזוי האָט זיך דאָס דאָזיקע געפּיל דורכגעריסן? פּלוצעם. אומגעבעטן. אומבאַמערקט. וואָס איז געשען? ער האָט באַטראַכט אירע שאָטנדיק־אַראָפּגעלאָזטע וויִעס, אירע צעפּאַלענע האָר־לאָקן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן צעעפנטן בוך, וואָס איז געבליבן ליגן בא דער זײַט. ס'האָט זיך אים אַפילו אַ דאַכט געטאָן, אַז ער האָט דערהערט אַ שאָרך פון אַ ניט לאַנג אויפגעריסענעם קאָנווערט. און ער האָט געענטפערט. מער געבעטן, ווי געענטפערט:

— און עפשער... עפשער פרײַנטשאַפט?.. שטאַרקע פרײַנטשאַפט?..

דער אָנהייב איז געווען. אַן אָנהייב אַ גיכער. מעגלעך, צו אַ גיכער. ס'האָט זיך אַנטוויקלט די מיט.

קימאַט שטענדיק האָט מען זיי געזען אײנײנעם: ריידן, לאַכן, שווײַגן. זיצן אין לייען־זאַל. שפּאַצירן אין די אַלייען. אופהייבן זיך אין וואַלד.

זי האָט שיין דערציילט. זי האָט געלייענט אויף אויסווייניק טורגעניעוס מיניאַטורן, אַליגערס „זאָיע״. זי האָט ליב געהאַט קלעטערן אויףביימער. בייס זי האָט דערציילט, האָט מען אי געהערט, אי געזען. שול־עפּיזאָדן. דער ערשטער מילכאָמע־טאָג. אַ צוועלפיאָריק מיידעלע עוואַקויִרט זיך אין אַ ווײַטן אוזבעקישן קישלאַק. בוימוואָל־פעלדער. אָוונט־קורסן. צו־ריקער. דאָס קליינע מיידעלע איז גרויס געוואָרן. פון דער שילערן איז געוואָרן אַ לערערן. נײַע שול־עפּיזאָדן.

ער האָט זיך דערמאָנט, אַז אין דער יוגנט האָט ער געשריבן לידער, געמאָלן, און איז שפּעטער געוואָרן אַ פאָשעטער אינזשעניער אין אַ פאָ־ליגראַף־קאָמבינאַט. וועגן זעצן, דרוקן און בינדן ביכער האָט ער גערעדט ווי וועגן שפּילן פידל. זי האָט אים אַ רוף געטאָן. ער האָט זי אַראָפּגענומען פון דעם בוים, און זי האָט די הענט אירע פאַרפלאָכטן אַרום זײַן האַלדז.

דערנאָך, אַ צווייט מאָל, האָט ער צעלייגט אויף איר שויס, איינס נאָכן אַנדערן, פאָטאָגראַפיעס. אויף איין בילד — צוויי בלאָנדע מיידעלעך. אויף אַן אַנדערן — די צוויי מיידעלעך און די מוטער זייערע. אויף אַ דריט בילד — ער, די צוויי מיידעלעך און די מוטער זייערע.

ערגעץ אויבן איבער זייערע קעפּ האָט די זון געגאָלדיקט די שפּיצן פון די ביימער. אונטן, אַרום־און־אַרום, האָט די וואַלדישע קילקײַט און טונקלקײַט אָנגעהויבן דערמאָנען אַ ווינטערדיקן צווישן־טאָג־און־נאַכט. אַ שאָטן פון אַ בוים אַנטקעגן — אַ ציגײַנערטע מיט גרויסע אויערינגען.

16*

די פאָטאָגראַפיעס אַפן שויס — אויסגעלייגטע קאָרטן: א וועג, א קאַזיאָ־נע הויז, אַן אומבאַקאַנטער וואַלעט, גליק...

זי האָט געפרעגט:

— געשיקט זיך, אַז מיר וועלן זיך דערנאָך קיינמאָל מער ניט זען?

— ווען ז׳ערנאָך?

אירע קני האָבן א ציטער געטאָן, און די „קאָרטן״ האָבן זיך אראָפּגע־שיט אין גראָז אַראָפּ:

— דערפאַר, האַ? דערפאַר ציסטו עס אַזוי?...

ער האָט אַרײַנגענומען אין זײַנע הענט אירע פינגער און געקוקט, ווי דאָס פּאָנעם אירס בייגט זיך פּאַמעלעך צו צו זײַן אָרעם. ער האָט דערפילט דעם פאַרשיקערנדיקן רייעך פון אירע האָר, די וואַרעמקײַט פון איר נאָענטן אָטעם. אף איין רעגע האָט זיך געוואָלט פאַרמאַכן די אויגן און פאַרגעסן, אַלץ פאַרגעסן. אַרום־און־אַרום ביימער, וואָס קאָנען גאָר־נישט זען און גאָרנישט ניט דערציילן... נאָר די הענט זײַנע זײַנען גע־בליבן הענגען אינדערלופטן. ערגעץ האָבן א שאָרכע געטאָן צווײַגן. ער האָט געזאָגט:

— ניין!... בעסער אַזוי... גלײַכער אַזוי!...

— וו׳אַזוי?

— ווען מענטשן וואָלטן געהאַט געדולד, וואָלט דאָס דאָזיקע שענסטע געפיל ניט פאַרשונדעוועט געוואָרן...

— געדולד?

— יאָ, געדולד!

זי האָט א שמייכל געטאָן:

— עס זאָלן די לעצטע דרײַ טעג אויך איבערגיין?...

און די דרײַ טעג זײַנען איבערגעגאַנגען.

ביידע זײַנען אוועקגעפאָרן אין איין פאַרנאַכט. זי — אין איין זײַט, ער — אין אַן אַנדערער. זי — פרי׳ער, ער — שפּעטער.

ער איז געשטאַנען אַרויסגעשפּאַרט פון א וואַגאָן־פענצטער און גע־קוקט, ווי עס בלײַבן דערווײַטערט דער וואַלד אַפן באַרג, דער רויטער טשערעפּענער דאַך, די אָנגעצונדענע עלעקטרישע לעמפּלעך אונטן אין טאָל. פאַר די אויגן האָבן זיך געיאָגט טעלעפאָן־סלופּעס, געקרייצט זיך פעלדער. ערגעץ פון דער פינצטערניש האָט אַרויסגעקוקט איר געשטאַלט. אַזוי ווי ער האָט זי געזען הײַנט צום לעצטן מאָל שטיין אַף די וואַגאָן־טרעפּלעך. זי האָט געשאָקלט מיט דער האַנט. דאָס ווײַסע קאָפּטל האָט נאָך מערער אונטערגעשטראָכן דעם אומעט אַף איר פּאָנעם. איז דאָס אַלץ געווען נישט מער, ווי א קורצע נאָוועלע? מיט אַן אָנהייב, מיט א מיט און... ווו איז דער סאָף? ביידע באַנען דערווײַטערן זיך וואָס אַמאָל מער איינער פונעם אַנדערן. און דער סאָף? ער איז געשטאַנען אַרויסגעשפּאַרט פונעם וואַגאָן־פענצטער און דעם סאָף אַליין צוגעטראַכט. עפּשער שטייט זי איצט אויך אַזוי אַרויסגעשפּאַרט פונעם פענצטער — הערט זי אים?

— טײַערע!

בא גלעב אוספּענסקין איז פאַראַן א דערציילונג „גענדז״; א רוסיש דאָרף האָט א גאַנצן ווינטער געהונגערט. עס איז אָנגעקומען דער פרי־לינג, פייגל האָבן זיך אָנגעהויבן אומקערן. נאָר ס׳האָט ווידער א בלאָז געטאָן א וויוגע, א זעץ געטאָן א פראָסט און אינמיטן פליִען צעקלאַפּט א סטײַע אָנקומענדיקע גענדז. פאַרפרוירענע זײַנען די גענדז געפאַלן איבער דעכער, איבער פּלויטן. ס׳איז ארויס א פויער, אָפּגעשאַרט פון א גאַנדז דעם שניי, באַקוקט זי און מיט פרייד זיך צעשריגן: „בראַטצי, זי לעבט!״ דאָס גאַנצע דאָרף איז ארויס. די גענדז האָט מען ארײַנגענומען אין די שטי־בער, אָנגעהויכקעט, אויסגעוואַרעמט, און דערנאָך געקוקט, ווי זיי הייבן זיך ווידער אויף אין דער הייך — די סטײַע ווערט צוריק א סטײַע. און אַז די סטײַע איז פאַרשוווּנדן געוואָרן, האָט דער אוילעם איינער דעם אנדערן אָנגעקוקט: „זע נאָר, מיר האָבן זיי דאָך געקענט אופּעסן!..״

מיר ביידע, טײַערע, האָבן שיר ניט אופגעגעסן די גענדז. עפּשער וואָלטן מיר זיך געוווּן אָנגעזעטיקט. נאָר ארום אונדז וואָלטן זיך גע־וואַלגערט פעדערלעך, בלוט־טראָפּנס, פליגל...

אזוי זײַנען די גענדז אוועקגעפלויגן. נאָר לעבעדיקע. לעבעדיקע...

# שטאָט־באַלעבאַטים




ונטיק נאָכן אָנבײַסן גייט דאָס פּאָרפֿאָלק ארויס אף שפּאציר.

זיי זײַנען שוין בײדע, קיין אײַנהאָרע, מענטשן אין די יאָרן. ער הייסט שוין גאָר־גאָר פֿון לאנג לעוו איסאַקאָוויטש, און זי קען א האלבע שטאָט מאמעס פאר עספירע יאקאָוולעוונע. נאָר צווישן זיך, ביפראט, אז ס׳איז אופגעלייגט אפֿן הארצן, פאַרצ׳ען זיי זיך, ווי אמאָל אין דער יוגנט: זי אים — לייבל, ער זי — עסטערקע.

ער ארבעט אין באנק. א גאנצע וואָך, יאָר־אײַן, יאָר־אויס, שפּײַט ער זיך אין די שפּיץ פינגער, ציילט פּעקלעך געלט, קנאקט מיט די הילצערנע רעכן־רעדעלעך, זיצט א געבויגענער פּארטיפּט אין פּאפּירן. און ווען עפּעס א כעזשבן שטימט אמאָל ניט, טוט ער א רוק ארוף די ברילן אפֿן שטערן, שטעקט ארויס דעם קאָפּ דורכן קליינעם פענצ־טערל, באטראכט א רעגע מיט צוויי מידע אויגן די קאסירערנס, וואָס טומלען אום אין זאל, און טוט זיך דערנאָך א רייניק אויס דעם האלדז מיט א פּאָר דריוונע הוסטעלעך — אָט וועט ער באלד שטארק אָנשרײַען אף זיי. נאָר אפֿן אָרט פֿון געשריי קומט בא אים טאָמיד ארויס א מין שלאָבעריק־ווייך, קימאט בעטנדיק קאָל:

— מיידלעך... שטילער א ביסל... איר דארפט דאָך הײַנט אויסצאָלן סכירעס!..

זי טראָגט שוין אזוי העכער צוואנציק יאָר, אָפּט א גאנצן מעסלעס קעסיידער, א לאנג צעראטן פּארטעך איבער א ווײַסן כאלאט; באוויַזט זיך טאָמיד אין שפּיטאָל־קאָרידאָר מיט א פּירעקעכדיק שטיק מארליע אפֿן מויל.

די קומענדיקע מאמעס „אָבעזבאָלעוועט״ זי אַמאָל מיט אַ פריילעך מײַסעלע, אַמאָל מיט אַ וויץ, אַמאָל פּאַשעט מיט אַ פריילעך פּאָנעם.

טאַטעס ווײַזט זי צום ערשטן מאָל, דורכן פענצטער, אַ געוויקלט נעפּעשל, וואָס באַלעקט זיך שוין די ליפּלעך מיט אַ פּיצעניונקעלע ציינ־געלע. זי האַלט דאָס מענטשל אונטערגעשפּאַרט אויף אַ דלאָניע און שרײַט אַרויס צום טאַטן דורך די צווייענדיקע שפּיטאָל־פענצטער, אַז ס׳איז אײַנגאַנצן ער. און ווען דער יונגער טאַטע, אַן איבערגעראַשטער פון גליק, לייגט צו אַ האַנט צום אויער, טוט זיך אַ צי צום פענצטער, פאַר־שטייט ניט, וואָס זי מיינט, — גיט זי אַ ריר אָן מיט אַ פינגער דעם קינדס נעזל און טײַטלט, עטלעכע מאָל אַזוי, מיטן זעלבן פינגער אין דרויסן אַרויס, צום טאַטנס נאָז:

— טוט, זאָג איך, אומיסטן אַ קוק אויפן נעזל... אײַער נעזל!..

זונטיק שלעפּט אויף זיך לעוו איסאַקאָוויטש אַרויף אַ פּאָר אַלטע הויזן, טרעסעט קילימלעך אין הויף. עספירע יאַקאָוולעוונע קומט פונעם מאַרק. אויף דער פּליטע אין קיך זשומעט פון פאַרטאָג אָן דער טשײַניק. זי בראָקט אויפן האַקברעטל קרויט, און ער גיט דערווײַל אַ לייען אויף אַ קאָל הינטער איר פּלייצע דעם פרישן בלאַט. ער קלאַפּט אויס ביכער, זי ווישט איבער דאָס גלאָזוואַרג אין קאָמאָדל. ביידע מוזן בײַ יעדער קלייניקייט אָנטאָן די ברילן. מיט פאַרנומענע הענט מוזן זיי קוקן איינער אויפן אַנדערן, ריידן איינער מיטן אַנדערן דורך די ברילן אַריבער, אַ ביסל אָנבייגנדיק דעם קאָפּ, ווי כאָלילע איינער אויפן אַנדערן עפּעס אָנגעדראָדלט. אין שטוב איז נאָך אַ גענוגע איבערקערעניש, ס׳בעטגעוואַנט לופטערט זיך נאָך אויפן פענצטער, אין אַ ווינקל ליגט נאָך דער בעזעם אויף אַ קופּקעלע מיסט, און אַז ס׳וועט אַרײַנקומען אַ מענטש, וועט פלאַמען דאָס פּאָנעם. ביידע צעלייגן זיך אויפן פּאָל מיט צוויי נאַסע שמאַטעס אין די הענט. אין קיך לויפט עפּעס אויס. זי צעפּראַלט אַ פאָרטקע, פּרעגלט, בראָט, פּאַרפּראַ־ וועט. ער פאַרשפּרייט די קילימלעך, בייגט זיך שווער, אויקעט. סאָפּקאָל־ סאָף ווערט די שטוב פריש און זאַט אויף עטלעכע טעג. דאָס קיכל בליש־ טשעט. פּאָרנט אין צימער שפּילט די ראַדיאָ. עספירע יאַקאָוולעוונע גרייט צום טיש. לעוו איסאַקאָוויטש זיצט אָנגעטאָן אין אַ פרישן העמד, פריש אָפּגעגאָלט, שנאָלט מיט די פינגער צום טאַקט אין אַ פּלעשל און זינגט שטילערהייט נאָך די ראַדיאָ. עספירע יאַקאָוולעוונע שפּיגלט זיך מאַמעש אין קראַכמאַלעטן טישטעך, וואָס פּעכלט אין אויג, אָטעמט אײַן, מאַמעש מיט די נאָזלעכער, די ריינקײַט און די געמיטלעכקײַט, וואָס האָט זיך אוועקגעלייגט אין אַלע ווינקעלעך. ענדלעך זעצט זי זיך אויך אַנידער, נעמט דעם גאָפּל אין דער האַנט און טראַכט, אַז ס׳וואָלט אוודאי ניט געווען קרום, ווען אָ־דאָ־אָ בײַם טיש זיצט אַ טאָכטער, אַ זון צי עפּשער טאַקע אַן איידעם, אַ שנור, אַן אייניקל. נאָר ס׳האָט זיך אַזוי געמאַכט. יונגערהייט האָט מען אַלץ אָפּגעלייגט. מילכאָמע־צײַט איז ער געווען מאָביליזירט, זי — עוואַקויִרט. נאָך דער מילכאָמע האָט זיך בײַ זיי איין קינד געפעלט, אַ צווייט קינד געפעלט. דערנאָך איז שוין געוואָרן שפּעט. אוי, וואָלט זי דאָס־אָ געוואָלט טראַכטן אויף אַ קאָל. נאָר לייבל

וויל אין שטוב בא זיך ניט הערן דאָס וואָרט „עלנטקייט״, דאָס וואָרט „אלטקייט״. כוץ דעם — סיווויסיי, אז ער זיצט אזוי־אָ און ברומקעט זיך צו מיט אזא טאָן א ניגן, די ראַדיאָ שפּילט איינס און ער זינגט איר נאָך עפּעס אנדערש — ווייסט זי בעמיילע, אז ער טראכט דאָס אייגענע, וואָס זי טראכט, און מע דאַרף אים נאָך פון אויבן ניט טאָרען די ווונדן.

נאָכן אָנבייסן גייט דאָס פּאָרפאָלק זיך דורך א ביסל שפּאַצירן.

זיי קומען ארויס אפן פּראָספּעקט. זיי קומען ארויס דורך א פּאָר שמאָלע פארפראָשעטע געסלעך, וואָס מע האלט אין אראָפּנעמען, קעדיי דעם נייעם פּראָספּעקט אויך אהין ארייַנפירן.

די שורעס יונגע ביימלעך איןביידע זייַטן און אפן בולוואר אין דער מיט פּראָספּעקט האָבן זיך א צעוואקס געטאָן מיטאמאָל, מאמעש איבער נאכט. א ווינטל זשומעט צווישן די בלעטלעך, שאָקלט זיי מיט א דריוור־נעם שאָקל, און די זון־שיַין, וואָס פאלט אף זיי, בייַט אלעמאָל די פארב זייערע: א רעגע זייַנען די בלעטלעך געל, א רעגע — ווידעראמאָל טונקל־גרין, און אָט טוט זיך א גיס דורך איבער זיי א מין בלישטשענ־דיקער פיש־זילבער.

דער בולוואר איז פול מיט מענטשן, פול מיט קוילעס. בענק זייַנען ארומגעוואקסן מיט פארפלאָנטערטע ווייַנטרויבן־דעכלעך. ארום די בלומען־בייטן שטייען קינדער־וועגעלעך. עספּירע יאקאָוולעוונע האלט לעוו איסאקאָוויטשן אונטערן אָרעם, און עס קוועלט אין איר דאָס הארץ, וואָס דאָ אין דרויסן, אף דער פרישער לופט, אף דער זון, הייבט ער זי ווידער אָן רופן עסטערקע. זי פארהאלט זיך א ביסל מיט באקענטע, און ער, די הענט פארלייגט אף ארונטער, גייט זיך אזוי פּאוואָליע בא דער זייַט און פארייַסט דעם קאָפּ צו די נייַע מויערן. העכער א ביסל, אף די טרעפּ, וואָס פירן ארויף צום דענקמאָל, האָט ער זיך טאָמיד ליב אָפּצושטעלן, לייבל, אויסדרייען זיך מיטן פּאָנעם אף צוריק און דעם גאנצן פּראָספּעקט באטראכטן אין דער נידער. וויאזוי ווערט עס א מענטשן ניט נימעס אזוי־פיל מאָל איבערצוכאזערן איין און די זעלבע זאך? נאָר זי האָט דערפון גראדע פארגעניגן. זי קוועטשט אפילע צו צו זיך פעסטער דעם אָרעם זייַנעם, ווי א מין ענטפער, בייס ער טוט א זאָג, צום הונדערטסטן מאָל אוואדע:

— א שיינקייַט פון א גאס... ניין, עסטערקע?..

זיי שפּאנען אף א ניי שטיק אספאלט, א פריש אָפּגעלייגטס, ס׳איז נאָך וויַיס און ווייכלעך. לעוו איסאקאָוויטש גייט דערוף גרינג, ווי ער וואָלט עס ניט געוואָלט אויסשמירן, טוט דערנאָך, פּארקערט, א שפּאן אפן אספאלט מיט א באזונדער מין וואָג אין די פיס, אונטערטענצלענדיק, ווי ער וואָלט דעם אספאלט געפּרוווט:

— א ווויל טראָטוארל!..

דאָס וויפלטע מאָל, אשטייגער, וויַיזט ער איר דעם דאָזיקן הילצער־נעם פּלויט מיט די צוויי הויכע הייבקראַנען אינווייניק?

— זעסט, דאָ מאכט מען א פּאנאָראמנע קינאָ... פּס... א גוואלדיקער קינאָ!..

— ס׳ווערט א גרויסע שטאָט, ווערט!
— הערסט, די געפּארבטע באלקאָנדלעך זײַנען גראָדע ניט מיִעס!..
— גיב נאָר א קוק, א נײַער טראָליי־בוס!..
אלעמאָל טוט ער איר א ווײַז עפּעס אנדערש, גלײַך ווי זי אליין זעט עס ניט. נאָר זי טוליעט זיך נעענטער און נעענטער צום אָרעם זײַנעם, זוכט אָפּ אין קעשענע זײַנע פינגער, פלעכט זיי דורך מיט אירע, הענגט זיך מאמעש אָן אין אים, און טוט צו אים א דריי אויס דאָס פּאָנעם אירס, קינדיש־כײַנדלענדיק זיך:
— שטאָט־באלעבאָס מײַנער!..
א צווייט מאָל קומט פאָר דאָס זעלבע, נאָר א קאפּעלע אנדערש.
ערגעץ אין א זײַט, לעבן א קעסל, וואָס מישט טשאמור, וואלגערן זיך רערן — זשאווערן. אָן אָפּגעדעקטע קופּע אלעבאסטער איז נאָך א רעגן פּארהארטעוועט געוואָרן. לעוו איסאקאָוויטש קלינגט מיטן פוס אין די רערן, קראצט מיט א שפּיץ שוך דעם זשאווער, פּרוווט מיט דער פּאַ־דעשווע דעם פארשטיינערטן אלעבאסטער, לאָזט דערנאָך איבער היג־טער זיך אפן טראָטואר ווײַסע קאלך־טריט, כמורעט זיך, היצט זיך:
— ס׳קאָסט אָפּ א פארמעגן... און ס׳ווערט טיל־טעל!..
לעבן א נײַ הויז שפּאנען זיי אריבער אף א ברעט א פריש צעגראָ־בענע קאנאווע. אופגעהאקטע שטיקער אספאלט ליגן אָנגעוואלגערט איינס אפן אנדערן, ליגן מיט די אינווייניקסטע שטיינדלעך ארוף, ווי מיט אופגעריסענע געדערים. לעוו איסאקאָוויטש קנאקט מיט דער צונג:
— איַי, איַי... ניט געקענט אויסרעכענען פריִער... ערשט געמאכט, און שוין צעבראָכן... איבערברעכן רוק־און־לענד דארף מען אזא ארבע־טאָרער... ס׳איז געארבעט אָן נעשאָמע. אָן א ביסל ווייטעק...
עספירע יאקאָוולעוונע האלט אים, ווי טאָמיד, אונטערן אָרעם, זי וואָלט בעפּיירעש געוואָלט א זאָג טאָן: וואָס איז? וואָס לעבסטו אומזיסט און אומנישט איבער? וואָס גייט עס דיר אָן, וואָס?.. נאָר זי שווײַגט און גלעט אים פארליבט די האנט. ס׳טוט איר גראָד האנאָע, וואָס עס גייען אים אָן פרעמדע זאכן, וואָס ער איז אזוי און נישט אנדערש.
זי טוליעט זיך צו אים נעענטער און נעענטער, הענגט זיך מאמעש אָן אין אים און טוט צו אים ווידער א דריי אויס דאָס פּאָנעם אירס, קינדיש־כײַנדלענדיק זיך:
— שטאָט־באלעבאָס מײַנער!..
עמעצער טוט עספירע יאקאָוולעוונען א רוף, און זי לאָזט לעוו איַסא־קאָוויטשן שטיין בלײַבן אליין און ווארטן. ס׳איז אים ניט דאָס ערשטע מאָל. ס׳איז אים אפילע קיין כידעש ניט, וואָס דאָס ווײַב זײַנס כאפּט זיך פלוצעם, אינמיטן גאס, קושן מיט צוויי ווילד־פרעמדע פרויען.
איין פרוי, די עלטערע, קען ער, דאכט זיך: זי טוט זיך צו אים פונ־דערווײַטנס א גרוס. די צווייטע איז נאָך גאָר־גאָר א יונגיטשקע, א ראָ־זעווע, טראָגט אף די אקסל א ברייטן שארף, הילט זיך אין דעם שארף מיט די עלנבויגנס, מינעט זיך שעמעוודיק אפן פּאָנעם, ווי א שילערן. לעוו איסאקאָוויטש שמייכלט צו זיך אליין. ער הערט קיין איין וואָרט

ניט, וואָס זיי ריידן דאָרט, נאָר ער קען שוין דעם שמועס אף אויסווייניק. די עלטערע איז אוואדע די מאמע, און די ייִנגערע — די טאָכטער. ס'הייסט, ניין: די עלטערע איז שוין די באָבע, און די ייִנגערע — די מאמע... באלד וועט מען שענקען עסטערקען א פאָטאָגראפיע פונעם איי־ניקל. און עסטערקע וועט עפשער צוואנציק מאָל איבערכאזערן, אז מע דארף מיטן קינד וואָס מערער זײַן אף דער לופט... איין קאָל: וואָס מערער אף דער לופט!..

און אז עספירע יאקאָוולעוונע געזעגנט זיך דערנאָך מיט די פרויען, שאָקלט צו זיי פונדערווײַטנס מיט דער האנט, שרײַט זיי טאקע נאָך: „וואָס מערער אף דער לופט", און קומט טאקע צוריק מיט א פאָטאָגרא־פיע אין דער האנט, שטייט לעוו איסאקאָוויטש און קאטשעט זיך פאר געלעכטער.

— נו, שא, קום, וואָס איז דיך באפאלן, וואָס?.. — נעמט זי אים ווידער אונטערן אָרעם. — גיב בעסער אומיסטן א קוק אפן בילד... ערשט געווען א ברעקל... ערשט פלעג מען איר זאָגן, אז מ'האָט זי בא מיר געקויפט... איצט דארף זי שוין אינגיכן אליין קומען „קויפן"... די יאָרן פליִען... נא, לייג דאָס בילד ארײַן אין קעשענע!..

נאָר לעוו איסאקאָוויטש לאכט אזוי געשמאק, אז ער קען אזש דעם אָטעם ניט כאפן. ער האלט די פאָטאָגראפיע אין דער האנט, פארהוסט זיך, סאָפּעט און טרײַסלט די גאנצע צײַט אף עספירע יאקאָוולעוונען:

— דעם זעקסטן אלבאָם... הייבט שוין אָן דעם זעקסטן אלבאָם! א האלבע שטאָט האָט בא איר געקויפט קינדער... און מיך, מיך רופט זי שטאָט־באלעבאָס!..

עספירע יאקאָוולעוונע זאָגט נאָך א פּאָר מאָל: „שא, הער שוין אוף!" און הייבט באלד אליין אויך אָן לאכן.

מענטשן שטעלן זיך אָפּ און קוקן: גראָווע האָר אפן קאָפּ, קנייטשן אפן פּאָנעם, און מע גייט געארעמט, גייט מען, מע לאכט, ווי די יונגע צו־ציקעס!..

# א פֿאָטער און א מוטער




׳ווייס ניט, מעגלעך, אז דאָס איז פֿאָרגעקומען ניט פּינקטלעך אזוי, ווי איך דערצייל. כ׳בין אליין ניט געווען דערבײַ. יענע, וועלכע זײַנען יאָ געווען, זײַנען מער נישטאָ. דער איין־און־איינציקער, וואָס איז דאָ, איז א מאָלער, א קינסטלער, א מענטש מיט אן אופגערייצטער פֿאנטאזיע. כ׳האָב סאָניען עטלעכע יאָר קעסיידער געזוכט, כ׳האָב געזוכט כאָטש א פּאָר פּינקטלעכע ידיעות וועגן איר, כ׳האָב געטראכט: עפּשער איז ערגעץ איבערגעבליבן א קינד דער שוועסטערס, כאָטש איין קינד. כ׳האָב כאָטש געוואָלט וויסן ווּ, ווי־אזוי, ווען. א כוידעש פֿאר דער מילכאָמע בין איך עטלעכע טעג געווען בא סאָניען צוגאסט, געפֿלויגן צו איר קיין ריגע פֿון לענינגראד. אין לענינגראד האָב איך דעמלט פֿארבראכט גאנצע זעקס וואָכן. כ׳האָב געטראכט וועגן אספּיראנטור, וועגן סאָלאָ־אופֿטריטן. כ׳בין טעגווײַז געזעסן אין די ביבליאָטעקן; אלע אָוונטן געלאָפֿן אַף קאָנצערטן. כ׳האָב נאָך ביז הײַנט ליב באכן. ניין: ליב איז צו א גרינג וואָרט. ליב האָבן האָב איך אמאָל ליב געהאט א צעבאלעוועטן באָכער, א סטודענט אין דער קאָנסערוואטאָריע אַף איין קורס מיט מיר, וואָס האָט כוץ א שיין קאָל און א פּאָר שיינע שווארצע וואָנציעלעך, גאָרניט פֿארמאָגט אין זיך. פֿארוואָס, האָב איך ניט געוווּסט און ווייס נאָך אדהײַעם ניט. אָן א פֿארוואָס ליב געקריגן און פֿונקט אזוי־אָ, גיך, פֿײַנט באקומען אָן א פֿארוואָס. באכן הער איך מיט די זעלבע אראָפּגעלאָזטע אויגן, ווי איך פֿלעג אמאָל הערן מײַן אלטן טאטנס רייד. די גרײַז־גרויע האָר, דאָס שווארצע היטל אַפֿן קאָפּ, די טײַנעס — זײַנען מעסוקן אלטע. נאָר קיינער גיט דיר קיין טאטן ניט אַף אויסצוקלײַבן. דאָס איז פֿון דעם סאָרט ליבשאפֿט, וואָס בלויז פֿרעגן זיך: ליב צי ניט ליב — איז שוין פֿארברעכן. דער פֿארגלײַך איז עפּשער ניט קיין פֿאר־

גלײַך: אַלקאָלפּאָנעם פֿאַר מוזיק־קענער. מיך האָט דער דאָזיקער פֿאַרגלײַך אָנגעהויבן מוטשען, ווען כ'האָב זיך דערוווּסט, ווי̇אַזוי זיי האָבן מײַן אַלטן פֿאָטער אומגעבראַכט. פֿון סאָניען בין איך צוריקגעפֿלויגן קיין לעני̇נגראַד. דעם 26־טן, פֿיר טעג נאָך דעם, ווי עס האָט זיך אָנגעהויבן, בין איך שוין ווידער באַ זיך אין צוזאַמענוווינונג אין אָדעס. סאָניען אַרויסרופֿן צום טעלעפֿאָן האָט מען שוין ניט געקענט. דעם טאַטן האָב איך יאָ אַרויסגערופֿן, שאָענוויי̆ז עטלעכע מאָל געוואַרט באַם טעלעפֿאָן, און ער איז ניט געקומען. אָן ערעך דעם פֿערטן צי דעם פֿינפֿטן יול האָב איך זיך דערשלאָגן אַהיים, אין אונדזער שטעטל אויפֿן ברעג פֿונעם דניעסטער, און געטראָפֿן אַ שלאָס אויף דער טיר: דער טאַטע, האָט מען מיר געזאָגט, איז אַוועק צופֿוס. קיין אָדעס, ווי איך האָב געמיינט, איז ער ני̇ט געקומען. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען אונדז, עטלעכע מיידלעך, אַרויסגערופֿן אין וואָיענקאָמאַט. מיר האָבן געהאָלפֿן לעשן צינדבאָמבעס אויף די דעכער. מיר האָבן באַנאַכט אומגעשפּאַנט אויף די גאַסן און געזען, עס זאָל אין ערגעץ ני̇ט זײַן קיין שײַן אין די פֿענצטער. אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך זיך אויפֿגעכאַפּט מיט צוויי שווערע פֿאַרבאַנדאַזשירטע הענט אויף אַ בעטל אין אַ שיף־קאַיוטע צווישן פֿאַרוווּנדעטע. מעגלעך, אין יענע טעג טאַקע איז דער אַלטער טאַטע מײַנער שטיין געבליבן ערגעץ אויפֿן וועג לעבן אַ קרעניצע. ווײַט שוין. אויף יענער זײַט בוג. וועגן טאַטן האָב איך זיך באַלד דערוווּסט אַלע פּראַטים. מענטשן פֿון אונדזער שטעטל זײַנען געווען דערבײַ. כ'ווייס ווו. כ'בין אַ פּאָר מאָל, זומער־צײַט, אין אורלויב, דורכגעפֿאָרן זיך אַהין, אַוועקגעזעצט זיך אונטן אין טאָל באַם וועג, געזעסן אַ ביסל, געטראַכט אַ ביסל, און אָפּגעפֿאָרן דערנאָך ווײַטער, קיין ריגע, זוכן סאָניען. ער האָט, אַפּאָנעם, געוואָלט אַ מעסוקענעם טרונק דעמלט, דער טאַטע. זיי האָבן פּלוצעם געגעבן אַ פֿאָר אָן אויף מאָטאָציקלען. דער אוילעם איז זיך צעלאָפֿן איבער די פֿעלדער, אין דער טוווּע. מעגלעך, אַז ער האָט דעם ראַש ניט געהערט. מעגלעך, ער האָט שוין פּאָשעט קיין קויעך ניט געהאַט צו לויפֿן. און מעגלעך, אַז דער דאָזיקער טרונק איז דעמלט געווען שטאַרקער, ווי אַלץ אין דער וועלט. ער איז געשטאַנען אָן איבערגעבויגענער איבער דער קרעניצע, מיט ביידע הענט אויפֿן עמער, און פֿאַמעלעך אַרײַנגעצויגן אין זיך די וואַסער. מעגלעך, אַז ס'האָט זיי געאַרט, וואָס דער דאָזיקער פֿרעכער ייִד שטייט זיך אַזוי רוי̇ק און טרינקט, אויסגעדרייט צו זיי מיטן גאַנצן אײַנגעבויגענעם רוקן זײַנעם. מעגלעך, אַז דאָס איז פּאָשעט געווען אַזאַ שפּילעוודיק לוסטיק מאַכן זיך זייערס, אַזאַ אָפּרו אינמיטן וועג אין אַ טאָל. זיי האָבן אים אָנגעטאָן אַ מין רוקזאַק אויפֿן קאָפּ און אים געגעבן אַ שטופּ אַראָפּ אין קרעניצע. זומער־צײַט פֿלעג איך אין דער היים שאָענוויי̆ז שטיין מיטן פֿידל אין די הענט און שפּילן. דער טאַטע פֿלעגט זיצן באַ דער זײַט און הערן. די בעסטע זעמערלעך זײַנע אויף דער עלטער זײַנען געווען דער טאָכטערס שווערע אַדאַזשיעס און פֿוגעס. ער פֿלעגט זיי זיך צוברומקען אין שטוב באַם טיש צי אין דרויסן, פֿאַרנאַכט, אויפֿן גאַנעק, מיט אַ מין שעמעוודיק־שטילן, פֿרום־פֿאַרדווייקעטן ברום. ניט מײַן אַלטן טאַטן —

באכן, זייער באכן, האָבן זיי אָנגעטאָן א זאק אפן קאָפּ. באכן הער איך איצט טאָמיד מיט פארמאכטע אויגן. כ׳הער דערבײַ מײַן טאטנס פארדווייקעט צוברומקען. מיר זעט דער דאָזיקער, עפשער ניט גאָר פּראָפּעסיאָנעלער, טאטע־באך־פארגלײַך גאָר ניט אויס אויסטערליש. דעמלט, ווען איך פלעג אים אליין שפּילן, פלעג איך פילן האנאָע, אָפּשײַ. איצט פיל איך יענעם סאָרט ליבשאפט, וואָס בלויז פרעגן זיך: ליב צי ניט ליב — איז שוין אליין פארברעכן. איצט פיל איך אין זיך אזוינס, וואָס איך וואָלט אָנגערופן פארגעטערטקײַט. יאָ, יאָ: כ׳שעם זיך ניט מיט דעם דאָזיקן באנאלן וואָרט. עפשער בין איך אלטמאָדיש, האָ? דאכט זיך, אז ניין. ווען איך בלײַב אמאָל אליין פארומערט אין שטוב, זוך איך אין ראדיאָ דזשאז. דזשאז פארשרײַט. דזשאז מאכט אָן א גוואלד. דורכן דזשאז קוויטשעט ארויס דעם פעטער טאָמס שטיבל. דזשאז שרײַט, אז די וועלט איז נאָך קרום. דזשאז שלעפּט אראָפּ פונעם געלעגער. איינע א שכיינע מײַנע האָט וועגן מיר אמאָל א זאָג געטאָן: „די אלטע מויד טאנצט מיט זיך אליין ראָקענראָל!" ס׳איז מיך באפאלן א געלעכטער. ווען עס זײַנען נישטאָ קיין נאראָנים, וואָלט אף דער וועלט קיין הומאָר ניט געווען. טשײַקאָווסקין האָב איך ליב צו הערן שפּעט באנאכט, ווען ארום־און־ארום איז מעסוקן שטיל. טשײַקאָווסקין האָב איך אופגעשריבן אף מאגניטאָפאָן־טאשמעס. כ׳האָב ליב, ווען ער רעדט נאָר מיט מיר אליין. טשײַקאָווסקין דארף איך. איך שטעל אָן דעם מאגניטאָפאָן אף דער שטילסטער שטיל־קײַט. ער זאָגט מיר בעסאָד־סוידעס, אז סאָפּקאָלסאָף איז דאָס לעבן שיין. האָב ליב! — זאָגט ער. הער, די וועלט איז סאָפּקאָלסאָף פול מיט ניגן. טשײַקאָווסקין הער איך, ווען איך וויל זען סאָניען. סענטימענטאלקײַט איז ווידער א באנאל וואָרט, האָ? ס׳ארט מיך ניט. פארקערט: איך וויל זײַן סענטימענטאל. סאָניען האָב איך, פארשטייט זיך, ליב געהאט ווי א שוועסטער. נאָר סאָניע האָט מיך קליינערהייט גענוג אומגעטראָגן אף די הענט, פארביטן די מאמען, וואָס האָט אונדז ביידן געפעלט. סאָניען האָב איך אויך ליב געהאט ווי א מאמען. סאָניען האָב איך אויך ליב געהאט אזוי, ווי טאקע נאָר איין סאָניען האָט מען געקענט ליב האָבן. סאָניע איז געווען א שיינע, סאָניע איז געווען א צוגעלאָזטע, סאָניע איז געווען א קלוגע. סאָניע איז געווען א גליקלעכע. זי איז מיט עטלעכע יאָר געווען עלטער פון מיר — איצט איז זי מיט אזויפיל יאָר ייִנגער פון מיר. זי איז שוין געווען א מאמע פון דרײַ קינדער, נאָר דעמלט־אָ, אין יענע פּאָר טעג, ווען איך בין בא איר צום לעצטן מאָל געווען צוגאסט, האָט זי, ווי אפצולאָכעס, אויסגעזען מיידלשער ווי מיידלווײַז, שענער, גליקלעכער. זי האָט א גאנצן טאָג געזונגען און געלאכט, געלאכט און גערעדט. לעבן די קינדער — צוויי מיידעלעך און א ייִנגעלע אין וויגל — האָט זי א פּאָנעם געהאט ניט ווי קיין מאמע, נאָר ווי אמאָל לעבן מיר: אן עלטער שוועסטערל. דעם שוואָגער, א קאָמאנדיר דעמלט אין דער רויטער ארמיי, האָב איך ניט געזען: ער איז שוין אריבער א כוידעש געווען אין א מיליטער־לאגער. עפּעס האָט מיך א רעגע־צוויי א צופּ געטאָן א שלעכט פאָרגעפיל. נאָר קוקנדיק אף סאָניען, האָט מען מיט שווארצע מאכשאָוועס

געמוזט שעמען זיך, טרײַבן זיי פון זיך. כ׳בין געזעסן בא דער פּיאַנע און די צוויי פּלעמעניצעס מײַנע געלערנט „טשיזשיק־פּיזשיק״. סאָניע האָט מיך געגרייט אין וועג: זי האָט געבאַקן, געבראָטן. באַם צעקושן זיך האָב איך זי, צום ערשטן מאָל פאַר דער גאַנצער צײַט, דערזען אַ פּאַר־כמורעטע. כ׳האָב איר, אַפּאָנעם, דאָס פּאָרגעפיל מײַנס יאָ איבערגעגעבן: „זע, טאָמער עפּעס וואָס, — האָט זי אַ זאָג געטאָן, — האָב אין זינען דעם טאַטן. דו ביסט נעענטער, פרײַער!..״ וועגן טאַטן האָב איך זיך באַלד אַלץ דערוווּסט, וועגן סאָניען מיט די קינדער האָב איך געפונען פּראָטים ערשט אין עטלעכע יאָר אַרום. כ׳פלעג יאָר־בא־יאָר, צוריקפאָרנדיק מיט גאָרניט, פרעגן זיך: „צו וואָס דאַרף איך פּראָטים? אומגעקומען. כ׳ווייס עס שוין. ווי מיליאָנען אַנדערע״. כ׳פלעג זיך ענטפערן: „ניין, כ׳דאַרף!״ פרִיער, פאַרשטייט זיך, עפּשער וועט זיך דורך זיי אָפּזוכן אַ קינד דער שוועסטערס, דערנאָך — אָן פּראָטים ווערט דאָס וואָרט „אומגעקומען״ פון יאָר צו יאָר בלייכער, געוויינלעכער. פּראָטים קייפּלען דאָס דאָזיקע וואָרט מיליאָנען מאָל. יעדער איינער באַזונדער, טראַכט איך, אַפילע אַ נאַקעטער צווישן אַלע אַלציין־נאַקעטע אונטער די גאַז־דושן, איז אומגעקומען מיט זײַן באַזונדערן אומקום, מיט זײַן באַזונדערן קאַדעש. טרויער איז ווידער ניט קיין נייטיקע זאַך, האַ? אַ טאָעס. איך וויל וואָס מער טרויערן, קעדיי כ׳זאָל קיינמאָל כאָלילע ניט אופהערן זינגען מיט מײַן גאַנצן קלאַס קינדערלעך, אין דער מוזיק־שול, ווו איך בין איצט לערערן, די סאָלפּעדזשיאָ־ניגונים. פּראָטים לאָזן ניט פאַרגעסן. איך וויל געדענקען. איך וויל ניט נאָר געדענקען — איך וויל דערמאָנען. די ריידזײַנען עפּשער ניט אינגאַנצן מײַנע. זיי זײַנען עפּשער מערער זײַנע — דעם מאָלערס. וויקטאָר טוט אַזוי: ער דערמאָנט. כ׳האָב מיך מיט וויקטאָרן באַקענט אויפן ריגער יאַם־ברעג. צופעליק. כ׳פלעג שוין דעמלט קומען קיין ריגע גלאַט אַזוי: כאָטש פּאָשעט אומגיין אויף די גאַסן, ווו סאָניע איז אומגעגאַנגען. גיי טרעף, אַז דער דאָזיקער מענטש מיט דער צעקנייטשטער שטרויענער שליאַפּע אויפן קאָפּ, וואָס זיצט אַזוי אָנעם העמד אויפן ברעג לעבן אַ מאָלברעט, ווייסט אַלע פּראָטים סאָניעס. ס׳האָט מיך, אַפּאָנעם, אַ צי געטאָן צו אים. פאַרוואָס זיצט ער פּלוצעם דאָ אַנטקעגן יאַם, קוקט זיך אײַן אין די כוואַליעס, און צייכנט גאָר אויף דער לײַוונט שטעכיק דראָט, שפּיציקע לאַגער־טורעמלעך, שאַרבנס? „איר זענט זיך, זעט אויס, כאַווערטע, טויע, — האָט ער אַ לאַך געטאָן, — אָט־אָ שטייט ער דאָרטן, דער פאָטאָגראַף. לעבן אַפּאַראַט זײַנעם...״ אַ וואָרט און אַ וואָרט. ער האָט מיך פאַרבעטן צו זיך אין אַטעליע. מיר זײַנען געגאַנגען לענגויס דעם ברעג. אין שטוב, צווישן פיר ווענט, — האָט ער געזאָגט, — טאָר ער אַזעלכע זאַכן ניט מאָלן. די שטילקײַט און די אַליינִיקײַט רופן אַרויס בלויז דעם גרויל. הוילער גרויל איז נאָך קיין קונסט ניט. נו, און הוילע פרייד? פרייד פרייט כאָטש. גרויל שרעקט. מע דאַרף אַנטפּלעקן, באַזיניקן. כאָשכעס דערזעט מען ערשט גוט, ווען עס צינדט זיך ערגעץ אָן אַ לאַמטערנדל שײַן. אין שטוב ציט זיך די האַנט זײַנע צו שוואַרצס, צו טונקל־בלאָווס, צו ברוין־גרינס. די יאַם־כוואַליעס ניכטערן אויס, באַ־

רויִקן. די יִינגלעך און מיידלעך אויף ברעג, זייער שפּיל און זייער פֿרייד,
זייערע קוילעס און זייער יונגקייַט, זאָגן: מאָל, ווייַז, וואָרן! ער איז פֿון
דאָרט ארויס א לעבעדיקער ניט נאָר קעדיי צו זייַן א געוויינלעכער איי־
דעס. ער האָט דאָרטן געדארפֿט האָבן קויעך איבערצוטראָגן דאָס, וואָס
אלע האָבן איבערגעטראָגן. און ער האָט נאָך געדארפֿט האָבן קויעך צו
האלטן טאָמיד אָפֿן א שפּעלטיקל פֿון אַן אויג אלצדינג גוט אָנצוקוקן.
ער האָט געדארפֿט האָבן קויעך צו גלייבן, אַז ער דארף דאָס אָנקוקן,
קעדיי עס שפּעטער דארפֿן ווייַזן. אנטקעגנשטעלן זיך דער אכזאָריעס
האָט מען געמוזט זייַן מענטשלעך שטארק. גלייבן, אַז מע וועט זי בייַקו־
מען, האָט מען געמוזט זייַן איבערמענטשלעך שטארקער. עפּשער טאקע
אדאנק די אלע שטארקייַטן אינייינעם איז ער פֿון דאָרט ארויס א לעבע־
דיקער. וויקטאָר האָט דעמלט א סאך גערעדט. מיר האָט זיך אפֿילע אָנ־
געהויבן אויסדאכטן, אַז ער רעדט א סאך, ווייַל איך גיי לעבן אים. ס׳איז
מיר פּלוצעם אייַנגעפֿאלן, אַז איך געפֿעל אים. עפּשער רייד איך איצט
וועגן אים אויך א סאך, ווייַל איך רייד וועגן אים? דעמלט האָב איך נאָך
וועגן דעם קיין סאך אפֿילע ניט געטראכט. כ׳האָב נאָר געוואָלט א זאָג
טאָן: א שוועסטער מייַנע, סאָניע... עפּשער ערגעץ, דורך דעם דאָזיקן
שפּעלטיקל פֿונעם אויג... נאָר כ׳האָב דאָס אויך ניט געזאָגט. די גע־
שיכטע איז געשען שפּעטער, אין אטעליע. ער האָט מיר אָנגעהויבן בא־
ווייַזן אלע זייַנע בילדער. ער האָט זיי אָן סיידער צעשטעלט אויף דיל,
איינס אָנגעשפּארט אין אנדערן. מיך האָט ער אוועקגעזעצט אנטקעגן, אַף
א נידעריק בענקעלע, וואזשנע, ווי א מעסוקענע מייוונטע. העלע קאָלויר־
טישע לאנדשאפֿטן. פֿישער־פּאָרטרעטן. נייַשטאָט־פּייזאזשן. שטילע היי־
מישע שטוב־זאכן — נאטורמאָרטן. ווען־ניט־ווען האָט ער צווישן דעם
אלעמען א שטעל געטאָן אַן אָשוועטשים־קאָמפּאָזיציע. ס׳איז ווי אויס־
געקומען פֿארקערט: ניט לאמטערנדלעך שייַן, קעדיי גוט דערזען די
כאשכעס, נאָר שטיקער פֿינצטערניש, קעדיי די ליכטיקייַט זאָל זייַן נאָך
ליכטיקער. און עפּשער — אי דאָס, אי יענץ. דאָס בילד, וועגן וועלכן איך
דערצייל, סאָניעס פּראָטים, ווי עס הייסט בא מיר, האָט ער אָנגערופֿן „א
פֿאָטער און א מוטער". א דייַטש שטייט מיט אַן אווטאָמאט לעבן א
ברייטער באראק־טיר. הינטערן דייַטש — קינדער־שאָטנס, אָן א שיר
קלענערע און גרעסערע קינדער־שאָטנס. פֿון דער זייַט, אויף ערשטן פּלאַן,
איבער א מין ארומגעצוימטקייַט, רייַסן זיך צום באראק צענדליקער הענט,
לאנגע, פֿארשמאָלטע מאמע־הענט. איין יונגער פֿרויען־קאָפּ זעט זיך אָן
צווישן די אלע הענט. ערגעץ אין הינטערגרונט — עסעס־סילועטן, וואגאָן־
סילועטן, רויך־פֿלעקן. דער דייַטש לעבן דער באראק־טיר, א מיטליאָרי־
קער, שטייט א ביסל ווי פֿארשטיינערט, א ביסל ווי איבערגעשראָקן, א
ביסל, דאכט זיך, ווי פֿארטראכט. כ׳האָב נאָך דעמלט פֿארשטאנען מאָלע־
רייַ ווייניקער וויפֿל איך פֿארשטיי איצט. כ׳דערצייל עפּשער דאָס דאָזיקע
בילד צו פּראָסט, צו גראָד. וויקטאָר, פֿארשטייט זיך, דערציילט עס אנ־
דערש. אייגנטלעך — גערעדט האָבן מיר שוין דעמלט ניט וועגן מאָ־
לערייַ, גערעדט האָבן מיר דערנאָך די גאנצע צייַט וועגן סאָניען. כ׳גע־

דענק שוין ניט פּינקטלעך, ווי ארום דאָס אַלץ האָט זיך פּלוצעם פאַרקנופּט. מעגלעך, אַז כ'האָב דעמלט פּלוצעם, אָן אַ פאַרוואָס, ארויסגעבראכט דער שוועסטערס נאָמען אויף די ליפּן. מעגלעך, אַז וויקטאָר האָט פּלוצעם אָנגעהויבן דערציילן וועגן איינער אַ יונגער פרוי מיט דריי פּיצלעך קינדער, מיט וועלכער ער איז אַ שטיק צייט געווען אינאיינעם אין געטאָ. קאָן זיין, אַז ער האָט אפילע אַ זאָג געטאָן, אַז איך כאַפּ אינגאנצן יענער פרויס אָנבליק. אַ וואָרט און אַ וואָרט. וויקטאָר האָט נאָך אַלץ געמיינט, אַז דאָס דערציילט ער אַזוי די פּאָרגעשיכטע פון זיין בילד. איך האָב שוין געוווסט, אַז איך הער פּראָטים וועגן סאָניעס אומקום. כ'בין געזעסן אויף נידעריקן בענקעלע און געשוויגן. כ'האָב, פאַרשטייט זיך, געשוויגן, ווייל אַלצדינג איז אין מיר פאַרהילצערט געוואָרן. און כ'האָב געשוויגן, קעדיי וויקטאָר זאָל ניט אויפהערן ריידן. און ער האָט גערעדט. בייסן ארויספירן פון געטאָ האָט מען בא אַלע מאַמעס אוועקגענומען די קינדער. מ'האָט דאָס קליינוואַרג צונויפגעשטופּט אין אַ מין ראַמפּע־באַראַק. בא יענער יונגער פרוי האָט מען צוגעכאַפּט ביידע מיידעלעך — צוויי הונגעריקע, אויסגעדאַרטע מאַלאָכימלעך מיט שטעקלדיקע פּיסלעך — און אַ פאַרכאַלעשט ייִנגעלע אויף דער מאַמעס הענט. עסעסאָווצעס האָבן געטריבן דעם אוילעם אין די וואַגאָנען. קינדער האָבן געקוויטשעט. די מאַמעס האָבן זיך געריסן צום באַראַק. אין דער דאָזיקער בעהאָלע, געדענקט ער, האָט דער דייטש לעבן דער טיר פּלוצעם אַ ווונק געטאָן צו סאָניען, זי זאָל אַריין אין באַראַק און זאָל זיך צוריקנעמען אַ קינד. איין קינד. ער האָט דעמלט דורך אַ שפּעלטיקל פונעם אויג דעם דאָזיקן דייטש גוט געזען. צווישן דער גאַנצער איבערמענטשלעכער אַכזאָריעס ארום־און־ארום, באַם גאַנצן גוואַלדיקן צאָרן אין זיך, האָט ער פונדעסטוועגן געהאַט קויעך זען אים אַזוי, ווי ער האָט אים, אָט, געוויזן אויף דער לייוונט: אַ פאָטער. ס'האָט זיך אים אפילע אויסגעדאַכט, אַז צוויי עסעסאָווצעס האָבן דערנאָך דעם דאָזיקן דייטש אַראָפּגענומען פון דער וואַך און אים ביידע ערגעץ אָפּגעפירט. איצט זאָגט ער „אויסגעדאַכט". דעמלט איז ער געווען זיכער. וואָס איז אינווייניק אין באַראַק געשען מיט סאָניען? דאָס איז זיך ניט גאָר שווער פאָרצושטעלן. איין קינד. וואָסער?.. וואָסער קינד נעמט מען?.. ער האָט סאָניען מער ניט געזען. עמעצער האָט געזאָגט, אַז מ'האָט זי פון דאָרט שפּעטער ארויסגעטראָגן. עמעצער האָט געזאָגט — ארויסגעשלעפּט. זיין וואַגאָן איז שוין דעמלט געווען פאַרקלאַפּט. עמעצער האָט געזאָגט, אַז דאָס איז געווען דעם דאָזיקן דייטשס אַ כויזעק־שפּיל. אַ מין וועלן צוויי מאָל האַנאָע האָבן. עמעצער האָט געזאָגט, אַז די וואַך האָט מען איבערגעביטן גלאַט אַזוי, געוויינלעך. די אַלע עמעצערס זיינען מער נישטאָ. ער איינער צווישן זיי איז ארויס אַ לעבעדיקער. דאָס בילד האָט ער אָנגערופן אַזוי, ווי ער האָט דאָס דעמלט אויף דער הייסער מינוט געזען, געפילט. פאַרוואָס ער זאָגט איצט „אויסגעדאַכט"? די וועלט איז נאָך פול מיט לעבעדיקע עסעס־לייט. זיי ברידערן זיך, זוכן זיך אָפּ, מערן זיך. פאַרוואָס ריידן זיך אַזוי שווער צונויף די פאָטערס?! אין נעכט מיט קאָשמאַרן טיינען צו אים די אַלע אומגעקומענע עמעצערס. ער שטייט

אויף גאַנצפּרי אַ צעשויבערטער און מעקט אָפּ דעם נאָמען אונטערן בילד. ביסלעכווייַז באַרויִקט אים דער סייכל־האַיאָשער, און ער שרייַבט דעם נאָמען ווידער אויף. ער האָט נאָך דאָס דאָזיקע בילד אין ערגעץ ניט אויסגעשטעלט. אויסטערליש: דעמלט, אויף דער הייסער מינוט, איז ער געווען אין דעם איבערצייַגט. איצט, אין יאָרן אַרום נאָך אַלעמען, — ניט. ווער שטייט עס דאָ, לעבן דער דאָזיקער באַראַק־טיר, מיט די קינדער־שאָטנס הינטער זיך? עפּשער אַ דייַטש, וואָס איז זיך אַזוי געשטאַנען פֿאַרטרויערט, פֿאַרשטיינערט, געטראַכט וועגן דערפֿל זייַנעם, ערגעץ אויפֿן ריין צי אויפֿן מייַן, וועגן פּונקט אַזעלעכע מאַלאָכימלעך מיט בלאָנדע קעפּלעך, ווי סאָניעס, אויף זייַן דייַטשקעס הענט — צי עפּשער גאָר סאָניעס מערדער... מעגלעך, אַז די צייַט וועט אים דעם נאָמען פּונעם בילד אויסקלאָרן... כ׳בין געזעסן און געהערט. קיין סאַך מאָל האָבן מיר מער דערנאָך וועגן דעם אַזויפֿיל ניט גערעדט. וויקטאָר ווויִנט זיך איצט ווייַטער אין זייַן יִישעוו אויפֿן ריגער יאַם־ברעג, איך ווין ווייַטער דאָ, אין קעשענעוו. איינמאָל אין יאָר זעען מיר זיך. כ׳פּאַק מיר זומער־צייַט אייַן אַ פּאָר קליידלעך, זיץ אין דער באַן און נאַר זיך אַליין אָפּ, אַז איך פֿאָר כאָטש אומגיין אויף די גאַסן, ווו סאָניע איז אומגעגאַנגען. מיר גייען אום אינצווייען. מיר זיצן בּאַם יאַם. ער — לעבן מאָלבערט, איך — לעבן אים. פֿאַרצווייאָרן איז ער געקומען אַהער, צו מיר. מיט וואָס זאָל איך מיך פֿאַר אים אויסשטעלן? כ׳האָב אים אַ פּאָר מאָל מיטגענומען אין מייַן קלאַס אויפֿן סאָלפּעדזשיאָ־לימעד. כ׳האָב אים אַוועקגעזעצט אַנטקעגן די זינגענדיקע קינדערלעך, ווי ער זעצט מיך טאָמיד אַוועק אַנטקעגן די בילדער אויפֿן נידעריקן בענקעלע אין זייַן אַטעליע. וויקטאָר איז אַ נערוועזער, אַ מענטש מיט אַן אויפֿגערייצטער פֿאַנטאַזיע. איך האָב זיך פּאָשעט אַזוי פֿאַר אים באַרימט. ער האָט דאָס, אַפּאָנעם, אויפֿגענומען, ווי אַ מין אָנצוהערעניש. פֿאַראַיאָרן, ווען איך בין נאָר אַרייַנגעקומען אין אַטעליע צו אים, האָט ער וועגן מייַנעטוועגן באַלד צעשטעלט אויפֿן דיל, שורעסווייַז אָנגעשפּאַרט איינס אין אַנדערן, נייַע אַרבעטן זייַנע. אַ גאַנצע סעריע פּאָרטרעטן. קינדער־פּאָרטרעטן. אין אַטעליע איז געוואָרן ראַשיק און פֿאַרביק, ווי אויפֿן יאַם־ברעג. כ׳בין געזעסן קעגן די לייַוונטן, ווי איך זיץ אין מייַן קלאַס בייַס די סאָלפּעדזשיאָ־ניגונים. נאָך די זומער־כאַדאָשים קום איך צו פֿאָרן אַהיים מיט אַ מין טערפּקע בענקעניש. כ׳שעם זיך די דאָזיקע בענקעניש אָנצורופֿן באַם עמעסן נאָמען. כ׳שעם זיך אי אַליין פֿאַר זיך, אי אַ ביסל פֿאַר איר, פֿאַר דער עלטערער שוועסטער. איך ניורע זיך אייַן אויפֿן געלעגער אין דער זומערדיקער קאָלדרע, און עס דאַכט זיך מיר אויס, אַז מ׳האָט מיר אין די אָפּגעבערענטע הענט מייַנע צוריקגעגעבן דעם פֿידל... ס׳איז שוין שפּעט באַנאַכט. אַרום־און־אַרום איז מעסוקן שטיל. כ׳שטעל אָן די מאַגניטאָפאָן־טאַשמעס אויף דער שטילסטער שטילקייַט און הער, ווי זיי זאָגן מיר בעסאָד־סוידעס, אַז סאָפּקאָלסאָף איז דאָס לעבן שיין. האָב ליב! — זאָגן זיי. הער: די וועלט איז סאָפּקאָלסאָף פֿול מיט ניגן... אין עטלעכע טעג אַרום איז ווידער דער ערשטער סענטיאַבער... דער ערשטער שול־טאָג... דאָס איז, אייגנטלעך, אײַנגאַנצן, וואָס כ׳האָב געוואָלט דערציילן וועגן סאָניען.

# א געשעעניש שפּעט באַנאַכט



דער מענטש, וואָס איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט מיט אַן עלנבויגן אין צעעפנטן קאַבינע־טירל פון דעם איינציקן אויטאָבוסל איצט אָ־דאָ אין האַלב־פינצטערן פּאָרט־געסל אַנטקעגן טויער פונעם פעאָדאָסיער יאַם־פּאָרט, האָט אַף מײַן א פרעג טאָן, וווּהין דאָס אויטאָבוסל גייט, אַ קוק געטאָן אַף מיר מיט א בייזן שפּיציקן קוק, אי פּונקט אַזוי־אָ ביין און שפּיציק א בורטשע געטאָן:

— וווּהין דאַרף מען, עס זאָל גיין?..

— כ׳דאַרף קיין קאָקטעבעל... אין ייִשעוו פּלאַנערסקע.

— אהאַ!..

— וואָס זשע, איר זענט עפּשער פון דאָרטן?

— און אַז מע פאָרט דורך דאָרטן, טויג ניט?.. — האָט ער אַלץ געענטפערט אַזוי־אָ אויסטערליש בייז, אָפּגעהאַקט, און שוין אַפילע געקוקט ניט צו מיר, נאָר ערגעץ ווײַטער, איבער מיר.

— כ׳מיין... מ׳עט קענען מיט אײַך צופאָרן?.. איר פאָרט נאָך הײַנט, שוין?.. — האָב איך בעפּיירעש געוואָלט, ער זאָל בעסער א זאָג טאָן, אַז ניט הײַנט, מאָרגן, קיינמאָל ניט.

— מ׳עט פאָרן. אין א שאָ ארום. כ׳דאַרף נאָך דאָ עמעצן באַגעגענען...

— די שיף איז שוין אָנגעקומען. איך בין טאַקע מיט איר אָנגעקומען!

— אַן אַנדער שיף. מירן אײַך דאָ ניט לאָזן. מירן אײַך נעמען...

כ׳האָב זײַטלדיק געכאַפּט א קוק אַפן דאָזיקן מענטשן. די רייד זײַנע האָב איך נאָך ניט באַוויזן גוט צו צעקײַען. (ווער איז דאָס דער „מיר”? וואָס איז דאָס פאַר א מין „נעמען”?) נאָר עפּעס איז ער מיר אינגאַנצן באַלד ניט געפעלן. עפּעס זעט ער גאָר ניט אויס ווי קיין שאָפער, גייט ניט אָנגעטאָן ווי קיין שאָפער. א שטרויענע שליאַפּע אַפן קאָפּ, א ברייט אָפּגעלאָזט רעקל, א ווײַס העמד אונטערן רעקל. באַקן געבערגלטע, קאַנטבדיקע, גריבערדיקע. אַזעלכע באַקן איז שווער אויסצוראַזירן. כוץ דעם,

וואקסן טאָמיד אָן אף אזעלכע באקן הארטע שטעכיקע בערד. ס׳הייסט, אן אנדערמאָל, באטאָג, וואָלטן אזעלכע באקן געווען באקן, ווי באקן. נאָר איצט־אָ, נאָך האלבער נאכט, אין דאָזיקן פוסטן פינצטערן פאָרט־געסל, איז א הארטע שטעכיקע באָרד א סימען פון א הארט גאזלאָניש הארץ. דאָס בייזע אָנגעכמורעטע פאָנעם וואָלט עפשער אן אנדערס מאָל, באַ־טאָג, געווען א געוויינלעך פאָנעם בא א מענטשן, וואָס האָט זיך זײַנע צאָרעס, זײַנע שטימונגען, איצט איז עס א סימען דער רועך ווייסט וואָס. הײַנט די דאָזיקע רייד. דאכט זיך, פּאָשעטע רייד, נאָר עפּעס זעען זיי מיר איצט אויס סוידעסדיקע, יעדעס וואָרט מיט א רעמעזל, אן אָנצוהע־רעניש׳ל, א צווייידײַטיקײַט. ניט אומזיסט, אפאָנעם, האָט דער שאָכן מײַ־נער אין דער שיף־קאיוטע, א ייִד, וואָס שפּאצירט זיך דורך מיט דער שיף אפן יאם, גלאט אזוי זיך, לעשעם אָפּרו, פון אָדעס קיין באטום און צוריק, מיר עטלעכע מאָל א זאָג געטאָן:

— ערגער, הערט איר, פון אלצדינג אין דער וועלט איז בא מיר אָנ־קומען אין א פרעמד אָרט באנאכט. כ׳בין אײַך ניט מעקאַנעו!..

מיר זײַנען מיט דעם מענטשן געלעגן אין קאיוטע א בעטל קעגן א בעטל, אומגעשפאנט הין־און־הער אף דער שיף־דעק, שאָענוויײַז אָפּגע־שטאנען איבערגעבויגענע איבער די שיף־פּאָרענטשעס, און כ׳האָב אין זיך אלץ געשמייכלט פון דעם דאָזיקן ייִדן: הער־הער, וואָס בא א מענטשן איז ערגער פון אלצדינג אין דער וועלט!..

איצט שמייכל איך שוין גאָרניט. כ׳שטיי איינער אליין מיטן טשעמאָ־דאנטשיק אין דער האנט און קוק אף די פארקלאפּטע טיר־און־טויער ארום־און־ארום. כ׳בין ניט פון די גרויסע גיבוירים, נאָר שרעקן זיך, טראכט איך, איז נישטאָ וואָס. ס׳איז פּאָשעט עפּעס פריקרע, אומהיימלעך. ארום יאם־פּאָרט שווארצט זיך אוועק א הויכער שטיינערנער פלויט. דער ארײַנגאנג אין פּאָרט איז שוין פארמאכט. די עטלעכע פּאסאזשירן, וואָס זײַנען מיט מיר איניינעם מיט דער שיף אָנגעקומען, קערן שוין יעדערער זײַן בא זיך אין דער היים. געווען געדארפט פּאָלגן דעם ייִדן און באַ־צײַטנס א בעט טאָן עמעצן פון זיי מיטנעמען מיך מיט זיך איבערנעכ־טיקן. לעבן ארײַנגאנג אין פּאָרט שטייען עטלעכע ליידיקע בענק. די פּאסאזשירן, וואָס זײַנען אף זיי געזעסן און געוואָרט אף דער שיף, קערן זיך שוין איצט וויגן אין די קאיוטעס זייערע. אייגנטלעך, וואָלט מען זיך גאנץ שיין געקענט צושפּארן דאָ אף א באנק און איבערוואָרטן אזוי ביז פאָרטאָג. וויפל איז דען געבליבן צו וואָרטן וויפל? וו׳אזוי זשע ז׳צט מען עס איינער אליין, באנאכט אין דרויסן, אין א פרעמד אָרט?.. עך, צו אלדי גוטע יאָר! ווער האָט מיך געשטעלט פארכאווערן זיך מיט דעם דאָזיקן נארישן ייִדן אף דער שיף?..

כ׳האָב אוועקגעשפּאנט לענגויס דעם פלויט זוכן א האָטעל. דאָס האָט מען געדארפט טאָן באלד, באם אָנהייב. א צוויי הונדערט מעטער רעכטס לעבן ארויסגאנג פון פּאָרט — האָט מיר עמעצער נאָך געזייצעט אף דער שיף — איז פאראן א האָטעלכל. קיין פלעצער זײַנען טאקע דאָרטן איצט מיסטאמע נישטאָ, נאָר אויב איבערזיצן אף א באנק, איז דאָך גלײַכער

אינוויייניק, אין א שטוב, איידער אין דרויסן, אין דער פינצטער, אף דער גאס. נאָך אינמיטן וועג האָב איך מיך צוריק אומגעקערט. ערשטנס, בין איך פּלוצעם אַרײַן ערגעץ צווישן ביימער, צווישן קוסטעס, זיך קוים אויסגעפּלאָנטערט. צווייטנס — איז מיך מיטאמאָל באַפאַלן א מעסוקן ראכמאָנעס אף זיך אליין. פאַרוואָס בין איך אזא קליין שוואך מענטשל? פאַרוואָס בין איך ניט קיין באַלעבאָס אף זיך? דער קאָפּ טראַכט דאָך אַנ־דערש, פאַרוואָס זשע זײַנען די שוואַכקייטן מײַנע שטאַרקער פונעם קאָפּ? עס שטייט און עס וואַרט א פּאַרטיקער אווטאָבוס, אין א פּערציק מינוט אַרום וועל איך זײַן דאָרט, ווו איך דאַרף, וועל שלאָפן אף א ווייך געלעג־גער, וועל ניט דאַרפן פאַרלירן מאָרגן קיין האַלבן טאָג — און דאָ פּלו־צעם האָט זיך צעשפּילט אין מיר די קראַנקע פאַנטאַזיע, דאָס זען זאַכן מיטן קאָפּ אַראָפּ. כ׳האָב געשפּאַנט צוריק גאָר אַן אַנדערער, א פעסטערער באַ זיך. און האָב, דעם עמעס געזאָגט, טיף אין זיך געהאַט איין שטיקל האָפענונג: דאָס אווטאָבוסל איז שוין מיסטאמע אוועקגעפאָרן...

נאָך דאָס אווטאָבוסל, מאָלט אײַך, איז נאָך גראָדע געשטאַנען אפן פּלאַץ. דער מענטש מיטן בייזן שפּיצעכיקן פּאָנעם איז שוין געזעסן אין קאַבינע מיט די הענט אפן רודער, אפּאָנעם טאַקע נאָך געוואַרט אף מיר. מאַכמעס אין דער רעגע, ווען איך בין צוגעקומען, האָט אָנגעהויבן אַר־בעטן דער מאָטאָר און ס׳האָבן זיך געגעבן א צינד אָן די צוויי פּעדער־שטע לעמפּ באַם אווטאָבוס. זעט אויס, לעפּאָנעם, האָב איך א טראַכט געטאָן, זאָגט ער מיר גאָרניט, טוט מיך ניט קיין רוף, גלײַך ווי ער איז גאָרניט פאַרינטערעסירט אין מיר. נאָר אַז כ׳האָב א פרעג געטאָן, צי מעג מען זיך אַרײַנזעצן, האָט ער פּונקט אַזוי בייז און אויסטערליש, ווי פריִער, א בורטשע געטאָן:

— אַבי מע וויל נאָר!..

און דאָס אווטאָמאַטישע טירל פונעם אווטאָבוסל האָט זיך געטאָן אַן עפן אויף.

כ׳בין אַרײַן אינוויייניק, אוועקגעשטעלט דעם טשעמאָדאַנטשיק, אוועק־געזעצט זיך, און טאַקע באַלד אפן אָרט, בין איך זיך מוידע, כאַראָטע געהאַט דערויף. דאָס אווטאָבוסל האָט אָנגעהויבן יאָגן איבער די פּעאָדאָ־סיער גאַסן. איינינעם מיט מיר, זע איך, זיצט אינוויייניק איין פּאַסאַזשיר, א יונגערמאַן אין ברילן, עפּעס צו א שטילער יונגערמאַן זעט ער מיר אויס. אפּאָנעם, אף אים האָט דאָס אווטאָבוסל געוואַרט. אים האָט דאָס דער מענטש געדאַרפט באַגעגענען. ווער זאָל ער זײַן, דער יונגערמאַן? עפּעס גאָר א יונגיטשקער, גאָר־גאָר א שווײַגנדיקער. פאַרוואָס טוט ער מיך עפּעס ניט א פרעג? פאַרוואָס טוט ער מיך אפילע גוט ניט קיין באַ־טראַכט? דאָס אווטאָבוסל יאָגט איבער פּוסטע באַנאַכטיקע גאַסן. גאַס־אײַן, גאַס־אויס. קיין לעבעדיק נעפעש ניט. קיין שײַן ניט אין קיין פענ־צטער. קיין אָפענע טיר ניט. איןביידע זײַטן שמײַסן דורך הײַזער מיט אַראָפּגעלאָזטע שטאָרן, מיט פאַרקייטלטע לאָדן. שטערן פינקלען אף שוואַרצע דעכער. מיר טראַסקען אַריבער א בריקל. עס לויפט אונדז אַנט־קעגן א סלופּ מיט א שוואַך עלעקטריש לעמפּל אין דער הייך. נאָכאַמאָל

א גאס, ווידעראמאָל א גאס. פעאָדאָסיע, ווייס איך, איז, דאכט זיך, גאָר ניט אזא גרויסע שטאָט. דער אווטאָמאָביל לויפט מיט א מעסוקענער גיכקײַט. פונוואנען זשע נעמען זיך אזויפיל גאסן? וואָס ציִען זיי זיך אזוי לאנג? ביז מיר זײַנען נאָך אין שטאָט, טראכט איך, איז נאָך דאָ צײַט א געשריי צו טאָן, די מאשין זאָל זיך אָפשטעלן. נאָר וועט זי זיך אָפשטעלן? און אז זי וועט זיך יאָ אָפשטעלן, א שיין פאָנעם וועל איך האָבן, האָ? כוץ דעם, ווערט מיר אֿף א רעגע אלציינס. זאָל זײַן, וואָס עס וועט זײַן.

פון דער אנדערער זײַט, טוט א בליץ אוֿף דער סייכל־האיאָשער און זאָגט מיר אונטער, אז ס׳איז גאָרניט, ס׳וועט גאָרניט זײַן. כ׳ווייס דאָך גוט, אז ס׳איז ניט מער, ווי צעשרויפטקײַט, אָנגעגליטקײַט. ער שלעפט מיך צוריק אראָפ צו דער ערד, דער סייכל־האיאָשער. צו פאָשעטקײַט. קימאט־קימאט צום עמעס. אויב פאנטאזירן, פארוואָס זשע ניט פאנטאזירן מענטשלעך, געוויינלעך? א סאָווכאָזיש אווטאָבוסל. א פלעמעניק, א סטודענט, זאָגן מיר, איז געקומען אין די קאניקולן אֿף אָפרו קיין קרים צו א פעטער, א בריגאדיר, זאָגן מיר, אין דאָזיקן סאָווכאָז. אָנגעקומען מיט דער שיף באנאכט. דער פעטער, פארשטייט זיך, האָט אים געמוזט פאָרן באגעגענען, געמוזט אויסבעטן באם דירעקטאָר פון סאָווכאָז דאָס אווטאָבוסל, אוועקפאטערן א נאכט, באלד פארטאָג דארף ער זײַן בא דער ארבעט, איז ער בייזלעך, דער פעטער, וואָדען, זאָל ער ניט זײַן בייזלעך? הער־הער. א געלעכטער, כלעבן.

כ׳האָב געכאפט א קוק צום „פעטערס” הענט אפן רודער, באטראכט זײַן פלייצע, און זי, די פלייצע, איז מיר מיטאמאָל נאָך ווייניקער געפעלן, ווי דאָס פאָנעם זײַנס. עפעס א מין שטומע, פארקלעמטע, סוידעסדיקע פלייצע. אין איין אויגנבליק האָט זי געגעבן א טראָג אָן אֿף מיר צענדליקער מײַסעס, איינע שרעקלעכער פון דער אנדערער, צענדליקער געשעענישן. און דער סייכל־האיאָשער איז זיך אין די דאָזיקע מײַסעס צעגאנגען, ווי א לעפעלע צוקער אין אן עמער עסיק.

דאָס אווטאָבוסל איז שוין געלאָפן ארויס דער שטאָט, בארג־ארוֿף. וואָס פלוצעם בארג־ארוֿף, אז קאָקטעבעל, ווייס איך, איז פונקט, ווי פעאָדאָסיע, אפן סאמע ברעג פונעם יאם? ארום דער מאשין — א ווײַטע שווארצע פוסטקײַט. אין פעדערשטן ביסל שײַן פון די לעמפ הייבן זיך אָן קאָסעע ארײַנרוקן פון בײדע זײַטן ביימער־געדיכטענישן. מיר פאָרן, אפאָנעם, ארײַן אין א וואלד. אָ־דאָ איז דאָס פאסיקסטע פלאץ. די מאשין וועט זיך מיטאמאָל גיך אָפשטעלן. מע וועט מיר מיט עפעס געבן א ליש איבערן קאָפ. נע, מע וועט דערווײַל נאָר א זאָג טאָן: „עפן, ברודערל, אוֿף דעם טשעמאָדאנטשיק!..” און ווען זיי וועלן זען, אז מער ווי א צוויי פאָר הויזן, עטלעכע העמדער און א פאָר ביכער איז דאָרט נישטאָ, וועט זײַן נאָך ערגער. אלקאָלפאָנעם וועט דאָס גאָרניט העלפן: סײַוויסײַ ווייס איך שוין, ווער דאָס איז, וועל קאָנען אָנגעבן, אָנווײַזן אֿף זיי. קיין לעבעדיקער וועל איך שוין, הייסט עס, פונדאנען ניט ארויס.

כ׳האָב דערזען, ווי דער מענטש לעבן רודער נעמט מיט דער רעכטער האנט ארויס עפעס א זאך פון דער קעשענע און טוט זי גיך א לייג אוועק

נאָענט לעבן זיך. ס׳האָט מיר אָנגעהויבן טונקלען אין די אויגן. ווי דורך א זיפּ זע איך, ווי ער פירט די מאשין בלויז מיט דער לינקער האנט, און מיט דער רעכטער בויבלט ער זיך אין דער דאָזיקער זאך, בויבלט זיך, בויבלט זיך, און טוט א שטעק אריַין א פּאפּיראָס אין מויל.

אזוי־אָ, מיט דער איינער רעכטער האנט, בויבלט ער זיך דאָרט א פּאָר רעגעס ווידער, און עס טוט א פלעמל אוף א פּיַערל, צינדט אָן דעם פּאפּיראָס.

טפו צו אלדי גוטע יאָר! א שיינע מיַיסע. איך זע, אפּאָנעם, אלצדינג אזוי מיטן קאָפּ אראָפּ און מיט די פיס ארוף!

שא, מע דארף גאָר פּרווון א טאפּ טאָן דעם יונגנמאן אין די ברילן, דעם „פלעמעניק", זעט, צי איז ער טאקע פון ערגעץ אָנגעקומען מיט א שיף, צי איז עס נאָר א צונויפשטעלעניש, א טערעץ. דאָס וועט דאָך זיַין דער בעסטער סימען.

— המ... ע... זאָגט מיר, כ׳בעט איַיך, פארוואָס האָט די שיף פארשפּע־טיקט?

— וועלכע שיף?

— די שיף, איַיער שיף.

— ווו האָט זי פארשפּעטיקט?

— כ׳מיין... וואָס הייסט ווו, אָ־דאָ־אָ, אין פּעאָדאָסיע.

— פונוואנען נעמט איר, אז זי האָט פארשפּעטיקט?

— כ׳זאָג ניט, אז זי האָט פארשפּעטיקט... דאָס פרעג איך דאָך. אינ־טערעסאנט צו וויסן.

מער האָט דער דאָזיקער שוויַיגנדיקער יונגערמאן ניט גערעדט. און מער האָב איך בעשום־אויפן ניט געקענט צוטראכטן נאָך עפּעס קלוגס אים א פרעג צו טאָן. כ׳בין געזעסן און פּאוואָלינקע צעדרויבלט זיַינע ענטפערס. אז מע וויל, זאָגן זיי מיר, אז ער איז שוין גראדע יאָ אָנגע־קומען מיט דער שיף. און אז מע וויל, זאָגן מיר זיַינע ענטפערס, אז ער ווייסט אזוי פון א שיף, פונקט ווי איך ווייס, אשטייגער, וווהין דאָס אווי־טאָבוסל יאָגט מיט מיר איצטער. אף די ליפּן זיַינע, זע איך, איז געבליבן הענגען א דין פעדעמדיק שמייכעלע. עפּעס גאָר א דינס, גאָר א באַ־האלטנס, גאָר ניט קיין וואזשנע שמייכעלע...

דאָס אווטאָבוסל איז דערוויַיל ארויס פון דער וואלד־געדיכטעניש, אָנגעהויבן לויפן בארג־אראָפּ, דאכט זיך פארקערעוועט אף א זיַיטיק זיג־זאגיש וועגל. אין וואלד איז, הייסט עס, גאָרניט ניט געשען: די מאשין האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט, מ׳האָט מיר מיט גאָרניט ניט געגעבן איבערן קאָפּ, מ׳האָט מיר קיין האָר ניט געטשעפּעט. איז עס גוט, צי ס׳איז ניט גוט? אוואדע ניט אזוי גוט. ס׳איז טאקע א וועלדל, ס׳איז אָבער אָן אָפּע־נער טראקט. באלד קאיאָר וועלן אָנפאָרן מאשינעס און וועלן באלד גע־פינען סימאָנים, שפּורן, באוויַיזן. וואָס פארא גאזלאָנים זיַינען אזוי נאַ־ריש ניט פאָרזיכטיק? פארקערט: אזעלכע זאכן ווערן דאפקע אָפּגעטאָן אינווייניק, צווישן פיר ווענט. דאָס אווטאָבוסל וועט זיך טאָן א שטעל אָפּ לעבן א געוויינלעך שטיבל. קיין פּיפּס וועט אפילע קיינער ניט דער־

הערץ. ס׳וועט ניט איבערבלײַבן קיין שום סימען ניט. קיינער וועט אפילע ניט וויסן, וווהין דאָס געביין מײַנס איז אהינגעקומען.

און ווי דאָס הארץ האָט מיר געזאָגט. אין עטלעכע רעגעס ארום האָט דאָס אווטאָבוסל אָנגעהויבן לויפן צווישן הײַזער. הײַזער, ביימלעך, פליי־טלעך. א טויטע שטילקײַט ארום־און־ארום. ערגעץ אנטקעגן, נאָענט דאפ־קע, ציטערן אונטער מיט אן אָפּגלאַנץ אף א שטיק הימל, אָנגעהויפנט איינס אפן אנדערן, אָן א שיר עלעקטרישע פײַערלעך. נאָר איצט, דער־ווײַל, שנײַדט דאָס אווטאָבוסל הוילע שווארצקײַט, פוסטקײַט, טויטקײַט.

אין עטלעכע רעגעס ארום, כ׳האָב זיך רעכט ניט באוויזן צוצוקוקן ווו און וואָס, האָט זיך דאָס אווטאָבוסל מיטאמאָל געגעבן א שטעל אָפּ.

ס׳האָט מיך באשלאָגן א קאלטער שוויס. כ׳האָב דערפילט אן אונ־טערגעהאקטקײַט און א נאָגעניש אין די הענט און פיס, ווי אין א נאסן פארכמארעטן טאָג. כ׳בין געזעסן און געקוקט, ווי דאָס אווטאָמאטישע אווטאָבוס־טירל האָט זיך איינס־צוויי געטאָן אן עפן אוף. דער מענטש לעבן רודער האָט אויסגעדרייט צו מיר דאָס בייזע פּאָנעם זײַנס:

— אָנגעקומען... אָן־אָ איז דאָס קאָקטעבעל אײַערס!..

א פּאָר מינוט בין איך אזוי געזעסן און זיך ניט גערירט פונעם פלאץ. און אז כ׳האָב זיך ענדלעך אופגעהויבן, א כאפּ געטאָן זיך, אז מע דארף כאָטש פארן וועג באצאָלן, און אָנגעהויבן פּאָרען זיך מיטן בײַטעלע, האָט דער מענטש מיטן בייזן שפּיצעכיקן פּאָנעם א בורטשע געטאָן אף מיר, קימאט אָנגעשריגן:

— דאָס ניט. ניין, ניין. נאָר דאָס ניט!..

גלײַך ווי ס׳איז גאָרניט פּאָרגעקומען, האָב איך געזאָגט א געוויינ־לעכן דאנק, האָב א נעם געטאָן דעם טשעמאָדאנטשיק און בין פונעם אווטאָבוס ארויס. און ווען כ׳בין אזוי־אָ מיטן טשעמאָדאנטשיקל אין דער האנט דעם אווטאָבוס ארומגעגאנגען, האָב איך געזען, ווי אין יענער זײַט שטייט צעעפנט דאָס קאבינע־טירל, און דער בייזער מענטש בייגט זיך דורכן טירל ארויס צו מיר:

— אָט מיט דער־אָ אלייע!.. פונקט אנטקעגן, אף א טויער, איז אָנ־געשריבן: קאָק־טע־בעל!..

דאָס אווטאָבוסל איז אוועק. דער ערשטער פּארדראָס, מיט וועלכן כ׳בין אין יענער רעגע געבליבן שטיין, איז געווען, פארוואָס כ׳האָב ניט אויסגעקלאָרט, צי ס׳איז טאקע א פעטער מיט א פּלעמעניק. נאָר כ׳בין געווען זיכער, אז ס׳איז אזוי. ס׳איז בא מיר נישט דאָס ערשטע מאָל. ווען זאכן גיבן זיך א שטעל פאר מיר פּאָפּערעק, שעפּטשעט מיר דער סייכל־האיאָשער טאָמיד אונטער דעם עמעס, גלײַכט זיי פּאוואָליע מיט דער צײַט צוריק אויס.

דערנאָך האָב איך געשפּאנט אין דער אלייע מיד און שלאבעריק, פּלאָנ־טערנדיק מיט די פיס. זיך געפילט אי קליין, אי שוואך, אי זינדיק.

פון דער זינדיקײַט האָב איך, פארשטייט זיך, געפרוווט אָפּטרייסלען זיך. ארופוארפן זי אף דעם קאיוטע־שאָכן מײַנעם. נאָר כ׳האָב זי געזען אזוי קליין, אז זי האָט אונדז געקלעקטביידן: אי אים, אי מיר...

# אָוונט־שאָען, יונגקייט און שפּילעוודיקייט



'וויל דערציילן א זייטיקע שפּילעוודיקע געשיכטע, אָן, ווי מע זאָגט, וועלט־פּראָבלעמען.

די פּען מײַנע לייגט זיך געוויינטלעך ניט צו אזעלכן, האָט ניט גאָר ליב קיין זייטיקס, קיין יאָכעדיקס. נאָר די דאָזיקע געשיכטע גראבלט מיך עפּעס, כ'מוז זי פון זיך ארויסוואַרפן. פון דער אַנ־דערער זייט — זײַנען דען פאַראַן אף דער וועלט זייטיקע געשיכטעס?

מיר זײַנען געקומען אפן אעראָפּאָרט מיט גאַנ־צע צוויי שאָ פריער. מיר האָבן זיך געקליבן פליִען אהיים. איך און אונדזערער א מאָלדאַווישער יונ־גער דיכטער.

כ'האָב זייער ליב כאַווערן זיך מיט יונגוואַרג. איך זאָג מינאַסטאַם קיין נײַס ניט. ווער האָט דען דאָס ניט ליב? כ'האָב אָבער ליב אזא מין כאַווערן זיך, וואָס פאַרשטאַרקערט ניט צווישן אונדז דעם כילעק, ווי, לאָמיר זאָגן, שיינס לעבן מיִעס מאַכט דאָס שיינע שענער און דאָס מיִעסע מיִעסער, נאָר פאַרקערט — ווישט אָפּ דעם כילעק: דאָס מיִעסע ווערט אויך שיין, אַלטס ווערט אויך יונג: א כאַווערשאַפט גלײַך אף גלײַך. כ'ווייס ניט, ווי דאָס זעט אויס פון דער זײַט. נאָר מיר, ווייס איך, איז גוט. כ'ווער פריילעך, אַפילע א קאַפּעלע לײַכטזיניק. כ'האָב נאָך, הייסט עס, א סאַך — א סאַך צו לעבן. דאָס ביסל, וואָס כ'האָב ביז איצטער אָפּגעטאָן, האָב איך אָפּגעטאָן, פיל איך, באַם סאַמע אָנהייב. ס'איז מיר נאָך פאַרבליבן א סאַך צײַט צו טאָן עפּעס עכטס, לײַטישס.

האַקיצער, מיר האָבן זיך באַפרײַט פון אונדזערע טשעמאָדאַנען, עפּעס איבערגעכאַפּט אין בופעט אף די פיס שטייענדיק און זײַנען ארויס אין דרויסן דורכשפּאַצירן זיך א ביסל. מיר האָבן געשפּאַנט אף שמאָלע אַרומ־

געוואקסענע אספאלט־סטעזשקעס לעבן אעראָוואָקזאל. דער יונגער דיכ־
טער האָט אוועקגעלייגט א האנט אף מײַן האלדז־און־נאקן. איך האָב אים
עפּעס א זאָג געטאָן, געדענק איך, און ביידע האָבן מיר לאנג געלאכט.
ער האָט אויסווייניק אָנגעהויבן לייענען א ליד זײַנס, געוואָלט וויסן, ווי
עס געפעלט מיר, נאָר מיר האָט זיך איצטער ניט געגלוסט צו זײַן קיין
אייצעגעבער. מיר האָט זיך דאָס ליד פּאָשעט געוואָלט הערן. איך האָב
אים איבערדערציילט מײַנע א לעצטע נאָוועלע. מיר האָבן ביידע גע־
שפּאנט ניט ווי קיין טאטע מיט קיין זון, ניט ווי קיין לערער מיט קיין
טאלמיד, נאָר ווי צוויי אלציינע טאלמידים אָדער ווי צוויי אלציינע לע־
רער. דעם כוידעש אין שאפּונגס־הויז, ווו מיר זײַנען געווען, האָט זיך
אונדז ביידן ניט שלעכט געארבעט. מיר זײַנען דאָרט איינער מיטן אנ־
דערן שטארק נאָענט געוואָרן: געגעסן בא איין טישל, געגאנגען אינייִנעם
אין דער פרײַער צײַט צום יאם באָדן זיך, ארומגערעדט, ווי דער שטיי־
גער איז, אלצדינג אין דער וועלט, אפילע מיסוואדע געווען איינער דעם
אנדערן כאטאס־נעורים. קיין איין מאָל האָב איך אים ניט געלאָזט פילן,
אז איך בין מיט דרײַסיק יאָר עלטער פון אים, און קיין איין מאָל האָט
ער מיך ניט געלאָזט פילן, אז ער איז מיט דרײַסיק יאָר יינגער פון מיר.

אָפּשפּאצירט קימאט א שאָ צײַט אף דער לופט, זײַנען מיר צוריק
ארײַן אין אעראָפּאָרט־זאל. ס'איז אונדז נאָך געבליבן אָ גאנצע שאָ ביזן
אָפּפליִען. מיר האָבן א זוך געטאָן מיט די אויגן א פרײַ פּלאץ ערגעץ
אוועקצוזעצן זיך. און דער כאוועד מײַנער, דער יונגער דיכטער, האָט
מיך פּלוצעם א שטורכע געטאָן מיט אן עלנבויגן:

— טוט א קוק, — האָט ער געזאָגט, — זעט נאָר א מין מיידל!..

כ'האָב בעפּיירעש דערזען פאר זיך אן אויסערגעוויינלעך מיידל. כ'קען
אפילע ניט גוט זאָגן, וואָס אזוינס איז געווען אין איר מער וווּנדערלעכס.
עס גייט גאָר ניט אזוי אין איר שיינקײַט (שיין איז זי געווען ווי די
וועלט), ניט אין איר רייצנדיקער מיידלשקײַט (זי איז געזעסן א פוס
איבער א פוס, אין א שמאָל מיני־קליידל, פארשטייט זיך, און די הויכע
אָפּגעברענטע פיס אירע זײַנען, מעליצעדיק גערעדט, געווען פול מיט
קישעף, האָבן, פראָסט גערעדט, מאמעש פארכאפּט דעם אָטעם). עס גייט
אין עפּעס אזוינס, וואָס מע קען עס טאקע, אפּאָנעם, קיינמאָל ניט דער־
קלערן. דאָס דאָזיקע ווונדערלעכע האָט א שײַן געטאָן אין אירע אויגן, אין
די קנייטשן פון אירע שווארצע צעלאָזטע האָר, אינעם ריר פון אירן אן
אקסל, אין שעמעוודיק־שטרענגן מיידלשן אומעט, וואָס אירע ווײַעס האָבן
צעשאָטנט איבער אירע באקן. אלקאָלפּאָנעם אזוי האָט זי אויסגעזען אפן
ערשטן אויגנבליק. אויסערלעך, ווי מע זאָגט.

זי איז געזעסן מיט א רענצל לעבן זיך אף א ברייטער האלבקײַלעכ־
דיקער וואָקזאל־באנק, און — די גאנצע באנק לעבן איר איז געווען פרײַ.

— אײַ, א מיידל, א מיידל פון מיידל־לאנד!.. — האָט זיך א ווערטל
געטאָן דער כאוועד מײַנער, און ער, דער יונגער, האָט מיך, דעם בא־
יאָרטן, געשטופּט אף פריִער — זעצן זיך לעבן איר זײַט זאָל איך.

מיר האָבן זיך ביידע סאָפּקאָלסאָף אוועקגעזעצט און גאנצע עטלעכע מינוט געזעסן אזוי אלע דרײַ און געשוויגן.

דאָס מיידל האָט זיך אפילע אף אונדז ניט אומגעקוקט. פארקערט: ס'האָט אפילע אויסגעזען, ווי זי קוקט אומיסטן אוועק, פארדרייט אומיסטן דאָס פּאָנעם אירס אין א זײַט.

— האָבן אזעלכע אויגן, — האָב איך א זאָג געטאָן קלוימערשט דעם כאַווער מײַנעם, — און ניט ווערן, מע זאָל זיי זען, עפּעס גאָר־גאָר א זעלטנקײַט, כלעבן.

— די שכיינע אונדזערע האָט א שרעקלעך שלעכטע שטימונג. קלאָר ווי דער טאָג! — האָט מיר מײַן כאַווער געענטפערט און איז אזש שיר ניט רויט געוואָרן.

דאָס מיידל האָט א קוק געטאָן אף אונדז אי א ביסל כידעשדיק, אי א ביסל איבערנעמעריש, אי א ביסל בייזלעך.

— אז דער אוויאָן דײַנער פארהאלט זיך, קאָן מען האָבן א גוטע שטי־מונג? — האָט זי א זאָג געטאָן מיט אזא טאָן, מערער דעם שמועס צו ענדיקן, איידער אים אָנצוהייבן.

— אף וויפל פארהאלט ער זיך און ווהין פארהאלט ער זיך?.. — האָבן מיר ביידע געפרעגט אין איין קאָל, ווי אויסמושטרירטע.

דאָס מיידל האָט זיך צעלאכט. אונדזער ריידן אין כאָר איז איר, אפּאָ־נעם, שטארק געפעלן.

— אף דרײַ שאָ. קיין קיִעוו!.. — האָט זי געענטפערט מיט דער זעל־בער שפּילעוודיקער אינטאָנאַציע אונדזערער.

— הער־הער. אין קיִעוו זײַנען דאָ אזעלכע שיינע מיידלעך?

— מאָלט אײַך, אין קיִעוו איז דאָ עפּעס שענערס, ווי אזעלכע שיינע מיידלעך.

— וואָס קאָן נאָך זײַן אף דער וועלט שענערס?

א וואָרט און א וואָרט, און מיר האָבן אינגיכן געוווּסט, אז דאָס מיידל איז א סטודענטקע אפן פערטן קורס אין קיִעווער אוניווערסיטעט; אז זי איז גוואלדיק פארליבט אין טאטע־מאמע; אז זי איז בא זיי א באַסיעכיד־קע; אז זי האָט ליב פּאָעזיע און האָט פראָזע אויך ניט פײַנט; אז זי רייַ־כערט צוביסלעך; אז עס געפעלן איר נאָוועלע מאטויייעוועס עסטראַדע־לידער; אז זי קען ניט לײַדן קיין שלעכטע דזשאַז־מוזיק; אוכדוימע נאָך א סאך אזעלכע ניט וויכטיקע קליינע פּינקטלעכקײַטן.

זי האָט שוין, אפּאָנעם, אויך געוווּסט, אז מיר זײַנען ניט אבי־ווער, ניט אזוי־אָ אף ארויסצוװאַרפן. מאכמעס מ'האָט געזען, אז פונעם שמועס מיט אונדז טוט איר בעפּיירעש ווילד האנאָע. פון מיר מיט מײַן יונגן כאַווער רעדט מען ניט. די מינוטן זײַנען געפלויגן. מאמעש רעציכעדיק, ווי מע זאָגט.

און אז א באַקענטער אונדזערער, א בען־איר, וואָס מיר האָבן דאָ פריִער געטראָפן, איז דורכגעגאנגען לעבן אונדז און אונדז א זאָג געטאָן, אז אוילעם גייט שוין אופזעצן זיך, האָבן מיר א מאָן געטאָן בא אים איין זאך:

— גייט, — האָבן מיר געזאָגט, — און בעט גאָט, אז דער אוויאָן אונדזערער זאָל זיך אָף א צוויי שאָ כאָטש פארהאלטן!..

דאָס מיידל האָט זיך זייער כיינעוודיק צעלאכט. א פּאָר מענטשן בא דער זײַט האָבן זיך אויך צעלאכט פון אונדזער כאָכמע. נאָר ס׳האָט ניט געהאָלפן קיין שום טײַנעס. מיר האָבן זיך סאָפּקאָלסאָף אופגעהויבן, גע־זעגנט זיך, באנאל א זאָג געטאָן: „מיט איַיך איז זייער גוט, נאָר אלע גוטע זאכן ענדיקן זיך אויך אמאָלו״, גאָר ליבלעך און איידל א קוש געטאָן דעם מיידל די האנט, און מיר זײַנען אוועק — ארויס אפן פלי־פעלד.

נאָר איידער מיר האָבן נאָך, דאכט זיך, איבערגעטראָטן די שוועל אין דרויסן ארויס, האָט זיך פּלוצעם צערעדט די ראדיאָ, צעהודעט זיך איבערן גאנצן וואָקזאל:

— אכטונג, בירגער פּאסאזשירן. איבערן טומאַן, וואָס האָט זיך צע־שפּרייט אפן ברעג פונעם שווארצן יאם, פארהאלט זיך דער אוויאָן סימ־פעראָפּאָל — קעשענעוו אָף דרײַ שאָ. איך כאזער איבער... אאוו.

איך און דער כאווער מײַנער זײַנען שטיין געבליבן איינער קעגן אנדערן ווי געפּלעפּט. עפּעס נאָר א באשערטע זאך, כלעבן. עפּעס נאָר ווי אומיסטן.

— וואָס שטייען מיר און קוקן זיך אָן? — האָב איך א זאָג געטאָן. — קום. קום צוריק אוועקזעצן זיך אָף דער באנק!..

מיר זײַנען ניט געגאנגען — מיר זײַנען געלאָפן. נאָר די גליקלעכע באנק איז שוין געווען פארנומען און קיין שום מיידל איז שוין אָף דער באנק ניט געווען. מיר זײַנען געשטאנען, געזוכט זי מיט די אויגן, און שטילערהייט איינער דעם צווייטן געשעמט זיך מודיע צו זײַן, ווען מיר זוכן עס אזוי מיט די אויגן, און אז זוכן זוכן מיר עפּעס גאָר־גאָר ווערטפולס־פארלוירנס.

און מיטאמאָל האָבן מיר זי דערזען. און זי האָט אונדז פונדערווײַטנס, אין אנדערן עק זאל, בא דער טיר, אויך דערזען. מיר האָבן זיך א לאָז געטאָן איינער צום אנדערן, ווי לאנגסטיקע נאָענטע באקענטע. אָדער נאָך מערער: ווי לאנגסטיקע נאָענטע באקענטע, וואָס האָבן זיך ווײַ־סעד וויפל צײַט ניט געזען.

— איר האָט געהערט דאָס נײַס? — האָבן מיר א זאָג געטאָן. — אונד־זער גליק, הא?

— פארוואָס עפּעס אײַער גליק? — האָט זי געענטפערט. — פארוואָס ניט מײַן גליק?..

און זי האָט א קוק געטאָן אָף אונדז מיט אזא קוק, אז ביידע איניינעם זאָלן מיר טראכטן, אז זי מיינט אונדז ביידע איניינעם, און יעדער איינער פון אונדז באזונדער זאָל טראכטן, אז זי מיינט אים איינעם באזונדער.

אלקאָלפאָנעם אזוי האָט זיך אונדז, טיפּשים, שטילערהייט אויסגע־דאכט.

מיר זײַנען איניינעם אוועק א זוך טאָן ערגעץ א פלאַץ אנידערצוזעצן זיך, און, פארשטייט זיך, אויסגעזוכט א זײַטיקע קילבלעכע באנק, אין

דער אלייע, צווישן ווארט־זאל און פלי־פעלד. אין דרויסן האָט שוין אָנגעהויבן טונקל ווערן. די גלעזערנע ווענט פונעם זאל האָבן זיך אלע מיטאמאָל געטאָן א גיס אָן מיט ליכט. אין דער אלייע האָבן זיך גע־דרייט ווייניק מענטשן. און אויב ס'האָבן זיך אפילע געדרייט א סאך מענטשן, זײַנען זיי אונדז סײַוויסײַ ווייניק וואָס אָנגעגאנגען. עס האָט געבלאָזן א גוט סאָפּזומערדיק אָוונט־ווינטל. אפן פלי־פעלד האָט גע־הודעט אן עראָפּלאן. די באנק אונדזערע איז געשטאנען אונטער א צע־וואקסענעם בוים. דאָס מיידל איז געזעסן צווישן אונדזביידע אין דער מיט. איך, דער באיאַרטער, אין איין זײַט; ער, דער גאָר יונגער כאווער מײַנער — אין דער אנדערער זײַט. גלײַך אף גלײַך. א בילד, מיט איין וואָרט, א נאכעסרועכדיקס, א שאלוועדיקס, קימאט־קימאט א ראָמאנ־טישס, ווי מע זאָגט.

ווי עס מאכט זיך אָפט — און מאכן מאכט זיך דאָס, ווייסט מען, גראָד בא געפערלעך־פארליבטע — זײַנען מיר א שטיק צײַט געזעסן און ניט געהאט זיך וואָס צו זאָגן, געזעסן אָן לאָשן. ס'האָט מיר שוין פּאָשעט אָנגעהויבן זײַן א פינצטערע בושע פארן דאָזיקן מיידל — גלײַך מיר קענען, נעבעך, קיין צוויי ניט ציילן. פארשטייט זיך, אז ראטעווען די לאגע האָט אלץ געדארפט איך, דער באיאַרטער. כ'האָב א פרעג געטאָן:

— זאָגט נאָר, כ'בעט אײַך, ווי געפעלט אײַך, אשטייגער, דאָס לעצטע ביכל, וואָס איר האָט איבערגעלייענט?..

דאָס מיידל האָט א לאך געטאָן:

— וואָס זשע, א מין עקזאמען? אוי, כ'בין אזוי זאט פון עקזאמענעס...

נאָר פונדעסטוועגן האָט זי, ווי א שעמעוודיקע שילערן, געטאָן א שטעק ארײַן די פינגער פון איין האנט צווישן די פינגער פון דער אנ־דערער האנט, האָט זיך געטאָן א ביסל א גלײַך אויס, א דריי געטאָן שפּילעוודיק מיטן קאָפּ, און מיט אלע זיבן כיינעך, און טאקע מיטן אק־צענט פון א שעמעוודיקער שילערן, אָנגעהויבן דעקלאמירן שורעס פון אוטקינס „דער געלער מאָטעלע".

— דאָס האָב איך שוין געלייענט לאנג־לאנג!.. — האָט זי געזאָגט, — נאָר געדענקען א ביכל, וואָס מ'האָט פון לאנג געלייענט, איז, דאכט זיך, מער כאריפעס, ווי א ביכל, וואָס מ'האָט לעצטנס געלייענט, האַ?

און ניט ווארטנדיק אף אונדזערן אן ענטפער, האָט זי אזוי־אָ, מיטן זעלבן באטאמטן ניגן, ווי פריִער, אָנגעהויבן דעקלאמירן סוועטלאָווס א ליד, איז, ניט אָפּשטעלנדיק זיך, איבערגעגאנגען צו טווארדאָווסקיס סטראָפעס, צו יעווטושענקאָס א פּאָר שורעס, אָנגעהויבן לייענען רימע קאזאקאָוועס א ליד.

א גליק, וואָס דער יונגער כאווער מײַנער האָט באלד דערקענט די לידער און אלעמאָל אָנגערופן דעם מעכאבערס נאָמען. אז די עקזאמי־נירט אונדז, ניט מיר זי — האָט עס שוין בעמיילע געהייסן. עס וואָלט נאָך געוועזן, צו אונדזער ביזאָיען, געהייסן, אז מיר האָבן דעם עקזאמען ניט אויסגעהאלטן.

דערנאָך האָט זי זיך א דריי געטאָן צו מיר און אָנגעהויבן ריידן וועגן איבערגעלייענטע ראָמאַנען. פאַרוואָס זי האָט זיך מיט די ראָמאַנען גראָד א דריי געטאָן צו מיר, ווייס איך ניט. צי ווײַל זי האָט אליין אָנגעשטויסן זיך, אז דער פּראָזע־שרײַבער בין איך, צי ווײַל זי האָט באַשטימט, אז ראָמאַנען פּאַסן זיך גיכער צו מיר, דעם באַיאָרטן, איידער צו אים, דעם יונגן כאַווער מײַנעם, דעם צוציק.

כ׳בין געזעסן, צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, און זיך געמינעט ווי א כײַדער־ייִנגל. ניט אלע אָנגערופענע ראָמאַנען האָב איך געלייענט. כ׳האָב פּאַשעט געצײַטערט, מיר זאָלן דעם עקזאַמען סאָפּקאָלסאָף ניט פאַרשפּילן. אז זי האָט געגעבן א דערמאָן א בוך, וואָס כ׳האָב יאָ געלייענט, האָב איך מאַמעש אופגעלעבט. כ׳האָב איר איבערגעשלאָגן אינמיטן, ארײַנגעוואָרפן עפּעס א געדאַנק, ארופגעכאַפּט זיך, ווי מע זאָגט, אפן פערד, און אָנגעהויבן יאָגן מיט געדאַנקען, ווי אן אָנגעבונדענער. און, מאָלט אײַך, די אימפּראָוויזאַציעס מײַנע האָבן זיך, אפּאָנעם, אדאַנק דעם דאָזיקן מיידל, באַקומען גאָרניט קיין שלעכטע. פאַרקערט: מע קען אפילע זאָגן — גאַנץ גוטע.

אזוי, לעמאָשל, האָט זיך בא מיר ארויסגעכאַפּט א געדאַנק וועגן פּרישס ראָמאַן „האָמאָ פאַבער". א געדאַנק, וואָס מע מעג אים, מיין איך, איצטער איבערכאַזערן:

— איר פאַרשטייט, — האָב איך א מאַך געטאָן, — שרײַבער זאָגן בעטעווע גאָרניט אויס פּרײַער. געוויינטלעך קעדיי דעם לייענער אָנצוצײַען, מאַכן אים נײַגעריק. פּריש טוט קאַפּויר: ער זאָגט אונדז יאָ אויס פּרײַער. נאָר ער טוט עס אין אזא פּלאַץ און בא אזא סיטואַציע, אז דאָס אויסזאָגן זאָל דעם לייענער מאַכן נאָך נײַגעריקער, נאָך פאַרינטערעסירטער. איר געדענקט מינאַסטאַם, ווי דער העלד פונעם ראָמאַן פאַרליבט זיך פּלוצעם אף דער שיף אין א יונג מיידל. ווען דער ראָמאַניסט טוט אונדז באַלד ניט א זאָג אויס, אז דאָס דאָזיקע מיידל איז דעם העלדס א טאָכטער, וועלכע ער האָט ביז דעמלט ניט געקענט, פאָלגן מיר נאָך א געוויינלעכע פאַרליבעניש צווישן א באַיאָרטן מענטשן און א יונג מיידל. אזוי אָבער, אז מיר ווייסן דעם סאָד פּרײַער, לעבן מיר איבער, אינטריגירטע, פּאַר יעדן שמועס זייערן, פּאַר יעדן ריר, יעדן שפּאַן. ניט טאָמיד, הייסט עס, דאַרף זיך א שרײַבער האַלטן בא קלאָלים. פאַרקערט: אמאָל דאַרף ער צוליב דער דאָזיקער זאַך, וואָס מיר רופן אָן קינסטלערישקײַט, עמעסדיקײַט, די קלאָלים איבערקערן מיטן קאָפּ אראָפּ... ניט אזוי?

— אינטערעסאַנט. גאַנץ אינטערעסאַנט! — האָט דאָס מיידל אונדזערס א זאָג געטאָן מיט אזא טאָן, ווי זי וואָלט מיר געשטעלט א פינף, נאָר א פינף מיט א מינוס.

— זאָגט דעם עמעס... — איז מיר פּלוצעם אײַנגעפאַלן, — איר אליין שרײַבט ניט?

— וואָס רעדט איר? ס׳הייסט... ניין, ניין. כ׳האָב דאַפקע געכאָלעמט אָנצוקומען אפן פאַקולטעט פון זשורנאַליסטיק. נאָר כ׳האָב דערצו איינגאַנצן

קיין טאלאנט ניט. קיין ברעקל טאלאנט ניט. און א זשורנאליסט, טראכט איך, אָן טאלאנט איז ערגער ווי דער ערגסטער מענטש אין דער וועלט.

— כ׳מיין, נאָוועלן, לידער... — האָב איך א זאָג געטאָן אזוי, גלײַך ווי פאר די־אָ זאכן דארף מען קיין שום טאלאנט ניט.

כ׳ווייס ניט וואָס פּלוצעם, נאָר כ׳האָב מיטאמאָל דערפילט, אז איך האלט דעם מיידלס האנט אין מײַן האנט.

איך בין אפּאמאָל געוואָרן מילד, באלצדאָקעדיק מילד:

— און איך גראָדע טראכט, — האָב איך א שטאמל געטאָן, — אז איר האָט שוין דאָפקע יאָ טאלאנט. און א סאך טאלאנט. אף זיך אליין איז מען קיינמאָל קיין מייוון ניט. טאלאנט דארף מען קענען אופדעקן אין זיך. אָט וועט איר אומיסטן זען. מיר קענען עס אײַך באלד פּינקטלעך זאָגן. אנו טוט עפּעס אזוי־אָ א דערצייל. א געוויינלעך וואָכעדיק בילדל. אזוי־אָ. פּאָ־שעט. אָט וועט איר אומיסטן זען.

דאָס מיידל האָט מיך געטאָן א קוק אָן און דערווײַל פּאמעלעך ארויס־געשלעפּט די האנט אירע פון מײַנער. וואָס זי האָט דעמלט געטראכט — ווייס איך ניט. נאָר זי איז, דאכט זיך, דערמיט גאָרניט אויסן געווען. ווי פריִער, האָט זי זיך אויסגעגלײַכט דעם רוקן, אויסגעהוסט זיך א פּאָר מאָל, און אזוי־אָ, גאָרניט אויסן זײַענדיק, ווידער א קוק געטאָן אף מיר.

— וואָס זשע פאר א בילדל, אשטייגער, זאָל איך אָפּמאָלן? — האָט זי זיך צעלאכט. — נו, הערט. כ׳וועל אײַך דערציילן וועגן מײַן טאטן. מײַן טאטע, פארשטייט איר מיך, איז שוין א מענטש בא די זעכציק. נאָר ער האלט זיך נאָך יונג, שטאלטנע. ער האָט זיך ליב אָנצוטאָן שיין, הײַנט־צײַטיק. און האָט גוואלדיק ליב יונגווארג. די מאמע איז די ערשטע צײַט געווען מעסוקן אייפערזיכטיק. ס׳פלעגן אפילע פּאָרקומען אין שטוב סקאנ־דאלן. דערנאָך האָט זיך די מאמע אי צוגעוווינט דערמיט, אי אָנגעהויבן פארשטיין, אז ס׳איז קיין שום אומגליק ניט. ס׳איז גלאט אזוי זיך. סטאם. פארקערט: ס׳איז עפּשער פּאָשעט א ביטערער סימען פון אלט ווערן. און זי האָט אָנגעהויבן קוקן אפן טאטנס „ראָמאנען” מיט א גוטמוטיקן מיטפילנדיקן שמייכל. מע קען אפילע זאָגן: מיט א געטרײַען שמייכל. אז סע מאכט זיך אמאָל, דער טאטע קומט אהיים פון דער גאס נאָך עפּעס א נײַער באקענטשאפט צי נאָך עפּעס א באגעגעניש ערגעץ אפן וועג, דערקענט עס באלד אף אים די מאמע. זי טוט צו מיר א ווונק מיט די אויגן: גיב א קוק, ווי ער איז גליקלעך, דער נאר!... און דער טאטע איז טאקע בעפּיירעש גליקלעך. ווי־אזוי ער זאָל עס ניט וועלן באהאלטן, זעט מען עס. ער קומט ארײַן אין שטוב מיט פּעקלעך, מיט שקארמיצן (אויס־קויפן זיך, הייסט עס, די זינד), ער פארגעסט זיך און זינגט זיך שטי־לערהייט צו, רײַבט זיך גאָר רירעוודיק איין האנט אין דער אנדערער, די אויגן שײַנען אים. די מאמע זיצט מיט א שמייכל אף די ליפּן און מאכט זיך, אז זי זעט ניט, זי פארשטייט ניט. דערנאָך, ווי אָפּטמאָל גע־וויינלעך, ווערט דעם טאטן מיטאמאָל דושנע. ער טוט אויס דאָס רעקל, צעבינדט דעם שניפּס, טוט אויס דאָס העמד און בלײַבט שטיין אין דער

הוילער מײַקע — א פארעלטערטער, אן אײַנגעדארטער, מיט א גראָהאָ־ריק האריץ אונטער דער מײַקע, מיט צוויי דינע שטעקלדיקע הענט. ער פילט זיך שולדיק און גייט דאָס מאָל אליין נעמען זיך דעם קעפיר זײַנעם פונעם אײַזקאסטן. ער עפנט אוף דאָס טירל, זוכט דאָרט אינווייניק לאנג אום מיט די הענט. און אפן ווײַסן פאָן פונעם אײַזקאסטן זעען זיך אָן פונדערווײַטנס צוויי שארפע שפיצעכדיקע עלנבויגנס. די מאמע קוקט אים נאָך און טוט צו מיר א ווונק מיט א זיפץ: גיב א קוק, ווי פון טאָג־צו־טאָג ווערן אים נעבעך די עלנבויגנס שפיצעכדיקער און שפיצעכ־דיקער...

דאָס מיידל איז שטיל געבליבן. מיר זײַנען אלע דרײַ א רעגע געזעסן און געשוויגן.

— א פארטיקע נאָוועלע. גוט, וואָס גוט הייסט! — האָט דער יונגער כאוועד מײַנער אויסגעכאפּט פריִער.

נאָר איך האָב שוין סײַוויסײַ גאָרניט ניט געזאָגט. כ׳בין געווען זיכער, אז דאָס מיידל איז מיט דער דאָזיקער מײַסע גאָרניט ניט אויסן. נאָר עפּעס האָט זי מיך טיף א גראבל געטאָן, די דאָזיקע מײַסע.

מיילע, קעפיר ווי קעפיר, — האָב איך געגעבן א טראכט, — נאָר ניט קיין שפּיצעכדיקע עלנבויגנס. נאָר, כאָלילע, ניט קיין שפּיצעכדיקע עלנ־בויגנס...

מיטאמאָל האָט זיך איבערן אוראָפּאָרט צעהודעט די ראדיאָ:

— אכטונג, בירגער פאסאזשירן. דער טומאן ארום שווארצן יאם פאר־שטארקט זיך. עס פארהאלטן זיך ביז זעקס אינדערפרי די אוויִאָנען סימ־פעראָפּאָל — אָדעס, סימפעראָפּאָל — קעשענעוו, סימפעראָפּאָל — קיִעוו. איך כאזער איבער... אאוו.

כ׳האָב זיך געטאָן א הייב אוף פון דער באנק:

— נו, כאווײרים, מע דארף גיין אײַנאָרדענען זיך אין האָטעל!..

— און איך וואָלט אזוי געזעסן און געשמועסט מיט אײַך ביז פאר־טאָג. וויפל איז דען נאָך געבליבן צו ווארטן? ס׳איז אזוי גוט מיט אײַך! — האָט א זאָג געטאָן דאָס מיידל.

— און איך וועל אײַך לייענען לידער פון אונדזערע מאָלדאווישע פּאָעטן. ניט קיין שלעכטע פּאָעטן בא אונדז אין מאָלדאוויע... — האָט א זאָג געטאָן דער יונגער כאוועד מײַנער.

מיר האָבן זיך אלע דרײַ אופגעהויבן און זיך געלאָזט גיין. פארוואָס קומען צו דיר ניט קיין שארפע שפּיצעכדיקע עלנבויגנס דעמלט, ווען דו דארפסט זיי, און קומען צו דיר דעמלט, ווען דו דארפסט זיי ניט? — האָב איך זיך אלץ ניט געקענט באפרײַען פון דעם דאָזיקן נארישן גע־דאנק.

# פאַלשע בלומען




׳בין געשטאַנען אױף דער העכסטער הײך פֿונעם קרימער באַרג אײַ־פּעטרי און באַגעגנט דעם זון־אױפֿגאַנג.

ס׳האָט נאָרװאָס אָנגעהױבן טאָגן. דער הימל איבער אונדזער קאָפּ איז דאָ אױבן געװען פּונקט אַזױ װײַט פֿון אונדז, װי אונטן. פֿאַרקערט: איבער דער קעלט דאָ, אין אַזעלכע הײסע זומער־טעג, האָט דאָ דער הימל, דאַכט זיך, אױסגעזען נאָך װײַטער.

די גאַנצע געשיכטע װעט געדױערן עטלעכע רעגעס. װיפֿל געדױערט עס אַ זון־אױפֿגאַנג? נאָר מיר זײַנען אַ האַלבע נאַכט געזעסן צופֿוסנס דעם באַרג־שפּיץ אַרום אַ פֿלאַקערנדיקן שײַטער און געװאַרט, עס זאָל אָנהײבן טאָגן. מיר זײַנען געזעסן אַרום פֿײַער צונױפֿגערוקטע אײנער לעבן אַנדערן, װער ס׳האָט געהאַלטן אַרומגענומען די אײגענע קני, װער ס׳האָט זיך האַלב־ליגנדיק צוגעשפּאַרט אױף אַן עלנבױגן, װער ס׳האָט אַרױפֿגעכאַפּט אױף דער פּלײצע אַ זומערדיקע קאָלדרע, װער ס׳האָט צוגעװאָרפֿן אַ שטיק האָלץ אױפֿן שײַטער. מיר האָבן געטריבן דעם שלאָף מיט ניגונים, מיט מעשׂיות. געזונגען און געקוקט, װי אין אַלע זײַטן אַרום אונדז, נעענטער, װײַטער, לענגױס דעם גאַנצן װאַלד־פּאַס, װאָס טײלט אונדז אָפּ פֿונעם שפּיץ באַרג, פֿלאַקערן פּונקט אַזעלכע שײַטערס.

און אַז פֿון דער פֿינצטערניש האָט פּאַמעלעך אָנגעהױבן אױסשײלן זיך אַ טונקל־גרינע װאַנט הױכע אַלטע נאָדלבײמער, האָבן מיר זיך אױפֿגעהױבן, אָפּגעטרײסלט פֿון זיך די פֿאַרזעסנקײַט, פֿאַרטרעטן מיט די פֿיס די גליִענדיקע קױלן און אָנגעהױבן דורכדראַפּען זיך דורך דער װאַנט באַרג־אַרױף. מיר האָבן זיך אָנגענומען בײַ די הענט און צװישן די בײמער, קײטלדיק, זיגזאַגיש, אײנער הינטערן אַנדערן אױפֿגעהױבן זיך אַרױף, אַרױף, אַרױף.

אין איין צײַט, ווי אָפגערעדטע צווישן זיך, קימאט אין איין רעגע, האָבן זיך פון אלע עקן א צי געטאָן דורכן וואלד ארוף צענדליקער מאכנעס. ס׳ראָוו יונגווארג. ייִנגלעך און מיידלעך מיט רוקזעקלעך אף די פלייצעס, פוסגייער אין פארשטויבטע מאלבושים, ארטעק־פּיאָנערן אין זייערע אלציינע זון־שליאפעס אף די קעפ. ייִנגלעך און מיידלעך מיט פאָטאָ־אפאראטן אף די אקסל, מיט פארזשמורעטע האלב־פארשלאָפענע, האלב־לאכנדיקע פענעמער, ווי ווען די מאמעס וואָלטן זיי נאָרוואָס אופגעוועקט פונעם סאמע זיסטן, סאמע קינדערישסטן, פארטאָגיקן שלאָף. איך איינער, דאכט זיך, בין צווישן גאנצן אוילעם געוועזן עלטער. צוויי מאָל עלטער. דרײַ מאָל עלטער.

מיר זײַנען שטיין געבליבן אפן סאמע שפיץ בארג. איין שפאן ווײַטער איז טיפער־טיפער אָפגרונט. מיר זײַנען שטיין געבליבן און געשוויגן. דער קאָפ האָט זיך א ביסל שיקערלעך געדרייט. מעגלעך, אראָפקוקנדיק פון אזא הייך. און מעגלעך, איבער די שיינקײַטן, וואָס האָבן זיך מײַלנווײַז א צעעפן געטאָן גראָד אונטן, אין אָפגרונט.

גאָר־גאָר נאָענט — איין שפרונג, האָט זיך געדאכט, און דו זיצסט אף זיי רײַטנדיק — האָבן, ווי ארויסגעוואקסענע פונעם כאָלעל, ווי הענגענדיק געבליבענע אינדערלופטן אף גאָרניט, געסטארטשעט מיט די שארפע שפיצן זייערע ארוף עטלעכע גוואלדיק־הויכע, שמאָלקאנטיקע, ווילד־ארומגעטעסעטע שטיינערנע פעלדזן. זיי זײַנען, אפאָנעם, אזוי אָפגעשפאָלטענע, געבליבן סטארטשען, ווען יאם, וואלד, בארג און פעלד האָבן זיך א צעמיש געטאָן. פון די סאָסנע־וועלדער, וואָס רינגלען די פעלדזן אונטן ארום, פארוויכערן, אפאָנעם, די ווינטן העט־העט ארוף וואלדישע זריִע־קערנדלעך. וואקסט דאָ און דאָרט אין די פעלדזן־קנייטשן אן אלטע סאָסנע מיט הויקערדיק־פארדרייטע צווײַגן, ווי הירשן־הערנער. די שווארצע לעכער אין די פעלדזן־שפאלטן זײַנען, אפאָנעם, אָדלער־נעסטן. די אָדלערס אין זייערע לעכער שלאָפן נאָך.

לאנג, אָן אן ענדע, ציט זיך אוועק דער יאם, גיסט זיך ערגעץ ווײַט־ווײַט צונויף מיטן הימל. איצט, פארטאָג, איז דער יאם שטיל, הילט זיך קאָקעטיש, גלײַך די כוואליעס זײַנע וואָלטן געוועזן אקסל, אין א דינ־דורכזיכטיק רויכל. א שטיק יאם איז בלאָ, א שטיק יאם — גרין, א שטיק — גראָ, ברוין, רויטלעך. און אז דו קוקסט זיך גוט אײַן אין אים, איז ער אומעטום שווארץ, ביפראט נאָענט צום ברעג, ווו עס רעמלט אים ארום א ווײַס, בייזלעך פינע־רעמל.

יאם. בארג. וואלד. אספאלטירטע, געדרייטע וועגן צווישן די וועלדער אין די בערג, ווײַסע סאנאטאָריע־פאלאצן. שורעס־שורעס קיפאריסן, פאלמעס, צעדערביימער. פלאַטשיקע דעכער איינס אפן אנדערן, ווי טרעפ בארג־ארוף. א שיף אפן יאם. פארביקע פליאזש־זאָנטיקעס לענגויס דעם ברעג. די רויכלעך אף די כוואליעס צעגייען זיך. עס ווערט וואָס אמאָל ליכטיקער און ליכטיקער.

כ׳בין געשטאנען אף דער העכסטער הייך פונעם בארג, געווארט אפן זון־אופגאנג, און געטראכט וועגן דיר, קאָלעגע, פען־כאווער מײַנער. מיר

ווינען שוין אריבער צוויי וואָכן אין יאַלטער שעפּערישן הויז א טיר קעגן א טיר. אין קאָרידאָר איז שטיל און קיל. א שטילע ווייכקייַט ליגט אף די טעפּיכער אונטער אונדזערע פיס. א קילע רויִקייַט — אין די טונקעלע גאַרדינען איבער די פענצטער. דורך דער געבעטער טיר פון דייַן צימער הערט זיך קוים־קוים ארויס קלאַפּן דייַן שרייַב־מאַשינקע. אף מייַן טיש ליגט שוין עטלעכע טעג א נישט אָנגעהויבן לייִדיק בייגעלע פּאַפּיר, און איך בין מעקאַנע די קורצע געגראַמטע שורעלעך, וואָס רוקן זיך ארויס, איינס נאָכן אנדערן, אָפּגעשטעמפּלטע, פון דייַן שרייַב־מאַשינקע. ווי דרייסט, גיך און פריילעך דו קלאַפּסט זיי אויס! נעכטן האָבן מיר זיך מיט דיר באַגעגנט אין קאָרידאָר. כ׳האָב דיך גערופן מיטגיין מיט אונדז ארוף. האָסט מיך א ווייַלע אָנגעקוקט, דאכט זיך, א ווייַלע אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז פיס, דאכט זיך א שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— נו, א שפּאַציר?.. נו, א שפּיץ באַרג?.. נו, א זון־אופגאַנג?.. כ׳קען עס מיר אליין מאכן שענער!..

כ׳בין געשטאַנען און געקוקט אף די ייִנגלעך און מיידלעך, וואָס האָבן זיך אויסגעזעצט ארום־און־ארום אף די באַרג־שטיינער, כ׳האָב אופגעכאַפּט דעם כידעש אין זייערע בליקן, די פאַריסענע צו אַן עק הימל ארוף, און האָב געטראַכט וועגן דעם, וואָס דו האָסט נעכטן א זאָג געטאָן. כ׳האָב דעם זאָג דייַנעם געוואָלט פאַרשטיין, כ׳האָב אים אין עפּעס געוואָלט אָנקניפּן. כ׳האָב מיך דערמאָנט, ווי מייַנע קליינע פּלעמעניקלעך זייַנען געזעסן בא מיר אין שטוב, צונויפגעשטופּטע אלע איינער אין אנדערן ארום איין בענקל באַם טיש און האָבן געמישט מייַנס א נאָרוואָס דערשינען ביכל. די שפּאָגל־נייַע בלעטלעך צווישן זייערע פינגערלעך האָבן געקנאַקט, די פרישע פאַרב האָט געשמעקט, די מייַסעלעך אין ביכל האָבן פאַרמאָגט איליוסטראַציעס. די קינדער האָבן געמישט בלעטל נאָך בלעטל, מערער געקוקט אף די „מענטשעלעך", ווי אף די שורעס, אלעמאָל געכאַפּט א קוק אף מיר, און איין פּלעמעניקל האָט א געשריי געטאָן:

— אך, איז גוט צו זייַן א שרייַבער... קאָנסט דיר אליין אָנשרייַבן, וואָס פאַר א ביכל דו ווילסטו!..

ניין. עס קניפּט זיך ניט אָן. ניט דאָס איז דער פאַרגלייַך. אין יענער קינדערישער איבערגעטריבנקייַט איז דאָ א סאך טרוים, ריינקייַט, טראָפּנס טוי. כ׳האָב עס טאָמיד ליב איבערצודערציילן. עס רופט ארויס פרייד, געלעכטער. דייַן זאָג האָט מיך פאַרכמורעט. כאָטש ס׳איז אין אים גאָר נישטאָ קיין איבערגעטריבנס. האָסט אים ארויסגעבראַכט געמאָסטן, זאכלעך, ווי אויסגעקלאַפּט, דאכט זיך, אפילע מיט א מין ניגן.

ענדלעך האָט די זון אָנגעהויבן אופגיין. א שמאָל, שאַרף פייַערפאַסיקל אפן הימל איז פּאַמעלעך־פּאַמעלעך, וואָס אמאָל געוואָרן ברייטער, קייַלעכדיקער און פייַערדיקער.

צענדליקער פּנעמער ארום מיר האָבן זיך מיטאַמאָל ראָזעווע צעפלאַמט, צעשייַנט. דער אוילעם האָט זיך א ריס געטאָן פונעם פּלאַץ, אָנגעשטעלט פאָטאָ־אַפּאַראַטן, אונטערגעטענצלט, גלייַך ווי די דאָזיקע רעגע וואָלט איצטער־אָ פאָרגעקומען דאָס ערשטע מאָל אין דער וועלט.

נאָר איך בין געשטאַנען און אַלץ געטראַכט וועגן דיר. האָסט מיך ניט געלאָזט האַנאָע האָבן. כ'האָב אַ זון געטאָן אין זיך פֿאַר־דײַנעטוועגן אַ צווייטן פֿאַרגלײַך. כ'בין אַמאָל, האָב איך זיך דערמאָנט, געפֿאָרן אויף אַ כוידעש אין דאָרף. כ'בין געזעסן, געדענק איך, אין אווטאָבוס, איידער ער איז נאָך אָפּגעפֿאָרן, און געכאָלעמט וועגן אַ גראָב פֿלאַקסן טישטעך אויף אַ נידעריק טישל, וועגן אַ טאָרבעלע פֿרישן קעז אין פּירהויז אויף דער וואַנט, וועגן אַן אַלטיטשקער מיט אַ צעאַקערט גוט פּאָנעם, וואָס דרייט זיך אַרום מיר, וועגן אַ קליין פֿענצטערל אַפֿן איווון, און, דעריקער, וועגן אָן אַ שיר קווייטן, לעבעדיקע קווייטן, וואָס זעען זיך אָן ווײַט־ווײַט דורכן פֿענצטערל. און פּלוצעם, צווישן די פּאַסאַזשירן, האָט זיך אַרופֿגעיאָוועט אַפֿן אווטאָבוס אַ מיידל מיט אַ בוקעט אין דער האַנט. פֿון די גרויסע צעעפֿנטע בלומען איז אַרום־און־אַרום ווי ליכטיקער געוואָרן. נאָך מער: ס'האָט זיך קוים־קוים באַמערקט, אַז זיי זײַנען פֿאַפּירענע... דער אווטאָ־בוס האָט געיאָגט, און איך בין געזעסן און געפֿײַניקט זיך: ווער פֿון אונדז איז גערעכטער? עפּשער איז דאָס דאָזיקע דאָרפֿישע מיידל אויב ניט נאָך העכער? די קווייטן דורכן פֿענצטערל וואַקסן אַזוי זיך, און אירע בלומען האָט עמעצער געשאַפֿן, האָט עמעצער געמאַכט.

געשיקט זיך, אַז דו, קאָלעגע מײַנער, ביסט גערעכטער?

די זון איז אופֿגעגאַנגען. זי איז אופֿגעגאַנגען אָן באַזונדערקײַטן, אָן קונצן, געוויינלעך, ווי שטענדיק. כ'בין געשטאַנען צווישן יונגוואַרג, און אַזוי יונג און אַזוי דאָרשטיק, ווי אַלע, געזשמורעט צו דער זון אַרויף די אויגן, דערפֿילט אין די שוואַרצאַפּלען די ערשטע שטראַלן אירע, אונטערגעשטעלט די באַקן צו איר צאַרטער פֿאַרטאָגיקער וואַרעמקײַט.

כ'נעם זיך ניט אונטער אַלץ פּינקטלעך באַמאָלן. כ'וויל זיך אַפֿילע ניט אַרײַנלאָזן גוט דערגרונטעווען דעם סייכל פֿון אופֿהייבן זיך אַהער מאַכנעסווײַז, טאָג בא טאָג, באַגעגענען דעם דאָזיקן אופֿגאַנג. כ'האָב וועגן דעם איין־און־איינציק וואָרט: ל ע ב ן.

דער אוילעם האָט זיך אָנגעהויבן פֿאַנאַנדערגיין. צענדליקער ייִנגלעך און מיידלעך האָבן זיך אַ צעשפּרייט געטאָן איבערן גאַנצן באַרג־אַראָפּ. דער ווינט אַנטקעגן האָט צעבלאָזן ווײַסע קאָפּטלעך, צעפֿלאַטערט רויטע האַלדזטיכלעך, צעכוואַליעט גרינע רוקזעקלעך אויף די רוקנס. פֿאַר די אויגן האָבן געשווינדלט פֿאַרבן. כ'האָב אַלץ געטראַכט וועגן דיר. ווײַט־ווײַט, דורכן קליינעם דאָרפֿישן פֿענצטערל, האָבן אַ שמעק געטאָן לע־בעדיק־וואַקסנדיקע קווייטן.

וואָרט נאָר: יענער שיינער בוקעט אין אווטאָבוס האָט פֿאַרמאָגט רייַ־כעס?

דו ביסט שוין מיסטאַמע איצט אויך וואַכנדיק. זיצסט שוין, מעגלעך, באַם טיש. קורצע געגראַמטע שורעלעך רוקן זיך אַרויס איינס נאָכן אַנ־דערן פֿון דײַן שרײַב־מאַשינקע גיך, דרייסט און פֿריילעך. קלאַפּסט דיר אַליין אויס אַ שענערן זון־אופֿגאַנג.

פֿאַרמאָגט דײַן זון־אופֿגאַנג שטראַלן?

ניין, כאַווער. גערעכט זײַנען די לעבעדיקע בלומען.

# דאָס האָרבאטע מיידל



יר זײַנען ביידע געזעסן אין סאנאטאָריע־עסזאל בא איין טישל.

די אנדערע צוויי טיש־כאווײרים — אן ארטעל־פאָרזיצער ערגעץ אין א ווײַסרוסיש שטעטל און א יונגערמאן מיט פלינקע עלעגאנטע באוועגונגען — פלעגן, ווי אָפּגערעדט, טאָמיד פארשפּעטיקן, אוועקזעצן זיך עסן נאָך דעם, ווי מיר האָבן זיך אופגעהויבן...

יאָ, זי איז געווען א קלײנינקע, אן אײַנגעהויקערטע, א מיעסע.

דער קאָפּ איז איר געווען אריינגעקוועטשט אין די אקסל. בייס זי איז געזעסן, האָבן די האָר אירע קוים געגרייכט די אייבערשטע פאָרענטשע פונעם בענקל. נאָר אויגן האָט זי געהאָט אזעלכע אָפּענע און פולע, טיפע און באזונדערע. בלאָ־גראָע הימל־אויגן, וואָס האָבן געפינקלט מיט אזויפיל שיינקייט, אי ווען זיי זײַנען געווען פארצויגן מיט אומעט, אי ווען זיי האָבן זיך א בייזער געטאָן, אי ווען זיי פלעגן באגעגענען די דאָזיקע צוויי „פארשפּעטיקטע" מיט א שמייכל, מיט א באדויערנדיקן שמייכל.

נאָר וועמען זײַנען אָנגעגאנגען אירע אויגן? וועמען זײַנען אָנגעגאנגען קלייניקייטן?

איינע אליין האָט זי אומשפּאצירט אין די שאָטנדיקע אלייעס מיט א ביכל אין דער האנט. זי האָט זיך אוועקגעזעצט אף א באנק. זי איז געשטאנען און לאנג באטראכט די סאנאטאָריע־קאָרפּוסן. זי איז צוגעקומען פארשרײַבן זיך אף אן עקסקורסיע. אין קאסע־פענצטערל באַם קלוב האָט זי געמאָנט איין בילעט. זי איז ארײַנגעגאנגען לייגן זיך שלאָפן. אפן געלעגער האָט זי געהערט, ווי אירע פּאלאטע־כאווערטעס קומען צו גיין אף די שפּיץ פינגער, שטיל, איר כאָלילע דעם שלאָף ניט שטערן.

זי איז שוין דאָ געווען אריבער צוויי וואָכן, און קיינער בא אונדזער טישל האָט ניט געוווּסט, ווער זי איז, פונוואַנען זי איז. קיינער האָט ניט געוווּסט, אַז מיט פערצן יאָר צוריק איז א צעניאָריק מיידעלע געשפּרונגען פון עשעלאָן, וואָס איז געגאַנגען קיין אָשווענטשים. א ווײַסרוסישע פּויערטע האָט דאָס פאַרבלוטיקטע מיידעלע אָפּגעמינטערט, אהיים גענומען, אויסבאַהאַלטן, אויפגעוואַקסן, געלערנט... קיינער האָט ניט געוווּסט, אַז פאַראַיאָרן האָט דאָס דאָזיקע מיידעלע פאַרענדיקט א בוי־אינסטיטוט. זי איז אָפּגעפאָרן אַפּן צאַפּן. איר ערשטע אייגענע שאַפונג — א פּראָיעקט פון שול־געבײַדעס פאַר סיבירער נײַע ייִשוּווים. מ'האָט דעם פּראָיעקט באַשטעטיקט, פּרעמירט... קיינער האָט ניט געוווּסט מער ווי דרײַ זאַכן: א קליינינקע, אַן אײַנגעהויקערטע, א מיִעסע.

קיינער האָט זיך מיט איר ניט פאַרכאַווערט.

כ'האָב א סאַך געטראַכט דערצו און איינמאָל נאָכן עסן א זאָג געטאָן:

— קומט. איר ווילט זיך א ביסל דורכגיין? צום יאַם?

זי האָט גיך א הייב געטאָן אַף מיר די אויגן, א פּאָר רעגעס באַ־טראַכט מיך און געשוויגן. כ'האָב געפילט, וואָס זי וואָלט געוואָלט א זאָג טאָן.

זי האָט געפרעגט:

— וואָס עפּעס... צום יאַם?

— ווּהין־ס'איז־נישט־איז... אין גאָרטן. אין גאַס. ווּהין איר ווילט.

זי האָט בײַסיק א שמייכל געטאָן:

— וואָס עפּעס פּלוצעם?

— גאָרניט... עס ווילט זיך א ביסל דורכגיין, דורכשמועסן.

— און טאַקע שוין?

— אפילע שוין!..

אירע פּולע אויגן האָבן א לויכט געטאָן מיט גײַווע:

— ניין! ניט איצטער... אַן אַנדער מאָל!..

מיר זײַנען צוגעקומען צום עק באַרג, אָוועקגעשטעלט זיך באַם אַראָפּגאַנג צווישן צוויי פעלדזן און אַראָפּגעקוקט צום יאַם־ברעג. לענגויס דעם ברעג האָט זיך אָוועקגעצויגן דער פּליאַזש: פאַרביקע שירעמס, רייען קאַבינקעס, טישלעך. ערגעץ ווײַטער האָט זיך אָנגעזען א קליין דערפל. א שיף אַפּן יאַם איז וואָס אַמאָל געוואָרן קלענערדיקער. כ'האָב געוואָלט, זי זאָל ווייניקער זען די שלאַנקע פאַרבראָנזיקטע קערפּערס, מיט וועלכע ס'איז געווען פאַרדעקט קימאַט דער גאַנצער ברעג, און כ'האָב א ווײַז געטאָן מיט דער האַנט אַפּן דערפל. קעסטלדיקע הײַזלעך מיט פּלאַטשיקע דעכער, איין הײַזל אונטערן אַנדערן. כ'האָב געוואָלט פאַרפירן א שמועס וועגן אַרכיטעקטור. נאָר זי, פאַרקערט, האָט א טײַט געטאָן מיט א פינ־גער אַף א פּאָר ייִנגלעך און מיידלעך, וואָס זײַנען לויפנדיקע ראַשיק אַרײַן אין די יאַם־כוואַליעס. זי האָט געזאָגט:

— פאַרצווייייאָרן זײַנען מיר, א גרופּע סטודענטן, געווען אין ריגע... די כאַוויירים האָבן מיך געלערנט שווימען... בכלל... מיר דאַכט זיך,

אז דאָס שענסטע אין יאם זײַנען גראָד די ברעגן זײַנע... זעט נאָר, וויפל מענטשן... וויפל פארבן...

מיטאמאָל האָט זי מיך א ריר געטאָן באם אָרעם:

— ווייסט איר וואָס... קומט אראָפּ אונטן... כ׳וועל זיך באָדן!..

און האָט זיך באלד צוריקגעכאפּט:

— ניין!.. דאָ אף די קור־ערטער זײַנען די מענטשן ווי איבערגעביטן... מערקווירדיק: אפּאָנעם, אז מע באפרײַט זיך פון טאָגטעגלעכע פליכטן, ווערט מען ליידיקער, אויבערפלעכלעכער. אָט זיצן זיי דאָרטן, די צוויי באקענטע אונדזערע, וואָס פארשפּעטיקן קלוימערשט... אָט דאָרטן...

מיר זײַנען צוריק ארײַנגעגאנגען אין גאָרטן ארײַן. כ׳האָב געשפּאנט לעבן איר און געהערט. זי האָט גערעדט גיך, גערעדט וועגן אלצדינג. וועגן טוואַרדאָווסקיס נײַע לידער. וועגן דער מאָלדאווישער מוזיק. וועגן דײַטשלאנד. וועגן אופשטאנד אין ווארשעווער געטאָ. וועגן דער ווײַסרוסישער פּראָסטער קאָלווירטלערן — די צווייטע און גוטע מאמע אירע.

מיר האָבן געשפּאנט אין דער מיט אלייע. פון ביידע זײַטן, אף די בענק, האָבן מענטשן ארופגעהויבן די קעפּ פון די ראָמאנען, וואָס זיי האָבן געלייענט, ס׳האָט זיך געהערט, ווי עס שורשען צווײַגן: מענטשן זײַנען ארויסגעקומען פון צווישן דיביימער.

ס׳האָט זיך מיר געוואָלט גיין נעענטער לעבן איר: זאָל מען זען אונדזערע אָרעמס אָנגעריירט איינעם אין אנדערן. ס׳האָט זיך מיר געוואָלט א זאָג טאָן עפּעס זייער פריילעכס: זאָל מען זען אונדזערע פּענעמער לאכן!

כ׳בין געוועזן צופרידן מיט זיך. סאָפּקאָלסאָף בין איך אימשטאנד צו דערזען עמעסע שיינקײַט. און בין פייִק מאקריוו זײַן זיך פאר איר...

און כ׳האָב זיך ניט אָפּגעגעבן קיין כעזשבן, אז די דאָזיקע געדאנקען האָבן אלץ קאליע געמאכט. זיי זײַנען געוועזן איבעריק. כ׳האָב מיך דורך זיי ניט אופגעהויבן העכער. כ׳בין געבליבן ליגן אף דער זעלבער פלאך ווי אנדערע.

# א דערציילונג אין דרײַ וואריִאנטן




אָס, וואָס איך גיי דערציילן, איז אפּאנעמעסן פּאַר־געקומען. בלויז די וואריִאנטן, מעגלעך, זײַנען מײַנע.

אין אָדעסער פילאַטאָוו־אינסטיטוט האָט מען אנומלטן אָפּעריִרט א קראנקן די אויגן, צוריקגעגעבן אים די ריִע. דער דאָזיקער קראנקער האָט אופגעהערט זען, ווען ער איז אלט געווען נײַן יאָר. אין א פארנאכט, בײַסן שפּילן זיך אף דער גאַס, איז ער ארונטער אונטער א טראמוױַ, שוין מערער געווען אף יענער־וועלט ווי אף דער־וועלט, אָפּגעלעגן העכער א האלב יאָר אין א שפּיטאָל. די צעבראָכענע הענט־און־פיס, דעם צעקוועטשטן שארבן, דעם אויסגעקרימטן רוקנביין — אלץ האָט מען דעם קינד פאריכט און אויסגעהיילט. נאָר די ריִע, וואָס ער האָט בא דער דאָזיקער גרויסער טראוומע פארלוירן, האָט ער פארלוירן אף ניט אומצוקערן זי.

וויפל, אשטייגער, האָט דער דאָזיקער מענטש ניט געזען? גאנצע זעכציק יאָר. ער איז פאר אָט דער צײַט, פארשטייט זיך, גרויס געוואָרן, געלערנט אין א ספּעציִעלער שול פאר בלינדע, אויסגעלערנט זיך א פאך, כאסענע געהאט. דאָס ווײַב האָט אים געבוירן צוויי זין און א טאָכטער. די זין זײַנען אויסגעוואקסן, געענדיקט שולן, געדינט אין דער ארמיי, באטייליקט זיך אין דער פאָטערלענדישער מיל־כאָמע, געענדיקט אינסטיטוטן, אויך כאסענע געהאט, געשענקט, ווי מע זאָגט, דעם בלינדן פאָטער זייערע אייניקלעך. איין זון, דער עלטערער, איז אן אינזשעניער אין א דניעפּראָפּעטראָווסקער זאוואָד, די טאָכטער זײַנע איז א מוזיק־לערערן, וועט שוין מיסטאמע אינגיכן אויך ווערן א מאמע פון קינדער. דער צווייטער זון וווינט אין נאָוואָסיבירסק, ער איז א וויסנשאפטלעכער פאָרשער אין קיבערנעטיק.

(דאָס האָט ער טאַקע, דער צווייטער זון, אײַנגעלייגט וועלטן, איבער־געשריבן זיך מיט פּראָפּעסאָרן־אָקוליסטן, אַלץ באַשריבן דעם פּאַטערס פּאַל, געוואָרן אַ גאַנצער באַקי אין אויגן־כירורגיע, און סאָפּקאָלסאָף, דאָ ניט לאַנג, צו וויסן געטאָן דעם פּאַטער, אַז דער אָדעסער פילאַטאָוו־אינסטיטוט קאָן איצט, אין אַזויפיל יאָרן אַרום, טאָן מיטן טאַטנס אויגן דאָס, וואָס מ'האָט מיט אַזויפיל יאָרן צוריק אַפילו אין כאָלעם ניט גע־קאָנט זען.)

גאַנצע זעכציק יאָר. אַ גאַנץ לעבן.

און אָט איצט, באַם סאַמע סאָף פון לעבן, האָט מען דעם העלד פון אונדזער דערציילונג אוועקגעלייגט אויפן אָפּעראַציע־טיש, דרײַ שאָ דורכ־אַנאַנד געפּאָרעט זיך מיט זײַנע אויגן, און אין עטלעכע טעג אַרום, ווען מ'האָט אַראָפּגענומען די באַנדאַזשן פון די אויגן, האָט דער נײַן־און־זעכציקיאָריקער בלינדער דערזען פאַר זיך די שײַן. דערזען פאַר זיך די שײַן, אַזוי ווי ער האָט זי געזען מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק — ווען ער איז געווען אַ נײַניאָריק ייִנגעלע.

מע דערציילט, אַז ווען מ'האָט אים אַראָפּגענומען די באַנדאַזשן, איז ער אַ רעגע־צוויי שטיין געבליבן אַ פאַרטומלטער, פאַרטראַגן אַ קוק געטאָן אויפן פּראָפּעסאָר, אויף די אַסיסטענטן דעם פּראָפּעסאָרס, אויף די קראַנקנשוועסטער, וואָס זײַנען אַלע געשטאַנען אַרום אים אין זייערע ווײַסע כאַלאַטן, אַ רעגע־צוויי ניט געקאָנט אַרויסברענגען קיין איין וואָרט אויף די ליפּן, און דערנאָך אַ פאַל געטאָן קעגן פּראָפּעסאָר אויף די קני, צעוויינט זיך אויף אַ קאָל:

— לאָזט מיך קושן אײַערע פיס, כאַווער פּראָפּעסאָר, אײַערע פיס!

די מעדשוועסטער האָבן דעם ביז גאָר סענטימענטאַלן פּאַציִענט אויפ־געהויבן, געגעבן אויסטרינקען אַ לעפל וואַלעריאַנקע, געכאָכמעט זיך, אַז אויב קושן, דאַרף מען דעם פּראָפּעסאָר קושן די הענט און ניט די פיס, און אַזוי־אָ, אונטערן אָרעם, דעם פּאַציִענט אַרײַנגעפירט אין זײַן פּאַ־לאַטע אַרײַן.

און אָט דאָ, אין פּאַלאַטע, הייבן זיך אָן דעם נײַן־און־זעכציקיאָריקן העלד אונדזערנס פרייליכע און טרויעריקע קאָליזיעס, איבערלעבענישן. דאָ הייבן זיך אָן די דרײַ וואַריאַנטן.

אין פּאַלאַטע איז קיינער ניט געווען. ער האָט זיך אוועקגעזעצט אויף זײַן בעטל, געזעסן אַזוי אַ ביסל און געפילט אַ מעסוקענע מידקײַט אין אַלע זײַנע אייוורים, גלײַך ווי ער וואָלט אַרײַנגעקומען פון עפּעס אַ שווערער פיזישער אַרבעט.

ער איז געזעסן און געטריבן פון זיך שווערע געדאַנקען, געדאַנקען קימאַט כעזשבן־האַנעפּעשדיקע, וואָס האָבן זיך אַלץ געריסן צו אים, אַלץ באַפאַלן אים, פּונקט איצט, ווען עס האָט זיך געוואָלט טראַכטן נאָר וועגן איין זאַך: וועגן ליכטיקײַט און זעעוודיקײַט.

ער האָט באַטראַכט דאָס פענצטער אין פּאַלאַטע, די פירהענגלעך אויפן פענצטער, די געקעסטלטע קאָלדרע לעבן זיך אויפן בעטל, דאָס ווײַסע פּאָרצעלײַענע שפּײַ־שיסעלע אין אַ ווינקל.

ער האָט דערזען דורכן פענצטער א הויכע וואנט, א גרינעם בלעכע־נעם דאך, טויבן אפן דאך, שוועלבעלעך אונטער דער סטרעשענע.

ער האָט א קוק געטאָן אפן הימל. א בלויער לויטערער הימל. א גרויסע הייסע זון.

סאמע באקענטע זאכן. גלײַך ווי ער וואָלט זיך ערשט נעכטן צעשיידט מיט זיי. גלײַך ווי ער וואָלט זיי ערשט נעכטן צום לעצטן מאָל געזען.

אלץ ארום־און־ארום: ביימער, הײַזער, גאסן, אפילע מענטשן, כאָטש אלץ האָט זיך אין די עטלעכע צענדליק יאָר אינגאנצן געביטן, געדענקט ער, דערקענט ער. ער האָט די אלע זאכן אמאָל געזען. געזען אלס קינד, דערמלט ווען ער האָט נאָך געזען, און געהאט פאר די אויגן די גאנצע צײַט שפעטער, ווען ער האָט שוין ניט געזען. אלץ קען ער, דערקענט ער, ווייסט, ווי עס זעט אויס. דער איין־און־איינציקסטער, סאמע נאָענטער מענטש זײַנער — דאָס ווײַב, מיט וועמען ער האָט העכער פערציק יאָר אָפּגעלעבט אונטער איין דאך, געשלאָפן אונטער איין קאָלדרע, געטיילט מיט איר אזויפיל פרייד און לייד, — זי איינע וועט זיך פאר אים איצט באווײַזן אינגאנצן אן אומבאקאנטע, עפשער אפילע א פרעמדע, עפשער אפילע אן אנדערע, פונקט זי האָט ער קיינמאָל ניט געזען.

ווי׳אזוי זעט זי אויס? א שיינע? א מ׳עסע? וואָס פאר א פארב האָבן אירע האָר? וואָס פאר אן אָנבליק פארמאָגט איר פּאָנעם?

ער האָט דאָס קיינמאָל בא איר ניט געפרעגט. ער האָט ניט געוואָלט פרעגן. ער האָט ניט געוואָלט קאליע מאכן דאָס געשטאלט, וואָס ער האָט זיך אליין פאָרגעשטעלט. און זי האָט עס אים קיינמאָל ניט געזאָגט. זיי האָבן קיינמאָל דערפון ניט גערעדט. ווער ווייסט? — עפשער האָט זי אים פּאָשעט ניט געוואָלט אָפּנארן. און עפשער, פארקערט, האָט זי אים ניט געוואָלט פארשאפן קיין איבערלעבענישן, קיין איבערטראכטענישן...

דער העלד פון אונדזער דערציילונג איז געזעסן אין פאלאטע אפן בעטל און זיך געפּײַניקט. די גליקלעכסטע שאָ אין זײַן לעבן איז פארצויגן געוואָרן מיט פריקרע נייטיקע מאכשאָוועס. ער האָט ניט געהאט קיין קויעך זיי אָפּצוטרײַבן, באפרײַען זיך פון זיי.

אויך ביידע זין זײַנע האָט ער קיינמאָל ניט געזען. נאָר דאָס ערגערט אים ניט. עס ארט אים ניט, ווי׳אזוי זיי זאָלן ניט אויסזען. מאכמעס ווי׳אזוי זיי זאָלן אויסערלעך ניט אויסזען, וועט גאָרנישט ניט פאָרקומען, וועט זיך גאָרנישט ניט ענדערן. און זי, דאָס ווײַב? אָט בלײַבט זי שטיין אָף דער שוועל פון דער טיר און ער דערזעט מיטאמאָל די סיבעס, פארוואָס זי האָט פערציק יאָר אָפּגעלעבט מיט א בלינדן. ער האָט געפונען די ר׳יע און האָט פארלוירן דעם סאמע נאָענטסטן מענטשן זײַנעם, אלקאָלפּאָנעם, פארלוירן דאָס גלויבן אין דעם סאמע נאָענטסטן מענטשן, די ליבשאפט צום דאָזיקן סאמע נאָענטסטן מענטשן.

אזעלכע י׳נגלשע, מע קען אפילע זאָגן נארישע, געדאנקען זײַנען אים באפאלן פון אלע זײַטן, פארשמעלערט אין אים די גרויסע פרייד, פארשאָטנט דאָס ליכטיק געוואָרענע פּאָנעם זײַנס.

זי איז ערשט נעכטן געווען בא אים, דאָס ווײַב. זי זײַנען ביידע א סאך צײַט געזעסן איינער לעבן אנדערן און גערעדט וועגן דער אָפּער־ראציע, גערעדט וועגן גליק, וואָס האָט זיי ביידע געטראָפן מיטאמאָל, אַף דער עלטער. זי האָט אים געגלעט די הענט. זי האָט צוגעשפארט דעם קאָפּ אירן צו זײַן אָרעם. ער האָט זי געפילט לעבן זיך, ווי ער פלעגט זי פילן לעבן זיך מיט יאָרן צוריק, ווי ער האָט זי געפילט לעבן זיך טאָמיד. נאָר דאָס איז געשען נעכטן. נעכטן זײַנען נאָך די אויגן זײַנע געווען פארבאנדאזשירטע. און הײַנט? איצט? וויִאזוי וועט פאָרקומען זייער באגעגעניש? וועט דאָס זײַן א געוויינלעכע באגעגעניש צווישן גע־וויינלעכע מאַן־און־ווײַב, צי וועט עס זײַן א ניסאָיען, א ניט געוויינלעכער ניסאָיען? וועט זי שטיין בלײַבן פאר אים אזא, ווי ער האָט זי אלע יאָרן געפילט און געזען, צי זי וועט פאר אים שטיין בלײַבן אַן אנדערע, א פרעמד פּאָנעם, א פרעמדער מענטש?

ווי בא אלע בלינדע, בא וועמען עס ארבעט זיך אויס, ווי באוווּסט, אין דער צײַט פון זייער דרויסנדיקער, אזוי צו זאָגן, בלינדקײַט אַן אינווייניקסטע איבערנאטירלעכע זעעוודיקײַט, א רײַכע איבערגעטריבענע פאנטאזיע, האָבן פארן העלד אונדזערן אָנגעהויבן דורכבליצן בילדער אַף בילדער. קעדיי גיכער דערגרונטעווען זיך צום עמעס, האָט ער אפּן בעטל אין פאלאטע אוועקגעזעצט ניט זיך, נאָר אַן אנדערן. וויִאזוי וואָלט אזא באגעגעניש פאָרגעקומען מיט אים, מיט דעם דאָזיקן אנדערן? אינגאנצן אנדערש, אפּאָנעם. העכער. מענטשלעכער. נאטירלעכער. ער האָט אוועק־געזעצט אין פאלאטע אפּן בעטל א דריטן, א פערטן. וויִאזוי וואָלט מיט זיי פאָרגעקומען דער דאָזיקער ניסאָיען?

בילדער האָבן זיך געביטן מיט בילדער און די גרויסע פרייד אונדזער העלדס פאמעלעך צוריק אויסגעלײַטערט, פאמעלעך צוריקגעגעבן זײַן פארשאָטנטן פּאָנעם ליכטיקײַט, צעשײַנטקײַט.

די באגעגעניש מיטן סאמע נאָענטסטן מענטשן זײַנעם, וואָס ער וועט באלד, צום ערשטן מאָל אין זײַן לעבן, זען, האָט ער זיך, הייסט עס, פאָרגעשטעלט אין דרײַ אויפאנים, אין דרײַ וואריִאנטן. מיר נעמען אלע דרײַ וואריִאנטן אָן. מיר האָבן אפילע אזוי א נאָמען געגעבן די גאנצע דערציילונג אונדזערע.

דער ערשטער וואריִאנט:

עס טוט זיך אַן עפן אויף די טיר פון דער פאלאטע און עס בלײַבט שטיין אַף דער שוועל מיט א בינטל בלומען אין די הענט א פרוי מיט א ווײַס־שווארצן דורכגעזילבערטן קאָפּ. זי טוט א לויף צו צו אים, כאפּט ארײַן אין אירע הענט דאָס פּאָנעם זײַנס, הייבט אים אָן קושן די באקן, די נאָז, דעם שטערן, און ער פילט, ווי עס רינען איבערן גאנצן פּאָנעם זײַנעם טרערן: אירע טרערן און זײַנע טרערן.

זי שטייט אזוי א פּאָר מינוט אײַנגעגראָבן דעם קאָפּ אירן אין זײַן הארצן און כאזערט די גאנצע צײַט איבער מיט איר היימישן, אים גוט באקאנטן קאָל, איין און דאָס זעלבע היימישע, אים גוט באקאנטע וואָרט:

— טײַערער... טײַערער מײַנער!..

דערנאָך טוט זי אַ הייב אויף צו אים דעם קאָפּ, קוקט אים אַרײַן אין די אויגן, פרעגט:

— זעסט, טײַערער? זעסט מיך, זעסט מיך?..

ער זעט זי. ער זעט צום ערשטן מאָל, נאָך אַזויפיל יאָרן זײַן מיט איר אינאיינעם, אירע הענט, איר שמייכל, איר מויל, אירע ברעמען, דעם גאַנצן אָנבליק אירן, אַלע אירע פּאָנעם־שטריכן. און כּידעשדיק: ער דער־קענט זי. ער זעט זי אַקוראַט אַזאַ, ווי ער האָט זיך זי שטענדיק פאָר־געשטעלט, ווי ער האָט זי שטענדיק געזען בלינדערהייט.

עפּעס ווײַזט זיך עס אים אויס? ניין. ס'איז דאָס זעלבע פּאָנעם, וואָס ער האָט געהאַט פאַר זיך אַלע יאָרן. דאָס זעלבע געשטאַלט. דאָס זעלבע פּאָנעם מיט אַלע מינדסטע באַזונדערקײַטן, אַפילו דאָס זעלבע איינע כיין־גריבל אויף אירער אַ באַק, ווי ער האָט זיך עס פאָרגעשטעלט. אַפילו די זעלבע שיינע, קוים־קוים אָנזיכטיקע וואָנציעלעך־שפּראָצן איבער איר מויל. די זעלבע קלוגע און גוטע און געטרײַע און אָנגעלעבטע קנייטשן און קנייטשעלעך אַרום אירע אויגן.

ער האָט זיך אַלע יאָרן פאָרגעשטעלט איר אויסערלעך אויסזען לויט איר אינערלעכער נעשאָמעדיקײַט. און ער האָט זיך ניט אָפּגענאַרט. ער האָט פּינקטלעך געטראָפן.

דאָס זעלבע פּאָנעם. דאָס זעלבע געשטאַלט. דער זעלבער מענטש. צווייטער וואַריִאַנט:

דער מענטש, וואָס זיצט אין פּאַלאַטע אָפן בעטל און וואַרט, עס זאָל זיך אויפעפענען די טיר און ער זאָל צום ערשטן מאָל דערזען די פרוי, מיט וועמען ער האָט אָפּגעלעבט אַ לעבן און ניט געוווּסט, ווי זי זעט אויס, קיינמאָל ניט געזען איר פּאָנעם, איז הײַנט זעענדיק געוואָרן צווייפאַכיק: אי אויסערלעך, אַזוי צו זאָגן, אי אינערלעך. עס זײַנען אים אי ליכטיק געוואָרן די אויגן, און עס איז אים אי ליכטיק געוואָרן ערגעץ טיף אינווייניק די נעשאָמע.

ער האָט הײַנט צוריקגעקראָגן די ריִע, וואָס ער האָט מיט אַזויפיל יאָרן צוריק פאַרלוירן, און ער האָט הײַנט צוריקגעקראָגן דאָס גלויבן אין מענטשן, וואָס ער האָט ביסלעכווײַז, נאָכן פאַרלירן די ריִע, קרענק־לעך אָנגעהויבן פאַרלירן.

ער האָט בלינדערהייט כאַסענע געהאַט. ווער וועט גיין, פלעגט ער טראַכטן, אָפּפינצטערן אַ לעבן מיט אַ בלינדן? אַ פרוי מינאַסטאַם אַ פאַר־זעעניש. און ערשט זי האָט מינאַסטאַם ניט נאָר איין מאָל נאָס געמאַכט די קישן מיט טרערן. ער פלעגט הערן אירע צערטלעכע רייד, איר פריי־לעך־דערמונטערנדיק קאָל. און פלעגט אין דער זעלבער צײַט זען די פאַרביטערטע טרויעריקײַט אויף איר פּאָנעם. ער האָט זיך גוט פאָרגע־שטעלט איר אויסזען. ס'האָט אים ניט געאַרט די שרעקלעכע מיִעסקײַט אירע. ס'האָט אים געאַרט דער ליגן — דער פאַרשוויגענער, ניט אַרויס־געזאָגטער ליגן.

ער פלעגט די ערשטע צײַט, אין די נעכט, אַרומנעמענדיק זי, שטי־לערהייט זוכן אויף איר רוקן אַ הויקער, גלעטן מיט די פינגער דאָס פּאָנעם

אירס און וועלן אַנטאַפּן שטופּלען, בראָדעווקעס. וועלן — אָדער אופדעקן דעם ליגן, אָדער באַפרײַען זיך פון אים.

און אָט טוט זיך אַן עפן אויף די טיר פון דער פּאַלאַטע און עס בלײַבט שטיין אַף דער שוועל מיט אַ בינטל בלומען אין די הענט אַ פרוי מיט אַ ווײַס־שוואַרצן דורכגעזילבערטן קאָפּ. דאָס פּאָנעם אירס איז הוילע כיין, הוילע פרייד. עס שטייט און פרייט זיך מיט אים די שענסטע פרוי אין דער וועלט.

ער טוט אַ לויף צו צו איר, כאַפּט אַרײַן אין זײַנע הענט דאָס פּאָנעם אירס, גלײַך ניט מיט אים, נאָר מיט איר וואָלט הײַנט געשען דער גרויסער נעס.

— טײַערע... טײַערע מײַנע!..

און אַרומנעמענדיק זי, גלעטנדיק מיט די פינגער די באַקן אירע, דעם האַלדז אירן, קוקט ער אַף איר, זאָגט:

— איך זע, טײַערע, איך זע דיך, איך זע דיך!..

ער גראָבט אײַן דעם קאָפּ זײַנעם אין איר האַרצן און הערט איצט אײַנגאַנצן אַנדערש דאָס דערמונטערנדיקע צערטלענדיקע קאָל אירס:

— נו, נו, באַרויִק זיך. מע דאַרף ניט. די אויגן זײַנען דיר נאָך שוואַך!..

ער קוקט אַף איר און טראַכט: פאַרוואָס האָט ער אַזוי געזינדיקט קעגן מענטשן? פאַרוואָס איז ער אַזוי געווען בלינד, צווייפאַכיק בלינד?..

דער דריטער וואַריאַנט:

עס טוט זיך אַן עפן אויף די טיר פון דער פּאַלאַטע און עס בלײַבט שטיין אַף דער שוועל מיט אַ בינטל בלומען אין די הענט, פאַרשטייט זיך, אַן אַלטיטשקע, זייער אַן אַלטיטשקע פרוי.

אַ ווײַס־ווײַסער קאָפּ, אַ קליין לענגעכיק פּאָנעם, פול מיט קאַרבן און קנייטשן, אַ שפּיצעכיק נעזל, מאָגערע אײַנגעפאַלענע באַקן.

זי איז אין איינע יאָרן מיט אים, עפּשער מיט אַ פּאָר יאָר נאָך ייִנגער פון אים, און זעט אויס אַזוי עלטער, אַזוי אויסגעמוטשעטער, אָפּגעלעבטער.

אַלצדינג, וואָס זי האָט פאַרמאָגט אין זיך, האָט זי אַלע יאָרן אוועק־געגעבן דער בלינדקײַט זײַנער. זי איז אים געווען אַ ווײַב, אַ פרײַנט, אַ געליבטע, אַ מאַמע און אַ שפּײַזערן זײַנע קינדער, אָפּטמאָל אַ לערער, אַ וועגווײַזער. זי איז אים געווען די אויגן זײַנע, וואָס האָבן אים געפעלט, די שײַן זײַנע, וואָס ער האָט געדאַרפט.

אַ פּאָר רעגעס שטייען זיי אַזוי איינער קעגן אַנדערן און קוקן זיךביידע אָן. דערנאָך גייען זיי פּאַמעלעך איינער דעם אַנדערן אַנטקעגן און נעמען זיך ביידע שטיל אַרום, צעקושן זיך.

פון צווישן די טיפע קאַרבן און קנייטשן אַף איר פרי־פאַרעלטערט פּאָנעם קוקט אַרויס איר אַמאָליקע יונגקײַט, איר אַמאָליקע שיינקײַט. ער שפּאַרט צו צו זיך דעם ווײַסן קאָפּ אירן, האַלט אין די הענט דאָס פרישע בינטל בלומען, וואָס זי האָט אים געבראַכט. פאַרוואָס איז דאָס, וואָס איז געשען מיט אים הײַנט, ניט געשען מיט יאָרן צוריק, דעמאָלט? ער זאָגט דאָס ניט. ער טראַכט דאָס אפילו ניט. זי זאָגט דאָס.

— פאַרוואָס אַזוי שפּעט, טײַערער?.. — טוט זי אַ פרעג. — אַזוי שפּעט?..

דער גליקלעכסטער טאָג הײַנט אין זײַן לעבן איז א שווערער טאָג. א גוירלדיק־שווערער טאָג, מיט א סאך פרייד און דאנקבארקײַט און מיט א סאך אומיוישערדיקײַט. — — —

דער העלד פון אונדזער דערציילונג דרייט זיך אום אין דער פּאלאטע און קוקט זיך צו, ווי א זײַטיקער, צו די דרײַ פארשוינען, וועמען ער האָט איינס נאָכן אנדערן אוועקגעזעצט אף זײַן פּלאץ אפן שפּיטאָל־בעטל.

וויאזוי וועט די באגעגעניש פאָרקומען בא אים? וועלכער פון די דאָזיקע דרײַ ווארׅיאנטן וועט זײַן זײַנער?

אין א פּאָר רעגעס ארום טוט זיך אן עפן אוף די טיר פון דער פּא־לאטע. אף דער שוועל באווײַזט זיך א יונגיטשקע שמייכלענדיקע מעד־שוועסטער.

— נו, ווי פילט איר זיך? — טוט זי א זאָג. — גוט? קומט, זײַט מויכל. נאָר זײַן, כ׳בעט אײַך, אינגאנצן רויִק. נעמען זיך אין די הענט אריַין. ניט איבערלעבן. קומט אין וועסטיבול. אײַער פרוי וואַרט אף אײַך!

אונדזער העלד איז שוין גראָדע ניט געווען אינגאנצן רויִק. ער האָט געפילט, ווי עס האָבן אים אָנגעהויבן אונטערציטערן די פיס. ער האָט צורעכט געמאכט אף זיך דעם כאלאט, באטאפּט זיך מיט דער האנט דאָס פּאָנעם (זיך אליין האָט ער נאָך אין קיין שפּיגל ניט אָנגעקוקט) און פאר איבערגעראשטקײַט א כאפּ געטאָן אין ווינקל דעם שטעקן זײַנעם, וואָס ער האָט שוין, פארשטייט זיך, איצטער ניט געדארפט.

און אזוי־אָ, לײַכט שארנדיק, פאר געוווינטקײַט, מיטן שטעקן איבערן דיל, איז ער ארויס נאָך דער מעדשוועסטער אין וועסטיבול.

דער וועסטיבול איז געווען פול מיט מענטשן, פול מיט פרויען. דאָ א פרוי מיט א בינטל בלומען אין די הענט, דאָרט א פרוי מיט א בינטל בלומען אין די הענט. וועלכע פרוי איז זײַנע?

וועלכע פרוי ס׳איז זײַנע, און וויאזוי ס׳האָט אויסגעזען די באגע־געניש צווישן אים און איר, זאָגן מיר ניט.

דאָס איז אונדזז אלצייינס. מיר נעמען אָן אלע דרײַ ווארׅיאנטן.

# יאַשע




אָס קינד שלאָפט.

דאָס קינד איז שוין קיין אײַנהאָרע באלד העכער פון דער מאמען, גייט שוין אין דריטן קלאס.

אפן קישן ליגן צעפלאָכטן דעם קינדס „גאָלדענע" האָר. די בעקלעך זײַנען פארפלאמט. דאָס פּנעמל — אָנגעגוידערט.

דינע זיצט באַם טיש־לעמפּל און ענדיקט ארויס די טאָג־כעזשבוינעס.

אין איר „פּראָמקאָמבינאט" באלעבאטעוועט זי מיט עטלעכערליי קאסעס: די פּראָפּארײַנישע קאסע; אזוי אמאָל אן ערעוו־יאָמטעוו שטיקל קאסע, וואָס דער אוילעם אין קאָנטאָר לייגט זיך צונויף אָפּצוהעפּען אײַנעם א נאכט; און דעריקער, פארשטייט זיך, די הויפּט־קאסע — די פּראָמקאָמבינאטישע.

א גאנצן טאָג לויפט זי אום אין די בענק, נעמט ארויס געלט, טראָגט ארײַן געלט; איז יעדן פארנאכט מעקאבל דאָס לייזעכץ בא אלע „טאָטשקעס", וואָס דער „פּראָמקאָמבינאט" פארמאָגט איבער דער שטאָט; צאָלט אויס צוויי מאָל אין כוידעש אזא גרויסן אוילעם סכירעס; שנײַדט אמאָל דורך די גאס מיט גוטע עטלעכע הונדערט טויזנטער אין טאש, א קליינינקע, אן איידלינקע, א גרינגינקע, דער טאש איז, דאכט זיך, שווערער פון איר.

אף אירע דארע פּלייצעס האָט מען ארופגעלייגט א גרויסן אָל. א גרויסן צוטרוי — נאָר א גרויסן אָל. טאָג־בא־טאָג שליסט זי יעדעס מאָל אוף און שליסט יעדעס מאָל צו דאָס שווערע אײַזערנע קאסע־טירל, שרײַבט אויס קוויטאנציעס, ציילט פּעקלעך געלט, שפּײַט זיך קעסיידער אין די שפּיץ פינגער, קלאפּט מיט די רעכן־ביינדלעך, פארפּלאָנטערט זיך אמאָל אין כעזשבן און שוויצט גוט אוועק, ביז זי פּלאָנטערט זיך אליין צוריק אוף.

און דער טאָג סטײַעט ערשט קוים ניט. די צוגאָב־קאָסעס האָט זי ליב אמאָל אונטערצי̇ען אין דער היים, אָט איצט־אָ, נאָכן טעלעוויזאָר, פארן לייגן זיך שלאָפן. ס׳שלאָפט זיך עפּעס דערנאָך מיט א גרינגן קאָפּ: אָפּ־געטאָן אלע ארבעטן, אָפּגעכעזשבנט זיך מיטן טאָג ביז דער מינדסטער קאָפּעקע.

יאשע פּאָרעט זיך אין קיך. הײַנט איז מיטוואָך. שאבעס, זונטיק און מיטוואָך איז ער פרײַ פון דער אָוונט־שול.

ער שטייט אין דער הוילער מײַקע, אין דינקעס א פארטעך, און שנײַדט ארום א הייפּטל קרויט, שאָבט אָפּ א בורעקל, א פּאָר מערלעך, א פּעטרישקע, שיילט אויס א ציבעלע. אלע מײַכאָלים אין דער וועלט מעג פּראָווען זי אליין, דינע: „נא, ווײַב מײַנס, ט׳האָב איך דיר געבראכט א פולן קויש און טו מיט אים, וואָס דו ווילסט!..״ כוץ א באָרשטש. אָפּ־קאָכן אן עמעסן באָרשטש, האלט יאשע, דארף מען האָבן א באזונדער מין טאלאנט. א באָרשטש האָט זיך זײַנע קאפּריזן, זײַנע סוידעס. מע דארף פילן וויפל, ווען — מאָס. אניט באקומט זיך אמאָל עפּעס יאָ און אמאָל באקומט זיך דער רועך ווייסט וואָס. צו וואָס זשע ריזיקירן? אָפּ־קאָכן א באָרשטש דארף מען האָבן פינגער.

און יאשעס גרויסע פּארגרעבטע פינגער, וואָס פּײַלן א גאנצן טאָג אײַזן און „פּײַלן״ פיר מאָל אין דער וואָך, אין דער אָוונט־שול, נאָך עפּעס שווערערס פון אײַזן, לויפן איצטער גיך־גיך מיטן קיך־מעסער, בראָקן געלבלעך־רויטע מערן, ראָז־פּיִאָלעטעוון בורעק, גרינבלעך קרויט, א ווײַס שטיקל פּעטרישקע, בלאָוולעכע ציבעלע, א פּאָר גראָוולעך־קרעמעווע קארטאָפל.

אלצדינג ווערט אוועקגעלייגט איינס לעבן אנדערן. קופּקעסווײַז. אין א שיסעלע ווייקט זיך דאָס שטיקל פלייש, א מארכביינדל. אין א סלאָי̇קל שטייט שוין אָנגעגרייט א ביסל טאָמאט. מאָרגן פארטאָג וועט דער באָרשטש איינס־צוויי ווערן אָפּגעקאָכט. יעדעס קופּקעלע האָט זיך איר קאָליר, איר פארב. און ווער ווייסט? — עפּשער גייט עס גאָר ניט אזוי אין אן עמעסן באָרשטש, ווי אין דער דאָזיקער שפּיל פון פארבן, אָ־דאָ־אָ ארום־און־ארום אפן קיך־טישל.

יאשעס פארבן־שפּיל רײַסט פּלוצעם איבער דינעס א שעפּטש אף דער קיך־שוועל:

— יאשע... קום גיכער, וועסטו עפּעס זען... קוק, ווי דאָס קינד לאכט פונעם שלאָף... מיר פּאר איר, אויצער מײַנער!..

יאשע ווישט זיך די הענט אין פארטעך, ווי אן עמעסע סארווערן:

— סע כאָלעמט זיך איר מיסטאמע א פינעף.

— ט׳האָסטו דיר. וואָס זשע, זי איז זשעדנע פינעפן?

— נו, כאָלעמט זיך איר, אז די מאמע האָט זיך אופגעהערט מישן אין אירע געשעפטן...

— דו מיט דײַנע שטיק. נו, הײַד, לאָז שוין דאָרטן אָפּ דעם באָרשטש. נעם כאַפּ שוין אמאָל א קוק אין ביכל. מאָרגן האָט איר פיזיקע, ברע...

— פירסט מיר, זע איך, גוט דעם כעזשבן, ווײַב מײַנס. אָט בין איך באלד פארטיק. סײַוויסײַ. כ'על שוין אפּן געלעגערו!
— יאָ, אפן געלעגער האָסטו נאָר אין זינען ביכלעך.
— נו, נו, מײַן ווײַב, רעד דיך ניט איבער!
— כלעבן, יאשע, ס'איז שוין שפּעט.
— וואָס האָסטו טײַנעס צו מיר, האָב טײַנעס צום טעלעוויזאָר.
— וויפל איך רעד, אז מע דארף אים ניט אופעפענען אלע טאָג. צוויי מאָל אין דער וואָך איז קארג?
— גיי, נישקאָשע. מ'עט אוספייען. גיי ענדיק בעסער דײַנס.
— איך האָב שוין געענדיקט.
— באלד בין איך אויך פארטיק.

דינע בעט. זי מאכט עס גיך: ארויסגעכאפּט פונעם דיוואן די צוויי קישן, פארשפּרייט דאָס לײַלעך, צעוואָרפן די קאָלדרע. צוקאָפּנס לעבן דיוואן שטעלט זי אוועק א בענקל, גרייט אָן אפן בענקל די פּיזיקע, לייגט אוועק יאשעס שאכטל פּאפּיראָסן, דעם אש־בעכער, א פּעקעלע שוועבעלעך.

זי טוט אויס דאָס קלײדל, שלעפּט אריבער איבערן קאָפּ דאָס קאָפּטל. די נאקעטע אקסל אירע זײַנען שארפקאנטיק, ווײַס און יונג, ווי בא א מיידל. דאָס העמד קײַלעכיקט זיך איבער די קליינע בריסטלעך אירע. יאשע וואקסט אויס הינטער אירע פּלייצעס:
— לאָז וועל איך דיר העלפן אופשפּיליען דאָס ליפטשיקל, ווײַב מײַנס!
— אוי! אָנבושעניק! שוין גיי ארויס, זאָגט מען דיר!
— כ'פארשטיי ניט. הארגע מיך, פארשטיי איך ניט. אן אייגן ווײַב זאָל זיך שעמען פאר אן אייגענעם מאן. לאָז וועל איך דיר העלפן אופשפּיליען דאָס ליפטשיקל. גיב אהער!
— שש... מעשוגענער. וועסט אופוועקן דאָס קינד.

מיט איין שפּרונג איז דינע אין בעט, אונטער דער קאָלדרע. א מעכײַע! א מעכײַע אויסצוציִען זיך אין דער גאנצער לענג, אויסגלײַכן זיך די ביינער. זי ליגט צוגעדעקט ביז צו דער נאָז. אפּן ווײַסן בעטגעוואנט זײַנען די האָר אירע שווארצער, די שווארצע אויגן בלישטשענדיקער.

יאשע פּליעסקעט זיך אין באָד־צימער אונטערן קראנט, וואשט זיך די ציין, ווי זײַן שטייגער איז פארן לייגן זיך שלאָפן. ער קומט ארײַן אין שטוב ווישנדיק זיך, האלב אויסגעטאָן, אָן דער מײַקע אפן לײַב, א ברייט־ביינערדיקער, א הויכער, עפּשער אָנדערהאלבן מאָל העכער פון דינען.
— אזוי ווילסטו דײַקע, מע זאָל דיר טאָמיד זאָגן, אז מ'האָט דיך ליִב...
— זאָגן זאָג. ווער לאָזט דיך ניט?
— האָב איך, הערסטו, א ווײַב א צאָרע!..

— קאָנסטעך שוין טאקע אָפּזאָגן פון איר...— שמייכלט אף דער קאָלדרע דינעס לאנג נעזל, און דער שמייכל אירער האָט אלע טאָמען פון דער וועלט.

— ווען אָפּזאָגן זיך וועלן מיר נאָך זען. מירן זיך נאָך מעיאשעוו זײַן. כ׳פּאַרלעש דאָס ליכט.

— פּאַרלעש ניט, אומגליק, כ׳האָב דיר אָנגעגרייט אפן בענקל דאָס ביכל.

— אַז דו טוסט דיך אויס פֿרײַער. טאָמיד טוסטו דיך אויס פֿרײַער.

— הײַד, הײַד, הער אוף!

— כ׳פּאַרלעש.

— פּאַרלעש ניט!

— נישקאָשע. די פּיזיקע וועט ניט אַנטלויפֿן. אָט דריי איך אָן דעם וועקזייגער אף זעקס.

— דריי אָן פּאַוואָליע. זאָלסט ניט אופוועקן דאָס קינד.

— כ׳פּאַרלעש דאָס ליכט.

— א גוטע נאכט... כ׳שלאָף!..

* * *

יאשע האָט זיך אופגעכאָוועט אין א דאָרף. גאָר קיין פריילעכע קינ־דער־יאָרן האָט ער ניט געהאַט.

נאָך פֿרײַער, א פּאָר יאָר פאַר דער מילכאָמע, ווען בעסאַראַביע איז נאָך געווען אונטער רומעניע און יאשע איז נאָך געווען גאָר א קליינער, איז דער טאַטע זײַנער פּלוצעם אוועקגעגאַנגען פון דער שטוב און אָנגע־הויבן וווינען אין דעם זעלבן דאָרף מיט אַן אַנדערער. די קינדער זײַנען נאָך אַלע געווען פּיצלעך. איין ציליע, די עלטסטע שוועסטער יאשעס, איז שוין געווען א היפּש מיידל. די מאַמע און ציליע האָבן זיך גוט אָנגעמוטשעט מיטן קליינוואַרג. מילכאָמע־צײַט האָבן זיי זיך עוואַקויִרט ערגעץ אפן אוראַל. דאָס עלטערע ייִנגל, מענדל, האָט טאַקע דערנאָך אפן אוראַל כאַסענע געהאַט און איז שוין דאָרטן פאַרבליבן ביז הײַנט. צוויי ייִנגערע ברידערלעך זײַנען אין דער עוואַקואַציע געשטאָרבן. ער, יאשע, האָט בא דרײַצן יאָר אָנגעהויבן אַרבעטן אין א זאַוואָד, א פּאָר יאָר נאָך דער מילכאָמע אוועקגעגאַנגען אין דער אַרמיי און אומגעקערט זיך דער־נאָך אַהער, אַהיים, אַי א פּאַרטיק אָפּגעדינטער, אַי א שלאָסער.

דער טאַטע יאשעס איז נאָך דאָ. ער וווינט איצטער ווידער טאַקע אין יענעם דאָרף, וווינט שוין מיט א דריט ווײַב. ער איז א פינאַגענט איבער עטלעכע דערפער, פירט אָן מיט א דאָרפישער שפּאַרקאַסע, גייט אָנגעטאָן ריין, שטאָטיש, טראָגט אינדערוואָכן א שניפּס און וויל ניט געדענקען, צי ער האָט אַמאָל געהאַט א פֿרײַערדיקע מישפּאָכע.

איינמאָל, פאַרצווייייאָרן, האָט ער, זײַענדיק אין שטאָט, אָפּגעזוכט יאשעס אַדרעס. ווען יאשע און דינע זײַנען אַהיים געקומען פון דער גאַס, האָבן זיי געטראָפן זיצן אין דרויסן עפּעס א פרעמדן מענטשן אין א ווײַס רעקל און אין טונקעלע זון־ברילן אף די אויגן. אף איין קני האָט ער געהאַלטן דעם שטרויענעם קאַפּעליוש זײַנעם, און פון דער אַנדערער קני

האָט געטאָן א שפּרונג אראָפּ דאָס קינד, לינעטשקע, און איז טאטע־מאמע אנטקעגן געלאָפן מיט א פריידי:

— פּאפּע, מאמע, דער זיידע, דער דיעדושקע איז געקומען!..

יאשע האָט אָנגעשריגן אפן קינד. מיט איין אויג האָט ער געכאפּט א קוק, ווי דער דאָזיקער פרעמדער מענטש, וואָס איז שטיין געבליבן מיטן שטרויענעם קאפּעליוש אין דער האנט, שטיין געבליבן און א שאָקל געטאָן א נידעריק־געשוירענעם ווייסן קאָפּ, איז עפּעס יאָ דער טאטע און איז עפּעס ניט דער טאטע.

ער האָט קיין סאך ניט געוואָלט קוקן, יאשע, און איז באלד אריין אין שטוב אריין. דינע איז אים נאָכגעלאָפן. און הינטער זיי איז אומגעבעטן, א ביסל פארלוירן, א ביסל צעבראָכן, נאָכגעגאנגען דער דאָזיקער מענטש מיטן ווייסן קאָפּ און מיטן ווייסן רעקל — דער טאטע.

דינע האָט פארשיקט דאָס קינד אין הויף ארויס: גיי, לינעטשקע, גיי שפּילן זיך!.. זי האָט ארויסגערוקט פון לעבן טיש א בענקל: זיצט! און יאשע האָט אָנגעהויבן אומלויפן פון דער שטוב אין קיך, פון דער קיך צוריק אין שטוב, ווידער אין קיך, ווידער אין שטוב.

— לויפסט מיסטאמע זוכן א האק, א מעסער, א קאָטשערע. כ׳ווייס, כ׳ווייס, אז סע קומט מיר, זון מײַנער...

יאשע האָט געערדט מיטן טאטן אף איר. ער האָט אזש געהיקעט:

— ווי־וואָדען, ס׳קומט אײַך ניט?.. מיטאמאָל געוואָרן א זון... א ווי־ווי־לער זון...

— כ׳מיין... דאָס זעלבע קען מען דאָך רעדן פּאוואָליע... ווי א מענטש... שטילער...

יאשען האָבן אזש געקלונגען די ציין אין מויל. ער האָט אזש אָנגעהויבן שלוקערצן:

— איך? איך זאָל רעדן ווי א מענטש?.. אז די מאמע ליגט קראנק, ווייסט איר? אז עסטער איז געבליבן א מאלעגראמעטנע, ווייסט איר? אז ציליע האָט ביז הײַנט ניט כאסענע געהאט, ווייסט איר? ארויס פון מײַן שטוב, ראזבויניק!

נאָר ארויס פון דער שטוב איז ער אליין, יאשע. פונעם קנאק מיט דער טיר איז זיך צעפלויגן א שויב. ארום דרײַ באנאכט האָט אים דינע געעפנט. זי האָט געערדט מיט א פארלעגערט קאָל, הייזעריקלעך:

— מע דארף האָבן א הארץ פון כ׳ווייס אליין ניט וועמען. ער איז נעבעך געזעסן און געוויינט, ווי א קליין קינד. דיר — אז ס׳קומט אָן די רעציכע...

יאשע האָט ביז פארטאָג צוגעדרעמלט אף א בענקל, ניט געוואָלט ארײַנלייגן זיך אין בעט ארײַן. גאנצפרי האָט ער א כאפּ געטאָן דאָס פּעקעלע עסן, וואָס דינע האָט אים מיטגעגעבן, און אפן אָרט פון א גוטן טאָג א בורטשע געטאָן:

— און דו זאָלסט זיך ניט מישן, הערסט? כ׳האָב ניט געהאט קיין טאטן און האָב ניט קיין טאטן. אויס!

זונטיק זײַנען אַלע דרײַ — יאשע, דינע און דאָס קינד — דורכגעפאָרן זיך צו דער מאַמען. די מאַמע יאשעס וווינט מיט עסטערן ערגעץ אין עק שטאָט, מע דאַרף אַהין פאָרן מיט צוויי טראָלייבוסן און ערשט אַ שטיק וועג מיטן אויטאָבוס. די דירע האָט עסטער באַקומען פון דער פאַבריק, ווו זי אַרבעט שוין עטלעכע יאָר בײַ אַ וועבשטול אין אַ צעך פון קילימעס. יאשע האָט זיך פאַרפּוצט אין דער שליאַפּע. ער האָט אָנגעטאָן דאָס ווײַסע ניילאָנעווע העמדל, גענומען אויף דער האַנט דעם מאַקענטאָש, כאָטש אין דרויסן איז געווען הייס און דער אוילעם אין טראָלייבוס האָט זיך געווישט די פּענעמער מיט די פאַטשיילעכלעך. נאָר, ערשטנס, וועט אַפּדערנאַכט, צוריקפאָרנדיק, זײַן קיל, צווייטנס — ווייסט יאשע, אַז די מאַמע קוועלט טאָמיד אָן פון אים, ווען זי זעט אים אָנגעטאָן אין מאַקענטאָש, זי טוט שטילערהייט אַ זיפץ: „שיינער קייסער מײַנער!״ און אַז זי האָט דערפון כּײַעס, וואָס זשע איז דאָ די שווערקײַט? — זאָל זי האָבן כּײַעס. דינע האָט זיך פאַרקעמט די האָר גלאַט, אָן פּאָקוסן. די שוויגער האָט ניט ליב קיין פּאָקוסן אויפן קאָפּ. כאָטש זי גייט שוין אַזוי לאַנג ניט אַרויס פון דער שטוב, די שוויגער, האַלט זי זיך בײַ אירן, אַז די דאָזיקע הויכע, צעשויבערטע און מעשוגענע „פּריטשאָסקעס״ טראָגן נאָר די גוטע שטיקלעך. אָן ערלעך קינד, ביפראַט אַ ווײַב פון אַ מאַן, ביפראַט אַ מאַמע, האָט ניט וואָס צו מאַכן מיט די האָר קיין כּיינעקוקעלעך. לינעטשקען האָט מען פאַרפלאָכטן אין „גאָלדענעם״ קאָפּ אַ בלאָווע סטענגע, מ׳האָט איר אָנגעטאָן אַ קורץ קליידעלע מיט סאַמע פּעלדעלעך אַרום־און־אַרום, עפּשער הונדערט פּעלדעלעך. אויפן קליידעלע — אַ רויט סעקעלע. און אי די לענטע, אי דאָס קליידעלע, אי דאָס סעקעלע, אי די שיינע בלאָע אויגן דעם קינדס — יאשעס בלאָע אויגן, — די שוואַרצע ווּיעס איבער די אויגן און דאָס קלוגע שמייכלענדיקע נעזל — דינעס ווּיעס און דינעס נעזל — האָבן שטאַרק אויסגענומען באַם גאַנצן אוילעם, אי אין ביידע טראָלייבוסן, אי דערנאָך אין אויטאָבוס.

יאשע האָט געטראָגן דער מאַמען אַ פּופּציקער, אַ פּאַרטיק געמאַכטע הון אײַנגעוויקלט אין אַ פּערגאַמענטן פּאַפּיר, אַ שקאַרמיץ עפּל און אַ פלעשל גוטן רויטן ווײַן. דאָס פּעקל האָט מען, אַראָפּקריכנדיק פונעם אויטאָבוס, געגעבן לינעטשקען. אַזוי איז שוין אײַנגעפירט: טאָמיד דערלאַנגט אַלע זאַכן דער באָבען דאָס קינד.

די מאַמע איז געלעגן אויפן דיוואַן אין אָנטועכץ, מיט איין קישן אונטערן קאָפּ, צוגעדעקט מיט אַ הויל לײַלעך, ווי זי וואָלט זיך פּאַשעט צוגעלייגט אויף אַ האַלבער שאָ כאַפּן אַ דרעמל זונטיק באַטאָג נאָכן עסן.

נאָר צעקושט מיט די קינדער האָט זי זיך אַלץ אַזוי־אָ ליגנדיק, געטאָן זיך דערנאָך אַ דריי איבער אויף אַ זײַט מיט אַ מעסוקענעם אוי, קוים־קוים, פּאַוואָליע־פּאַוואָליע.

עסטער האָט געראַשט. זי האָט אויפגעשטעלט טיי, פאַרשפּרייט אַ טישטעך, אויפגעגעבן אויפן טיש אַ צעשניטענעם הערינג, אַ וויניגרעט, עטלעכע געפילטע שטיקלעך פיש. זי האָט אויסגעוויקלט פונעם פּאַפּיר יאשעס פלעשל ווײַן, צעשטעלט אויפן טיש גלעזלעך, טעלערלעך. זי האָט באַוויזן

די געסט א שיין קילימל, וואָס זי האָט ניט לאנג באקומען אין צעך א פּרעמיע. א וואָלן מאָלדאוויש קילימל, א קווייטנדיקס, מיט א זיגזאגיש קענטעלע ארום־און־ארום. זי אליין וועבט זיי, די דאָזיקע קילימלעך.

ווי מע זאָל עס ניט געוועז וועלן אויסמײַדן, האָט זיך שפּעטער, סײַוויסײַ, פון זיך אליין, דער שמועס ארופגעפירט אפן אײַנעכטיקן פלור־צעמדיקן וויזיט דעם טאטנס.

די מאמע האָט זיך מיט א האנט געהאלטן באם הארצן, נאָר דאָס צעקארבטע, א ביסל ראָזעווע געוואָרענע פּאָנעם אירס, די טיף־אײַנגע־פאלענע אויגן זײַנען געווען פול מיט בארוזקטקײַט, מיט מעכילע, אפילע מיט מיטפּיל.

— אוואדע האָט מען ניט געדארפט פארצאפּן קיין בלוט. וואָס איז ער שולדיק, אז עסטער איז פארבליבן ווייניק גראמאָטנע? ווזאזוי זי האָט געוואָלט, אזוי איז זי פארבליבן. ס'איז גאָר א בושע באם איצטיקן לעבן ארופוואַרפן אף עמעצן די שולד. זי האָט ניט געוואָלט — האָט זי ניט. וויפל מ'האָט זי געבעטן, וויפל מ'האָט זי גערופן! זי וויל ניט. זי שעמט זיך. דו, מיינסטו, יאשע, האָסט געוואָלט? האָסט זיך אויך שפּעט דער־מאָנט. האָסט שוין געקענט זײַן אן אינזשעניער פון לאנג. נאָר דו וועסט נאָך, מירטשעם, האָף איך, זײַן. און זי וועט שוין קיינמאָל רעכט קיין בריוול ניט קאָנען אָנשרײַבן. מע דארף עס גאָר אף די ליפּן ניט ברענגען, דארף מען עס ניט. נאָר וואָס איז ער שולדיק? אבי פארצאפּן בלוט?

— אז איך וויל גאָר דערפון ניט רעדן, מאמע! — האָט זיך יאשע א הייב געטאָן פונעם בענקל.

— וויל, וויל. האָסט זיך באנארישט אין די כאָכמעס, הער כאָטש אויס, וואָס מע זאָגט דיר. איר זאָלט געוועז זען, ווי ער איז געבליבן זיצן. בלוט איז אים געגאנגען פון די אויגן. עפּשער האָט גאָר דער מענטש עפּעס געוואָלט. עפּשער איז ער גאָר געקומען מיט א בײַטיקער זאך. באלד שיסט עס אויס. באלד גייט אין אים ארײַן דער קאָס.

— דיר האָב איך געזאָגט, זאָלסט זיך ניט מישן, הערסט? אז איך וויל גאָר דערפון ניט רעדן, מאמע!

— אוואדע האָט מען אזוי ניט געדארפט. וואָס איז ער שולדיק, אז ציליע האָט ניט כאסענע געהאט? שוין א געלערנטע. גלאוונע בוכהאל־טער. אף אזא גוט פּלאץ. איז זי אן איבערקלויבערן. א מעפונעטשקע. דעם דארף זי ניט. יענעם וויל זי ניט. וואָס זשע איז ער שולדיק? און וואָס איז ער שולדיק, אז איך ליג קראנק? כ'בין קראנק, ליג איך קראנק. ווען ער האָט מיך איבערגעלאָזט, בין איך געווען געזונט, שיין, יונג.

— נישקאָשע, מאמע. ער האָט אים גוט געזאָגט, דעם באל־אוויירעניק. דו געפינסט אים נאָך זכוסן...

— קינדער, ער איז דאָך אײַער טאטע. איר קענט זיך דען אָפּזאָגן פון אים? אן אייגענער טאטע.

— נו, שוין, האָב איך געטאָן א פּעלער. וואָס ווילט איר? איך זאָל זאָגן ווי לינעטשקע: כ'על שוין מער ניט? נו, זאָג איך: כ'על שוין מער ניט! שוין. אויס.

אַלע דרײַ — יאשע, דינע און דאָס קינד — זײַנען אהיימגעפאָרן פון דער מאמען שפּעט. אין די טראָלייבוסן איז שוין געווען שיטערלעך. לינעטשקע האָט שוין געכאַלעשט שלאָפן. אַלעמאָל האָט זי פאַרוואָרפן דאָס קעפּל אַף דינען און דינע האָט זי אַלעמאָל געטאַרעט — באַלד וועט מען זיך דאַרפן איבערזעצן און דאָס קינד, אַז עס ווערט אנשלאָפן, איז דאָס איז עס, גיי דערוועק עס.

יאשע איז געזעסן באַם פענצטער אַנגעטאָן אין א ניט־פאַרשפּיליעטן מאַקענטאַש, די שליאַפּע פאַרוקט אַפן שפּיץ קאָפּ, דער שניפּס אַפן ניי־לאָנעוונע העמדל פאַרקרימט אין א זײַט. איז געזעסן פאַרקנייטשט, זויער, גלײַך ער וואָלט זיך אומגעקערט פון צו א פריילעך קערמישל, ווו מ׳האָט צופיל געטרונקען, געלאָזט זיך צופיל ווילגיין, און ס׳איז עפּעס איצטער, נאָך אַלעמען, ניט דאָסיק אַפן הארצן. ער האָט געקוקט אַף די הויכע הײַזער, וואָס האָבן דורכגעשווינדלט פאַרן טראָלייבוס־פענצטערל, און אַלץ געזען, ווי די אַלטע מאמע זײַנע ליגט אין בעט, קען זיך קוים א ריר טאָן און רעדט פונדעסטוועגן אזוי געלאַסן, אָפּגעקילט, גוט, — זי האָט אַלדאָס בייז פאַרגעסן און מוחל געווען. ער איז נאָך דעמלט געווען קליין. ער ווייסט ניט פּינקטלעך וואָס צו געדענקען און ווייסט ניט פּינקטלעך וואָס צו פאַרגעסן. און קען ניט מוחל זײַן. העכסטנס איז דער דאָזיקער מענטש מיטן ווײַסן רעקל און מיט די טונקעלע זון־ברילן אַף די אויגן א פרעמדער, זײַטיקער מענטש. ער איז ניט געקומען, ער האָט אים ניט געזען, ער קען אים אפילע ניט. און אויס. אויס געשיכטע. קאַרג שלעכטע זײַטיקע מענטשן זײַנען נאָך דאָ אַף דער וועלט?

דינע האָט א רוף געטאָן:

— יאשע... זע נאָר, ווי דאָס קינד איז אנשלאָפן געוואָרן... אָט גייען מיר שוין אַראָפּ. נעם דאָס קינד!

יאשע האָט א נעם געטאָן לינעטשקען אַף די הענט. ער האָט עפּעס באַזונדער דערפילט איצט אַפן האַלדז דאָס פאַרפלאָמטע פּענעמל אירס, אַף דער פּלייצע — די לאַנגע צעפּאַלענע האָר. ער האָט געהאַלטן אַרומ־גענומען אירע פּיסלעך, געהערט, ווי עס קלאַפּט איר דאָס הערצל.

— די גרויסע מויד, — האָט ער א זאָג געטאָן, — האָט ניט אויסגע־האַלטן, איז אינמיטנדערינען אנשלאָפן געוואָרן. שלאָף, שלאָף, גרויסע, שיינע מויד אונדזערע...

* * *

א מאָדנער מענטש יאשע, האַ?

ביידע שוואָגערס — אי דינעס ברודער, יאָסל, אי דינעס שוועסטערס מאַן, פימע — זאָגן, אַז דער שוואָגער זייערער, יאשע, איז א טײַערער באָכער, נאָר ער האָט זיך אמאָל זײַנע שטיקלעך.

אנומלטן איז געשען אַזאַ געשיכטע.

יאשע איז א „דרוזשיניק". צוויי מאָל אין כוידעש, זונטיק אפּדער־נאַכט, דעזשורעט ער אין דרוזשינע־שטאַב. ער טוט זיך אָן אַפן אַרבל א

רויטן באנד, און מיט נאָך עטלעכע דרוזשיניקעס, וואָס טראָגן אַזעלכע באַנדן אויף די אַרבל, דרייען זיי זיך אום ביז שפּעט אין דער נאַכט אין ראַיאָן זייערן, שפּאַצירן זיך דורך צווישן די אַרומגעוואַקסענע בענק אין די אַלייעס אויפן בולוואַר, שטעלן זיך אַמאָל גלאַט אַזוי אָפּ אין דרויסן לעבן קינאָ, וואַקסן באַלד אויס דאָרט, ווו עס הייבט עמעצער אָן סקאַנ־דאַלעווען.

יאַשע האָט ליב דאָס דאָזיקע דעזשורעווען. מיטן רויטן באַנד אויף דער האַנט זעט ער, דאַכט זיך, אויס נאָך אַ קאָפּל העכער ווי ער איז. ער באַ־קומט אַ מין וואָזשנע ערנסטן אויסזען.

ער האָט טאָמיד האַנאָע, וואָס די דעזשורסטווע זײַנע גייט דורך שטיל, אָן געשעענישן. זיי דרייען זיך, דאַכט זיך, אום, טראַכט ער, אָן גאָרניט, מיט די הוילע בענדלעך אויף די אַרבל, געוויינלעכע אַרבעטער און אַרבעט־טערנס — און כוליגאַנעס האָבן דערעכערעץ. מענטשן שפּאַצירן זיך אָפּ־און־אויף אויף די טראָטואַרן. טראָליייבוסן בלײַבן שטיין און פאָרן ווײַטער איבערגעפּולטע. אַ קאָמפּאַניע יונגוואַרג שפּאַנט דורך מיט אַ טראַנזיסטאָר. אַן אַנדער קאָמפּאַניע גייט און זינגט. פונעם קינאָ טוט זיך מיטאַמאָל אַ שיט אַרויס אַ גרויסער אוילעם. אין בולוואַר אויף די בענק זיצן פּאָרלעך און קושן זיך. זאָלן זיי זיך קושן! זאָל מען אויף דער גאַס גיין און זינגען! זאָל זיך הערן געלעכטער! זאָל אומעטום זײַן רויִק און זאָלן זיך „דרו־זשיניקעס" אומדרייען פּוסט־און־פּאַס. זאָלן זיי זיך אומדרייען. ס'שאַט ניט.

נאָר ניט טאָמיד, פאַרשטייט זיך, איז רויִק. ס'קומט אַמאָל אויס מיט־נעמען עמעצן אין שטאַב און מאַכן אַ פּראָטאָקאָל. ס'טרעפט זיך אַמאָל, אַז מע דאַרף טאָן אַ רוף אַרויס דורכן טעלעפאָן־אווטאָמאַט דעם מיליציע־אַווטאָ. מאַלע וואָס עס קאָן זיך דאָרט אַמאָל טרעפן.

האָט זיך איינמאָל אויף יאַשעס אַ דעזשורסטווע פּלוצעם דערהערט אין עק גאַס, לעבן גאַסטראָנאָם, קוילעס, גוואַלדן, אַ פּײַפערײַ. ווען די דרו־זשיניקעס זײַנען אָנגעלאָפן און דורכגעשטופּט זיך צווישן אוילעם, האָבן אַ פּאָר מענטשן געהאַלטן אַ באָכערל אַרונטערגעדרייט די הענט. דאָס באָכערל האָט געשטויסן מיטן קאָפּ, געדריגעט מיט די פיס, געוואָלט זיך אויסרײַסן. דאָס פּאָנעם זײַנס איז געווען פאַרבלאָטיקט, דער אַרבל פונעם העמד אָפּגעפּליקט, דאָס העמד צעכראַסטעט.

אוילעם האָט געשריגן:

— אָנגעזשליאָקעט זיך, האַ?

— הער, הער, עפּשער אַלט זיבעצן יאָר, ניט מערער.

— אַ מין שלעגער. אַ מין שלאָגן זיך מיט אַזאַ אוילעם.

— נעמט אים אַוועק!

— דאָרט וועט ער זיך אָפּקילן.

— פּופּצן מעסלעס איז ווייניק.

— פּאַר אַזעלכע שטיק.

איינער פון די דרוזשיניקעס האָט זיך געגעבן אַ לאָז צום באָכערל מיט די פויסטן זײַנע. און יאַשע, אַפן אָרט ער זאָל זיך נעמען צום כו־ליגאַן, האָט זיך גאָר אַ נעם געטאָן צום דרוזשיניק.

דער אוילעם האָט זיי בײדע ארומגערעדלט:

— מיסטאם אַ פּרײַנטל...

— ט׳האָסטו דיר אַ נײַ געשלעג!

— אוילעם, וואָס קומט דאָ פאָר?

יאשע און דער דרוזשיניק האָבן זיך באלד בארויקט, נאָר דאָס באַכערל דער כוליגאַן האָט זיך דערווײַל אויסגעריסן און איז נעלעם געוואָרן.

אין דער היים האָט מען פון יאשען געלאכט. אין שטאב האָט מען אים געמוסערט. דעם דאָזיקן איניען האָט דער שטאב ארומגערעדט אליין באם מיליציע־נאטשאלניק אין קאבינעט.

יאשע איז געזעסן פארלוירן, שולדיקלעך. קיין סאַך האָט ער ניט געהאַט וואָס צו זאָגן. ווי טאָמיד, בא אַן אופרעגונג, האָט ער אזש גע־שלוקערצט, געהיקעט. ער האָט זיך אופגעשטעלט און גערעדט מיט הוילע פראגעס:

— צוליב וואָס גיב איך אוועק אלע כוידעש צוויי זונטיקן? צוויי אָפּרו־טעג? קעגן וועמען? קעגן כוליגאַנעס, האַ? קעגן שלעגערס? זאָל איך אויך זײַן אַ שלעגער? אַ שלעגער קעגן אַ שלעגער? דאָס הייסט אַ דרו־זשיניק? אַ סאָוועטישער מענטש?

ער איז אהיימגעקומען פריילעך. ער האָט זיך אזוי מיט דער זײַט ארײַנגערוקט דורך דער טיר און ס׳האָט אים געשמייכלט אַ וואָנציע.

דינע האָט אַ פרעג געטאָן:

— נו?

יאשע האָט איר געענטפערט גאָר אופגעלייגט:

— נו, נו!

— לאָמיך שוין הערן, וואָס איז געוואָרן?

— וואָס האָט געהאַט צו ווערן, ווײַב מײַנס? דער נאטשאלניק האָט געזאָגט: פראווילנע!..

— אַ שיינער נאטשאלניק! — האָט אַ שמייכל געטאָן דינעס נעזל. — אזא קאפּוירער קאָפּ, ווי דו. אבי כ׳האָב געמיינט, וועסט שוין פון הײַנט אָן זיצן אלע זונטיק אין דער היים...

נאָך איין מענטש האָט פונקט אזוי־אָ, ווי דער מיליציע־נאטשאלניק, אַ זאָג געטאָן „ריכטיק".

גראַדע אין עטלעכע טעג ארום איז זיך דורכגעקומען צו יאשען צו־גאַסט אזש פונעם אוראל דעם ברודערס ווײַבס אַ פעטער, יורי אלעק־סייעוויטש. איביינעם מיט אַ טעכטערל זײַנעם איז ער געקומען פארברענ־גען זײַן אורלויב אפן דאָרעם, באם שווארצן יאם. זיי זײַנען צוויי וואָכן געוועזן אין יאלטע, אַ צען טעג אין אָדעס. און אז ס׳איז שוין אזוי באָענט, ווי פאָרט מען נישט ארײַן כאָטש אף אַ טאָג־צוויי קיין מאָלדאַוויע אַ קוק טאָן אף די מעכוטאָנים? טאַקע אזוי־אָ האָט ער פריילעך אַ זאָג געטאָן, יורי אלעקסייעוויטש, אף יידיש: „מעכוטאָנין".

ער וווינט אין דעם זעלבן אָרט, וווּ מענדל וווינט, ערגעץ לעבן טשע־ליאבינסק. ער איז אַן אלטער מײַסטער אַ מעטאל־טאָקער, יורי אלעק־

סייעוויטש. מענדלס ווײַבל, קלאווע, איז זײַנער אַן עלטערער שוועסטערס א טאָכטער.

אײַ, א ווילע, גוטע קלאווע! די גאנצע מישפּאָכע, דערציילט ווײַטער יורי אלעקסייעוויטש, האָט מענדלען שטארק ליב. אַן אָפּענער, א צוגע־לאָזטער, ניט קיין אויסברענגער, א קאָפּ אויף די פּלייצעס, א ספּעציאַליסט א שטאָלגיסער, מע דאַרף אַזוינעם זוכן. די צוויי יינגלעך זייערע זײַנען שוין גרויסע יונגאטשעס, מע מעג זיי שוין גראָדע אָנקוקן. קלאווע איז מיט זיי געקומען צום וואָקזאַל. זיי האָבן געהאלטן אין איין נאָכשרײַען, מע זאָל איבערגעבן א גרויסן גרוס דער באבושקע כײַקען.

דינען האָט יורי אלעקסייעוויטש געבראַכט פון מענדלען און קלאוועס אַן אוראַלער בייַנערדיקע שקאַטולקע. לינעטשקען — א מאַרמאָרן טינ־טערל, א קלעקער. יאשען — א מין געדריידלטן טשוהוגנענעם אַש־בעכער, ער אליין, מענדל, האָט אים אויסגעגאָסן. דער מאַמען און עסטערן האָט קלאווע געשיקט געקווייטלט זײַדנס אויף קליידלעך.

יאשע האָט זיך אָפּגעבעטן אויף א טאָג פון דער ארבעט און איז באלד גאנצפרי צוגעפאָרן מיט די אוראַלער קרויווים צו דער מאַמען, געבליבן דאָרט מיט זיי אויף אָנבײַסן.

נאָכן אָנבײַסן איז ער זיי געפאָרן ווײַזן די „קעשענעווער אָזערע“, די נײַע ראַיאָנען אין ביידע עקן שטאָט. זיי זײַנען געווען אין פּושקין־מוזיי, אין קאָטאָווסקי־מוזיי.

דערנאָך האָבן זיי אומשפּאַצירט אין שטאָט־צענטער, אומגעגאַן אין די קלייטן. פאַרנאַכט אַהיימגעקומען פאַרשוויצטע, רויטע אויף די פּענע־מער, טויט־מידע, גלײַך זיי וואָלטן ביידע אָפּגעשטאַנען בא די מאַשינען זייערע אָן איבערײַס א מעסלעס קעסיידער.

יאשע און יורי אלעקסייעוויטש האָבן זיך געמאַכט א קאַלטן דוש און זיך אוועקגעזעצט אין דרויסן באַם זומערדיקן טיש אָן די העמדער און אָן די מײַקעס, ביידע מיט אלציינע גרויסע באָרוועסע פיס. מײַע האָט געהאָלפן דינען אופגעבן צום טיש דעם באָרשטש, וואָס דינע האָט דאָס־מאָל דאַפקע אָפּגעקאָכט אליין און דאַפקע זייער געראָטן. יאשע האָט שוין געוווּסט, אַז יורי אלעקסייעוויטש איז ניט קיין פּוסטער יורי אלעק־סייעוויטש. ער איז ,אויסגעווען א וועלט. ער איז ארײַנגעגאַנגען קיין בערלין, האָט פאַרענדיקט די מילכאָמע אין יאַפּאָניע. יורי אלעקסייעוויטש האָט גערעדט ברייט, באַדאַכט, גערעדט מיט א „ווידיטי לי“, און יאשע האָט אים געקוקט אין די אויגן ארײַן, אלעמאָל צוגעשאָקלט: „פּאָניאַטנע“.

שאַ, לאָז ער אים אומיסטן א פרעג טאָן, צי האָט ער דעמלט אויף יענער דעזשורסטווע געטאָן גוט, צי ניט גוט. פאַרקערט: זאָל טאַקע דינע הערן.

יורי אלעקסייעוויטש האָט אוועקגעלייגט דעם לעפל, א וויש געטאָן זיך די פאַרנעצטע וואָנציעס:

— האָב, פאַרשטייט זיך, יאשע טײַערער, קיין פאַריבל ניט. די זאַך איז גאָרנישט אַזאַ פּראָסטע. ווידיטי לי, וואָס הייסט א לײַטישער מענטש? א מענטש, וואָס ארבעט גוט, פירט זיך גוט, לעבט גוט מיטן ווײַב, איז

גוט מיט די שכיינים, טרינקט ניט, קריגט זיך מיט קיינעם ניט, מיט איין וואָרט — מע קאָן צו אים קיין שום טענות ניט האָבן. כ׳זאָג ניט, אזא מענטשן דארף מען, פארשטייט זיך, שעצן. נאָר דאָס, וואָס ער איז — דאָס איז ער. מער וועט ער ניט זײַן. פארשטיי מיך ריכטיק, יאשע טײַערער. ווידיטי לי? אזא־אָ יונג באָכערל, לעמאָשל, ווי דאָס, וואָס דו דערציילסט. פלוצעם הייבט עס אָן טרינקען. קידעט זיך, שלאָגט זיך. קאָן זײַן, פּאָשעט פאר נארישקײַט, פאר גרינקײַט. און קאָן זײַן, אז עפּעס ארבעט אין אים א ניט־אויסגעלאָדענער קויעך. עפּעס רײַסט זיך אין אים ארויף. טו אים נאָר א פיר אף דער ריכטיקער אָרביטע! מע קען עס, פארשטייט זיך, ניט פאראלגעמיינערן. נאָר מע דארף זײַן זייער, זייער געהיט. ווידיטי לי, איין שווערער פלעטש קען פון דעם דאָזיקן קויעך מאכן טיל־טעל. האָב קיין פאריבל ניט, יאשע טײַערער, כ׳ווייס ניט, צי דאָס האָסטו דעמלט אין זינען געהאט. נאָר ביכלאל האָסטו, פארשטייט זיך, געטאָן מענטשלעך, פראווילנע.

דינע איז געזעסן און זיך צוגעהערט. עפּעס האָט זי ניט גאָר פארשטאנען, צי האלט ער יאָ מיט יאשען, יורי אלעקסייעוויטש, צי האלט ער ניט מיט יאשען. נאָר סײַוויסײַ האָט זי שפּעטער, ווען די געסט זײַנען שוין געהאט אוועקגעפאָרן, געטײַנעט אירס:

— וואָס קאפּויער איז קאפּויער... אָן אייגענעם טאטן זאָגן ראזבויניק און פאר א פרעמדן רועך, א כוליגאן, א שלעגער, אָנעמען זיך... אייסעך.

יאשע האָט א בורטשע געטאָן:

— אין איידעלע זאכן, ווײַב מײַנס, זאָלסטו מיר מויכל זײַן, דארף מען פארשטיין א קאפּעלע מערער... הערסט?

— איך הער, איך הער. גרויסער פארשטייער מײַנער!.. — האָט דינע, ווי טאָמיד, זיך ניט געלאָזט שפּײַען אין דער קאשע.

ביידע שוואָגערס — אי דינעס ברודער יאָסל, אי דינעס שוועסטערס מאן, פימע, — האלטן, אז דער שוואָגער זייערער יאשע איז א טײַערער באָכער, נאָר ער האָט זיך אמאָל זײַנע שטיקלעך.

ס׳איז דעמלט אין יענעם זונטיק אפּדערנאכט, זאָגן זיי, ניט געלעגן קיין שום פילאָסאָפיעס, קיין שום אופטועכצן. גאָרניט. פּאָשעט. א שטיקל פון יאשעס שטיקלעך.

# ראָטשילדס א דאם-סוינע




ע, נע. איך מיט ראָטשילדן קער מיך גאָרניט אָן. איך האָב מיט אים קיין שום קרויוועשאפט ניט.

מיט ראָטשילדן אליין איז ניט שײַעך. איך קער מיך ניט אָן מיט אלע יענע, וואָס קערן זיך מיט אים יאָ אָן. ס'איז מיר פון זיי מוקצע מאכמעס מיִעס.

כ'זאָג עס אָפן: כ'בין ראָטשילדן א דאם־סוינע. און מיינט איר פארוואָס — איבער א גאָרניט, איבער איין קלייניקײַט: ווײַל ער איז מיר א דאם־סוינע.

פונוואנען איך נעם עס? א שיינע זאך. ס'איז שוין, דאכט זיך, צײַט, איך זאָל עס וויסן. איך בין שוין, דאנקען גאָט, א ייִד בא די זיבעציק. כ'האָב שוין איבערגעזען אין מײַן לעבן גענוג סאָנים. סאָנים מיט א מעסער פון פאָרנט און סאָנים מיט א מעסער פון הינטן. סאָנים מיט א יעכץ און סאָנים מיט א שמייכל. איר ווייסט, וואָס כ'וועל אײַך זאָגן — צווישן די גרעסטע סאָנים מײַנע שטעל איך מיר ראָטשילדן אויך ארײַן אין דער מיט. און אז מע זאָל עס גוט באקלערן, דרייען זיך עפשער ארום דער־אָ סינעשאפט צווישן מיר און ראָטשילדן אלע סינעשאפטן פון דער וועלט.

כ'וועל אײַך אויסברײַען א שענערס: קוילעט מיך, לייגט זיך מיר ניט די צונג א זאָג צו טאָן: ווען איך בין ראָטשילד. וואָרעם ווען איך בין ראָטשילד, בין איך ניט בעסער פון אים. מאכמעס ראָטשילד איז דען שלעכט דערפאר, ווײַל ער איז שלעכט? ראָטשילד איז שלעכט דערפאר, ווײַל ער איז ראָטשילד.

אנטקעגן וואָס זאָג איך עס? אלץ קעגן דעם, וואָס אף דער וועלט האָט מען אנומלטן א רעד געטאָן וועגן ראָטשילדס טויוועס, וועגן ראָטשילדס ברייטער האנט. אָט־אָט־אָט. אָט דאָ ליגט דער הונט באגראָבן. דאָרט,

ווי עס פאַרעט זיך ראָטשילדס האַנט, איין פינגער ראָטשילדס, קער איך מיך דערמיט ניט אָן. איז עס מיר מוקצע מאכמע מיִעס.

זאָגט איר איַך, וואָס איר ווילט. איך האָב מיר מיַינע כעזשבוינעס. איך האָב מיר מיַינעם א כעזשבן מיט ראָטשילדן שוין א מיַיסע פון באלד זעכציק יאָר. ס'הייסט, ניט מיט אים אליין. אלץ דאָס אייגענע — מיט יענע, וואָס קערן זיך אָן מיט אים.

איך האָב מיר א כעזשבן מיַינעם מיט ראָטשילדס א מין וויַיטער קרויווע. ס'הייסט, איך ווייס אפילע ניט גוט, צי איז דאָס געווען א קרויווע אויך. נאָר ליב האָבן פלעגט זי טאָמיד ליב האָבן א זאָג טאָן מיט א פרום פּענעמל און מיט אזא פרומען קיַילעכדיקן וויש זיך מיט צוויי פינגער ארום קאָשערן מיַילעכל אירן: פארגעסט ניט, אז מיר שטאמען פונעם סאמע־סאמע אויבנאָן, פון די סאמע־סאמע ראָטשילדס!..

געווען בא אונדז אין שטעטל, אין רעזינע, א יִדענע מיט א מאנו־פאקטורנער קלייט, מאלקעלע. מאלקעלע רויטשילד. איך בין בא איר אין קלייט געווען א פּריקאזשטשיק, א קאָמי. אלט געווען בין איך דעמלט, כ'ווייס, עפּשער פופצן יאָר. האָט מיך די דאָזיקע מאלקעלע, איר הערט, געוואָלט הארגענען. יאָ, יאָ. פּאָשעט נעמען און הארגענען. דערטרינקען אין דניעסטער. אזוי־אָ, מיטן פרומען פּענעמל און מיטן קאָשערן מיַי־לעכל. מיר געבן א האלב קערבל און מיך דערטרינקען. לויף און שפּרינג צעזעצטערהייט, ניט צו איַיך ריידנדיק, אף די איַיז־קריִעס און ברעך דעם קאָפּ און ווער דערטרונקען. נאָר א האלב קערבל גיב איך. באצאָלן באצאָל איך.

איר מעגט די מיַיסע הערן. ס'א קורצע מיַיסע. נאָר זי ליגט מיר א־דאָ־אָ אין הארצן טיף־טיף און לאנג־לאנג, און וועט מיר ליגן דאָס גאנצע לעבן. און איר מעגט פון מיר לאכן: טאָמיד, אז מע דארף פארשטיין עפּעס א זאך, ביפראט עפּעס א יִדישע זאך, קומט מיר די דאָזיקע מיַיסע ארויף אפן סייכל און לערנט מיך פארשטיין די זאך ווי זי איז, און ניט ווי ס'קען זיך אויסדאכטן, אז זי איז. איר מעגט די מיַיסע הערן.

האָט די דאָזיקע מאלקעלע רויטשילד געהאט א זון שמאריע. אן איי־דעלער יונגערמאן, מיט א שמאָל שווארץ בערדל, מיט פענסנע אף דער נאָז, א צעכושטער און פארמויעכטער, א זיַידענער יונגערמאנטשיק. גע־ווינט האָט דער שמאריע אנטקעגן, אף יענער זיַיט דניעסטער, אין אנט־קעגנדיקן שטעטל ריווניצע. געווען אן אָפּגעגעטער. וואָס ער האָט דאָרטן געטאָן אנטקעגן אין שטעטל, געדענק איך ניט. דאכט זיך, געהאט א שטיק שוטפעס אין ריווניצער צוקער־זאוואָדל. נאָר אלע טאָג, געדענק איך, פלעגט ער אריבערקומען צו דער מאמען עסן אָנבײַסן. זיך בעשום־אויפן ניט געקענט אָפּגעווינען פון דער מאמעס ראָסעלעך און דער מא־מעס עסיקפלײשלעך. געווען איז דעמלט ווינטער. דער דניעסטער איז געשטאנען פארקאָוועט. פלעגט ער זיך אזוי אלע טאָג אריבערשפּאצירן אהיים, אָפּעסן דעם גוטן אָנבײַסן, צולייגן זיך אף א שאָ צוויי, און דער־נאָך, פארנאכט־צו, צוריק שפּאנען זיך קיין ריווניצע. קום איך אמאָל, ווי שטענדיק, אין א גאנצפרי, ס'איז שוין געווען ערעוו־פּייסעך־צײַט, אין

קלייט אַרײַן, טראָגט מיר די באַלעבאָסטע פּלוצעם אַנטקעגן עפּעס גאָר א שיינעם גוטמאָרגן און טוט צו מיר א מאַך מיט איר קאָשער מײַלעכל:

— יינגל, מעשאָרעסל טײַערער, אָט האָסטו פאַרן וועג א האלב קערבל און טו גיכער א לויף אַריבער צו שמאַריען און זאָג אים, ער זאָל לעמאַשעם הײַנט ניט קומען עסן קיין אָנבײַסן... דער דניעסטער האָט די נאַכט געריררט...

בלײַב איך שטיין א צעטומלטער און קוק זי אָן, די נעגידעסטע:

— וואָס הייסט, — זאָג איך, — איך זאָל טאָן א לויף אַריבער? וויאַזוי זשע, זאָג איך, זאָל איך טאָן א לויף אַריבער, אַז דער דניעסטער האָט געריררט?

מאַכט זי:

— דו ביסט עפּעס אַנדערש... וואָס זשע, גלײַכסט זיך צו מײַן שמאַריען?.. דו ביסט דאָך גרינג...

זאָג איך:

— נו, און אַז איך בין עפּעס אַנדערש, קאָן איך גרינגערהייט ניט דערטרונקען ווערן?

מאַכט זי:

— אַזעספּאָנעם!.. האלבע קערבלעך וואַלגערן זיך עפּעס אויפן מיסט?.. וואָס זשע, ווילסט ניט פאַרדינען קיין האלב קערבל?.. ווּעסט שפּרינגען אויף די קריעס... גאָט וועט דיך שוימער־אומאצל זײַן!..

זאָג איך:

— וואָס הייסט, איך זאָל שפּרינגען?.. אַי אַהין שפּרינגען, אַי צוריק שפּרינגען?..

מאַכט זי:

— וואָס זשע, ווילסט מיר ניט לויפן ראַטעווען דעם זון? ווילסט ניט לויפן ראַטעווען קיין יידיש קינד? ביסטו דאָך א מעשומעד!..

שטיי איך און קוק זי אָן, שווײַג, לאָז אַראָפּ די אויגן און טו א בורטשע:

— מיילע. בין איך א מעשומעד...

מאַכט זי:

— וואָן פון מײַן קלייט!.. דײַן פוס זאָל דאָ מער ניט זײַן!.. הער־הער, האַלטסט איין שטוב א דאַם־סוינע... וואָן, אויכער־ייִסראָעלניק!..

דאָס איז די גאַנצע מײַסע. דאַכט זיך, גאָר א קליינע מײַסע, האַ? מיר איז זי גענוג. באַ מיר דרייען זיך אַרום דער דאָזיקער קליינער מײַסע אַלע גרויסעקײַטן.

איך האָב מיר צו זיי א שליסעלע.

איך מיט ראָטשילדן קער מיך גאָרניט אָן. ניט מיט ראָטשילדן און ניט מיט יענע, וואָס קערן זיך מיט אים יאָ אָן. כ׳זאָג עס אָפן: כ׳בין אים א דאַם־סוינע, ראָטשילדן.

פון דעמלט אָן־אָ.

אויף טאָמיד.

# כאָווער בראָווער




י אלטע בראָווערקע שלאָגט גוט אויס פּוטער. א
באָרשטש פּארוויַיסט זי מיט „קאטיק״ — האָט ער
אלע טאמען. און די קיביטקע אירע, כאָטש א ליי־
מענע, כאָטש מיט א שמאָל קליין פּענצטערל אין
דער קרום, איז פונדעסטוועגן טאָמיד פול מיט זון,
און די ליים אױף די ווענט גאָלדיקט זיך מיט א
ליכטיקן פּאָמעראַנצן־קאָליר...

דער ערשטער כמארנער טאָג אין קישלאַק. א
רעגנדל שפּריצט קעגן דער זון מיט זיבעצן פארבן.

אין דער היים איז שוין הערבסט־העט, נאָך די סוּ־
קעס־טעג, נאָכן אָקטיאבער־יאָמטעוו. גרינגע שניי־
עלעך פאלן און צעגייען זיך, א גאנצן טאָג אזוי,
פאלן און צעגייען זיך. איבער נאכט קנייטשט דער
פראָסט אויס געמעלן אין די בלאָטעס. די קינדער
קערן זיך שוין גליטשן אין דער היים.

דאָ וועלן נאָך זײַן א סאך ווארעמע טעג. אין
אוזבעקיסטאן איז דעם זומערס לאנגער עק פרײ־
לינגדיק, ערעוו־פּייסעכדיק. די זון איז דאָ א
גרויסע און א נידעריקע.

שטיקער כמארעס רוקן זיך אלעמאָל דורך דער זון און פאר־
טונקלען זי. עס שווינדלט אין די אויגן.

די אלטע בראָווערקע איז ארײַן אין א פּאָר גרויסע מאנצבלשע שטיוול.
אונטער א שפּיציקן קין קרייצן זיך איבער צוויי קורצע פאטשיילע־עקן.
זי איז שטארק פאראשט. ס'קלייד אירס האָט זי, אפּאָנעם, פארגארטלט
אונטערן קאָפּטל אין גרויס איַילעניש: אונטן טעלעבעבדעט זיך נאָך א
לאנגער שלעפּ, און פאָרנט איז דאָס קלייד פארקירצט ווי בא א מעובע־
רעסדיקער. מיט א שטריק אין דער האנט, געהויקערט, פארקאָרטשעט,
שטעלט זי ברייטע גיכע שפּאַן. די באָבעצי איז ארויס פון דעם קינדער־
מײַסעלע און גייט צונויפקלײַבן „אוטין״ אױף אוזבעקישע סטעפּעס. באלד
וועט זי צוריק שפּאנען מיט א בונט שטעכלקעס אױף די פּלייצעס. די

קיביטקע וועט זי טרעפן אופגעריגלט, צעפּראלט. ס'בערעלע איז דאָ צו־גאסט געוועזן? וואָס דערציילט יינגערל־פינגערל אין פלעשל? וויאזוי האָט אָט דער גראָבער בער אירע קלוגע אייניקלעך פאַרנאַרט?..

דער בראָוועדקעס אלע דריי אייניקלעך זיינען אָבער העט פריער, גאנץ פרי נאָך, אוועק אין קינדערגאַרטן.

א קישלאַק איז פאָרט א קישלאַק.

די פאַרוואַלטערן פונעם קינדערגאַרטן, די „לייטענאנטקע”, אָנגעטאָן אין א וואטניק, פאַרוויקלט מיט א שאַלעכל, מיט צוויי שפּיציקע קאַלאָשן אף די פיס, טראָגט א זאַק פּראָדוקטן אף די פּלייצעס, און אלע קינדער, דער גאנצער קינדערגאַרטן, שפּאַנען נאָך פון הינטן, ווער מיט א טאָפּ אין די הענט, ווער מיט אן אוזבעקישן קילים איבערן רוקן, ווער מיט א זיפּל, ווער אָנגעטאָן א שיסל אפן קאָפּ — דער קינדערגאַרטן פאָרט, הייסט עס, איבער אין א ווינטערדיקער ווארעמער קיביטקע. די קינדער שרייען, קוויטשען. דער בראָוועדקעס עלטסט אייניקל, איזי, אין א רויטער פאַרוקטער טיובעטייקע, ווארפט גייענדיק שטיינער פונעם באַרג־אַראָפּ אף יונגע שפּרינגענדיקע ציגלעך אין טאָל. אז ער טרעפט ניט, קוויטשעט ער אויס אף א דין קלינגענדיק קעלכל גראָבע אוזבעקישע זידלווערטער. די „לייטענאנטקע” שטעלט אַראָפּ דעם זאַק פון די פּלייצעס.

— פע, איזיק! — שרייט זי. — הער אויף!.. כ'וועל דערציילן דעם פּאַפּען, איזיק!..

איזי לאַכט. ער צילט א שטיין גלייך א ציג אין די הערנערלעך אריין.

— ווו וועט איר דערציילן?.. ווען וועט איר דערציילן?..

— כ'על דערציילן... וואָסי, מע קען ניט? נאָך דער מילכאָמע וועל איך דערציילן!..

— וואָס וועט איר דערציילן?

— אָט דאָס־אָ... אָט די מיעסע ריידן!

— כאַ־כאַ... ער וועט דען וויסן וואָס, דער פּאַפּע? ער'ט דען פאַרשטיין אוזבעקיש?

דערפאַר פאַרשטייט שוין דער זיידע איזיס אוזבעקיש. טאַקע נאַרוואָס האָט ער אויסגעטיינעט זיך מיט אן אוזבעק. דער אוזבעק האָט אים, ווי דער שטייגער איז, פאַרבעטן צו זיך אין געסט. האָט ער צוריק דעם אוזבעק פאַרבעטן: סעניקע — מעניקע, מעניקע — סעניקע, דיר — מיר, מיר — דיר! איצט שניידט ער דורך דעם וועג, בראָוועד, און לאָזט זיך אַראָפּ מיטן בערגל צום וואסער־גרוב: די פּאָטשטאַליאָנקע, מיט א הערמע בריוו און צייטונגען, האָט דאָרט דורכגעשווינדלט צווישן די ביימער. איזיס טאַטע, יאַנקל, איז דעם צווייטן טאָג מילכאָמע אוועק אפן פראָנט. זיי אלע האָבן זיך דערנאָך איינגיכן עוואַקוירט. ווייסט יאַנקל ניט, ווו זיי זיינען, און זיי ווייסן ניט, ווו יאַנקל איז.

— פּאָטשטאַליאָנקע... — גייט איצט בראָוועד א פרעג טאָן, ווי טאָמיד, ווי אלעמאָל, ווען די פּאָטשט קומט אָן, — האַקלאַל, ווען ברענגסטו מיר שוין די בריוו מיין יאַנקלס, פּאָטשטאַליאָנקע?..

ווי:אַזוי זעט ער אויס, כאַווער בראָווער?

א הויכער שמאָלער ייִד מיט א ביינערדיק געגאָלט פּאָנעם און צוויי גראָווע צעשויבערטע וואָנצעס. ס׳רעקל טראָגט ער אַף די אַקסל. אפן שפּיץ קאָפּ — א בלאָוו היטל מיט א קנעפּל. הויזן שמאָלע, העלע. שיך לייוונטענע, מיט שפּיציקע לעדערנע נעז. שוין גאָר, גאָר לאַנג איז בראָווער א פּאָר יאָר געווען אין אמעריקע און דאָרט געאַרבעט אין א „שאָפּ". דערפאַר האָט ער כאַסענע געהאַט שפּעטלעך. אין אוקראַ:ינע, באַם בוג, ליגט א שטעטל, איַי, א שטעטל — וואָזנעסענסק, בראָווערס שטעטל. כאַווער בראָווער רופט מען אים שוין אַן ערעך... הא, וויפל? ווען האָבן זיי אין וואָזנעסענסק צעהאַנגען רויטע פענדלעך אפן טעלעפאָן? פונעם פינפטן יאָר ביזן צוואַנציקסטן און נאָך צוויי צענדליק, שוין אַן ערעך... פון אַן עטלעכע און דריַיסיק יאָר, הייסט עס... נאָר מענטשן גלייבן אים ניט. מענטשן זאָגן, אז אין אמעריקע אין שאָפּ שוויצן גאָר קרויווים זיַינע; אז די שיך מיט די געלע גלאַנצנדיקע נעז זיַינען נאָך פון די פּעקלעך, וואָס אָט די קרויווים פלעגן צוריק מיט יאָרן איבערשיקן; אז טאָמיד האָט ער גאָר געמעקלערט, בראָווער, באַם וואָזנעסענסקער וואָקזאַל, בא די שיפן, וואָס זיַינען אַראָפּגעשווומען מיטן בוג אַף ניקאָלאַיעוו, און ערשט נאָך דער רעוואָליוציע איז ער פלוצעם, איבער נאַכט, געוואָרן א טאַנדעטנער שוסטער און אַליין זיך א נאָמען געגעבן כאַווער בראָווער. מענטשן האָבן אָבער ליב צו טריַיבן רעכילעס. איז — גיי זיַי א בעריע און זוך אָפּ, ווו עס שטעקט דער עמעס...

די פּאָטשטאַליאָנקע איז פאַרוויקלט אין א וויַיסן שאַל מיט פּראַנדזן, סאַמע פּראַנדזן. איבער די הענט — פּראַנדזן, אַרום האַלדז — פּראַנדזן, ס׳פּעקל בריוו — אין פּראַנדזן. פון אונטער די פּראַנדזן פּלאָנטערט זיך אַרויס א גרויסער דריַיעקיקער בריוו אין מיידלשע פינגער. די פּראַנדזן שריַיען צו בראָווערן, ער זאָל שטיין בליַיבן, זי לויפט דאָך אים אַנטקעגן, די פּאָטשטאַליאָנקע.

— כאַווער בראָווער... האַקלאַל, נאַט איַיך א בריוו פון איַיער יאַנקלען, כאַווער בראָווער!..

בראָווערן ווערט הייס און קאַלט, ווי בייס א מאַליאַריע־אָנפאַל. א ציטערני:ש באַפאַלט אים: יאָ, יאַנקלס קסאַוו!.. ס׳רעקל גליטשט זיך אים אַראָפּ פון די אַקסל און פאַלט אַריַין אין א נעץ אַריַין. שוין אַזויפיל ציַיט אין פּיַיער, און ער לעבט, יאַנקל. אַוואַדע — אָבראַטנע אַדרעס: פעלדפּאָסט נומער אַזויפיל און אַזויפיל — יאַשע בראָווער. אָן ברילן לייענט ער דעם בריוו פונדערוויַיטנס. וויפל די האַנט לאָזט זיך אויסצי:ען. ס׳היטל ליגט אפן קאָפּ ניט איַין. פון דער קעלט ווערט א מעכיַיעדיקע וואַרעמקיַיט. פון דער ציטערניש — א שמייכלענדיקע רו:יקיַיט. וואָדען, ער האָט ניט געוווּסט, בראָווער? יאַנקעלע וועט זיי ניט אָפּזוכן? הער, דו!..

— און עפּעס ניַיס, פּאָטשטאַליאָנקע?..

— און עפּעס ניַיס, כאַווער בראָווער!.. אָפּגעטריבן פון סטאַלינגראַד... פופצן קילאָמעטער... איינעכטן... קאַלאַטש אפן דאָן זענט איר דורכגעפאָרן, כאַווער בראָווער?

— יאָ דורכגעפּאָרן, נישט דורכגעפּאָרן. אָפּגעטריבן פון סטאַלינגראַד? אוווּאַ!..

דערנאָך שפּאַנט ער אין קאָנטאָר אַרײַן, בראָווער. יאַנקלס בריוו ליגט שוין באַהאַלטן צווישן די פּאַפּירן ערגעץ טיף אין בוזעם־קעשענע. די שנור זײַנע, ריווקע, אַרבעט אין דער קאָלווירטישער קאָנטאָר פּאַר אַן אופּראַמערין און באַקומט אַ „טאָג" פּאַר אַ טאָג. זי האָט אַ שוואַך האַרץ, ריווקע, און מע דאַרף איר וועגן בריוו דערציילן מיט קאָפּ, פּאַמעלעך, מיט אַ באַזונדער מין צוגעגרייטקײַט. אַ קלייניקײַט: אָנדערהאַלבן יאָר, אַז זי הערט פון אים גאָרניט, פון יאַנקלען, אַזעלכע אָנדערהאַלבן יאָר. זי האָט זיך שוין נעבעך מעיאַעש געווען, דער נאַר. „שרעק זיך ניט, ריווקעלע. קלאָמפּערשט אַ שטיקל גרויס אָפּגענומען. ס'אַ סוואָרע, אַז ער לעבט..." ניין! צו גיך! עפּשער גאָר אָנהייבן מיט אַ כאָלעם? אין אַ שפּי־טאָל... יאַנקל איז פאַרוואונדעט... מע מאַכט אים אַן אָפּעראַציע אַף אַ פוס... פּאַמעלעך. ניט מיטאַמאָל. „שרעק דיך ניט, ריווקעלע!"

נאָר אין קאָנטאָר ווייסט מען שוין ביידע נײַסן. ריווע איז שוין לאַנג אין דער היים. איזיקל לויפט אַרום איבערן קישלאַק און שרײַט: „זיידע! זיידע!" ס'גאַנצע געסל איז בא בראָווערן אין שטוב. ווען איז מען עס אַלץ געוווירע געוואָרן, ווען?..

שפּעטער זיצט בראָווער אַ צעשפּיליעטער איבער אַ שיסל וואַרניטשקעס. ריווקע איז שוין צוריקגעגאַנגען אין קאָנטאָר. די מענטשן האָבן איבערגעלאָזט אין שטוב אַ שווייסיקע דושנעקײַט. אין קאַמער קוואָקען הינער. אַלע דרײַ אייניקלעך זײַנען ערגעץ אַוועק צו אַ שאָכן שפּילן זיך. מיט אַ שיסל ליים אין די הענט איז אַ האַלבע בראָווערקע אַרײַן אין אויוון אַרײַן. כאַוער בראָווער שוויצט איבער די וואַרניטשקעס און טראַכט, אַז דאָס, וואָס ער האָט זיך פאָרגענומען איבערצולעבן די מיל־כאָמע, איז גאָרניט אַזאַ מעסוקענע זאַך. ער פאַרלייקנט די יאָרן, ווי אַ קאַלע־מויד, זאָגן מענטשן. אַלעמײַ אויזבעקן, ווײַסע זקיינים, האָבן פּיצ־לעך קינדער אַף דער עלטער?.. אבי מ'האָט אים שוין אָנגעהויבן טרײַבן, דעם דײַטש. ווו ליגט עס ערגעץ דאָס קאַלאַטש אַפּן דאָן? נישקאָשע, מ'האָט נאָר געדאַרפט אַ ביסל קומען צו־זיך, נעמען זיך אין די הענט אַרײַן. ער'ט שוין איצטער לויפן. אוי, וועט ער לויפן! ער זינגט זיך צו, בראָווער. ווי בא דאָם־צפאַרדייאַ אין דער האַגאָדע, ציילט ער אַף די פינגער און מאַכט געאָגראַפיע מיט אַ ניגון:

— דאָן, דניעפּער, בוג, — וואָזנעסענסקע!..

— אַלטע בראָווערקע... — טוט ער דערנאָך אַ שפּאַן צום פּריפּעטשיק, — ס'עט פון אים קיין זייכער ניט בלײַבן, הערסט, וואָס איך זאָג דיר!..

— אַ ווייטעק איז מיר. וואָס רעדסטו? פון וועמען איז?..

— פונעם דײַטש, יידענע, פונעם דײַטש!..

— טפו צו דײַן נאַרן!..

קריכט די בראָווערקע אַרויס פונעם אויוון, וואַשט אָפּ די ליים פון די הענט, נעמט אַרויס אַ ווײַס פּאָרל גרעט פונעם קאַסטן און דערמאָנט בראָווערן, אַז מע הייצט הײַנט דאָס קאָלווירטישע בעדל.

אין דרויסן איז שוין ווידער זומער. די כמארעס זײַנען אוועק אין די בערג, ס׳רעגנדל האָט אופגעהערט, די בלעטער אף די ביימער האָבן זיך אויסגעטריקנט, נאָר אין באָד איז הײַנט קיינער נישטאָ. איין מאָרדכע בעסאראבער, א נאקעטער, מיט אן אָנגעזייפטער, שמאָל געוואָרענער באָרד, גיסט, איינס נאָכן אנדערן, הייסע עמערס וואסער אין אָנגעגליטן אויוון ארײַן און קאָן זיך אלץ ניט דערווארעמען. די צוויי קליינע פענצטערלעך אין צימער שוויצן. די פארע זעצט פונעם אויוון ארויס און דעקט אלצדינג צו מיט א געדיכטער גרויקײַט. ווּ זײַנען די גליטשיקע בענק, ווּ שטייט דער פאס, ווּ איז מאָרדכע בעסאראבער? בראָוועך, נאקעט, זעט אויס ווי צוויי איבערגעקרייצטע שטעקנס, אָנגעטאָן אין א היטל — פייגל אָפּצושרעקן. דאָס לײַב זײַנס איז איבערגעטריבן ווײַס, בלאָוולעך. אלע ביינער זעט מען אָן, גלײַך זיי וואָלטן געווען אָנגעשיט אין א גלעזערנער זאך, ניט אין בראָווערן. מאָרדכע גיט אָפּ בראָווערן מאזלטאָוו און קריכט ארוף אף דער אייבערשטער באנק. וואסער גיסט זיך אפן שטיינערנעם פאָל מיט א קלונג. דערנאָך זייפט איינער דעם אנדערנס פלייצע. אין דער פארנער טונקלקײַט פלאָנטערן זיך צוויי שאָטנס איינער ארום אנדערן און זעען זיךביידע ניט אָן. איין שאָטן א הויכער מיט צוויי לאנגע שטעקלדיקע פיס. דער צווייטער — מיט א שפּיציקער באָרד. פון דער באָרד רינען גאנצע שיסלען וואסער ארויס. איינער רעדט ארײַן דעם אנדערן אין אויער ארײַן, נאָר די קוילעס זייערע זײַנען הויכע, ווײַטע, גלײַך ווי איינער וואָלט געשטאנען דאָ, און דער צווייטער — ערגעץ אָפּגערוקט אף ווערסטן. אין אויסגעליידיקטן פאס ענטפערט א טויבלעך ווידערקאָל:

— א מײַסע מיט א דײַטש. הא, כאווער בראָווער?

— מיט א פאסקודנעם דײַטש...

— מע וועט עס אויסהאלטן?

— מ׳עט אים איבערקומען!..

— ווען?

— מירן עס דערלעבן!..

— ביידע?

— ביידע!..

— און מירן אהיים פאָרן?..

— פונוואנען זענט איר, זאָגט איר, פון קעשענעוו?

— פון קעשענעוו!..

— דאָן, דניעפּער, בוג, דניעסטער, — קעשענעוו...

— אײַ, קעשענעוו!..

— אײַ, וואָזנעסענסק!..

די פארע צעגייט זיך. ביידע אלטע לײַט קריכן ארײַן אין ריינע פאָר־לעך גרעט, פארייכערן שטיקלעך ציגארן און בלײַבן זיצן מיט שווערע אראָפּגעלאָזטע הענט — רויטע, צעווייקטע, מידע.

א שטילקײַט צעלייגט זיך ארום זיי.

אין דער שטילקײַט גייט אוף א ווײַטע פארטראכטע בענקשאפט...

# ווינטער־טעג

א מאַטאָנע עדיקלען



ורץ. שפּילעוודיק. העל. ס׳איז דען ווינטער? ס׳א מײַסעלע. א קורץ, שפּילעוודיק ווינטער־מײַסעלע.

— מײַסעלע־קײַסעלע...

אונדזער קישלאַק איז ארומגערינגלט מיט הויכע הויקערדיקע בערג, זײַנען זיי גרוי איצטער און געקנייטשט, ווי איבערגעצויגענע מיט העלפאַנד־פעל. וואָסער פעל? לעבעדיקע העלפאַנדן האָבן זיך ארומגעשטעלט ארום קישלאַק, שמאָרען מיט די לאַנגע בייגלדיקע נעז זייערע און בלאָזן אָן אף אונדז א רויכיקע גערדיכטע גרויקייט, וואָס שלאָגט זיך מיט דער זון, פאַרדעקט די פעלדער, באַהאַלט דיביימער, פאַרשטעלט די פּלויטן, ווישט אָפּ די ליימענע קעסטלדיקע שטיבלעך.

ווער איז שטאַרקער — די ליכטיקע זון צי די נעפּלדיקע גרויקייט? ס׳ערשטע דראַפּעט זיך ארויס א לאַנגער מאָגער געוואָרענער בוים; קרומע נײַדעריקע פּלייטלעך קריכן אָן ארום אים; ס׳טוט א שווינדל א ווינקל פון א קיביטקע; עס באַווײַזט זיך דער דאָרף־סאָוועט מיט דער אָפּגעקאַלכטער וואַנט זײַנער; דער לאַנגער טווע־שפּײַכלער איז שוין דאָ; אין די גרויסע אמבולאַטאָריע־שויבן צעפאַלט זיך די זון אף צענדליקער שווינדלענדיקע פײַער־שפּליטערס. די בערג זײַנען גרוי, דער הימל בלוי, און די פעלדער... אינמיטן ווינטער — גרינע פעלדער. איבער דער גרינקייט זײַנען צעוואָרפן שאָף. צווישן די שאָף — א הויכער פּאַסטעך, אָנגעשפּאַרט אין א לאַנגן שטעקן, ווי בא אונדז אין מאָלדאַוויע, אין ווײַסרוסלאַנד, אין אוקראַינע, ווי אף די „מענטשעלעך” אין אלע קינדערשע אלעפּבייס־ביכלעך.

אלעקסיי דער טראַקטאָריסט קומט אָן פון די גערטנער מיט א שטיק בוים אף די אקסלען. באָרוועס קליינוואַרג פּליעסקעט אים טענצלדיק אנטקעגן.

ערשט ניט לאַנג, מיט א פּאָר צענדליק יאָר צוריק, האָבן אוזבעקישע

מאמעס געסטראַשעטע מיטן וואָרט „אורוס" שלעכטע וויינענדיקע קינדער. דער בלאָנדער טראַקטאָריסט איז אַזש פון וויַיטן קאַלטן אָמסק. פאַר דער מילכאָמע, אין דער היים, פלעגט ער זעקס כאַדאָשים אין יאָר אַרומ־שפּאַצירן אין וואָליקעס און אין גראָבע וואַטאָווע הויזן. איצט דאַרף דאָס לאַנד א סאַך ברויט. אין אוזבעקיסטאַן רוט דער טראַקטאָר א גאַנץ יאָר ניט. ער לאַכט, אַלעקסיי. דאָס פּאָנעם זיַינס איז אויסגעשמירט מיט שוואַרצן און זעט אויס ווי דאָס פּאָנעם פון א צירק־לעץ. נאָר אוזבעקיש קליינוואַרג שרעקט זיך היַינט מער ניט. זיי לויפן דעם אורוס אַנטקעגן און שריַיען: „דראַסטיע, דראַסטיע"... און אַז אַלעקסיי רוקט דאָס שטיק בוים אַרויף אויפן האַלדז־און־נאַקן, פאַרוואַרפט עס איבער ביידע אַקסל, פלעכט עס דורך מיט ביידע הענט און זעט אויס, ווי ער וואָלט זיך געקליבן א „קאַזאַטשאָק" אַוועקצולאָזן, — צעטענצלט זיך דאָס קליינוואַרג. אַלעקסיי איז שוין נישטאָ, נאָר די קינדער — אין לאַנגע טשאַפּאַנען, אַרומגעגאַרטלטע מיט פאַטשיילעס, באָרוועסע, אין טיובעטייקעס — פלעכטן אַלץ דעם טאַנץ זייערן. אין יונגע קינדערישע אייגלעך צעבערענט זיך אַלטע, קלוגע היסלײַיוועס. פליעסקעריי קלינגט אויף ערגעץ באַ דער זיַיט, אין די גערטנער, צווישן נאַקעטע פאַרגעסענע ביימער.

אַיסאַ! אַיסאַ!
יאַ טעבע נע באַיסאַ!..

ווידעראַמאָל פאַרציט זיך אַלצדינג מיט א גרויקיַיט. א מינוט, צוויי, דריַי. סאַמאַט, דער האַרבאַטער און קאַרגער זאַווכאָז, יאָוועט זיך אַרויס מיט א לאָמפּ אין די הענט: היַינט איז אין קישלאַק א פאַרטיי־פאַרזאַמ־לונג — טאַשקענט מאָנט מענטשן אויפן קאַנאַל. ער האָט א פּאָר לאַנגע קרומע הענט, סאַמאַט־אַקאַ. אין איין האַנט — דער אָנגעגאָסענער צוגע־גרייטער לאָמפּ, די אַנדערע — באַמבלט זיך אים הין־און־הער איבער דער קני אַריבער. ער טראָגט א גרויען אָפּגעטראָגענעם טשאַפּאַן, וואָס האָט די פאַרב פון דער ערד, די פאַרב פון די פּלויטן, די פאַרב פון דער גרויער זלידנער נעפּלדיקיַיט.

ווען אַלץ ווערט ווידער אָפּגעדעקט, מיינט מען, אַז פון יענער זיַיט קישלאַק, אויף א שמאָלער סטעזשקע, שלענגלען זיך דורך פון די פעלדער, איינס נאָכן אַנדערן, אין איין ריי, קעמלען מיט אָנגעלאָדענע הויקערס. נאָר פון דער נאָענט זיַינען דאָס גאָר וואַקוויַרטע וויַיבער, וויַיבער פונעם „יידישן געסל", וואָס שפּאַנען טריט נאָך טריט, ווי אויסמוטשטרירטע, און טראָגן אַהיים אויף זיך גרויסע בינטן שטעכלקעס.

היַינט איז א „טאָי"[1] אין קישלאַק.

מיט עטלעכע טעג צוריק איז דער גאַנצער קישלאַק אַרויסגעריטן אויף אייזלען יולדאַש נאַסרעדינען אַנטקעגן צום שאָסיי־וועג. א מעסוקענער שטויב האָט זיך אויפגעהויבן אויפן וועג. דער שטויב האָט זיך געוויקלט אַרום די מענטשן, אַרום די אייזלען, אַרום אָנגעלאָפענעם אַווטאָ, גע־

---

[1] א סימכע (אוזבעקיש).

וויקלט זיך ארום יולדאש נאסרעדינען, וואָס איז שטיין געבליבן צווישן אוילעם אַף איין פוס, און אָנגעהאַנגענער אַף צוויי הויכע הילצערנע קוליעס. אפן היימישן טשאַפּאַן זײַנעם — א גרינער שינעל. א הארט אָנגעצויגן פּאַנעם קוקט ארויס פון שינעל. ער האָט ארויסגעלאָזט די קוליעס פון אונטער די אָרעם און אזוי־אָ, א שפּרינגענדיקער אַף איין פוס, מעקאבל־פּאָנעם געווען דעם אוילעם. הײַנט גייט צו אים קינד־און־קייט אַף א „טאָי”. בערדיקע באַיִשעווטע אוזבעקן וועלן זיצן מיט די פיס אונטערן „סאַנדאל”, וועלן טרינקען טיי מיט ראָזשינקעס, עסן „פּלאָוו” און אויסהערן אויסטערלישע דערציילונגען וועגן אטאקעס און קאָנטר־אטאקעס. אויבנאָן, לעבן גאסט רעכטס, וועט טורסונקול גאַנבע האלטן אין איין קוקן מיטן איינעם אויג זײַנעם אַף דער וואנט, און מיינען וועט ער דעם באַלסימכע, יולדאש נאסרעדינען. ס'צווייטע אויג זײַנס, דאָס גלעזערנע, באָדט זיך אין טרערן. ער הוסט זיך אויס, טורסונקול. באלד וועט ער דערציילן וועגן די ערשטע אָדעסער שלאכטן. לינקס לעבן גאסט וועט זיצן מוישע, מוישע דער קאָנטוזשעטער. כאָטש ער קען קיין אוזבעקיש ניט, מוישע, וועט ער די גאנצע צײַט צושאָקלען מיטן קאָפּ און זיך עפּעס באַרויִגעז אונטערברומען, אזא שמועס וואָלט ער פארשטאַנען אַף אלע לעשוינעס. נאסרעדין יולדאש וועט זיך דערנאָך אָפּרוקן פונעם „סאַנדאל”, אופשטעלן זיך, זיך אָנשפּארן אין די קוליעס זײַנע, אָנגוידערן זיך, און מע וועט מיינען, אז ער קלײַבט זיך האלטן עפּעס א נײַע רעדע. נאָר דערציילן וועט ער גאָר דאָס, וואָס ער האָט שוין עטלעכע מאָל דערציילט דאָ: אָסיען בא די טויערן פון מאָסקווע... א רײַטער איז ארײַן מיטן פערד צווישן סוויִנישע אווטאָמאטן. אין איין מינוט — טויזנט קוילן, איין דזשיגיטישע שווערד קעגן זיי. די קוילן האָבן דעם פערדס בויך צעלעכערט, דעם רײַטערס א פוס צעשפּאָלטן. אַף דער שווערד איז דאָס סוויִנישע בלוט פארקילט געוואָרן. ערגעץ אונטער מאָסקווע, אין א מאסן־קייווער, פוילן די ביינער פון דײַטשישע אווטאָמאטלער. און דער רײַטער... דער רײַטער טאנצט אַף איין פוס, עסט „פּלאָוו” און טרינקט טיי מיט ראָ־זשינקעס... ער וועט אָפּדערציילן און א רעגע שטיל בלײַבן, יולדאש, אלע וועלן א רעגע שטיל זײַן.

— אויך איך, נאסרעדין יולדאש, האָב געהאָלפן פארטרײַבן דעם דײַטש פון אונדזער הויפּטשטאָט...

— און איך — מוישע, מוישע דער קאָנטוזשעטער!..

— און איך...

נאָר דער „טאָי” וועט ערשט זײַן שפּעטער, פארנאכט. איצט איז נאָך פרי. אין דרויסן האָט זיך ערשט גוט דערוואַרעמט. דער נעפּל איז שוין ניטאָ. די זון שטייט אינמיטן הימל. קעגן דער זון, מיט פארקנייטשטע פּענעמער, שפּאַנען אין פאריקמאכערסקע ארײַן די איינציקע דרײַ מענער צווישן די עוואַקוִירטע: מאָרדכע בעסאראַבער, נאָכעם פּאטלאַזשאַנער און כאַווער בראָווער.

די פאַריקמאכערסקע איז אין איין קאָרידאָר מיט דער פּאָטשט. א האלב קאָרידאָרל איז מיט זון, די צווייטע העלפט מיט שאָטן.

אַף דער שוועל, צווישן זון און שאָטן, צוויי ייִדענעס:
— באַקומען? פֿון אים איין טאַקע?..
— זע נאַר, וואָדען? אַכט בריות. אַף איין מאָל אַכט בריות!..
— פֿון אים אַליין?
— אַ פֿינצטערער כאָלעם אַף היטלערן! פֿון וועמען דען, פֿון אַ פֿרעמדן?..
— ווער ווייסט, צי ער לעבט נאָך ערגעץ, מײַנער...

אין פֿאַריקמאַכערסקע איז ענג און הייס. נאָכעם פּאַטלאַזשאַנער, בראָ־ווער און מאָרדכע בעסאַראַבער זעצן זיך וואַרטן אַף דער ריי, אַלע דרײַ אַף איין באַנק, שטרענגע, שטײַפֿע, מיט הענט צעשפּרייטע איבער די קני, ווי פֿאַרן פֿאָטאָגראַף. דער שפּיגל אין פֿאַריקמאַכערסקע איז צעשפּאָלטן אַף זעקסן און איז אויסגעקווייטלט מיט רויטע זשאַווער־קווייטן. פֿון איין געוויינלעכן פּאָנעם ווערן דאָרטן זעקס אומגעוויינלעכע פֿאַרשמאָלטע צו־רעס מיט לאַנגע נעז, צעצויגענע באַקן און אויגן, וואָס שטייען אין דער לענג, ניט אין דער ברייט.

דער פֿאַריקמאַכער, אַ זשוואַווער טאַדזשיק מיט אַן אונטערגעגאָלט קײַלעכיק בערדל, זעט אויס ווי אַן אַקטיאָרל, וואָס האָט זיך אָנגעטאָן אַ טשאַפּאַן, איז אַרײַן אין אַ באָרד אַרײַן און געגומען אַ גאָלמעסער אין די הענט. פֿון די אָנגעזייפֿטע נאַסע קעפּ הייבן זיך אוף דינע קרײַזעלעך פּאַרע. אין ענגן צימערל שמעקט מיט צעווייקטן און צעפּאַרעטן לײַב־רייעך. דאָ שערט דער פֿאַריקמאַכער אַ וואָנצע, דאָרט גאָלט ער אַ קאָפּ, קעמט אַ באָרד, און אינמיטנדערינען שאַרפֿט ער דאָס גאָלמעסער זײַנס מיט פֿאַרגלאָצטע אויגן און פֿאַרקנייטשטער קאַוואָנע, ווי אַ שויכעט פֿלעג אַמאָל שאַרפֿן אַ כאַלעף. ס׳מעסער אַרבעט, אַפּאָנעם, אַזוי גוט, אַז מענטשן וואַרטן שוויַגנדיקע, בלייכע, גלײַך זיי וואָלטן געדאַרפֿט באַלד דורכגיין אַ שווערן ניסאָיען. אין דער שטילקײַט פֿאַלט פּלוצעם אַרײַן אַ פֿאַרוואַקסן, דאַר ייִנגל מיט אַ פֿאַרשמירט פּאָנעם, אַ צעכראַסטעט העמדל, צעפֿליקטע הייזלעך, כאָטש גיט אים אַ פּאָרל טויבן אין די הענט. נאָר דאָס ייִנגל איז גאָר אָנדערהאַלבן כאַדאָשים געווען אַף די בוימוואָל־פּלאַנטאַציעס. הײַנט קומט ער צופּוס פֿון דער סטאַנציע. ער האָט פֿאַרטאָג געהערט ראַדיאָ: פֿיר און צוואַנציק גענעראַלן געגומען. צוויי און צוואַנציק די־וויזיעס. אַן אַרמיי אַ גאַנצע. אַרומגערינגלט, אַן אולטימאַטום, און אַז ער האָט ניט געוואָלט, דער דײַטש, האָט מען אים געגומען אין דער אַרבעט אַרײַן. ער דערציילט גיך, דאָס באָכערל, אַף אַ קלינגענדיק קאָל, מיט פֿינקטלעכקײַטן — גלײַך ער וואָלט געקומען פֿון די סטאַלינגראַדער גע־שעענישן און ניט פֿון קיין בוימוואָל־פֿעלדער.

דער פֿאַריקמאַכער בלײַבט שטיין מיטן ראַזיר־מעסער אַפֿן שאַרפֿ־שטיינדל, ווי ס׳וואָלט זיך אין אים אָפּגעשטעלט אַ מעכאַניזם: „נעמאַ דידי? נעמאַ דידי? וואָס זאָגט ער? וואָס זאָגט ער?״ כאָווער בראָווער איז נאָר־וואָס געזעסן אַף דער באַנק — ער שטייט שוין לעבן פֿענצטער. אין מאָרדכע בעסאַראַבערס באָרד דערקענט מען, אַז מאָרדכען איז פֿריילעך געוואָרן אַפֿן האַרצן. נאָכעם פּאַטלאַזשאַנער רוקט אַרונטער אַ האַנט

אונטערן היטל און זאָגט, אז אויב דאָס אלץ איז עמעס, וועלן מיר עס אין עטלעכע טעג ארום לייענען אין דער גאזעטע. אין פאריקמאכערסקע איז, וויַיזט אויס, קיינמאָל שטיל ניט געווען. בראָווער רעדט אָן ציין, שעפעליאווע, מיט א סאך שינען. לעבן באַכערלס קלינגענדיקן קעלעכל איז נאָכעם פאטלאזשאנערס באס ברייטער און גרילצנדיקער, ווי ער וואָלט גערעדט דורך א טרומייט. איינער שרײַט איבער דעם אנדערן. ווער מיר שערן זיך, וואָס מיר גאָלן זיך, אז דעריקער אין מילכאָמע איז סטראטעגיע. אין וויקועך ווערן ארײַנגעשלעפט אוזבעקן מיט אָנגעזייפטע קעפּ, דער פאריקמאכער. יידיש מישט זיך דורך מיט אוזבעקיש. דאָס דארע פארוואקסענע ייִנגל ווערט אף איין פוס א דאָלמעטשער:

— אז אָט דאָ־אָ איז סטאלינגראד, און דאָרטן אונטן איז ראָסטאָוו, וואָס זשע דולט איר א ספּאָדעק, וואָס?..

— רעב נאָכעם, מע וועט גיין אף כארקאָוו, רעב נאָכעם!

— און ווו איז דער דאָנבאס? ווו איז קרים?

— רעב נאָכעם, קיִעוו וועט אויך זײַן אונדזערס?

— מירן זען, וואָס דער זומער וועט זאָגן...

— דער זומער וועט אויך זײַן אונדזערער!..

— איר זײַט א ייִד א שויטע!

— פאָטשטאליאָנקע, ווײַזט נאָר די גאזעטע פונעם ערשטן, פאָטשטאָליאָנקע!

— נעמא דידי? נעמא דידי?..

ווען נאָכעם פאטלאזשאנער, כאווער בראָווער און מאָרדכע בעסאראַבער קומען ארויס אין דרויסן, איז שוין רעכט שפעט. די זון איז איבערגעגאנגען פון איין עק קישלאק אין אנדערן עק קישלאק. נאָכעם פאטלאזשאנער האָט באקומען א פּאָר שטרענגע פארדרייטע וואָנצעס; בראָווער אָפּגעראזירט — זעט אויס אויסגעבלייכט און אָפּגעצויגן, ווי ער וואָלט נאָרוואָס אופגעשטאנען פון א שלאפקייַט; מאָרדכע בעסאראבערס פארוואקסענע באָרד האָט דער פאריקמאכער געשוירן און געשוירן, געגאָלט און געגאָלט און געמאכט פון איר א פרעמד, צוגעקלעפּט ציגן־בערדל. אלע דרײַ שפּארן אָן אין די שטערנס די דלאָניעס זייערע און פארײַסן די קעפּ צום הימל ארויף: שוין גיין אפן „טאָי", צי ס'וועט נאָך זײַן צײַט א קוק טאָן צו די ייִדענעס אין דער היים? נאָר גיי זוך די זון, אז אָט איז זי דאָ, אָט איז זי דאָרט, און איידער דו רירסט זיך, פארקריכט זי צווישן די גרויע געקנייטשטע העלפאנדן ארום קישלאק. וואָס איז דאָס פארא ווינטער־טעג צו אלדי גוטע יאָר?

נאָר ס'איז דען ווינטער־טעג? ס'א מײַסעלע. צווישן די זומערס א קורץ שפּילעוודיק ווינטער־מײַסעלע.

# װוענט



אָס פורל האָט זיך געשלעפּט טראָט בא טראָט, שווער, בארג־אראָפּ, בארג־ארוף, סקריפּענדיק און קרעכצנדיק. אומגליקלעכע וועגן בעסאראבער.

א מאָכיקער, גרין געוואָרענער ציילעם טוט א שווינדל אפן שליאך. א ברונעם מיט א גרויסן הילצערנעם עמער אינדערלופטן. הויכע וואלדוועגט. ערגעץ ווײַט בלישטשעט קעגן דער זון א שמאָל זילבערן פּאסיקל דניעסטער — א בלאנקענדיקער כאלעף — און צעשנײַדט אפצווייען פּעלדער, סעדער, דערפער, שטעטלעך. איז נאָך ווײַט, זייער ווײַט צו אונדזער שטעטל?

האָדל און שיפרע, פארפינצטערטע און פארצאָרנטע (...און שוין אין דער היים, מיט וואָס וועלן מיר, אלמאָנעס, געהאָלפן ווערן?..), זײַנען געזעסן אפן פורל אין דער הייך, איבער די פּעק, געטרייסלט זיך און געהוידעט זיך, ווי זיי וואָלטן געפאָרן אף הארטע ליידיקע פעסער און ניט אף קיין פולע ווייכע פּעק. די אלטע קליינינקע בראָכע איז באהאלטן ערגעץ טיף אין וואָגן, ארומגעלייגט מיט קוישלעך און מיט בינטלעך אף ניט צו דערביוועז זיך צו איר. עסטערלעז, פּאָרנט לעבן די פערד, האָט דער מאָלדאוואן דער אָנטרײַבער, לעקאָוועד דעם, וואָס זי איז אזא גאסט, מעכאבעד געווען מיט די לייצעס. מאָרדכען האָט עס די גאנצע צײַט אונטערגעהויבן פונעם פלאץ. אין הוילן זשיליעט, מיט דער לאנגער פארפלאָנטערטער באָרד זײַנער אין מויל, האָט ער אלע מאָל אופגעבלאָזן די נאָזלעכער, און ווי אן אלטער גוטער מייוון טויעם געווען די פעלדישע פרישקײַט אף די ליפּן, געקוויקט זיך מיט איר, גלײַך ער וואָלט טויעם געווען עפּעס רעכטן ווײַן.

— זע נאָר, עסטערל!..

ער האָט אלע מאָל א שטורכע געטאָן די מיזינקע זײַנע עסטערלען, און אלע מאָל געמיינט דעם אָנטרײַבער, שיליפּן:

— ביסט א מייוון, וואָס דאָ וואלגערט זיך? ביסט א מייוון אף די קוקורוזע־שטעקנס?.. גאָלדענע הייצונג, גאָלדענער „אוטין”. כע, כע... די

אוזבעקן וואָלטן דאָס אויסגעלעקט, ווי איך בין א ייִד... הייץ און הייץ, א גאנץ לעבן דערמיט הייץ, הא, עסטערקע?..

ער האָט בעדייע געהאט, מאָרדכע, ווידעראמאָל דערוואַרעמען און ווידעראמאָל ריידעוודיק מאכן דעם דאָזיקן קאלטן, שווייַגנדיקן שיליפּן. וואָס זשע פאָרט הערט זיך אין שטעטל? גאנץ די הייַזער, גאנץ די גאסן? א סאך שוין אונדזערע אומגעקערט זיך?.. נאָר אַנשטאָט צו ריידן וועגן אזא איקער, האָט גאָר מאָרדכע בעסאראבער גערעדט וועגן פּאפּעשויעס און קאָרן, וועגן אקער, וועגן פלאנצן א ווייַנגאָרטן און באוואסערן א ווייַנגאָרטן, וועגן זייַן גאָלדען, וואָס פלעג אלע זומער, איינע אליין, מיטן קאָמבייַן אירן, אראָפּנעמען אָנדערהאלבן טויזנט העקטאר ברויט. דאָס היטל זייַנס אפן שפּיץ קאָפּ האלט שוין אָט־אָט באם אראָפּפאלן. ער האָט א כאַפּ געטאָן די לייצעס און מיט עסטערלען געביטן זיך מיט די פלעצער.

— איז וואָס זשע זאָגסטו, ברע שיליפּ, עפּעס אָפּגעלערנט אין דער פרעמד, הא?..

נאָר שיליפּ האָט געסמאָטשקעט צו די פערד זייַנע, פון צווישן די ציין ארויס אלעמאָל א ווייַטן שפּריציקן שפּייַ געטאָן און גאָרניט ניט געזאָגט. מע האָט געקאָנט מיינען, אז ער האָט אפילע מאָרדכעס רייד ניט געהערט. עפּשער פארסמאָקעט ער אזוי א שמייכל, וואָס רייַסט זיך אים אף די ליפּן ארוף. דערנאָך אָבער, ווען מאָרדכע איז שטיין געבליבן, האָט ער לאנג פארקוקט זיך אין אלטנס גראָוער באָרד און זיך פארטראכט, שווער און כמורנע פארטראכט. וואָס פארא גרויל־בילדער האָט איצט ווידעראמאָל דערזען דער דאָזיקער פראָסטער מאָלדאוואנישער אָנטרייַבער?

— ביסט א קלוגער מענטש, מאָרדכע... א קלוגער מענטש... האָסט דיר געראטעוועט די מישפּאָכע דייַנע...

מאָרדכע האָט באקומען פייַער אין די אויגן.

— און ניט געזעסן ליידיק, שיליפּ!.. וועסט אָנקוקן א גאָלדע... איַי א גאָלדע! איַי א גאָלדע!..

מענטשן, וואָס האָבן געהאט אזוי פיל צו דערציילן, אזוי פיל צו פרעגן, האָבן אזוי פיל פרייד באהאלטן אין זיך פאר דער דאָזיקער רעגע, — זייַנען, ווען די רעגע האָט זיך דערנעענטערט, קאלט געוואָרן און שטיל געוואָרן און ניט געהאט וועגן וואָס צו ריידן. אין שטילקייַט האָבן זיך די רעדער צעקרעכצט און צעשריגן, ווי סע וואָלט זיי עפּעס אויך וויי געטאָן. ווידעראמאָל האָט דורכגעשווינדלט א צייַלעם אפן שליאך. ווי־דעראמאָל א ברונעם. ווידער וואלד. דאָס שמאָלע בלישטשענדיקע זילבער־פּאסיקל ערגעץ ווייַט האָט זיך צוגערוקט נאָענט, איז ברייט געוואָרן.

שיפרע האָט זיך אייַנגעצויגן אין שאלעכל, אופגעציטערט, קליין גע־וואָרן, ווי עמעצער וואָלט אף איר א מעסוקענע קעלט אָנגעבלאָזן.

— אף דעם־אָ וועג, פון דער סטאנציע אין שטעטל אריַין, פלעגן ייִדישע באלעגאָלעס מיט רויטע לייַוונטענע גארטלען אף די בייַכער, מיט גלעקער, אף רעסאָרן — ברענגען פּאסאזשירן... געדענקסט, האָדל?..

— פורלעך ציגייַנערס פלעגן זיך שלעפּן דאָ, אזוי־אָ, בארג־אראָפּ, בארג־ארוף, סקריפּענדיק און קרעכצנדיק... געדענקסט, שיפרע?..

און די קליינע עסטערקע האָט פאַרקנייטשט דאָס פּאָנעם אירס ווי א גרויסע, ווי אַן אַלטע:

— כ'האָב געמיינט, ס'וועט זײַן אַזוי פריילעך דאָס אהיים פאָרן...

— ארויסגעפאָרן מאַנטיק, אָנגעקומען שאַבעס, ווער ווייסט, וואָס פאַר א סימען דאָס איז... — האָט די אַלטיטשקע בראָכע ארויסגעקרעכצט פון צווישן די קוישלעך.

מאָרעשכוירע איז אָנגעוואַקסן אין פורל פּלוצעם, אַן א פּאַרוואָס, ווי אַפּצולאָכעס — ווי אַפּצולאָכעס די היימישע ציילעמס אַפן שליאַך, די הויכע באַקענטע ברונעם־שטאַנגען, די געגאַרטע שטיקער וואַלד, דער אָט־אָט זיך דערנעענטערנדיקער אויסגעבענקטער היים. וואָס איז דאָס, וואָס?..

מאָרדכען האָט א שניט געטאָן באַם הארצן, דעם אָטעם פאַרשלאָגן. ווי עפּעס א לעבעדיקע זאַך איז די מאָרעשכוירע אָנגעקראָכן פון די קינדער, פאַרקליבן זיך אין אים. „ייִדן מיט רויטע גאַרטלען אַף די בײַכער... פורלעך ציגײַנערס...״ עך, שיליפּ, דו נאָך אונדז האָסט אויך געבענקט?..

ווען דאָס פורל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צווישן די ערשטע הײַזלעך, איז שוין געווען טונקל אין דרויסן. אַזוי־אָ, מיד־צעשויבערט, אַף פּעק, פלעגן אַמאָל אַקטיאָרן ארײַנפאַלן אין שטעטל. א פורל מעכוטאָנים מיט א בלייכן דורכגעפאַלענעם כאָסן אינדערמיטן פלעגט אַזוי דורכרוקן זיך צווישן די הײַזלעך. אונדזערע מעכוטאָנים האָט קיינער ניט אַנטקעגן געריטן. די אַקטיאָרן — קיינער ניט אַנטקעגן געטאַנצט. קינדער זײַנען נאָכגעלאָפן. איז שוין טאַקע אַזוי שפּעט אין שטעטל?

מאָרדכע האָט אַראָפּגעטאַנצט פון פורל, נאָכגעשפּאַנט פון הינטן, גע־נישטערט מיט די אויגן אין דער פינצטערניש: ווו זײַנען די דרײַ הויכע טאָפּאָלן באַם וועג? אָט זײַנען די דרײַ הויכע טאָפּאָלן באַם וועג... ווו איז דעם גאַלעכס בלעכענער דאַך? אָט איז דעם גאַלעכס בלעכענער דאַך. ווו איז די קוויטשענדיקע קרענעצע? אָט איז די... זע נאָר: דאַכט זיך, שימען קאָוועלס קוזניע. מיט א צעבראָכענער הילצערנער ראָד אין דרויסן. מיטן סלופּ צוצובינדן פערד. מיט דער קאָוואַדלע־קלינגערײַ.

— שימען!.. היי, שימען!..

דאָ און דאָרט אין מאָלדאַוואַנישע הײַזלעך האָט זיך אָנגעצונדן ליכט. רויך הייבט זיך פון די קוימענס. א קיל ווינטל צעוויגט די טאָפּאָלן.

— און שימען, ווו איז שימען, שיליפּ?

— נישטאָ!.. אָ־אָ, שוין לאַנג נישטאָ שימען!..

* * *

ווו איז אהינגעקומען מאָרדכע בעסאַראַבערס פריילעכקײַט?

אין שיליפּס „קאַסע מאַרע״ שמעקט מיט ווײַרעך און מיט כיילעוו־טשאַד, ווי אין א קלויסטער. א לײַעצע איז פאַרשפּרייט מיט א רויט קילימל. אַף א בלוי־געשפּריצטן אַפּן־אויוון, אין א קליין פּענצטערל, שטייט א גרויסער צעצווײַגטער עפּלסאַד. אַן איקאָנע הענגט אין א ווינקל. די איקאָנע, א בלוי־אויגיקע און גאַסטפרײַנטלעכע, גייט נאָך מיטן בליק

אירן פוסטריט דער אלטער בראָכען, וואָס פלאָנטערט זיך אום אין שטוב מיט א נאסן האנטעך אפן קאָפּ, א קליין געוואָרענע, א פארפרוירענע, מיט א שטילער טפילע אף די ליפּן: „גאָט גוטער... טאטע הארציקער... בעסער דאָרטן, אפן אוזבעקישן בעסוילעם, געווען פארבלײַבן, איידער אזוינס מיט די אייגענע אויגן זיך אָנצוזען".

האָדל און שיפרע נעכטיקן אפן בלוי־געשפּריצטן אפּן־אויוון. שיין און טרויעריק איז דער אָסיענדיקער האלב־נאקעטער עפּלסאָד. באנאכט גראבלען דאָס פענצטערל געלע שטארבנדיקע בלעטער. טראָפּנס קײַקלען זיך אף די שײַבלעך. אלע יאָר אזוי. הא, שיפרע? הא, האָדל?..

איין עסטערקע האָט שוין אפילע צוריק כאוורטעס אירע.

יעכיעל שויכעטס אייניקל, כעוועדל, איז שוין א גרויסע, מיט א פּאָלנעם פארשטאנד, שוין צו א גרויסע. זי דערציילט, כעוועדל, ווי מע האָט דעם זיידן אירן, יעכיעל שויכעט, געברענט און געבראָטן. פיר לאַנ־גע זומער־טעג אים געמוטשעט, ביז ער האָט די נעשאָמע געלאָזט. די באָרד אים געסמאליעט, מיטן אייגענעם כאלעף זײַנעם די צונג אים געשניטן, נעגל אופגעריסן. די אָפּיצערן האָבן געלאכט און געבייזערט זיך: פארוואָס שרײַט ער ניט, דער דאָזיקער ייִד?.. ווי:אזוי קאָן אזא קליין מענטשל אזוי לאנג אויסהאלטן? די טאטע־מאמע כעוועדלס, אלע דרײַ שוועסטער מיט די מאנען, די מומעס אלע, שוועסטערקינדער, סימכען — דאָס ברודערל אירס און נאָך א סאך — א סאך ייִדן האָט מען, ווי די לעמער, מיט איין שטריק אויסגעבונדן, אויסגעלייגט אין א פּאראָם און געפירט איבערן דניעסטער, אין געטאָ ארײַן. נאָר אינמיטן פירן האָט דער פּאראָם זיך א בייג געטאָן... ווי שווערע זאכן זײַנען די מענטשן געפאלן אין וואסער ארײַן און נאָכגעשלעפּט איינער דעם אנדערן. זי איז אויך שוין געווען א געבונדענע. האָט גריגאָרעסקו, דער געטאָ־קאָמענדאנט, אָפּגעבונדן זי און זי גענומען צו זיך אין שיפל ארײַן.

— געטשעפּעט זיך צו מיר... אין שיפל אפן וואסער... ווי א מאן טשעפּעט זיך צו א ווײַב... קראנק געמאכט... יאָ, יאָ!..

האָדלען און שיפרען קלאפּט א צאָן אין א צאָן. וויי, וויי! זיי ברעכן זיך די הענט, קנײַפּן זיך דאָס פּאָנעם אויס. וויי, וויי!ביידע אין איין מאָל, ווי צוגעקלעפּטע, טוען זיי א צעפּאטלטן וואָרף זיך אף צוריק, א מעסוקענעם קוויטשע צו טאָן, „ראטעוועט!" שרײַען, גלײַך ווי פון כעוועדלס מויל וואָלט ארויס ער אליין — גריגאָרעסקו.

בראָכע האָט נאָרוואָס טפילע געטאָן: „מי באָייש, פינצטער איז מיר! מי באמאִים, וויסט איז מיר!" איצט איז זי שטיין געבליבן פארשטארט, מיט א ברייט אָפן מויל, מיט גרויסע קײַלעכדיקע אויגן, ווי סע וואָלט אינמיטן אונסאנע־טויקעף פּלוצעם אָפּגענומען איר דאָס לאָשן.

מאָרדכע האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם צום קליינעם פענצטערל אפן אויוון, צום מיִעס געוואָרענעם עפּלסאָד, פארקוועטשט די אויגן זײַנע און געהערט כעוועדלען אין דער פינצטער. איז ווי זשע מעג זיך דאָס עסטערקע כאווערן מיט איר? איז ווי זשע טאָר מען דאָס פארווערן עסטערלען כאווערן זיך מיט איר?..

— עסטערקע!..

ווידעראַמאָל רופט מאָרדכע עסטערלען גיין מיט אים א קוק טאָן אפן אָפּגעברענטן שטעטל.

דער אלטער טאטע שפּאנט מיט א קרומען סוקעוואטן שטעקן אין דער האנט. די קליינע מיזינקע זײַנע — מיט א רויט שלייפל אין די האָר.

זי וואָלט אין די כורוועס פארבלאָנדזשעט געוואָרן, עסטערל. צעפּלאָנטערט די געסלעך, פארוואלגערט די ליקלעך, צעפלויגן זיך די שינדלדעכער, סטעליעס אײַנגעבראָכענע, אויוונס אײַנגעוואליעטע. שטיקער ווענט געקאלכטע, געבלימלטע. א קאָמאָד מיט צוויי לייבן אויסגעשניצטע איז געווען אָנגעשפּארט אין א וואנט — ס׳איז דאָ דער קאלך־פלעק פון דעם אויסגעשניצטן קאָמאָד. א זייגער מיט א פויגל פלעגט צעשפּילן זיך אף א וואנט — ס׳איז דאָ דער שפּינגעוועב פון אונטערן שפּילנדיקן זייגער. ווענט. הוילע ווענט. א פארקוילט שוסטער־בענקעלע איז ערגעץ שטיין געבליבן לעבן א וואנט. ביז שפּעט אין דער נאכט ווער פלעגט אזוי שיין צוזינגען זיך אף דעם דאָזיקן שוסטער־בענקעלע? א פארזשאווערט שטיק שילד געבליבן הענגען אף א וואנט. וועמענס איז די ניי־מאשין אפן פארזשאווערטן שטיק שילד?

אונטער מאָרדכעס און עסטערקעס טריט סקריפּען האָלאָוועשקעס. מאָרדכע טײַטלט מיטן שטעקן זײַנעם אפן אָנגעוואלגערטן כורבן און שטעלט אוף פּאר עסטערקען צוויי קרומע שורעס הײַזער, א געסל א גאנצס, און אין געסל א שטוב, מיט א הויף הינטער דער שטוב, מיט א קרענעצע אין הויף, מיט א גאנעק, מיט שכיינים אפן גאנעק — מאָרדכע בעסאראבערס דוירעסדיקע שכיינים, מאָרדכע בעסאראבערס דוירעסדיקע יערושע־שטוב. א שאָכן א פרײַנט — יוינע דער לאנגער. א שאָכן א ברודער — מוישע באסיעס. זי געדענקט נאָך, עסטערל, יוינע דעם לאנגן? זי געדענקט נאָך, עסטערל, מוישע באסיעס? ער רעדט איצט איבערגעטריבן ווייך, ווײַבעריש פארלוירן, נישט ווי זי וואָלט מיט אים געשפּאנט דאָ א גלײַכע מיט א גלײַכן, נאָר ווי זי וואָלט כאָלילע געלעגן צו בעט, די מיזינקע זײַנע, אָט דאָ טאקע אין אָפּגעברענטן שטיבל, אָט דאָ טאקע אין אָפּגעברענטן געסל. פארפיריאָרן, אין ערשטן סאָוועטישן יאָר אין בעסאראביע, האָט ער מיט מוישען און מיט יוינען אויסגעפלאנעוועט א נײַעם טאכלעס אין לעבן. פאר זיך א טאכלעס און פאר די קינדער א טאכלעס. אף אלע שפּעטערדיקע יאָרן א טאכלעס. דאָרט אין דער עוואקואציע האָט מען געלעבט מיט ביטאָכן. ס׳וועט עפּשער ווידער זײַן א יוינע דער לאנגער, ווידער זײַן א מוישע באסיעס, ס׳וועט נאָכאמאָל זײַן א היים, מע וועט ווײַטער אף א וועג ארויס. איז — ט׳האָסטו דעם טאכלעס: הוילע צעוואלגערטע ווענט. און אי יוינע, אי מוישע, דרײַ פּערטל שטעטל אונטער די ווענט.

— אוי, האָט ער אונדז צעקנייטשט, דער דײַטש... אוי, זײַנען מיר אראָפּ... ביטער אראָפּ... הא, עסטערל?

וואָס איז עפּעס דעם טאטנס באָרד אזוי אָפּגעצויגן, נאס? טראָפּנס שווייס האָבן אזוי אראָפּגעטריפט דעם טאטן אין דער באָרד ארײַן?..

נאָר דערנאָך, דעם גאַנצן וועג אַהיים, ווי אַ ייִנגל נאָך אַן אָפּגעטאָנענער נאַרישקייט, שפּאַנט מאָרדכע מיט פאַרשעמטע אויגן. ער דרייט דעם קרומען סוקעוואַטן שטעקן אין דער האַנט און קאָן ניט קוקן עסטערלען אין פּאָנעם אַרײַן. ווי ער וואָלט מיט די טרערן די ווײַבערשע און מיט די רייד זײַנע אָפּגעטאָן אַ מעסוקן גרויסע אוולע קעגן קינד.

אין שטוב, צווישן מענטשן, וועט ער גאָר ריידן אַנדערש, מאָרדכע בעסאַראַבער.

אַלע פאַרנאַכט נעמט זיך צונויף צו שיליפן אין „קאַסע מאַרע” דער ערשטער צוריקגעקומענער אוילעם אין שטעטל. דער אוילעם, וואָס האָט דורך ניסים איבערגעלעבט „טראַנסניסטריע”. ייִדן מיט גראָווע פאַרוואַקסענע בערד, ייִדענעס מיט געטעסעטע קאַנטנדיקע פּענעמער פאַלן אַרײַן אין שטוב אין איין צײַט, איינער נאָכן אַנדערן, אָן גוט־אָוונטן, זײַטיק, ווי כאָלילע נאָך קווורע צו אַ מיניען. אין ערגעץ איז קיינער אין דער היים ניט געבליבן — און אַף איין לײַעצע באַ שיליפן אין „קאַסע מאַרע” רוקט זיך, קיין אײַנהאָרע, צונויף דאָס גאַנצע שטעטל. בעסאַראַבער ייִדן און ייִדענעס, וואָס האָבן געהאַט אין זיך נײַן מאָס רייד, זיצן איצט שטום געוואָרענע, אומגעלומפּערט־פּרעמדע. זאָל דער אָול נאָר דעם קאַדעש אָפּזאָגן, וועט מען שטיל אָנווינטשן דער נעשאָמע אַן אַליִע און, ווי באַם אַרײַנקומען, אין איין צײַט, איינער נאָכן אַנדערן, אָן גוטע־נאַכטן, זײַטיק אַרויספאַלן. נאָר אַז קיינער זאָגט קיין קאַדעש ניט און קיינער ווייסט ניט, ווער ס׳איז אַ גרעסערער אָול אין מיניען, זיצן און שווײַגן די ייִדן און ייִדענעס, אומגעלומפּערט־פאַרפינצטערטע, פּריקרע, ביז טיף אין אָוונט אַרײַן, ביז פינצטערניש אין שויבן פלעכט זיך איבער מיט פינצטערניש אַף קאַנטנדיק־געטעסעטע פּענעמער.

בראָכע נעמט אַראָפּ דאָס לעמפּל פון דער וואַנט, טוט אויס דאָס גלעזל פון לעמפּל, אָטעמט אָן אין דעם און שטופּט אַהין אַרײַן דאָס גאַנצע פאַרטעך אירס. „גאָלדע־קרוין, — צעטײַנעט זי זיך פלוצעם צום פאַרטעך, — ביסט אַף צוויי טעג צוגעפאָרן קיין קעשענעוו, און ס׳איז שוין צוויי וואָכן באַלד, גאָלדע־קרוין!..” פון דער שײַן און פון גאָלדען ווערט מאָרדכען ליכטיק אין די אויגן. מיט אַ צעקעמטער ברייט געוואָרענער באָרד צעשפּאַנט ער זיך הין און צוריק איבער דער שטוב און הייבט אָן וויקלען אַרום די שווײַגנדיקע געטאָ־ייִדן אַ מײַסעלע וועגן יאַנקעוון, וואָס האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ ווײַט־ווײַטן קישלאַק צווישן בערג. אויהעל — אַ געצעלט — אַ ליימענע קיביטקע אין אוזבעקישן קישלאַק. טיובעטייקעס — יאַרמלקעס — שפּילעוודיק און פאַרביק ווי רעגנבויגנס. פּאַסנדיקע טשאָפּאַנען, טכיילעסדיק־זײַדענע, ווי טאַלייסים. וואַיאַכוויש אַווראָהאָם עס כאַמוירוי — יעדער אוזבעק איז געפאָרן אַף אַן אייזל אין סטעפּ. ציגלעך — געפלעקטע, געפּינטלטע, מיט ווײַסע און שוואַרצע שטרײַפּעלעך אַף די פּיס. ווײַנשטאָקן, כאַמישאָסער־ביימער, — פאַרשעס כומעש. און דער אַלטער יאַנקעוו אָווינו האָט אופגעזעצט קוואָטשקעס, אויסגעפּירט הינדלעך, אַ גאָרטן פאַרזייט, אַ ציבעלע, אַ רעטעכל, אַ ביסל קריפּ. סאָרע און ריוווקע און ראָכל און לייע האָבן געשניטן טווועס מיט סערפּן, געפאָרן

אף א קאָמבײַן, א סאך „טעג״ אויסגעארבעט. נאָר די קלענסטע, די מיזינקע אין כומעש...

א שיין מײַסעלע דערציילט מאָרדכע בעסאראבער. נאָר אלצדינג אין מײַסעלע דאכט זיך די ייִדן ווי אין א מײַסעלע, און ניט ווי אינדערעמעסן.

די ייִדן מיט די שטומע פינצטערע פענעמער זײַנען שוין געשטאנען אוועקצוגיין, זעצן זיי זיך ווידער צו אף דער לײַעצע. דאָס ליכט אין שטוב האָט זיי צעפינטלט די אויגן. מאָרדכעס מײַסעלע האָט זיי ריידעוודיק געמאכט. ניט צו דערציילן עפעס שטילס און גאנצס, ווי מאָרדכע האָט דערציילט, נאָר א וואָרף צו טאָן אָפגעהאקטע געשפּאָלטענע שורעס. שורעס פארקלעמטע, ציטערנדיקע, פון פארקלעמטע, ציטערנדיקע ליפּן אראָפּ:

— אונדזער טועכץ איז געווען א פּאָשעטערע...
— ווארטן א גאנצן מעסלעס אפן טויט...
— לאָז זיך שוין אמאָל אראָפּ אף אונדז, כאלעף דערבארעמדיקער!..
— ווי אין דער כומעשדיקער אקיידע...
— כא, כא, דאָרטן־אָ, אין געטאָ, אף יענער זײַט דניעסטער...
— אָוועס — אפילע צו קווורע ניט געבראכט...
— סאָרע, ריווקע, ראָכל, לייע — געשענדט פון אומריינע גאסן־יונגען...
— געפלעקטע און געפינטלטע — אונדזערע קינדער. מיט רויטע בלוטנדיקע שטרײַפעלעך ארום די העלדזער...
— און אז אין א גאנצער מישפּאָכע איז מיט איינעם א נעס געשען...
— איז וואָס האָט ער אים געדארפט, דעם נעס?
— ווען האָט ער אין דער היים געטראָפן?
— דעם בעסוילעם אפילע ניט געפונען...
— דאָס גאנצע שטעטל א בעסוילעם...
— אָנגעוואלגערטע קוואָרים־שטיבלעך...
— ווענט...
— ווי מאציייווע...

מאָרדכע הערט די ייִדן מיט א פארקרימט צעעפנט מויל. אן אויג זײַנס האָט זיך פארצויגן. ס׳האָט פארקנייטשט זיך דער געלער גערונצלטער שטערן זײַנער. עמעס. עמעס. אף וואָס זשע אָבער ווארטן זיי, די דאָזיקע ייִדן? וואָס האָבן זיי זיך אוועקגעזעצט, א האלב יאָר שוין אין שטעטל, און שווײַגן? אף אזעלכע רייד — וואָס וואָלט ער געענטפערט, מאָרדכע, גראָד דאָרט, אין דער פרעמד, אין אוזבעקישן קישלאק זײַנעם?

— רעב ייִד... — הייבט ער אָן דורכטראכטן דעם ענטפער אף א קאָל און כאפּט ארײַן א פרעמדע באָרד אין דער האנט, — אז ס׳איז דאָ ווענט, וועט זײַן א דאך, דארף זײַן א דאך, איר הערט, רעב ייִד... נישט פון שינדל, איז פון ליים א דאך, מיט גראָז באוואקסן... שיפרע, האָדל, ס׳וואָלטן אײַך געפעלן אוזבעקישע דעכער אין שטעטל?..

נאָר אז דער אוילעם גייט אוועק, בלײַבט מאָרדכע ווידער זיצן, ווי א ייִנגל, וואָס האָט שוין אָפּגעטאָן א נײַע נארישקײַט, מיט פארשעמטע אראָפּגעלאָזטע אויגן: וואָס האָט ער זיי מעצאער געווען, די דאָזיקע ייִדן?

ער אליין רעדט דאָך פּונקט אַזוי ווי זיי. הענט און פיס האָבן דאָך אים אויך אָפּגענומען, זינט ער איז געקומען אין שטעטל. ערשט הײַנט, מיט עטלעכע שאָ פריִער, צעגאָסן זיך מיט טרערן... „אופהייבן א דאַך אף די װענט״ — זיי זאָגט ער דאָס? די אומגליקלעכע און פאַרפּינצטערטע? און זיך אליין, מאָרדכע בעסאַראַבער, וואָס איז קימאַט מיט דער גאַנצער מישפּאָכע זײַנער אַרויס גאַנץ פון דעם דאָזיקן ניסאָיען, זיך אליין פאַר־וואָס זאָגט ער דאָס ניט?..

שיפרע און האָדל זײַנען שוין לאַנג אַרופגעקראָכן אפן בלוי־גע־שפּריצטן אפן־אויוון. אף דער לײַעצע כראָפּען און קרעכצן בראָכע און עסטערקע, ביידע מיט צעפּאַטלטע האָר, ביידע מעסוקן מידע. אָן אָסיענ־דיקער האַרטער רעגן האָט זיך פּלוצעם צעשמיסן אין די שויבן. מאָרדכע, א וואַכנדיקער, שלעפּט זיך אום הין און הער איבער דער שטוב, מאַטערט זיך, וויל אַרופציִען אף זיך אָן אוינעש און פילט זיך דערפון גרינגער, פרײַער. די מאָרעשכוירע זײַנע, וואָס איז אים באַפאַלן באַם ערשטן אָנ־קום אין שטעטל, טיילט ער איצט אָפּ פון זיך ווי עפּעס א באַזונדערע מאַמאָשעסדיקע זאַך, וועגט זי, מעסט זי, שטעלט זי אַרוף אף דער דלאָ־ניע זײַנער אָנצוקוקן פונדערווײַטנס. דערנאָך שפּאַנט ער אַרויס אין הויף, שטייט לאַנג אפן קאַלטן רעגן און פאַרגלײַכט די מאָרעשכוירע צו דער בלינדער פינצטערניש אין דרויסן, צו א בלינדער מאַקע, וואָס האָט אף א קראַנקן פאַרפּײַניקטן גוף אַרויסגעזעצט ווי א צוגאָב. און אַז ער קומט שפּעטער צוריק אַרײַן אין שטוב, א דורכגעווייקטער און אָפּגעפרישטער, ווייסט ער, מאָרדכע, אַז מע דאַרף די דאָזיקע בלינדע מאַקע, וואָס האָט אונדז אַלעמען גלײַך באַזעצט, אופהאַקן...

א גאַנצע לאַנגע נאַכט ליגט מאָרדכע אָפּ א וואַכנדיקער אף א האַרט דאָרפּיש בענקל באַ שיליפן אין „קאַסע מאַרע״. פאַרטאָג, אין די פענצטער הייבט נאָר אָן בלוי ווערן, שלעפּט ער זיך ווידער אין הויף אַרויס, פאַר־קוקט זיך אפן אויסגעלײַטערטן הימל, אפן שטיל געוואָרענעם דרויסן און טראַכט, אַז ניט ערגעץ דאָרט דער הימל און ניט ערגעץ דאָ דער דרויסן, נאָר באַ מאָרדכען איז עפּעס לויטער געוואָרן און שטיל געוואָרן.

דער שווערער רעגן באַנאַכט האָט איבערגעבראָכן צווײַגן אין עפּלסאָד. צעריִעט די נײַ־אָסיענדיקע פאַראַקערטקײַט, דעם געפּלאָכטענעם פּלויט אומגעוואָרפן. אין הוילן העמד, א באָרוועסער, די הויזן העכער די קני פאַרקאַטשעט, בינדט שיליפּ שוין די וווּנדן איבער באַ די צווײַגן, פאַריכט שוין דעם טעל געמאַכטן אַקער, הייבט דעם אומגעוואָרפענעם פּלויט אוף.

— גוטמאָרגן, ברודער שיליפּ!.. א פּאָר קעטמענעך, א פּאָר לאָפּעטעס וועט מען קענען קריגן באַ דיר?..

האָדל און שיפרע, בראָכע און עסטערקע שלאָפן מיט א זיסן געשמאַקן פרימאָרגן־שלאָף. ס׳א גאָטס ראַכמאָנעס אַזאַ שלאָף צו צעשטערן. מאָרדכע הערט זיך צו, ווי עס קרייען די האָנען, מעסט די צײַט מיט אופגעבלאָ־זענע נאָזלעכער. אין קישלאַק, אין דער־אַ שאָ, איז מען שוין געווען העט־העט, אפן כאַדזשי־מושקענטער שאָסיי, מע האָט שוין די מיל אָנגעזען.

— האָדל, אַ, האָדל... שיפרע, בראָכע... פאַרשלאָפט ניט, קינדער!..

איר האָט פאַרגעסן, אַז מיר גייען שוין היינט אַפן סטעפּ אַרויס?.. און דו, עסטערל, דו וועסט אויך גיין מיט אונדז?..

...אין אַ לאַנגן פאַרטעך אָנגעטאָן, אַ פאַרשוויצטער, שטייט דער אַלטער מאָרדכע איינגעטונקען אין שטויב. אַף די וויִעס — שטויב, אַף די פּאַרוואַקסענע ליפּן — שטויב. שטויב אַף דער גראָוער באָרד זיינער.

האָדל און שיפרע קנעטן ליים, דרייען זיך אין אַ ראָד איינע אַרום דער אַנדערער, שווער און אָנגעכמורעט, מיט האַלבע קליידלעך פאַר־שטעקט, מיט פאַרקלייסטערטע, ליימיקע פיס, וואָס וועגן גאַנצע פּודן.

בישכיינעס, אַף יוינע דעם לאַנגגנס אָפּגעבערענטן גאַנעק, האָט בראָכע אוועקגעלייגט צוויי ציגל, פּייער געמאַכט, אויפגעשטעלט אַ טאָפּ אַף די ציגל, און באַנייס רייכערט זיך יוינע דעם לאַנגגנס אָפּגעבערענטער גאַנעק.

עסטערקע האָט זיך איינגעשפּאַנט אין אַ יאָך: קוואַרטלעך וואַסער צו־צוטראָגן, ביסלעך שטרוי אין די זשמעניעס. פרילינג, באַם צוריקקומען, שפּאַנט זיך איין אַזוי אַ שוועלבעלע.

נאָר וואָס זשע, אַז ס'וועט שוין צוריק זיין אַ דאַך איבער די ווענט, צוריק אויסבויען זיך אַ נעסט אונטערן דאַך?.. וואָס זשע, אַז אין אַ פּראָסטיק־בייזן ווינטער־טאָג האָט אַריינגעבלאָנדזעט אַ שוואַלב, איין שוואַלב?..

אַ פאַרטראַכטער זעצט זיך מאָרדכע אָפּרוען אַף אַ היימיש, איינגעַ־בראָכן שטיק סטעליע. ער נעמט דעם איניען אַנדערש, מאָרדכע:

אָט דאָ, אונטער דער־אָ סטעליע, האָט געלעבט דער טאַטע, דער זיידע, דער עלטערזיידע. אַ גאַנצע דווירעסדיקע קייט פרייד און לייד. אַ סאַך רינגען אין דער קייט. אָט דאָ, אונטער דער־אָ סטעליע, האָט מען די קייט איבערגעריסן. שיר ניט אַף טאָמיד. מאָשלט זיך דאָס אופהייבן די סטע־ליע מיט פאַרקניפּן זיך ווידער אין דער קייט, רינגלען וויטער די פרייד און לייד פון מאָרדכע בעסאַראַבערס זיידעס און עלטערזיידעס.

די ווענט אונטער דער סטעליע, מאָשלט מאָרדכע מיט זיך אַליין, מיט האָדלען און שיפרען, מיט זיין גאָלדען, מיט עסטערקען. דריי זומערס געהיט זיי, די „ווענט", געטינקעוועט און געקאַלכט, געפּעסטיקט. די געטאָ־יידן האָבן יעדן טאָג געוואַרט אַפן טויט. מיר האָבן דריי זומערס געוואַרט אַף דער דאָזיקער רעגע. איז טוליעט זיך צו צו אונדז, געטאָ־יידן, שפּאַרט אייך אָן אָן אונדז. אַז ס'איז דאָ ווענט, וועט זיין אַ דאַך איבערן קאָפּ, מוז זיין אַ דאַך איבערן קאָפּ.

מאָרדכע הייבט זיך אוף, גלייכט זיך אויס, פאַריכט דאָס פאַרטעך אַף זיך. די באָרד זיינע איז פאַרפּלאָנטערט מיט שטיקער ליים. דאָס שטיין זיינס — אַ שטרענגס און אַ פעסטס. אין קאָל — אָן אָנגעשפּאָלטענע ווייכקייט, ווי אין אַ ווידערקאָל:

— היי, שיפרע, האָדל, וואָס איז שוין עפּעס ווידער פאַר אַ מאָרע־שכוירע, וואָס?..

לאָמיר פאַרבויען אַ דאַך איבער מאָרדכע בעסאַראַבער, פאַרלייגן אַ סטריכע, פּענצטער אויסהאַקן. ס'וועט ווידער אַ בלאָז טאָן מיט פרייער, פרישער לופט. זון וועט גאָלדיק אַריינשיינען...

# א נאַכט אין כאַוואַסט



ס׳הייבן שוין אָן גרין ווערן די בוימוואָל־פעלדער.
ס׳הייבן שוין אָן ווײַס ווערן די אוריוק־סעדער.
שווער צו גיין צופוס. די זון טשאַדעט שוין.

די ייִדענע באַסיע מיטן ייִנגעלע אירן, מיט איציקלען, זײַנען אָנגעקומען קיין כאַוואַסט עטלעכע שאָ אין דער נאַכט. ביידע פאַרשטויבטע, הונגעריקע און דאָרשטיקע, מיט צעיאַטערטע ווונדן אַף די פיס, קוים צוגעשלעפּט זיך.

דער כאַוואַסט־אוראַטעפּעסקער וואָקזאַל איז, דאַכט זיך, דער זעלבער כאַוואַסט־אוראַטעפּעסקער וואָקזאַל, וואָס פאַרדרײַיאָרן. די טשײַכאַנא — די זעלבע טשײַכאַנא. די גראָ־שפּיציקע באָרד דעם טשײַכאַנשטשיקס איז, דאַכט זיך, די זעלבע גראָ־שפּיציקע באָרד זײַנע.

באַסיע האָט אַרויסגעשלעפּט דאָס קניפּל פונעם בוזעם, אויסגעוויקלט צוויי דרײַערלעך און דערלאַנגט זיי פאַר איבערנעכטיקן. פונעם קלומעק האָט זי אַרויסגעקריגן א פּאָר גערשטענע פּלעצלעך און זיך אוועקגעזעצט מיט איציקלען בא א טשײַניקל טיי.

פאַרדרײַיאָרן, ווען באַסיע איז דאָ אַרויסגעקראָכן פון עשעלאָן, איז נאָך דעמלט איר איציקל געווען גאָר א שנעקל. ניט איצט געדאַכט, פאַרדרײַיאָרן. די ערד האָט זיך דעמלט געשפּאָלטן אונטער זיי. טרערן — ווי פון א קוואַל אַרויס. פאַר א צושמעלץ האָבן זיי נאָך דעמלט ערגעץ אַפן וועג געפּאַטערט א האַלב דאָבערע־מאַזל זייערס, ווינד און ווײ... ערגעץ אַף א סטאַנציע, נאָך העט־העט אין אוקראַיִנע, איז איר באַכמען אַראָפּ נאָך א טשײַניק אָקרעפּ, און אָט איז שוין יאָרן, און ער איז נאָך ניט צוריקגעקומען. דער בלאָער, פּייסעכדיקער טשײַניק. ווינד און ווײ... אירע רייד זאָלן אים ניט שווער זײַן, נעבעך געווען א גרויסער שלימאַזל איר באַכמען. נאָר א טײַערער מאַן און א טײַערער טאַטע. אַרײַנגעפאַלן מינאַסטאַמע צו די דײַטשן מיטן טשײַניק אָקרעפּ אין די הענט. מיר פאַר דיר!.. אוועקגעכאַפּט זיי דעמלט פון דעם דאָזיקן כאַוואַסט מיט מאַשינען.

טאקע פון אָ־דער־אָ טשײַכאנא, דאכט זיך. צווישן אוזבעקן אין א בוימ־
וואָל־קאָלווירט. נעם און עס שטיקער בוימוואָל פון די ביימלעך. נאָר
מ'האָט זיך, גאָט צו דאנקען, צוגעוווינט אי צו די ליימענע קיביטקעס אי
צו די ווײַסע בוימוואָל־פעלדער. אָפּגעוווינטערט און אָפּגעזומערט. אויס־
געארבעט „טעג" אפן סטעפּ. א שטיקל ציג געהאָדעוועט. עטלעכע „סאָ־
טעס" גאָרטן באקומען פונעם קאָלווירט. גרויסע מאכניס־אָרכים די אוז־
בעקן. נאכמענען ארומגעזוכט ווו אן עק, ווו זי האָט ערגעץ נאָר אן
אדרעס געפּאקט. אבראשען האָט זי געלאָזט אף גאָטס באראָט, ווי מע
זאָגט. וואָס ס'וועט זײַן מיט אלע זין אף די פראָנטן, וועט אויך זײַן מיט
איר זון. האָבן אָבער מענטשן געייצעט א פרעג טאָן אין מאָסקווע: אבראם
נאכמאנאָוויטש, פון אזא און אזא שטעטל. נאכמענען האָט קיינער אין
ערגעץ ניט באגעגנט. און וועגן אבראשען איז איר אין א צײַט ארום
אָנגעקומען דער גוטער ענטפער. דאָס „שווארצע בריוול". „קארא כאט",
ווי די אוזבעקן זאָגן, ווינד און ווײ... עסטער־פייגען, די ייִנגערע שוועס־
טער באסיעס, מיט די צוויי גאָלדענע מיידלעך אירע, האָבן די דײַטשן,
ווי עס גייען אום קלאנגען, ארײַנגעזעצט אין א דושעהובקע... פעטער
כאיִם, דער גיבער אין דער מישפּאָכע, איז נאָך דעם ערשטן ווינטער
געשטאָרבן ערגעץ אין באשקיריע פון א טיפוס־קרענק... פון א גרויסער
מישפּאָכע איז געבליבן אן אײַנגעדארטע באסיע און א קליין איציקל. ווו
נעמט א מענטש אזויפיל טרערן? נאָר איציקל לאָזט באסיען ניט וויינען.
פון נאכמענס איבערגעבליבענעם מאלבעש מיט די צוויי לאנגע צעפליקטע
ארבל, פון די פּאָר גרויסע שטיוואליעס, זעט מען אים קוים ארויס, אי־
ציקלען. א פארשטעלטע זאך, ניט קיין איציקל. נאָר אזוי־אָ טראָגט ער
יעדן קאיאָר אָן צוויי בינטלעך הייצונג אפן טאָג, גייט אליין ארום דער
ציג און קלײַבט אָן בוימוואָל אפן סטעפּ אי פאר זיך, אי פאר איר, פאר
דער מאמען, אי נאָכאמאָל אזויפיל. אינעם שיינעם הוילעך אין זײַנעם,
אינגאנצן אן ארומגעקלעפּטער מיט בוימוואָל־וואטע, האָט אים אנומלטן
יולדאש־אָקא, דער בריגאדיר זייערער, געבראכט צו פירן פונעם פעלד
גלײַך אין קלוב ארײַן און זיך מיט אים באַרימט פאר אן אוילעם. מיר
פאר דיר, קינד מײַנס!.. ער איז אין די דרײַ יאָר געוואָרן א גרויסער,
דער קליינער איציקל אירער. א פאָלנער מענטש מיט א פאָלנעם לאָשן...
הארטע ליימענע געלעגערס אין אוזבעקישן בוימוואָל־קאָלווירט. מ'איז
האלבע נעכט ביידע וואכנדיק. „נו, זיפץ ניט, מאמעו!.. האָסט דאָך גע־
הערט, ראשקעוו איז שוין אונדזערס... אונדזערע שטייען שוין לעבן קע־
שענעוו... כ'וועל ארויספירן די ציג אפן מארק. כ'וועל אָפּנעמען אף די
ארבעטס־טעג... מירן אויך אהיימפאָרן... דער טאטע קער שוין דאָרטן ווארטן
אף אונדז... זיפץ ניט, מאמעו!.." (מיר פאר די סאמע ביינדעלעך זײַנעו!) ווו
זשע ווארט ער דאָרטן, נאכמען, אז דאָס גאנצע שטעטל איז פארסארפעט
און פארקוילט?.. נאָר דעם גאָרטן האָט זי שוין ניט געהייסן פאראקערן.
עפּעס האָט זי באקומען, באסיע, מעסוקענע קאָפּווייטעקן דעם לעצטן
ווינטער. דאָס הארץ הייבט איר אלע מאָל אָן שוואכן. הענט און פיס
ציטערן. אָפּטע כאלאָשעסן, ניט צו דערמינטערן זיך מערער. אוי, וואָלט

זי נאָך געוואָלט זען די היים! אויב כאָלילע שטאַרבן, איז כאָטש דאָרטן אין דער היים, אין ראַשקעוו. לעבן די זיידעס און עלטערזיידעס... האָט איציקל, דער פֿאָלנער מענטש, מיטן פֿאָלנעם לאָשן, דערהערנדיק דאָס וואָרט „שטאַרבן", אויסגעשאָסן אינמיטן באַנאַכט אַזאַ געוויין, אַז ער האָט שיִער דעם גאַנצן קישלאַק ניט אויפֿגעוועקט. איבערגעשראָקן נעבעך דאָס קינד, דער נאַר. „נו, שאַ, טרייסט מײַנע!.. פֿיר אַרויס די ציג. נעם אָפּ אַף די „טעג". דער טאַטע קער שוין דאָרטן וואַרטן אַף אונדז... מירן זיך דורכגיין קיין כאַוואַסט. וואָס מענטשן טוען, וועלן מיר אויך טאָן... נו שאַ, כּײַעס מײַנס!.."

אין טשײַכאַנאַ ברענט אַ טונקעלער פֿאַרייכערטער לאָמפּ. אַרום־און־אַרום אַף די קילימעס זיצט, רעדלעכווײַז, אַן אוילעם און טרינקט טיי.

דער לאָמפּ האָט אָנגעפּלאָנטערט אַף די ווענט שאָטנס. לאַנגע שאָטנס, וואָס פֿאַרוואַרפֿן די קעפּ איבער דער סטעליע, בייגן אײַן די פֿיס אַף דער ערד. טשײַניקעס מיט קרומע צעצויגענע העלדזער אַף די ווענט. טיובעטייקעס, ווי אויסגעקווייטלטע טײַ־פּיאַלעס מיט די מײַלער אַראָפּ. טײַ־פּיאַלעס, ווי אויסגעשטריקטע טיובעטייקעס מיט די מײַלער אַרויף. פֿאַרעפֿעדעם דריידלען זיך צווישן די שאָטנס, דריידלען זיך פֿויל, פֿלעכטנדיק זיך, זעען אויס אַף די ווענט ווי גראָע ציטערנדיקע צעפּ.

באַסיע האַלט שוין מיסטאָמע פֿון אַ שאָ איר פּיאַלע טיי אין די הענט, וואַרעמט זיך אין קאַלט געוואָרענעם פֿאָרצעלײַ. זי האָט זיך פֿאַרקוקט אַף די צוויי אויסגעשײַערטע מעשענע סאַמאָווואַרן און פֿילט אַן אַלט־באַקענטן טײַ־טאַם אַף די ליפּן. אַ ווײַט־ווײַטער בעסאַראַבער שאַבעס־באַטאָג, אַ זומערדיקער. אַ טשאַדנער טשאָלנט־רייעך. דער בלאָער, פּײַסעכדיקער טשײַניק איז אײַנגעדעקט אין אַ קישן. נאָכמען רוט זיך אָפּ פֿון אַ גאַנצער וואָך האָרעוואַניע. דער בעסטער אָפּרו זײַנער איז זיצן אַזוי־אָ, אין הוילן זשיליעט, באַם פֿענצטער און אַרויסקוקן אין דרויסן אַרויס, קוקן אַ ביסל צום דניעסטער, אַריבערקוקן אַ פֿאַרכאָלעמטער, מיט דער דלאָניע איבער אַ פּאָר פֿאַרזשמורעטע אויגן, אַף יענער זײַט... פּעטער כאַיִם, דער גיבער אין דער מישפּאָכע, טײַנעט אײַן מיטן שווער אירן, רעדט, ווי טאָמיד, מיט אַ סאַך שאַרפֿע ריישן. אַבראַשענקע לייענט אַף דער פּריזבע אין דרויסן אַ ביכל. געוועזן, קיין אײַנהאָרע, אַ פֿולע שטוב מיט מאַנצבלען, ווינד און וויי... דער שווער, מיט צוויי געדיכטע פֿאַרצויגענע ברעמען, האַלט די גלאָז אַרײַנגענומען איןביידע הענט, קאַטשעט זי, קילט זי אָפּ, ענטפֿערט ניט כאַיִמען, זופּט די טיי מיט אַזויפֿיל קאַוואָנע און פֿאַרטראַכטקײַט, ווי גלײַך ער וואָלט געטאָן עפּעס גאָר אַ הייליקע זאַך, וואָס אויסריידן מעג מען דערבײַ נאָר ווען ס'איז אַ מוז: „נו, אָ, אי. האַקלעמערל שעל האַצוקער. ווו איז דאָס צוקער־קלעמערל, ווו?"

אַ צווייטער זומערדיקער באַטאָג.

אין שטעטל שפּילן קלעזמער: אָן אַ שיר כאַסענעס אין שטעטל אין דאָזיקן זומער... דער בלאָער, פּייסעכדיקער טשײַניק שטייט אָפּן טיש מיט ווײַן. אַרום דער מומע דווירע פֿון ריוווניצע — מ'האָט זיך אַריבער צוואַנ־

ציק יאָר מיט איר ניט געקאַנט זען — זיצן ארומגעזעצט אלע קרויווים. זי קאָן דעם אָטעם ניט כאַפּן — אזויפיל פרעגט מען זי און אזויפיל דער־ציילט זי. איין זון האָט זי אן אגראָנאָם, א טאָכטער — א דאָקטער, איין זון ארבעט אף דער אײַזנבאַן. נאכמענען גלאנצט א טרער אין די אויגן, ער קנײַפּט איציקלען אין א בעקל: „וועלן מיר, הייסט עס, אויך אמאָל זײַן א שטיקל מענטש, הא, זונעניו?" (די ריוואניצער מומע דווירע... ווער ווייסט, ווו זי איז אצינד. ווינד און וויי...)

אין טשײַכאַנא איז שוין שפּעט. צווישן די צוויי סאמאָווארן שטייט דער טשײַכאַנשטשיק מיט א פאַרוקטער טיובעטייקע, מיט א צעכראסטעטן אלערלייקאָליריקן טשאַפּאַן, פארבונדן מיט א רויטער פאטשיילע ארום די לענדן, ווי ניט צו דערלאַנגען טיי, נאָר אוועקצושפּאַנען פאר אן אוילעם אף א דראָט, צײַען סטענגעס פונעם מויל, שלינגען פײַער. נאָר אז אוילעם מאָנט ניט גאָרניט, כאַפּט דערווײַל דער מידער אלטיטשקער א דרעמל. אין די דלאָניעס, אָנגעשפּארט אףביידע עלנבויגנס, באהאלט ער די אונטערגעגאָלטע באָרד זײַנע. א ליפּ בלאָזט זיך בא אים. א שטיק וואָנציע צעציטערט זיך. ווער פײַפט עס דאָרט אזוי דין־געשמאק? די אָפּגעקילטע סאמאָווארן צי די בלעזלדיקע ליפּן דעם טשײַכאַנשטשיקס?

אין טשײַכאַנא איז שוין שפּעט, און איציקלען געפעלט עפּעס איצט ניט די מאַמע. דער קאָפּ איז איר, זעט ער, שרעקלעך שווער געוואָרן. די פּיאַלע טיי אין אירע הענט האָט זיך אויסגעבויגן און פּאוואָלינקע צע־גאָסן זיך איבער די פּיס אירע. א שאָקל געטאָן זיך אהער דער קאָפּ, א שאָקל געטאָן זיך אהין און אראָפּגעפאלן אפן הארצן. א בלייכגעוואָרענער גלעט איציקל אירע דארע אָדערדיקע הענט.

— וואָסי, מאַמע? פילסט דיך עפּעס ניט גוט?

— אָפּגעהעפּעט אזא טאנץ!.. — שמייכלט באסיע מיט פארמאכטע אויגן.

— לייג דיך אנידער, מאַמע.

— אײַ, קלעזמער... מאַזיקים, ניט קיין קלעזמער!..

— אָט וועל איך דיר מאכן א צוקאָפּנס.

אין טשײַכאַנא איז שטיל. די ראַדיאָ שפּילט שוין ניט. דער אוילעם שלאָפט שוין. איציקל רוקט דער מאַמען ארונטער דאָס בינטל צוקאָפּנס, ווארפט ארוף אף איר א מאַלבעשׁ, דעקט זי גוט אײַן, זעצט זיך אוועק לעבן איר אף דער וואָך. לאנגזאם און לײַכט קעמט ער מיט די פינגער די האָר אירע, גלעט איר דעם שטערן און זינגט איר צו אין געדאנק בא זיך א מין וויגלידל. טאקע איר אייגן וויגלידל. באסיע דערוואַרעמט זיך. ס'איז איר גוט. זי שלאָפט און פילט ניט גאָרנישט ניט. א טיפע־טיפע שטילקײַט ליגט ארום איר.

און מיטאמאָל טוט באסיען א זעץ אין די אויערן אן איבערנאַטירלע־כער געפילדער. די ראַדיאָ צעשפּילט זיך שטארקער ווי געווייגלעך. פויקן צעפּײַקלען זיך. טאצן זעצן. אין די פינצטערע טשײַכאַנא־פענצטער צע־שווינדלען זיך רויטע און בלויע און גרינע און אלערליי פײַערן.

אין איין אויגנבליק ווערט ארום־און־ארום אן ערדטרעטעניש. מענטשן לאָזן איבער האק־און־פּאַק און לויפן ארויס אין דרויסן ארויס. און אין

דרויסן איז גאָר טאָג, ניט קיין האלבע נאכט. ווו האָט ערגעץ פלוצעם איציקל געפּאקט דאָס דאָזיקע נײַע זומערדיקע קאָסטיומל? באסיען פלאָנ־טערן זיך די פיס, נאָר זי האלט אים נאָך, איציקלען. ער האָט זיך שוין א פּאָר מאָל אָפּגעשטעלט, ארומגעכאפּט זי קושן, נאָר זי ווייסט נאָך אלץ ניט, וווהין זיי לויפן. „האָב שוין אין דער ערד דאָס וויסטע קלוי־מעקל, מאמע. וווהין שלעפּסט עס נאָך, וווהין?" נאָר זי ווייסט נאָך אלץ ניט, וואָס ס'איז געשען.

— איציקל, טאטע... נעם ניט ארויס די נעשאָמע. זאָג שוין אמאָל!

— וואָסי, ווייסט נאָך ניט? די מילכאָמע... די מילכאָמע האָט זיך געענדיקט!..

א היץ באשלאָגט זי. א היץ און א קעלט און א פלאטערניש. איבער־געלעבט. דאנקען און לויבן. מאזלטאָוו! מענטשן שטופּן זיך איינער אין אנדערן. ווו זײַנען די גאסן? ווו איז דער וואָקזאל? א יאם מיט מענטשן. זי אליין, באסיע, איז עפּעס העכער געוואָרן, יינגער געוואָרן. דער קאָפּ איז איר פארבויגן אױף אן אקסל, אין איין האנט האלט זי א טיכל, אין דער אנדערער האנט — דעם שלעפּ פון איר לאנגן כאסענע־קלייד. מאזלטאָוו! מאזלטאָוו! נאָר וואָס לויפט מען עס? מע וואָלט געדארפט זיך אָפּשטעלן איצטער. באטראכטן זיך. א כעזשבן מאכן.

— איציקל, טרייסט מײַנע... נעם זשע די נעשאָמע ניט ארויס... זאָג שוין אמאָל!

— וואָסי, ווייסט נאָך ניט?.. דער טאטע... דער טאטע איז שוין דאָ!..

באם וואָקזאל שטייט א לאנגער עשעלאָן. ער גייט גלײַך אהיים, קיין ראשקעוו. אױף א וואגאָן־טרעפּל האלט א דאר מענטשל א בלויען טשײַניק אין דער האנט און פאָכעט מיט אים ווי מיט א באן־פענדל. יאָ, ס'איז נאכמען! א ביסל פארעלטערט, א ביסל צעקנייטשט, נאָר דער זעלבער נאכמען מיטן זעלבן שמייכעלע אױף די ליפּן, מיטן זעלבן פארוואקסענעם פּאָנעם, מיטן זעלבן פּייסעכדיקן בלויען טשײַניק אין דער האנט.

דער עשעלאָן הייבט מיטאמאָל אָן פּײַפן און סאָפּען און טוט א לאָז ארויס פון זיך בערג מיט פארע. נאָר ס'איז גאָרניט. ער וועט שוין אָן זיי ניט אָפּגיין. נאכמען וועט שוין אָן זיי ניט אוועקפאָרן.

צו די קאָפּווייטעקן האָט איר נאכמען געבראכט א סלאָיִקל מיט פּילן אזוינס ווי אזעלכס. ווער דארף אָבער איצט רעפּועס? ווער האָט דען נאָך ווייטעקן, ווער?

נאָר וואָס איז דאָס, ווינד און ווײ? פונדערווײַטנס איז עס נאכמען, און פון דער נאָענט איז עס גאָר דער בריגאדיר זייערער פונעם בוים־וואָל־קאָלווירט, יולדאש־אקא, וואָס איז פאראיאָרן אהיימגעקומען פונעם פראָנט מיט א גומען פײַפל באם האלדז, און ניט נאכמען. לייגט ער צו א פינגער צום פײַפל, רעדט ער ווי א מענטש, יולדאש. פארגעסט ער צוצולייגן א פינגער צום פײַפל, שאָקלען זיך נאָר די ליפּן זײַנע און ס'איז אויס קאָל, אויס לאָשן, אויס יולדאש.

— נאכמען!!

נאָר ס'איז ניט נאכמען, און ס'איז ניט יולדאש. ס'איז דער הוילער פייסעכדיקער טשײַניק. ער קאטשעט זיך צו זיי אונטערהינקענדיק, א צעקנייטשטער און צעבויגענער. איציקל טוט מיט אים א שפּיל מיטן פוס, ווי מע טוט א שפּיל מיט א באַל.

— פייסעכדיק־שמייסעכדיק, — לאכט איציקל, — ווּ האָסטו א טשײַניק, מאמע?

זי קוקט זיך גוט צו, מיט א דלאָניע איבער די אויגן, ווי נאכמען פלעגט אמאָל זיצן און קוקן, און זעט טאקע ניט קיין טשײַניק, נאָר א פענדל, א קליין פלאטערנדיק באַן־פענדל. ס'איז ניט נאכמען און ס'איז ניט יולדאש. ס'איז גאָר ער אליין — איציקל. ער שטייט אפן טרעפּל פארפוצט אין א לאנגן אײַזנבאַן־שינעל, מיט א רויט היטל אפן קאָפּ און פאָכעט הין און צוריק מיטן פענדל. ער איז שוין, קיין אײַנהאָרע, א מענטש, איציקל. הויך, צעוואקסן. א פאָלנער מענטש מיט א פאָלנעם לאָשן. ער כאפּט זי ארום קושן. ער כאפּט זי אף די הענט און טראָגט זי אום, ווי מע טראָגט אום א קינד:

— הא, מאמע? געפעלט דיר אונדזער קעשענעווער וואָקזאַל?.. א שפּאָגל־נײַער וואָקזאַל!..

עטלעכע מינוט קאָן זי קיין וואָרט ניט ארויסברענגען פונעם מויל. זי וויל עפּעס פאר פרייד ריידן, וויינען, שרײַען און פילט, ווי עס שאָקלען זיך נאָר די ליפּן אירע. זי דערהערט דערנאָך, ווי זי שעפּטשעט:

— זון מײַנער!.. טרייסט מײַנער...

...ס'איז שטיל אין טשײַכאַנא. איבער נאכט איז דער לאָמפּ פארייכערט געוואָרן און פארשווארצט געוואָרן, אז מע זעט קיין שײַן ניט אָן. ווּ איז דער טשײַכאַנשטשיק, ווּ זײַנען די מענטשן אף די אויסגעשפּרייטע קילי־מעס, ווּ איז אונדזער באַסיע מיט איציקלען?

דער טשײַכאַנשטשיק שטייט שוין אוף. ער פּאָרעט זיך בא די אָפּגעקילטע סאמאָווארן, גיסט וואסער, שיט קוילן, זינגט זיך שטילערהייט צו א דין אוזבעקיש ניגנדל א געציקלטס. אף די קילימעס האָבן מענטשן שלאָפנדיק זיך פארפּלאָנטערט; פארפּלאָנטערנדיק, זיך ארומגענומען; ארומנעמענדיק זיך, ארײַנגעגאָטעמט איינער דעם אנדערן וואַרעמען לײַב־אָטעם, ווי אייגענע, וואָס זײַנען אף א מישפּאָכע־כאַסענע, פארטאָג, נאָכן לעצטן טאנץ, אוועקגעפאלן מידע, און ניט ווי מענטשן, וואָס קענען זיך צווישן זיך ניט.

איציקל בייגט זיך איבער באַסיען, גלעט אירע אָדערדיקע הענט.

— ביסט אָפּגעגאָסן מיט שווייס, מאמע... די גאנצע מידקײַט גייט פון דיר ארויס.

— שוין געהאלטן אזוי ווײַט... — שמייכלט באַסיע מיט פארמאכטע אויגן.

— לאָז, וועל איך דיך גוט אײַנדעקן.

— דערשלעפּ אהיים, כײַעס מײַנס. קיין ראשקעוו... קיין קעשענעוו...

אין טשײַכאַנא האָט אָנגעהויבן שפּילן די ראַדיאָ. אין די פענצטער איז פאמעלעך־פאמעלעך געוואָרן טאָג.

# מייַן ערשטע ליבע




ילכאָמע־צייַט זייַנען מיר, איך און די מאמע מייַנע, געווען עוואקויִרט אין א ווייַטן אוזבעקישן קיש־לאק. א קליין דערפל צווישן בערג. ווייַט פון א באן, ווייַט פון א שטאָט. און אוואדע, פארשטייט זיך, זייער ווייַט פון דאָרט, ווו עס זייַנען געגאנגען אף טויט און אף לעבן די שלאכטן מיט די פא־שיסטן.

איך און די מאמע מייַנע. דער טאטע איז גע־ווען אפן פראָנט. ס'הייסט, ער איז שוין דעמלט אינגאנצן ניט געווען. ער איז שוין געהאט אומגע־קומען ערגעץ לעבן אָדעס. נאָר מיר האָבן זיך עס ערשט דערוווסט שפּעטער, אין א פּאָר יאָר ארום.

כ'בין דעמלט אלט געווען צוועלף יאָר. א קליין מיידעלע. די מילכאָמע איז שוין געהאט געגאנגען עטלעכע כאדאָשים. מעגלעך, אז אזעלכע עטלעכע כאדאָשים מאכן א קליין מיידעלע מיטאמאָל גרויס. אלקאָלפּאָנעם, גרעסער.

ווען די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן, בין איך פּונקט אריבער אין פערטן קלאס. און אָט איז שוין סענטיאבער. עס זייַנען שוין אוועק די זומער־קאניקולן. מע הייבט שוין אָן לערנען. און איך לערן ניט. איך ארבעט מיט דער מאמען אפן פעלד.

ס'איז אונדז געווען זייער שווער. מיר האָבן אַפּט צוגעהונגערט. ביכלאל איז דעמלט אין דאָזיקן קישלאקל געווען שווער. ביפראט אונדז, אָנגעקומענע. בייסן עוואקויִרן זיך, אפן וועג, האָט מען אונדז עטלעכע מאָל באָמבירט. דער וואגאָן אונדזערער האָט אָפּגעברענט מיט אלע אונדזערע זאכן. מיר זייַנען ארויס הויל און בלויז, אין די הוילע העמדער, ווי מע זאָגט. נאָך א נעס, וויִאזוי מיר זייַנען אליין געבליבן לעבן.

ווויִנען ווויִנען מיר אין א קליין קיביטקעלע. א שטיקל שייַבל ער־געץ אויבן לעבן דער סטעליע איז דאָס אייַנציקע ביסל שייַן אין שטוב.

א פּאָר פּאָליצעס אין די ווענט, א ליימענער טאָפּטשאַן, א מין אוזבעקי־שער פּריפּעטשיק אין א ווינקל — דאָס איינציקע מעבל.

דאָס גאַנצע קישלאַקל באַשטייט פון אַזעלכע־אָ פּלאַטשיקע פּירעקיקע קיביטקעס, אָן דעכער, ליימענע, געלע, אָנגערוקטע איינס אויף אַנדערן בערגל־אַראָפּ, בערגל־אַרויף, ווי קעסטלעך צעוואָרפן־אויסגעלאָדענע און איבערגעלאָזטע ערגעץ אינמיטן פעלד, צווישן בערג.

פאַרנאַכט נאָך דער אַרבעט עסן מיר ביידע אָפּ אַן אוזבעקיש פּלעצל, פאַרטרינקען מיט א טעפּל אָקרעפּ און לייגן זיך שלאָפן אויף ליימענעם טאָפּטשאַן, אונטערגעשפּרייט מיט די צוויי קאָלדרעס און צוגעדעקט מיט די צוויי וואַטאָווע טשאַפּאַנען, וואָס דער קאָלווירט האָט אונדז דאָ טאַקע אַרויסגעגעבן.

לערנען לערן איך ניט, ניט נאָר דערפאַר, ווײַל איך אַרבעט מיט דער מאַמען אויפן פעלד, נאָר אויך דעריבער, וואָס די איינציקע שול אין קיש־לאַק איז אַן אוזבעקישע.

די מאַמע זאָגט:

— נישקאָשע, טעכטערל. אַז דו וועסט נאָר וועלן, וועסטו נאָך טאָמיד אָניאָגן... ס׳ט פאַרלירן א יאָר־צוויי. נו, איז וואָס זשע? זעסט דאָך, ס׳איז מילכאָמע. מענטשן פאַרלירן די לעבנס. ס׳א שווערע צײַט, קינד מײַנס. אַרבעטן און העלפן דעם פראָנט איז איצטער בילכער, ווי לערנען!..

די מאַמע איז טאַקע עפּשער גערעכט. נאָר מיך נאָגט עפּעס א מעסור־קענע בענקשאַפט. ס׳איז מיר שטאַרק אומעטיק אויפן האַרצן. אַז איך הער, ווי עס טוט א קלונג אין קישלאַק דאָס גלעקל אין שול, כאַפּט מיך אַזש אָן א געוויין. ווו זײַנען ערגעץ אַלע מײַנע כאַווערטעס פונעם קלאַס? איז כאַלילע גאָרניט געשען מיט דער לערערן אונדזערער, מיט עספיר יאָסיפאָוונען? כ׳האָב מיר גאָר קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט, אַז ס׳איז אַזוי גוט, ווען מע לערנט, אַז כ׳וועל אַזוי שטאַרק בענקען נאָכן לערנען.

— גוט, — זאָג איך, — מאַמע. אויב אַזוי, פאַרוואָס זשע לערנען דאָ די קינדער יאָ? פאַרוואָס גייען זיי אויך ניט אַלע אַרבעטן אויפן פעלד?

— ערשטנס, — ענטפערט מיר די מאַמע, — קענען מיר זיך צו די היגע מענטשן ניט גלײַכן. זיי האָבן נאָך ניט געפילט אַזוי די מילכאָמע, ווי מיר האָבן זי געפילט. צווייטנס — האָסטו דאָך אַליין געזען, א גאַנצן זו־מער האָבן די קינדער געאַרבעט אויפן פעלד איינייִנעם מיט די גרויסע. דריטנס, לערנען זיי דאָך אוזבעקיש. ווען דו קענסט אוזבעקיש, וואָלסטו אויך געלערנט. ווער זאָגט דען, אַז ניין?

— כ׳קען שוין א סאַך ווערטער, מאַמע!..

— ע, וואָס קענסטו? וויפל קענסטו?

— וואָס איך קען, קען איך. אַז כ׳וועל לערנען, וועל איך מערער קענען.

— נו, גוט, — האָט די מאַמע געזאָגט, — מירן זען שפּעטער. ווינטער־צו. סײַווי־סײַ הייבן דאָ, זאָגט מען, שפּעטער אָן גיין רעגנס.

און אַזוי איז געווען. אײַנגיכן נאָכן אָקטיאַבער־יאָמטעוו האָבן אָנגעהויבן מאַראַקען דריבנע רעגנדלעך. די מאַמע האָט מען געשטעלט אַר־

בעטן אין אמבאר באם רייניקן דעם ווייץ. קיין סאך מענטשן האָט מען בעמיילע ניט געדארפט. און איך האָב אָנגעהויבן גיין אין דער אוזבעקישער שול.

כ׳האָב מיר אויסגעפלאָכטן פון די האָר, פונקט ווי די אוזבעקישע מיידעלעך, אָן א שיר דינ־דינינקע צעפלעך. די אוזבעקישע מיידעלעך האָבן מיך אריַינגענומען אינדערמיטן, געטוליעט זיך צו מיר, געהאלטן מיך די גאנצע צײַט ארומגענומען. נאָר אלציינס בין איך די ערשטע טעג געזעסן, ווי א פרעמדע. עפּעס ווי א מין טויב־שטום קינד. ניט כ׳האָב פארשטאנען, וואָס דער לערער האָט גערעדט, ניט כ׳האָב געקענט ענטפערן, וואָס דער לערער האָט געפרעגט.

דער לערער אונדזערער האָט געהייסן אבדוראכמאן אוסמאנאָוו. אָט וועגן אים טאקע דערצייל איך.

ער איז געווען זייער א יונגיטשקער, אָן איידעלינקער. ווי אלע אנדערע לערער, האָט ער געטראָגן א טיובעטייקע אפן קאָפּ, איז געגאנגען אָנגעטאָן אין א פארביק־פּאסנדיקן אוזבעקישן טשאַפּאן. נאָר אויסגעזען האָט ער ניט ווי קיין לערער, נאָר עפּעס ווי אליין א שילער, א שילער פון די עלטערע קלאסן.

ער איז געווען זייער א שעמעוודיקער. די כעוורע פלעגן זאָגן, אז ער שעמט זיך צו שטעלן עמעצן א צוויי.

אז א שילער פלעגט אמאָל קומען מיט ניט קיין צוגעגרייטע לימודים, פלעגט ער א נעם טאָן דעם שילערס העפט אין די הענט, א דריי טאָן אים אהער, אהין, און ער, דער לערער אליין, פלעגט, דאכט זיך, רויט ווערן, און ניט דער שילער.

פאר ניט קיין צוגעגרייטע לימודים האָט ער קיינמאָל ניט באשטראָפט, קיינמאָל ניט געשריגן. ביכלאל האָט מען, דאכט זיך, קיינמאָל קיין הויך וואָרט זײַנס ניט געהערט. און א שיינע זאך: אין קלאס איז מען דאפקע געזעסן שטיל. זעלטן, אז עמעצער זאָל געווען קומען פון דער היים מיט ניט קיין געמאכטע אופגאבעס. אפּאָנעם, טאקע ווײַל ער איז געווען אזא ווייכער, אזא גוטער, אָן איידעלער, האָבן די קינדער ניט געהאט קיין קויעך צו טאָן קאפּויר, ווי קינדער האָבן בעטעווע ליב צו טאָן. פארקערט: אויב מע קען יאָ טאָן, וואָס מע וויל, וועט מען דאפקע טאָן נאָר דאָס, וואָס מע דארף.

צווישן די לערער פלעגט ער זיך אויך אומדרייען שעמעוודיק, אנישוועסדיק. די לערער פלעגן, אפּאָנעם, אמאָל א לאך טאָן פון זײַן איבערגעטריבענער אניוועס. אנדערש קען דאָך ניט זײַן. אין קישלאק האָב איך אמאָל געהערט א זאָג טאָן, אז אבדוראכמאן איז פון יענע מענטשן, וואָס וויסן ניט, ווי צו לעבן אף דער וועלט: א ווײַב וועט אים אָפּדרייען דעם קאָפּ, ארומדרייען ארום פינגער.

מיר פלעגט ער זאָגן „איר״. ס׳איז מיר א ביסל אויסגעקומען קאָמיש: דעם קליינעם צוועלפיאָריקן מיידעלע זאָגט מען שוין „איר״. און ס׳האָט מיר, פארקערט, אזש א טיאָכקע געטאָן אין הארצן: קיינער אין דער וועלט האָט מיר נאָך ביז דעמלט ניט געזאָגט „איר״.

אין א פּאָר טעג ארום נאָך מײַן אָנהייבן גיין אין שול שטיי איך אזוי פארנאכט אף דער שוועל פון אונדזער קיביטקע און זע פּלוצעם, אוסמאנאָוו שפּאנט גלײַך צו אונדז אהיים.

— מאמע, — האָב איך א געשריי געטאָן, — דער לערער גייט צו אונדז!

— וואָס פאר א לערער?

— מײַן לערער. אבדוראכמאן אוסמאנאָוו.

— ער פעלט מיר אויס צו די צאָרעס, — האָט די מאמע זיך געבייזערט. — וואָס איז פּלוצעם? ווו וועל איך אים באזעצן, ווו? מיט וואָס וועל איך אים מעכאבעד זײַן? ווייסטעך, בא זיי איז א מינהעג, אז מע דארף א מענטשן מאכניס־אורעך זײַן, ט'האָסטו דיר אָ!

פונדעסטוועגן האָט זי זיך גיך א וויש געטאָן די הענט אין קליידל, פאריכט דאָס טיכל אפן קאָפּ און דעם לערער מיט גרויס קאָוועד ארײַנגעבעטן אין קיביטקע ארײַן.

— זייער אָנגעלייגט. קומט ארײַן, קומט ארײַן. יאכשי מי סיז. וואָס'ט איר עפּעס זאָגן גוטס, טאָווארישטש אוטשיטעל?

אוסמאנאָוו האָט, ווי זײַן שטייגער איז, צוערשט זיך א רויטל געטאָן, שעמעוודיק, מיט אראָפּגעלאָזטע אויגן, צוגעשמייכלט און אף זײַן אוזבעקישן רוסיש א זאָג געטאָן:

— נעמנאָשקא דאָטשקא אוטשיט בודו, זדיעס, קיביטקאו!

אזוי־אָ פּלעגט ער אלע פארנאכט קומען צו אונדז. אין שטוב איז שוין דעמלט געהאט געווען א שטיקל טישל. א שפּיגעלע איז געהאנגען אף דער וואנט. אף די פּאָליצעס זײַנען שוין געשטאנען א פּאָר טעלער, עטלעכע פּיאַלעס. די מאמע פלעגט אָנצינדן דעם קאנעץ, מיט עפּעס פארשפּרייטן די ליימענע סאָפּקע, צורוקן צו דער סאָפּקע דאָס טישל. איך און דער לערער פלעגן זיך אוועקזעצן באם טישל, און די מאמע פלעגט זיצן בא דער זײַט, אונטערגעשפּארט דאָס פּאָנעם מיטביידע הענט, צורערן זיך, ווי דער לערער לערנט מיט מיר, און צושאָקלען מיטן קאָפּ. דערנאָך פלעגט זי אפן אוזבעקישן „טאנדער" צעלייגן פײַער, אופשטעלן דעם טשײַניק אף טיי, און ביז מיר פלעגן אלע דרײַ איניינעם ניט אויסטרינקען צו קיין פּיאַלע טיי, אָן צוקער, פארשטייט זיך, פלעגט זי אוסמאנאָוון ניט אוועקלאָזן.

— אוי, א טײַערער אוסמאנאָוו! — פלעגט די מאמע טאָמיד איבערכאזערן איינס און דאָס זעלבע. — דאָס בעניִמעסדיקײַט, דאָס שטילקײַט. קיין קרומער קוק ניט, קיין הויך וואָרט ניט. כ'ווייס גאָר ניט, ווי פירט ער דאָרט דעם קלאס? צי לערנט ער מיטן קלאס, צי לערנט דער קלאס מיט אים? צו הײַנטיקע קינדער דארף מען דאָך האָבן אײַזערנע קויכעס.

אין עטלעכע כאדאָשים ארום האָב איך גערעדט אוזבעקיש, ווי א געבוירענע אוזבעטשקע. פארשטייט זיך, אי אדאנק דעם לערערס לערנען מיט מיר, אי א ביסל אדאנק דעם, וואָס איך פלעג שאָענווײַז פּלאפּלען מיט די אוזבעקישע מיידעלעך. ווי־אזוי עס זאָל ניט זײַן, אין קלאס בין איך איצט געזעסן פרײַ, אקוראט ווי אין דער היים, גלײַך ווי איך וואָלט גאָר קיינמאָל ניט געלערנט אנדערש.

און אין עטלעכע כאַדאָשים אַרום, ערגעץ מיט־צײַט, דאַכט זיך, האָט זיך אוסמאַנאָוו פלוצעם אין אַ גאַנצפרי געזעגנט מיט אונדז: מע רופט אים אין דער אַרמיי, אַפן פראָנט.

דער גאַנצער קלאַס האָט אים, פאַרשטייט זיך, אַרויסבאַגלייט אַרויס דעם קישלאַק. ער איז אַוועקגעפאָרן. אָנגעהויבן לערנען מיט אונדז האָט אויך אַ יונגיטשקע לערערן, אויך אַ גוטע, אַ פּראָסטע. נאָר סײַ איך, סײַ די מאַמע מײַנע האָבן טאָג און נאַכט ניט אויפגעהערט ריידן וועגן אוס־מאַנאָוון. די מאַמע האָט עפּשער נאָר גערעדט. איך האָב וועגן אים אי גערעדט, אי געטראַכט. נאָר וועגן טאַטן אונדזערן אָף דער מילכאָמע האָבן מיר אַזויפיל גערעדט און געטראַכט.

— אײַ, דאָס איז עס... ער'ט דאָרטן פאַלן, ווי אַ פליג...

— גיי, מאַמע, פאַרוואָס זאָלסטו אַזוי זאָגן? דאָרט זײַנען דען אַלע גיבוירים, ריזן?

— אַ שיינער פאַרגלײַך. דאָס איז דאָך הוילע נעשאָמע. אַ בלאָז. אַ הוך. אַ סאַמעטן פעדערל. און מע דאַרף זיך עפּעס דאָרטן אויסטויגן אויך. ער האָט דאָך קיין הויכן געשריי ניט געקענט טאָן. וואָס זשע, עפּעס אַזוי־אָ?

— וועסט זען, מאַמע, ער וועט דאָרטן שלאָגן היטלערן פונקט ווי אַלע. און ער וועט נאָך צוריק אַהיימקומען גלײַך מיט אַלע.

פונעם טאַטן האָבן מיר נאָך דעמלט ניט געוווּסט, צי ער איז נאָך דאָ, צי ער איז שוין נישטאָ. מיר פלעגן אַפילע אויסמײַדן אָפן ריידן דערפון. אַזאַ שמועס, פאַרשטייט זיך, וועגן פאַלן אַפן פראָנט, וועגן אומקערן זיך אַ גאַנצער, כאָטש ס'האָט זיך גערעדט וועגן אוסמאַנאָוון, האָט אָבער שטילערהייט מערער געמיינט דעם טאַטן, ווי אוסמאַנאָוון.

די מאַמע האָט מיט דער צײַט אײַנגאַנצן אויפגעהערט ריידן וועגן לע־רער. איך, פאַרקערט, האָב איצט, ווען ער איז ניט געווען, וואָס אַמאָל מערער אים געדענקט. כ'ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר ער פלעגט זיך מיר באַנאַכט כאָלעמען און כ'פלעג אים טאָמיד כאָלעמען אײַנײַנעם מיטן טאַטן. מיר האָבן שוין דעמלט געוווּסט אין קישלאַק וועגן די רעציכעס, וואָס די פאַשיסטן האָבן אומעטום אָנגעטאָן. אייינמאָל האָב איך געזען, ווי דײַטשן פירן זיי ביידן. דער טאַטע איז אַלט, ווײַס אַפן קאָפּ, אײַנ־געבויגן, צעבראָכן, ניט צו דערקענען. אוסמאַנאָוו איז אײַנגעשרומפּן, אײַנגעדאַרט, זעט אויס, ווי אַ קליין ייִנגל. אייינמאָל האָב איך זיי ביידן געזען הענגען אייינער לעבן אַנדערן. כ'האָב אָנגעהויבן שרײַען פונעם שלאָף, אויפגעוועקט די מאַמען, און ס'איז מיר אַזש געווען שרעקלעך דעם כאָלעם צו דערציילן.

אין שול פלעגן אָנקומען בריוו פון אוסמאַנאָוון. די לערערן פלעגט זיי אונדז איבערלייענען. מיר האָבן אים אײַנײַנעם מיט איר אַלע געענט־פערט. דערנאָך איז אַוועקגעגאַנגען עפּשער אַ האַלב יאָר און ס'איז פון אים ניט געווען קיין שום יעדיִע. אַפן פראָנט איז דעמלט געגאַנגען זייער שווער. ווער האָט דען איצטער דאָרטן אַ מינוט פרײַ צו שרײַבן בריוו? —

פלעג איך טראַכטן. און כ׳פלעג אָבער מערער טראַכטן: ווער ווייסט?.. עפשער?..

ס׳האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז אין אונדזער גאַנצן קלאַס, און אַפילע אין גאַנצן קישלאַק, גיי איך איינע אַרום און טראַכט אַזויפיל וועגן אונדזער לערער.

און אַפילע דאָס האָט מיר ווײַ געטאָן פאַר אוסמאַנאָוון.

און פּלוצעם, אין אַ פרימאָרגן, איז דער גאַנצער קישלאַק געגאַנגען כאַדאָראָם. ס׳איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע אַהיים צו אוסמאַנאָוון. ס׳איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע אין סעלסאָוועט. אַלט און יונג זײַנען אַרויס אין דרויסן. ס׳האָט זיך געראַשט באַ יעדער קיביטקע. די אוזבעקן האָבן אַף זייער שטייגער, איינמאָל און נאָכאַמאָל אַרומנעמענדיק זיך, איינער דעם אַנדערן באַגריסט. דער דירעקטאָר פון אונדזער שול האָט צונויפגענומען אַלע קלאַסן און אונדז מודיע געווען די נײַס.

אַפן אַנדערן טאָג איז אין די טאַשקענטער צײַטונגען געווען אָפּגעדרוקט אוסמאַנאָווס פאָטאָגראַפיע. פונקט אַזוי־אָ, ווי מיר האָבן אים אַלע געקענט: מיטן זעלבן שעמעוודיקן שמייכעלע אַפן פּאָנעם.

אַפן אָרט פונעם לערער איז געשטאַנען אַפן בילד אַ סאָלדאַט אין אַ פּילאָטקע אַפן קאָפּ — אַפן אָרט פון אַ טיובעטייקע, אין אַ סאָלדאַטסקע גימנאַסטיאָרקע אַפן אָרט פונעם טשאַפּאַן. נאָר פונקט אַזוי־אָ, ווי מיר האָבן אים געקענט. גלײַך ווי אָט שטייט ער אַזוי און הייבט זיך באַלד אָן רויטלען, וואָס ער דאַרף עמעצן שטעלן אַ צוויי.

די צײַטונגען האָבן באַשריבן, ווי־אַזוי דער לערער אַבדוראַכמאַן אוסמאַנאָוו איז געוואָרן אַ העלד פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד. די דײַטשן האָבן געוואָרפן אין אונדזערע אָקאָפּעס גראַנאַטעס, און אוסמאַנאָוו האָט זיי איינס נאָכן אַנדערן געכאַפּט אין די הענט אַרײַן, צוריק געוואָרפן, און די גראַנאַטעס האָבן קעסיידער אופגעריסן זיך דאָרט, באַ די דײַטשן.

דער קישלאַק האָט געראַשט. עפּשער אַ כוידעש דורכאַנאַנד האָט מען גערעדט, דערציילט, געפרייט זיך, געכידעשט זיך. אַלט און יונג. קינד־און־קייט...

— הער־הער, וואָס עס טוט זיך אָפּ!

גיי ווייס, אַז פון אַזאַ פּראָסטקײַט און באַשיידנקײַט, אַזש ביז שעמעוודיקײַט, קאָן זיך אַמאָל אַ צי טאָן אַ גלײַכער וועג צו אַזאַ דרייסטקײַט, צו העלדישקײַט.

די מאַמע מײַנע, אַף איר שטייגער, פאַרשטייט זיך, אויך:

— הער, וואָס אַזאַ־אָ שוואַך לערערל קען געבן אַ טו אוף!.. דער מענטש איז טאַקע, אַפּאָנעם, שוואַכער פון אַ פליג און שטאַרקער פון שטאָל... אוי, אַ טײַערער אוסמאַנאָוו, אַ טײַערער!..

איך בין אומגעגאַן און געטראַכט, אַז דער יאָמטעוו איז מײַנער. שטילערהייט, קיינער זאָל ניט זען, פלעג איך מיך ערגעץ אוועקזעצן, עפענען די צײַטונג, און קוקן אַפן לערער. כ׳פלעג פילן, ווי עס טוט מיר אַזש אַלעמאָל אַ טיאַכקע אין האַרצן: קיינער האָט מיר נאָך קיינמאָל ניט געזאָגט „איר״. כ׳האָב אים כאָטש נאָך איין מאָל געוואָלט זען, הערן.

אין א טאָג האָט זיך צעטראָגן א קלאנג, אז דער קישלאַק גרייט צו א גרויסן „טאָי”. אוסמאַנאָוו קומט צו פאָרן אף א פּאָר טעג אהיים פונעם פראָנט, מע וועט אים ברענגען צו פירן מיט א פּאַראַד פון טאַשקענט. נאָר קיין גרויסער „טאָי” איז אין קישלאַק ניט געווען. אוסמאַנאָוו איז אָנגעקומען אָן א שום פּאַראַד. ער האָט פאַרבראַכט בא די עלטערן זײַנע איין האַלבן טאָג און איז שוין אף מאָרגן צוריק אוועקגעפאָרן. מ׳האָט דערנאָך דערציילט, אז ער האָט געזאָגט, אז ס׳איז איצטער נאָך ניט די צײַט ניט פאַר „טאָיען” און ניט פאַר פּאַראַדן.

מיט די אוזבעקישע מיידעלעך, מיט די כאַוועריטעס מײַנע, האָבן מיר זיך געדרייט אַרום אוסמאַנאָווס עלטערנס הויף.

דער הויף איז געווען פול מיט מענטשן. ניט אַרײַנצושטופּן זיך אפילע אהין. כ׳בין פונדעסטוועגן, שפּעטער, פּאַוואָלינקע, אף דער ערד, דורכגע־קראָכן צווישן די מענטשן און זיך צוגערוקט צו דער טיר. כ׳האָב זיך אופגעשטעלט אף די פּיס. עמעצער האָט אָנגעשריגן אף מיר. עמעצער האָט מיך א הייב געטאָן אינדערלופטן. אין שטוב איז מען געשטאַנען קאָפּ אף קאָפּ. מעגלעך, ס׳האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אז איך זע אים. מעגלעך, כ׳האָב אים טאַקע אין יענער רעגע דערזען, אזוי־אָ, אָן אָנגע־טאָנענעם אין דער גימנאַסטיאָרקע, מיט דער פּילאָטקע אפן קאָפּ. ווי עס זאָל ניט זײַן — געזען האָב איך אים צום לעצטן מאָל.

אין אָנדערהאַלבן יאָר אַרום — מיר האָבן שוין דעמלט געהאַט באַקו־מען די יעדיִע וועגן טאַטן — האָט מען אין קישלאַק באַוויינט אוסמאַנאָוון.

קיין „טאָי”, קיין יאָמטעוו, האָט ער ניט געלאָזט, מע זאָל אים מאַכן. נאָר אזא גרויסן טרויער איז קיינער ניט געווען ווער עס זאָל פאַרווערן. דער גאַנצער קישלאַק האָט געקלאָגט. ווײַבער האָבן זיך, לויטן אוזבעקישן שטייגער, צעדראַפּעט די פּענעמער. מ׳האָט געקלאָגט לעבן יעדער קי־ביטקע. איך און די מאַמע זײַנען, פאַרשטייט זיך, אויך ניט געזעסן און געשוויגן.

אינגיכן זײַנען מיר מיט דער מאַמען אהיים געפאָרן. די מילכאָמע האָט זיך אינגיכן געענדיקט. איך בין שוין געווען א גרויסע, א פּופּצניאָריקע. כ׳בין אַריבער אין אכטן קלאַס.

די מאַמע האָט מיר א זאָג געטאָן:

— נו, טאָכטער מײַנע, ווײַטער דאַרף מען טראַכטן וועגן טאַכלעס. מע דאַרף א טראַכט טאָן וועגן א פּראָפעסיע, א פאַך אין לעבן.

— איך האָב שוין לאַנג א טראַכט געטאָן... — האָב איך געענטפערט.

— האָב קיין פאַריבל ניט, קינד מײַנס. פאַרשטייסט דאָך אליין.

— ניין, מאַמע. פאַרקערט. כ׳האָב שוין אפילע גערעדט, איך וועל אי־אָנהייבן אַרבעטן און וועל אי לערנען. כ׳וויל ווערן א לערערן, מאַמע...

— ווער, וואָס דו ווילסט!

— א לערערן. אין די קלענערע קלאַסן...

— ווער, וואָס דו ווילסט, קינד. און וואָס דו וועסט ניט ווערן, זאָל מען דיך טאָמיד נאָר ליב האָבן, זאָלסטו אומעטום גויסע־כיין זײַן. דאָס איז אין לעבן דאָס סאַמע גלאַוונע...

די מאמע מײַנע איז שוין הײַנט אַן אַלטיטשקע. דאָס קליינע מיידעלע פֿון דעמלט איז שוין עטלעכע יאָר אַליין אַ מאַמע.

עטלעכע יאָר אַ מאַמע און שוין באַלד צוויי צענדליק יאָר אַ לערערן...

ניט שטענדיק, פֿאַרשטייט זיך, בין איך נויסע־כיין בײַ מײַנע שילער, ווי יענער יונגיטשקער לערער מײַנער אין יענעם ווײַטן אוזבעקישן קישלאַקל, אַבדוראַכמאַן אוסמאַנאָוו, האָט נויסע־כיין געווען. ס׳איז ניט אַזוי גרינג צו זײַן, ווי אוסמאַנאָוו. נאָר שטענדיק טו איך אַלצדינג, אַז מײַנע שילער זאָלן כאָטש וועלן זײַן, ווי ער איז געווען.

אַז סע טרעפֿט זיך מיר אַמאָל אַ שווערער קלאַס — כעוורע ווילן דיך אַי ניט פֿאַרשטיין, אַי אַפֿילע ניט גוט אויסהערן, — פֿאַלט מיר פּלוצעם אײַן אַ זאָג טאָן, אַז אָט וועל איך דערציילן די געשיכטע וועגן מײַן ערשטער ליבע. נו, ווער וויל ניט הערן וועגן קיין ערשטער ליבע?

כ׳הייב אָן דערציילן. דער אוילעם, זע איך, זיצט און שווײַגט, זיצט און הערט. ס׳איז שטיל. גלײַך ס׳איז גאָר אַזאַ זאַך, ווי ראַש, ניט פֿאַראַן.

דערנאָך, פֿאַרשטייט זיך, איז מען אַ ביסל ניט צופֿרידן. ניט דאָס האָט מען געמיינט, האַ? ס׳איז גאָר מערער אַ געשיכטע וועגן ליבשאַפֿט, ווי וועגן ליבע. וועגן באַשיידנקײַט, ווי וועגן ליבשאַפֿט. וועגן דרייסטקײַט, ווי וועגן באַשיידנקײַט.

נאָר סײַוויסײַ — אין קלאַס איז שוין שטיל. כ׳פֿיל די שטילקײַט צווישן די בענק, אויף די ווענט. אַן איידעלע פֿאַרטראַכטע שטילקײַט.

אָט, ווי איצט...

# פאַרשפּילטע יאָרן



ען דער אקטיאָר זילבערשטיין האָט זיך געגעט מיטן ווײַב, האָבן געקלונגען אלע קרעטשמעס און אלע קאפע־הײַזער. כאָטש ביידע גלײַך זײַנען דערמיט געווען מאסקים, קיין קלאָלעס האָט מען דערבײַ ניט געהערט, און קיין פעטש זײַנען גראַדע דאָס מאָל דערבײַ ניט געפלויגן.

דאָס פּאָרפאָלק איז זיך אָף אָן איבערנאַטירלעכן שרעקלעכן אויפן פאָשעט נימעס געוואָרן. איינער דעם אנדערן האָט פּראָסט אין פּאָנעם ניט געקאָנט קוקן. אָף אזוי ווײַט, מאָלט אײַך, אז די מײַעסטע כאַריסטקע אין די קוליסן האָט זילבערשטיינען אויסגעזען א סאך געשמאקער און פרישער, ווי דאָס אייגענע, בעפיירעש גאנץ כיינעוודיקע, ווײַבל זײַנס.

ביידע האָבן דעמלט געשפּילט אין א זומערדיקן גאָרטן־טעאַטערל.

ער, א ווערטלזאָגער, א פריילעכער, האָט דערלאַנגט פּאטן. זי, א וואַרפנדיקס, א קליינס און א שפּרינגענדיקס, — סוברעטקעס.

דאָרטן טאקע, אין די פארכוישעכטע קוליסן פון דעם דאָזיקן גאָרטן־טעאַטערל, האָבן זיי זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט, ניט אָנגעהויבן וויסן, פארוואָס זיי האָבן זיך פּלוצעם אזוי הייס ליב באַקומען; כאַסענע געהאַט; און אויך שפּעטער ניט געוווּסט, פארוואָס זיי האָבן זיך אזוי מוירעדיק פײַנט געקריגן, זײַנען איינער פונעם אנדערן אזוי אַנטלאָפן.

פּאָרגעקומען איז דאָס ערגעץ ארום נײַנצן הונדערט עלף, נײַנצן הונדערט צוועלף.

פון דעמלט אָן האָט זילבערשטיין ארומגעוואַנדערט איבער דער וועלט. אונגאַרן, גאַליציע, עסטרײַך, פראַנקרײַך, אַמעריקע. אומעטום האָט ער מיט גרויסן „בײַפאַל״ אופגעטראָטן אין „מעכטיקע אָפּערעטע מיט פילע געזענגע״. ערגעץ אין א לאַנד האָט ער באַנײַס כאַסענע געהאַט. ס׳איז אונטערגעקומען די וועלט־מילכאָמע. איבער א מײַסע מיט א פּאָר פאַריק־

לעך איז ער ערגעץ ארעסטירט געוואָרן אלס שפּיאָן און, ווען ניט דאָס ווײַב, שיר דעם קאָפּ פארלוירן. אומעטום געליטן הונגער. נישט געהאט באם אָפּפאָרן ס׳האָטעלכל צו באצאָלן. זיך געראטעוועט מיט בענעפיסן. ווײַטער געפלויגן. דערנאָך האָט ער זיך געגעט מיטן צווייטן ווײַב, כאסענע געהאט א דריט מאָל און איז גראָ געוואָרן. לעסאָף, ווען ער האָט אָפּגע־שפּאָרט א קאסטן פרעמדע ציין, צוויי טיפּע טונקל־בלאָע רייפן ארום די אויגן, א ציטערנדיקע האנט און א רענצל פארגעלטע איבערגעשריבענע פּיעסן, האָט ער זיך צוריק אראָפּגעיאָוועט קיין בוקארעשט, אהיים, צום אמאָליקן היימישן גאָרטן־טעאטערל.

* * *

דאָ, אין די דאָזיקע פארכוישעכטע קוליסן, האָבן זיך די דרײַ צענדליק יאָר דורכגערוקט אומבאמערקטע, צונויפגעקנוילטע, גלײַך זיי וואָלטן עמעצן שטארק־שטארק באגאנוועט, אָ־די פארגאנגענע יאָרן.

דער זעלבער איבערגעשטאנענער שוויס; די זעלבע מיִעסע פּעטע כאָ־ריסטקעס; די זעלבע פארשימלטע „היסטאָרישע״ קאָסטיומען.

דאָ האָט זילבערשטיין ווידער באגעגנט ראָזאליען — די ערשטע, אָפּ־געגעטע, ליבע זײַנע.

זי האָט איר לעבן דורכגעטאנצט א סאך נודנער און שטילער. באלד נאָכן געט האָט זי כאסענע געהאט מיט עפּעס אן עלטערן בײַכיקן אק־טיאָר, א שטיקל טעאטער־דירעקטאָר. זי האָט אים געקאָכט אָנבײַסנס און אים געשענקט צוויי רויטע געצאצקעטע מיידן. יאָר־אײַן, יאָר־אויס האָט זי זיך געמוטשעט בא די זעלבע פּיעסן, אין די זעלבע ראָלן. און זי האָט ניט געפילט, ווי הינטער איר פּלייצע רוקן זיך פּאַוואָלינקע די ווײַזערס פון נײַנצן צען אף נײַנצן צוואנציק, פון צוואנציק אף דרײַסיק, איין און דרײַסיק, צוויי און דרײַסיק, און אזוי ווײַטער און ווײַטער...

* * *

איצט שפּילן זיי ווידעראמאָל אינײנעם פּונקט ווי אמאָל, קושן זיך אף דער בינע פּונקט ווי אמאָל, און פילן, דאכט זיך, איצטער, איינער צום אנדערן קיין שום סינעשאפט ניט.

זילבערשטיין און ראָזאליע.

יעדן באטאָג, נאָך רעפּעטיציע, זיצן זיי איינער לעבן אנדערן אין גאָרטן־טעאטערל, שווײַגן ווי פרעמדע, ווי נײַ־באקענטע, גלײַך זיי זײַנען גאָר קיינמאָל קיין מאן־און־ווײַב ניט געווען, זײַנען זיך קיינמאָל אזוי שרעקלעך ניט נימעס געוואָרן.

עס זיצן דאָ די גאנצע כעווראַ אקטיאָרן: צעקנייטשטע, הייזעריקע און אלטע. מע דערציילט זיך מײַסעס. מע טרײַבט רעכילעס. מע צעקריגט זיך. מע זידלט זיך. מע בעט זיך אפּן פלאץ ווידער איבער, און מע טרײַבט ווײַטער רעכילעס.

זילבערשטיין האלט אין דער האנט א שקארמיץ, שלעפּט פון דאָרט עלעגאנט ארויס אַן עפּל, און איבערן גאנצן גאָרטן קנאקן זײַנע גרויסע פאלשע ציין.

ראַזאליע איז שרעקלעך מיד. די אויגן אירע קלעפּן זיך, ווי זיי וואָלטן געווען אײַנגעטונקען אין האָניק. זי דרעמלט אײַן. פון ערגעץ, פון אונטער דער בינע אפּאָנעם, טוט א קום אָן א שארפער רייעך און קיצלט זי אין די נאָזלעכער. אין דרעמל דאכט זיך איר, אז זי זינגט די לעצטע סטראָפע פון עפּעס גאָר א פריילעכן קופּלעט. אף דער בינע איז שוין יאָרנלאנג אזוי ליכטיק ניט געווען. אין גאָרטן איז שוין יאָרנלאנג אזא אוילעם ניט געווען. און אָט שטייט דאָרט איינער א יאָלד מיט א גרויסן בוקעט בלומען אין די הענט, קוועלט אף איר מיט א ברייט מויל גאָלדענע ציין, שטופּט זיך צווישן אוילעם מיט די עלנבויגנס, רײַסט זיך צו איר נאָר אף דערהארגעט צו ווערן...

דאָ דערמאָנט זיך זילבערשטיין, אז ער האָט שוין באלד אלע עפּל אופגעגעסן, די ציין זײַנען אים שוין אזש אײַליק געוואָרן, און ראַזאליע נעבעך שנאָרכט אזוי פארשמאכט מיט דער נאָז. צענעמט ער גיך דעם שקארמיץ, זוכט אויס א גרויסן רויטן עפּל, באנעצט אים מיט דער צונג, קיינער זאָל ניט זען, מאכט אף אים א גלאנץ מיט דער דלאָניע און לייגט איר דעם עפּל ארײַן אין דער האנט ארײַן.

— ראַזאליע... — צעטאָרעט ער זי, — ראַזאליע, פּארזוכט אַן עפּל, א וואזשנער עפּל. ער נעמט צו דעם שלאָף, ווי מיט דער האנט...

איין אויגנבליק מיינט ראַזאליע, אז דאָס איז דער בוקעט בלומען פונעם כאָלעם. קוועטשט זי דעם עפּל פעסט צו צו זיך, נייגט זיך, שמייכלט, מאכט א כיינדל, ווי פון דער בינע אראָפּ. נאָר באלד טוט זי א שווערן זיפץ און שטופּט דעם עפּל צוריק זילבערשטיינען.

— א דאנק, — מאכט זי א נײַ כיינדל, — א שיינעם דאנק, טאטעלע! כ׳האָב הײַנט עפּשער צוויי קילאָ עפּל אופגעגעסן...

און זי שלינגט דערווײַל אראָפּ די סלינע קונציק, גנייוויש, ער זאָל כאָלילע ניט באמערקן.

זילבערשטיין באמערקט שוין אָבער סײַוויסײַ גאָרניט. זילבערשטיין איז שוין ערגעץ העט־העט, אין דער אנדערער זײַט גאָרטן, וווּ עס האָט נאָרוואָס אויסגעשאָסן א נײַע קריגערײַ.

* * *

זייער אָפט טרעפט, אז די אקטיאָרן אין אלטן גאָרטן־טעאטערל, אויס־געוועפּטע, פוילע און אָרעמע, קאָנען צום פּאָסעק ניט קומען. דאָס הייסט, דער קאסירער אין דער קאסע זיצט; די פּאָר מוזיקאנטן בא דער בינע רימפּלען עפּעס; דער סופליאָר מיט דער פּיעסע אין דער האנט דרייט זיך אום אין די קוליסן אָנגעכמורעט, פרעמד, און ווארט; זיי אליין, די אקטיאָרן, גרימירטע, אָנגעטאָנענע, שטייען אָפּגעשמיסענע באם פּאָרהאנג, כאפּן א קוק דורך א לעכל אף די צעקרימטע בענקלעך און זײַנען גרייט;

נאָר דער אוילעם — א נעכטיקער טאָג. דער אוילעם איז שוין ביז הער־אָ זאט אי מיט „ציפּקע פּײַער", אי מיט „קאָלנידרע", אי מיט „מוישע, ווו־הין קריכסטו", אי מיט ראָזאליען, אי מיט זילבערשטײנען.

די צוגעקלעפּטע בערד פּילן זיך אָן מיט טרויער, מיט בייזקײַט, אָט־אָט אויסצושיסן.

די מוזיקאנטן מאָנען די „גאזשע"[1]. בא עמעצן האָט זיך צעשיט א שאכטל פּודער. בא עמעצן האָט א בורטשע געטאָן אין בויך. ס'איז גע־נוג, עמעצער זאָל נאָר ארויס מיט איין וואָרט.

ווי בייזע האָנען, אזוי טאנצן די אקטיאָרן איינער דעם אנדערן אין פּאָנעם ארײַן, רײַסן זיך, שרײַען זיך איבער, ווארפן מיט די קליידער, מיטן רעקוויזיט, און קיינער ווייסט ניט, וואָס ער וויל, און קיינער ווייסט ניט, ווער ס'איז שולדיק און ווער ס'איז גערעכט.

— איך שפּיל שוין פערציק יאָר טעאטער!

— אנטשולדיקן זי, איך בין עפּעס א מאמזער?..

— איך קאָן מאכן, מע זאָל וויינען און לאכן!..

— מיט יינגלעך דארף ער שפּילן!

— אויוועךבאָטלניק!

— גרייט דיר אָן א פּאָר שטיוול אין וועג ארײַן!

— איך גיי מיטן יוישער פון פּאָרנטש!

— ס'געלט, ס'באזש[2] ווו איז?

— די פּארעס[2], ווו זײַנען די פּארעס?

ראָזאליע מישט זיך ניט. זי שמינקט זיך פּאמעלעך אויס, כאפּט דאָס רענצעלע מיט די זאכן, און אָט טוליעט זי זיך שוין צו די צוויי רויטע מיידן אירע, וואָס נעמען זי אונטער דעם אָרעם, טרייסטן זי און צע־הירזשען זיך מיט אזא בלעכערן געלעכטערל.

זילבערשטיין באמערקט, אז ראָזאליע „ריטשט"[3], בלײַבט ער עמעצן שולדיק אן ענטפער, לאָזט אלצדינג איבער אף העפּקער און טענצלט נאָך נאָך איר.

— ס'אידען אקטיאָרן?.. — הייבט ער אָן אף צוקלאָמפּערשט טײַנען צו די טעכטער. — לייצים איז דאָס!.. בעלפערס!.. כ'בין אויסגעוועזן א וועלט... איך ווייס, וואָס איך רעד. בא אונדז אין אמעריקע...

און ער נעמט דערווײַל איבער דאָס רענצל בא ראָזאליען.

— פע, — זאָגט ער, — קינדער, וואָס לאָזט איר די מאמען טראָגן אזא שווערקײַט?..

דערנאָך פּלאפּלט ער שוין אזוי דעם גאנצן וועג וועגן זײַנע גרויסע דער־פּאָלגן אומעטום. דאָס געשעפט דאָ, טײַנעט ער, איז קיין געשעפט ניט. ער האָט אזא־אָ קאסטן מיט פּיעסן, איינס־און־איינס. מע שמועסט מיט אײַך: אמעריקאנער סכוירע!.. ווען ראָזאליע, — פּארענדיקט ער, — וואָלט א באלן געוועזן ארײַנגיין מיט אים אָט אהער־אָ, צו לופּו קרעטשמאר,

---

[1] גאזשע — געהאלט; [2] באזש, פּארעס — געלט; [3] ריטשט — גייט אוועק (קלעזמער־לאָשן).

וואָלטן זיי איבערגעשמועסט זייער א וויכטיקן אינטערעס. א פּלאַן. א גאָלדענער פּלאַן. ע, ער ווייסט שוין עפּעס!.. נו, נו. ס׳מאַכט ניט אויס, די קינדער וועלן איר דאָס מאָל מוחל זײַן!..

ראָזאַליע קווענקלט זיך טכּילעס. ס׳איז איר פּאַשעט א פּינצטערע בושע פאַר די קינדער. זיי ווייסן דאָך די גאַנצע מײַסע אירע. נאָר ווען זי זעט, אז די מיידלעך הירזשען אלץ מיטן בלעכערן געלעכטערל זייערן, דערלאַנגט זי זיי דאָס פּאַרנאָסע־רענצל און בעט זיך בא זיי מיט א ראַכמאָנעס־שמייכעלע:

— זעט, קינדער, — מאַכט זי, — איר זאָלט כאָלילע ניט אופּוועקן דעם פּאַפּען!.. ער האָט הײַנט געהאַט שרעקלעכע קאָפּשמערצן... שרעקלעכע קאָפּשמערצן...

* * *

בא לופּו קרעטשמאַר אין שענקל איז קימאַט ווי אין גאָרטן־טעאַטערל.

א קעלנער איז דאָ, טרינקעכץ איז פאַראַנען, גראַטאַר פּרעגלט זיך, נאָר קוינים — אַף א רעפּוע.

דאָס ערשטע, וואָס זילבערשטיין טוט, איז... א שפּיל טאָן זיך א ביסל אין אַמעריקע.

— היי, באָיטשיק! — גיט ער זיך א זעץ אוועק מיט א פּאָר צעשפּרייטע פיס און טוט א בייג א פינגער צום קעלנער. — אנו דערלאַנג נאָר פאַר א פּאָר סענט א קאַפּל פראָהיבישן! אָבער, אָלרײַט!..

דערנאָך קאַטשעט ער א גלעזל נאָך א גלעזל. און אז עס הייבן אים אָן פלאַמען די באַקן מיט עפּעס א מין באַזונדערער רויטקײַט, פאַרגעסט ער אין גאַנצן „וויכטיקן אינטערעס", צעלייגט זיך מיט ביידע עלנבויגנס איבערן טישל, און הייבט אָן, ווי אין דער־און־דער מעלאָדראַמע, שלו־קערצן ראָזאַליען גלײַך אין פּאָנעם ארײַן:

— רייזל, רייזעלע. איך ליב דיך יעצט נאָך הייסער, ווי בעפאָר!..

ראָזאַליע לאַכט, ווי מיט יאָרן צוריק, יונג, קלינגענדיק, און גלעט אים דאָס גראָע שיטערע שויבערל אפן קאָפּ:

— ווו זשע ביסטו געווען אזא לאַנגע צײַט?..

— כ׳בין געווען... — שלעפּט ער שווער א וואָרט, — כ׳בין מיר א קאַפּעלע געווען אַף דער וועלט!.. פאַרברענט זאָל זי ווערן...

— וואָס זשע האָסטו זיך אזוי לאַנג געזאַמט?

דאָ פאַרגעסט זילבערשטיין אינגאַנצן, ווו ער איז אין דער וועלט, טוט זיך א הייב אונטער אפן בענקל, פאַלט צוריק, און הייבט אָן זעצן מיט די פויסטן אין טישל ארײַן:

— וואָס? האָסט עפּשער געוואָרט אַף מיר מיט דער וועטשערע?.. הייבסט שוין אָן די אַמאָליקע שטיק? געזאַמט, געשמאַמט... ווילסט מיך ווידער פאַרשפּאַרן אין א שטײַגל, האַ?.. מאַכשייפע אלטע!..

און ער צעיאָמערט זיך מיט א שלוקערץ, האַרצברעכנדיק, ווי אין דער־און־דער מעלאָדראַמע.

ראָזאַליע, א בלייך־געוואָרענע, א דערשראָקענע, פאַריכט אַף זיך דאָס קליידל, די האָר און טראָגט זיך גיך אָפּ. שאַ, שטיל, איר דעך איז דאָ ניט געווען.

זילבערשטיין קערט איבער אין זיך א נײַ גלעזל ווײַן.

און ווען ער ווייסט שוין אינגאַנצן ניט, ווו ער האַלט, נעמט ער אַרויס דעם קאַסטן צײן פונעם מויל, לייגט אים אַרײַן אין דער גלאָז ווײַן, צעוויינט זיך ווידעראַמאָל און שלאָגט זיך מיט די קולעקעס אין האַרצן אַרײַן:

— אַן אַקטיאָר בין איך?.. — שרײַט א מויל אָן צײן. — א וועלט איז עס?.. א קאַיאַפע... א פּעל...

לופּו קרעטשמאַר רוקט זיך דעמלט אַפּיר פון אונטער דער סטאָיקע, נעמט זילבערשטיינען איידל אָן בא די אַקסל, שטעקט אים אַרײַן דעם קאַסטן צײן אין א זשיליעט־קעשענע און שטעלט אים פּראָסט־פּאַוואָליע אַרויס אין דרויסן אַרויס.

זילבערשטיין פּאָלט פון די פיס, קאָרטשעט זיך אײַנדרײַען, פּאַרענט־פּערט זיך:

— וואָס בין איך שולדיק, לופּו טײַערער?.. א כאָכמע שיקער צו ווערן... אַז כ'האָב נאָך הײַנט אין מײַן מויל ניט געהאַט!

דערנאָך, אַף דער גאַס, וואַקלט ער זיך שוין לאַנג אָפּ אַזוי ערגעץ בא א פּלויט, א פאַרטומלטער און פאַרלוירענער, און ווייסט ניט וווהין צו נעמען — רעכטס אָדער לינקס.

ערגעץ ווײַט איבערן פּלויט צעפּיפּט זיך א סירענע. אין א הויף צע־קרייעט זיך א האָן. קרייעט מיט א ניגון, נאַטירלעך, פול מיט מעסיקעס. גליקלעך...

# אְיעוו




ין דער וועלט איז פּאָפּולער דער ערשטער טייל פון דער אְיעוו־טראגעדיע, וואָס מע רופט אָן „אְיעווס צאָרעס", און ס'איז נישט פּאָפּולער, מע קען אפילע, דאכט זיך, איינגאנצן ניט, א צווייטן טייל פון דער דאָזיקער אְיעוו־מײַסע, וואָס איך וואָלט אָנגערופן „אְיעווס גליק".

ווי ס'איז באוווסט, האָט דער ריבוינעשעלוילעם אויסגעפּרוווט אְיעווס גלויבן אין אים, אְיעווס לאָיאלקײַט, אזוי צו זאָגן, מיט שרעקלעכע צאָרעס. ער האָט אָנגעשיקט אף אים א סרייפע, פארטיליקט דאָס האָב־און־גוטס זײַנס, אין איינע פּאָר טעג געמאכט פון אים אן אָני־וועעוויען, א קאפּצן אף דרוקעס. ער האָט בא אים צוגענומען די זין — אזעלכע ליכטיקע מאלכעסדיקע זין. ער האָט קראנק געמאכט און איינגיכן טויט געמאכט דאָס ווײַב זײַנס — אזא קלוג געטרײַ ווײַב, אזא גוטע נעשאָמע. ער האָט אף אים אָנגעשיקט א בײַסעניש — אן איבערמענטשלעכע קרעציקע בײַסעניש אף ניט אויסצוהאלטן.

אי דעמלט, ווען אְיעוו איז געזעסן שיווע נאָך די אייגענע, אי דער־נאָך, ווען ער איז געבליבן פארלאָזט אליין, אומגליקלעך און איינזאם, געזעסן און געשידערט זיך דאָס לײַב, געריסן דערפון שטיקער, זײַנען געקומען צו אים קלאָמפערשט פרײַנט זײַנע, מינאסטאם אונטערגעשיקטע, איבערגעטאָנענע ליליפּוטלעך, פּרְיער מענאכעם־אָוול זײַן, שפּעטער מע־וואקער־כוילע זײַן.

זיי האָבן זיך אויסגעזעצט ארום אים, די פרײַנט זײַנע, און מיט קלאָמפערשט פרומע געטרײַע פּענעמלעך אָנגעהויבן ברעשען אפן קאָ־וואיאָכל: אזוי און אזוי. ס'איז דען א גאָט? ס'איז אן אכזער, א וואָס אין דער קאָרט. אז ער האָט געקאָנט אָנשיקן אזעלכע פוראָנְיעסן אף אזא אְיעוון, טאָר מען אין זײַנע דאלעד־אמעס ניט שטיין; דארף מען זײַן פּאָנעם ניט אָנקוקן, אאוו. אאוו...

אַן אַנדערס מאָל, ווען איִעוון וואָלט אַזוי שרעקלעך ניט געביסן און ער וואָלט זיך אַזוי שרעקלעך ניט געקראַצט, וואָלט ער מינאַסטאַם אויפֿגעשטאַנען פֿונעם פּלאַץ, אַ זעץ געטאָן מיטן קולאַק אין טיש און אַ געשריי געטאָן:

— גאָט־לעסטערער! פּראָוואָקאַטאָרס! אַרויס׳ט פֿון מײַן שטוב!

נאָר דאָס מאָל איז ער געווען צו שוואַך, צו אומגליקלעך און צו איינזאַם אַף צו קענען זיך פֿאַרגינען פֿאַרטרײַבן פֿון זיך אַפֿילע פֿאַלשע, קלאָמפּערשטע פֿרײַנט. כּוץ דעם, האָבן אים די צאָרעס געמאַכט ווייכער, בעסער, און, ווי פֿריקרע דאָס זאָל ניט אויסזען, גלייביקער. אַנדערש וואָלט דאָך איִעוו ניט געווען איִעוו. ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז לעסטערער זײַנען מענטשן פֿאַרפֿירטע. און אַף פֿאַרפֿירטע דאַרף מען ניט אָנשרײַען, מע דאַרף זיי ניט מישפּעטן, מע דאַרף אַף זיי ראַכמאָנעס האָבן, מע דאַרף זיי דערווײַזן, אַז זיי זײַנען ניט גערעכט, אַז זיי זײַנען אומגליקלעך פֿאַרפֿירט.

און ער, איִעוו, דער אומגליקלעכסטער אין דער וועלט, איז געזעסן מיט די שרעקלעך־צעקראַצטע מיִעסע וווּנדן אַף זײַן לײַב און דערוויזן די פֿאַלשע פֿרײַנט זײַנע, וואָס זײַנען געקומען אַראָפּשטויסן אים פֿונעם דערעך־האַיאָשער, אַז גאָט איז גאָט, אַז דער קאַוואַיאָכל האָט מיט זײַנע, איִעווס, צאָרעס קיין שום שײַכעס ניט. אַז צאָרעס לײַטערן. אַז דער אומגליק זײַנער איז מינאַסטאַם אַ ביטערער טאָעס. אַז זיי, די לעסטערער, זײַנען אין זייער פֿאַרפֿירטקײַט אומגליקלעכער פֿון אים, אַאוו. אַאוו.

האַקיצער, עטלעכע טעג דורכאַנאַנד האָט געהאַלטן דער וויקועך, און סאָפּקאָלסאָף איז אויבן אין די הימלען ראַפּאָרטירט געוואָרן, אַז איִעוון נעמען קיין שום צאָרעס ניט. איִעוו איז געבליבן איִעוו.

און דאָ הייב איך אָן אינקורצן איבערדערציילן דעם צווייטן, דעם אומבאַקאַנטן טייל פֿון דער איִעוו־נאָוועלע.

אויבן, אין די הימלען, האָט זיך דערהערט אַ געלעכטערל. אַ מאַלעכל מיט אַ שאַרף ציינגל, מיט אַ פּאָר שוואַרצע ברענענדיקע אויגן און מיט לאַנגע פּעך־שוואַרצע צעלאָזטע האָר, ריכטיקער אַ מאַלעכטע, האָט צעפּעכערט די פֿליגל, אַ בייג געטאָן זיך מיט אַ קניקסל און קוים אײַנגעהאַלטן מיט דער האַנט דאָס געלעכטערל אירס.

— ווער פּרוּווט הײַנט אויס מיט צאָרעס? — האָט זי אַ זאָג געטאָן. — דאָס איז אַן אַלט אָפּגעלעבט מיטל. צאָרעס מאַכן געהיטער, פֿאָרזיכטיקער. אוואַדע האָט ער צאָרעס אויסגעהאַלטן. גליק וועט ער אויך אויסהאַלטן, האַ?..

פֿאַרשטייט זיך, אַז זי אַליין טאַקע, די דאָזיקע פֿלאַם־פֿײַערדיקע מאַלעכטע, האָט באַקומען די גוטע שליכעס: נעמען איִעוון מיט גליק.

ס׳האָט אים פּאַמעלעך אופֿגעהערט בײַסן. ער איז געקומען צו־זיך און פּאַמעלעך אָנגעהויבן ווערן אַ מענטש מיט מענטשן גלײַך. ס׳האָט זיך צו אים אומגעקערט דער געוועזענער ברען אין דער אַרבעט, די געוועזענע היסלײַוועס באַם אַרײַנקוקן אין אַ סייפֿער. די געשעפֿטן זײַנע זײַנען אַוועקגעגאַנגען ניט שלעכט. ער האָט אָנגעהויבן צוהערן זיך צו זיך,

אכטונג געבן אף דער האלבאַשע, אפן אויסזען, אָנגעהויבן אָפּטער באַ־
וויַזן זיך צווישן מענטשן. מענטשן האָבן אָנגעהויבן האָבן טײַנעס צו אים,
פאַרוואָס ער „אָרדנט" זיך ניט אײַן דאָס לעבן: א פרומער ייִד טאָר קיין
סאך ניט זיצן אָן קיין ווײַב. מ'האָט אים אָנגעהויבן ריידן שידוכים.

איַעוו איז שוין דעמלט געווען א מענטש אין די יאָרן, כ'האָב מוירע
צו זאָגן — באלד א בען־שישים. נאָר ער איז נאָך געווען א געזונטער לע־
בעדיקער ייִד, מיט א פּאָר קלוגע בלישטשענדיקע אויגן. ער האָט נאָך
געהאט אלע האָר אפן קאָפּ, אלע ציין אין מויל, און דאָס פּאָנעם זײַנס
מיט דער שיינער האדרעסדיקער באָרד, כאָטש זי איז שוין געווען ניש־
קאָשעדיק פארזילבערט, האָט פארמאָגט אין זיך א סאך כיין, א סאך
יונגשאפט און א סאך מענלעכקײַט.

פון קיין שום שידוכים האָט ער, פארשטייט זיך, אפילע ניט געוואָלט
הערן. ער האָט בעשום־אויפן אף קיין איין רעגע ניט געקאָנט פארגעסן
דאָס פארשטאָרבענע ווײַב זײַנס, וואָס איז אים אזויפיל יאָרן געווען
אלצדינג אין דער וועלט: אי א ווײַב, אי א מאמע, אי א כאווער, אן
אייצעגעבער, א שוועסטער, אי א געליבטע.

ער האָט זיך גאָר אפילע ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אז אן אנדערע, א
פרעמדער מענטש, זאָל נאָך קענען אמאָל אריַין אין זײַן לעבן, ווערן
מיט אים דאָס, וואָס עס איז געווען מיט אים זײַן אייגן ווײַב: איין לײַב,
איין געדאנק, איין אייגן בלוט־און־פלייש, ווי זיי וואָלטן אזוי געווען
ביידע פון געבוירן אָן.

נאָר סאָפּקאָלסאָף איז געשען דאָס, וואָס עס האָט געדארפט געשען.
ווען ס'איז אים ארויסגעקומען אין וועג אונדזער מאלעכטע, האָט זיך דער
אלטער אָרנטלעכער איַעוו פארקאָכט אין איר, ווי א זעכצניאָריק נאריש
ייִנגל. ווו און וויאזוי דאָס איז פּאָרגעקומען, איז א גאנצע מײַסע צו
דערציילן. מיר דערציילן איצט וועגן שפּעטער, ווען איַעוו און באטלי־
ליט — אזוי האָט מען די מאלעכטע גערופן — זײַנען שוין טאָג און נאכט
געווען איביינעם. ווען ער, דער קימאט זעכציקיאָריקער איַעוו, און זי,
די דרײַסיקיאָריקע באטליליט, האָבן ביידע געפילט אזויפיל פרייד און
אזויפיל גליק, וואָס עס פילט ניט און האָט נאָך קיינמאָל ניט געפילט
קיין שום פּאָר אין דער וועלט.

אלקאָלפּאָנעם, אזוי האָט זיך זיי ביידן אויסגעדאכט.

דעמלט זײַנען צו איַעוון ווידער געקומען די קלאָמפּערשטע פריַינט
זײַנע. געקומען אָפּגעבן אים מאזלטאָוו, אָנווינטשן אים צום דאָזיקן גליק
געזונט און אריכעס־יאָמים.

זיי האָבן זיך אויסגעזעצט, די פרײַנט זײַנע, ארום צעשײַנטן יונג־
געוואָרענעם איַעוון, געזופּט פון די קליינע שעלכלעך די שווארצע קאווע,
מיט וועלכער באטליליט האָט זיי מעכאבעד געווען, טויעם געווען צו
לעפעלעך אײַנגעמאכטס, פארטרונקען מיט אײַז־קאַלטער גאז־וואסער, און
מיט קלאָמפּערשט פרומע געטרײַע פּענעמלעך אָנגעהויבן ברעשען אפן
קאוואיאָכל: אזוי און אזוי, ער האָדעוועט אונדז מיט אָסיד, מיט אוילעמ־
האבע. גליק, הויווע, אוילעמהאזע הייסט בא אים אווירע, כעט. ס'איז

דען א גאָט? ס'אַן אכזור, א וואָס אין דער קאַרט. מע דארף אין זײַנע דאלעד־אמעס ניט שטיין. מע דארף זײַן פּאַנעם ניט אָנקוקן, אאוו. אאוו.

איזעו האָט שוין איצטער געהאט געגוג קויעך אופצוהייבן זיך פונעם פלאַץ, א זעץ טאָן מיטן קולאַק אין טיש און א געשריי טאָן:

— גאָט־לעסטערער! פּראָוואָקאַטאָרס! ארויס פון מײַן שטוב!..

נאָר ער האָט דאָס ניט געטאָן. ער איז געזעסן און האָט געקוקט אַף זײַנע פּרײַנטס פרומע, קלאָמפּערשט אומשולדיקע, פּענעמלעך און געזען פאר זיך קליינע, פּיצינקע מענטשעלעך. און אַף קליינע מענטשעלעך דארף מען ניט אָנשרײַען, מע דארף זיי ניט מישפּעטן, מע דארף אַף זיי ראכ־מאָנעס האָבן, מע דארף זיי דערוויַזן, אז זיי זײַנען ניט גערעכט. קליינע מענטשעלעך דארף מען פּרווון גרעסער מאכן, אופהייבן.

און ער, איזעו, דער גליקלעכסטער אין דער־אָ שאָ אין דער וועלט, דער ארײַנגעטאָנענסטער אין זיך, אין אייגענעם גליק, האָט, כאָטש זײַן באטליליט איז געזעסן לעבן אים און אים געצערטלט, געהאט אין זיך אי קויעך, אי סאוולאָנעס אָפּצוגעבן זיך אין דער־אָ שאָ מיט די פאלשע פּרײַנט זײַנע, וואָס זײַנען געקומען אראָפּשטויסן אים פונעם דערעך־האיאָשער, זיצן און דערווײַזן זיי, אז גאָט איז גאָט. אז אָסיד און אוי־לעמהאבע איז צוליב אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער. אז הויווע, אוילעמהאזע, גליק הייסט באם קאוואיאָכל ניט אווירע, ניט כעט, נאָר אווידע, טפילע, אהאווע. אז לעסטערער קענען, פארשטייט זיך, ניט פילן קיין גליק — פּאָשעט דערפאר, ווײַל זיי זײַנען לעסטערער. און אז זיי דערפילן שוין יאָ אמאָל, ווערן זיי נאָך גרעסערע לעסטערער, אאוו. אאוו...

האקיצער, עטלעכע טעג דורכאנאנד האָט געהאלטן דער וויקועך, און סאָפּקאָלסאָף איז אויבן אין די הימלען ראפּאָרטירט געוואָרן, אז איזעון נעמט קיין גליק אויך ניט. איזעו איז געבליבן איזעו.

מע דערציילט אפילע, אז אויבן אין די הימלען האָט זיך פּלוצעם דערהערט א דין־זינגענדיקע כליפּערײַ. די מאלעכטע אונדזערע מיטן שארפן צינגל, מיט די שווארצע ברענענדיקע אויגן און מיט די לאנגע, פּעך־שווארצע, צעלאָזטע האר אַף די אקסל, האָט צעפּעכערט די פליגל, א נייג געטאָן זיך מיט א קניקסל און קוים אײַנגעהאלטן מיט דער האנט דאָס כליפּען אירס, ווי פון פידל־סטרונעס אראָפּ.

— אונטן, לעבן אים, — האָט זי א זאָג געטאָן, — האָב איך זיך דער־ווּוסט אזוינס, וואָס כ'האָב ביז איצט קיינמאָל ניט געוווּסט: ליבשאפט. איך בעט, מע זאָל מיך אויסשרײַבן פון די הימל־ביכער. כ'וויל מער ניט זײַן קיין אייביקע מאלעכטע. איך וויל זײַן א פּראָסט שטערבלעך ווײַב, זײַנס, איזעווס, ווײַב.

נאָך עפּעס, דערציילט זיך, האָט זי א זאָג געטאָן:

— כ'פלי צו אים און טראָג אים אין מײַנע אינגעווייידן א בען־זיקונימל. א זון אונדזערן!..

נאָר דאָס ווייסט מען שוין ניט פּינקטלעך, צי האָט זי עס נאָר אזוי געזאָגט, צי האָט זי עס טאקע אזוי געמיינט.

דאָס דארף מען נאָך א קוק טאָן.

# קליינע נאָוועלן

## גאַניידן־עפּל




יך זיץ לעבן מײַן פּאָטערס בעטל און דערצייל כידושים אף כידושים: כ׳בין נאַרוואָס געקומען צו פּאָרן פונעם קאָלווירט „דער רויטער גערטנער״, ווו איך בין געווען גאַנצע דרײַ וואָכן.

מײַן פּאָטער ליגט קראַנק. זײַנע הייסע טיפע אויגן, וואָס בלישטשען טאָמיד, בייס ער הערט דערציילן, קוקן איצט קאַלט און וואַסערדיק. דאָס מאָגערע פּאָנעם זײַנס, א נישט אָפּגעגאָלט־גראָווס, זעט אויס אשיק־פּאַרביטן, פאַרגליווערט. ער ליגט אָנגעטאָן אין א פרישן ווײַס העמד. די אַרבל, צע־שפּיליעטע, זײַנען ארום די שטעקלדיקע הענט זײַנע גוואַלדיק ברייט, און אף דער קאָלדרע ליגן צעשפּרייט א פּאָר טונקעלע, אָדערדיקע, אויסגע־האָרעוועטע דלאָניעס. ער קוקט דאַפקע, פון צײַט צו צײַט, גלײַך מיר אין די אויגן אריין, שאָקלט צו מיטן קאָפּ, נאָר זען, דאַכט זיך, זעט ער מיך ניט, און מיטן קאָפּ שאָקלט ער צו נישט צו דעם, וואָס איך דערצייל, נאָר צו אייגענע שווערע מאַכשאָוועס זײַנע.

— אזוי איז ער... — דרייט זיך ארום מיר א זיפּצנדיקע די אַלטע מאַמע מײַנע, — קענסטעך אים... ער, אז ער מאָנט, קראַנקערהייט, דאָס שערל אָפּצושערן זיך די נעגל און הייסט זיך אָנטאָן א קלאָר העמד, ווייסטו דאָך שוין, וואָס ער מיינט... אזא נאַר... ער האָט זיך אײַנגערעדט א ראַק, האָט ער זיך אײַנגערעדט... וואָס, ווער, ווען?.. פונוואַנען נעמסטו עס? ווער האָט עס דיר געזאָגט? ער׳ט זיך אַרײַנגענומען אין קאָפּ אַרײַן, אז ער הייבט זיך שוין מער ניט אוף... דאָס אַליין פּרעסט אים אוף א

לעבעדיקן... זון מײַנער, לאָז איצטער אָפּ די שײנע סעדער דײַנע און זאָג אים בעסער א פּאָר װערטער, קלאַפּ אים ארױס דאָס מעשוגאַס פון די געהירן!..

— ס'איז גרינג צו זאָגן...— קװעטשט די עלטערע שװעסטער מײַנע אױס א לימענע אין א גלאָז,— באַלד לאָזט ער זיך, דער טאַטע... אים, אז דו זאָגסט עפּעס, קוקט ער דיר אין די אױגן ארײַן, צי מײנסטו טאַקע אזױ, צי זאָגסטו נאָר אזױ...

מײַן פּאָטער האָט א הײב געטאָן א האַנט פון דער קאָלדרע, דער ברײטער ארבל פונעם העמד האָט זיך אראָפּגעגליטשט ביז צום אַקסל אראָפּ, און די האַנט איז שטײן געבליבן אינגאַנצן אן אָפּגעדעקטע, א בײנערדיקע, א דורכזיכטיקע.

— אײסערן!.. דערצײל, זון מײַנער, דערצײל װײַטער!..

דערצײלן װײַטער? איך טו א קוק צו דער מאַמען און צו דער שװעס־טער. געשיקט זיך, אז זײ האַלטן מיך פאַר אזא נאַר? איצטער־אָ, װען דער טאַטע מײנט, אז ער שטאַרבט, קומען צו אים גלאַט אזױ אין דער װעלט ארײַן מיט מײַסעס װעגן א קאַלװירטיש דאָרף, װאָס האָט זיך אין די לעצטע יאָרן צעװאַקסן? װעלן, הײסט עס, אלײן פּאַשעט האַנאַע האָבן, אױסגעיסנדיק אָנגעזאַמלטע באַגײַסטערטקײַט? איצטער־אָ? איך טו א קוק אף מײַן פּאָטערס האַנט, װאָס שאָקלט צו דער מאַמען, עס זאָל זײַן שטיל, מע זאָל מיך לאָזן רײדן, און כ'דערצײל װײַטער:

— געדענקסט, טאַטע, עס פלעגן אמאָל זײַן אין שטעטל קלײנע זױערע עפּעלעך, דריװונעקע, װי ניסלעך, פּאַראַדיסקעס פלעגט מען זײ רופן, גאַנײדן־עפּעלעך. זאָלסטו זען, װאָס פון די דאָזיקע זױערע עפּעלעך איז געװאָרן. באַם סאַמע װאָרצל פונעם בײמל שנײַדט מען אײַן א צװײַגל פון די בעסטע עפּל־סאָרטן. זײ װאַקסן אױס ניט קײן הױכע, מיט קײַ־לעכיקע קרױנען, װי קוסטן. קאַרליקעס רופט מען זײ. הונדערטער העק־טאַרן, טאַטע. אין צװײ יאָר ארום הײבן זײ אָן געבן פּײרעס. מעסוקענע גערעטעניש. עס װאַקסן אף זײ די בעסטע קאַלװינען, שאַפּראַנען, גאָלד־ראַנעטן. נאַ, זע. כ'האָב דיר אומיסטן געבראַכט, זאָלסט פּאַרזוכן. פון אלע סאָרטן. זע נאָר א שײנקײַט פון עפּל. א מין שמעקן.

מײַן פּאָטער נעמט ארײַן אין בײדע דלאָניעס א גרױסן עפּל, באַקוקט אים, ציט אים צו נאָענט צו די נאָזלעכער, אָטעמט אײַן זײַנע שמעקנדיקע רײכעס. איך צעשנײַד דערװײַל אן עפּל אף ריפּטלעך, רײניק אױס די קערלעך, שײל אָפּ די שאָלעכץ און דערלאַנג די ריפּטלעך דעם טאַטן אין א טעלערל. בעשאַסמײַסע זעץ איך פאָר:

— כ'בין געװען, טאַטע, אפן „פּיטאָמניק". זאָלסט אָנקוקן יונגע־פלאַנץ־בײמלעך — סאַזשענצעס. אין די צענער טױזנטער שטײען זײ אײַנגעגראָבן אין זאַמד, אײנס לעבן אנדערן, יעדער סאָרט באַזונדער, און װאַרטן אפן פרילינג. אָנדערהאַלבן מיליאָן סאַזשענצעס. שטעלסט דיר פאָר, טאַטע, ארום־און־ארום אפן סטעפּ, װיפל דאָס אױג קען פאַרכאַפּן, שורעסװײַז, שורעסװײַז, נײַע סעדער, אָנדערהאַלבן מיליאָן בײמער צװײ־טען. פון אָנדערהאַלבן מיליאָן בײמער הענגען אָסיען אראָפּ פולע צװײַגן...

מײַן פֿאָטער האָט זיך געטאָן אַ ריר אופֿצוזעצן זיך, איך העלף אים צו, און ער נעמט מיר ארום מיט דער האַנט דעם האַלדז, גיט מיר אַ לײַכטן גלעט דעם קאָפּ.

— װײסט, טאַטע, — װערט דאָס קאָל מײַנס קלוימערשט װאָכעדיקער, דערעכאַגעװודיק, — דער בריגאַדיר פֿונעם „פּיטאָמניק״ האָט מיר צוגעזאָגט עטלעכע בײמלעך. פֿאַרדײַנעטװעגן. װעסט זײ פֿאַרזעצן אין הויף, קעגן די פֿענצטער. ס׳װעט ניט זײַן שװער זײ צו באַאַרבעטן. זײ װאַקסן אויס נישט קײן הויכע.

מײַן פֿאָטער טוט מיטאַמאָל אַ דרײ אויס דעם קאָפּ צו מיר און קוקט מיך אַ רעגע אָן. די אַשיקע גראָװקײַט אױף זײַן פּנים הײבט אָן פֿאַמע־לעך באַקומען אַ זילבערנעם גלאַנץ. זײַנע אויגן צעלײַכטן זיך. אין אײן האַנט האַלט ער דאָס טעלערל, און מיט דער אַנדערער רופֿט ער צו זיך די מאַמען און די שװעסטער:

— רײזל... זינע... הערט איר, קינדער, איר נאַרט מיך טאַקע, אַפֿאַ־נעם, ניט אָפּ... אַז ער הײסט מיר נאָך פֿלאַנצן בײמער...

און מיט די שפּיץ פֿינגער טוט ער אַ נעם אַ שטיקל עפּל פֿונעם טע־לערל, לײגט עס אַרײַן אין מויל אַרײַן, צעקײַט עס, בלײַבט אַ רעגע שטײן עס גוט טויעם צו זײַן און ציט אויס די פֿינגער נאָך אַ צװײט שטיקל...

— טאַם גאַנײדן!..

די מאַמע שפּאַרט אים אונטער די זײַט מיטן קישן, לײגט אַװעק אויף דער קאָלדרע אַ װײַס סערװעטל. די געקנײטשטע באַקן אירע רויטלען זיך, צװישן די װײַעס פֿינקלט אַ טרער:

— אַזאַ נאַר, אַזאַ נאַר... איצטער־אָ, אויף דער עלטער, װען עס װילט זיך אַזוי לעבן, זוכט ער דעם גאַנײדן אין הימל... לעקיש אײנער...

---

## יאַלטער פֿײגעלעך

אין דער שײנער שטאָט יאַלטע, צװישן צענדליקער סאַנאַטאָריעס, װוּ מענטשן הײלן זיך, און צענדליקער אָפּרו־הײַזער, װוּ מענטשן קומען, נאָך אַ יאָר אַרבעט, אָפּרוען זיך, שטײט, באַרג־אַרופֿצו, אַ גרויס דרײַ־גאָרנדיק הויז.

דאָס הויז איז אַרומגערינגלט מיט קיפּאַריסן־בײמער און צעדערבײ־מער. מיט שטילע טונקעלע אַלײעס. מיט בלומען־קוסטן און פֿאָנטאַנען קעגן די פֿענצטער. מיט גלאַט־אַספֿאַלטירטע סטעזשקעס. מיט אַ באַנק דאָ־און־דאָרט אונטער אַ בוים איבערצובלײַבן אַלײן מיט די אײגענע געדאַנקען. און, פֿון די באַלקאָנען אַראָפּ — מיט אַ שײנער ברײטער פּאַנאָ־ראַמע פֿאַר די אויגן.

פֿון אײן זײַט, רעכטס — נײַע, פּירעקעכדיק־הויכע בלאָק־הײַזער מיט אָן אַ שיר רײען זוניק־צעשפּילטע פֿענצטער. אַרום די דאָזיקע בלאָקן, װאָס זעען זיך אָן פֿונדערװײַטנס אײנס אָפּן אַנדערן, װי עפּעס קישעף־טרעפּ באַרג־אַרויף, זײַנען באַהאַלטן צװישן סעדער קלענערע שטיבער מיט אַלערלײ פֿאַרביקע דעכער, זעען זיך אָן געדרײטע אַספֿאַלט־װעגן,

וואָס ציִען זיך אַרויף, אַרויף, צו שטיקער וואַלד, צו באַרג־קאַנטן און באַרג־שפּיצן אונטערן סאַמע הימל.
פֿון דער צווייטער זײַט, לינקס, אונטן — דער יאַם. דער שיינער שוואַר־צער יאַם. מיט שיפֿן און שיפֿלעך באַם ברעג. מיט הויכע, רויטע און געלע הייב־קראַנען. מיט טויזנטער מענטשן אויף די פּליאַזשן. מיט אַ בלוי־גרינבלעכער צעכוואַליעטקייט, וואָס קנייטשט זיך אַוועק ווײַט־ווײַט ער־גער אין אייביקייט.
דאָס דאָזיקע דרײַגאָרנדיקע הויז באַרג־אַרויפֿצו איז אַ שרײַבער־הויז. אַ שאַפֿונגס־הויז. שרײַבער קומען זיך אַהער דורך אַף אַ כּוידעש־צוויי אָפּזונדערן זיך אין די שטילע צימערן און אַרבעטן איבער די ביכער זייערע, וואָס זיי שרײַבן.
אין יאַלטע האָט, ווי באַוווּסט, אַ סאַך צײַט געלעבט טשעכאָוו.
די שטוב, וווּ ער האָט געוווינט, איז איצט אַ מוזיי.
נישטאָ אַזאַ מענטש, וואָס זאָל קומען קיין יאַלטע, און זאָל ניט גיין אָנקוקן דעם טיש, לעבן וועלכן דער דאָזיקער גרויסער רוסישער שרײַ־בער האָט געשאַפֿן זײַנע ווערק; דאָס עסצימער, וווּ טשעכאָוו האָט מיט זײַן הויזגעזינד געגעסן; דאָס שלאָפֿצימער, וווּ ער איז געשלאָפֿן.
אַף די יאַלטער גאַסן איז טשעכאָוו געגאַנגען. אונטער דעם־אָ צע־שאָטנטן בוים, אַף אַ באַנק, איז עפּשער טשעכאָוו געזעסן. קאָן זײַן, אַז פּונקט אָ־דאָ־אָ, אַף דעם־אָ אָרט לעבן יאַם, איז טשעכאָוו געשטאַנען און געקוקט.
יעדער ווינקעלע און יעדער סטעזשקעלע, יעדער בוים און יעדער צווײַגל אָפּן בוים און יעדער פֿייגעלע אָפּן צווײַגל דערמאָנען, שעפּטשען, צוויטשערן: טשעכאָוו! טשעכאָוו!
ס׳איז גראָדע גוט און ס׳איז גראָדע פּאַסיק, וואָס דאָ־אָ, אין דער־אָ שטאָט, שטייט אַזאַ שרײַבער־הויז, אַזאַ־אָ שאַפֿונגס־הויז.
שרײַבער פֿון אַלע עקן לאַנד קומען אַהער. די באַוווּסטסטע און די ווייניקער באַוווּסטע. ווער איז שוין דאָ ניט געוועזן!
קאָנסטאַנטין פּאַוסטאָווסקי, זאָגט מען, איז מאַמעש געווען פֿאַרליבט אין יאַלטע. ער פֿלעגט קומען אַהער אין שאַפֿונגס־הויז, זיצן דאָ און אַרבעטן צוויי צי דרײַ כאָדאָשים קעסיידער. מע האָט געזען אומשפּאַצירן אין די אַלייעס אַ געוויינלעכן מענטשן, מיט אַ געוויינלעכן, אַ ביסל מידלעך־פֿאַרזאָרגטן פּאָנעם. און דער דאָזיקער געוויינלעכער מענטש גייט זיך אַרײַן אין זײַן צימער, זעצט זיך געוויינלעך אַוועק באַם טיש און קישעפּט אויס אוצרעס. שורע נאָך שורע. בלעטל נאָך בלעטל. אוצרעס פּאָעזיע און מענטשלעכקײַט.
מיט עטלעכע יאָר צוריק האָב איך געהאַט די זכיִע צו זײַן דאָ אײַנאיינעם מיט סאַמויִל יאַקאָוולעוויטש מאַרשאַקן. ער האָט געוווינט אָפּן צווייטן גאָרן. ער איז שוין דעמלט געווען קראַנק, פֿאַרעלטערט, געקנייטשט. נאָר כ׳פֿלעג אים שטענדיק זען זיצן אָפּן באַלקאָן זײַנעם איבערגעבויגן איבערן טיש. ער איז געזעסן און געאַרבעט פֿון העט פֿאַרטאָג ביז שפּעט פֿאַר־נאַכט. מעגלעך, אַז ער האָט שוין דעמלט געפֿילט, אַז ער שטאַרבט. און

ער האָט ניט געוואָלט פאַרלירן קיין איין רעגע. געוואָלט איבערגעבן דער וועלט אַלצדינג זײַנס, ביזן לעצטן. אַלע שיינקײַטן און רײַכקײַטן, וואָס ער האָט אין זיך פאַרמאָגט.

אין יענער צײַט איז דאָ אויך געווען דער דיכטער דער כאַכעם מיר־כאַיִל סוועטלאָוו. כ׳האָב געזען, ווי יעדער איינער האָט אים ליב. כ׳מיין, אַז דער אוילעם האָט אים ליב געהאַט אי פאַר זײַן כאָכמע, אי פאַר זײַן מילדקייט, פאַר זײַן ברייטער האַנט, פאַר זײַן פראָסטקייט און צוגע־לאָזטקייט, פאַר זײַן קענען טיילן שטיקער כאָכמע גרויס און קליין: נאַ דיר אַ שטיק און נאַ דיר אַ שטיק. נישקאָשע־נישקאָשע, כ׳וועל כאַלילע ניט בעדאַלעס ווערן!..

כ׳האָב דאָ באַגעגנט אַזערבײַדזשאַנישע שרײַבער, אוזבעקישע שרײַ־בער, באַשקירישע שרײַבער, אוקראַיִנישע שרײַבער. מײַנע מאָלדאַווישע, מײַנע ייִדישע שרײַבער.

שרײַבער, וואָס שרײַבן אויף פאַרשיידענע לעשוינעס.

שרײַבער פון פאַרשיידענע הייכן, פאַרשיידענע מאַסשטאַבן, פאַרשיי־דענע זשאַנרען. שרײַבער מיט פאַרשיידענע כאַראַקטערן.

נאָכן דאָזיקן היפּשלעכן אַרײַנפיר וויל איך איצט דערציילן אַ קלײנע פּאַסירונג, וואָס האָט מיט מיר הײַנטיקן זומער פּאַסירט אין יאַלטער שאַ־פונגס־הויז. ניט וועד ווייסט וואָס קיין אויסערגעוויינלעכע. נאָר פאָרט — אַ פּאַסירונג. און ס׳איז זי קעדײַ, מיין איך, צו דערציילן.

דער בעסטער סימען, אַז פוילע זײַנען פוילע, איז ווען זיי טוען אָפּ די אַרבעט, וואָס זיי האָבן אָפּצוטאָן, סאָף טאָג און ניט אָנהייב טאָג. איך האָב מיר, פאַרשטייט זיך, אויסגערעדט, אַז שולדיק איז ניט די פויל־קײַט, — שולדיק איז דער יאַם. מאַכמעס ווי גייט מען איידער עפּעס וואָס אויף אַ פּאָר שאָ ניט אַראָפּ צום יאַם, אַרײַנוואַרפן זיך אין זײַנע וואַסערן, דורכפרישן זיך מיט זײַן פרישקײַט, אָנקוקן זיך אויג־אויף־אויג מיט דער שיינקײַט זײַנער?..

כ׳האָב געאַרבעט באַטאָג, נאָכן אָנבײַסן, צוגעזעצט זיך נאָכאַמאָל צום טיש באַלד נאָכן אָוונטברויט און געאַרבעט ביז שפּעט אין דער נאַכט.

כ׳האָב זיך דערנאָך אַ סאַך צײַט געדרייט אויפן געלעגער, ניט געקענט אַנשלאָפן ווערן. און אַז איך בין שוין פאַרטאָג־צו יאָ אַנשלאָפן געוואָרן און קוים אָפּגעשלאָפן, הערט איר, אַ מין שאָ־צווייי, האָט מיך פּלוצעם עמעצער ווי געוועקט, געטאָרעט, ווידער ניט געלאָזט שלאָפן. כ׳האָב אופגעעפנט די אויגן און אַ קוק געטאָן צום פענצטער. אין דרויסן איז שוין געווען ליכטיק. בלאָוולעך ליכטיק. די ערשטע טעלעכע רעגעס אָנ־הייב טאָג. אין צימער האָבן זיך שוין אָנגעהויבן אויסשיילן זאַכן: דער טיש, דאָס לעמפּל אויפן טיש, די בייגעלעך פּאַפּיר לעבן לעמפּל, דאָס בענקל לעבן טיש. כ׳האָב מיך אײַנגעהערט אין דער שטילקײַט און דערהערט, ווי ערגעץ פון יענער זײַט וואַנט, אין שכיינעסדיקן צימער קלאַפּט אַ שרײַב־מאַשינקע. קלאַפּט גיך, פריילעך. אין דער פאַרטאָגיקער שטילקײַט — הויך, וועקנדיק:

— טשיק, טשיק... טשיק... טשיק, טשיק, טשיק... טשיק... טשיק...

כ׳האָב מיך איבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע, געכאלעשט שלאָפֿן. נאָר די מאשינקע האָט שוין ניט געלאָזט צומאכן קיין אויג. זי האָט געקלאַפּט ווי בא מיר אין צימער, גלײַך אקוראט אין די אויערן ארײַן, ווי מאמעש אָט דאָ־אָ לעבן מיר אונטער דער קאָלדרע:

— טשיק, טשיק, טשיק... טשיק, טשיק...

באטאָג האָט זיך דאָס קלאַפּן ניט געהערט. נאָר ארבעטן האָט זיך שוין קימאט ווי ניט געארבעט. איבערן ניט אויסשלאָפֿן זיך איז דער קאָפּ געווען שווער און אין די אויערן איז אלץ געשטאנען דער פּארטאָגיקער אומרו.

אָף מאָרגן האָט זיך די געשיכטע, פּארשטייט זיך, ווידער איבערגעכאזערט. כ׳האָב זיך דערוווּסט, אז אין שכיינעסדיקן צימער וווינט אַן עלטערע שרײַבערן, אַן איבערזעצערן. זי וווינט שוין דאָ באלד א כוידעש. אין א פּאָר טעג ארום פּאָרט זי שוין אהיים. כ׳האָב מיך די פּאָר טעג גוט צוגעמוטשעט. און אָט ליג איך א בארוזיקטער אין בעט. די שכיינע מײַנע איז פּארנאכט אוועקגעפּאָרן. מאָרגן וועל איך ענדלעך, ווי טאָמיד, ס׳ערשטע אָף עטלעכע שאָ גיין צום יאם, און דערנאָך, נאָכן אָנבײַסן, ביז שפּעט אין אָוונט, זיצן באם טיש און ארבעטן.

נאָר א טשיקאווע זאך: פּארטאָג האָט מיך עמעצער ווידער געטאָרעט, געוועקט, געטשיקעט מיר גלײַך אין די אויערן ארײַן:

— טשיק... טשיק... טשיק, טשיק, טשיק...

כ׳האָב מיך שוין בעפּיירעש א ביסל דערשראָקן אויך. געשיקט זיך, אז אין איינע דרײַ טעג איז מיר דאָס דאָזיקע קלאַפּן פון דער שרײַב־מאשינקע אזוי טיף ארײַן אין די ביינער, אז איך הער עס שוין איצטער סײַוויסײַ, כאָטש קיין שום מאשינקע קלאַפּט ניט מער? כ׳בין אראָפּגעשפּרונגען פונעם געלעגער, לאנג געוואשן זיך מיט קאלט וואסער, און זיך ווישנדיק, קלאָר געהערט:

— טשיק, טשיק, טשיק... טשיק, טשיק...

כ׳בין צו צום פענצטער, געמאכט א פּאָר גימנאסטישע באוועגונגען, ארויסגעבויגן זיך אין דרויסן אָנצואָטעמען זיך מיט .פּארטאָגיקער קילקײַט, און... האָב זיך אזוי צעלאכט, וואָס הייסט צעלאכט, עפּשער פינף מינוט אָפן זייגער: די שרײַב־מאשינקע האָט געקלאַפּט ערגעץ אויבן, אָפן הויכן קיפּאריסן־בוים לעבן פענצטער.

— א שיינע זאך, — האָב איך א טראכט געטאָן, — די פייגעלעך אין אונדזער שרײַבער־הויז האָבן אָנגעהויבן טשיריקען מיטן זעלבן קלאנג, אין זעלבן טאקט, ווי די שרײַב־מאשינקעס...

כ׳האָב א זוך געטאָן מיט די אויגן צווישן די צווײַגן און אויבן אָף א דין צווײַגעלע דערזען צוויי פייגעלעך. זיי האָבן מיט די רויטע פּיסלעך זייערע געהאלטן דאָס צווײַגעלע ארומגענומען, האָבן א בייג געטאָן די קעפּלעך אין איין זײַט, א בייג געטאָן אין דער אנדערער זײַט, אראָפּגעקוקט צו מיר מיט אזעלכע פריילעכע אייגעלעך און האָבן מיט די פּיצינקע שנעבעלעך זייערע געצוויטשערט, טשיריקעט.

— היי, נאַרישע פייגעלעך! — האָב איך א זאָג געטאָן. — וואָס האָט איר מיך איבערגעשראָקן?..

— טשיק, טשיק... מיר האָבן דיך ניט איבערגעשראָקן... מיר וועקן דיך שוין אזוי דריַ טעג... טשיק... טשיק, טשיק, טשיק... פע, פעפער!.. ווי פארשלאָפט מען אזעלכע יאַלטער פרימאָרגנס?.. אזעלכע זון־אופגאנגען?.. טשיק... טשיק... טשיק, טשיק...

— איך... איך ארבעט באטאָג... אפדערנאכט... — האָב איך מיך פאר די דאָזיקע מאָדנע פייגעלעך פארענטפערט.

— טשיק, טשיק... בא דיר איז קאַפויר... ארבעטן ארבעט מען אָנהייב טאָג, ניט סאָף טאָג!..

— נו, און דער יאַם, וואָס וועט זאָגן דער יאַם?

— טשיק, טשיק... דער יאַם האָט ליב, אז מע קומט צו אים נאָך דער ארבעט, ניט פאר דער ארבעט!.. טשיק... טשיק, טשיק...

— ס׳איז מיר שווער, פארטאָג איז מיר שווער!..

וועקן מיר דיך! וועקן מיר דיך! טשיק, טשיק...

די דאָזיקע אויסטערלישע פייגעלעך, וואָס האָבן מיך געוועקט מיטן קלאַפּ פון א שרייַב־מאשינקע און גערעדט צו מיר מיט א מענטשלעכן לאָשן, האָבן א פאטש געטאָן מיט די פליגעלעך און זיַינען אוועקגע־פלויגן.

און וואָס מיינט איר? — כ׳בין צוגעגאנגען צום טיש, אוועקגעזעצט זיך, און ס׳האָט זיך אין יענעם פארטאָג גראָדע גאָרניט שלעכט געשריבן.

אין יענעם פארטאָג, און דערנאָך אין א סאך אנדערע פארטאָגן.

אָט דערצייל איך איצט די דאָזיקע פאסירונג אויך אין אזא־אָ צייַט. אפן טיש לעבן מיר ליגט דאָס זייגערל. דאָס גרויסע ווייַזערל שטייט גלייַך אף דער צוועלף, און דאָס קליינע ווייַזערל גלייַך אף דער זעקס.

קלוגע פייגעלעך, קלוגע. די גרעסטע האנאָע צו באָדן זיך אין יאַם איז ניט פאר אַן ארבעט, נאָר נאָך אַן ארבעט...

---

## די באָבע מיטן אייניקל

אָנגענומענע בא די הענט, ווי א קינד מיט א קינד, טראָגן זיךביידע צווישן שטראָמענדיקן אוילעם.

א באָבע מיט אַן אייניקל.

בלוזקעס און רעקלעך, העלע, פארביקע, פילן אָן דעם גרויסן פּלאַץ, רוקן זיך צונויף אייַנס לעבן אנדערן, וואקסן אויס מיטאמאָל, געדיכט און קווייטלדיק.

די באָבע — ווי א באָבע: א ביסל געבויגן, א ביסל געקנייטשט, מיט א יאָמטעוודיקער פאטשיילע אפן קאָפּ; און פון אונטער דער פאטשיילע פאלט ארויס א לאנגע פאסמע האָר, א ווייַסע, ווי די האָר פון א פידל־סמיטשעק. זי רעדט מיט אן אלט שוואך קאָל. זי האָט צום אייניקל אייַן טייַנע:

— וווּהין, וווּהין שלעפּסטו מיך?

דאָס אייניקל — קוועקזילבער. עס לייגט זיך דעם ניט אפן מויעך, ווי קאָן עס גאָר א מענטש וועלן גיין פּאַוואָליע. קיין סאך ריידן אפן וועג איז נישטאָ ווען. איין וואָרט. דאָס סאמע קירצסטע:

— קום!

אפן פלאַץ שטופן זיךביידע דורך צווישן אוילעם און שטעלן זיך אוועק פאַרנט: איינייגעם מיט אלע קינדער.

דאָס אייניקל טוט יעדעס מאָל א צי די באָבען באם ארבל און ווײַזט איר אלעמאָל עפּעס אנדערש; הייבט זיך אוף אף די שפּיץ פינגער צו איר אײַנגעקאָרטשעטן אויער און גיט איר דערקלערונגען, גלײַך ווי די באָבע וואָלט געקומען צום אייניקל צוגאַסט:

— זעסט, באָבעשי, דאָס שפּילט דער פּיאָנערישער אָרקעסטער!

— מע ציט ארוף די פאָן!

און די באָבע שאָקלט צו מיטן קאָפּ, כאַזערט איבער, ווי א גוטע שילערן:

— דער פּיאָנערישער אָרקעסטער!..

— די פאָן!

מיטאמאָל צעזשומעט זיך איבער אלעמענס קעפּ א פליגל־פאַטשערײַ. הילכיק — בא די אויערן, דערוווּנדערנדיק זיך — שטילער. טוסט א הייב די אויגן און דערזעסט א פולן הימל מיט פליגל, ווײַסע פליגל.

פונוואַנען האָבן זיך גענומען אַזויפיל טויבן?

זיי שוועבן און קרײַזלען זיך איבערן אוילעם, הייבן זיך אוף העכער, העכער, לאָזן זיך צוריק אראָפּ נידעריקער, שטעלן זיך אויס ארום־און־ארום אף די דאַך־קאַנטן, אף די געשניצטע ווענט־קארניזן, אף די לאָמפּן־סלופּעס, דאָ און דאָרט אף עמעצנס אקסל.

דאָס אייניקל כאַפּט ארײַן אין זײַן פוקקע הענטל דער באָבעס ביינער־דיקע פינגער:

— באָבעשי!..

און די באָבע מיט א פאַריסענעם קאָפּ שעפּטשעט נאָך, כאַזערט איבער, ווי א ווידערקאָל:

— די טויב פון שאָלעם... שאָלעם...

דורכן הויכריידער קײַקלט זיך איבערן פלאַץ א יונג קאָל. ס'איז אַזוי שטיל געוואָרן, אז די באָבע דרייט אזש אויס דעם קאָפּ, קוקט זיך פּאַמע־לעך ארום, שמאָלט די אויגן פון איין פּאָנעם צום אנדערן און ציטערט פלוצעם אוף!

זע נאָר. אָט דאָרטן־אָ אינגאַנצן ער, אָלעווהאשאָלעם!

ס'איז שוין דאָ אַזויפיל יאָר אין דעם, און ער איז אין איר זיקאָרן ניט עלטער געוואָרן. יונג, א קינד, איז ער אין יענעם באַנאַכט, אין דער ערש־טער מילכאָמע־וואָך, צוגעקומען צו איר בעט אן אָפּגעשוירענער מיט א גרין רוקזעקל אף די פּלייצעס: „בלײַב געזונט, מאַמע. מירן זיגן. מירן לעבן!..“

זע נאָר, יענער־אָ, ווײַטער, איז נאָך ענלעכער צו אים. און אָט יענער־אָ — נאָך ענלעכער. וואָס איז דאָס מיט איר?

די פּאַטשיילע גליטשט זיך דער באָבען אַראָפּ פֿונעם קאָפּ, בלײַבט הענגען צעשפּרייט אַף אירע אַקסל, ווי צוויי פֿליגל.

זי שטייט אינגאַנצן אַ ווײַסע, אַ קליינינקע, מיט אַ קליין פּאַרשפּיציקט נעזל — אָט וועט זי זיך אויך אַ טראָג טאָן אַרויף, אַרויף.

אַרום־און־אַרום — אַזויפֿיל זון און אַזויפֿיל זין!

— באָבעשי...

דאָס אייניקל הייבט זיך אויף אַף די שפּיץ פֿינגער, פֿרעגט דאָס מאָל:

— די טויב פֿון שאָלעם ווייסט, אַז זי איז די טויב פֿון שאָלעם?

דער באָבעס ביינערדיקע פֿינגער באַוועגן זיך הין און צוריק איבערן אייניקלס קעפּל. די אויגן אירע נעמען אַרום דעם דאָזיקן גאַנצן יאָמ־טעוודיקן אוילעם. ס'איז איר איצטער אַזוי גוט אַפֿן האַרצן.

— מיר זאָל זײַן פֿאַר דיר, קינד מײַנס. זי ווייסט. אוואַדע ווייסט זי!

---

## שוועסטער

איינע הייסט זינע, און די אַנדערע נינע.

ביידע מיידלעך האָבן צווישן זיך אַ סאַך ענלעכס. כאָטש זינע איז אַ צאַרטע, אַ טונקעלע, מיט גרויסע פּאַרטראַכטע קאַרשן־אויגן און נינע — אַ פֿולע, מיט אַ ווײַס ליכטיק פּנים און מיט צוויי לאַנגע גילדענע צעפּ אַפֿן רוקן. און כאָטש שוועסטער זײַנען זיי פֿאַשעט אין אַ שפּיטאָל — מעדשוועסטער.

ביידע זײַנען אויפֿגעוואַקסן באַ פֿאַרשיידענע עלטערן, געענדיקט די מעדשול אין פֿאַרשיידענע שטעט, און וווינען איצט אין שפּיטאָל־הויף אין איין צימערל. אַ צימערל מיט הויכע ווײַסע לאָדן, מיט ווײַס מעבל און מיט אַ סאַך שאָטנס פֿון בלעטלעך אַף די ווענט.

ביידע זײַנען נאָך גאָר יונג: ערשט פֿון דער שול, ערשט פֿון דער היים.

אַ קילער סאָפּזומערדיקער פֿרימאָרגן אין דאָרף. די זון האָט זיך נאָר־וואָס אויפֿגעהויבן פֿון הינטערן וועלדל. ביידע מיידלעך זײַנען נאָך אַ נאַכט־דעזשורסטווע.

די ערשטע גייט אַהיים זינע. זי שפּאַנט אַף דער אויסגעפּלאַסטערטער שפּיטאָל־סטעזשקע מיטן כאַלאַט אין די הענט. דאָס ווײַסע טיכל אַפֿן קאָפּ, ציכטיק אויסגעלייגט ווי אַ מיצל, איז איצט, נאָך דער אַרבעט, צעפּאַלן און אַראָפּגערוקט איבערן שטערן אַראָפּ. זי האָט דעזשורעט אין געבורט־זאַל. די דאָקטערן איז ניט מער ווי געשטאַנען באַ דער זײַט און אַכטונג געגעבן. אין אירע, אין זינעס, הענט האָט דעם קינדס קעלכל צום ערשטן מאָל צעקלונגען זיך. זי האָט געפֿילט, ווי דאָס פּנים אירס איז פֿאַר־פֿלאַמט, דאָס האַרץ קלאַפּט, דאָס קינד האָט זי געוויקלט מיט ציטערנדיקע פֿינגער. די דאָקטערן האָט געלאַכט פֿון איר איבערגעטריבענער אויפֿגע־רעגטקײַט. נאָר סײַוויסײַ, ווען זי וואָלט איצט ניט באַגעגנט, וואָלט זי אַזוי־אָ איבערגעטריבן געוואָלט אַ זאָג טאָן:

— א מענטש איז געבוירן געוואָרן... אַט... אַף מײַנע הענט...

אין צימער צעעפּנט זינע די לאָדן, צעעפּנט א פענצטער, ציט אראָפּ דאָס טיכל פונעם קאָפּ, טוט אויס די שיך און שטעלט זיך אוועק וועלן מילך. זי שטייט און ווייסט, אז מילך דארף מען היטן, און לויפט פונ־דעסטוועגן אלעמאָל צו צום פענצטער, קוקט אראָפּ צו דער שפּיטאָל־סטעזשקע: עס ווילט זיך איר וואָס גיכער ריידן, דערציילן.

נאָר גראָד הײַנט שפּאנט נינע אהיים זייער לאנגזאם. דער כאלאט איז איר פארוואָרפן אַף אן אקסל. די שווערע צעפּ פארבייגלט אפן קאָפּ. די אויגן — מיד־פארשמאָלטע, פארטרויערטע. זי שפּאנט און אָטעמט אײַן אין זיך די פרימאָרגן־פרישקײַט. א גאנצע נאכט איז זי געזעסן לעבן א קראנקן. א מענטש אין די יאָרן. א קאָלווירטניק. פארנאכט האָט ער גע־האט א שווערן הארץ־אטאק. ער איז געבליבן ליגן מיט פארגליווערטע טראָפּנס שווייס אפן פּאָנעם, מיט פארגלאָזטע אויגן, אָן דעם מינדסטן ריר, ווי טויט.

דאָס ערשטע מאָל האָט זי געזען דעם דאָקטער אזוי פארזאָרגט. אָן אופהער האָט מען דעם קראנקן געגעבן זויערשטאָף, געמאכט קאמפער. זי האָט געהאלטן דעם קראנקנס האנט, געפּאָכעט אים מיט א ווייער, אים ארײַנגעטריפט טראָפּנס אין מויל. אין עטלעכע שאָ ארום איז דעם קראנקן געוואָרן בעסער. ער האָט אופגעעפנט די אויגן און אפילע א שמייכל געטאָן. דער דאָקטער איז אוועקגעגאנגען. נאָר סײַוויסײַ איז נינע א גאנצע נאכט געזעסן אפן קראנקנס בעטל, אלעמאָל אים אָפּגע־ווישט דעם שווייס פונעם שטערן, געגעבן אים צו לעפּלעך טיי און בעשום־אויפן ניט געקענט זיך באפרײַען פון דער פארטרויערטקײַט אירער, פון דעם געדאנק:

— א מענטש איז שיר ניט געשטאָרבן... א מענטש...

ביידע מיידלעך זיצן איינע קעגן דער אנדערער און פרישטיקן. זינעס טונקעלע באקן זײַנען נאָך פארפלאמט. אַף נינעס ווײַס פּאָנעם זײַנען נאָך פאראן סימאָנים פון פארוואָלקנטקײַט. זינע רעדט און רעדט. נינע שווײַגט. קיינמאָל איז נאָך בא זיי ניט געווען אזעלכע פארשיידענע שטימונגען.

יאָ. ביידע מיידלעך האָבן צווישן זיך א סאך ענלעכס.

---

## יונג גראָז

פרילינג.

ערגעץ אין א ווינקל פון מײַן גרויסשטאָטיש־אויסברוקירטן הויף האָט באלד אין די ערשטע זון־טעג מיט א מעסוקענער גיכקײַט, מאמעש איבער נאכט, ארויסגעשפּראָצט גראָז. גרינע, צארטע גראָזן זײַנען דאָ און דאָרט געוואקסן צווישן הארטע גראָע ברוקיר־שטיינער און האָבן דעם ווינקל צוגעגעבן שיינקײַט, פרישקײַט. ס'איז שווער געווען צו באנעמען, וואָס ס'איז דאָ פאָרגעקומען: צי די גראָזן האָבן געשפּראָצט, ווײַל די שטיינער האָבן זיך צערוקט, צי די שטיינער האָבן זיך צערוקט, ווײַל די גראָזן האָבן געשפּראָצט.

דער קלײנער סעניע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַף די קני, האַלב אױס־געשטרעקט זיך, דאָס פּאָנעם אײַנגעגראָבן אין די גראָז־שפּראָצונגען, און פון הינטן, נאָך די באַװעגונגען פון זײַנע אַקסל, האָט מען געזען, װי די הענט זײַנע רוען ניט, באַװעגן זיך הין־און־צוריק אַף דער ערד.

— פאַר װעמען נעמסטו דאָס?..— האָב איך אַ פרעג געטאָן.

— װאָס נעם איך? — האָט ער, ניט אופהײבנדיק דעם קאָפּ, אַזױ־אָ, איבערן אַקסל, אױסגעדרײט צו מיר אַ פּאָר פאַרכידעשטע אױגן.

— װאָס טוסטו דאָרט?

— גראָז!..— האָבן זיך די נאָזלעכער זײַנע אופגעבלאָזן.— יונג גראָז!..

— און דו רײַסט עס, האַ?..

ער האָט זיך גיך אַ דרײ געטאָן צו מיר, אַראָפּגעזעצט זיך, אַ רעגע טרויעריק געשװיגן און דערנאָך, קוקנדיק אַף מיר מיט באַדויער, אַ זאָג געטאָן:

— געשיקט זיך, אַז איר זעט ניט?.. איך רײַס עס ניט. פּאַשעט. איך גלעט עס!..

---

## פליגל

אַ לאַסטמאַשין האָט אױסגעלאָדן בא אונדז אין הױף אַ קופּע זאַמד. קינדערלעך זײַנען אָװנט־צו באַפאַלן די דאָזיקע קופּע זאַמד מיט אַלע זײערע אינסטרומענטן.

עקסקאַװאַטאָרס האָבן געגראָבן. אָנגעפּולטע אױטאָס זײַנען געפאָרן אַפּ און אַוף. דורך טונעלן האָבן זיך דורכגערוקט צוגן. אַ מײדעלע האָט ערגעץ דערטאַפּט אַן אַלטן בעזעם, געצױגן פון אים ריטלעך און געפלאַנצט אַ גאָרטן. אַ ייִנגעלע האָט אַרומגעשטעלט זײַן טערעמאָק־שטיבל מיט קוביקעס, איז אַרופגעקראָכן העט אױבן אַף דער קופּע זאַמד, אָנגעשיט זיך אַ פולע פּאָלע, זי פאַמעלעך אױסגעבױגן, און ס'האָט אָנגעהױבן ראַ־שיק אַראָפּגיסן זיך אַ זאַמדיקער װאַסערפאַל — גײ װײס, אַז דאָס טערע־מאָק־שטיבל אונטן איז אַ נאָרװאָס אױסגעבױטע הידראָעלעקטראָסטאַנציע.

דער קלײנער עדיק מײַנער יאָגט. דאָס העמדל איז אים צעכראַסטעט. דער קאָפּ — פאַריסן. רײַטנדיק אַף אַ שול־װירע, לױפט ער אַן אופהער אַרום־און־אַרום, לױפט פײַל־אױסן־בױגן, לאָזט איבער אונטער זיך אין זאַמד טיפע קרײַזן.

איך שטײ און באַטראַכט דאָס קלײנװאַרג און דערזע זיך מיטאַמאָל אין מײַן עדיקלס עלטער.

איך פלעג אױך ליב האָבן אַ נעם טאָן אַ שטעקן אין דער האַנט, אײן עק זײַנעם אַרײַנקװעטשן אין פאַרקנעטעטענעם ביסל לײם, װאָס פלעגט פון צײַט צו צײַט בלײַבן ליגן בא אונדזער שטיבל (אָפּצושמירן אינװײניק די „ערדן”), אין אַנדערן עק שטעקן פלעג איך אָנשפּאַרן זיך מיטן בױך, צומאַכן די אױגן, און אַזױ־אָ, אָן אופהער, דרײען זיך אַרום־און־אַרום

אין א קרײַז. דאָס פלעג איך אזוי נאָכמאכן די בלינדע קליאטשע, וואָס האָט אזוי־אָ געטריבן די איינציקע מאשינעריע בא אונדז אין שטעטל — די „מאסלעבויקע".

וויפל יאָרן איז שוין דען אינגאנצן דאָ אין דעם?

— היי, עדיק, שטיי א ביסל. וואָס לויפסטו אזוי?

מײַן עדיקל ענטפערט ניט טייקעף. דער קאָפּ איז אים פאריסן ארוף. די אויגן פארטאָן אין דער ווײַטקײַט.

— כ'לויף ניט, איך פלי!.. ארום־און־ארום דער וועלט! צו דער לע־וואָנע! טו, טו, טו־ו!..

---

## מײַן מאמע — מײַן לייענערן

אז איך ברענג איר אמאָל אראָפּ מײַנע א פריש־אָפּגעדרוקטע זאך, ציטאקע א גאנץ ביכל א נאָרוואָס דערשינענס, איז בא אונדז ביידן א גרויסער יאָמטעוו.

דאָס פּאָנעם אירס באקומט א הייליק קינדיש אויסזען; די געלע צע־קנייטשטע באקן אירע ווערן מיידלש־ראָזעווע; די אויגן — בלויער; די ווײַסע האָר — ווידער, דאכט זיך, גאָלדיק.

זי טוט אָן אף דער שפּיץ נאָז דעם טאטנס, אָלעווהאשאָלעם, גרויסע שארפע ברילן, דאָס ביכל נעמט זי ארײַן ווי א מאכזער איןביידע הענט אירע די אָדערדיקע, און הייבט אָן פאמעלעך ציִען די שורע, וואָרט בא וואָרט, שײַנענדיק, מיט א פײַערלעכן ציטער אין קאָל און מיט א מין באזונדערן יאָמטעוודיקן ניגן.

וואָס ווײַטער זי לייענט, אלץ מער וואקסט אָן אין איר די האנאָע, זי פארגעסט זיך אזש, פארגעסט מײַן שײַכעס צום געלייענטן. איך הער אוף ווערן איך: דער מעכאבער, וואָס האָט דאָס אלץ אויסגעטראָגן און געבוירן. די העלדן זײַנען ניט מער מײַנע העלדן. זי טוט א לאך, ווען זי הערט פון זיי א קלוג וואָרט; שײַנט אוף, ווען זיי טוען עפּעס אוף א גוטע זאך; בײַסט די ליפּן, ווען סע פארדרייט זיך עפּעס ארום זיי, און די אויגן אירע צעלויכטן זיך ווידער, ווען עס דרייט זיך צוריק אוף. אינמיטן לייענען כאפּט זי אלעמאָל א קוק צו מיר איבער די ברילן ארי־בער, פרעגט:

— פארשטייסט, פארשטייסט, האַ?

כוץ דער גרויסער איידעלער האנאָע פון א מאמען, האָט זי אויך די פראָסטע האנאָע פון א לייענערן און וויל, אז אויך איך, איר זון, זאָל האנאָע האָבן ווי א זײַטיקער.

און דאָס גראדע איז פאר מיר דאָס שענסטע גליק.

---

# דאָס פידעלע

כ'געדענק, מײַן טאַטע, אַ ייִד דעמלט מיט אַ וואַכעדיק־פאַרוואַקסן פּנים, מיט צעפלויגענע פּאָלעס פאַרשמאַלצעוועטע, האָט מיר פלוצעם געקויפט אַ פידעלע.

ניט קיין „סטראַדיוואַריוס", פאַרשטייט זיך, אפילו ניט קיין „שטײַנער". אַ פּראָסט פידעלע. אַ פּראָסט אָפּגעגנאַרט פידעלע, געמאַכט פון פּראָסטע טויבע ברעטלעך, גראָב אַרומגעשניצט, אָפּגעפאַרבט אין אַ מעשונעדיק־געלן שרײַענדיקן קאָליר.

ס'האָט קוים געלעבט איין וואָך. די דעקלעך האָבן זיך צעקלעפּט, די סטרונעס צעלאָזט. די מאַמע האָט געשריגן אויפן טאַטן:

— בעהיימע!.. דיר טויט מען נאָר אַרײַן... דעם לעצטן גראָשן אַוועקגעגעבן... ער האָט אים אָבער דערקענט, דער קלעזמערוק...

דאָס פידעלע האָט מען אין שטוב אָנגעהויבן רופן „דער דראָפּאַטש" און עס אײַנגיכן פאַרטראָגן אויפן בוידעם אַרויף.

נאָר אַ שיינע זאַך: ס'איז שוין דאָ אין דעם אַזויפיל צײַט — כ'בין אַלט געוואָרן עפּשער פיר־פינף יאָר, — און איך געדענק עס, דאָס פידעלע, איך זע עס.

און וויפל איז ווערט דער יאָמטעוודיקער גלאַנץ אין מײַן טאַטנס שיינע שוואַרצע אויגן, בײַס ער האָט מיר דאָס פידעלע דערלאַנגט?!

און וויפל איז ווערט דאָס שטילע ביסל נעגינע אין זײַן קאָל, ווי דער כליפּ פון אַ סטרונע אַראָפּ, בײַס ער האָט מיר אַ זאָג געטאָן:

— נאַ, זונעניו, שפּיל!..

---

# אַ געשעעניש

אַ קליין ייִנגעלע האָט זיך געשפּילט אין שטאָט־גאָרטן לעבן פאָנטאַן.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט רײַטנדיק אויף דעם פאָנטאַנס שטיינערנע ווענטלעך. מאַרשירט אויף זיי אַרום־און־אַרום. פלוצעם אויסגעגליטשט זיך און אַרײַנגעפאַלן אין וואַסער אַרײַן.

ס'איז געווען דערבײַ דעם ייִנגעלעס פאָטער. אין איין אויגנבליק האָט ער אַ שפּרונג געטאָן אין באַסיין אַרײַן און דאָס קינד אַרויסגענומען. אַ דערשראָקנס און נאַס' האָט דאָס ייִנגעלע געטוליעט זיך אין טאַטן, געציטערט. פון ביידנס קליידער איז גערונען וואַסער. מענטשן האָבן זיך צונויפגעזאַמלט. אַזוי־אָ, מיטן קינד אויף די הענט, האָט דער פאָטער אַוועקגעשפּאַנט צום פּאַווליאָן און איבערגעלאָזט אונטער זיך אַ לאַנגן נאַסן וואַסער־פּאַס.

מענטשן האָבן די דאָזיקע געשעעניש אַרומגערעדט:

— ס'קינד האָט געקענט דערטרונקען ווערן, ניין?

— א כאָכמע וואסער?!
— גוט, וואָס דער יונגערמאַן האָט זיך באלד א כאַפּ געטאָן.
— ווער איז ער דעם קינדס?
— קיינער ניט. א יונגערמאַן. א פרעמדער יונגערמאַן.
— ער האָט אפילע ניט באוויזן אויסצוטאָן דאָס רעקל. איר האָט געזען, ווי ס'האָט געליאפּעט פון אים דאָס וואסער?
— ווהין זשע איז ער אוועק, ווהין?
— ער איז געגאנגען דאָס קינד דערוואַרעמען.
— אויסטריקענען.
— דערנאָך וועט ער עס מיסטאמע אהיים פירן.
— א פרעמדער יונגערמאַן.

אזוי האָט די דאָזיקע געשעעניש אויסגעזען דעם אוילעם נעענטער, מענטשלעכער.

---

# פאָטער און זון

ביידע האָבן זיך צוגעזעצט אף א באנק, אינמיטן א זונטיקדיקן שפּאַציר, און זיך געביטן מיט די שיך. אלציין־נײַע, געלע, זומערדיקע האלבשיך.

דער זון האָט ארופגעצויגן אפן פוס דעם פאָטערס א טופליע, און די פארבן אף זײַן פּאָנעם האָבן זיך פּאמעלעך אָנגעהויבן ענדערן. אקוראט עמעצער וואָלט אים די גאנצע צײַט געהאלטן באם האלדז און אים מיטאמאָל אָפּגעלאָזט. דורך די זומערדיקע שיך־לעכלעך האָט זיך אָנגעזען, ווי די פינגער זײַנע אָטעמען אָפּ, גלײַכן זיך אויס. ער האָט זיך אופגעשטעלט, אופגעעפנט, דאכט זיך, גרעסער די אויגן און מיט א צעליכטיקט פּאָנעם א זאָג געטאָן:

— נו, אָט... א מעכײַע... דאָס ערגסטע אין דער וועלט איז ענגע שיך... א גאניידן!

דער פאָטער האָט ארופגעצויגן אף די פיס דעם זונס טופליעס. ער האָט זיך אויך אופגעשטעלט. א רעגע איז ער געשטאנען מיט אזא מינע, גלײַך ווי ער וואָלט געשפּאנט אינדערלופטן אף א דראָט. קיינער האָט ניט באמערקט, ווי די ציין זײַנע האָבן זיך לײַכט אײַנגעביסן אין די ליפּן. נאָר דאָס פּאָנעם זײַנס האָט זיך אויך צעליכטיקט. ער האָט א זאָג געטאָן:

— שאדט ניט!.. נישקאָשע... זיי וועלן זיך צעגיין... קום!..

---

# לעבן זאָל דאָס לעבן

איך פאַר אין לענינגראַדער טראַמוויַ, פאַר שוין צום פינפטן מאָל אף דעם וועג, פאַר מיט ניט קיין פריילעכער מיסיע: מיט מײַן ייִנגערן ברודער אין אָנקאָלאָגישן אינסטיטוט.

אייגנטלעך ווייסן מיר שוין ביידע, אז די מײַסע איז קיין מײַסע ניט — דער דיִאַגנאָז איז ניט דער. דאָס האָבן אזוי דאָקטוירים פאַנטאַזיאָרן, פון צופיל געטרײַקײַט, זעט אויס, צום קראַנקן, איבערגעכאַפּט די מאָס, איבערגעבויגן: בעסער, הייסט עס, אזוי זיך טויע זײַן, איידער פאַרקערט. נעכטן האָט דער פּראָפעסאָר אין אינסטיטוט, אנדריי אנדרייעוויטש פּעדושקין, א הייב געטאָן זיך פונעם בענקל און מײַן ברודער געדריקט די האַנט, עטלעכע מאָל איבערגעכאַזערט: „סלאַווא באָגו. נו, רעשטלעך פון א געוויינלעכן פּלעוורייט". איצט פאָרן מיר צום לעצטן מאָל נעמען די דאָקומענטן. און פונדעסטוועגן זיצן מיר אין טראַמוויַ אָפּגעלאָזטע, שווײַגנדיקע. אף מײַן ברודערס פּנים ליגט נאָך די טויטלעכע אשיקײַט פון די פאַרגאַנגענע טעג. איך זיץ פאַרטאָן: כ׳ווייס? טאָמער... לאָמיר שוין זען שווארץ אף ווײַס...

נאָר ווי קאָן מען אין לענינגראַדער טראַמוויַ זיצן פאַרטאָן בלויז אין זיך? דער קאָפּ פאַרבײַסט זיך אליין דורך די שויבן ארויס. די מאָנומענטאַלע בריקן איבער דער ניעווא, די קונסט־אָרנאַמענטיק אף די הויכע פאַסאַדן, די שפּאָגל־נײַע הײַזער, דער בונטער אוילעם אף די גאַסן, — ווי א ווינט וואָלט צעבלאָזן א סײַפערל און די בלעטלעך פּעכערן זיך, מישן זיך, אויסיִעס אָנגעשריבענע מיט שווייס, מיט מאַרך.

און פּלוצעם, אף א טראָטואַר, אַפּאָנעם פון א שכיינעסדיקן מעבלמאַגאַזין, טראָגן דרײַ מענטשן א נאָרוואָס געקויפטן דיוואַן. ער, דער פּאָטער, זאָגן מיר, גייט פאָרנט. הינטן, אין איין זײַט, האַלט דעם דיוואַן די מוטער, און אין דער אנדערער זײַט — א זעכצן־זיבעצניאָריק זונדל זייערס.

דער דיוואַן איז א מאַסיווער, א שווערלעכער, ער וועגט אראָפּ די הענט. די טריט זייערע באַקומען זיך לאַנגזאַמע, וויגנדיקע, פײַערלעכע.

דער טראַמוויַ לויפט דורך, טוט זיך א שפּיגל אין דיוואַנס גלאַנצנדיקער פּאָליטורטקײַט און פאַרקערעוועט אין א צווייטער גאַס. נאָר דאָס בילד פאַרשווינדט ניט. וויִאזוי לאָזט מען אזא בילד גיין לעיִבעד?

און אזוי־אָ, אין טראַמוויַ, נעם איך און טו עס מיר א פיר איבער אהיים, קיין קעשענעוו, פאַר דערמיט ארײַן אין פינף־און־פערציקסטן יאָר. די טראָטואַרן אין מײַן היימשטאָט זײַנען נאָך פאַרוואַלגערט מיט ציגלברוך. שטיקער ווענט שטייען טרויעריק־פּאַרגראָוועטע, מיט שווארצע, ווי מיט אויסגעשטאָכענע אויגן, פענצטער־לעכער. ארום־און־ארום כורוועס, כורוועס. און אָט שפּאַנען דרײַ מענטשן און טראָגן א בעטל. פאָרנט — דער פּאָטער, איז נאָך אָנגעטאָן אין שינעל זײַנעם. הינטן די מוטער — אין איר אויסגעלאַטעטן געטאָ־קליידל. לעבן איר — זייער זונדל, אן אויסגעצויגן־מאָגערס, א בלייכס, א פאַרעלטערטס.

זיי גייען פּאַמעלעך, טריט בא טריט, און די פּענעמער זייערע זײַנען פול מיט יאָמטעוו, די אויגן — פול מיט גליק. זיי שפּאַנען פײַערלעך, וויגנדיק זיך, גלײַך זיי וואָלטן געטראָגן ניט קיין פּאַשעט בעטל, נאָר א מיטע, א לעוויַע־אָרן.

און אין דער מיטע: די מילכאָמע, די געטאָ, דער טויט.

---

# אין א וואַרעמען פרימאָרגן

דרײַ קליינע מיידעלעך, מיט שלייפלעך אין די האָר, אין קורצינקע, קווייטלדיקע קליידעלעך, זײַנען שטיין געבליבן בא מײַן פענצטער. איינס לעבן ס'אַנדערע — דרײַ צעשטראַלטע פּענעמלעך. דינע פינגערלעך האָבן געשקראַבעט די שויב, ווי עס טוט עס א בסורע־פייגעלע:

— דיאַדיע, איר האָט געהערט?..

כ'האָב שוין געהאַט געהערט, כ'האָב שוין געוווּסט, נאָר כ'האָב אופ־געפּראַלט דאָס פענצטער און געוואָלט הערן נאָכאַמאָל:

— וואָס? ווו?

די מיידעלעך וועלן ערשט אין א יאָר אַרום אָנהייבן גיין אין שול, און זייערע מײַלעכלעך האָבן אַזוי היימיש אַרויסגערעדט ווערטער, וועלכע מײַן אַלטע מאַמע קאָן נאָך רעכט ניט מאַסיג זײַן: קאָסמאָס... ראַקעטע...

זיי זײַנען אַוועקגעפלויגן, אופגעהויבן זיך איבער דעכער, איבער ביי־מער, הויך־הויך, איבער דער וועלט.

אַזוי האָבן מיר זיך אופגעהויבן אין די הימלען.

סאַראַ שיינער, סאַראַ גוטער פרימאָרגן! דער הימל איז בלוי־בלוי, אָן איין טונקל שפּרענקעלע. די ביימלעך אין הויף הייבן שוין אָן צוויטען. אין גאַס איז שטיל, פריש, יאָמטעוודיק.

כ'בין געבליבן באַם פענצטער מיט אָנגעשפּאַרטע עלנבויגנס. „דיאַדיע, איר האָט געהערט?..״ — האָב איך זיך דערמאָנט אָן אַנדער פּאַל. יענץ יינגעלע איז געווען נאָך קלענער פון די דרײַ מיידעלעך. ער האָט נאָך אפילע ניט אַלץ געקענט אויסריידן. איך בין געווען דעמלט מיט צוואַנציק יאָר יינגער. דאָס פענצטער איז געווען אַן אַנדערס. די גאַס — אַן אַנדערע. בלויז דער פרימאָרגן איז געווען קימאַט דער זעלבער, א ביסל הייסער, זומערדיקער.

איך בין געשטאַנען באַם פענצטער און אויסגעקלעפּט די שויבן מיט פּאַפּירענע פּאַסן. דאָס קליינע יינגעלע האָט געהאַט א טרויעריק, אַלט געוואָרן פּענעמל. ער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט אין הויף אף איין רעגע, פרעגן מיך: „דיאַדיע, האָסט געהערט?..״ און מיטאַמאָל האָבן א וואָיע געטאָן טויזנט וועלף. ס'האָט געדונערט. א שטויביקע פינצטערניש האָט מיר א שמײַס געטאָן אין די אויגן. דאָס טישטעך האָט זיך אַראָפּגעגליטשט און אַראָפּגעשלעפּט פון טיש דאָס בלומען־טעפּל.

און אַז איך בין אין אַ רעגע אַרום אַרויס אין דרויסן, איז שוין געווען נאָך אַלעמען. אַ געדיכטער שטויב האָט פאַרשטעלט די זון. מענטשן האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפלויפן. דאָס קינד איז געלעגן מיטן פּענעמל אַראָפּ. די העלע קוטשערן זײַנע — שוואַרץ־רויט געוואָרענע, צונויפגעקלעפּטע. אויף די פּיסלעך — איין שיכעלע. זײַן מאַמע האָט מיט איין האַנט אים אַ כאַפּ געטאָן, צוגעקוועטשט צו זיך, און די אַנדערע האַנט געשטרעקט צום הימל.

עפּשער וואָלט ער איצט אויך געווען אַ דיכטער, עפּשער אַ געאָלאָג, און עפּשער טאַקע אַ קאָסמאָנאַווט.

אַזוי האָבן זיי זיך אויפגעהויבן אין די הימלען.

---

## יונגע פּאַרליבטע

אין קאַקטעבעלער שרײַבער־הויז איז מיר אַרײַנגעפאַלן דאָס שטילסטע ווינקל.

אַ גרויס לופטיק צימער. אַ פּאַרוואַקסענע וועראַנדע. אַ ביימער־גע־דיכטעניש אַרום די פענצטער. איבער דער סטעזשקע צום צימער — צו־נויפגעפלאָכטענע צווײַגן. באַטאָג — טונקעלע שאָטנס. פאַרנאַכט — קיל־קײַט. אַ באַרויִקנדיקע פּישטשערײַ פון אַ גריל. אַ פייגעלע דאַוונט ערגעץ מײַרעוו אויף אַ שפּיץ בוים. בלעטער־שורשערײַ. גראָז־רייכעס. ווײַט אַנט־קעגן, צווישן די צווײַגן, — אַ שטיק יאַם. העכער די ביימער — אַ שפּיץ באַרג. קיין איין זײַטיקער אויפרעגנדיקער שאָרך ניט אַרום מיר, קיין מינדסטער בייזער ראַש ניט.

הייליקע „שעפערישע" שטילקײַט.

כ'וועל זיצן אין דער שטיל און אַרבעטן. ביז נאָך האַלבער נאַכט. ביז פאַרטאָג.

נאָר אין דעם דאָזיקן שטילסטן פאַרוואַקסנסטן ווינקל דערהער איך מיטאַמאָל צווישן די ביימער אַ שטילע שעפּטשערײַ פון יונגע פּאַרליבטע.

און דאָס איז דער שטאַרקסטער ראַש אין דער וועלט.

ער לאָזט ניט אַרבעטן. לאָזט ניט שלאָפן. לאָזט ניט רוען.

---

## ברידערלעך

כ'האָב זיי דערזען אין אַ קינאָ־פאָיע. מײַנעם אַ באַקענטנס צוויי בעוורעלײַט.

ביידע האָבן געטראָגן צוויי אַלציינע העלע בלוזקעס, אַלציינע קורצע הייזלעך. ביידע זײַנען געווען אַלציין פריש אַרומגעשוירן מיט צוויי קליינע שיטערע טשוביקלעך אויפן שטערן.

זיי האָבן זיךביידע געשפּילט.

אפן גלאַנצנדיק־געקעסטלטן דיל זײַנען זיי איינער נאָכן אַנדערן געשפּרונגען פון קעסטל צו קעסטל, אַנגעהויבן נאָכלויפן זיך, זיך געכאַפּט און אַף א קאָל זיך צעלאַכט. מיטאַמאָל זײַנען זיי נעלעם געוואָרן הינטער די פּאַיע־קאָלאָנעס, פאַמעלעך ארויסגעבויגן פון דאָרט די קעפּלעך זייערע, זיך דערזען, וויכערדיק צעדרייט זיך צווישן איין קאָלאָנע און דער אַנ־דערער, ארום־און־ארום, אהין און צוריק, סאָפקאָלסאָף ארײַן איינער דעם אַנדערן אין די אָרעמס ארײַן, און ס'האָט ווידער א הילך געטאָן זייער צוויטשערנדיק געלעכטער.

ביידע ברידערלעך האָבן זיך געשפּילט מיט אזויפיל האנאָע, מיט אזויפיל פרייד און מיט אזויפיל לײַדנשאַפט, גלײַך ווי עס וואָלטן זיך געשפּילט פרעמדע צוויי יינגעלעך...

---

## פריי־פרילינג

עס איז אויסגעפאַלן א קליין שנייעלע, און באַלד דערנאָך איז אופּ־געגאַן א גרויסע ווארעמע זון, און דאָס שנייעלע איז אין איינע פּאָר אויגנבליקן אנטרונען געוואָרן.

ארום־און־ארום זײַנען ווידער שטיין געבליבן אופגעדעקטע פּאַראַיאָ־ריקע גראָזן, שווארצגעוואָרענע, אײַנגעשרומפּענע בלעטער, וואָס די ווינטן האָבן אָסיען אָנגעבלאָזן פון די גערטנער. און צווישן דעם אלעמען, אונטער דעם אלעמען און איבער דעם אלעמען האָט זיך געשפּרענקלט א פרישע שיטערלעכע גרינקײַט, יונג גראָז, וואָס איז אלץ געדיכטער געוואָרן און גרינער געוואָרן מאמעש רעגע נאָך רעגע, רעגע נאָך רעגע.

בלויז פונדערווײַטנס, אף די אויסגעצויגענע דראָטן אין די ווײַנ־גערטנער, זײַנען נאָך געהאנגען טראָפּנס וואסער; געהאנגען דורכזיכטיקע, טראָפּן לעבן טראָפּן, ווי פּערל אויסגעשנירלטע אָדער ווי טמימעסדיקע טרערעלעך, וואָס בלײַבן שטיין אין קינדס אויסגעוואשענע אייגלעך, ריינע און פריילעכע, נאָך דעם ווען דאָס פּענעמל דעם קינדס לאַכט שוין.

די זון שײַנט און שײַנט, און די טראָפּנס אף די דראָטן ווערן ווײַ־ניקער און ווייניקער...

---

## גלײַכגילטיקײַט

אין דער גרויסער פּראָצעדור־זאַל, וווהין די סאַנאַטאָריע־קראַנקע קו־מען נעמען הייל־בעדער, הערט מען א גאַנצן טאָג וואסער־פּליעסקערײַ.

די שויבן אין זאַל כוואַליען זיך טאָמיד, גלײַך ווי עס וואָלט זיי פון יענער זײַט פענצטער אייביק געוואשן א רעגן.

אלעמאָל טוען זיך אַ הייב צו דער סטעליע קנוילן וואָלקנס, צעשפּרייטן זיך און בלײַבן שוועבן איבערן קאָפּ, ווי אַ גראָער גייענדיקער אָסיען־הימל.

די וואַנעס באַדינט אַ פרוי.

זי איז אָנגעטאָן אין אַ פײַכטגעוואָרענעם כאַלאַט, וואָס קלעפּט זיך צו צו איר קערפּער און מאַכט אים שלאַנקער און יינגער. זי דרייט קראַנטן, מעסט מיט אַ טערמאָמעטער אין דער האַנט די וואַרעמקײַט פון דער אָנגעלאָפּענער וואַסער, שטעלט אָן דושן. פּאַרע־קרײַזן דרייען זיך אַרום איר און פאַרוועבן איר די אויגן. נאָר סײַוויסײַ זעט זי ניט די מאַנצבלען, וואָס קומען אַרײַן אין זאַל נאַקעטע, מיט האַנטעכער אויף די אַקסל, אָנ־געטאָנענע בלויז אין הילצערנע קלאַפּנדיקע שטעקשיך אויף די פיס. מיט איין און דעם זעלבן צערטלעכן קאָל ווײַזט זי אָן, יעדן גלײַך, די וואַנע זײַנע, ענטפערט יעדן, אַלציינס, אויף זײַנע פראַגעס, און טיילט קיין איין פּאָנעם ניט אויס באַזונדער. די נאַקעטקײַט גייט איר ניט אָן. אירע בליקן דריקן אויס צו דער נאַקעטקײַט אַן אַלציינע גלײַכגילטיקײַט, וואָס האָט די פאַרב פון וואַסער, פון פּאַרע, פון גאָרנישט ניט.

נאָר אַ שיינע זאַך: פון אונטערן ווײַסן טיכל אירן, וואָס זי טראָגט אויפן קאָפּ, קוקן אַרויס אויסגעלייגטע לאָקן, די ליפּן זײַנען איר אָנגע־רויט, אירע באַוועגונגען — ריטמיש־בייגעוודיקע, שטאָלטנע.

אַלע אין זאַל זײַנען איר גלײַכגילטיק, נאָר זי גלײַכגילטיק וויל ניט זײַן קיינעם ניט.

---

# אַ בלעטל פּראָזע

אַרום־און־אַרום איז אַזוי שטיל און ווײַס, אַז עס דאַכט זיך מיר אויס, כ׳בין נאָרוואָס געבוירן געוואָרן און ליג אין וואַטע.

שניי, שניי, שניי. און הויכע סאָסנע־ביימער, וועגן וועלכע ס׳איז נישטאָ קיין שום בעסערער זאָג, ווי דער באַנאַלער: אייביק גרינע.

דאַנטע האָט מײַסטעריש באַשריבן דעם גענעם. באַשרײַבן דעם גאַ־ניידן איז שווערער: קענסט אים ניט אויסטראַכטן.

איך וואָלט דעם גאַניידן אוועקגעשטעלט אין דער מיט פון אַזאַ־אָ הינטערמאָסקווער וואַלד, אויף אַזאַ־אָ ווײַסן וואַרעמען שניי, און די מייסים־צאַדיקים וואָלט איך אוועקגעזעצט אין אַזאַ־אָ פּאַלאַץ, ווי דאָס מאַלייעוו־קער שעפערישע שרײַבער־הויז.

אַ שישקע האָט אַ פאַל געטאָן פון אַ בוים און איז געבליבן שטעקן אין שניי. זי שטעקט, גלײַך ווי זי איז פון דאָרטן אויסגעוואַקסן. זי האָט די זעלבע פאָרם, ווי דער בוים. אונטן ברייט, אויבן שפּיציק. און עס דאַכט זיך מיר, כ׳האָב געזען, ווי דער בוים האָט געבוירן.

די שישקע איז גרינבלעך־ברוין, די ביימער זײַנען זילבערדיק־גרין, דער שניי איז פינקלדיק־ווײַס, דאָס הויז איז אָפּגעפאַרבט זוניק־געל, דער

הימל איז העל־בלוי, און אין מײַן נעשאָמע שפּילט אזא פּארב, וואָס האָט גאָר קיין נאָמען ניט.

מענטשן — שכיינים, דורכגייער — זעען די סטעזשקעלעך, וואָס מיר טרעטן אויס בעיעכידעס אין וואלד, זעען אונדזערע פּארדווייקעטע האָרע־ווענדיקע פּענעמער, און איך פּיל, אז ס'טוט זיי האנאָע, וואָס מיר זײַנען צווישן זיי. זיי ווייסן: אין דעם דאָזיקן אָפּרו־הויז רוט מען ניט—מע ארבעט.

אף א סטעזשקע קומט מיר אנטקעגן דער אוזבעקישער דיכטער אָסקאַד מוכטאר.

— נו, ווי?.. — טו איך א ווײַז אף אלצדינג ארום מיט ביידע הענט.

— יאכשי!.. — ענטפערט ער און כאזערט איבער נאָכאמאָל. — יאכשי!..

ער זשמורעט די שמאָלע אויגן זײַנע, זוכט דאָס פּאסיקסטע וואָרט, איין וואָרט, און צעשמייכלט זיך, געפינט עס:

— אָן עקזאמען!

— אָן עקזאמען?

— נו, יאָ, דאָ, אז מע שרײַבט ניט, האָט מען טאקע, אפּאָנעם, פּאָשעט קיין טאלאנט ניט!

איך וואַרף אָן דאָס דאָזיקע בלעטל פּראָזע און הער אין דעם די זעלבע קלאנגען, וואָס דער פּידלער הערט, בייס ער שטעלט אָן דעם פּידל, — דאָס שפּילן קומט ערשט.

סארא פּרישער הינטערמאָסקווער אָוונט. איך גיי ארײַן אין צימער, צינד אָן דאָס טיש־לעמפּל און זעץ זיך ארבעטן.

---

## אינמיטן שטעטל — א לאנגער לויפנדיקער צוג

אָנגעהויבן שרײַבן האָב איך ניט פון אוועקלייגן און אופלעבן קליי־נינקע אויס:יעלעך אף פּאפּיר, ווי איך טו עס איצט, נאָר פון אָנצייכענען עטלעכע גרויסע מעגושעמדיקע אויס:יעס אף א שויב.

כאָטש כ'האָב קיינמאָל דערנאָך אין מײַן לעבן ניט געצייכנט. און ביז הײַנט קאָן איך נאָך רעכט ניט אָנמאָלן אפילע קיין בענקל, קיין קריגל.

ס'איז אזוי געווען:

מײַנעם א כאווערס א שוועסטער איז נעבעך פּלוצעם געבליבן אָן אלמאָנע. געבליבן אָרעם, אָן א פּיצל ברויט אין שטוב, הויל און בלויז, ווי אפּן וואסער. דאָס שטעטל האָט עפּעס אָנגעהויבן טאָן פאר איר: מ'האָט געמאכט אסיפּעס, געקנייטשט די שטערנס, געדרייט מיט די גראָבע פינ־גער. עמעצער האָט דערציילט, אז ערגעץ אין די שטעט איז דאָ אזא זאך, וואָס הייסט „מאַראָזשענע" און מענטשן עסן דערפון א שטיקל ברויט, די וועלט גייט ניט אונטער. מ'האָט דער אלמאָנע צונויפגענומען א פּאָר קערבלעך, איר געדונגען ערגעץ א פענצטער אין גאס ארויס, געמאכט בא א בלעכער א מין הויכע פּושקע מיט א הענטל אפן דעקל, אויסגעזוכט

א הילצערנעם צעבער, די פּושקע ארומגעלייגט מיט אײַז, און די אלמאָנע האָט אָנגעהויבן אויסרײַבן פאַרן שטעטל מאַראָזשענע.

נאָר קעדיי ייִנגלעך און מיידלעך זאָלן קומען מיט א גראָשן און קויפן, האָט מען געדאַרפט האָבן א וויוועסקע. און מײַן כאַוועריס שוועסטער, געדענק איך, האָט מיר פאַרקאַטשעט די אַרבל, דערלאַנגט מיר א בערשטע־לע אין דער האַנט, א טעלערל מיט א צעפּירט ביסל סאַזשע. כ׳האָב זיך ארופגעדראַפּעט אפן פענצטער און מיט ציטערנדיקע פינגער פּאַמעלעך אָנגעהויבן אויספירן אף דער שויב גרויסע מעגושעמדיקע אויסיִעס — דאָס וואָרט „מאַראָזשענע”.

דאָס ערשטע אָס האָט זיך באַקומען אומגעלומפּערט־צעצויגן און ברייט. דאָס צווייטע אָס, שוין א ביסל א קלענערס — פאַרקרימט, עפּעס זעקס־עקיק־פּלאַטשיק. דאָס דריטע אָס האָב איך געוואָלט פאַריכטן, צופּיל, אפּאָ־נעם, געפּוצט און געפּוצט מיטן בערשטעלע, איז עס ארויס פאַרגרעבט, צעלייגט, אויסגעקעסטלט גאָר. דערנאָך זײַנען די אויסיִעס אוועק וואָס אמאָל קלענער און קלענער. מיט איין וואָרט: ס׳האָט מיר גענוג געקלאַפּט דאָס האַרץ, כ׳האָב שוין געהאַט געטראַכט, אז כ׳האָב דעם גאַנצן איניען אוועקגעהאַרגעט.

נאָר אז איך בין אראָפּ פונעם פענצטער און בין ארויס אין דרויסן א קוק טאָן, ווי מײַן אַרבעט זעט אויס דאָרט, אף דער רעכטער זײַט, איז די אלמאָנע געשטאַנען א פאַרפּלאָנטעטע און געקוועלט. זי איז געווען אין זיבעטן הימל — אָט וועלן זיך באַלד פון אלע זײַטן א שיט טאָן נאַשערס און זי וועט אָפּגעגילדט ווערן.

כ׳האָב אראָפּגעלאָזט צו דער ערד א פּאָר פאַרשעמטע טרויעריקע אויגן: ט׳האָסטו מײַן שטעטלס זיבעטן הימל!.. און ווען כ׳האָב די אויגן צוריק אופגעהויבן, האָב איך אפן אָרט פונעם וואָרט „מאַראָזשענע” דערזען אף דער שויב א לויפנדיקן צוג. אינמיטן שטעטל, אינמיטן דאָזיקן אָרעמען, פאַרנאַרישטן שטעטעלע מײַנעם, ווײַט פון א וואָקזאַל, ווײַט פון דער גרויסער וועלט, צווישן א בלעכערנער פּושקע און א צעבער, האָט זיך מיטאמאָל ארײַנגעריסן א לאַנגער, לויפנדיקער, יאָמטעוודיקער צוג — א כאָלעם.

מײַן האַרץ האָט געקײַכט פאַר פרייד. און די דאָזיקע וויזיע־פרייד האָט זיך שפּעטער, ווען דער צוג האָט מיך שוין געהאַט אוועקגעטראָגן אין די גרויסע שטעט, וואָס אמאָל מערער און מערער געוואָלט איבער־כאַזערן און איבערכאַזערן.

געוואָלט אוועקלייגן זיך און אופלעבן זיך אָט אין אזעלכע קלייניקע אויסיִעלעך אף פּאַפּיר, ווי איצט.

---

# זוניקע בערגלעך

כ׳בין א קינד. דאָס גאנצע שטעטל איז ערעוו־פּייסעכדיק פאַרגאָסן מיט זון. פענצטער זײַנען צעפּראַלט. דער שניי איז שוין קימאט אינגאַנצן אראָפּ. דעכער שטייען אויסגעוואַשענע, אָן א מינדסט שטויבעלע אף זיך, שווארץ־פרישע, גלאַנצנדיקע, ווי פּאַרקעמטע, אויסגעצוואָגענע מיידלשע קעפּ. עמעצער לעשט קאַלך, עמעצער קלאַפּט אויס בעטגעוואַנט, עמעצער גראָבט ארום א ביימל. ריטשקעלעך לויפן אינמיטן גאס גיך־גיך, בײַזערנ־דיק זיך, אונטערברומענדיק. די ערד, א נאַרוואַס אָפּגעדעקטע, איז נאָך ווייך און פײַכט. נאָר ארום־און־ארום, ווי צעוואָרפענע זון־פלעקן, שײַנען ארויס, וואָס אמאָל מערער און מערער, זומערדיק־אויסגעטריקנטע, ליכ־טיקע בערגלעך.

מיט א צעכראַסטעטע העמדל, מיט צעבלאָזענע נאָזלעכער, מיט א צעעפנט, אָטעמענדיק מויל שפּרינג איך אום פון בערגל אף בערגל.

איך טו מיך א צי אף די שפּיץ פינגער, ווער העכער, פאַרײַס דאָס פּאָנעם נעענטער צו דער זון ארויף און פיל, ווי זי וואַרעמט מיר און רויטלט מיר די באַקן.

איך זעץ מיך אראָפּ צו דער אָנגעוואַרעמטער ערד, קעם מיט די פינגער די ערשטע דינע גראָז־פעדעמלעך, און עס דאכט זיך מיר אויס, אז די שיטערע גרינקײַט ארום מײַנע פיס ווערט וואָס אמאָל געדיכטער און געדיכטער.

כ׳טו זיך ווידער א שטעל אוף, ברענג ארויס פון אלע מײַנע טיפע־נישן אזא קינדיש־ווילדן געשריי און הער, ווי עס ענטפערט מיר אָפּ א שיין קלינגענדיק ווידערקאָל. א רעגע שטיי איך דערנאָך ווילד־פאַרגאַפט. אין דער שטילקײַט קלאַפּט אין אָן אָפן פענצטער א ניי־מאַשין. ערגעץ זינגט א זעג. ערגעץ קוויטשעט פריילעך א שויב, בייס מע ווישט זי. ערגעץ גוגערט א קינד. כ׳טו א הייב די אויגן צום בלויען הימל ארויף, דערזע פון יענער זײַט דעכער א ווײַס־אָפּגעשיטע צווײַג און לויף מיט צעפליגלטע נאָזלעכער ארויף אף א צווייט בערגל.

און פלוצעם, אונטן, אין א בלאָטיקער קאַליוזשע, שטייט דער שטאָט־מעשוגענער. דאָס פּאָנעם זײַנס איז, ווי טאָמיד, ארומגערעמלט מיט א שווארץ, שיטער בערדל. א פּאָלע פון זײַן קאַפּטן איז פאַרהויבן און פאַר־שטעקט אין קאָלנער. א הויז איז אים פאַרקאַטשעט העכער דער קני. דער שמאָלער גוף זײַנער רעדלט זיך און קאָרטשעט זיך. איין האַנט, א פאַר־דרייטע אף דער פּלייצע, שטופּט ער ערגעץ ארויף צום אויער, מיט דער צווייטער האַנט קלעמט ער א וואָנציע. דאָס פאַרוואַקסענע מויל זײַנס לאַכט און כמורעט זיך. און די פיס, שווערע, הילצערנע, הייבן זיך ארויף און אראָפּ, ארויס און ארײַן, קנעטן, טאָפּטשען, טאַנצן אזוי אין דער בלאָטע.

פאַרן שטאָט־מעשוגענעם שרעק איך זיך טאָמיד. נאָר איצט, פונדאַ־נען־אָ, פון מײַן זוניקן בערגל, האָב איך אף אים פּאָשעט ראַכמאָנעס.

איך קוק, ווי דער טרוקענער קרײַז ארום מיר ווערט וואָס אמאָל גרעסער און גרעסער, און טראכט אַן אויסטערלישן געדאנק: אָט־אָט, נאָך א טאָג, נאָך א טאָג, וואָס וועט ער נעבעך טאָן, דער שטאָט־מעשוגענער, אָן דער בלאָטע?..

---

## צוויי ייִדן אף קייווער־אָוועס

איין ייִד גייט צו צום קייווער שטיל. לייגט אוועק א בינטל בלומען, שטייט, שווײַגט.

קומט מען צו און מע טוט אים א פרעג: „מאכן א מאָלע?", ענטפערט ער: „מאכט, אוואדע".

קומט מען ניט צו, איז „גוט" אָן א מאָלע אויך.

אז ער גייט אוועק, טיילט ער באַם טויער צדאָקע אויך אזוי שטיל, אָן ראַש, גייט אום צווישן די צדאָקע־נעמער פארטראכט, פארלוירן, אז מע ווייסט ניט, צי איז ער א געבער, צי כאָלילע אליין א נעמער.

א צווייטער ייִד קומט ארויף אפן בעסוילעם פארסאָפּעט, פאראשט, ווי ער וואָלט געקומען אָפּטאָן עפּעס גאָר א וואזשנע אייסעק.

ער שפּאנט צו צום קייווער מיט א גלײַכער פּלייצע, מיט א מאָלע־מאכער הינטער זיך, ווי א גענעראַל מיט א דענשטשיק.

דער מאָלע־מאכער שטעלט זיך אוועק מאכן די מאָלע, און ער, דער ייִד, שטייט באַ דער זײַט פּארטיק מיטן בײַטעלע אין די הענט, האלט גרייט א פּאטשיילעכל פאר א טרער, שטייט און הערט מיט א פרום וואזשנע פּאָנעם — א פּאָנעם אי צו גאָט, אי צו לײַט.

אז ער גייט אוועק, טיילט ער באַם טויער צדאָקע אויך אזוי פאר־סאָפּעט, פארפילדערט; די צדאָקע־נעמער רינגלען אים ארום, ווי עפּעס גאָר א געהויבענעם גאסט; ער שלעפּט פונעם בײַטעלע קאָפּעקע נאָך קאָפּעקע, פארפעלט כאָלילע קיינעם ניט; און איטלעכן באזונדער, ווען ער לאָזט אראָפּ די איינע קאָפּעקע אין דער זשמעניע, כאזערט ער איבער מיט אזא הויכן גערגלדיקן קעלעכל:

— יעדן וועל איך געבן! יעדן וועל איך געבן!..

דער ערשטער ייִד גייט אראָפּ דעם בארג צופוס. גייט פּאַוואָליע, מיט א שווערן אראָפּגעבויגענעם קאָפּ. און דער קייווער גייט אים נאָך.

עס גייט אים נאָך דער גאנצער בייס־האקוואָרעס. אלע מאצייוועס רוקן זיך איןביידע זײַטן נאָך נאָך אים, זעצן זיך דערנאָך ארײַן מיט אים אין טראָליייבוס, שווינדלען אים נאָך דורך די פּענצטערלעך, קומען מיט אים אהיים און פארבלײַבן דאָרט מיט אים, כ'האָב מוירע צו זאָגן, טאָמיד, אלע טעג פון א גאנץ יאָר.

דער צווייטער ייִד כאַפּט מיט צעפלויגענע פּאָלעס א טאַקסי.

אין איינע פּאָר מינוט ארום איז ער שוין ערגעץ גאָר ווײַט. ווײַט

פונעם טרויעריקן אייל־מאַליי־ראַכמים, ווײַט פונעם „הייליקן אָרט". ווײַט פון קיווער־אָוועס.

וועלכער פון די צוויי יידן איז בעסער — דאָס ווייס איך.
כ'ווייס נאָר ניט, ווע(מ)ען פון זיי ביידן ס'איז בעסער.

---

## אין טראַלייבוס

קינדער אַף די פעדערשטע בענק, פּיאָנערן, האָבן זיך אָנגעהויבן אופֿ־הייבן פאַר מיר, אָפּטרעטן מיר דאָס פּלאַץ. ס'איז אַ שלעכטער סימען: איך ווער אַלט. כ'דערנעענטער זיך שוין, אַפּאָנעם, צו די יאָרן, ווען מע מאָנט שוין בא דיר מער גאָרניט, ס'איז שוין געוווינט הוילע אויסערלעכקײַט.

אָט שטייען מיר אַזוי איינער קעגן אַנדערן און קוקן זיך ביידע אָן. ער, אַן עלף־צוועלפיאָריק באָכערל, האָט זיך אופגעהויבן, און מיר גלוסט זיך ניט אוועקזעצן. מײַנע בליקן פאַלן אַף אַ ווײַס פריש־אויסגעפּרעסטער בלוזקע, אַף אַ רויט פּיאָנעריש טיכל און אַף אַ העלער, באַרויזיקנדיקער בלאָווקײַט אין קינדישע אויגן. בעקלעך פלאַמען. אַ פּאָנעם פול מיט פרייד בעט זיך, עמעצער זאָל עפּעס נאָר איין פרעג טאָן, און די פרייד וועט זיך אַ שאָט טאָן אַרום־און־אַרום, יעדן.

— פאַרוואָס זעצט איר זיך ניט אוועק?.. אָט איז שוין סײַוויסײַ באַלד דער טעאַטער... מיר ווײַזן דאָרט הײַנט דעם באַלעט „דאָקטער אײַבאָליט".

אַ פרוי מיט אַ קוישל אַף דער האַנט שמייכלט:

— מיר...

— נו, יאָ. אונדזער טאַנץ־קרײַזל פונעם פּיאָנערן־פּאַלאַץ. גאַנצע דרײַ אַקטן. מיט קאָסטיומען. מיט דעקאָראַציעס. מיט אַן עמעסן אָרקעסטער.

אַ מענטשל מיט אַ ברייטן פּאָרטפעל אַף די קני שמייכלט אויך:

— און וואָס, אשטייגער, שפּילסטו דאָרט אין דעם דאָזיקן באַלעט?

— איך?.. אַ האַלבן העלפאַנד!

— אַ וואָס?

— אַ האַלבן העלפאַנד. איין העלפט בין איך, און די צווייטע העלפט איז אַן אַנדער ייִנגעלע... ער זעט אויס אינגאַנצן ווי אַ לעבעדיקער. ער גייט, ער טאַנצט. ס'באַקומט זיך אַזוי גוט!..

די פרוי מיטן קוישל אַף דער האַנט שווײַגט, און דער פּאָרטפעל אַף די קני טרייסלט זיך אַלעמאָל אויף, אַזוי געשמאַק לאַכט דער באַלעבאָס זײַנער:

— אַ האַלבער העלפאַנד... אַ האַלבער העלפאַנד... נאָר איינער, צו וואָס זשע טויג עס דיר?.. קיינער זעט דאָך דיך אַפילע ניט אַרויס...

דאָס באָכערל טוט צוריק אַ דריי אויס דעם קאָפּ צו מיר, און אַף זײַן פּאָנעם באַווײַזט זיך אַזאַ פאַרטרויערטקײַט, גלײַך ווי ער וואָלט נאָרוואָס געהאַלטן אַ פייגעלע אין דער האַנט און דאָס פייגעלע איז מיטאַמאָל נעלעם געוואָרן. זײַנע ווײַס צעפּינטלען זיך. די אַקסלען זײַנע הייבן זיך אונטער, פאַרשמעלערן זיך, פילן זיך אָן מיט כידעש:

— דער איקער איז דאָך דער באַלעט... דער גאַנצער באַלעט...

דורכן אָפענעם טראַלייבוס־פענצטער צעפליגלט דער ווינט די עקן פונעם פּיאַנערישן טיכל, און מײַנע בליקן פאַלן ווידער אױף דער פריש אויסגעפּרעסטער ווײַסער בלוזקע. אין די בלאָע קינדישע אויגן זע איך פּײַערלעך. עס שײַנט פון דאָרט ארויס דער סאַמע איקער.

איך זעץ זיך אוועק אױף דער פרײַ־געוואָרענער באַנק, און דער שלעכ־טער סימען ארט מיך מער ניט.

ס'איז דאָ וועמען אָפּצוטרעטן דאָס פּלאַץ.

---

## דער יאַם

דער יאַם איז גרויס.

דער יאַם האָט אין זיך עפּעס אַזוינס, וואָס פאַרקישעפט.

דער יאַם מאַכט דיך יונג.

דער יאַם היילט.

דער יאַם איז שטיל, גוט. און — בייז, צאָרנדיק־צעשטורעמט.

דער יאַם איז בלוי. דער יאַם איז גרינבלעך־ווײַס. דער יאַם איז ראָז. דער יאַם איז גראָ. דער יאַם איז שוואַרץ.

דער יאַם פּוצט זיך עטלעכע מאָל אין טאָג, אַלעמאָל אין אַנדערע קאָלירן.

דער יאַם איז נאַקעט. פּראָסט. פּוצט זיך אין קיין קאָליר שום קאָליר ניט.

דער יאַם קנייטשט זיך און פאַלדעוועט זיך, ווי עס קנייטשט זיך און פאַלדעוועט זיך דער שטערן בײַ אַ כאָכעם.

דער יאַם איז פול מיט קלוגשאַפט: טראָגט אין די טיפענישן וועלטן און אויפן אויבערפלאַך איין ווײַס־שוואַרצן פליגל־פלי פון מעוועס.

דער יאַם צעשרײַט זיך, צעפּינעט זיך.

דער יאַם איז ברייט. ברייטהאַרציק. ווייך.

דער יאַם איז שיין...

ווי נעמט מען וועגן יאַם דאָס גרויסע פרישע וואָרט? ער איז אַלט, ווי די וועלט — דיכטער האָבן שוין לאַנג־לאַנג אַלע ווערטער אויסגעכאַפּט.

כ'בין זיך מוידע: כ'האָב הײַנט קעגן דיר, יאַם, געזינדיקט! כ'בין אופגעשטאַנען פאַרטאָג אַ צעבראָכענער פון דער נאַכט. אַ צעפּלעטשטער און צעשויבערטער. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך פון זיך געריסן שטיקער. אַ נאַכט אָן שלאָף, אָן רו. אַ נאַכט מיט גרויסע טײַנעס צו זיך. וואָס בין איך און ווער בין איך? וואָס האָב איך שוין אױף דער וועלט אופגעטאָן? מענטשן נעמען יאָר־באַ־יאָר אַראָפּ גערעטענישן, באַקליידן און באַשוכן די וועלט. מענטשן האָבן צעצענטלט דעם אַטאָם. מענטשן האָבן אויסגעטראַכט דעם טעלעוויזאָר. מענטשן האָבן וועגן מענטשן מאַקריוו געווען דאָס לעבן. מענטשן לאָזן איבער נאָך זיך אייביקע ווערטן. איך טראַכט אויס אַ מײַסע. וואָלט זי מיר כאָטש אָנגעקומען גרינג. וואָלט איך כאָטש געזעסן און גע־טאָן מײַן אַרבעט טאָג־באַ־טאָג, פון אינדערפרי ביז אָפּדערנאַכט, כאָטש ווי

עס זיצט און טוט זײַן ארבעט דער געוויינלעכסטער שנײַדער! וואָלט איך כאַטש מיט מײַנע מײַסעלעך עמעצן געוואַרעמט און געפרייט, ווי עס וואַרעמט און פרייט כאַטש א מאַלבעש!

א שווערע נאַכט. א נאַכט מיט גרויסע טײַנעס צו זיך. די ערשטע נאַכט מײַנע הײַנטיקן זומער אין יאַלטער שרײַבער־הויז.

כ׳האָב זיך אומגעדרייט פארטאָג איינער אליין אין צימער און גע־קרעכצט. כ׳האָב אָפּגעפרישטיקט אָן כיישעק, אומעטיק. און בין דערנאָך אַזוי־אָ, א צעקנייטשטער און פאַרכמורעטער, מיט שלאַבעריקע טריט, אַראָפּגעגאַן צום יאַם.

כ׳האָב זיך פאַמעלעך אויסגעטאָן און בין ארײַנגעגאַן אין זײַנע וואַסערן.

אין איין האַלבער שאָ בין איך ארויס פונעם יאַם אַן אַנדער מענטש.

כ׳האָב צוריקגעשפּאַנט אַרוף אַהיים א פריילעכער, א באַרויִקטער, א גלײַכער, ווידער א צופרידענער מיט זיך.

און אָט אַפן וועג, בין איך זיך מוידע, האָב איך קעגן אים געזינדיקט: דער יאַם מאַכט פון דיר טיל־טעל!..— האָב איך זיך א זאָג געטאָן.

און כ׳האָב מיר ניט אָפּגעגעבן קיין כעזשבן, אַז דאָס האָט ער, דער יאַם, מיך אוועקגעפירט גלײַך אין צימער ארײַן, אָנגענומען מיך בא די אַקסל און אוועקגעזעצט גלײַך צום טיש.

כ׳בין געזעסן און פאַוואָלינקע אויסגעקישעפט א נײַ מײַסעלע. און דאָס מײַסעלע האָט מיר, ווי יעדער נײַ מײַסעלע, אויסגעזען דאָס שענסטע מײַסעלע מײַנס.

איז וואָס, האָב איך זיך געזאָגט, אַז דאָס איז א קליין פינטעלע, איין קליין טראָפּנדל אין דער דאָזיקער גרויסער וועלט?

איצט שטיי איך לעבן פענצטער מיט די פאַרשריבענע צוויי זײַטלעך אין דער האַנט און זע צווישן די ביימער א שטיק יאַם פונדערווײַטנס. ס׳איז פאַרנאַכט. דער יאַם איז טונקל. געקנייטשט. צעכוואַליעט. די כוואַליעס זײַנע שפּילן זיך מיטן ברעג, פּעטשלען א פעלדז, שווענקען אים אַלעמאָל אָפּ, צעשפּריצן זיך אַרום אים אין טויזנטער וואַסער־שפּריצלעך.

דער יאַם איז שיין.

דער יאַם איז ברייטהאַרציק ברייט.

דער יאַם איז פול מיט קלוגשאַפט.

דער יאַם איז נאַקעט. פּראָסט. פּוצט זיך אין קיין שום קאָליר ניט.

דער יאַם איז שטיל, גוט.

דער יאַם מאַכט דיך יונג.

דער יאַם האָט אין זיך עפּעס אַזוינס, וואָס פאַרקישעפט.

דער יאַם איז גרויס.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דער יאַם איז גרויס דורך זײַנע קלענסטע טראָפּנדלעך...

# קינדער־מאָטיוון

## דאָס שענסטע שיכעלע אין דער וועלט



ײַנט איז זונטיק. דער טאַטע און די מאַמע זײַנען ביידע אוועקגעגאַן אין גאַס אײַנקויפֿן. איך כאַפּ זיך אויף פֿונעם שלאָף, זע איך — כ׳בין אַליין־אַליין אין שטוב. די קאָלדרע אַף מיר ליגט פֿול מיט זון. ס׳קער שוין זײַן גוט שפּעט.

— אַ גוטמאָרגן, זון! — זאָג איך. — אָט־אָ רײַב איך מיר נאָר אויס די אויגן, שטיי איך שוין אויף!..

כ׳שפּרינג אַראָפּ פֿונעם געלעגער און קוק מיך אַרום. אין שטוב איז קיינער נישטאָ. די בעטן זײַנען נאָך ניט צוגעבעט. ס׳איז נאָך ניט אופגעראַמט. דאָס קרענטל אין קיך מאַכט: פּיק, פּיק, פּיק... ס׳איז דעם, אפּאָנעם, אויך אומעטיק אָן קיינעם ניט.

די בלומען אין די וואַזעס שטייען מיט פֿאַרטריקנטע מײַלעכלעך: זיי ווילן אַ טרונק. אין אײַלעניש האָבן דער טאַטע און די מאַמע פֿאַרגעסן צו פֿאַרלעשן דאָס ליכט אין קאָרידאָר. הענגט דאָס לעמפּל העט אויבן אַף דער סטעליע איבערגעשראָקן־בלייך, ניט טויט, ניט לעבעדיק, קוים וואָס עס זיפּעט נאָך: פֿאַרלעשט מיך שוין אַמאָל. כ׳ווער בלינד. כ׳גיי אויס שלאָפֿן.

לעבן דעם טאַטנס און דער מאַמעס בעט ליגט אַ צעעפֿנט ביכל אַפֿן דיל.

— מ׳האָט מיך געמישט און געמישט, געלייענט און געלייענט. און אַז איך בין אַראָפּגעפֿאַלן, בין איך געבליבן ליגן. אוי, ברעכן מיר די פּלייצעס. וואָס שטייסטו? זעסט דאָך, הייב מיך אויף!..

איין זייגער אַפֿן קאָמאָד אַרט ניט, צי ס׳איז טאָג, צי ס׳איז נאַכט, צי עמעצער איז דאָ, צי עמעצער איז נישטאָ. ער גייט און גייט, גייט און גייט.

— היי, וויפֿל האַלטסטו, זייגער?

— גייט, גייט, גייט, גייט...

מערער רעדט ער ניט. מע דאַרף אַליין זען. נאָר איך בין נאָך גאָר א קליינע. כ׳קען נאָך ניט קוקן אַף קיין שום זייגער ניט.

אין קיך אַפן טיש שטייט א טעלערל. אין טעלערל ליגן צוויי שטיקלעך ברויט מיט פּוטער, צוויי עפּל. לעבן טעלערל שטייט א גלאָז מילך. זיי טוען מיך אַלע א רוף צו:

— מיידעלע, מיידעלע!.. דײַן מאַמע האָט אונדז אָנגעזאָגט, מיר זאָלן דיך אָנעסן און אָנטרינקען... קום אהער!..

— שאַט, וואַרט א ביסל. האָט צײַט!..

ס׳קען שוין זײַן גוט שפּעט. דער טאַטע און די מאַמע קענען מיינען, אַז איך ליג נאָך אין בעט און שלאָף. אוי, וועט זײַן שיין!

— גיכער! גיכער! ביז דער טאַטע און די מאַמע וועלן אָנקומען!..

דאָס טײַנע איך אַזוי צו דער מאַמעס כאַלאַט. כ׳פּאַרפּלאָנטער זיך אין דער מאַמעס לאַנגע אַרבל און פּלאָנטער זיך קוים אויס. כ׳טרעט אַרויף אַף א פּאָלע און פאַל שיר ניט אום. כ׳פאַרגאַרטל זיך און פאַרשטעק די פּאָלעס טיף אין גאַרטל. כ׳פאַרוויקל זיך דעם קאָפּ מיט דער מאַמעס א טיכל. איך כאַפּ א קוק אין שפּיגל און שיס אויס א געלעכטער. זע נאָר. כ׳האָב א פּאָנעם, ווי יענץ מיידעלע פונעם מײַסעלע. יענץ מיידעלע מיטן גאָלדענעם שיכעלע.

אַז קיינער קנײַפּט דיך ניט, קיינער טרײַבט דיך ניט, זוכט דיך עמער־צער אויך מיטן גאָלדענעם שיכעלע?..

כ׳פאַרקאַטשע דער מאַמעס כאַלאַטס לאַנגע אַרבל און נעם מיך צו דער אַרבעט.

פּיק, פּיק, פּיק... וואַרט־וואַרט, קרענטעלע, אָט וועל איך דיך באַלד פאַרדרייען. איין דריי, אַ צווייטן דריי. שווערלעך! נאָך א קליין־קליין דרייעלע. שוין. שטיל. אָנשוויגן געוואָרן דאָס קרענטעלע.

כ׳שלעפּ אַרײַן אין קאָרידאָר א בענקל, קריך פּאַוואָלינקע אַרויף דערויף און פאַרלעש אין קאָרידאָר דאָס ליכט. צאַק!.. צוגעמאַכט דאָס אויג, דאָס לעמפּל. איין רעגעלע, און עס שלאָפט שוין. שלאָף, שלאָף. א גוטע נאַכט! ש־ש־ש...

כ׳הייב אויף פון דיל דאָס צעעפנטע ביכל, נעם עס אַף די הענט, טראָג עס אַוועק און שטעל עס אַרײַן אין שרענקל:

— רו דיך אויס, ביכערל־וויכערל!.. גלײַך דיר אויס די ביינדעלעך. נישקאָשע. מ׳עט דיך דאַרפן, וועט מען דיך געפינען!

כ׳טרינק אָן די בלומען. זיי עפענען אויף אַף מיר גרויסע קײַלעכדיקע אויגן און קוקן מיך פאַרכידעשט אָן: הער נאָר, דו ביסט עס? נו, א דאַנק!.. נו, א דאַנק!..

דערנאָך גיי איך צו צו דער קאַמער און נעם אַרויס דעם שטויבזויגער. אוי, סאַרא שווערער בייזער שטויבזויגער!

ער שטייט זיך אַזוי פאַרטיק אָנגעגרייט און וואַרט אַף דער מאַמען. א ביסל, זע איך, וויל ער יאָ אַרויסגיין מיט מיר, און א ביסל, דאַכט זיך, וויל ער מיט מיר ניט אַרויסגיין. עפּעס א ביסל וויל ער מיך פאָלגן, און עפּעס א ביסל וויל ער מיך ניט פאָלגן.

נאָר סאָפּקאָלסאָף העלפט אים קיין טײַנעס ניט. כ׳טו א קוועטש די קנאָפּקע, און ער הייבט אָן הודען. ער טרייסלט זיך, ער הוידעט זיך, ער פּײַפט, ער שרײַט, רופט צונויף אלע שטויבעלעך, בלאָזט אויס אלע ווינ־קעלעך, זוכט אָפּ אומעטום ווי א פּאפּירל, ווי א בײַנוול, ווי א הערעלע, ווי א קערעלע.

איך האלט די לאנגע קישקע אין דער האנט און קאָמאנדעווע מיט איר. דער זייגער, זע איך, גייט און גייט, גייט און גייט. דער טאטע און די מאמע וועלן די שטוב ניט דערקענען. אלצדינג אפן פלאץ. אלצדינג בליי־שטשעט. אלצדינג שמעקט.

פּלוצעם הער איך, עמעצער פּאָרעט זיך בא דער טיר. ווער זאָל עס זײַן? דער טאטע און די מאמע, צי עפּשער עמעצער אנדערש? כ׳ווייס ניט, צי דארף איך לויפן זען, ווער עס איז, צי דארף איך לויפן באהאלטן זיך אונטערן קישן. כ׳טו א לאָז ארויס די קישקע פון דער האנט, טוט זי מיטאמאָל א כאַפּ ארײַן א פּאָלע פון דער מאמעס כאלאט. זי ציט זי און ציט זי, וואָס אמאָל מערער, ארײַן אינווייניק, און קערט מיך אזש אויך איבער אפן דיל. כ׳דערשרעק מיך, הייב אָן שרײַען. און ווען? פּונקט דעמלט, ווען דער טאטע און די מאמע קומען אָן.

— ווייִ איז מיר! גיב נאָר א קוק, וואָס דאָס קינד האָט דאָ אָנגעאַר־בעט! — שרײַט די מאמע.

נאָר דער טאטע האלט זיך בא די זײַטן. ער קען גאָר ניט קומען צו־זיך. און די מאמע הייבט אויך אָן קאטשען זיך פאר געלעכטער.

איך שלעפּ קוים ארויס די פּאָלע פונעם שטויבזויגער, הייב מיך פּאַ־מעלעך אוף און בין באַרויגעזט. נאָר דער טאטע קושט מיך און די מאמע קושט מיך.

זיי הייבן אָן ארויסלייגן פונעם קויש פּעקלעך מיט שקארמיצן און נעמען ארויס ערגעץ פון אונטן א קארטאָנענע פּושקע. זיי צעבינדן זי און זאָגן, אז דאָס איז מיר.

די מאמע וויקלט פון דאָרט אויס א שיכעלע, דערלאנגט עס מיר און הייסט עס מיר אָנמעסטן.

ניט קיין גאָלדנס. א פּראָסטס. מיט ווײַסע שטעך ארום־און־ארום. מיט א באנטיקל. דאָס שענסטע שיכעלע אין דער וועלט.

---

## געבענטשט מיט אן אָל אפן קאָפּ

סאשקע נאכעסל זיצט אײנער אליין אין שטוב. ער אײנער אליין און מיצע.

שא, איר ווייסט ניט, ווער מיצע איז? אנו, קיצע־מיצע, שטעל דיך פּאָר. טו א שאָקל מיטן קאָפּ. טו א מורקע. דערלאנג די ווײַסע לאפּקע דײַנע. א וויכע, הערסט? פארגעס דיך ניט.

מיצע איז דאָס קעצל אין שטוב. סאשקעס אן אלטער גוטערברודער. א

ווײַס קעצל מיט געלע פלעקן. א פּאָר גרין־גראָע פלאַמפּײַערדיקע אײַגלעך. א קליין פאַרזשמורעט מײַלכל. א פאַרבייגלט עקל. א ווויל קעצל, כלעבן.

סאשקע־נאַכעסל זיצט באַם טיש, און קיצע־מיצע שטייט זיך אַזוי לעבן אים אונטן אַפן דיל, טוט אַלעמאָל א בייג דאָס קעפּל רעכטס, א בייג דאָס קעפּל לינקס, שטייט און קוקט סאשקען גלײַך אין די אויגן אַרײַן, וויל דערגיין, וואָס, אַשטייגער, איז מיט דעם דאָזיקן סאשקען געשען די לעצטע עטלעכע טעג. עפּעס איז עס גאָרניט דער סאשקע, וואָס פריִער. גלײַך מ׳האָט אים אונטערגעביטן. שטייט אויף שטאַרק־שטאַרק פאַרטאָג, ווערט ערגעץ נעלעם מיט אַן אָנגעזאָטלט רענצל אַף דער פּלייצע, און קומט צוריק אָנבײַסן־צײַט עפּעס גאָר אַן אַנדערער. ניט זיי שפּילן זיך מער איינעם, ווי זיי פלעגן זיך פריִער שפּילן, ניט ער קוקט זיך אַפילע רעכט אום אַף אים, ווי פריִער. עט, אַמאָל, אַמאָל, ווי אַף אָפּצוקומען. עפּעס איז ער אין די פּאָר טעג געוואָרן עלטער, סאשקע, פאַרדײַגעט, וואַזשנע. עסט איינס־צוויי אָפּ אָנבײַסן און נעמט זיך גראַבלען דאָס דאָזיקע פולע רענצל זײַנס. גראַבלט, נישטערט, לייגט אַרויס א ביכל, לייגט אַרײַן א ביכל, מישט העפטן, שערעוועט מיט בלײַשטיפטן, טראַסקעט מיט די נײַע קנאַקנדיקע בלעטלעך, אַז ס׳הייבט אַזש אויף דעם מויעך. זעצט זיך דערנאָך אַוועק באַם טיש מיט א העפטל אין דער האַנט, ווי א גאַנצער קנאַקער, א גאַנצער בוכהאַלטער. פע, ברודערקע, עפּעס גאָרניט לײַטיש!

— מור, מור... סאשקע. האַ, סאשקע... נו, דערצייל שוין אַמאָל. וואָס איז געשען?..

— קש, זאָגט מען דיר! גיי אַוועק פון די אויגן. שטער ניט!

— ניט איז ניט. אָבער שטיין אַזוי פונדערווײַטנס און קוקן, שטיל קוקן, מעג איך?..

— גיי אַוועק אַהין, אין ווינקל!..

מיצע זעצט זיך אַוועק אין ווינקל אַף די הינטערשטע פיס, גלעט זיך מיט א לאַפּקע דאָס נעזל און כאַפּט אַלעמאָל שטילערהייט א גנייוויש קוק אַף סאשען: מיילע.

סאשקע זיצט באַם טיש. הימל און ערד פאַלט אַף אים, א קלייניקײַט — א גאַנץ זײַטל פּאַסיקלעך מיט רעדעלעך. אַזאַ לאַנג ליידיק זײַטל. ווען וועט ער עס אָנפּילן? אַלע רעדעלעך מוזן זײַן קײַלעכיק. קײַלעכיק מיט איין און דער זעלבער קײַלעכדיקײַט. צווישן א רעדעלע און א רעדעלע דאַרף זײַן איין ווײַטקײַט. אַלע פּאַסיקלעך דאַרפן שטיין גלײַכע, ווי סלופּיקלעך. ניט כאַלילע אַרויס פון דער שורע און ניט כאַלילע צופיל אַרײַן אין דער שורע. אַלע איינס לעבן אַנדערן, א שיינקײַט צו קוקן. ס׳איז גרינג צו זאָגן — נעם אָבער מאַך עס. אָה, א שווערע זאַך דאָס גיין אין שול! ער האָט געמיינט, ס׳איז אַזוי־אָ גאָרניט: אַוועקגעגאַן און צוריקגעקומען. נע. מע דאַרף ווײַזן, וואָס מע קען. און מע דאַרף טאַקע קענען. ס׳איז ניט קיין שפּילכל. ס׳איז אַן אַל אָפן קאָפּ. ס׳א גרויסער אַל אָפן קאָפּ.

סאשע טוט א זיפץ. ער גיט זיך א וויש מיטן אַרבל דעם שטערן, טוט א רײַב דעם שטערן מיט דער האַנט. ער האָט ערשט קוים פאַרפּולט

דרײַ שורעס. און ס׳איז נאָך דאָ אזויפיל. ס׳איז נאָך אזא לאנגער וועג. א קאפעלע אָפּרוען זיך אינמיטן מעג מען, האָ?

ער זיצט אײנער אלײן אין שטוב. דער טאטע איז בא דער ארבעט. די מאמע איז אומיסטן ארײַנגעגאנגען צו א שכײנע.

— אז דו זעצט זיך, קײן אײַנהאָרע, נאָכעסל מײַנס, אלײן אוועק באַם טיש, מע דארף דיך, קענאָרע, ניט אונטערשטופּן, טו זשע טאָקע ווײַטער אלצדינג אויך אלײן. נישקאָשע, קינד, ס׳וועט דיר שפּעטער צוניץ קו־מען!.. — און די מאמע האָט אים א קוש געטאָן.

נאָר וואָס טויג אים דער קוש, אז ס׳איז אזא גרויסע האָרעוואַניע? האקן האָלץ, טראָגן שטײנער איז טויזנט מאָל גרינגער. וואָס טויג אים דער קוש, אז אָט זיצט ער, און כאפּט א קוק אף מיצען, און איז מעקאַנע מיצען. א פּאָשעטע קעצל, און ס׳א גליקלעך קעצל. א גליקלעכע מיצע. א פּריצע, מיצע. דארף ניט מאכן קײן פּאסיקלעך מיט קײן רעדעלעך. דארף זיך ניט בויערן דעם קאָפּ. דארף ניט טראָגן אזא גרויסן אָל אף זיך.

— היי, קיצקע־מיצקע... פּס, פּסס...

מיצע טוט א הויקער די פּלײצקע, טוט א צי אויס אף צוריק א פּאר־שלאָפן פּיסל, און מיט אײן שפּרונג איז זי אף סאשקעס קני. זי שטרעקט אויס דעם האלדז צום טיש ארוף, טוט א בײג דאָס קעפּל רעכטס, טוט א בײג דאָס קעפּל לינקס, כאפּט אזוי א שמעק אָן, וואָס עס טוט זיך דאָרט אין סאשקעס העפט. נאָר סאשע איז עפּעס גאָר בײז. ער לאָזט מיצען קײן מינוט אפילע ניט זיצן אף זיך. ער גיט איר א פּאָר סטוסעס אין די זײַטן און טרײַבט זי אראָפּ, צעיעכצט זיך אף איר:

— פּריסס, זאָגט מען דיר!.. גליקלעכע פּריצע... קץ, אין דר׳ערד ארײַן!..

מיצעס גרין־גראָע אויגן פלאמען ארויס ערגעץ פון אונטערן דיוואן אפיר. זי ווײנט, מיצע. שטילערהײט. קוים וואָס מע הערט. ניט אזוי סאש־קעס קלאַפּ טוט איר װײ, װי ס׳טוט איר װײ סאשקעס געשרײ. אויס, הײסט עס. אויס גוטערברודער. פּארוואָס? פּארוועןז?

סאשקע זיצט דערווײַל און האָרעוועט ווײַטער. האָרעוועט מיט טראָפּנס שווײס אפן שטערן. גרויסע טראָפּנס שווײס. פּערל. א פולער שטערן מיט פּערל. וואָס אמאָל, ווערן די טראָפּנס מערער און מערער. א רעדעלע — א טראָפּן. א פּאסיקל — א טראָפּן.

דאָס הענטלפּען האָט אים שוין גוט אָנגעקוועטשט דעם פינגער. די שפּיץ צונג זײַנע, וואָס שטעלט פּינקטלעך אָפּ די ווײַטקײַט צווישן א רע־דעלע און א רעדעלע, א פּאסיקל און א פּאסיקל, איז אים שוין גוט צע־ביסן.

עס גײט שווער. שטארק שווער. נאָר — עס גײט.

א שײנע זאַך: שווער — און וואָס אמאָל, ווערט אפן זײַטל מערער; און וואָס מער עס ווערט אפן זײַטל מערער, הערט, דאכט זיך, אוף ווערן שווער.

די לינקע האנט סאשקעס ליגט צעשפּרײט אף א ראָזעווע קלעקפּאַ־פּירל, עס זאָל זיך, כאָלילע, גאָרניט ניט פּארפלעקן, און רוקט זיך אלץ

אלעמאָל מיטן קלעק־פּאפּירל אראָפּ־אראָפּ צום סאָף פּערטל. נאָך א בי־
סעלע. נאָך א קליין־קליין ביסעלע.

די פּולע שורעס יאַוועז זיך ארויס אי ווי פון סאשקעס רעכטער האנט,
אי ווי פון סאשקעס לינקער האנט. ס'איז, דאכט זיך, ערשט היינט דאָ
גאָרנישט געווען, און גיב א קוק, וואָס אפן פּערטל פּאפּיר טוט זיך שוין
איצט! א שיינקייט צו קוקן! ער טאקע אליין מיט די אייגענע הענט האָט
די דאָזיקע רעדעלעך אויסגערעדלט?!

קיצע־מיצע קומט פּאַוואָליע ארויס פון אונטערן דיוואן און שטעלט
זיך ווידער אוועק קוקן אף סאשקען. זי טוט ווידעראמאָל א בייג דעם
קאָפּ אהער, א בייג דעם קאָפּ אהין, טוט א פורשקע מיט די נאָזלעכער,
בלייבט אזוי פארכידעשט זיצן מיטן קאָפּ אף א זייט און קאָן בעשום־
אויפן ניט פארשטיין, וואָס איז פּלוצעם סאשקע מיטאמאָל אזוי פריילעך
געוואָרן. וואָס טאנצט ער אזוי אף איין פוס מיטן העפט אין דער האנט?
וואָס לאָזט ער ארויס פונעם מויל אזא פּיפּעריי, אזא זינגעריי? וואָס איז
מיטאמאָל די געדולע, וואָס? א רעטעניש מיט דעם דאָזיקן סאשקען און
אן עק!

— היי... קיצקע־מיצקע... פּס, פּסס!..

מיצע רייבט זיך אין סאשקעס פיס, הויקערט זיך, מורקעט. סאשקע
טוט מיצען א כאפּ אף די הענט ארוף, גייט מיט איר צו צום טיש:

— ט'האָסטו־אָ, גיב א קוק, געפעלט דיר, הא?..

— מור, מור... געפעלט מיר.

— נעם דיר עטלעכע... קייקל זיי...

מיצע שטרעקט אויס די לאפּקע, וויל א שאר טאָן פונעם העפט א
פּאָר רעדעלעך. נאָר סאשקע שיסט אויס אזא געלעכטער, אז מיצע טוט
זיך אזש א וואָרף. וואָס לאכט ער אזוי, וואָס? ער שטעקט איר ארײַן אין
דער לאפּקע דאָס הענטלפען:

— נעם, מאך דיר אליין... מיצע פריצע!..

מיטאמאָל ווערט סאשקע עפּעס גאָר אומעטיק אפן פּאָנעם, שטעלט
מיצען צוריק אראָפּ אפן דיל, טוט א פּאָר דורך מיט די פינגער איבערן
קאָפּ אירן און טוט א זאָג מיט א מעסוקן־ראכמאָנעסדיק קאָל:

— נעבעך, מיצע... ניט קיין אָל אפן קאָפּ... און ניט קיין פּארטיק
פּערטל רעדעלעך מיט פּאסיקלעך... אומגליקלעכע מיצע!..

ער גייט ארײַן אין קיך, ברענגט פון דאָרט ארויס א פולע שאָל מילך
און שטעלט זי אוועק לעבן מיצען אפן דיל:

— נא, קיצקע־מיצקע, כליעפּטשע!..

קיצע־מיצע לעקט מיט דער צונג די מילך פון דער שאָל און קוקט
מיט אן אייגל, ווי סאשקע־נאכעסל לויפט ארויס אין דרויסן ארויס, אפּאָ־
נעם אהיים רופן די מאמען. זי זעט שוין גוט: אויס, אויס גוטערברודער.

---

# צוקערזיסל

דינקע דער מומע פירעס רופן מיר צוקערזיסל.

דער פעטער פימע און די מומע פירע וווינען ווײַט. מע דאַרף צו זיי פאָרן מיט צוויי טראַלייבוסן, דערנאָך ערשט גיין צופוס עפּשער א גאַנצע גאַס.

אַז מיר קומען אַמאָל אַהין, הייסן מיר ניט פּאַשעט געקומען. מיר הייסן געסט. גרויסע געסט.

דער פעטער פימע נעמט אונדז אויף מיט א ברייטן סקאָצל־קומט.

— אָ! — זאָגט ער. — זע נאָר, זע נאָר. זע נאָר ווער. מע דאַרף אַרויסוואַרפן דעם אויוון!..

פונוואַנען מע דאַרף אַרויסוואַרפן דעם אויוון, הייב איך ניט אָן פאַר־שטיין. כ׳זע, דאַכט זיך, בײַ דער מומע פירען קיין שום אויוון ניט.

די מומע פירע קושט אונדז גוט אָן, טוט אונדז אויס אין קאָרידאָר די פּאַלטאָכלעך, ציט אונדז אַראָפּ די שיכלעך (אַפּן אָרט זי זאָל זאָגן: „איר וועט אויסשמירן דעם פּאַרקעט״, זאָגט זי טאָמיד: „איר וועט אײַך אויס־רוען די פיס״). זי פירט אונדז מיט פּאַראַד אַרײַן אין שטוב און זעצט אונדז באַלד אַוועק אויבנאָן בײַם טיש. זי לויפט ערגעץ אַרויס אין הויף און קומט צוריק אַרײַן מיט דינקען.

— דינקע, — זאָגט זי, — גיי צו און גיב די שוועסטערקינדלעך די האַנט, פאַרנייג זיך!..

גלײַך מיר וואָלטן געוועזן פון אַן אַנדער שטאָט און דאָס ערשטע מאָל אין לעבן געקומען אַהער צו פאָרן. אָט האָסטו, וואָס הייסט וווינען ווײַט. אַלעמאָל דאַרף מען אָנהייבן פון אָנהייב. ווי מע וואָלט זיך קיינמאָל ניט געקענט.

דינקע טוט אַ צעשפּרייט דאָס קליידעלע אירס, בייגט אַ ביסל אײַן אַ קני און גיט זיך פאַר אונדז אַ שיינעם נייג. מיר ווערן ריץ־רויט. מיר שטרעקן אויס דינקען די הענט אונדזערע און צעשרײַען זיך ביידע אויף איין קאָל:

— דאָדעק!..

— וואָוועק!..

דער פעטער פימע און די מומע פירע קאַטשען זיך פאַר געלעכטער:

— נאַרעלעך... איר באַקענט זיך ערשט קוים?.. אַ שיינע מײַסע. איר זענט דאָך שוין אַזוי לאַנג שוועסטערקינדער!..

די מומע פירע הייבט אָן אַרופשטעלן אויפן טיש: עפּל, געבעקס, סעל־צערוואַסער, ביכלעך, שפּילן. נאָר קיין קאָנפעקטן שטעלט זי קיינמאָל ניט אַרויף. קאָנפעקטן לייגט זי אונדז שטילערהייט אַרײַן אין די קעשענעס פון די פּאַלטאָכלעך. און אַז מיר טוען די פּאַלטאָכלעך אָן בײַם אַוועקגיין, זעען מיר ערשט, וואָס זי האָט אונדז דאָרט אַרײַנגעלייגט.

ס׳איז שוואָרע, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דאָס איז איבער דינקען. דינקע איז אַ נאַשערן. זי טאָר ניט עסן קיין קאָנפעקטן און וויל דאַפּקע יאָ עסן קאָנפעקטן.

איינמאָל האָבן מיר דאָס געזען מיט די אייגענע אויגן. די מומע פּירע האָט זיך, אַפּאַנעם, פאַרגעסן און אַרופגעשטעלט אויפן טיש א גאַנצן פּרוכ־טאָוניק מיט אַלערליי קאָנפעקטן. דינקע האָט באַלד אין דער מינוט א צי געטאָן זיך צום פּרוכטאָווניק און אָנגעהויבן שלעפּן. זי האָט א כאַפּ געטאָן איין זשמעניע, א כאַפּ געטאָן א צווייטע זשמעניע. און אַז זי האָט שוין מער ניט געהאַט קיין זשמעניעס, האָט זי א נעם געטאָן דעם גאַנצן פּרוכטאָווניק און אים אויסגעשיט גלייַך צו זיך אין פּאַדעלעק אַרייַן.

די מומע פּירע האָט זיך מעסוקן פאַרשעמט:

— דינקעו!.. — האָט זי א געשריי געטאָן. — דינקעו!.. עס זיצן דאָך אין שטוב מענטשן, געסט. פע, האָב בושע, דינקעו!..

דעם פעטער פּימען האָט עס געקאָסט א סאַך געזונט. ער האָט זיך אַזש איבערגעביטן אויפן פּאָנעם. דאָס פּאָנעם איז אים אַזש געוואָרן, ווי פאַרקרימט. נאָר דער פעטער פּימע אונדזערער איז זייער א גוטער. אַזוי־אָ, פאַרקרימטערהייט, האָט דאָס פּאָנעם זייַנס געשמייכלט, דינקען פאַרענטפערט:

— נו, נו. לאָז צורו, פּירע... דאָס קינד האָט שטאַרק ליב זיס!..

די מומע פּירע האָט אָבער ניט געשוויגן. זי האָט צוגענומען בא דינ־קען ביז איין קאָנפעקטל, צוריק אַרייַנגעשיט אַלע קאָנפעקטן אין פּרוכ־טאָווניק אַרייַן און דעם פּרוכטאָווניק אַרויסגעטראָגן גלייַך אין קאָרידאָר...

שטילערהייט, קיינער זאָל ניט הערן (נאָר מיר האָבן סייַוויסיי גע־הערט), האָט זי דינקען א זאָג געטאָן:

— אוי, ביסטו, טאָכטער, ביטער!..

וויִאַזוי מ׳איז ביטער, אַז מ׳האָט ליב זיס, הייבן מיר ניט אָן פאַר־שטיין. נאָר פון דעמלט אָן רופן מיר דינקע דער מומע פּירעס צוקערזיסל.

---

## פּערעלע־טרערעלע

אַלע קינדער שפּילן זיך, עסן, זינגען, לויפן, קאַטשען זיך אין הויף אין זאַמד, פּליסקען זיך אונטערן דוש, קומען צוריק אַרייַן אין שטוב אַרייַן — איין פּערעלע שטייט נאָך אַליין און וויינט.

— וואָס וויינסטו, פּערעלע?

— כ׳ווייס ניט.

— ס׳טוט דיר עפּעס וויי?

— נע.

— ס׳געפעלט דיר דאָ ניט?

— נע.

— ווילסט עפּשער אויפן טעפּעלע?

— נעע.

— וואָס זשע וויינסטו, פּערעלע?

— כ׳ווייס ניט.

פּערעלע ווייסט ניט, נאָר אַלע קינדער ווייסן יאָ. אַזוי קומט פאָר. דעם

ערשטן טאָג אין קינדערגאָרטן פילט מען עפּעס אפן הארצן א מעסוקן שטארקע נאָגעניש אהיים.

לאָזט זיך אָבער אויס, אז פערעלע איז טאקע פאַשעט פערעלע־טרע־רעלע.

מ׳האָט זי פאוואָלינקע איַינגעשטילט, אָפּגעוואשן די צעשמירטע טרערן אפן פּאָנעם, אָנגעהאָדעוועט, איר געגעבן די שענסטע טאָק אין די הענט און זי אוועקגעזעצט אף א בענקעלע צווישן אלע קינדער: לאָז זי זיך פאוואָלינקע צוגעוווינען, אליין זען, אז ס׳איז דאָ גאָר ניט ערגער, ווי אין דער היים.

אנטקעגן זיצט די דערציִערן. אלע פענצטער שטייען צעעפנטע. אין דער גרויסער זאל איז זוניק, לופטיק. וואָס פארא שיינע זאכן אין דער וועלט הענגען דאָ ניט אף די ווענט!

אין א ווינקל שטייט א גרויסע גלאנצנדיקע פיאנע. זי איז אזוי שפּיגל־דיק־גלאנצנדיק, אז עס זעט זיך אָן, ווי אינווייניק אין דער פּיאנע זיצן אויך אין א האלבקייַלעכדיקער ראָד קינדערלעך אף בענקעלעך.

אין א צווייט ווינקל שטייט אן עמעסדיקער וואלד, מיט גרינע עמעס־דיקעביימער, מיט א קליין שטיבל צווישן די ביימער, מיט א באָבעצי, וואָס קלייַבט שפּענדלעך, מיט א גאנעוול א בערעלע טיף אין וואלד. ס׳איז א ביסל שרעקלעך. ווען פערעלע ווייסט ניט, אז דאַס איז ניט אף קיין רעכטן עמעס. אז ס׳איז גלאט אזוי זיך א מייַסעלע. א מייַסעלע מיט א גוטן און א שיינעם סאָף.

אין א דריט ווינקל שטייט א באפּוצט זילבערן פאלעצל. ס׳האָט אָן א שיר גאנעקלעך, אָן א שיר טרעפּלעך; און א בלישטשענדיקער האָן מיט א גאָלדענער קאם ווינט אין פאלעצל.

אין א פערט ווינקל האלט א קראָ אף א צווייַג א שטיק קעז אין מויל, קוקט אראָפּ מיט א פּאָר נארישע אויגן צום כיטרע פוקסל אונטערן בוים. אָט וועט זי זיך באלד א צעזונג טאָן, די נארישע קראָ: קרא־אַ!..

פערעלע זיצט און קוקט. ס׳איז טאקע דאָ שטארק שיין. נאָר סייַוויסייַ טוט זי אלעמאָל א כליפּע אוף. זי לאָזט ארויס איניינעם, ערגעץ פון טיף־טיף, אי א כליפּ, אי א מין פארזאָטענעם כריפּ, אי א זיפץ. זייער א קאָ־מישער כליפּע־כריפּע־זיפץ.

די קינדער האָבן כיישעק צו צעלאכן זיך. נאָר די דערציִערן טוט אף זיי איין גוטן קוק, און זיי פארשטייען, אז לאכן איז נישטאָ וואָס: וואָסי, זיי זייַנען דען געוועזן בעסער?

מיטאמאָל, ווי טאָמיד אין דער צייַט, הייבט די דערציִערן אָן אויס־פרעגן דעם אוילעם, וויִאזוי יעדער איינער העלפט צו אין דער היים דער מאמען.

איין ייִנגעלע שטעלט זיך אוף דער ערשטער און טוט א געשריי:

— די מאמע האָט מיר נעכטן אָפּגעפּוצט די שיך, און איך האָב איר געהאלטן דאָס פּושקעלע קרעם!.. כ׳האָב מיר אליין געוואָלט אָפּוצן, האָט די מאמע ניט געלאָזט!

א צווייט ייִנגעלע טוט א זאָג:

— פארנאכט בין איך אראָפּגעגאנגען מיט דער מאמען אין קלייט איַינ־קויפן. מיר האָבן איַינגעקויפט א פול קוישל. די מאמע איז געגאנגען מיטן קוישל, און איך האָב געטראָגןביידע פלעשלעך קעפיר!..

א מיידעלע זאָגט:

— מיַין מאמע איז געשטאנען אין באָד־צימער און געוואשן. איך בין אויך געשטאנען אין באָד־צימער און געוואשן. די מאמע האָט געזאָגט: גיי אוועק. פּלאָנטער זיך מיר ניט פאר די פיס. שטער מיר ניט! און איך בין באלד אוועקגעגאנגען...

אן אנדער מיידעלע זאָגט:

— און איך האָב באגאָסן די בלומען. אלע בלומען. אין אלע בלומען־טעפּ. קיין איין קאַפּל וואסער האָב איך ניט צעגאָסן אפן פּאָל. דערנאָך בין איך א ביסל געשטאנען לעבן זיי. ס'זאָל זיי ניט זיַין סקוטשנע צו וואקסן...

איינער זאָגט דאָס, א צווייטער זאָגט יענץ. יעדער איינער — וואָס ער האָט געטאָן. בלויז פערעלע דארף נאָך עפּעס זאָגן.

פערעלע שטעלט זיך פּאוואָלינקע אויף אויף. זי גיט דאָס ערשטע דעם קאָמישן כליפּע־כריפּע־זיפּץ אירן און טוט דערנאָך פּאוואָלינקע א זאָג:

— איך העלף אויך אין דער היים... דער טאטע און די מאמע זיַינען אוועקגעגאנגען אין קינאָ... בין איך געזעסן אליין אין שטוב... און האָב געוויינט.

הער־הער א פערעלע־טרערעלע! זיצן און וויינען הייסט אויך העלפן?

די קינדער האָבן שטארק כיישעק צו צעלאכן זיך. נאָר די דערציִערן טוט אף זיי איין גוטן קוק, און זיי פארשטייען, אז לאכן איז נישטאָ וואָס: וואָסי, זיי זיַינען דען פריִער געווען בעסער?..

---

# דער האָן

— סארא וויַיסער!.. די פעדערן מיט גאָלד באשפּריצט... סארא שטאָל־צער פּיַיערדיקער קאַם!..

— זעט נאָר, ווי שיין ער שארפט דעם שנאָבל: שארף־שארף, אהין־אהער, אהין־אהער...

— ווי פלינק ער גראבלט.

— ער זוכט אן אויצער... אין מיסט, כא, כא...

— זעט נאָר, קינדער, ער האָט אראָפּגעלאָזט צו דער ערד א צעפּע־כערטן פליגל און פרייט זיך. גראבלט און שריַיט.

— ער האָט געפונען!.. ער האָט געפונען!..

— ווערעמלעך.

— קערנדלעך.

— כא, כא, סארא נארישער האָן!.. געפונען — שוויַיג. צעשריַיט ער זיך פאר פרייד אף קוילע־קוילעס און גיט אלעמען אויס דעם סאָד... באלד וועלן זיך די אויפעס צונויפלויפן און אים דעם גאנצן אויצער צעשלעפּן...

— דו, דו ביסט א נאַרישער!.. יאָ, יאָ!.. און א שלעכטער!.. דאָס שרייַט ער אזוי בעקיוון... שטענדיק טוט ער אזוי... וואָס דען, אליין זאָל ער עסן?..

---

## וואָווע

א הויף פול מיט קינדער.

אין דרויסן איז א זומערדיקער קילבלעכער פאַרנאַכט.

ערגעץ אין א פענצטער שטייט אָן אויסגעבליכט יינגעלע, פאַרקוטעט דעם האלדז מיט א שאַרפּל, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אין די שויבן, און נאָך דעם פאַרטרויערטן פּענעמל דעם יינגעלעס און לויט דעם ווייַסן פלעק, וואָס די שויב האָט אים אָנגעקוועטשט אפן שטערן, פאַרשטייט מען, אז עס שטייט שוין אזוי פאַרבענקט ניט קיין איינע פּאָר מינוט.

וואָווע לויפט צו צום פענצטער מיט א גרויסן־גרויסן באָל אונטערן אָרעם. דאָס הענטל זייַנס כאַפּט דעם באָל קוים ארום. ער לויפט באָר־וועס. דער זומער האָט אים דאָס נאַקעטע לייַב ציגייַנעריש פאַרקוילט. די געלע קוטשערן אפן קעפּל זייַנען אָפּגעבליאַקעוועט פון דער זון. דאָס נעזל איז אים פאַריסן און אויסגעשפּרענקלט, ווי א פויגלש אייעלע. ער בלייַבט שטיין קעגן פענצטער מיט גאַדלעסדיק־צעשפּרייטע פיס, גלייַך ווי ער וואָלט געהאַלטן אונטער דעם אָרעם נישט קיין פּאַשעטן באָל, נאָר אַן ערדקוגל — די גאַנצע וועלט.

— האַקלאַל, קומסט ארויס, צי דו קומסט ניט ארויס?

— מע לאָזט ניט! — צעשפּרייט דאָס יינגעלע אין פענצטער די הענט־לעך.

— ווער?

— די מומע בוסיע. זי זאָגט, סע טוט מיר וויי אין העלדזל!..

— נאַרישקייַטן. שאַ, וועסט זאָגן, אז איך, איך האָב דיר געהייסן!..

און וואָווע טוט זיך דראַטיק א צי אויס, ווערט א קאַפּל העכער און מאַכט דערבייַ אזא פּאָנעם, גלייַך ווי ער וואָלט געוואָרן העכער פון אלע ביימער דאָ ארום.

— כ׳ווייס? נו, גיי איך!.. — ברומקעט דאָס יינגעלע פון יענער זייַט פענצטער, דרייט זיך אויס צו די שויבן מיט דער פּלייצע, דרייט זיך צוריק אויס מיטן פּאָנעם, ווידער מיט דער פּלייצע, ווי ער וואָלט זיך געדרייט אין א שטייַגל, טוט זיך סאָפּקאָלסאָף א זעץ אוועק און שאַרט צו זיך צו מיט די פיסלעך א בענקל אראָפּצוקריכן.

אינווייניק הערט זיך דער מומע בוסיעס געשרייען:

— גיי נישט, זאָגט מען דיר... גיי נישט... כ׳על דערציילן דעם פּאַ־פּען... אין דרויסן איז א ווינט!..

נאָר וואָווקע שרייַט זי איבער:

— אין דרויסן איז נישט קיין ווינט. אין דרויסן בין איך — וואָווע!..

---

# מײַנע קלײנע שיפעלעך

אריק איז א גרויסער. ווער קאָן זיך צו אים גלײַכן? סאַרא שײנע, גרויסע שיף ער האָט זיך אַלײן אויסגעמײַסטערט. מיט אַן א שיר שמאָלע לײטערלעך, מיט גאַנעקלעך, מיט קײַלעכדיקע קאַיוטע־פענצטערלעך, מיט הויכע, שוואַרצע קוימענדלעך. אוי, סאַראַ װוּנדערלעכע שיף!

וואָס זשע טו איך?

כ'נעם א ווײַס פּערטל פּאַפּיר, לײג עס צונויף אינצווײען, לײג עס צונויף אינפירן, פאַרבײג אײן עק, פאַרבײג אַן אַנדער עק, לאָז ארויס א שפּיץ, מאַך א שײנעם קנײטש, טו עס א בלאָז אַן מיט מײַן ווארעמען אָטעם, און עס ווערט אויך א שיפעלע. איך שטעל עס פּאַמעלעך אַראָפּ אין דער ריטשקע, און עס גײט זיך אַוועק. עס הוידעט זיך, עס שאָקלט זיך, לויפט גיך־גיך באַרג־אַראָפּ, קאַטשעט זיך קוים־קוים בערגל־אַרויף, נאָר האַלט זיך פון אויבן, שווימט. א קלײן שיפעלע — נאָר אויך א שיף!

גוט, וואָס עס גײט אַזאַ מעכײַעדיקער שמעקנדיקער רעגן. אין די טײַכלעך בולבעט; אױף די גאַסן יאָגן ברײטע וואַרעמע ריטשקעס; עס גיסט און פּליעסקעט פון די רינוועס.

איך שטײ באַרוועס, מיט פאַרקאַטשעטע הײזלעך, לאָז אָפּ מײַנע שיפּ־לעך און קוק, ווי זײ שווימען אַוועק אײנס נאָכן אַנדערן: קלײנינקע, ווײַ־סינקע, פרײלעכע.

די זון גײט אויף איבער אונדז. איך און מײַנע שיפעלעך בלײַבן אײַנ־געדרעמלט אין א רעגנבויגן.

---

# דער וועלאָסיפּעד

דער טאַטע האָט געקויפט וואָלעריקן א וועלאָסיפּעד. א שפּאָגל־נײַעם, א בלאָוון און זײער־זײער א שײנעם. מיט דרײַ גומענע רעדלעך, מיט א בלישטשענדיק־ניקלנעם רודער, מיט א גלעקל פון פאָרנט. און הינטן, אויף דער הינטערשטער אַקס, זײַנען צוגעפעסטיקט צוויי פּלאַטשיקע שטי־קער, עמעצער זאָל זיך אױף זײ אַרופשטעלן מיט די פיס: אײנינעם מיט וואָלעריקן זאָל אפשר וועלאָסיפּעד נאָך עמעצער קאָנען פאָרן.

— א וועלאָסיפּעד — אַן אַנטיקל.

אײן כיסאָרן: אַז וואָלעריק זעצט זיך אויף און טוט א טרעט מיטן פוס דעם פּעדאַל, בלײַבט אים דער צווייטער פוס הענגען אינדערלופטן און מוז א ביסל צוּוואַרטן. און אַז דער פּעדאַל קומט שוין אונטער צום צווייטן פוס, בלײַבט דער ערשטער הענגען אינדערלופטן און מוז א ביסל צוּוואַרטן. האַקלאַל, וואָלעריק איז נאָך צו א קלײנער און גרייכט נאָך נישט מיט בײדע פיס צו די פּעדאַלן.

נאָר גאָוורושע זאָגט, אַז דאָס איז גאָרניט. מע קאָן דעם זאָטל א ביסל אַראָפּלאָזן.

גאוורושע איז א פּיאָנער. ער פאַרמאָגט א פול קעסטל מיט צוועגגלעך, מיט פּײַלעכלעך, מיט שליסלען. דאָס קליינוואַרג אין הויף רינגלט אים שטענדיק ארום. כוץ דעם, וואָס ער לייענט זיי ביכלעך און לערנט זיי אויס שיינע שפּילן, לערנט ער זיי זעגן, פּײַלן, בויערן. אלע וועלאָסיפּעדן אין דער וועלט קען גאוורושע אליין צעשרויפן, איבערפּוצן און אליין צוריק צונויפשטעלן.

וואלעריקס וועלאָסיפּעד קערט ער איבער מיט די רעדלעך אַרויף, שטעלט זיך אוועק לעבן אים אף איין קני, נעמט ארויס א שליסל פונעם קעסטל, און אז די שפּיץ צונג זײַנע הייבט אָן אומגיין פון איין ווינקל מויל צום צווייטן ווינקל מויל, ווייסט מען, אז קיינער טאָר איצטער ניט שטערן — גאוורושע מײַסטרעוועט.

אין עטלעכע רעגעס איז דער זיץ אראָפּגעלאָזט. וואלעריק פאָרט אפן וועלאָסיפּעד אָנגעגוידערט, מיט א וואַזשנער גלײַכער פלייצע. ביידע הענט האלט ער אויסגעשטרעקט אפן רודער. דער טראָטואַר איז א גלאַ־טער, אן אספאלטענער. די פיס דרייען גיך־גיך די פּעדאלן. דאָס גלעקל קלינגט. דער וועלאָסיפּעד לויפט:

— דזין, דזין... מאכט א ווארע, וואלעריק פאָרט!..

צום טראָטואַר קומען ארויס די קליינע ווערהאָניקע מיט די לאנגע שווארצע צעפּלעך, דער קליינער וואדיק, איזיק, און אפילע דער סאמע קלענסטער, גריגאָרעל, וואָס איז נאָרוואָס געזעסן אין הויף, אפן גראָז, ארומגערינגלט מיט זײַנע צענדליקער שפּילעכער, קומט אויך ארויס זען, וו:אזוי וואלעריק פּרוּווט אויס דעם וועלאָסיפּעד.

וואלעריק קריכט אראָפּ און זאָגט, אז פאָרן וועלן אפן וועלאָסיפּעד אלע. איינציקווײַז. פון איין עק טראָטואַר צום אנדערן עק טראָטואַר און צוריקצוּוועגס. ווערהאָניקע טאנצט אזש אונטער פאַר פרייד, און אונטער־טאנצנדיק, ציילט זי מיט א פינגער די כעוורע, ווי זי ציילט טאָמיד, בייס מע שפּילט זיך אין באהעלטערלעך:

— איך א ביסל, דו א ביסל, ער א ביסל!..

— און איך א ביסל!.. — דערמאָנט ווערהאָניקען דער סאמע קלענסטער, גריגאָרעל.

די כעוורע לאכן. די כעוורע פרייען זיך. פיס דרייען גיך־גיך די פּע־דאלן. דער וועלאָסיפּעד לויפט. דאָס גלעקל קלינגט:

— דזין, דזין... מאכט א ווארע!.. ווערהאָניקע פאָרט!.. איזיק פאָרט!.. גריגאָרעל פאָרט!..

נאָר אפן טויער באווײַזט זיך וואלעריקס באָבע. זי זעט עפּעס אויס באַרויגעזלעך. זי ווישט זיך די הענט אין פארטעך און שאָקלט עפּעס אומצופרידן מיטן קאָפּ.

— וואלעריק, — שרײַט זי, — וועסט צעברעכן דעם וועלאָסיפּעד!..

— כ'וועל נישט צעברעכן, באָבעשי! — שרײַט וואלעריק צוריק.

— האָסטעך צונויפגענעמען די גאנצע גאס מיט קינדער!..

— מיר פאָרן איינציקווײַז!..

— איר פאָרט דאָך אָבער אלע. ס'ט צעברעכן דעם וועלאָסיפּעד!..

— פאָרן מיר דאָך אַלע, באַבעשי, אַלע!.. — שרײַט וואָלעריק מיט בײדע דלאָניעס באַם מויל, גלײַך ווי די באָבע זײַנע וואָלט געשטאַנען ערגעץ ווײַט־ווײַט און וואָלט אים קוים געהערט.

און די קלײנע ווערבאַניקע מיט די לאַנגע שוואַרצע צעפּלעך קומט צו צום טויער, שטעלט זיך אַוועק אַנטקעגן וואָלעריקס באָבע, טוט אַ פֿאַר־וואַרף די צעפּלעך אויף דער פּלײצע אַריבער און טוט אַ זאָג:

— וואָלעריקס באַבוסיע. ערשטנס, אויב אַלע קאָנען אויף אים פֿאָרן, וועט זיך דער וועלאָסיפּעד ניט צעברעכן. צווייטנס, אַז אַלע וועלן אים צעברעכן, וועלן אים אַלע פֿאַריכטן. איך אַ ביסל, דו אַ ביסל, ער אַ ביסל...

— און איך אַ ביסל!.. — דערמאָנט ווערבאַניקען דער סאַמע קלענסטער, גריגאָרעל.

דער אוילעם לאַכט. און וואָלעריקס באָבע לאַכט אויך. לאַכנדיק טוט זי אַ מאַך מיט דער האַנט, גיט זיך, הײסט עס, אונטער און גײט צוריק אַרײַן אין הויף אַרײַן.

וואָס דען זאָל זי טאָן? די כעוורע זײַנען דאָך גערעכט...

---

## ווער איז עס?

די קלײנע גיטעלע שפּילט הײַנט צום ערשטן מאָל פֿאַר אַזאַ גרויסן אוי־לעם. צום ערשטן מאָל אין איר לעבן באַגלייט פֿון אַן אָרקעסטער.

זי קומט אַרויס אויף דער בינע מיטן פֿידל אין דער האַנט, גײט זײַטל־דיק דורך צווישן די מוזיקאַנטן און בלײַבט שטײן פֿאַרנט אַ דאַרינקע, מיט שמאָלע קינדערישע אַקסל.

אַ רעגע זײַנען אירע ליפּן בלײך און פֿאַרטריקנט, אַ דין שמײכעלע טוט אַ שוועב איבער זײ. מיט אַראָפּגעלאָזטע ווי׳עס הײבט זי אָן אָנשטעלן דעם פֿידל, פּילט די צענדליקער פּענעמער אַנטקעגן זיך, די הונדערטער אויגן, די גיכע שווינדלענדיקע באַוועגנישן פֿון די פֿליעסקענדיקע הענט. דערנאָך ווערט מיטאַמאָל שטאַרק שטיל. פּאַמעלעך הײבט אָן שפּילן דער אָרקעסטער. גיטע טוט אַ הײב דעם פֿידל, טוט אַ פֿיר דעם סמיטשעק. דאָס שמאָלע, צאַרטע מײדעלע ווערט מיטאַמאָל העכער, גרעסער. אירע ליפּן — פּולער. דאָס קינדערישע, גאָרניט זאָגנדיקע פּאָנעם אירס הײבט אָן זאָגן זײער אַ סך. אירע פֿינגערלעך לויפֿן גיך־גיך איבער די סטרונעס, און פֿון די קלאַנגען, וואָס קומען צווישן זײ אַרויס, ציטערט אויף די לופֿט. עס דאַכט זיך, אַז די אַרויסגעלאָזטע קלאַנגען ווערן נישט פֿאַרשווונדן, שטאַרבן ניט אָפּ, נאָר צעפּלי׳ען זיך אײנציקווײַז, יעדער קלאַנג באַזונדער, טוען זיך אַ הײב צום הויכן קופּאָל, זעצן זיך דאָרט אויס אין די ווינקלען אײנס לעבן אַנדערן, ווי שוועלבעלעך אין נעסטן, קוקן אַראָפּ מיט זײערע יונגע פֿרילינגדיקע שנעבעלעך, צוויטשערן.

גיטעלע שפּילט, און דער אוילעם גאַפֿט. יעדערער זיצט זיך מיט זײַן היספּײַלעסדיקער פּאָזע, אַלע מיט די זעלבע אײַנגעהאַלטענע אָטעמס. כוץ אײן מענטשן, וואָס קאָן אַזש פֿאַר אַזױפֿיל געריוטקײַט דעם אָטעם

ניט אײַנהאלטן, און אין די קורצע פויזעס הערט מען ארום אים זײַן שווער אומרויִק סאָפּען.

ווער זאָל דאָס זײַן, ווער?

אין דער ערשטער ריי, אין סאמע עק, זיצט ער אָנגעטאָן אין א יאָמ־טעוודיק־שווארצן קאָסטיום, דאָס ווײַסע קראכמאלעטע העמד אויסגעבונדן מיט א שלייפל. די גאנצע צײַט, וואָס גיטע שפּילט, קלאַפּט ער אויס מיטן פוס דעם טאקט, שאָקלט צו מיטן קאָפּ. באווײַזן זיך אף דער פידלערנס פּאָנעם טראָפּנס שוויס, באווײַזן זיך אויך אף זײַן פּאָנעם שוויס־טראָפּנס. גיטעלע טוליעט צו די באק אירע צום פידל — לאָזט ער אויך פּאמעלעך זײַן באק אראָפּ אפן אקסל. גיטעס אויגן ווערן וואָס אמאָל ליכטיקער, פריילעכער. אויך זײַנע אויגן ווערן וואָס אמאָל ליכטיקער און פריילע־כער. און ווען אין זאל טוען א רײַס אוף פּליעסקערײַען, דרייט ער פּא־מעלעך אויס דעם קאָפּ צום אוילעם און, אפּאָנעם, ניט ווילנדיק אפילע, טוט ער זיך אויך א לײַכטן־לײַכטן נייג.

ווער איז עס? דער פידלערנס פּאָטער? א ברודער? ניין. דער לערער.

---

# א דיכטער

א דיכטער מיט א קורץ שיטער טשוביקל אפן שטערן. גרויס — אָט טוט ער זיך א שפּאציר דורך אונטערן טיש. און קענען קען ער נאָך אפילע ניט נאָר ניט שרײַבן, נאָר קוים־קוים א פּאָר ווערטער לייענען.

ס׳איז געווען אין א פארנאכט.

אופגעשטאנען פונעם נאָכמיטיקדיקן שלאָף, אָנגעשפּילט זיך א שאָ אָנ־דערהאלבן אין הויף, א זונג געטאָן, א לויף געטאָן, אויסגעבויט אפן בארג זאמד פּיסעם מיט ראמסעס, אָפּגעוואשן דערנאָך די פארשוויצטע פּענע־מער, אָנגעטאָן זיך, אָפּגעגעסן אָוונטברויט — האָבן זיך אלע קינדער אויסגעזעצט אזוי־אָ אָן ארבעט אף די בענק ארום דעם נוסנבוים ווארטן, די מאמעס זאָלן זיי קומען אהיימנעמען.

די דערציִערן פונעם קינדערגאָרטן איז, פארשטייט זיך, אויך געווען דערבײַ. אויבן, איבער די קעפּ, זײַנען די נוסנבלעטער מיטאמאָל טונקע־לער געוואָרן — די זון איז שוין טאקע אינגאנצן־אינגאנצן אוועק. אין אזא שאָ גלוסט זיך ארופצורוקן זיך העכער אף דער באנק, שאָקלען מיט די פיס, דעליבען אָן א פארוואָס די נאָז און ריידן צו זיך אליין, כאָלעמען.

איין יינגעלע האָט געזאָגט:

— איך? איך וועל זײַן א שיפסקאפּיטאן. ווײַט־ווײַט. אף אן אײַז־ברעכער!

א צווייט יינגעלע האָט געזאָגט:

— און איך וועל זײַן א פּראָפעסאָר. א גרויסער פּראָפעסאָר. כ׳וועל אויסטראכטן נײַע רעפועס. זיידעס וועלן קיינמאָל מער ניט שטארבן!..

א מיידעלע האָט זיך געכיינדלט:

— און איך וועל זײַן א באלערינע. כ׳וועל גיין אָנגעטאָן אין א ווײַס קליידעלע, א ווײַס און א גריגגס — ווײַסע פעדערלעך. די הענט — אזוי־אָ, ווי פליגל. די פיס רירן אפילע ניט אָן די ערד. און איך טאנץ, און איך שוועב...

— און איך וועל זײַן א פליער!

— און איך א לערערן!

— און איך וועל בויען שטעט!

— און איך, איך וועל זײַן א שוסטער!..

דאָס האָט א זאָג געטאָן שוריק. אָפּגעזאָגט און גאָרניט. נאָר ס׳האָט א הילך געטאָן ארום אים א געלעכטער, ווי ס׳וואָלטן אָנגעהויבן שיטן זיך די ניס פון די צווײַגן. דער קליינער איז געבליבן זיצן מיט אָנגעגאָסענע אויגן. די דערציִערן האָט אים א גלעט געטאָן איבערן קעפּל.

— נו, הערט אוף. א שוסטער מיינט דען א שוסטער? א מײַסטער. אין א גרויסער שוך־פאבריק!..

שוריק איז געזעסן אָנגעבלאָזן, מיט א בארויגעז־פארשפיציקט נעזל, מיט קײַלעכיק־געוואָרענע גראָבע ליפּלעך. ער האָט קאָסע א זײַטל געטאָן די אויגן צום אוילעם און שטיל זיך צעטײַנעט:

— אבי זיי לאכן... זיי מיינען, אז שיך איז אזוי־אָ, א פּאָר שיך און פארטיק... אָ, אָ! ביז סע ווערט דער שיינער פאסאָן, די ווײַסע שטעך ארום־און־ארום, דאָס באנטיקל...

די קינדער האָבן אָנגעהויבן אנטקעגן לויפן די מאמעס זייערע. ווער ס׳איז דער מאמען ארוף אפן האלדז, צעדרייט זיך מיט איר ווי א קארו־סעל, ווער ס׳האָט זיך געטוליעט צו איר שויס. שוריקן האָט די מאמע זײַנע געהאלטן באם הענטל און, ווי טאָמיד, ווען די דערציִערן דערציילט די קינדער כאָכמעס פארן טאָג, האָט דאָס פּאָנעם דער מאמעס פארפאליעט געשײַנט. די דערציִערן האָט דערציילט:

— אָט וועט איר זען. אײַער זון וועט זײַן א פּאָעט!..

שוריק האָט פארכידעשט א קוק געטאָן אף איר: נע, ניט דאָס האָט ער געזאָגט! זי האָט, אפּאָנעם, פארגעסן, פארביטן! ער האָט זי געוואָלט דער־מאָנען, נאָר ער האָט געוווסט, אז ס׳איז ניט שיין, קינדער זאָלן כאַפּן דערוואקסענע אין א גרײַז. און ער האָט געשוויגן. געטראכט: מיילע, זאָל שוין דאָס מאָל זײַן אזוי...

# ליטעראַרישע מיניאַטורן

## דער סאַד־האיעצירע



אַד בלײַבט סאַד.

ווען עמעצער זאָל דעם סאַד פון שאַפן קענען אנטפּלעקן, וואָלט ניט געווען מער אזא זאַך, וואָס הייסט סאַד פון שאַפן.

נאָר שטילערהייט טוט אמאָל יעדער קינסטלער א טראַכט בא זיך, אז ער האָט אים אנטפּלעקט. אלקאָלפּאָנעם — זײַן סאַד, דעם סאַד פון זײַן אייגענעם שאַפן. עס טראַכט זיך, אז יעדערער האָט זיך זײַן באזונדערן סאַד. און אלץ בלײַבט דעריבער ווידער פאַרבאָרגן. סאַד בלײַבט סאַד.

מײַן ווייניקײַט מיינט, אז דער סאַד־האיעצירע איז... שווערקײַט. לאָמיך עס מיר אויסקלאָרן. ניט רועך־האַקוידעש, ניט מוזע, ניט אפילע איבערלעבעניש, מיטלעבעניש. דאָרט, ווו עס קומט אָן שווער, — דאָרט איז יעצירע.

קיינער קאָן זיך ניט מאַכן קיין שטייגער:

— לאָמיך שאַפן און ניט באַלמעלאָכעווען!

קיינער קען זיך פּונקט אזוי ניט מאַכן קיין שטייגער:

— לאָמיך שרײַבן שווער!

האָסט פאַר זיך, אויב דו ביסט א קינסטלער, צענדליקער וועגן און דאַרפסט אויסקלײַבן איין־איינציקן. דער סאַד פון שאַפן, מיין איך, באַשטייט אין שטיין בלײַבן א פאַרלוירענער: אף וועלכן וועג גייט מען? זיצן און פײַניקן זיך: בלאָנדזע איך ניט? גיין און אומקערן זיך, גיין און אומקערן זיך.

באַלד פאַלט שוין צו די נאַכט. עס ווערט עפּעס שרעקלעך. ווען וועל איך אָנקומען? וועל איך ניט פאַרצוקט ווערן אף די דאָזיקע שיידוועגן?

און פּלוצעם טוט עפּעס א רוף אין דיר:

— גיי! גיי, וווּהין די אויגן טראָגן דיך, אבי גיי!..

און די אויגן הייבן אָן טראָגן גוט. זע נאָר, ס'איז דער סאַמע בעסטער וועג!.. ווער האָט דיך פּלוצעם ארופגעפירט אף אים?

גאָרניט פּלוצעם. דאָס פּיַניקן זיך דיַנס; דאָס זוכן; דאָס ווען געפּי־נען. די שווערקיַיט האָט דיך ארופגעפירט. דער סאָד פון שאפן.

און דאָס איז ערשט איין קליינינקער בייַשפּיל.

שווערקיַיט. כ'שרעק זיך ניט א זאָג טאָן: אפילע זויגן פונעם פינ־גער. מע איז געוויינלעך געוווינט צו הערן, אז פונעם פינגער זויגט מען אויס לאנגע נארישע אויסטראכטעניש. זויגן פונעם פינגער, מיין איך — זיצן און פיבערן, מעקן און קלעקן, טראכטן מיט הארצקלאפעניש, אז אלצ־דינג, וואָס דו גייסט זאָגן, האָט מען שוין ביז דיר לאנג געזאָגט. זויגן פון פינגער ניט קיין שורעס — מארך, בלוט, לעבן.

שווערקיַיט. וואָס איז שווער און וואָס איז ניט שווער? דאָס שווער־סטע אין שריַיבן, מיין איך, איז שריַיבן קורץ. און דאָס שווערסטע אין שריַיבן, מיין איך, איז שריַיבן לאנג. מע קען דאָס פינקטלעך אויסברייַען. נאָר צו וואָס? דעריקער איז איצט דער סאָד: די שווערקיַיט.

נו, און אזויפיל עמעסע קינסטלער, וואָס טיַינען, אז דער סאָד פון יעצירע באשטייט אין ארויסזאָגן דאָס אויסגעטראָגענע מיטאמאָל, אין איין אָטעם, מיטאמאָל דערהערן דעם ערשטן קוויטש: כ'לעב! וואָס איז דאָס, ניט יעצירע?

פארשטייט זיך, יאָ.

סאָד בליַיבט סאָד.

---

## די פּשאָרע

אז דו שריַיבסט אָן א נאָוועלע, זעסט, אז זי טויג ניט, און צערייַסט זי, האָסטו דערהארגעט איינע דיַינע א נאָוועלע.

אז דו שריַיבסט אָן א נאָוועלע, זעסט, אז זי טויג ניט, און דרוקסט זי אָפּ, האָסטו אָנגעהויבן הארגענען זיך, זיך אליין, זיך איינגאנצן.

די דאָזיקע מאלעכאמאָוועסטע מיטן בלאנקענדיקן כאלעף אין שיידל — די פּשאָרע — זוכט אייגנטלעך ניט נאָר קיין קינסטלער. גיב איר צו דער האנט וועמען זאָלסט איר ניט געבן.

זי דרייט זיך אום לעבן יעדן לויכטנדיקן פענצטער, טוט א פארשאר יעדעס שטיל־פארצויגן פאָרהענגל. זי שפּיצט אָן די אויערן און וואַקסט באלד אויס דאָרט, ווו עס גייט גערואנגל. דער כאלעף אירער בלישטשעט אף דער ערשטער רעגע מיט א גרינג־פאלשן, קלוימערשט זוניקן, גאָלד־בלישטש. מע זעט אָן דעם בלישטש און ניט דעם כאלעף. איינמאָל אונ־טערגעבן זיך — עס זיצט און קלאָגט פון יענער זיַט פאָרהענגל בא א וויגל אָן אגונע; עס פארשיקערט אין קרעטשמע דעם פאך זיַינעם א גוטער באלמעלאָכע; א בוכהאלטער פארגלעט אף די רעכן־ביינדלעך גנייווע. מיט איין פאָך פונעם כאלעף איז די פּשאָרע־מאלעכאמאָוועסטע גרייט צו מאכן פון א צנועע א זוינע, פון א העלד — א פאכדן.

שוואכע איז זי גויוועראפילע אין די רוזקסטע צייַטן זייערע, שטאַר־קע זייַנען זי גויוועראפילע בייס די שווערסטע שוועריקייַטן.

מעגלעך, אז גויוועראיז די דאָזיקע מאלעכאַמאָוועסטע איז דער־אָ ניי־סאָיען, וואָס מאכט דעם העלד פאר א העלד, דעם קינסטלער פאר א קינ־סטלער.

איין פּשאָרע זאָיעס, ווען זי האָט געשפּאַנט מיט די באָרוועסע פּיס אין שניי, א צעבלוטיקטע, צו דער טליִע, און זי וואָלט, סייַוויסיי אן אופּ־געהאַנגענע, ניט געוואָרן זאָיע קאָסמאָדעמיאַנסקאַיאַ.

איין פּשאָרע קאָפּערניקס, און די ערד וואָלט זיך אָנגעהויבן דרייען העט־העט שפּעטער.

כ׳זאָג דאָס אלץ, אָן אופהער, מיט א שטילן שעפּטש, זיך. דער רע־דאַקטאָר אין מיר בייַט מיר איבער שורעס, און איך לאָז זיך, שווייַג. א בלעטל פּראָזע מייַנס באַקומט זיך אַמאָל לויזער, לייַדיקער, און איך קלאַפּ עס אָפּ אף דער מאַשינקע, שלאָף די נאכט איבער צופרידן. געשיקט זיך, אז זי רוקט זיך צו מיר מיטן כאַלעף אין די הענט?

עפּשער וועט דער דאָזיקער שעפּטש מייַנער זי פּאַרטרייַבן, מיך פּאַרהיטן...

---

## אכרייַעס, כאַטש פון א דראַטגייער

מע דארף זייַן, טראַכט איך, א שרייַבער — אָדער כאַטש געדענקען, אז מע איז א שרייַבער, — אַלע פיר און צוואַנציק שאָ אין מעסלעס.

אפילע באַנאַכט, אין שלאָף?

אפּאַנעם, אז יאָ: אפילע באַנאַכט, אין שלאָף.

(מעגלעך, דערפאר שרייַבט זיך אָפּט פּאַרטאָג גרינגער. עס לייגט זיך ארויס אף פּאַפּיר דאָס, וואָס דער „קליינער מויעך״, דער „באהעל־פּער״ דייַנער, האָט באַנאַכט אין שלאָף, האלב אף דער וואָר, האלב אין כאָלעם, „אויסוויייניק״ אויסגעהאָרעוועט.)

איין רעגע פּאַרגעסן, וואָס דו ביסט און וואָס דו טוסט, קאָן דיך אראָפּשלייַדערן אין טהאָם פון באַלעבעסלדיקייַט, שונד, ליידיקגייערישן גליק, זעלבסטצופרידנקייַט. פון וועלן זייַן אף דער וועלט דער באַדינטער און ניט דאָס, וואָס א שרייַבער דארף זייַן, — דער באַדינער.

נו, און פּושקינס און לערמאָנטאָווס דועלן? נו, און שאָלעם־אַלייכעמס דרייען זיך אף דער בערזע? נו, און העמינגוועיס רייַניקן די יאַגד־ביקס?

ווען זיי טוען עפּשער, טראַכט איך, די אלע זאכן, ניט בלייַבנדיק אין יענע רעגעס פּושקין, לערמאָנטאָוו, שאָלעם־אַלייכעם, העמינגוועי, וואָלטן זיי עפּשער, ווי טויזנטער אנדערע, די דועלן געוווּנען, אף דער בערזע רייַך געוואָרן, מיט דער ביקס געכאַפּט פייגל און ניט ארייַנגעשאָסן זיך אין אייגענעם הארצן ארייַן.

און וואָלטן עפּשער ניט געווען פּושקין, לערמאָנטאָוו, שאָלעם־אַלייכעם, העמינגוועי.

אפילע ווען א פאָשעטער קונצנמאכער, א דראָטגייער, פארגעסט איין רעגע, אף וואָס ער שפּאנט, פארלירט אף איין האָר די אכריַעס־גלייַכ־געוויכט, באקומט ער דערפאר אין טהאָם צעבראָכענע רוק־און־לענד.

צום ביסל טאלאנט מייַנעם, מיט וועלכן דו האָסט מיך געבענטשט, לאָז מיר איבער די ריינקייַט און די פּראָסטקייַט פון מייַן ערשטער קינדער־שער ליבשאפט און גיב מיר טאָמיד די אכרייַעס, לעכאָלהאפּאָכעס פון א דראָטגייער.

דאָס איבעריקע וועל איך מיר נעמען אליין.

---

## כאווער מייַנער, בארויגעזער

פּערעץ, זאָגט מען, האָט ניט ליב געהאַט שאָלעם־אַלייכעמען, און שאָלעם־אַלייכעם, זאָגט מען, האָט ניט ליב געהאט פּערעצן. כ׳שטעל זיך עס מיר פאָר. כ׳שטעל זיך מיר אָבער פאָר, ווי זיי האָבן זיך דער־נאָך, „דאָרטן״, ליב באקומען.

כ׳זע, ווי זיי שפּאנען ביידע — גרויסע צוויי קינדער — אָנגענומענע בא די הענט. שאָלעם־אַלייכעם מיט א גראָבן פינגער פארשטעקט אין א זשיליעט־פּאכווע, פּערעץ — מיט לאמדאָניש־פארקלערטע שפּיציקע ברע־מען.

שאָלעם־אַלייכעם באטראכט פּערעצעס קאָף־האקעלע און קען זיך גאָר־ניט אָפּכידעשן:

— איַי, איַי. פעסלעך סמאָלע. פייַער־צונגען. צאפּלענדיקע נעשאָמע־לעך, געבראָטענע און געברענטע. טאקע גערעכט, כלעבן. א ווויל אָרט. ס׳וועט זייַן וועמען אויסצושטרעקן א האנט, אונטערטראָגן א ווערטל, דערלאנגען א לאך...

פּערעץ האָט אוועקגעזעצט העט אויבן אפן קיסיי־האקאָוועד, מאמעש אליין לעבן קאָוואיאָכל, טעוויען:

— זיצט, זיצט, רעב טעוויע... סע קומט אייַך!.. מערער, זעט אויס, ווי באָנציען!..

און מיר? די מאָנטיק־אינדערוואָכנדיקע? די לעבעדיקע? אויב מיר ווייסן שוין יאָ, אז מע ווערט דערנאָך כאווער, וואָס זשע רויגעזן מיר זיך אזוי?

וואָס קאָנען מיר ניט אייַנטיילן? — די אייביקייַט, דעם קוירע־ניכבאד, פאָשעט דעם קאָוועד, צי עפּשער גאָר די שיסל?

וואָס דו ווערסט דיר, כאווער מייַנער, בארויגעזער, אויסקלייַבן, דאָס וועט דיך מאדריך זייַן!..

---

## נעמען און געבן

שאָלעם־אַלייכעם האָט גערעדט, ווי דאָס פאָלק פלעגט ריידן.

דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבן ריידן, ווי שאָלעם־אַלייכעם האָט גערעדט.

וואָס ער האָט געהערט, האָט ער „אַרײַנגעשריבן אין א ביכל". וואָס מ'האָט דערנאָך אין דעם דאָזיקן ביכל געלייענט, האָט זיך צוריק אַרײַנגעשריבן אין זיקאָרן.

די וועקסלען האָבן זיך גוט געדעקט.

א ייִד מיט א פּאָרטפעל אָף די קני און מיט א גרויס פוטערן היטל אָפן קאָפּ, א גלאָוובוך אין א צוקער־זאַוואָד, איז געזעסן לעבן מיר אין צוג מאָסקווע — באָראָדינאָ, געפאָרן קיין מאָזשײַסק צו א טאָכטער א לערערן, און אָנגעהויבן פלעכטן א מײַסע, „ווי גאָט האָט אים געבענטשט מיט א שלאַק א ווײַב". אָט דאָס פאָרט ער טאָקע איצט צו דער טאָכטער, זי זאָל זיך אַרײַנלייגן אין שאָלעם. ער האָט די מײַסע אלעמאָל צוגעפוצט מיט א שאָלעם־אַלייכעמישער כאָכמע, מיט א שאָלעם־אַלייכעמישן זאָג. ער האָט זיי כאָלילע ניט פלאַגירט, ניט געגאַנווערט, ניט אָנגעגעבן די כאָכמעס פאַר אייגענע. פאַרקערט: ער האָט יעדעס מאָל אָנגעוויזן דעם קוואַל, דעם מאָקער, דעם עמעסן באַלעבאָס זייערן:

— ווי זאָגט שאָלעם־אַלייכעם...

---

## עטיוד

נעם די פען אין דער האַנט און שרײַב. זיץ ניט און טראַכט. אַלץ איז שוין אין דיר פון לאַנג אָנגעטראַכט.

לאָז דיך גרינג, און זאָל דיך די פען פירן. ציַ זי ניט אָף צוריק און פאַרהאַק זיך ניט, ווי, לעהאַוודל, א פאַראַקשנט איבערגעשראָקן ביקל. זי פירט דיך כאָלילע ניט שעכטן און פירט דיך כאָלילע ניט פאַרקויפן.

לייג אַרויס דאָס אָנגעטראַכטע אָפן ליידיקן בייגעלע פּאַפּיר גיך, אָן אָפּשטעל. אַדראַבע: זע טאָקע, ווי האַלט עס בא דיר מיטן דאָזיקן טראַכטן. מיילע, „קיין איין טאָג ניט אָן קיין שורע" קאָן ניט יעדערער. נאָר קיין איין טאָג אָן טראַכטן, אויב עמעצער קאָן ניט, קאָן ער גאָרנישט ניט, איז ער מיט קיין שום שורעס קיין מעכוטן ניט. און דו האָסט שוין אַזויפיל טעג קיין וואָרט ניט אָנגעשריבן. נעם די פען אין דער האַנט און שרײַב! גיך. אָן אָפּשטעל. אַדראַבע: קאָנטראָליר דיך טאָקע. זע, צי דו ביסט נאָך דו.

דער ליידיקער בויגן פּאַפּיר איז גוואַלדיק ווײַס, יעיצערהאָרעדיק־צוציִענדיק ווײַס. ווי קאָן מען בײַשטיין און ניט צעשפּילן אָף אַזא־אָ שיינער ווײַסקײַט די שענסטע אויסיִעס, די שענסטע ווערטער?

דער ליידיקער בויגן פּאַפּיר איז גוואַלדיק ווײַס, אומשולדיק־ריין ווײַס.

ווי קאָן מען אזא־אָ קלאָרע ווײַסקײַט פארשווארצן, מעקן און קלעקן, אָנטינטלען אף איר הוילע אויסזעס, הוילע ווערטער?

אין אש־בעכער ליגן שוין עטלעכע פארקוועטשטע ציגארן מײַנע. און דאָס הענטלפען איז נאָך אלץ פול. איך האלט עס אין דער האנט, דעם שפיץ פון דער פען קימאט צוגעטוליעט צום פאפיר, און די האנט רירט זיך נאָך אלץ ניט פון אָרט, הייבט אזש אָן פאר איבערלעבעניש אונטער־ציטערן. איך פארקוק זיך דורכן פענצטער צום הימל ארויף. ער איז הויך, און לויטער, און טיף, און ליכטיק־בלוי, און אָן איין שפרענקעלע, און זאָגט מיר גאָרנישט ניט. דאָס הענטלפען האלט ניט אויס און טוט א טריף ארויס אפן פאפיר צוויי אויסגעציטערטע טינט־טראָפּנס. נאריש הענטלפען, וואָס ביסטו אין קאס אף מיר? צי דו האָסט זיך פאָשעט אזוי ווײַבעריש אויסגעלאָדן? וואָס וועלן מיר העלפן דײַנע שווארצע צוויי טרערן? צי עפשער באוויינסטו מיך שוין גאָר?

א קני מײַנע טוט א ריר דעם טיש און צעשאָקלט די גלאָז וואסער אף אים. איבערן קליינינקן, נישטיק־קליינינקן וואסער־אויבערפלאך אין דער גלאָז לויפן דורך די זעלבע קנייטשעלעך און די זעלבע צעקאלוי־צעטקײַט, ווי איבער א גרויס, רויק־פארגליווערט, שטייענדיק וואסער, ווען א ווינטל טוט עס אמאָל א פעטשל אָן. דער זעלבער צעקאלויצע־טער שוידער און די זעלבע שרעק־קנייטשלעך.

די צוויי דינע שפיציקע ביימער אין פענצטער וויגן זיך און נייגן זיך. ערגעץ הערט זיך זעגן א זעג. א האָן קרייעט. א קינד שרײַט. ערגעץ אויבן איבער די ביימער קרײַזלט א פויגל. דאָס ווײַסע קישן אף מײַן בעט איז א געוויינלעך ווײַס קישן. די ברילן האָב איך אויסגעטאָן און זיי אוועקגעלייגט אפן טיש מיט די גלעזלעך צו מיר. איך קוק אין די גלעזלעך און זע אין זיי קיין שום סוידעסדיקס ניט. עמעצער קלאפט אָן אין דער טיר. איך ענטפער ניט און עפן ניט.

גוואלד געשריגן, ווו איז אלץ, וואָס כ׳האָב אין דער האפסאָקע צווישן דעמלטיקן שרײַבן און איצטיקן שרײַבן טאָג און נאכט דורכגעטראכט און דורכגעווייטעקט?

גוואלד געשריגן, כ׳האָב דאָך אינאנעמעסן געריסן פון זיך שטיקער, געפײַניקט זיך. ווו איז דאָס אָנגעטראכטע אהינגעקומען? ווּהין איז זיך עס צערונען?

געשיקט זיך, אז די האפסאָקע האָט אלץ בא מיר צוגעראבעוועט?

אפאָנעם, יאָ. דער גרעסטער גאזלען דײַנער איז, אפאָנעם, דער צווישן, די האפסאָקע. זי האָט מיך, ווי א פעלד־רויבער, אויסגעטאָן ווי די מאמע האָט מיך געהאט. איבערגעלאָזט הויל און בלויז. נאקעט און אָרעם.

דאָס פארמעגן מײַנס אָבער, פיל איך, איז ערגעץ דאָ. ערגעץ ליגט דער אויצער טיף פארגראָבן. מע דארף נאָר האָבן א קליין בריקל צוריק אריבערשפאנען דעם דאָזיקן האפסאָקע־טהאָם און זיך ווידער אָנקניפּן אין יענע שיינע, רײַכע, שרײַבנדיקע טעג.

שרײַב, פען מײַנע! גיך. אָן אָפּשטעל. זאָל דער דאָזיקער אימפּראָווי־זירטער עטיוד זײַן דאָס בריקל.

איך שפּאַן דערוף שאָקלענדיק זיך, א ביסל איבערגעראַשט, האַלט די גלײַכגעוויכט מיט א פּאָר צעשפּרייטע הענט. נאָר אָט בין איך צוריק בא זיך. אָט בין איך ווידער איך.

גריך, סאַמעטן גראָז אונטער די פיס. כ׳לאָז זיך לויפן. כ׳לויף בערגל־אַראָפּ, כ׳לויף בערגל־אַרויף. דער אויצער איז דאָ. אָט וועט איר זען, ווי איך נעם זיך אים פּאַוואָליע אופגראָבן.

כ׳טו דעם ערשטן פריילעכן געשריי.
אַרום־און־אַרום ענטפערן מיר צענדליקער ווידערקוילעס.

---

## קינדער־פּראָזע

דאָס קינד דאַרף ניט אַרויסוואַקסן פונעם נאָוועלכל, וואָס עס לייענט, ווי עס וואַקסט אַרויס פונעם העמדל.

דאָס נאָוועלכל דאַרף וואַקסן אײַנאײנעם מיטן קינד.

מע קאָן ברענגען גענוג בײַשפּילן. נאָר דער בעסטער בײַשפּיל איז אויך דאָ טאָלסטאָי. זײַן פּראָזע פאַר קינדער.

דאָס פייגעלע, וואָס האָט פאַרכאַפּט א פרעמדע נעסט, ווערט דורך די פייגעלעך, די באַלעבאַטים פון דער נעסט, לעבעדיקערהייט פאַרמויערט. זיי פליִען אַלעמאָל אָן מיט שטיקלעך בלאָטע אין די שנעבעלעך, פאַרמויערן דעם אַרײַנגאַנג, און דאָס פייגעלע דער אָקופּאַנט זעט זיך וואָס אַמאָל אָן ווייניקער און ווייניקער. ווערט סאָפקאָלסאָף אײַנגאַנצן נעלעם. באַקומט אַזוי, פאַרמישפּעט, די שטראָף זײַנע אַף דער „אָקופּירטער טעריטאָריע״.

א קינדער־מײַסעלע. נאָר טוט א קוק, ווי עס רופט זיך איבער מיט „מילכאָמע און שאָלעם״.

מע קאָן ברענגען גענוג בײַשפּילן. נאָר כ׳מיין, אַז איך מעג אויסמאָשלען דעם געדאַנק מײַנעם, מיט דעם וואָס איז מיר אַמערסטן באַקענט: מיט אייגענער דערפאַרונג.

טאָלסטאָיס קינדער־פּראָזע האָט אין מיר אַרויסגערופן דאָס נאָוועלכל „יונג גראָז״. כ׳האָב אין זינען געהאַט, אַז דאָס קינד, דער לייענער, וועט דאָס נאָוועלכל איבערלייענען אין די ערשטע קלאַסן, זאָל ער הערן, אַז גראָז רײַסט מען ניט, גראָז גלעט מען. ניט מער.

ווען דאָס קינד וועט א ביסל גרעסער ווערן, זאָל גראָז אופהערן זײַן גראָז. גראָז זאָל ווערן שיינקײַט, דערהויבנקײַט, אַלץ, וואָס ציט זיך אין דער הייך, וואַקסט.

ווען עס וועט נאָך גרעסער ווערן, זאָל עס מיטאַמאָל דערזען אין נאָוועלכל די טײַנע: ווי האָט מען געקענט מיינען, שטייענדיק הינטערן יִנגעלעס פּלייצע, אַז די הענטלעך דעם יִנגעלעס רײַסן דאָס גראָז, ווען

זיי האָבן גאָר דאָס גראָז געגלעט? הינטנאַרומער מישפּעט מען, הייסט עס, ניט!

און אַז דער קליינער לייענער מײַנער וועט נאָך גרעסער ווערן, זאָל ער זיך דערפרייען מיטן זאָג: „כ׳ווייס ניט, צי דאָס גראָז האָט געוואַקסן, ווײַל די שטיינער האָבן זיך צערוקט, צי די שטיינער האָבן זיך צערוקט, ווײַל דאָס גראָז האָט געוואַקסן...״

דאָס נאָוועלכל האָט צוואַנציק שורעס. כ׳האָב אין זינען געהאַט, עס זאָל אין די דאָזיקע צוואַנציק שורעס זײַן געשטאַלט, דיאַלאָג, פּייזאַזש. עס זאָל זיך דאָרט עפּעס פּאַרדרייען און אויפדרייען.

ניט טאָמיד געראָט. נאָר איך רייד דאָ ניט וועגן סאַכאַקל. כ׳רייד וועגן קאַוואָנע, וועגן צוגאַנג.

קינדער־ליטעראַטור האַלט מען פאַר א לײַכטן זשאַנער. דעם זשאַנער פון די, וועמען עס גייט זיך, קלוימערשט, ניט אײַן עפּעס אַנדערש. כ׳מיין, אַז דאָס איז אַן אוולע. גוטע קינדער־פּראָזע איז ניט נאָר קיין שווערער זשאַנער. ער איז דער שווערסטער.

נו, ווי קאָן זײַן גרינג א רעד טאָן אַזוי, עס זאָלן דיך דערהערן קינד־און־קייט, יונג און אַלט, א קליין הערצל און א גרויס האַרץ?

אין פּאָשעטן און אין פּאָעטישן זין פון דאָזיקן וואָרט.

---

## שורעס — גאַזלאָנים

מוטשען מוטשע איך זיך ניט בײַ די שורעס, וואָס איך שרײַב יאָ אָן, לאָז יאָ אַרײַן אין מײַן הייכל, נאָר בײַ די, וואָס איך שרײַב ניט אָן, וואָס דאַרפן בלײַבן אין דרויסן.

זיי באַפאַלן מיך שטיל, הינטנאַרומער, שטופּן מיך קונציק־פּאַוואָליע אוועק פונעם אַרײַנגאַנג און רײַסן זיך אַרײַן אינווייניק, ווי גאַזלאָנים מיט מאַסקעס אויף די פּענעמער. וואָלטן זיי כאָטש א געשריי געטאָן: „הענט אין דער הייך!״ ריידן זיי אָבער לײַטישע רייד, שטעלן זיך „פּויר״, ווי יאָמטעוודיקע, היימיש־פּאַרשטעלטע, פּורים־שפּילער, קינסטלער. איך לאָז מיך ניט. כ׳ראַנגל זיך, כאַפּ איינעם און א צווייטן אָן באַם גאָרגל, צעטרײַב זיי, ווי דער זיידע מענדעלע האָט געלערנט, ווי מע צעטרײַבט זלידנע פליגן, און פאַרהאַק די טיר הינטער זיי אויף זיבן שלעסער. דרייען זיי זיך אום בײַ די פּענצטער, פּלעטשן די נעז אין די שויבן, בעטן זיך בײַ מיר ראַכמים. טאַנצן דערנאָך אַרײַן דורכן קוימען, שטעקן אַרויס לאַנגע לעקערס, מאַכן מאָדנע קאָזשעלקעס, פּאָכן מיר פאַר די אויגן מיט א האָקוס־פּאָקוס־שטעקל, מוטשען מיך, באַגיסן מיך מיט זיבן שווייסן.

ניט טאָמיד בין איך זיי גוּיווער. נאָר בלויז דאַן, ווען איך גיי יאָ אַרויס דער זיגער, פּיל איך זיך ראָע אויך צו פאַרנעמען א מינדסט שטיקל ווינקל אין דעם דאָזיקן גרויסן הייכל, וואָס הייסט קונסט.

---

## סאַטירע

ס'הייבט אָן ווערן א סאַקאָנע פאַרבײַטן איינס אפן אנדערן.
אויסמישן
די קלוגע גרויס־קונסט־סאַטירע.
און —
די נארישעוואטע, קליינלעכע, קונצנמאַכערײַ־סאַטירע.

די גרויסע סאַטירע — דאָס איז סערוואַנטעס, גאָגאָל, מענדעלע, טשעכאָוו. דאָס איז דער קרומער ביטערער שמייכל אף א קרומען ביטערן לעבן. דאָס איז לאַכן מיט יאַשטשערקעס. אויסלאַכן זיך אליין. לאַכן מיט א קנויל אין האַלדז. לאַכן, קנײַפּנדיק זיך די באַקן, די פאַרב זאָל שטיין. לאַכן מיט א וויי אין האַרצן. לאַכן כליפּענדיק, יעכצנדיק, מאָנענדיק.

די קליינע סאַטירע — דאָס איז א ליאַדע יונגערמאַנטשיק, וואָס האָט עפּשער אמאָל געוואָלט שרײַבן לידער און ניט געקענט. וואָס איז, קאָן זײַן, באַרויגעז אף דער וועלט. וואָס שטעלט דיר אַרויס א כויזעק־צונג. וואָס הויקערט זיך א צוגעבויגענער צו דײַן שליסל־לאָך. וואָס וואַרט, זאָלסט זיך אויסגליטשן אף א שאָלעכץ פון א קאַרטאָפל. וואָס שרײַט, אַז די קונסט זײַנע קלעמט מען, קוועטשט מען, מע לאָזט איר ניט צעפּירן זיך די הענט.

לאָמיר ניט פאַרבײַטן קיין זון אף קליינע טשאַדענדיקע כיילעוו־ליכט.
אי דאָס באַטאָג. אין דער ליכטיק.
אפילע ווען ערגעץ אפן הימל וואַרפט זיך דורך א טונקל פאַרבײַשווימענדיק וואָלקנדל.

---

## אָן־קויצעץ־לאָשן

כעוורע אַקטיאָרן, פאַרשלעפּטע קרענק, פלעגן צווישן זיך אַרײַנוואַרפן אין די רייד קלעזמער־ווערטער: „א דוילעווקע", „געריטשט", „באַזש". אמאָל פלעגן זיי גלאַט אַזוי „קאַלעכן". אַז מ'האָט אַרײַנגעכאַפּט הינטער די קוליסן א יאָלד, א פאַרערער פון טאַלאַנטן, האָט מען אים, לעמאָשל, פלוצעם געטאָן א פרעג אָן ערעך אַזוי־אָ:

— איר האָט זיך שוין הײַנט מעלאַוואַכאַקיסטן געוועזן?

יענער פלעגט שטיין בלײַבן געפּלעפּט פון דעם דאָזיקן שווערן קאָדערישן וואָרט, מיינען, אַז עס איז ניט פאַר זײַנע ציין, אַז ער האָט דאָ עפּשער פּאָשעט עפּעס ניט דערהערט, פלעגט מיט אויסגעשטאַרצטע אויגן א געשריי טאָן: „וואָס, וואָס?", און די אַקטיאָרן לעבן די שפּיגלען האָבן זיך, קלעפּנדיק די בערד, געקאַטשעט פאַר געלעכטער.

געלעכטער, וויץ, פריילעכקײַט איז, אפּאָנעם, געווען א סגולע צום שפּילן, צום קאָנען מאַכן דערנאָך דאָס „פּובליקום" גיסן מיט טרערן.

איינער אן אקטיאָר, געדענק איך, האָט געהאַט א טעווע, ווען ער איז א ביסל געווען בעגילופן, „אָפּצוקאלעכן" דעם אוילעם אין זאל פון דער בינע אראָפּ. און טשיקאווע: קיינער האָט ניט אויסגעשטארצט די אויגן און ניט געפרעגט: „וואָס, וואָס?.." ער האָט דאָס ווילדע, אליין־אויסגעטראכטע, „קאלעך"־וואָרט אונטערגעטראָגן דעם אוילעם מיט אזויפיל טאָך, ארומגעשפּילט מיט אזויפיל נעשאָמע, טאלאנט און מייַסטערשאפט, אז קיינעם האָט עס ניט אויסגעזען פרעמד, ניט פארשטענדלעך.

פארקערט: א צווייטער אקטיאָר, א דראָנג, פלעגט ריידן אף דער בינע די איינפאכסטע, פארשטענדלעכסטע ווערטער, און דער אוילעם אין זאל פלעגט אויסדרייען די קעפּ אף צוריק, מאכן ש־ש... מיינען, אז עמעצער זיצט דאָרטן און שטערט. אקטיאָרן לייצים פלעגן וועגן אזא־אָ דראָנג א זאָג טאָן:

— וואָס שטייט ער דאָרט און קאלעכט, וואָס?

כ'לייען אמאָל ערגעץ פערזן. דאכט זיך, פּאָשעטע ווערטער, גראם צו גראם, ווילקלינגענדיק. און איך הייב מיט די אקסלען, פארשטיי ניט אן אָס. מיין, אז עפּשער דערהער איך עפּעס ניט, עפּשער שטערט מיר עמעצער. וויל שיר ניט א מאך טאָן: ש־ש... און דערמאָן זיך אין יענעם זאָג:

— וואָס שטייט ער דאָרטן און קאלעכט, וואָס?
כ'פארמאך די אויגן, און אף די ליפּן שוועבט מיר א שורע:
ציגעלע, מיגעלע, ריגעלע...

איין וואָרט נאָר איז דאָ פארשטענדלעך. די איבעריקע צוויי זייַנען אויסגעטראכטע, געמאכטע, „קאלעך"־ווערטער. נאָר כ'דערזע מיַין מאמען זיצן לעבן מיַין וויגל. כ'דערפיל די שטערן, וואָס קוקן אריַין צו מיר דורכן פענצטער, איבערן פארלאטעטן פירהענגל. כ'שלאָף איַין, און עס קומט מיר צו כאָלעם דאָס קלאָר־וויַיסע ציגעלע.

עס בוצקעט זיך מיט מיר און עס לאשטשעט זיך צו מיר...

---

## שאָמער

פארוואָס האָט ער נעבעך געהאַט אזא וויסט מאזל בא ייִדן? פארוואָס איז ער געוואָרן דער צייכן פון בילִיקייַט, שונד, גראפאָמאניע, מאכערייַקע, שאָמעריזם?

פארוואָס האָט מען אים געמישפּעט, געמוטשעט, דערגאנגען די יאָרן, פארטריבן, איבערגעקומען?

פארוואָס איז פון זייַנע צוויי הונדערט ראָמאנען (צוויי הונדערט ראָמאנען!), וועלכע וויַיבלעך און מיידלעך — אונדזערע באָבעס און מאַמעס — האָבן געלייענט אין די פריַיטיקצונאכטסטן מיט אויסגעצוואָגענע

גלאַנצנדיקע קעפּ און מיט גלאַנצנדיקע אויגן, קיין שאַרע־דעפּאָרע ניט געבליבן?

(ווער ווייסט, צי וועט ניט בינימין דער צירולניק בא אונדז אין שטעטל, וואָס פֿלעגט איבערלאָזן דעם „קליענט" אַף דער „קרעסליע", אַן אײַנגעהילטן אין לײַלעך, מיט א צעשויבערטן קאָפּ, און אַזוי־אָ, מיטן קלינגענדיקן שערל אין דער האַנט, אַרײַנכאַפּן מיך אין אַלקער, אופֿ־שליסן מיט א קליין שליסעלע פֿון דער זשיליעט־קעשענע דעם קאַסטן ביכער, און פּאָר א קאָפּעקע מיר דערלאַנגען אַף פּראַקאַט שאָמערס „פֿון קליין צו דער קרוין" — ווער ווייסט, צי וואָלטן זיך די דאָזיקע שורעס מײַנע אוועקגעלייגט איצט פֿון רעכטס אַף לינקס?..)

פֿאַרוואָס האָט קיינער דעמלט ניט געפֿרעגט „פֿאַרוואָס"?

פֿאַרוואָס קומען די דאָזיקע פֿאַרוואָסן אַף דער צונג אַזוי שפּעט?

אַף אַלע שײַלעס זײַנען, פֿאַרשטייט זיך, פֿאַראַן גענוג טשוּוועס. ייִדי־שע שרײַבער בא ייִדן זײַנען דעמלט געווען געציילטע אַף די פֿינגער, צו ווייניק, מע זאָל נאָך מעגן דערלאָזן איינעם אַזעלכן. די ייִדישע ליטע־ראַטור איז נאָך דעמלט געווען צו אָרעם, זי זאָל זיך קענען פֿאַרגינען, ווי אַנדערע רײַכע ליטעראַטורן, אַזאַ „לוקסוס" אויך. שאָמערס „מײַסעס" האָבן דעמלט אַפֿן שוואַכן, אַמעראַציש־אויסגעמאָגערטן ייִדיש־לייענער צו שטאַרק געווירקט — ווי, ראַכמאָנע־ליצלאָן, א מאַגייפֿע, אַן אָנשטעקעניש. פֿאַרמערט, צעשפּרייט דעם לייענער, פֿאַרגרעסערט, נאָר קראַנק געמאַכט, מאַגייפֿעדיק אָנגעשטעקט. (מיט זײַן „מישפּעט שאָמער" האָט שאָלעם־אַלייכעם די מאַגייפֿע איבערגעריסן, נאָר אויסהיילן די כוילִים, געווינען זיי פֿאַר זיך, פֿאַרן לעבעדיקן לעבן, האָט ער געקענט בלויז מיט איין שטאַרקסטער רעפֿוּע — מיט הומאָר...)

אָן א שיר שײַלעס. אָן א שיר טשוּוועס. נאָר מיך מוטשעט איצט איין שײַלע און איין טשוּווע: שאָמערס טאָעס. שאָמערס פֿאַטאַלער טאָעס.

טאַלאַנטלאָזיקײַט? — אָן שטאַרקן טאַלאַנט וועט קיינער אין דער וועלט ניט אָנשרײַבן קיין צוויי הונדערט ראָמאַנען, אַפֿילע שלעכטע, אַפֿילע די ערגסטע.

קולטורלאָזיקײַט? — וואָס ווייניקער קולטור, אַלץ ווייניקער איז דאָ וואָס צו זאָגן. וואָס איז דען קולטור, אויב ניט א סאַך וויסן, א סאַך זען, א סאַך קענען!

ליבשאַפֿט? — אָן ליבשאַפֿט צום שרײַבן קאָן זיך ניט אָנשרײַבן קיין איין דערציילונג, קיין איין זײַטל ניט.

צוויי הונדערט ראָמאַנען! צוויי הונדערט ראָמאַנען!

איך בלעטער איצט ווידער דאָס ביכל „אונדזער פֿאָטער שאָמער" — דעם דאָזיקן קליינעם, באַשיידענעם דענקמאָל, וואָס זײַנע טעכטער האָבן אים געשטעלט.

(ווויל איז דעם שרײַבער, טראַכט איך, וואָס לאָזט איבער נאָך זיך זין און טעכטער; וואָס האָט כאָטש דאָס גליק אַוועקצוגיין פֿון דער וועלט פֿריִער פֿאַרן ווײַב, זײַן לעבנס־כאַווער...)

וואָס איז אין דעם דאָזיקן מאָגערן מאַציייווע־ביכל ניט פֿאַראַן! זײַן

אָפּשטאָם. זײַן שווערע אויסקומעניש. זײַן לײַטישקײַט. זײַן לאַמדאָנעס. זײַן ראַנגלען זיך מיטן אומגליק. זײַן פרייען זיך מיט קלוימערשטע דער־פאָלגן. יעדער גוט וואָרט, וואָס שרײַבער האָבן וועגן אים אַמאָל געזאָגט. די הונדערטער אויסטערלישע נעמען פון אַלע זײַנע פּאַרגעסענע ביכער. זײַנע פּסעוודאָנימען.

און — עס קוקט ערגעץ־ווו אַרויס פון דעם דאָזיקן ביכל זײַן טאַטע, זײַן פאַטאַלער טאַטע.

דער וווּנדערלעכער רוסישער שרײַבער פּרישווין רעדט אָפּט אין זײַן וווּנדערלעכער פּראָזע וועגן אַזאַ זאַך, וואָס ער רופט אָן „פּאָוועדעניע פּיסאַטיעליאַ" — דעם שרײַבערס פירעכץ. דעם שרײַבערס „לײַטיש" פירן זיך ניט מיט זײַנע בניי־באַיס, מיט זײַנע נאָענטע, מיט די שכנים, מיט באַלכויוועס, מיט אַ גלעזל וויַין, מיט געליבטע — נאָר זײַן פירן זיך מיט זײַנע שורעס. זײַן דורכשלעפּן אַלע שורעס זײַנע דורך זיך, דורך זײַנע אָדערן, דורך זײַן אייגענעם האַרץ...

שאָלעם־אַלייכעם האָט דורך זיך דורכגעשלעפּט אַ מענאַכעם־מענדלען, אַ טעוויען, אַ מאָטל פּייסי דעם כאַזנס. זיי דורכגעשלעפּט דורך זיך און זיך דורכגעשלעפּט דורך זיי.

אין שאָמערס אַלע צוויי הונדערט ראָמאַנען איז אָף קיין איין זײַטל ניט, אין קיין איין באַהאַלטענעם ווינקל ניט, נישטאָ נאַכעם־מייער שײַ־קעוויטש — נישטאָ שאָמער.

זײַנע ראָמאַנען זײַנען באַזונדער, און ער, שאָמער, איז באַזונדער.

דעריבער איז אין זיי נישטאָ קיין לאָשן, נישטאָ קיין פּאָלק, נישטאָ קיין עמעס, נישטאָ קיין קונסט.

אין שאָמערס ביאָגראַפיע איז פאַראַן אַ „ליטעראַרישער העלד" אַן אויצער — זײַן זיידע רעב גאַוורי׳על. און אַ געשעעניש אַרום דעם דאָזיקן העלד — נעם זי אַ גרייטע אַרײַן אין אַ ביכל, דערצייל זי איבער באַאַרי־כעס, מיט אַלע פּישטשעווקעס, און עס וועט אַ שמעק טאָן מיט עמעסער ליטעראַטור, מיט לעבן.

פּופציק יאָר האָט דער זיידע שאָמערס, רעב גאַוורי׳על, אָפּגעלעבט מיט אַ ווײַב אָן אַקאָרע. פּופציק יאָר האָט דער דאָזיקער ייִד געהאַט קויעך צו האָפן, צו וואַרטן אָף אַ יורעש. נאָך פּופציק יאָר איז שוין פּאָשעט ניט געבליבן קיין צײַט צו וואַרטן. רעב גאַוורי׳על האָט דאָס ווײַב אָפּגעגעט, כאָסענע געהאַט פאַר אַ יונג מיידל, און זי האָט אים געבוירן גאַנצע צען קינדער. דער ראָוו נאָכעם־מייער, וואָס האָט גאַוורי׳עלן אַי געגעט, אַי דערנאָך מעסאַדער־קידושן געווען (דעם ערשטן אייניקל גאַוורי׳עלס, שאָ־מערן, האָט מען אַ נאָמען געגעבן נאָכן דאָזיקן ראָוו — נאָכעם־מייער), האָט אונטער דער כופּע צוגעווינטשעוועט רעב גאַוורי׳עלן, ער זאָל נאָך זוֹיכע זײַן פּרוע־אורוווע און זאָל לעבן אַזוי לאַנג, ביז ער וועט כאַסענע מאַכן דאָס לעצטע קינד. רעב גאַוורי׳על האָט געלעבט הונדערט מיט פיר יאָר, געפירט דעם מיזיניק צו דער כופּע און איז אין דעם יאָר געשטאָרבן. די אַלמאָנע, שאָמערס באָבע, האָט ביזן טויט אירן געקלאָגט און גע־וויינט, זיך ניט געקענט מויכל זײַן:

— פאַרוואָס האָט זי ניט געזען, מע זאָל כאָטש נאָך א פּאָר יאָר צו־וואַרטן מיטן מיזיניקס כאַסענע?..

אין שאָמערס ביאָגראַפיע, וואָס די טעכטער באַשרײַבן אַף עטלעכע זײַטלעך, איז די דאָזיקע געשעעניש דאָ, אין שאָמערס צוויי הונדערט ראָמאַנען איז זי נישטאָ.

„פּאָוועדעניע פּיסאַטיעליא".

אויב דאָס אַנטלויפן פון זיך אַליין, פונעם אייגענעם אַרום, פון אייגע־נעם לעבעדיקן לעבן צו אויסגעטראַכטקייט, צו צונויפשטעלעכץ קאָן אוועקהאַרגענען צוויי הונדערט אָנגעשריבענע ראָמאַנען — ווי גוט גע־טראָפן ס'איז דער דאָזיקער זאָג. דעם שרײַבערס פּירעכץ. דעם שרײַבערס באַציִונג צו זײַנע שורעס.

און ווי שטאַרק דאַרף דאָס יעדערער פון אונדז, דער גרעסטער ווי דער קלענסטער, אין זינען האָבן!

---

## קראָפּעווע־קריטיקע

וואָס וואָלט, אַשטייגער, געזאָגט די קראָפּעווע וועגן דער רויז?

זי וואָלט אַזש, טראַכט איך, געוועדט מיט א פאַרזאָטענעם כריפּ אין האַרצן, שעפּעליאַווע, מיט א מויל פול מיט שינען:

— פּש... האָשטו געזשען אַזוינס... שיין? שמעקנדיק? טשע, טשע... ראָזעווע, ברודער, ראָזעווע!.. יענעם סאָף, ניט דאָ געדאַכט — רויזן־אײַנ־געמאַכטס!.. ווו איזש דער סאַמע איקער?.. דאָש ברינען, דאָש ברינען ווו איזש?..

און געווען וואָלט דאָס, פאַרשטייט זיך, ערגעץ אינמיטן זומער, ווען די רויז בליט און די קראָפּעווע נעבעך שטייט זיך שוין אַזוי גראָ־פאַר־שטויבט און פאַרשפּינוועבט, פאַרוואַקסן מיט גראָז, פאַרדושעט, שטומ־פּיק, בריט שוין, ראַכמאָנע־ליצלאָן, אַפילע אויך ניט.

* * *

ס'הייסט, ניין: גראַדע א ברי טאָן, אויב מע וועט נאָר דאַרפן, לע־מאָשל, פאַר אַזעלכע־אָ רייד וועגן איר, וועט זי זיך נאָך יאַקאָס אָנעמען מיט קויעך...

* * *

— א שיינע מײַסע, האַ? מע דאַרף זיך שלאָגן פאַר דער רויז, פאַר דער שירהאַשירימדיקער רויז...

— ס'א קליינער אומגליק. וואָר־וועגער, די רויז וועט זיך איר שטעטל אַליין באַשטיין. שטעכערס האָט זי אויך.

# קאָל־נעגינע

איך פּראָווע היסבוידעדעס אין מאַלייעווקער ווינטערדיקן וואַלד. כ׳שפּאַן איבערן קאָפּ שנייט. אונטער די פיס סקריפּעט. דער פראָסט דרייט מיר צוביסלעך אָן די אויערן, ווי איך וואָלט געווען עפּעס א שאַלטיקל, וואָס וויל ניט פּאָלגן. די סאָסנע־ביימער, מיט זייער הויכקייט, גלייכקייט, גרינקייט, פאַרשנייטקייט און רויִקייט העלפן טראַכטן.

אויף דער שמאָלער שניי־סטעזשקע באַגעגן איך מיך פּאָנעם־על־פּאָנעם מיט דער טאָטערישער אָפּערע־זינגערן מונירא בולאַטאָווע. איך שפּאַן אַהין, זי שפּאַנט אַהער. זי האָט שוואַרצע שמאָלע אויגן. זי האָט ווײַס־ווײַסע ציין, וואָס ווערן ניט פאַרטונקלט אפילו אפן דאָזיקן מעסוקן ווײַסן שניי־פאָן. זי איז, כאָטש אַלעמען, פּאָשעט כיינעוודיק.

— שרײַבער, — טו איך א זאָג, — מוזן שפּאַצירן אליין... אָבער זינגער!..

— ערשט זינגער... מע דאַרף היטן דעם אויצער... אויף דער קעלט טאָר מען ניט ריידן!...

— ניט ריידן און ניט טראַכטן, ווי זשע קען מען לעבן?..

כ׳ציטער אזש אויף פון מײַן גיווּוע. איך איינער, הייסט עס, אויף דער וועלט, טראַכט. כ׳האָב זי, דאַכט זיך, א ביסעלע באַליידיקט. נאָר די זינגערן טוט א ווײַז אירע ביידע שורעס ציין, טוט א לאַך מיט אזא לויטער געלעכטער, גלײַך זי וואָלט כאָטש אַלט געווען פערצן־פופצן יאָר, און טוט א זאָג:

— אוי, טײַערינקער, וואָס רעדט איר?.. זינגען!..

---

# שפּראַך־מײַסטערשאַפט

איך מיין, אז דאָס פּאָשעטסטע וואָרט, כ׳וואָלט אפילו געזאָגט — דאָס באַנאַלסטע וואָרט, דאָס וואָרט, וואָס גייט מערער אום צווישן מענטשן, דאָס באַקענטסטע וואָרט, איז דאָס סאַמע פּאַסיקסטע וואָרט פאַר עמעסער קונסט.

און ניט דאָס וואָרט דאָס פאַרמעליצעוועטע, דאָס מיט ליכט אויסגעזוכטע, דאָס אויסגעקראַצטע אין אונדזער זיקאָרן, ווי מיר פלעגן קליינערהייט אויסקראַצן דער מאַמעס מילך־פּענדל, נאָך דעם, ווי די מילך איז שוין געווען צעגאָסן אין די גלעזער.

צו וואָס די דאָזיקע צוגעפּרײַעטע, פאַרגעלטע און פאַרשוואַרצטע, קאַפּצאָנישע אויסקראַצעניש, ווען מיר פאַרמאָגן, קיין אײַנהאָרע, אזא קלאָר־ווײַסן, געשמאַקן מילך־קוואַל?

שפּראַך האָט פײַנט זוילעל־ווּעסויוועודיקײַט, איבערגעגעסנקײַט, איבעריקס — האָרבן אויף די פּלייצעס.

לאָשן האָט ליב מאָס (דאָס וואָרט זאָל זײַן געמאָסטן און געוויגן), פּינקטלעכקײַט (דאָס וואָרט זאָל טרעפן נאָר אַהין, וווהין מע צילט),

צאַרטקייט (דאָס וואָרט זאָל זײַן איידל אויסגעטאָקט), טאַקט (אויב דאָס וואָרט דאַרף זײַן א גראָבס, זאָל עס ניט קאָקעטירן מיט דער דאָזיקער גראָבקייט).

דאָרט, ווו ס'איז פאַראַן גענוג געדאַנק, טרעפט מען, בעדערעך־קלאַל, ווייניק וואָרט־פּאָקוסן, וואָרט־געקינצלטקייט.

צו גרויסע אוירינגען אַף די אויערן, צופיל רויטס אַף די ליפּן, צו געדיכט שווארצס ארום די אויגן טרעפט מען, בעדערעך־קלאַל, דאָרט, ווו ס'איז פאַראַן ווייניק צורע...

---

## גראפאָמאַנען

וואָס האָבן מיר, נעבעך, געהאַט צו זיי? מיר — פּאָעטן מיט ליולקעס אין די מײַלער, בא די קאַפע־טישלעך.

פאַרוואָס האָבן מיר זיי פאַרצאַפּט אַזויפיל בלוט? אַזוי מעוואיעש געווען?

אַלצדינג האָבן מיר פאַרשטאַנען און מויכל געווען; אַלע מאַניעס: גנייווע, שיקרעס, זנוס. נאָר זיי, נעבעך, האָבן געהאַט איין מאַניע — שרײַבן לידער. און דאָס האָבן מיר ניט געקענט מויכל זײַן.

קימאַט אין יעדן שטעטל איז געווען א יינגל אַזאַ, וואָס איז טאָמיד אומגעגאַן מיט א ביכל אונטער דעם אָרעם, האָט גערעדט קײַלעכדיקע רייד, ווי אַרויסגעלייענטע, ציטירט דיכטער און דעקלאַמירט אייגענע שאַפונגען.

איז וואָס, אַז דאָס יינגל האָט זיך פאַרלאָזט א בלייך פּאָנעם און לאַנגע האָר?

איז וואָס, אַז דאָס יינגל האָט פאַרוואָרפן די רעדאַקציעס מיט שירים?

מיט וויפל ליבשאַפט, לײַדנשאַפט און דערעכערעץ האָבן זיי זיך גע־צויגן צו אונדז, געדרוקטע!

ווו זײַנען זיי? גיט זיי אהער!

כ'וויס ניט, צי יעדן איינעם פון זיי באַזונדער קומט עפּעס, נאָר זיי אַלע אינאיינעם קומט. א שטיקל דענקמאָל.

---

## מײַנע קליינע נאָוועלן

מיט עטלעכע יאָר צוריק פלעג איך נאָך שרײַבן דערציילונגען לענ־גערע. נאָר פלעג זיך גוואַלדיק מוטשען: אינמיטנדערינען פלעגט מיר פלוצעם אָנהייבן שלאָגן צום האַרצן מײַן געווינעס, כ'פלעג די צעצויגענע מײַסע ניט פאַרענדיקן, פלעג דעם גאַנצן טיש אוועקוואַרפן אַף כאַדאָשים.

נאָר אין יענע דערציילונגען, וואָס כ'האָב פונדעסטוועגן גויוועג געַ־ וועזן, יאָ אָנגעשריבן, האָב איך באמערקט אַן אויסטערלישע זאַך: דאָס לעצטע בלעטל, דער סאָף, שרײַבט זיך גרינג, מיט א סאַך יאָמטעוודיקײַט, מיט א מין פריילעכער בריקעניש אין הארצן, ווי, לעהאוודל, בא אַן אויס־ געמוטשעטער קליאטשע, בייס זי דערפילט שוין די שטאָל, די פיר ווענט ארום זיך, דאָס אָנקומען.

און כ'בין געפאלן אף א גליקלעכער האמצאָע: כ'הייב אָן פונעם סאָף.

און אזויווי דעם סאָף הייב איך דאָך אויך אָן — איז טאַקע ווידער שווער.

נאָר עס קומט ארויס א פארגאנצט מײַסעלע, א פארשײַטס און א כיי־ נעוודיקס, א כאָשעווס בא זיך, ווי א מיזיניקל א בען־זיקונימל.

---

## זשאָווער

נאָך א לאנגן שמועס, ווו ער האָט מיר געוואָלט אײַנריידן, אז דאָס טויג ניט און יענץ טויג ניט, אז אלץ איז העוול־האוואָלים, געוואָלט אײַנריידן און ניט געקענט, האָט ער א זאָג געטאָן:

— נו, יאָ. דו ביסט דאָך טאָמיד אײַזן!

כ'האָב א קוק געטאָן אף אים מיט ראכמאָנעס און געטראכט:

„און דו, וואָס, ווילסט טאַקע טאָמיד זײַן זשאָווער?..״

---

## יובילײ־מאכשאָווע

עמעס, א סאָלדאַט דארף זיך ציִען צו ווערן א גענעראל. נאָר ווהין קאָן זיך שוין, מישטיינסגעזאָגט, ציִען אזא סאָלדאַט, וואָס איז נאָך בא פופציק יאָר אפילע קיין סערזשאַנט ניט?

אין א יאָר ארום וועל איך אלט ווערן אזויפיל, וויפל באלזאק איז אלט געווען, ווען ער איז געשטאָרבן. וואָס קאָן מען שוין אין איין יאָר אופטאָן?

גאָט מײַנער, גיב מיר כאָטש געָנוג קויעך צו פארבלײַבן לעבן באל־ זאקן, לעבן טאָלסטאָיען, לעבן שאָלעם־אלייכעמען א פּראָסטער סאָלדאַט, אפילע דער לעצטער אין דער ראָטע.

---

## פּיגמייען

פונוואַנען גייט אָפּטמאָל וועגן קינסטלער אזא מין שעפּטש: „אזוי איז ער ניט, נאָר טאלענטירט איז ער״?

פון פּיגמייען. פון טאלאנטלאָזיקײַטן.

דעם טאַלאַנט זײַנעם קאָן מען שוין ניט טשעפּען — מע זעט עס. טשע־פּעט מען זײַן „אַזוי", זײַן פּערזענלעך לעבן: דאָס איז נאָך דערווײַל אַ טונקל ווינקל, קיינער וועט ניט לויפן איבערמעסטן.

אָ, אָ! אַף רעכילעס זײַנען פּיגמייען גאָר ניט אַזוי קליין...

---

## אַ סימען־מווהעק

— ס'האַלט שוין מיט מײַן שרײַבן גאַנץ נישקאָשע: כ'האָב שוין, דאַנ־קען גאָט, אַ סאַך סאָנים...

— דערנאָך ווערן זיי פרײַנט, כסידים...

— די צאָרע איז אָבער, וואָס זיי שטאַרבן פריִער, פאַרן „דערנאָך"...

---

## ווידעראַמאָל וועגן דער קליינער נאָוועלע

אַ ראָמאַנען־שרײַבער דאַרף אין זינען האָבן גראָד טשעכאָוון. זײַן: „קורצקײַט — איז די שוועסטער פון טאַלאַנט".

דאָס ברייטע לעבן, די ברייטע לײַוונט, ווי מ'איז מעליצעדיק געוווינט צו זאָגן, דאַרף געגעבן ווערן געצוימט, אויסגעדרייט פונעם וואַסער, קאָמפּאַקט, אויסגעטערכעט, געפּרעסט, קורץ.

קורצקײַט אַף זעקס הונדערט אַכציק זײַטן.

דער נאָוועליסט, פאַרקערט, גראָד ער, וואָס איז מאַמשיך טשעכאָוון, דאַרף אין זינען האָבן טורגעניעוון. זײַן: „טאַלאַנט — דאָס איז פּראָטים".

איין פינטל אין לעבן, איין אויגנבליק, איין ווונק דאַרף דערציילט ווערן פּראָטימדיק, דאַרף אַרומגערעדט ווערן באַאַריכעס. דאַרף באַמאָלט ווערן מיט אַלע איינצלהײַטן, מיט אַלע פאַרבן.

איך דאַרף הערן, וויאַזוי דער מענטש אין דער נאָוועלע רעדט. כ'דאַרף זען, וויאַזוי ער גייט און זיצט. כ'דאַרף פילן, ווי עס טוט אים ווי זײַן איבערלעבעניש. כ'דאַרף לאַנג געדענקען זײַן דראַמע. כ'דאַרף זיך אָנשטעקן מיט זײַן געלעכטער, שמייכלען מיט זײַן שמייכל. כ'דאַרף אים מיט צוגע־מאַכטע אויגן אָנטאַפּן לעבן זיך, פילן, ווי ער אָטעמט מיר טיף אַרײַן אַ דינעם מוסער־האַסקל. און אָן דעם, איך זאָל דאָס אַפילע כוישעד זײַן, דאַרף מיר דער דאָזיקער מוסער־האַסקל אַ לאַנגע צײַט נאָכגיין ווי מײַנער אַ לײַב־שוימער.

אַלץ זאָל, הייסט עס, ווערן דערציילט, און ניט ווי אין אַ טעאַטער־פּראָגראַם פּאַשעט איבערדערציילט.

און דאָס אַלץ, אַזויפיל, אַף איינע אָנדערהאַלבן זײַטלעך...

---

## צײַט

— ווען איך האָב צײַט... ווען איך בין ניט אזוי גוואלדיק פּארנומען... וואָלט איך עס אויך אזוי געמאכט... און עפּשער טאקע א ביסעלע בעסער!..

ער ווייסט ניט, דער נאר, אז האָבן פּאר דעם צײַט, אָפּגעבן צוליב דעם אלע פּארנומענקײַטן, דעם גאנצן אוילעמהאזע דײַנעם, איז אויך א שטיק פונעם טאלאנט, א שטיק פון דײַן הארץ...

---

## דאָס וואָרט

א דירעקטאָר פון א ברויט־מאגאזין, ווו די קוינים באדינען זיך אליין, איז ניט געפעלן, וואָס דער אוילעם טאפּט איבער אלע ברויטן, מיינט, אז אָט יענץ, דאָס אנדערע, איז נאָך פרישער, נאָך פוכקער. ער האָט באַשלאָסן אופהענגען א פּלאקאט, דעם אוילעם דערציִען.

ער האָט מיט גרויסע אויסיִעס אופגעשריבן אף א בויגן פּאפּיר:

„מיט די אויגן קוקט אָן אלץ,
מיט די הענט נעמט נאָר איינס!"

דאכט זיך, ריכטיק, האַ? ניין. דער ברויט־פּארקויפער איז ניט צופרידן: איינס? פּארוואָס עפּעס נאָר איינס? און אז מע וויל קויפן צוויי צי טאקע דרײַ ברויט? ער האָט געטראכט און געטראכט און סאָפּקאָלסאָף דעם פּלאקאט איבערגעמאכט:

„מיט די אויגן קוקט אָן אלץ,
מיט די הענט נעמט נאָר דאָס, וואָס איר קויפט!"

ניין. דער ברויט־דירעקטאָר איז אלץ ניט צופרידן. וואָס הייסט עפּעס „נעמט נאָר דאָס, וואָס איר קויפט"? דאָס איז דאָך אָפן באליידיקט מענטשן, אומזיסטיקער כשאד, א רעמעז ניט צו נעמען, כאָלילע, ניט קיין באצאָלטס. ניט גוט. זייער ניט גוט. ער האָט געטראכט און געטראכט און דעם פּלאקאט ווידעראמאָל איבערגעמאכט:

„מיט די אויגן קוקט אָן אלץ,
מיט די הענט נעמט נאָר דאָס, וואָס איר ווילט!"

בעסער קאָן שוין ניט זײַן. ווויל. קלאָר. נאָר וואַרט נאָר: וואָס הייסט עפּעס „מיט די אויגן קוקט אָן אלץ"? א געלעכטער, כלעבן. און אז עמעצער וויל ניט אָנקוקן אלץ, וואָס געפינט זיך אין די פּאָליצעס? דאָס איז שוין ניט נאָר באליידיקן, נאָר טאקע מאמעש טעראָריזירן מענטשן. דער ברויט־דירעקטאָר האָט ווידעראמאָל געטראכט און געטראכט, און דער פּלאקאט האָט ענדלעך דערגרייכט שליימעס:

„מיט די אויגן קוקט, וויפל איר ווילט,
מיט די הענט נעמט נאָר וואָס איר ווילט!"

דאָ איז שוין געווען ניט נאָר קלאָרקייט, פּיינקייט, נאָר אויך שיינ־קייט, געמאָסטנקייט, קימאט פּאָעזיע.

האקלאל, אויב א ברויט־קרעמער ארבעט אזויפיל אף א וואָרט, וויפל דארף שוין ארבעטן אפן וואָרט א שרייבער, א קינסטלער?..

---

## ווידעראמאָל וועגן פּראָזע

פּאָעזיע דארף זידן ווי בוימל: אינווייניק, שטיל, לויטער, אומבאַ־מערקט— גלייך ווי עס ברענט גאָרניט און עס זידט גאָרניט.

פּראָזע איז דער זעלבער זידנדיקער בוימל, נאָר עס פּרעגלט זיך אין אים עפּעס.

עס טראסקעט, עס שפּריצט, עס שרייט, עס פלאקערט, עס הייבט אָן שמעקן מיט פּארטיקע לאטקעס, מיט קנישעקלעך, מיט געפּרעגלטס און געבראָטנס — מיט אלערליי גוטע, הארבע, אמאָל אפילע א ביסל צוגע־ברענטע פּראָזאַישע רייכעס.

---

## לעבן

א לייענערן האָט, פּארענדיקנדיק מיין לעצטן ציקל נאָוועלן, מיר גע־מאכט א שרעקלעכן קאָמפּלימענט:

— אין לעבן זענט איר קליגער!

א פּאָר רעגעס בין איך געשטאנען פּארטומלט. דערנאָך איז די צע־טומלטקייט פּאמעלעך אָפּגעגאנגען אין מיר, ווי עס גייען לאנגזאם אָפּ די פּלעקן אף א קינדס בעקל נאָך א קניפּ. כ׳האָב מיך מיט דעם דאָזיקן אזעסדיקן קאָמפּלימענט אָנגעהויבן צוגעוווינען. אז מע וויל, איז ער גאָרניט אזוי שרעקלעך:

ערשטנס, איז דער קליגערער אלץ איך. צווייטנס — איז יעדע זאך פון טאָמיד אָן אין לעבן קליגער ווי אין דער קונסט...

---

## צעטרענצלטע רייכקייט

אָלגע זאָגט מיר: דעם גיסטו א סאָך, יענעם אָן אָנהייב, א מיט. וואָס טוסטו, וואָס צעטרענצלסטו דיין רייכקייט?

— נארעלע, וואָלסט געווען גערעכט, ווען דו וואָלסט מיר געקענט זאָגן: וואָס טוסטו, וואָס צעטרענצלסטו דיין אָרעמקייט?..

---

## שעלטערס

ער האָט מיך ניט ליב — פונקט ווי א שיקער האָט ניט ליב קיין ניכ־טערן...

* * *

אלע יאָרן האָט ער פון אלץ אוועקגעמאכט, אלץ באשפיגן, אלץ פאר־שאָלטן. אנדערע זײַנען געלעגן נײַן איילן אין דער ערד און פונדעסטוועגן אלץ באזונגען, מיט אלעמען געפרייט זיך, יעדן אנטקעגנגעטראָגן א שמייכל, אונטערגעשטעלט אן אקסל, אונטערגעבויגן א פלייצע, אופגע־הויבן שטיקלעך וועגט, געלייגט א דאך. גוואלד געשריגן! קען נאָך זײַן א סאָפעק, ווען עס געהער אונדזער וועלט?

* * *

ער איז פּאָשעט א גרויסער נאר און א קליין־קליין מענטשל. וואָלט ער כאָטש ניט געטראכט, אז דאָס איז פארקערט.

* * *

אגעוו וועגן פארקערטקײַט:

כ׳האָב אמאָל געלייענט א זאך זײַנע — דאָרט האָט ער גראָד גע־בענטשט. פארקערט: צופיל און צו זיס געבענטשט.

* * *

ווי׳אזוי קענען הויזן פיר זאכן אינײינעם: טראכטן איינס, זאָגן א צווייטס, טאָן א דריטס, און שרײַבן א פערטס?..

---

## קורצקײַט

איר לייענט אמאָל איבער א קורצע נאָוועלע און טראכט:

— אײַ א שאָד, עס פעלט דאָרט דאָס און דאָס, ס׳האָט נאָך געקענט זײַן דער און דער געדאנק. אײַ, וואָלט עס געווען שטארקער, ברייטער. און איר גיט זיך ניט אָפּ קיין כעזשבן, אז מע דארף א טראכט טאָן:

— אײַ, גוט. אויב די נאָוועלע האָט דאָס און דאָס, אזא און אזא גע־דאנק ארויסגערופן, פעלט עס, הייסט עס, ניט — איז עס דאָרט דאָ...

---

## וועגן איינעם אונדזערן א דיכטערס לידער

א ליד דארף פליסן דורכן מויעך צום הארץ. און אויב עס בלייבט שטעקן אין מויעך און ער אליין, דער מויעך, דארף עס איבערקאָכן, איז דאָס ניט קיין ליד — איז דאָס מאטעמאטיק.

נאָר ווער ווייסט, עפשער איז מאטעמאטיק סײַוויסײַ אויך א מין סאָרט פּאָעזיע.

---

## גאנצפרי

אַלגע פרעגלט לאטקעס, און איך שרײַ:

— מאך ניט אזא גרויס פײַער. אי סע ברענט, אי סע טשאדעט, אי סע בלײַבט רוי!..

דערנאָך יאָוועט זיך ארײַן א כאוועך, לייענט מיר זײַנע א נאָרוואָס פארענדיקטע דערציילונג, און איך כאזער איבער מורמלענדיק:

— א גרויס פײַער. סע ברענט, סע טשאדעט, און סע בלײַבט רוי!..

מײַן ווײַב איז אונדז מעכאבעד מיט די לאטקעס. מיר עסן ביידע מיט אפּעטיט, באלעקן זיך, און ער זאָגט ניצאָכנדיק:

— פונדעסטוועגן... געשמאק, הא?

---

## פּאָעזיע און פּראָזע

פּאָעזיע:

ס׳האָט געשיט א ווייכער גרײַפלדיקער שניי.\
ס׳האָט א שײַן געטאָן די זון.\
ס׳האָט א נעם געטאָן א לײַכט גלעזערן פרעסטל.\
קינדער\
לויפן אום\
מיט פארפלאמטע באקן,\
רײַבן\
אויס\
שפּיגלדיקע גליטשן אף די טראָטוארן.

פּראָזע:

און דער גאסן־קערער, אָנגעטאָן אין פארטעך זײַנעם, מיט א פּאר־הויבענער פּאָלע, קומט ארויס מיט א לאנגן בעזעם אין דער האנט און שיט אומעטום אָן זשמעניעס זאמד — מענטשן זאָלן זיך כאָלילע ניט אויסגליטשן.

---

## טאלאנט

באַ איין שרײַבער לייענט מען וועגן פּאַשעטע וואָכעדיקע זאכן, און עס רירט, איר גלייבט עס, עס נעמט אײַך:

„מיט צוויי לאנגע ביינערדיקע פינגער האָט ער אַרײַנגעוואָרפן אין דער גלאָז אַרײַן איין שטיקל צוקער נאָכן אנדערן, געמישט מיטן לעפעלע, די גלאָז אַרײַנגענומען איןביידע דלאָניעס, צוגעהויבן צו די ליפּן, געזופט און געקוויקט זיך: האַ, האַ...״

א פּאַשעטע גלאָז טיי, און איר פילט זי, זי וואַרעמט אײַך.

א צווייטער שרײַבער מאָלט אן אויסערגעוויינלעך געשעעניש, און איר הייבט מיט די אקסל:

„ס׳האָט זיך דערהערט א שאָס. דער רעוואָלווער האָט זיך אים ארויסגעגליטשט פון דער האנט. איין דלאָניע האָט ער צעשפּרייט אפן הארצן, די אנדערע אויסגעשטרעקט ארויף, און אזוי איז ער ענדלעך אומגעפאלן״.

א טראַגישער זעלבסטמאָרד, פײַער, בלוט, אויך דאָ „ארבעטן״ ביידע דלאָניעס, נאָר עס לאָזט אײַך קאַלט.

---

## קינדער

א מײַסעדיק־פאַרדרייטער מולטיפּליקאציע־פילם אין טעלעוויזאָר.

איך:

— כ׳פאַרשטיי ניט אן אָס. דו פאַרשטייסט עפּעס?

אַלגע:

— נע!

איך:

— כ׳ווייס, קינדער וואָלטן עפשער פארשטאנען!..

---

## צווייטײַטיקײַט

איך לייען פאָר א נאָוועלע מײַנע, און א קאָלעגע א קריטיקער הערט. איך לייען:

„כ׳צעשנײַד אן עפּל אף ריפטלעך, רייניק אויס די קערלעך, שייל אָפּ די שאָלעכץ, און דערלאנג זיי דעם טאטן אין א טעלערל...״

— ווארט, ווארט. וואָס דערלאנגסטו?

— וואָס הייסט וואָס?

— נו, כ׳מיין, וואָס — די קערלעך?

— גיי, וואָס פלוצעם!

— לייען נאָכאמאָל, וועסטו זען.
— כ׳צעשנייַד אַן עפּל אַף ריפּטלעך, רייניק אויס די קערלעך, שייל אָפּ די שאָלעכץ, און דערלאַנג זיי דעם טאַטן אין א טעלערל...
— זעסט, מע קאָן מיינען די ריפּטלעך און מע קאָן מיינען די קערלעך.
— פּאַרוואָס זשע זאָלסטו ניט מיינען גוט, אַזוי ווי מע דאַרף מיינען?..

## אײַלן זיך

דער שרײַבער דאַרף זיך אײַלן אָנצושרײַבן דאָס, וואָס ער האָט פאַר־טראַכט, גלײַך ווי ער וואָלט געוווּסט, אַז הײַנט־מאָרגן שטאַרבט ער.
נאָר אויב ער אײַלט זיך, ווײַל ער ווייסט, אַז שטאַרבן וועט הײַנט־מאָרגן דאָס, וואָס ער האָט פאַרטראַכט, מעג ער עס בעסער קיינמאָל ניט אָנשרײַבן.

## קאַראָלענקאָ

ער איז ניט געווען ניט קיין בלינדער און ניט קיין מוזיקאַנט. פאַר־קערט: קעדיי צו מאָלן א בלינדן, דאַרף מען זײַן זעענדיק.
און דאַפקע ער האָט, אָפּגעבנדיק א שרײַבער דעם קסאַוויאַד, אָנראַכ־מאָנעסדיק צעשריגן זיך:
— נאַט. עס טויג ניט. עס איז ניט עמעס, ניט וואָרהאָפטיק!
— וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש... — האָט זיך יענער געבעטן, — ווי קאָנט איר דאָס זאָגן? כ׳האָב דאָך אַלץ געשריבן אַזוי ווי עס איז געווען. מאַמעש געצייכנט פון דער נאַטור.
קאַראָלענקאָ האָט זיך צעשמייכלט. ער האָט אופגעהויבן די אויגן צו זײַן פּאָרטרעט, וואָס איז געהאַנגען אַנטקעגן אין צימער, געמאָלן פונעם באַרימטן מאָלער יאַראָשענקאָ, און האָט א זאָג געטאָן:
— אָט, קוקט. ניט שלעכט, האַ? נאָר שטעלט אײַך פאָר פאַרקערט: איך מאָל יאַראָשענקאָן. אויך פון דער נאַטור. מאָל און מאָל. מוטשע אים נעבעך אָן, דעם יאַראָשענקאָן. נו, באַקומט זיך עפּעס?

## צימצעם

מיר פאַרמאָגן א פּאָר גאַנץ גוטע נאָוועליסטן. און פונדעסטוועגן זײַ־נען א סאַך קורצע נאָוועלן אונדזערע צו לאַנג. אין דער צײַט ווען, זאָגן מיר, טאָלסטאָיס „וואָסקרעסעניע״ צי שאָלעם־אַלייכעמס „פונעם יאַריד״

זײַנען צו קורץ. אי דאָס האָט טאָלסטאָי „וואָסקרעסעניִע״ ניט פארענדיקט און שאָלעם־אליכעם „פונעם יאריד״ האָט קוים אָנגעהויבן.

צימצעמדיק איז דאָס, וואָס קאָן ניט זײַן צימצעדיקער.

---

## פליגל און אקסל

א מענטש פון א גאנץ יאָר, צוליב פּארנאָסע, צוליב גידל־באָנים, בייגט דעם הימל צו דער ערד. א דיכטער פליט מיט דער ערד צום הימל.

נאָר, אוי, דארף מען האָבן צו די פליגל שטיקלעך אקסל!

---

## פּארטראַכטן און רעאליזירן

כ׳וויס ניט, צי יענע זאכן, וואָס כ׳האָב יאָ אָנגעשריבן, ריידן פאר מיר, נאָר יענע, וואָס כ׳האָב ניט אָנגעשריבן, שרײַען באשטימט קעגן מיר.

דער כילעק צווישן גרויסן און קלענערן קינסטלער איז ניט אינעם דערזען. דערזעען דערזעען קימאט ביידע גלײַך. דער כילעק איז אין ווײַזן. באַם גרויסן קינסטלער ווערט טאָמיד פונעם דערזען קונסט. באַם קלע־נערן צעגייט זיך עס מערער מאָל ווי רויך, ווי פּארע, ווערט מערער מאָל גאָרניט.

---

## צופיל זאָגן

צופיל זאָגן איז פונקט אזוי, ווי גאָרניט זאָגן.
נאָר ווער קען אָפּמעסטן, ווער?

האָט שאָלעם־אליכעם אין זײַנע לאנגע באריידעוודיקע מאָנאָלאָגן צו־פיל געזאָגט? האָט פּערעץ אין זײַנע קליינינקע שווײַגנדיקע פּינטעלעך ווייניק געזאָגט?

---

## לאָשן

וואָס איז אליין דאָס וואָרט? גאָרניט. עס באשטייט פון אומזיניקע קלאַנגען־זילבן, פון שטומע, הויקערדיקע אויסיִעס — פּאסיקלעך און רע־דעלעך.

און וואָס זײַנען שוין אַ סאַך ווערטער איניינעם? אַלצדינג און ווידער־אַמאָל גאָרניט. עס פּרעפּלט אַ מאָנאָלאָג אַ בעטלער בײַ דער טיר. עס שיט מיט רייד אַ זקיינע אין יאַטקע. עס קריגן זיך צוויי בייזע שכיינים. אַ טאַטע זידלט אַ טאָכטער. עס האַלט עמעצער אַ נודנע טרוקענע לעק־ציע.

פאַרמאָגט דער דיכטער זײַן אייגענעם, אויסגעטיילטן וואָרט־אויצער? ניין. דער אויצער איז אַלעמענס — איין ווערטער־אויצער פאַר יעדן. דער דיכטער פאַרמאָגט נאָר זײַן אייגענעם, געשענקטן, צווישן־די־ווערטער. און אָט דער דאָזיקער „צווישן״, וואָס פאָרט צונויף גראָד דאָס וואָרט מיט גראָד יענעם וואָרט, איז נאָר זײַנעמס — דעם דיכטערס. דער דאָזיקער „צווישן״ מאַכט פון אונדזער אַלעמענס געוויינלעכן לאָשן רועדן־האקוי־דעשדיקס און קישעפדיקס — דיכטונג.

---

## כאַלילע איבערגעזאָגטס

אַלצדינג, וואָס איך זאָג, האָט שוין, מעגלעך, עמעצער געזאָגט.

נאָר וואָלט איך דאָס אפילע געוווסט זיכערער, וואָלט עס מיך אויך ניט געמאַכט מעסוקן טרויעריק. ווי קאָן מאַכן טרויעריק דאָס געפיל, אַז דו האָסט זיך מיט עמעצן פאַרברידערט?

כוץ דעם, איז אַ שטאָפּעט־לויפער סאָפקאָלסאָף אויך אַ לויפער.

---

## אַ גוט ביכל

אַ גוט ביכל לייען איך שווער.

פון בלעטל צו בלעטל, אינמיטן לייענען, בלײַב איך אַלעמאָל זיצן אַ ביסל פאַרקלערט, אַ ביסל בייז אַף זיך. צווישן די געלייענטע, אָפּגע־דרוקטע שורעס דעם ביכלס הייבן זיך פּלוצעם אָן אַרײַנרוקן זײַטיקע, אויסגעטראַכטע שורעס — מײַנע. איך כאַפּ זיך, אַז אַזוי־אָ, לייענענדיק, הייב איך פּלוצעם אָן שרײַבן.

אַ גוט ביכל וועקט טאָמיד אויף פאַרשלאָפנס, האַלט די גאַנצע צײַט אין איין אָנשרײַען אַף דיר:

— רו ניט. פּוסטעפּאַסעווע ניט. טו!..

---

## לעבן אַ נײַ הויז

אַכט יונגע ביימלעך אין אַ שורע שטייען נאָרוואָס פאַרפלאַנצטע, שטייען אין דער גאַנצער לענג פונעם נײַעם, דאַכט זיך נאָך ווארעמען, אַספאַלט־טראָטואַר בײַם הויז.

זיי שטייען דינינקע, אָסיענדיק־אויסגעטאָנענע, ארומגעשוירענע, מיט שפּיציק־פאַרשניצטע קרוינען אין דער הייך.

די האַרבסט־זון איז א גאַנצן טאָג ניט געווען. איצט, פאַרנאַכט־צו, איז זי מיטאמאָל אַרויס און געטאָן א צינד אָן די קרוינען־קנויטן אף די ביימלעך. א ווינטל טוט א בייג, טוט א וויג די פלאַקערנדיקע פלעמלעך. אכט ביימלעך — אכט כאַנעקע־ליכטלעך.

דאָס הויכע הויז הינטער די ביימלעך זעט מיר אויס דער זילבערנער רוקן באם כאַנעקע־לעמפּל. די פריילעכע באַלקאָנדלעך, די טיר־און־פענ־צטער, די רינוועס — לייבן, פייגעלעך, שניצערייען.

און אז די זון פאַרגייט און עס הייבט אָן צופאַלן דער אָוונט, טוען זיך הײַנט צום ערשטן מאָל א צינד אָן אלע אכט־מאָל־אכציק פענצטער אין דעם דאָזיקן נײַעם הויז.

עס ווערט מיטאמאָל אזוי ליכטיק, אז כ'הייב אזש אָן פינטלען מיט די אויגן.

כ'מאַך שטילערהייט א בראָכע: דאָס דאָזיקע נײַע, כאַנוקעס־האַבײַעס־דיקע נאָוועלכל מײַנס.

---

## די איינס

נולן, — מענטשן מיינען, אז זיי, די נולן, באַשטימען די גרייס פון טאַלאַנט, — האָב איך פולע קעשענעס. ווו נעמט מען די איינס, וואָס זאָל פון די דאָזיקע הוילע, פּוסטע, לעכעריקע נולן מאַכן דעם מיליאָן?

מע רופט די דאָזיקע איינס האַרעוואַניע, שוויס. כ'מיין, אז ס'איז ניט אינגאַנצן דאָס. כ'מיין, אז דאָס דאָזיקע קליינע פּאַסיקל מיטן עקעלע בא דער זײַט, וואָס שטעלט זיך אַוועק פאַר די נולן, איז יענץ סאַמע איקערדיקסטע „ביסעלע״, וואָס פעלט דעם טאַלאַנט, וואָס מאַכט, דער טאַלאַנט זאָל זײַן טאַלאַנט.

אָן דעם דאָזיקן פּאַסיקל וועסטו זיצן באם טיש טויזנט טעג, און עס וועלן אלץ בלײַבן הוילע, פּוסטע, לעכעריקע נולן.

---

## לידער — קאַרשן

עס זײַנען פאַראַן לידער, ענלעכע צו די עטלעכע קאַרשן, די פאַרבלי־בענע ערגעץ העט אויבן אפן שפּיץ בוים.

ווײַטע.

איבערגעצײַטיקטע.

לאַמדאָניש־פאַרקאָרטשעטע. האַרטלעכע.

און מע דאַרף ערשט האָבן א הויכן לייטער צוצוקומען צו זיי.

און עס זײַנען פאַראַן לידער — פולע פליישיקע קאַרשן, וואָס פאַלן דיר פֿרישע פונעם בוים גלײַך אין מויל אַרײַן. עס טוט אַ פּלאַץ דאָס דינע הײַטעלע זייערס, און עס טוט אַ שפּריץ געדיכטע טונקל־רויטע זאַפט. זיי פֿאַרניערען דיר די ליפּן, פֿינטלען דיר אויס די באַקן. נאָר זיי פֿאַרמאָגן אין זיך אַלע רייכעס און אַלע טאַמען פון דער וועלט. שלינגסט זיי און פילסט די פּראָסטקײַט, די בעריישעסדיקײַט, דעם צאַפּל פון אָנהייב־זומער, פון קינדער־יאָרן, פון אומלויפן צום ערשטן מאָל אויף דער וועלט באָרוועס, פון ערשטער האַנאָע אין די ערשטע טעג פון דײַן אָנהייב לעבן.

---

## אַ גוטער שרײַבער און אַ שלעכטער שרײַבער

דער שלעכטער שרײַבער נעמט זאַכן, וואָס זײַנען אַזוי געשען, און דערלאַנגט זיי אַזוי, אַז מע גלייבט ניט, צי זיי זײַנען אַזוי געשען.

דער גוטער שרײַבער דערלאַנגט זאַכן, וועלכע זײַנען אפֿילו אינגאַנצן ניט געשען, און מע גלייבט.

ניט נאָר מע גלייבט — מע טראַכט, אַז מע איז אַליין אויך געווען דערבײַ.

---

## ניט־געוואָרענע

ס'איז שטאַרק ניט גוט, הערט איר, ווען אַ מענטש, וואָס האָט אַמאָל געוואָלט שרײַבן לידער, איז שפּעטער געוואָרן, לאָמיר זאָגן, אַ בוכהאַלטער.

ס'וואָלט עפּשער געוווען אַרויס פון אים אַ שטילער לײַטישער מענטש. האָט ער אָבער אַמאָל, אין דער יוגנט, געוואָלט שרײַבן לידער.

אוי, דער גורל, דער גורל!

ער האָט גענומען און געמאַכט פון אים אַ קליינטשיק באַל־קינעלע, אַן אַנגעלאָדנס אויף דער גאַנצער וועלט, אַ בײַכלדיק באַלעבעסל, אַן אָוועקמאַכער פון אַלצדינג מיט דער האַנט, אַ ראָשע־מערושע, אַ קאַל־מום־רא, נעבעך.

---

## יעדערער לייענט, ווי ער לייענט

דאָס איז ניט געווען קיין עקספּערימענט. ס'האָט זיך גראַדע אַזוי געפֿירט.

איך און אייגער אַ קאָלעגע מײַנער האָבן מיר אַ פּאָר יאָר געלייענט די זעלבע ביכער. מיר האָבן זיך קעסיידער געביטן: דאָס בוך, וואָס איך

האָב איבערגעלייענט, האָב איך אים געגעבן, און דאָס בוך, וואָס ער האָט איבערגעלייענט, האָט ער מיר געגעבן.
וואָס זשע איז דערפון געוואָרן?
גאָרניט.
איך בין געבליבן איך, און ער איז געבליבן ער.

---

## קינסטלערישע ווערט

עס זײַנען פאַראַן זאַכן, וואָס באַקומען א קינסטלערישע ווערט לויט דעם, וויאַזוי דו האָסט זיי אָנגעשריבן. און עס זײַנען פאַראַן זאַכן, וואָס באַקומען א קינסטלערישע ווערט, וויאַזוי דו זאָלסט זיי ניט אָנשרײַבן.

---

## היספּײַלעס

כ׳וועל שיקער, זאָגט מען, פון טיי.
סאָנים מײַנע, פרייט אײַך ניט: כ׳נעם אמאָל א גלעזל בראַנפן אויך...

---

## מײַנע פּאַראַדאָקסן

וואָס מערער די וואַסער שנײַדט די צייַן, וואָס מערער גראָדן זי פאַרמאָגט, די דאָזיקע אײַז־קאַלטע גאַז־וואַסער, אלץ מערער שרײַט מען: אָר־וואַ, פײַער!..

---

## אויר־האַבויקער

ווען איך שרײַב ניט, פיל איך זיך, ווי א האָן, וואָס קרייעט ניט.
ס׳איז דאָ אזא האָן. ער פאַרמאָגט שפּאָרן, א קאַם, א גילדענע פעדער אין עק — נאָר ניט ער קרייעט און ניט ער טרעט.
גאָט מײַנער. די וועלט קען איבער אזא האָן פאַרשלאָפן דעם זון־אופגאַנג, דעם פרימאָרגן, דעם טאָג.

---

## דעם מאָלדאווישן פּראָזאַיִקער יאָן טשאַבאַנו

פאַר אונדזער פריינטשאַפט, פאַר אונדזער אינטערנאַציאָנאַלקייט, האָבן זיי אונדז ביידן ניט ליב.

מיך — מײַנע „נאַציאָנאַליסטן", דיך — דײַנע „נאַציאָנאַליסטן".

און זיי ווייסן ניט — אַז מיר שעצן ביידע אונדזער לאָשן, אונדזער פאָלק, זײַנע מינהאָגים, ניגונים, כאָכמעס, קנייטשלעך, פאַרבן, ליידן און פריידן, לעכאָלהאפּאָכעס טויזנט מאָל מערער פון זיי.

מאַכמעס באַ וועמען קאָן נאָך זײַן שטאַרקער די ליבשאַפט צום אייגענעם פאָלק, ווי באַ דעם, וואָס האָט אין זײַן האַרצן אַזויפיל אָרט פאַר ליבשאַפט — פאַר אַלע פעלקער?..

---

## אַזוי האָט געזאָגט אַ פּראָסטער בעסאַראַבער ייִד

— איר פאַרשטייט, איך בין נאָך מיט די קלײַנע. נאָך ניט אינגאַנצן קיין איבערגעזיפּטער.

---

— אין גאָט גלייב, נאָר גאָט אַליין גלייב ניט.

---

— אַז איר ווילט עפּעס עמעצן זאָגן, זעט פריִער, צי איר האָט וועמען צו זאָגן.

---

— אומגליק איז אַזאַ זאַך, וואָס אָדער דו בלײַבסט פּלוצעם שטיין און ער יאָגט דיך אָן, אָדער דו הייבסט פּלוצעם אָן לויפן און דו יאָגסט אים אָן.

---

— ווער זאָל עס געוועזן זאָגן, האַ? „איך שרײַב אויף מײַן ווייטעק אַף אַ פרעמד לאָשן. אייגענע פאַרשטייען דאָס לאָשן ניט, און פרעמדע פאַרשטייען דעם ווייטעק ניט".

---

— מע דאַרף ניט געבן דעם מאַלעכהאַמאָוועס קיין פּרעמיעס: טרויערן און טרויערן.

---

— ס׳איז ניט אזוי גוט מיט דעם, ווי ס׳איז שלעכט אָן דעם.

---

— אויך גוט הייסט שוין ניט גוט.

---

— עמעסן מאָנען, מע זאָל זיי איבערכאזערן, פונקט ווי די ערד מאָנט רעגן.

---

— א פליגעלע איז מיר אריַין אין אויג. ס׳האָט מיר א ביסל ווייגעטאָן. נאָר דאָס פליגעלע איז אין מיַין אויג דערטרונקען געוואָרן.

---

— דער קריטיקער — דאָס איז א מאמע, וואָס לאָזט ניט טאָן קיין נארישקייַטן, א היטער, וואָס היט דיך אָפּ, זאָלסט כאָלילע ניט גיין אף קיין שלעכטע וועגן...

נאָר ווו זשע נעמט מען א היטער, וואָס זאָל היטן דעם היטער?..

---

— כ׳האָב אמאָל געהערט א קינד א זאָג טאָן: אך איז גוט צו זייַן א שרייַבער! קענסט דיר אָנשרייַבן וואָס פאַר א ביכל דו ווילסט!..

---

— ווען אקשאָנים וואָלטן אזוי געוועזן פאראקשנט אף „יאָ", ווי זיי זייַנען פאראקשנט אף „ניין" — בערג גאנצע וואָלטן זיי גענומען אף דער דלאָניע.

---

— פאלשע ציין דערקענט מען, ווען זיי זייַנען צו שיין...

---

— שטעלט אייַך פאָר, איר גייט צו מייַן לעווייַע — וואָס טראכט איר דעמלט וועגן מיר? טוט עס מיר, כ׳בעט אייַך, א זאָג איצטער.

# אינהאלט

## ראשקעווער מײַסעס



## יאָרן און רעגעס

## קליינע נאָוועלן. קינדער־מאָטיוון. ליטעראַרישע מיניאַטורן

### קליינע נאָוועלן



### קינדער־מאָטיוון



### ליטעראַרישע מיניאַטורן

С (Евр) 2
Ш 85

*Шрайбман Ихиль Ицкович*

ГОДЫ И МГНОВЕНИЯ

*(на еврейском языке)*

М., «Советский писатель», 1973, 432 стр. План выпуска 1973 г. № 239. Художник *Г. А. Кравцов.* Редактор *С. В. Гордон.* Худож. редактор *Е. Ф. Капустин.* Техн. редактор *Т. С. Казовская.* Корректор *А. Б. Стрельник.* Сдано в набор 6/IX 1972 г. Подписано к печати 26/III 1973 г. Бумага 84×108¹/₃₂ № 1. Печ. л. 13,5 (22,68). Уч.-изд. л. 25,31. Тираж 2500 экз. Заказ № 1710. Цена 96 коп. Издательство «Советский писатель». Москва К-9, Б. Гнездниковский пер., 10. Московская типография № 7 «Союзполиграфпрома» при Государственном комитете Совета Министров СССР по делам издательств, полиграфии и книжной торговли, пер. Аксакова, 13.

Ш $\frac{733-060}{083(02)-72}$ 239—73